# עֲנִיִים וְאֶבְיוֹנִים

אָדֶער

## גְלִיקְלִיכֶע אוּן אוּמְגְלִיקְלִיכֶע


פוּן

מָרְדְכַי סְפֶּעקְטָאר.



צְווֵייטֶע פֶערְבֶּעסֶערְטֶע אוּן פֶערְמֶעהְרְטֶע אוֹיפְלַאגֶע.

בהוצאות בית מסחר הספרים של ר׳ יצחק פונק בווילנא.


ערשטער טהייל


ווילנא

דפוס שרגא פייבל גארבער

תרס״ד


# БѢДНЫЕ и НИЩІЕ

Романъ въ трехъ частяхъ.


соч. М. Я. СПЕКТОРА.



второе изданіе

изданія и собственность Исака Функа Вильна.

ВИЛЬНА.

Типографія Ф. Гарбера Завальная ул. д. № 2006.

1903.

# עֲנִיִּים וְאֶבְיוֹנִים

## אָדֶער

# גְּלִיקְלִיכֶע אוּנ אוּמְגְּלִיקְלִיכֶע.

〰〰〰〰〰

## 1

## דִי אוּמְגְּלִיקְלִיכֶע.

בַּייא ר׳ שְׁמוּאֵל בֶּער אִין שְׁטוּבּ זֶענֶען שׁוֹין אַלֶע גֶעשְׁלָאפֶען נָאר זַיין טָאכְטֶער לֶאהנְיָא אַ מֵיידֶעל פוּן אַ יָאהְר נַייְנְצֶען הָאט זִיךְ נָאךְ גֶעדְרֶעהְט בַּייא זִיךְ אִין צִימֶער אַלֶע מָאל צוּגֶעגַאנְגֶען אוּנ אַוֶועקגֶעגַאנְגֶען פוּן פֶענְסְטֶער.

צוּם צֶעהְנְטֶען מָאל הָאט זִיא אַרוֹיסגֶעשְׁטֶעקְט דֶעם קָאפּ פוּן פֶענְסְטֶער.

– עֶס וֶועט עֶנְדְלִיךְ אוֹיפְהֶערֶען צוּ גֶעהֶען דֶער רֶעגֶען צוּ נַיין? הָאט זִיא זִיךְ אַלֵיין גֶעפְרֶעגְט קוּקֶענְדִיג וְוִיא דֶער הִימֶעל אִיז פַארְהְמַארֶעט אוּנ אִין דְרוֹיסֶען אִיז פִינְסְטֶער.

זִיא הָאט נָאךְ וַוייטֶער אוֹיסגֶעשְׁטְרֶעקְט דֶעם קָאפּ אַזוֹי אַז זִיא אִיז כִּמְעַט מִיט אַ הַאלְבֶּען קֶערְפֶּער גֶעוֶועזֶען פוּן יֶענֶער זַייט פֶענְסְטֶער אוּנ מִיט דֶער אַנְדֶערֶער הֶעלְפְט אִין שְׁטוּבּ, זִיא הָאט גָאר נִיט גֶעפִילְט וְוִיא דֶער רֶעגֶען הָאט אִיהְר גְלַייךְ גֶעפַּאטְשְׁט אִין פָּנִים אוּנ אַלֵיין גֶערִיסֶען דֶעם קָאפּ אַרוֹיף צוּם הִימֶעל, גֶעקוּקְט אוֹיף אַלֶע זַייטֶען. אִין מִיטֶען אִין דִיא עֶקֶען טָאמֶער וֶועט זִיא פָארְט דֶערזֶעהֶען הָאטְשׁ אַ שְׁטִיקֶעלֶע ״וּיטֶערְן הִימֶעל, וֶועט זִי נָאךְ קֶענֶען הָאפֶען...

נָאר זִיא הָאט פַאר זִיךְ גָאר נִיט גֶעזֶעהֶען, מֶעהְר נִיט פִינְסְטֶער אוּנ פִינְסְטֶער אָהְן אַיין עֶק ... זִיא הָאט דֶערפִיהְלְט וְוִיא דִיא זַייטֶען הָאבֶּען אִיהְר שְׁטַארְק אָנְגֶעהוֹיבֶּען וֶועה צוּ טְהוּן הֶענְגֶענְדִיג וְוִיא אַ שְׁטַאנְג אִיבֶּערְן פֶענְסְטֶער.

מִיט גְרוֹיס מִיה אִיז זִיא פָּאוָואלְיֶע אַרָאבְּגֶעקְרָאכֶען אוּנ הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּהֶעט אוֹיף דֶעם בֶּענְקִיל.

– וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעטְהוּן? מֶעג אִיךְ זִיךְ דֶען אַזוֹי בֵּייגֶען? אִיךְ הָאבּ גָאר פַארגֶעסֶען אוּנ זִיךְ פַארְטְרַאכְט, אִיךְ פִיהְל וְוִיא עֶס טְהוּט מִיר זֶעהְר וֶועה פוּן דֶעם אַיינְבֵּייגֶען זִיךְ.

עֶס אִיז אִיהְר עֶפֶּעס אוֹיפְגֶעקוּמֶען אוֹיף דִיא גֶעדַאנְקֶען אוּנ זִי אִיז שְׁטַארְק דֶער שְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען, דָאס פָּנִים אִיז אִיהְר גֶעוָוארֶען בְּלַאס וְוִיא דִיא וַואנְד...

— אוֹי גָאטטֶ, וְוִיא אוּמְגְלִיקְלִיךְ אִיךְ בִּין! הָאט זִיא כִּמְעַט אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ בִּיטֶערֶען טִיעֶפֶען זִיפְץ, אִיז עֶס מִיגְלִיךְ אַז אִיךְ בִּין שׁוֹין פַארְפַאלֶען?! אִיךְ הָאבּ אַפִּילוּ קַיין צַייט נִיט גֶעהַאט זִיךְ צוּא בֶּעטְרַאכְטֶען, אַלְץ אָבְּגֶעלֶעגְט פוּן אֵיין טָאג אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען, עֶס הָאט זִיךְ מִיר אַלְץ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט! אוּנ אִיצְטֶער אִיז שׁוֹין דַאכְט זִיךְ דֶער נַיינְטֶער חוֹדֶשׁ, אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין הַיינְט גֶעוָואלְט אוֹיף עֶפֶּעס עֶנְטְשְׁלִיעֶסֶען, אִיז דֶער וְוִיכְטֶער רֶעגֶען אָנְגֶעפַאלֶען, וֶוער וַוייסְט צוּא הָאבּ אִיךְ שׁוֹין אִיצְטֶער צַייט אַפִּילוּ זִיךְ צוּא בֶּעטְרַאכְטֶען.

נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּטֶען הָאט זִיא צוּא אִיהְר גְרוֹיס פְּרֵייד דֶערְפִּיהְלְט וְוִיא עֶס הָאט אִיהְר אוֹיפְגֶעהֶערְט וֶועה צוּא טְהוּן, זִיא הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפַּאנֶען אִיבֶּער אִיהְר קְלֵיין צִימֶער אַהֶער אוּנ אַהִין.

— אִיךְ מוּז, אִיךְ מוּז הַיינְט בַּאשְׁלִיעֶסֶען, טַאקֶע הַיינְטִיגֶע נַאכְט מוּז אִיךְ אַלֶעס בַּאטְרַאכְטֶען וָואס אִיךְ זָאל טְהוּן, אַז מָארְגֶען זָאל אִיךְ שׁוֹין וִויסֶען וואו אִיךְ בִּין אִין דֶער וֶועלְט. מֶעהְר וֶועל אִיךְ שׁוֹין נִיט אָבְּלֶעגֶען אַפִּילוּ נִיט אוֹיף קַיין טָאג, הַיינְט! נָאר הַיינְטִיגֶע נַאכְט! קֵיינֶער שְׁטָארְט מִיר אִיצְטֶער נִיט אִיבֶּער, אַלֶע שְׁלָאפֶען, עֶס אִיז שְׁטִיל, אִיךְ קֶען טְרַאכְטֶען.

אוּנ נָאךְ מִיט גִיכֶערֶע טְרִיט הָאט זִיא וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפַּאנֶען פְלַייסִיג וְוִיא אֵיינֶער וָואס עֶנְטְשְׁלִיסְט זִיךְ אָנְהוֹיבֶּען צוּא טְהוּן עֶפֶּעס אַ וִויכְטִיגֶע זַאךְ. —

נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּטֶען אַזוֹי פְלַייסִיג שְׁפַּאנֶענְדִיג, אִיז זִיא פְּלוּצִים גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען אוֹיף אֵיין אָרְט וִוי גְלַייךְ זִיא אִיז צוּא דֶעם אָרְט צוּגֶעוַואקְסֶען גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט זִיךְ בִּיטֶער שְׁטִיל צוּוֵויינְט.

— וָואס זָאל אִיךְ טְרַאכְטֶען, אוּנ וָואס הָאבּ אִיךְ צוּ טְרַאכְטֶען? אִיךְ טְרַאכְט שׁוֹין אַזוֹי לַאנְג, בִּין אִיךְ דֶען צוּא עֶפֶּעס גֶעקוּמֶען מִיט מַיין טְרַאכְטֶען? נֵיין, אִיךְ וֵויס נִיט וָואס צוּא טְרַאכְטֶען אוּנ הָאבּ מִיךְ נִיט אוֹיף וָואס צוּא עֶנְטְשְׁלִיסֶען, אִיךְ וֵויס נָאר אַז אִיךְ בִּין אוּמְגְלִיקְלִיךְ — דְרַייא מָאל אוּמְגְלִיקְלִיךְ! אִיךְ בִּין אַ פַארְפַאלֶענֶע!.. אִיךְ הָאבּ גֶערֶעכֶענְט אַז אִין שְׁטוּב אִיז מִיר עֶנְג צוּא טְרַאכְטֶען אִיךְ וֶועל אַבִּיסֶעל גֶעהֶען אִין גַאס, טָאמֶער וֶועל אִיךְ דָארְט עֶפֶּעס קֶענֶען אוֹיסְטְרַאכְטֶען — גֶעהְט נָאר אַ רֶעגֶען! טָאמֶער בֶּעגֶעגֶענְט מִיךְ אִימֶעצֶער אִין אַזַא וֶועטֶער בַּייא נַאכְט וָואס וֶועט מֶען זָאגֶען, וָואס וֶועט מֶען מֵיינֶען?. נָאר אַלְץ אֵיינְס אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אוּמֶעטוּם גֶעפְּרוּבְט טְרַאכְטֶען אוּנ בִּין צוּא נָאר נִישְׁט גֶעקוּמֶען...

— וַוארְפֶען זִיךְ אִין טַייךְ אַרַיין אוּנ אֵיין עֶנְדֶע! אָ נֵיין, אִיךְ קֶען נִיט! אִיךְ הָאבּ נִיט דִיא קְרַאפְט, דֶער טוֹיט אַלֵיין אִיז מִיר שְׁרֶעקְלִיכֶער וְוִיא אַלֶעס, וּבִפְרַט נָאךְ אַזַא טוֹיט, נֶעמֶען זִיךְ אַלֵיין דָאס לֶעבֶּען! אָ וְוִיא שְׁרֶעקְלִיךְ מוּז דָאס זַיין! אוּנ וִוידֶער אִיךְ קֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען, אִיךְ מוּז לֶעבֶּען צוּא לִיעבּ אִיהְם, צוּא לִיעבּ

אִיהְם, עֶר לֶעבְּט דָאךְ, נָאר אִיךְ זָאל שְׁטַארְבֶּען, פַאר וָואס קוּמְט עֶס מִיר אַזוֹי? גַיין, אִיךְ וֶועל בְּלַייבֶּען בַּייא מַיינֶע עֶלְטֶערְן אִין שְׁטוּבּ לָאז זַיין וָואס עֶס וֶועט זַיין.—

— וָואס זָאג אִיךְ אִיז דָאס דֶען מֶעגְלִיךְ? אִיךְ וֶועל עֶס דֶען אִיבֶּער לֶעבֶּען? אִיךְ וֶועל זִיךְ נָאר מוּטְשֶׁען וִויא אִין אַגֵיהִנֹם אוֹיף דֶער וֶועלְט, אִיךְ קֶען זִיךְ נָאר נִיט פָארְשְׁטֶעהְן וִויא שְׁרֶעקְלִיךְ עֶס וֶועט מִיט מִיר פָארְקוּמֶען. אָ וִויא גְלִיקְלִיךְ וָואלְט אִיךְ גֶעוֶועזֶען וֶוען אִיךְ זָאל אִיצְטֶער הָאבֶּען אַזַא אֶמֶת׳ן פְרַיינְד אִיךְ זָאל זִיךְ חָאטְשׁ קֶענֶען מִיט אִיהְם אִיבֶּערְרֶעדֶען וֶועגֶען דֶעם! הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט קֵיין פְרַיינד? נָאר וַוייסְט וָואס עֶס קֶען זִיךְ אוֹיסְלָאזֶען וֶוען אִיךְ וֶועל זַייא דֶערְצֶעהְלֶען. זָאל אִיךְ אֶפְשַׁר דֶערְצֶעהְלֶען מַיינֶע עֶלְטֶערְן? אָ שְׁרֶעקְלִיךְ! וָואס פוּן מִיר וֶועט זַיין אַצַרְט מִיךְ שׁוֹין נִיט, נָאר דָאס קִינְד! דָאס קִינְד אִיז אַוַודַאי פַארְפַאלֶען, אָ גַיין, דָאס אוּמְשׁוּלְדִיגֶע קִינְד וֶועל אִיךְ נִיט אוּמְזִיסְט אוּמְבְּרֶענְגֶען!

אָ גָאטְט, וִויא אוּמְגְלִיקְלִיךְ הָאסְט דוּא דִיא יוּדִישֶׁע פְרוֹי בַּאשַׁאפֶען! מֶענְשֶׁען קוֹילֶען, בַּאבִּיוֶען, טְהוּן אַלֶערְלֵיי גְרוֹיסֶע אוּנ קְלֵיינֶע נִידֶערְטְרֶעכְטִיגְקֵייט אוֹיף דַיין וֶועלְט, דֶער גְרֶעסְטֶער טְהֵייל וֶוערְט גָאר נִיט בֶּעשְׁטְרָאפְט אוּנ גֶעוֶועלְטִיגְט וַוייטֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ דִיא וָואס וֶוערֶען יַא בַּאשְׁטְרָאפְט, אִיז אַלְץ אוֹיף אַ צַייט, דֶער וֶוערְט בַּאשְׁטְרָאפְט אוֹיף אַ טָאג, דֶער אוֹיף אַ חוֹדֶשׁ, דֶער אוֹיף אַ יָאהְר אוּנ דֶער אוֹיף צֶעהֶען יָאהְר, אוּנ יֶעדֶער וָואס וִויל הַרָטָה הָאבֶּען אוֹיף זַיינֶע זִינְד קֶען עֶס אוֹיסְפִיהְרֶען וֶוען עֶר וֶוערְט בַּאפְרַייעֶט; אִיךְ פַאר מַיין זִינְד וָואס מֶע הָאט מִיךְ פַארְפִיהְרְט קֶען זִיךְ גָאר אֵייבִּיג נִיט אָבְּוַואשֶׁען, אוֹיף אֵייבִּיג אַ פַארְפַאלֶענֶע, אַ אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, אַפִילוּ וֶוען אִיךְ זָאל צֶעהֶן מָאל וֶועלֶען תְּשׁוּבָה טְהוּן, פַאר מִיר אִיז גָאר קֵיין תְּשׁוּבָה נִיט דָא צְוִוישֶׁען יוּדֶען! וָואלְט אִיךְ דֶען נִיט גֶעקֶענְט וַוייטֶער עֶהְרְלִיךְ לֶעבֶּען אוֹיף דֶער וֶועלְט? נָאר... נָאר אִיךְ בִּין בִּיז אִין מַיין טוֹידְט שׁוֹין פַארְפַאלֶען, קֵיינֶער וֶועט מִיךְ שׁוֹין וַוייטֶער עֶהְרְלִיךְ נִיט לָאזֶען לֶעבֶּען; דִיא עֶלְטֶערְן, וֶוען אִיךְ וֶועל זֵייא זָאגֶען אַז אִיךְ וֶועל זִיךְ מִיט דֶעם קִינְד נִיט שֵׁיידֶען, וֶועלֶען זֵייא מִיךְ גֶעווִיס פוּן שְׁטוּבּ אַרוֹיסְטְרַייבֶּען; וִויא אִיךְ שְׁטֶעה אוּנ גֶעה, נָא אוּנ דֶערְנָאךְ אִין וֶועלְכֶער יוּדִישֶׁער שְׁטוּבּ וֶועט מֶען מִיךְ אַרַיינְלָאזֶען? אַפִילוּ קֵיין וָוארְט וֶועט מֶען מִיט מִיר נִישְׁט וֶועלֶען רֶעדֶען, יֶעדֶער וֶועט מִיר וַוייכֶען, אַנְטְלוֹיפֶען פוּן מִיר אוּנ נָאר אָבְּוַוייזֶען מִיט דִיא פִינְגֶער; אָהְן אַ שׁוּם רַחֲמָנוּת וֶועלֶען אַפִילוּ מַיינֶע בֶּעסְטֶע פְרַיינְד קוּקֶען אוֹיף מִיר וִויא אוֹיף אַ פַארְשָׁאלְטֶענֶע וָואס דַארְף אֵייבִּיג זַיין פַארְוָוארְפֶען פוּן מֶענְשֶׁען! אָ וָואס פַאר אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער סוֹף עֶס קֶען זַיין פוּן מִיר! וָואס דֶען זָאל אִיךְ טְהוּן! אַז אִיךְ הָאבּ קֵיין שׁוּם אוֹיסְגַאנְג פוּן מַיין פֶערְצְוַוייפֶעלְטֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער לַאגֶע?

אָ וִויא שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז דִיא שְׁטְרָאף פַאר מַיין זִינְד וָואס אִיךְ בִּין פַארְפִיהְרְט גֶעוָוארֶען אַלְס זִינְדִיגֶער מֶענְשׁ גְלַייךְ וִויא אַלֶע; עֶר — וֶועלְכֶער הָאט גֶעטְהוּן

אזא פארברעכען ער געהט ארום פריי; ער האט חתונה געהאט פאר א פרעמדער און איך דארף אזוי געשטראפט ווערען.

נאר איך וואלט אין אלעס פארגעסען, איך וואלט גאר קיין שאלות ניט געפרעגט „ווער עס איז גערעכט און ווער עס איז אומגערעכט" אויף דער וועלט, בין איך דען אין מיין לעבען איין מינוט געוועזען אומעהרליך? ווער וועט עס מיר גאר גלויבען, נאר געוואלד! איך וויל ווייטער אנהויבען לעבען מיט א פרעהליך לעבען וויא איך האב געלעבט לאזט מיך ווייטער לעבען עהרליך! נאר מע לאזט מיך ניט, מיינע אייגענע עלטערן וועלען מיך ניט דערלאזען, א! וואו געפין איך ביי אונז אין שטאדט האט'ש איין יודען, איין יודענע וואס זאל מיר געבען איין עצה איך זאל קענען ווייטער לעבען פרעהליך וויא איך בין געוואהנט. דאכט זיך אז אין אונזער שטאדט וואו עס וואהנען עטליכע טויזענד יודען זענען דא געוויס עטליכע הונדערט מאנסבילען און ווייבער וואס אלע רופען זייא אן „עהרליכע און פרומע" מיין טאטען אליין רעכענט מען אין שטאדט פאר איינעם פון דיא עהרליכסטע יודען און מיין מאמע פאר א פרומער יודענע, מיין טאטע דאווענט שטענדיג, פון זיין האנד געהט ניט ארויס דאס ספר, מיין מאמע לויפט אלע טאג אין שול אריין, זיא הערט ניט אויף צו וויינען און רעדען מיט גאטט איבער דעם סידור מיט דיא תחנות; נאר לאמיך צוגעהן צו זייא און זייא דערצעהלען מיין זינד און וויינען פאר זייא: „איך האב געזינדיגט, איין גאטט ווייסט דעם אמת אז מע האט מיך פערפיהרט... זייט מיר מוחל, איך וועל ווייטער לעבען פרעהליך וויא איהר ווילט אליין", וועלען זייא מיך אפילו ניט וועלען הערען, זייא וועלען מיך באלד פארטרייבען פון שטוב. אזא אומגליקליכע וויא איך בין! איך זאל איבערטהון א״ע אנדערע פאדלאסטען אין דער וועלט און זאל זייא בעטען וואלטען זייא מיר אפשר מוחל געוועזען, נאר ניט דאס, אזוי גרוס און שטארק איז מיין זינד ביי זייא אין דיא אויגען! ניין, טראכט אהער טראכט אהין, איך בין שוין א פארפאלענע!

אהן ווערטער האט זיא ווייטער שטיל געוויינט, געזעגענט זיך מיט איהר „עהרליך לעבען" — פלוצים האט זיא זיך אויפגעכאפט וויא פון א שרעקליכען שלעכטען חלום.

— איך וועל געהען צו ר' אברהם זלמנס, איך קען איהם גוט האט'ש איך האב מיט איהם זעלטען גערעדט, נאר וויא עס מאכט זיך איין אומגליק אהין קומט ער, ער איז אומעטום און איז ביי אונז אויך געוועזען. איך בין איצטער איין אומגליקליכע וועל איך געהען צו איהם, ער גיט זיך שטענדיג א מיט אומגליקליכע מענשען, דיא גאנצע שטאדט האט דעם מענשען ליעב, וואס ער וועט מיר זאגען וועל איך טהון, אפילו ווען ער וועט מיר זאגען איך זאל דאס קינד אומברענגען וועל איך איהם אויך פאלגען, נאר, נאר ער וועט מיר אודאי גוטס זאגען. —

עֶס אִיז אִיהְר לִיבְּטִיגֶער גֶעוָוארֶען אִין דִיא אוֹיגֶען וֶוען עֶס הָאט זִיךְ אִיהְר אָנְגֶעהֵיבֶּען פָאַרְצוּשְׁטֶעלֶען זַיין לִיבְּטִיג פָּנִים מִיט זַיין גְרוֹיסֶער וַוייסֶער בָּארְד, זַיינֶע קְלוּגֶע גוּטֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע אוֹיגֶען, וְוִיא מִיט זַיין אַלְטֶער צִיטֶערְדִיגֶער הַאנְד הַאלְט עֶר זִיא בַּייא אִיהְרֶע הֶענְד אוּנ הֶערְט אַזוֹי גֶעטְרַייא אוֹיס אִיהְר אוּמְגְלִיק׳ אוּנ פוּן זַיין מוֹיל גִיסֶען זִיךְ וְוִיא זִיסֶער הָאנִיג גוּטֶע וֶוערְטֶער, גוּטֶע עֵצוֹת וָואס טְרֵייסְטֶען זִיא אִין אַלֶע אִיהְרֶע צָרוֹת אוּנ לֵייד. —

— טַאקֶע בַּאלְד וֶועל אִיךְ גֶעהֶען צוּ אִיהְם, הָאט זִיא מִיט פְרֵייד גֶעזָאגְט אוּנ זִיךְ עֶפֶּעס גֶעפִיהְלְט גְלִיקְלִיךְ וָואס פוּן אַזוֹי לַאנְג טְרַאכְטֶען אִיז אִיהְר אַזַא גְלִיקְלִיכֶער גֶעדַאנְקֶען אַרַיינְגֶעפַאלֶען; נָאר אִיצְטֶער אִיז דִיא בֶּעסְטֶע צַייט צוּא גֶעהֶען צוּ אִיהְם אוּנ רֶעדֶען מִיט אִים וֶועגֶען דֶעם, נָאר אִיצְטֶער קֶען אִיךְ אִיהְם טְרֶעפֶען אִין דֶער הֵיים, עֶס אִיז שׁוֹין אַוַודַאי צְוֶועלְף דֶער זֵייגֶער, עֶר הָאט שׁוֹין גֶעקֶעהֶענְט קוּמֶען אַהֵיים, אַז נִיט וֶועל אִיךְ אוֹיפְוַוארְטֶען, מֶעהְר קֶען אִיךְ נִיט אָבְּלֶעגֶען, וָואס עֶס זָאל זַיין לָאז זַיין! צוּ ר׳ אַבְרָהָם זַלְמֶנְ׳ס וֶועל אִיךְ גֶעהֶען, פַאר אִיהְם וֶועל אִיךְ אַלֶעס דֶערְצֶעהְלֶען.

זִיא הָאט אוֹיף זִיךְ אַרוֹיפְגֶעוָוארְפֶען דֶעם שַׁאל. גִיךְ זִיךְ אַיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין אַ כּוּרְנָאס, גֶענוּמֶען דֶעם זָאנְטִיק אוּנ אִיז גַאנְץ שְׁטִיל אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן שְׁטוּב. —

אִין דְרוֹיסֶען הָאבֶּען נִיט אוֹיפְגֶעהֶארט צוּא גֶעהֶען אַ דְרִיבְּנֶער רֶעגֶען, אַ שְׁוַוארְצֶער וָואלְקֶען הָאט וְוִיא אַיין שְׁטִיק פַארְדֶעקְט דֶעם גַאנְצֶען הִימֶעל, אוֹיף דֶער גַאס הָאט מֶען כִּמְעַט קֵיין לֶעבֶּעדִיגֶען מֶענְשֶׁען נִיט גֶעזֶעהֶען, נָאר דִי שְׁטָאדְט לַאמְטֶערְנֶעס הָאבֶּען מִיט טוּנְקֶלֶע שְׁטְרַאהְלֶען בַּאלַייכְט דִי גְרוֹיסֶע גַאס.

דֶערְצִיטֶערְט אִיז זִיא גֶעוָוארֶען אַז פוּן דֶער גְרוֹיסֶער גַאס הָאט זִיא זִיךְ בַּאדַארְפְט גֶעמֶען אִין דִיא זַייטִיגֶע גֶאסְלֶעךְ, וואוּ קֵיין לַאמְטֶערְנֶעס בַּאלַייכְטֶען נִיט אוּנ אִין אַלֶע הַייזֶער אִיז שׁוֹין פִינְסְטֶער, נָאר מִיט פַארְבִּיסֶענֶע לִיפֶּען הָאט זִי זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער צוּ הַאלְטֶענְדִיג זִיךְ אַלֶע מָאל מִיט דִיא הֶאנְד בַּייא דִיא פַּארְקֶענְס, פְּלוֹיטֶען אוּנ בַּייא דִיא נַאסֶע וֶוענְד אוּנ רִינֶעס פוּן דִיא הַייזֶער. —

נָאךְ מֶעהְר אִיז זִיא דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען וֶוען זִיא הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אַז זִיא דַארְף אִיבֶּערְגֶעהֶען כִּמְעַט דִיא גַאנְצֶע „טוֹיטֶע גַאס" צוּ ר׳ אַבְרָהָם זַלְמֶנְ׳ס שְׁטוּב וָואס אִיז אִין עֶק גַאס. פַאר דֶער „טוֹיטֶער גַאס" אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס הָאט זִיא זִיךְ שׁוֹין נִיט גֶעשְׁרָאקֶען, זִיא אִיז שׁוֹין מִיט דֶער פִינְסְטֶערְנִיס גֶעוָואהְנְט גֶעוָוארֶען... נָאר אוֹיף דֶער גַאס דְרֶעהֶען זִיךְ שְׁטֶענְדִיג אַלֶערְלֵייא שִׁיכּוֹרִים, גַנָבִים, בֶּעטְלֶערְס אוּנ נָאךְ אַזוֹינֶע אָבְּגֶערִיסֶענֶע אָבְּגֶעשְׁלָאסֶענֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען. אִיבֶּערְצוּגֶעהֶען דִיא גַאס אַזוֹי שְׁפֶּעט בַּיינַאכְט אִיז בֶּאֱמֶת גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶע גֶעפַאהְר, וּבִפְרַט נָאךְ פַאר אַ פְרַיילִין, נָאר אוּנְזֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶע הָאט נִיט גֶעשָׁאנְט אִיהְר לֶעבֶּען אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער.

װֶען זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶער „טוֹיטֶער גַאס״ הָאט זִיא גֶעדַאנְקְט גָאט װָאס עֶס אִיז אַזוֹי שְׁטַארְק פִינְסְטֶער, װָארוּם דִי שִׁכּוֹרִים װָאס זֶענִין דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זִיא אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס נִיט גֶעקָאנְט זֶעהֶען, אוּנ טָאמֶער הָאט זִיא דֶערְהֶערְט טְרִיט אָדֶער אַ קוֹל פוּן אֵיינֶעם, הָאט זִיא זִיךְ אִיבֶּער דִיא פְּלוֹיטֶען אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען שְׁטֶעהֶענְדִיג אוּנ אִיבֶּערְגֶעוַוארְט אַז יֶענֶער זָאל זִיא נִיט בַּאמֶערְקֶען בִּיז יֶענֶער אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אוּנ זִיא אִיז זִיךְ גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער. —

הָאנְד אוּנ פִיס הָאבֶּען אִין אִיהר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צִיטֶערְן װֶען זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען אִיבֶּערְן „טוֹיטֶען בְּרִיקֶעל״.

װִיא שְׁרֶעקְלִיךְ דָאס „טוֹיטֶע בְּרִיקֶעל״ אִיז פַאר יֶעדֶען לֶעבֶּעדִיגֶען מֶענְשֶׁען, װֶעלֶען דִיא לֶעזֶער װִיסֶען פוּן דִיא וַוייטֶערְדִיגֶע קַאפִּיטֶעלְךְ. —

װֶען זִיא אִיז בְּשָׁלוֹם אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דָאס „טוֹיטֶע בְּרִיקֶעל״ אוּנ הָאט זִיךְ גֶעגוּמֶען אִין דֶער זַייט אִין זֶעהְר אַ שְׁמָאל קְלֵיין בְּלָאטִיג גֶעסֶעל הָאט זִיא פְּלוּצִים דֶערְזֶעהֶען פוּן וַוייטֶען אֵיינֶעם גֶעהֶען מִיט אַ לַאמְטֶערְנֶע, אִין אָנְהוֹיב הָאט זִיא זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנ נִיט גֶעוואוּסְט וֶוער עֶס גֶעהְט, נָאר עֶפֶּעס אֵיינֶער אַ שִׁכּוֹר הָאט זִיךְ בַּאגֶעגֶענְט מִיט דֶעם לַאמְטֶערְנֶע אוּנ עֶפֶּעס גֶעזָאגְט אוֹיף גוֹיִשׁ.

זִיא הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אִיבֶּער אַ פְּלוֹיט זַייא אִיבֶּערְגֶעוַוארְטֶען אוּנ דֶערְוַוייל גֶעהֶערְט װִיא דֶער שִׁכּוֹר הָאט גֶערֶעדְט צוּ דֶעם מִיט דֶער לָאמְטֶערְנֶע:

— גוּטֶען אַבֶּענְד, אוּנְזֶער אַלְטִיטְשְׁקֶען גוּטֶען זַאלְמִינֶע (דִיא גוֹיִם פוּן דֶער טוֹיטֶער גַאס פְּלֶעגֶען אִיהְם נָאר רוּפֶען מִיט אַיין נָאמֶען).

— אַ גוּטֶער אָבֶענְד זָאל דִיר אוֹיךְ זַיין מִיהאִילָא, הָאט ר׳ זלמן גֶעעֶנְטְפֶערְט וַוייטֶער זֶעה אִיךְ דִיךְ שִׁכּוֹר.

— װָאס זָאל אִיךְ טְהוּן פַּאנִי זַלְמִינֶע! אִיךְ גֶעה אַזוֹי פַארְנַאכְט אִין מַארְק זֶעה אִיךְ װִיא אַ מוּזִשִׁיק הָאט עֶפֶּעס פַארְגֶעסֶען אַ פוּלֶע טָארְבֶּע אוֹיף דֶעם װָאגֶען גֶעבֶּען זַיין וַוייבּ, הָאבּ אִיךְ זִיךְ גֶעטְרַאכְט װָאס דַארְף לִיגֶען אַזוֹי דִיא טָארְבֶּע? בִּין אִיךְ אַרוּנְטֶערְגֶעקְרָאכֶען אוּנְטֶערְ׳ן װָאגֶען אוּנ הָאבּ אַרָאבְּגֶעשְׁלֶעפְּט דִיא טָארְבֶּע; זִיא הָאט דֶערְזֶעהֶען, הָאט מֶען מִיךְ גֶעהַאפְּט אוּנ אַרַיינְגֶעלֶעגְט אִין מִיר בַּייטְשֶׁען וִויפִיעל טְרוּנְק בְּרַאנְפֶען אִיךְ הָאבּ הַיינְטִיגֶעם יָאהְרִיגֶע פְּרַאזְדְנִיקֶעם אוֹיסְגֶעטְרוּנְקֶען, נָא בִּין אִיךְ פַאר צָרוֹת גֶעגַאנְגֶען צוּ מוּרְלִיקֶען אוּנ הָאבּ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט דִיא סְוִויטֶע אוּנ אִיצְטֶער שְׁפַּאן אִיךְ זִיךְ „טְרַייוּ לַייוּ לַייוּ, טְרַייוּ לַייוּ לַייוּ״!..

אוּנ מִיהאִילקע הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִינְגֶען אוּנ שְׁפַּאנֶען אַרוּם ר׳ זלמנ׳ן.

ר׳ זלמן הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ קְרֶעכְץ אוֹיף דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען מֶענְשֶׁען אוּנ גֶעוָואלְט וַוייטֶער גֶעהֶען נָאר מִיהאִילקע הָאט אִיהְם אָנְגֶעהַאפְּט בַּייא דִיא הֶענְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּשֶׁען, וַויינֶען, זִינְגֶען אַלֶעס צוּזַאמֶען.

— פֶערְצַייהֶעט מִיר, הָאט עֶר זִיךְ גֶעבֶּעטֶען, אִיךְ בִּין שׁוּלְדִיג, אִיהר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען אַרְבַּייט בַּייא אַייעֶר זְשִׁידְקֶע אוּנ װָאס אִיךְ הָאבּ פַארְדִינְט הָאבּ

אִיךְ מֶעהְר פַארְשִׁיכּוּרְט, הָאט מֶען מִיךְ אַוֶועקְגֶעטְרִיבֶּען, מיהאילקע הָאט טַאקֶע פַארְדִינְט מֶע וָאל אִיהְם מֶעהְר נִיט גֶעבֶּען קיין אַרְבַּייט, הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁוֶוערֶען מִיט אַלֶע שְׁבוּעוֹת, נֵיין זלמינע! מיהאילקע הָאט גֶעטְרוּנְקֶען אוּנ וֶועט טְרִינְקֶען, נָאר דֶערְפַאר הָאט עֶר לִיעֶב זלמינען – זלמינע אִיז אַ גוּטֶער מֶענְשׁ.

– הֶער נָאר אוֹיף צוּ גַאנְבֶינֶען אוּנ וִויל אַרְבַּייטֶען, וֶועסְט דוּ שְׁטֶענְדִיג הָאבֶּען אַרְבַּייט, הָאט אִיהְם דֶער אַלְטֶער זלמן גֶעמוּסֶרְט אוּנ מיהאילקע הָאט אִיהְם נָאךְ אַמָאל גֶעקוּשְׁט דִיא הֶאנְד.

ר׳ זלמינע הָאט זֵייא קוֹים אוֹיסְגֶערִיסֶען, מיהאילקע אִיז וַוייטֶער מִיט אַ גֶעזַאנְג אַוֶועק צוּ רַאחְלִי מוּרְלִיקֶע וָואס הָאט אוֹיף דֶער טוּיטֶער גַאס גֶעהַאלְטֶען דִיא אֵיינְצִיגֶע גֶערִיהְמְטֶע שֶׁענְק מִיטֶען נָאמֶען „רַאבֶּע מוּרליטשקע״.

ר׳ זלמן הָאט זֶעהְר טְרוֹיעֶרִיג אַ שָׁאקֶעל גֶעטְהוּן מִיט דֶעם קָאפּ אוּנ אִיז וַויוטֶער גֶעגַאנְגֶען.

דָאס מֵיידֶעל הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּקְט פוּן פַארֶקֶען, אִיז אִיהְם גַאנְץ שְׁטִיל טְרִיט בַּייא טְרִיט וִויא אַ שָׁטָן נָאכְגֶעגַאנְגֶען, נָאר אַזוֹי אַז עֶר זִיא זָאל זִיא נִיט בֶּעמֶערְקֶען. –

זִיא הָאט זִיךְ גֶעפִיהלְט אַ סַךְ גְרִינְגֶער וֶוען זִיא הָאט נָאכְגֶעשְׁפַּאנְט אוֹיף דִיא לִיכְטִיגֶע שְׁטֶעשְׁקֶעס וָואס הָאבֶּען אָבְּגֶעשַׁיינְט פוּן ר׳ זלמן״ס לַאמְטֶערְנֶע. –

2.

## ר׳ אַבְרָהָם זַלְמִינֶע.

אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאדְט ר... וואוּ אוּנְזֶער עֶרְצֶעהְלוּנְג קוּמְט פָאר אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אֵיינֶער וָואס זָאל ר׳ זלמינען נִיט קֶענֶען אָדֶער הָאטְשׁ הֶערֶען וֶועגֶען אִיהְם.

וואוּ ר׳ זלמינע הָאט גֶעוָואהְנְט אוּנ פוּן וָואס עֶר הָאט גֶעלֶעבְּט הָאבֶּען נִיט אַלֶע גֶעוואוּסְט, וֶוען מֶע הָאט אִיהְם בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען אִיז מֶען פְרִיהֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער גַאס פְרֶעגֶען צוּ הָאט אִיהְם אִימִיצֶער נִיט בַּאגֶעגֶענְט, אִין גְרֶעסְטֶענְטְהֵיילְס פְלֶעגְט מֶען אִים טַאקֶע גֶעפִינֶען אִין גַאס אַרוּמְשְׁפַּאנֶענְדִיג כְּוִוישֶׁען דִיא קְלֵייטֶען מִיט זַיין פוּשְׁקֶע אוּנ מִיט אַ טָארְבֶּע אוֹיף דִיא פְּלֵייצֶעכ אָנְגֶעשְׁפַּארְט אוֹיף זַיין שְׁטֶעקֶען וועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען הֶעכֶער פוּן אִיהְם; הָאט מֶען אִיהְם אִין גַאס נִיט גֶעפוּנֶען, אִיז מֶען גֶעגַאנְגֶען גְלַייךְ אִין אַלְטֶען „בֵּית הַמֶדְרָשׁ״ אוּנ מֶע הָאט גֶעקָאנְט זַיין פַארְזִיכֶערְט אַז דָארְטֶען אוּנְטֶער דֶער בַּרוּבֶּע (אוֹיוֶוען) וֶועט מֶען גֶעווִיס אִיהְם טְרֶעפֶען זִיצֶען נֶעבֶּען אַ סֵפֶר וִוי עֶר לֶערְנְט מִיט אַ שְׁטִיל טְרוֹיעֶרִינֶען נִיגֶען.

ווען מע האט אבער ר' זלמינען באדארפט נאך צוועלף א זייגער ביי נאכט, ווען ער איז שוין פון בית המדרש אוועקגעגאנגען אהיים, האט מען פון דעסטוועגען געמוזט פריהער אריינגעהן אין בית המדרש אויפוועקן דעם שמש און פרעגען וואו וואהנט ר' זלמינע. האט מען איהם גערופין צו א גביר פלעגט דער שמש אויפשטעהען נעמען זיין לאמטערנע מיט אגראבען שטעקען און געהען איהם רופען; האט מען איהם אבער גערופען צוא איין ארימאנן פלעגט דער שמש נאר אויסרייבען די אויגען און פארשלאפענער הייט ענטווערן.

– געהט זייט מוחל אויף דער „טויטער גאס„ אין „עק בארג" וואו מע לאזט זיך אראב פון דעם „טויטען בריקעל" ניט ווייט פון לייזער דעם גרעבערס שטוב, טאקע אונטער איין דאך וואו די „באבע מורליטשקע„ געפינט זיך, אבער ניט פון פארענט נאר פון הינטען, געהט ניט אליין נעמט מיט אלאמטערנע מיט א שטעקען...

און מיט גרויס פחד און מיה איז מען געגאנגען אויף דער „טויטער גאס" איבער דעם „טויטען בריקעל" אראפ א בארג און אזוי לאנג געזוכט צווישען די פיעלע טהירען פון דער „באבער מורליטשקע" ביז מען האט געפונען ר' זלמינעס טהיר

אייך וועט געוויס וואונדערען ווער און צוא וואס האט מען באדארפט האבען אזא מין מענשען ווי ר' זלמינען יבפרט נאך אין אזא צייט וויא נאך צוועלף אזייגער ביי נאכט און ניט געזשאלעוועט קיין מיה איהם זוכען איבער דער „טויטער גאס" ? מוז איך אייך דערצעהלען אז אין אלע צייטען האבען אלע באדארפט אנקומען צוא ר' זלמינען און ער איז צוא אלע געגאנגען. עס האט געמעגט אפילו זיין שפעט ביי נאכט אין גרעסטען רעגין און גרעסטען שנעע.

די ר–ער איינוואהנער זענין שוין פון תמיד אן אזוי איינגעוואהנט געווארען מיט ר' זלמינען וויא מיט א גוטען היימישען מענשען, וויא מיט א געטרייען פאטער, און וואס פאר א צופאל עס איז פארגעקומען ביי יעדען אין זיין לעבען. וויא למשל א חתונה, א קנסמאהל, א בר מצוה א ברית אדער אזוי א שמחה, א חולה, א מת, מאנן און ווייב האבען זיך פלוצים צופאטשט, א שוויגער מיט א נייער שנור אדער מיט דעם נייעם איידעם האבען זיך אנגעהייבען רייסען ביי די שלייערס, א קינדבעטערין, עפעס אזוי א אומגליק אדער אפרייד אין שטאדט און נאך און נאך אזוינע א סך צופאלען צווישען כלל און ביי יעדען מענשען, האט מען באלד געשיקט נאך ר' זלמינען און מיט זיין קומען פלעגט אלין ווערען רעכט, אלע זענין געוועזען צופרידען, די שמחה פלעגט ער משמח זיין, דעם חולה טרייסטען אז ער וועט נאך געזונד ווערען, די אבלים פון דעם מת אויסרעדען

זייערע שווערע ביטערע הערצער, צווישען מאנן אונ ווייב שוויגער אונ איידעמס שלום מאכען א. ז. וו.

צוא דיא אלע צופאלען פלעגט ר׳ זלמינע אליין קומען וויא פון אונטער דער ערד, ער פלעגט דיא מינוט אויסוואקסען דארט וואו מע האט איהם באדארפט האבען, אונ אז ער האט ניט געוואוסט האט מען איהם געשיקט רופען אונ ר׳ זלמינע פלעגט לויפען פארסאפעט וויא גלייך אין דיא אלע זאכען איז באשטאנען זיין גאנץ לעבען.

אט א שטייגער אויף א חתונה —

אייך יודישע לעזער דארף איך קיין סך ניט דערצעהלען, אייך איז באקאנט וויא ביא אונז יודען איז איינגעפיהרט ווען איינער מאכט א שמחה אונ ווער שמועסט אז גאטט העלפט דעם יודען ווען ער מאכט חתונה א קינד — זאגט ער: אז גאטט האט מיר געהאלפען דיא צייט ווען איך קען זיך פרייען מיט מיינע ליבע פריינד, לאזען זיך אויך פרייען אויף מיין שמחה צוזאמען מיט מיר ארעמע לייט.

אין דעם טאג טהיילט דער בעל שמחה צדקה מיט א אפענער ברייטער האנד, חוץ דעם מאכט מען אויך א סעודה פאר ארימע לייט, נאר דאס איז שוין געווענט „וויא ביא וועמען״. דער גביר מאכט א סעודה פאר אלע ארימע לייט, ווער עס איז הונגעריג מעג קומען עסען, אויף א גבירישע סעודה ברייננגען דיא ארימע ווייבער מיט אפילו זייערע קינדער צוא טראגען אויף דיא האנד „זיי זאגען אויך האטש אמאל אין יאר פארזוכען דעם טעם פון אגוטען יויך מיט א פעט שטיקעל פלייש״, אונ יעדער געהט אוועק זאט אונ נאך מיט עטליבע גראשען אין קעשענע אויך; דער מיטעלער בעל הבית מאכט א סעודה פאר א געווישע צאהל ארימע לייט, אונ דער געמיינער בעל בית מאכט א סעודה פאר צעהן מקבלים וועגען — לאזען אויף מיין שמחה זיך פרייען מיט מיר האטש צעהן ארימע לייט״ — זאגט דער געמיינער יוד.

אט דיא סעודות גיבען דיא ר — ער יודען איבער אונטער ר׳ זלמינעס האנד, ער גיט אכטונג קיין ארימאנן זאל ניט אוועקגעהן הונגעריג, איהם גיט מען איבער דעם געלד ער זאל צוטהיילען וויא יעדען קומט, אז קיין ארימאן זאל חו״ש פון דער יודישער שמחה ניט אוועקגעהען פארשעמט, אונ ר׳ זלמינע האט שוין פארשטאנען יעדען ארימאנן צופרידען צוא שטעלען, ווייל ווער האט נאך אזוי גוט געקענט דיא ר — ער ארימע לייט אונ זייער טרויעריג לעבען?

מיט דעם גאנצען טיש ארימע לייט האט געווירטהשאפט ר׳ זלמינע פאלקאמען וויא דער בעל בית, דער בעל שמחה אליין, אונ איז אזוי פרעהליך גלייך וויא ער מאכט חתונה זיין אייגען קינד. נאך דער שמחה מאכט ר׳ זלמינע א ראה פון ארימע לייט, ער הייסט דיא כלי זמר שפיעלען „אויף ר׳ זלמינעס

חֶשְׁבּוֹן" צוּזַאמֶען מִיט דֶעם בַּעַל שִׂמְחָה אוּנ מִיט דִיא פַארְנֶעהְמְסְטֶע מְחוּתָּנִים דֶרְעהְט ער זִיךְ אַרֵיין אִין דֶער רָאד צְווִישֶׁען דִיא אָרֶעמֶע לַייט אוּנ אַלֶע יוּדֶען טַאנְצֶען, ר׳ זלמינע, וְויא אַלְט עֶר אִיז, הֶארְט דֶענְסְטְמָאל נִיט אוֹיף צוּ שְׁרַייעֶן אוּנ צוּא זִינְגֶען:

– לָאמִיר שְׁרַייעֶן, לָאמִיר זִינְגֶען וָואס מִיר זֶענִין יוּדֶען! לָאמִיר טַאנְצֶען, לָאמִיר זַיין פְרֶעהְלִיךְ! וָוארוּם מיר יוּדֶען זֶענִין אַלֶע גְלַייךְ, נִיטָא אָרִים, נִיטָא רַייךְ א. ז. וו.

אוּנ ר׳ זלמינע פְלֶעגְט אַזוֹי וֶוערִין פְרֶעהְלִיךְ אַז טְהְרֶערֶען פְלֶעגֶען זִיךְ אִיהְם שְׁטֶעלֶען אִין דִיא אוֹיגֶען, אוּנ אַרוּמְהַאפֶּען דִיא אָרִימֶע לַייט אוּנ זִיךְ צוּא קוּשֶׁען מִיט זֵייא, אוּנ טַאקֶע וַוייטֶער נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּא זִינְגֶען אוּנ שְׁרַייעֶן: „אַפִּילוּ אָרִימֶע לַייט לָאמִיר זַיין, נָאר אַבִּי יוּדֶען! אַלְץ וָואס יוּדִישׁ אִיז שֶׁען אוּנ שֶׁענֶער וְויא אַלֶעס, אֲפִילוּ אַ יוּדִישֶׁע שִׂמְחָה אִיז אוֹיךְ שֶׁענֶער, שְׁפִּיעֶלט זְשֶׁע כְּלֵי זֶמֶר שְׁטַארְקֶער אוּנ שְׁטַארְקֶער, יוּדִישׁ, יוּדִישׁ אוֹיף ר׳ זלמינעס חֶשְׁבּוֹן" נִישְׁטְקָשֶׁה – ר׳ זלמינע אִיז אֵיין אָרִימַאנְן, נָאר עֶר וֶועט אַייךְ בַּאצָאהְלֶען, ר׳ זלמינע אִיז אַ יוּד – ר׳ זלמינע אִיז רַייךְ. שְׁפִּיעֶלְט זְשֶׁע כְּלֵי זֶמֶר יוּדִישׁ, זִינְגְט זְשֶׁע יוּדֶען! א. ז. וו.

יֶעדֶער בַּעַל שִׂמְחָה הָאט זִיךְ גֶעפִיהְלְט גְלִיקְלִיךְ וֶוען ר׳ זלמינע אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף זַיין שִׂמְחָה. וָוארוּם ר׳ זלמינע פְלֶעגְט פְרֶעהְלִיךְ מַאכֶען דִיא שִׂמְחָה וְויא יוּדֶען שְׁטֶעהְט אָן, אוּנ עֶס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז אָהְן ר׳ זלמינען קֶען גָאר קֵיין יוּדִישֶׁע חֲתוּנָה נִיט זַיין, אָהְן ר׳ זלמינען וָואלְט גֶעוֶועזֶען אַ פַארְשְׁטֶערְטֶע חֲתוּנָה.

גַאנְץ אָפְּט פְלֶעגְט זִיךְ מַאכֶען אַז אִין דֶער צַייט וֶוען ר׳ זלמינע הָאט זִיךְ אַזוֹי מְשַׂמֵחַ גֶעוֶועזֶען אוֹיף אַ גְבִירִישֶׁער יוּדִישֶׁער חֲתוּנָה [illegible] דִיא אָרִימֶע לַייט אוּנ מִיט דִיא מְחוּתָּנִים גֶעטַאנְצְט אוּנ גֶעזוּנְגֶען פַאר גְרוֹיס [illegible], פְלֶעגְט פְּלוּצִים אַרֵיין דֶער שַׁמָשׁ פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען בֵּית הַמִדְרָשׁ אָדֶער אַזוֹי אֵיינֶער מִיט אַ לַאמְטֶערְנֶע אוּנ מִיט אַ בּוּלְוֶוע (אַ גְרָאבֶער שְׁטֶעקֶען) אוּנ שְׁטִיל פְרֶעגֶען צוּא דָא גֶעפִינְט זִיךְ נִיט ר׳ זלמינע.

וֶוען ר׳ זלמינע הָאט נָאר דֶערְהֶערְט וְויא מֶע פְרֶעגְט אוֹיף אִיהְם הָאט עֶר שׁוֹין גֶעוואוּסְט וָואס מֶע רוּפְט אִיהְם, עֶר פְלֶעגְט אֲפִילוּ נִיט עֶנְטְוֶוערְן, נָאר בַּאלְד הַאפֶּען זַיין שְׁטֶעקֶען מִיט זַיין לַאמְטֶערְנֶע זָאגֶען דֶעם גַאנְצֶען עוֹלָם אַ גוּטֶען [illegible] תָּמִיד, פְרֶעהְט זִיךְ גֶעזוּנְדֶערְהֵייט, אָמִיר נָאר דֶערְלֶעבֶען אַ סַך שִׂמְחוֹת אוּנ יְשׁוּעוֹת מִיט נֶחָמוֹת אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל, אוּנ וְויא אַ שְׁטוּרְמְוִוינְד אִיז ר׳ זלמינע אַוֶועק מִיט דֶעם וָואס הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען.

– מָשִׁיחַ׳ן זָאלְט אִיהְר דֶערְלֶעבֶען ר׳ זלמינע וָואס אִיהְר זֶענְט גֶעקוּמֶען: אַ גְרוֹיס אוּמְגְלִיק אִיז אוּנְז גֶעשֶׁעהֶען, זֶענִין אִיהְם אוֹיךְ דֶעם אָרְט וואו מֶע הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען בַּאפַאלֶען אַ מוּטֶער מִיט קִינְדֶער; אוּנְזֶער טַאטֶע, מַיין מַאנְן אִיז פְּלוּצִים שְׁטַארְק פַארְשְׁלָאפְט גֶעוָוארֶען, אַלֶע דָאקְטוֹרִים זָאגֶען זִיךְ

אב, אונזער איינציגע האפנונג איז נאר אויף אייך ר' זלמינע; אט זעהט וויא ער ליגט, עס איז איהם גאר ניט צוא דערקענען! אוי גאטט! א גרויס אומגליק איז אונז געשעהען, וואס וועלען מיינע קינדער, מיר אלע טהון אהן איהם? ר' זלמינע, פריהער גאטט אונ דערנאך דורך אייך — באטעוועט אונז! האבען דיא אומגליקליכע ניט אויפגעהערט צוא שרייען אונ יאמערן איבער זלמינען אז ר' זלמינע פלעגט אין אנהויב בלייבען שטעהען וויא פארדולט.

— וואס וויינט איהר? וואס וויינט איהר? פרעגט ער אנהויבען אויף זייא צוא שרייען, מיט אייער וויינען קענט איהר אפילו א געזונדען קראנק מאכען איהר זענט ניט וויא איהר פארדולט דעם קראנקען דיא קאפ? געהט אייך אלע ארויס פון אנען, לאזט איהם זיך אפרוהען, איך וועל דא בלייבען מיט איהם.

האבען דיא מינוט אויפגעהערט צוויינען אונ קלאגען אונ זענין ארויסגעגאנגען פון דער שטוב מיט דער גוטער האפנונג אז ר' זלמינע וועט זיין דער גוטער "שליח", וואס וועט ברענגען דיא "רפואה שלמה".

ר' זלמינע פלעגט זיך זעצען ביים חולה אויף דעם בעט, קוקען אויף איהם מיט טרערען אונ דיא אויגען זיך איינהאלטען ניט צוויינען; אין שטוב איז דערווייל געווען שטיל, דער חולה האט זיך בארוהיגט, געעפענט דיא אויגען אונ ר' זלמינע האט אויגענבליקליך געמאכט זיין שטענדיג גוט זיס פרעהליך פנים.

ר' זלמינעס באקאנט געזיכט איז געוועזען גענוג אז ער זאל אויף יעדען חולה גוט ווירקען, שטענדיג האבען איהם דיא קראנקע געזאגט: זעהר גוט ר' זלמינע וואס איהר זענט דא, געהט ניט אוועק פון מיר, עס איז מיר גרינגער מיט אייך; אונ ער פלעגט בלייבען ביז דער חולה איז אנטשלאפען געווארען באלד איז ער ארויסגעגאנגען צו זיין ווייב אונ קינדער.

— א דאנק גאטט, זייט רוהיג, עס איז איהם ב"ה בעסער, לאז נאר זיין שטיל, ער איז ב"ה אביסיל רוהיג אנטשלאפען געווארען. לאז נאר איינער פון אייך אריינגעהן ניט וויינען, נאר ווארטען ביז ער וועט זיך אויפהאפען, זאלט איהר איהם זאגען אז איך וועל באלד קומען, איהר מעגט איהם צו לייגין א נאס טיכעל צום קאפ, ווען עס וועט איהם זיין היים, אונ אז ער וועט בעטען אביסעל יויך מעגט איהר איהם אויך געבען, ווייטער דארף מען גאר ניטשט, איך האף אז עס וועט נאר ניטשט זיין, עס וועט אים איבערגעהען, איהר זאלט זיך גאר ניט שרעקען, אז איך וועל קומען וועל איך זעהען, אפשר וועט ניט שאדען צו רופען נאך א מאל דעם דאקטאר, דער ווייל גיט איהם איין וואס דער דאקטער האט איהם פאר שריבען, אונ ווייטער גאר ניט, מיט גאטעס הילף וועט עס איהם איבערגעהען.

אונ דיא מוטער מיט דיא קינדער קוקען גלייך ר' זלמינען אין מויל אריין וויא א גוטען דאקטאר; זיי האבען אמונה אין זיין יעדען ווארט אונ

דַאנְקֶען אוּנ לוֹיבֶּען גָאטט וָואס עֶס אִיז ב"ה גְרִינְגֶער גֶעוָוארֶען , אוּנ הָאבֶּען גוּטֶע הָאפֶּענוּנְג אִין ר' זלמינעס וֶוערְטֶער אַז „בַּאלְד וֶועט ב"ה אִין גַאנְצֶען אִיבֶּערְגֶעהֶען". אַלֶע פְרֵייעֶן זִיךְ אוּנ זַיינֶען פִּינְקְטְלִיךְ אַלֶעס מְקַיֵים וִויא ר' זלמינע הָאט גֶעהֵייסֶען .

ר' זלמינע אַלֵיין פְּלִיהט פוּן דֶעם חוֹלֶה בַּאלְד אַוֶועק אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ אוּנ גֶעמְט צוּ נוֹיף צֶעהן מְקַבְּלִים אָדֶער צֶעהן יוֹדֶען אוּנ מִיט טְרֶערֶען אִין דִיא אוֹיגֶען וֶועצְט עֶר זִיךְ זָאגֶען דִיא גֶעווִיסֶע קַאפִּיטְלֶעךְ תְּהִלִים וֶועגֶען אַ חוֹלֶה, אַז גָאטט בָּרוּךְ הוּא זָאל אִיהם גִיךְ אוּנ בַּאלְד צוּ שִׁיקֶען דִיא רְפוּאָה שְׁלֵמָה .

מִיט אַ נַאס טִיכֶעל צוּם קָאפּ , מִיט אַבִּיסֶעלֶע יוֹךְ , מִיט הֵייסֶען פִּינְקְטְלִיךְ אַיינְגֶעבֶּען דִיא רְפוּאוֹת וָואס דֶער דָאקְטֶער הָאט פַארְשְׁרִיבֶּען , מִיט נִיט וֵויינֶען אוּנ פִילְדֶערֶען פַאר דֶעם חוֹלֶה אוּנ מִיט עֶטְלִיכֶע קַאפִּיטְלֶעךְ תְּהִלִים זָאגֶען , פְּלֶעגְט ר' זלמינע הֵיילֶען זַיינֶע קְרַאנְקֶע ! . . .

ר' זלמינעס רֶעצֶעפְּטֶען וָואס אִיךְ הָאבּ נָאר וָואס דָא אוֹיסְגֶערֶעכֶענְט צוּ זַאמֶען מִיט זַיין טְרֵייסְטֶען דֶעם חוֹלֶה מִיט דִיא הוֹיז גֶעזִינְד , זַיין זִיס מוֹיל , זַיין לִיכְטִיג גֶעזִיכְט פְּלֶעגֶען אַזוֹי וִוירְקֶען אוֹיף דֶעם חוֹלֶה , אַז דָאס רוֹב פְּלֶעגֶען זֵייא טַאקֶע גִיךְ גֶעזוּנְד וֶוערֶען .

וִויא אָפְט הָאט מֶען אִיהם פוּן תְּהִלִים זָאגֶען אַוֶועק גֶערוּפֶען מִיט אָנָא גְוַואלְד :

— דֶערְבַּארִימְט זִיךְ אוֹיף מִיר ר' זלמינע ! הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אַיין אָרֶעמֶע אַלְמָנָה , אִיהר קֶענְט זִיא מַיין טָאכְטֶער זָאל לֶעבֶּען , אִיהר ווֵייסְט זִיךְ וִויפִיל צָרוֹת אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער גֶעטְרָאגֶען אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ מִיט אִיהר אֵיין שִׁידוּךְ גֶעטָאן , אִיךְ הָאבּ פוּן זִיךְ פַארְזֶעצְט דָאס לֶעצְטֶע הֶעמְד אוּנ הָאבּ אַיין גִילֵייגְט פוּפְצִיג רוּבִּיל נַדָן , הַיינְט הָאבּ אִיךְ זִיא גֶעמוּזְט עֶפֶּעס אוֹיסְקְלֵיידֶען צוּ דֶער חֲתוּנָה , אוּנ הָאבּ שׁוֹין גֶעלוֹיבְּט זַיין נָאמֶען אַז אִיךְ הָאבּ דֶערְלֶעבְּט דִי חֲתוּנָה, פוּן דֶעם לֶעצְטֶען גֶעבַּאקֶען לֶעקִיךְ , גֶעקָאכְט אַיין חוּפָּה וֶועטְשֶׁערֶע , דִיא מְחוּתָּנִים זַיינֶען שׁוֹין גֶעקוּמֶען , דִיא כְּלֵי זֶמֶר אוֹיךְ , אוּנ אִיצְט הָאט זִיךְ דֶער חָתָן אַיינְגֶעשְׁפָּארְט עֶר וִויל נִיט גֶעהֶען בּ"ז מֶען וֶועט אִיהם נִיט קוֹיפֶען אַיין נַייעֶם טַלִית ! . . . גֶעוַואלְד , ר' זלמינע ! וואוּ זָאל אִיךְ נֶעמֶען ? אַז אִיךְ הָאבּ פָּארְט נִיט הָאטְשׁ קוֹילֶעט מִיךְ פַאר אַגְרָאשֶׁען פַארְבָּאג אִיךְ נִיט , וָואס אִיךְ וֵויין פַאר אִיהם , עֶס הֶעלְפְט נִיט ! עֶר טַאיינֶעט אִיךְ הָאבּ אִיהם צוּא גֶעזָאגְט אַיין נַייעֶם טַלִית ; גְלוֹיבְּט מִיר ר' זלמינע אַז עֶס וָואלְט מִיךְ שׁוֹין גָאר נִיט גֶעאַרְט עֶס זָאל וֶוערֶען אוֹיס שִׁדוּךְ , מֵילָא וָואס זָאל אִיךְ טָאן אַז אִיךְ הָאבּ פָּארְט נִיט ; זָאל אִיךְ זִיךְ צוּ רֵייסֶען ? וֶועט מַיין טָאכְטֶער זִיטְצֶען נָאךְ אַיין יָאהר , דִיא קְלֵיידֶער וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהר גֶעמַאכְט וֶועלֶען אוֹיךְ קַאיילֶע וֶוערֶען , אוֹיף דִיא פוּפְצִיג רוּבּ' וֶועט נָאךְ אָנְוַואקְסֶען פְּרָאצֶענְט ; אַר אַגְרוֹיסֶער אוּמְגְלִיק הָאט מִיךְ גֶעטְרָאפֶען דֶער לֶעקִיךְ וָואס קָאכְט מִיךְ

אֶפְשֶׁר פִינְף רוּבְּל אִיז שׁוֹין לַאנְג אָבְּגֶעבַּאקְן אִין דִיא וֶועטְשֶׁערֶע וָואס קָאסְט מִיךְ אַוַדַאי פוּפְצֶעהְן רוּבִּיל אִיז שׁוֹין לַאנְג אָבְּגֶעקָאכְט אוּנ אָבְּגֶעבְּרָאטֶען, ר׳ זלמינע! הָאט גָאטט אִין הַארְן, דֶערְבַּארֶעמְט זִיךְ אוֹיף אַיין אָרֶעמֶע אַלְמָנָה, וֶוען אִיהר וֶועט מִיר נִיט הֶעלְפֶען וֶועל אִיךְ מוּזֶען אַרוֹיסְוַוארְפֶען דִיא גַאנְצֶע וֶועטְשֶׁערֶע אוּנ דֶער זֶעקֶעךְ וֶועט אוֹיךְ פַארְדָארְבֶּען וֶוערֶען.

אוּנ ר׳ זלמינע פְלֶעגְט אַוֶועקְוַוארְפֶען דִיא תְּהִלִים זָאגֶערְס מִיט דִיא וֶוערְטֶער.

– זָאגְט יוּדֶען תְּהִלִים אוּנ בֶּעט גָאטט אַז עֶר זָאל מַאֲרִיךְ יָמִים זַיין, וָוארוּם עֶר אִיז אַ טַאטֶע פוּן קִינְדֶער...

אוּנ פְלֶעגְ אַוֶועקְ.לוֹיפֶען צוּא דֶער אַלְמָנָה אוֹיף דֶער אָרֶעמֶער חֲתוּנָה,

דָארְט בַּייא דֶער אַלְמָנָה אִין שְׁטוּב אִיז אַ לַיארֶעם מִיט אַ גֶעפִילְדֶער, דִיא כַּלָה זִיצְט צוּפְּרָאכְטֶען דִיא צֶעפּ אוּנ וֵויינְט בִּיטֶער, דִיא וַוייבֶּער שְׁרַייעֶן אַז עֶס אִיז אַ הֶיזֵק הַשֵׁם אַ כַּלָה זָאל הָאבֶּען אַזוֹיא פִּיעל בִּזְיוֹנוֹת, אוּנ שְׁרַייעֶן אוֹיף זֵייעֶרֶע מַאנֶען זַייא זָאלֶען זִיךְ אַרַיינְמִישֶׁען, נָאר דֶער חָתָן טַאיינֶעט אִין אֵיין קוֹל אַז עֶר אִיז גֶערֶעכְט: אִיךְ בִּין נִיט קַיין פִּיצֶעלֶע קִינְד, מֶען זָאל מִיךְ אָבְּנַארֶען, מֶען הָאט מִיר צוּא גֶעזָאגְט אַ טַלִית דַארְף מֶען מִיר גֶעבֶּען אַיין טַלִית, אַז נִיט גֵייא אִיךְ נִיט.

– סְטַייטְשׁ, זִיא הָאט אָבֶּער פָּארְט נִיט! גָאטט וֶועט אִיהר הֶעלְפֶען נָאךְ דֶער חֲתוּנָה וֶועט זִיא דִיר אָבְּקוֹיפֶען, מִישֶׁען זִיךְ אַריין דִיא בַּעֲלֵי בָּתִּים.

– אִיךְ וֵויים שׁוֹין, וִויא אַזוֹי מֶען אִיז מְקַיֵים נָאךְ דֶער חֲתוּנָה, דֶער נָאךְ אִיז פַארְפַאלֶען אוּנ אַז מֶען וֶועט מִיר אִיצְטֶער נִיט גֶעבֶּען, רִיהר אִיךְ זִיךְ פוּן אָרְט נִיט. –

– וָואס הֵייסְט? ווילְסְט דוּא אַז דִיא חֲתוּנָה זָאל וֶוערֶען אוֹיס חֲתוּנָה, רוּפְט זִיךְ אָן אַיין מְחוּתֶּעֶנֶעתְ׳טֶע.

– פוּן מַיינְט וֶועגֶען מֶעג זַיין אוֹיס חֲתוּנָה – וָואס אִיז? אִיךְ וֶועל אֶפְשֶׁר נִיט קְרִיגֶען קַיין כַּלָה אִין ר׳...? צֶעהֶען פַאר אֵיינֶער, אִיךְ זָאל נָאר אַזוֹי פִּיעל וֶועלֶען.

– עֶס פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ! דִיךְ אַרְט נִיט וָואס עֶס וֶועט וֶוערֶען אוֹיס חֲתוּנָה, וָואס וֶוערְסְט דוּא דָא אָן? קַיין גֶעלְד קָאסְט דִיךְ נִיט דִיא חֲתוּנָה, דִיא אַלְמָנָה קָאסְט דִי חוּפָּה וֶועטְשֶׁערֶע מִיט דֶעם לֶעקִיךְ אֶפְשֶׁר צְוַואנְצִיג קֶערְבְּלֶעךְ, קֶעהר אִיהר אוּם פַאר דֶעם וָואס דִיא וֶועטְשֶׁערֶע קָאסְט, וֶועט זִיא אוֹיךְ נִיט אַרֶען, חֲתָנִים זַיינֶען ב״ה אוֹיךְ דָא אִין ר׳...

– אוּמְקֶעהְרֶען זָאל אִיךְ אִיהר? פַאר וָואס קוּמְט עֶס אִיהר? אִיךְ הָאב אִיהר דֶען גֶעהֵייסֶען קָאכֶען אַ חוּפָּה וֶועטְשֶׁערֶע אָהְן אַ טַלִית? פוּן מַיינְטְוֶועגֶען מֶעג זִיא אַרוֹיס גִיסֶען דִיא וֶועטְשֶׁערֶע אָרְט מִיךְ אוֹיךְ נִיט.

אַ הָאַרְט אוּנ אַ וָואָרְט דִיא מְחוּתָּנִים (חָתָן צַד מִיט כַּלָּה'ס צַד) צוּקְרִיגֶען זִיךְ שְׁטַאַרְק, דִיא כַּלָּה וֵויינְט נָאךְ מֶעהר, דִיא וַוייבֶּער וָואס שְׁטֶעהֶען אַרוּם אִיהר הֶערֶען נִיט אוֹיף צוּ שְׁרַייֶען אַז עֶס אִיז אַ חִי״ול הַשֵּׁם, דִיא כְּלֵי זֶמֶר שְׁטֵייעֶן מִיט דִיא סְמִיטְשִׁיקֶעס, דִיא פַאַרְוָוערִין פַאַרְקַאטְשֶׁעט דִיא אַרְבֶּעל, מִיט אֵיין וָואָרְט אָנְשְׁטָאט „חֲתוּנָה" אִיז „יוֹם כִּפּוּר".

אוּנ אָט מִיט ר' זלמינעס קוּמֶען וֶוערְט צְוִוישֶׁען אַלֶע אֵיין גֶעשְׁרֵיי: „שַׁאט, שַׁאט"! ר' זלמינע שְׁטוּפְּט זִיךְ דוּרְךְ גֶעהֶענְטֶער צוּם חָתָן.

– זֶעהר גוּט וָואס אִיהר זַיינְט גֶעקוּמֶען ר' זלמינע, רוּפְט זִיךְ אָן דֶער חָתָן, אַייךְ טַאקֶע וִויל אִיךְ פְרֶעגֶען (אִיהר זַיינְט זִין טַאקֶע אַיין עֶרְלִיכֶער יוּד) אִיז דָאס אַ יוֹשֶׁר, פְרֶעג אִיךְ אַייךְ, אַז בְּעֵת תְּנָאִים שְׁרַייבֶּען הָאט זִיא זִיךְ בְּפֵירוּשׁ מְחַיֵּיב גֶעוֶועזֶען אַז הוּין פוּפְצִיג קֶערְבְּלֶעךְ נְדָן. אַיין סַאמֶעטֶענֶעם מַאנְטֶעל מִיט וַואטֶען, צְוֵוייא וָואלֶענֶע קְלֵיידֶער, חוּץ אַיין שַׁבָּתְדִיגֶע, אַיין אִיבֶּערְבֶּעט מִיט צְוֵוייא קִישֶׁען, אַיין פִּיקְיֶענֶע קָאלְדְרֶע, דְרַייא צִיצֶענֶע קְלֵיידְלֶעךְ, חוּץ אַיין וָואכֶענְדִיגֶע, דְרַייא חֲדָשִׁים קֶעסְט אוּנ נָאךְ קְלֵיינִיגְקֵייטֶען, הָאט זִיא זִיךְ (זָאג אִיךְ אַייךְ) בְּפֵירוּשׁ מְחַיֵּיב גֶעוֶועזֶען פַאר הָמוֹן רַבִּים מִיט מֶענְשֶׁען, אַז צוּם טָאג פַאר דֶער חוּפָּה דַארְף זִיא מִיר גֶעבֶּען אַיין נַאייֶעם טַלִּית פְרֶעג אִיךְ אַייךְ ר' זלמינע צוּ אִיז דָאס אַיין יוֹשֶׁר? אִיהר זַיינְט זִיךְ אִין עֶרְלִיכֶער יוּד, זָאגְט אַלֵיין?

– בִּיזְט אַוַודְאי גֶירֶעכְט מַיין קִינְד, אָבְּנַארֶען טָאר מֶען נִיט, אוּנ וָואס אַ יוּד אִיז זִיךְ מְחַיֵּיב דַארְף עֶר מְקַיֵּים זַיין, נָאר וָואס זָאל מֶען טָאהן אַז זִיא הָאט פָארְט נִיט? גָאטט וֶועט אִיהר מוּזֶען מוֹחֵל זַיין אוּנ דוּא דַארְפְסְט אִיבֶּער אַזוֹינֶע זַאכֶען נִיט צוּ שְׁטֶערֶען קַיין חֲתוּנָה, וָוארוּם יֶעדֶער שִׁידוּךְ אִיז אַיין זִיווּג מִן הַשָּׁמַיִם, הַיינְט דַארְפְסְט דוּא וִויסֶען אַז דוּא הָאסְט זִיךְ אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען אַ כַּלָּה וִויא דִיר גֶעפֶעלְט, דַארְפְסְט דוּא זִיךְ נִיט קְרִיגֶען אִיבֶּער אַזוֹינֶע זַאכֶען. פַארְגֶעס נִיט אַז דוּא דַארְפְסְט אָבְּלֶעבֶּען מִיט אִיהר אַיין גַאנְצֶע וָועלְט, אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגֶען אוֹיךְ אַזוֹי . . .

אוּנ כְּדֵי דֶער חָתָן זָאל גְּלוֹיבֶּען אַז מִיט דֶעם וַוייבּ דַארְף מֶען אָבְּלֶעבֶּען דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, זִיךְ נִיט קְרִיגֶען, וָוארוּם עֶס אִיז אַיין זִיווּג מִן הַשָּׁמַיִם, הָאט ר' זלמינע אִיהם אוֹיסְגֶעדְרוּנְגֶען פוּן אַ סַךְ עֶרְטֶער פוּן דֶער תּוֹרָה, פוּן דֶער גְּמָרָא אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע סְפָרִים וִויא דִיא חֲכָמִים זָאגֶען בְּפֵירוּשׁ א. ז. וו.

– אוּנ דַארוּם–עֶנְדִיגְט ר' זלמינע זַיין מוּסָר זָאגֶען – דַארְפְסְט דוּא זִיךְ נִיט שְׁטֶעלֶען אִיבֶּער אַזוֹינֶע זַאכֶען, אוּנ בַּאלְד גֶעהֶען לְמַזָּל אִין אַיין גוּטֶער שָׁעָה צוּא דֶער חוּפָּה, אוּנ גָאטט זָאל אַייךְ הֶעלְפֶען אִיהר זָאלְט הָאבֶּען אַיין גְלִיקְלִיךְ לֶעבֶּען! אוּנ וֶועגֶען אַ טַלִּית, אִיז נִיט דָא וָואס צוּ טַאיְנֶען הָאטְשׁ דוּא בִּיסְט גֶערֶעכְט, אַ יוּד דַאוְוינְט נִיט אָהן קַיין טַלִּית, גָאטט וֶועט אִיהר הֶעלְפֶען שְׁפֶּעטֶער וֶועט זִיא דִיר אָבְּקוֹיפֶען אַיין נַאייֶעם טַלִּית

– איך פָּאלְג אַייך ר׳ זלמינע אונ זָאג בְּפֵירוּשׁ צוּ וֶוען גָאט וֶועט מִיר הֶעלְפֶען, שְׁרַייט דִיא אַלְמָנָה.

דֶעם חָתָן הָאט שְׁטַארְק אָנְגֶענוּמֶען בַּיים הַארְצֶען ר׳ זלמינעס וֶוערְטֶער, אונ טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיהם גֶעשְׁטֶעלְט אִין דִיא אוֹיגֶען. – נָאר אַז אִיהר זָאגְט יָא אַזוֹי ר׳ זלמינע, פָּאלְג אִיךְ אַייךְ, נָאר אִיהר, ר׳ זלמינע, זָאלְט מִיר עָרֶב זַיין פַאר דֶער מְחוּתֶּענֶעתְ׳טֶע אַז נָאךְ דֶער חֲתוּנָה זָאל מֶען מִיר קוֹיפֶען אַיין נַאייֶעם טַלִית.

ר׳ זלמינע זָאגְט צוּ.

אִין דֶער מִינוּט וֶוערְט בַּייא דֶער אָרֶעמֶער אַלְמָנָה אִין שְׁטוּבּ אַיין אִיבֶּערְגֶעקֶערֶענִישׁ, דִיא כְּלֵי זֶמֶר הוֹיבֶּען אָהן פְרֵיילִיךְ צוּא שְׁפִּיעלֶען, דִיא מְחוּתָּנִים הַארֶען זִיךְ אוֹיף צוּא קְרִיעגֶען אונ גִיבֶּען זִיךְ פְרַיינְדְלִיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מַזָל טוֹב, דִיא כַּלָּה ווִישְׁט אוֹיס דִיא אוֹיגֶען, דִיא וַוייבֶּער הָאבֶּען אִיהר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסְצוּרֶעדֶען דָאס הַארְץ:

– מִסְתָּמָא אִיז דִיר גֶעוֶועזֶען עֶפֶּעס בַּאשֶׁערְט וֶועט דָאס זַיין אַיין אָבְּקוּמֶענִישׁ פַאר דַיינֶע אַלֶע זִינְד, דֶער פַאר וֶועט דִיר גָאטט הֶעלְפֶען אַז דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אַ לִיכְטִיגֶע וֶועלְט, בַּייא יוּדֶען אִיז שׁוֹין אַזוֹיא, וִויא אַ חֲתוּנָה מוּזֶען זִיךְ דִיא מְחוּתָּנִים פְרִיהֶער קְרִיגֶען, דָאס אִיז אַלְץ פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד!..

דֶער חָתָן גֶעהט בַּאדֶעקֶען דִיא כַּלָּה, דִיא כְּלֵי זֶמֶר הוֹיבֶּען נָאךְ אָהן שְׁטַארְקֶער צוּא שְׁפִּילֶען אונ מֶען גֶעהט צוּא דֶער חוּפָּה...

פוּן דֶער חוּפָּה גֶעהט מֶען מִיט גְרוֹיס פַּארַאד, דֶער חָתָן מִיט דֶער כַּלָּה הַאלְטֶען זִיךְ מִיט דִיא מִינְדֶעסְטֶע פִינְגֶער... מְחוּתָּנִים טַאנְצֶען פְרִיהֶער, חָתָן כַּלָּה זֶעצְט מֶען אוֹיבֶּען אָהן, זֵייא קוּקֶען זִיךְ אָהן אונ קְוֶועלֶען נָאר.

ר׳ זלמינע גֶעפִינְט זִיךְ אַ וַודַאי אוֹיף דֶער אָרֶעמֶער חֲתוּנָה אונ מַאכְט פְרֵיילִיךְ דִיא מְחוּתָּנִים מִיט זַיין שְׁרַייעֶן; שְׁפִּיעלְט צוּא כְּלֵי זֶמֶר אוֹיף ר׳ זלמינעס הֶשְׁבּוֹן״ אונ דִיא כְּלֵי זֶמֶר שְׁפִּיעלֶען, דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם טַאנְצְט, דִיא אַלְמָנָה דִיא מְחוּתֶּנֶתְ׳טֶע אִיז גָאר פְרֵיילִיךְ אונ דַאנְקְט אונ לוֹיבְּט אַלֶע מָאל דֶעם גְרוֹיסֶען גָאטט וָואס זִיא הָאט דֶער לֶעבְּט חֲתוּנָה מַאכֶען אִיהר טָאכְטֶער.

אַזוֹי הוּלֶען אַלֶע אָב בִּיז אִין וַוייסֶען טָאג.

אונ דֶעם נַאייֶעם טַלִית הָאט טַאקֶע דִיא מְחוּתֶּענֶעהְ׳טֶע נִיט אָבְּגֶעגֶעבֶּען, אַזוֹי וִויא אַלֶע מְחוּתָּנִים וָואס זָאגֶען צוּ „נָאךְ דֶער חֲתוּנָה״, נָאר ר׳ זלמינע בְּרֵיינְגְט אַיין נַאייֶעם טַלִית. –

אוֹיף אַזַ׳ינֶע זַאכֶען הָאט עֶר נִיט גֶענוּמֶען פוּן דִיא נְדָבוֹת וָואס עֶר

פלעגט ארומגעהען אלע מאנטאג און דאנערשטאג מאכען צווישען דיא קלייטען; פאר דעם געלד האט ער שון געהאט גרייטע ערטער און לעבער וואו עס אוועק צו געבען, ער האט פון דיא געלד איינגראשען ניט אראב גענומען אויף אטלית פאר ארעמען התן אדער נאך אויך אנדערע זאכען וואס מען פלעגט אונגערעכט צו איהם קומען בעטען הילף פאר אזויגע זאכען האט ער געהאט אנדערע מיטלען צו מאכען געלד, דא געהט ער אריין אין א קלויז און זעהט וויא איינער האט יאהרצייט און גיט א רוביל אויף תקון, ר׳ זלמינע לייגט פאר אז היינט זאל מען ניט טרינקען און מע זאל איהם אוועקגעבען ווארום „ער דארף עס נייטהיג האבען״.—

און אז ר׳ זלמינע האט געזאגט א׳ ער „דארף נעטהיג״ האט זיך יעדער אויף היינטיגעס מאל אבגעזאגט פון טרינקען. אויך האט ער געוואוסט אזויגע ערטער וואו יונגע לייט פ״ בריינגען אין קארטען שפילען, איז ער מיט זיין לאמטערנע דארט אויך אויס געוואקסען און האט גיבעטען מען זאל איהם אוועק געבען „איין קאן״.

אז ר׳ זלמינע האט פארגעלעגט, זיינען דארויף באשטאנען אפילו קארטען שפיעלערס.—

נאך אזויגע פיל מיטלען האט ער געהאט צוא מאכען געלד פאר ארעמע און אומגליקליכע געזונדע און קראנקע, אזויא אז דעם מנדב האט ער קיין מאל ניט געמאכט שווער און נדבות איז געווארען מעהר.—

מיט אזויגע געשעפטען האט זיך ר׳ זלמינע פארנומען דעם גאנצען טאג ביז שפעט אין דער נאכט, ער פלעגט זעהר זיין צופרידען אז עס איז איהם אבענד געבליבען אביסעל צייט זיך אריינהאפען אין אלטען בית המדרש זיך אברוהען מיט איין ספר אין דער האנד, און ווער שמועסט פון צוועלף א זייגער ביינאכט ווען ער פלעגט געהען אהיים אז קיינער האט איהם ניט געשטערט, איז ער געוועזען גאר צופריעדען, דארט אין דער היים האט ער האט׳ש געקענט אויס רוהען זיינע פיס, וואס פלעגען זיך אנלויפען א גאנצען טאג, זיין קאפ, וואס איז געוועזען פאר שלאגען פון ארעמע קראנקע, אומגליקליכע, פון זייערע שטענדיגע קרעכצען, זיפצען, שרייען: „העלפט אונז״, „האט רחמנות״, „דערבארעמט זיך״, „באטעוועט״ א. ז. וו.

אזא מענש איז געוועזען ר׳ זלמינע!

אמת מיר באגעגענען זעלטען אזא מענשען וויא ר׳ זלמינע איז, נאר אויב איהר ווילט יא געפינען אזא מענשען זאלט איהר ניט זוכען אין ערגעץ, ווארום עס וועט זיין אומזיסט אייער מיהע.

זוכט גאר צווישען יודען, דארט וועט איהר איהם געוויס געפינען, איך קען אייך ניט ערב זיין פאר אסך, נאר אויב איהר וועט ניט געפינען

קַיין עֶטְלִיכֶע וֶועט אִיהר אֵיינֶעם גֶעווִיס גֶעפִינֶען אִין יֶעדֶער יוּדִישֶׁער שְׁטָאדְט. דֶער אֵיינֶער, דֶער אָרֶעמֶער יוּד, וָואס אִיז אַלֵיין אַ שְׁטֶענְדִיגֶער אֶבְיוֹן, אַלֵיין קֵיין מָאל נִיט זִיךְ זַאט מִיט אַיין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט אָנְגֶעגֶעסֶען, אַלֵיין אָפְּגֶערִיסֶען אָפְּגֶעשְׁלִיסֶען, דֶער וֵוייסְט מֶעהר נִיט נָאר פוּן נוֹיטְה, אָט דֶער אִיז אִין שְׁטַאנְד צוּ הֶעלְפֶען אָרֶעמֶע לַייט מִיט בְּרוֹיט, אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, אַרוֹיסְשְׁלֶעפֶען פוּן זֵייעֶרֶע נוֹיטְהֶען א. ז. וו.

נֵיין, נֵיין, נִיט בַּייא קֵיין פָאלְק וֶועט אִיהר גֶעפִינֶען אַזַא מֶענְשֶׁען מִיט אַזַא הַארְץ, אָדֶער וִויא שְׁרַייבֶער רוּפֶען אָן „אַזַא טִיפ" וִויא ר' זלמינע אִיז — נָאר צְווִישֶׁען יוּדֶען!..

3.

# אוֹיף דֶער "טוֹיטֶער גַאס".

אִין דֶער נַאכְט אִין וֶועלְכֶער אוּנְזֶער עֶרְצֶעהלוּנְג הוֹיבְּט זִיךְ אָן, אִיז ר' זלמינע אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען אַהֵיים מִיט דֶעם גֶעדַאנְקֶען:

— אַ דַאנְק גָאטט, וָואס אִיךְ בִּין שׁוֹין בַּאלְד אִין דֶער הֵיים, פוּן הַיינְטִיגֶען טָאג בִּין אִיךְ זֵייעֶר מִיעֶד אוּנ מָארְגֶען אִיז דָא אַזוֹיא פִיל אַרְבֵּייט! אִיךְ זָאל זִיךְ חָאטְשׁ קֶענֶען אָפְּרוּהֶען עֶטְלִיכֶע שָׁעָה.

גֶעוֶועהנְלִיךְ וֶוען אַיין מֶענְשׁ טְרַאכְט וּבִפְרַט נָאךְ אַיין עֶלְטֶערֶער מֶענְשׁ. פַארְפֶען זִיךְ בַּייא אִיהם אַרוֹיס עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער אַז עֶר בַּאמֶערְקְט דָאס אַלֵיין נִיט, נָאר דֶער זַייטִיגֶער מֶענְשׁ, הֶערְט גַאנְץ גוּט וִויא עֶר רֶעדְט צוּא זִיךְ אַלֵיין.

אוּנְזֶער אוּמְבֶּעקַאנְט אוּמְגְלִיקְלִיךְ פְרַיילִין וָואס אִיז אִיהם כִּמְעַט נָאךְ גֶעגַאנְגֶען טְרִיט בַּייא טְרִיט, הָאט גֶעחַאפְּט עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער, אוּנ הָאט פַאר שְׁטַאנֶען וִויא שְׁוֶוער עֶס אִיז אִיצְטֶער צוּ בֶּעאוּנְרוּהִיגֶען ר' זלמינען, נָאר זִיא הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט פָארְשְׁטֶעלֶען אַז וֶוען זִיא הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסְסֶען צוּ גֶעהֶען אַזוֹי שְׁפֶּעט בַּייא נַאכְט אוֹיף דֶער טוֹיטֶער גַאס, זָאל זִיא זִיךְ אוּמְקֶעהרֶען מִיט גָאר נִישְׁט.

— נֵיין, אִיךְ וֶועל נִיט גֶעהֶען צוּרִיק, הָאט זִיא צוּ זִיךְ גֶעזָאגְט אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער.

ר' זלמינע אִיז צוּ גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער טְהִיר אוּנ הָאט אָנְגֶעקְלַאפְּט, מֶען הָאט בַּאלְד גֶעעֶפֶענְט אוּנ צוּרִיק פַאר שְׁלָאסְסֶען, זִיא הָאט זִיךְ אוּנְטֶער גֶעגַאנְבֶעט גֶעבֶען דֶעם אֵיינְצִיגֶען פֶענְסְטֶער וָואס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין ר'

זלמינעס וָואהנוּנְג אוּנ גֶעוַואֹרְט וֶוען מֶען וֶועט אָנְצִינְדֶען אַיין לִיכְט וֶועט זִיא אָהן קְלַאפֶּען.

– אִיךְ וִויל אִין דֶער פִינְסְטֶער נִיט קְלַאפֶּען, עֶר קֶען זִיךְ אִיבֶּער שְׁרֶעקֶען, אִיךְ הָאבּ אִיהם דַארִיבֶּער נִיט גֶעוָואוּסְט אָבְּשְׁטֶעלֶען אִין גַאס, אִיךְ וֶועל וַוארְטֶען.

נָאר וִויא דֶערְצִיטֶערְט אִיז זִיא גֶעוָוארֶען וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אַ הִיבְּשׁ שְׁטִיקֶעל צַייט אוּנ עֶס אִיז דָארְט נָאךְ אַלְץ גִיוֶוען פִינְסְטֶער.

– אוֹי וִויא אוּמְגְלִיקְלִיךְ בִּין אִיךְ אוּמֶעטוּם – עֶר שְׁלָאפְט שׁוֹין גֶעוִויס, וָואס זָאל אִיךְ טָאהן?

זִיא הָאט אַבִּיסֶעל גֶעטְרַאכְט.

– אָ נֵיין, אִיךְ וֶועל שׁוֹין צוּרִיק נִיט גֶעהֶען, הָאט זִיא זִיךְ פֶּעסְט עֶנְטְשְׁלָאסֶען, דָא וֶועל אִיךְ וַוארְטֶען בִּיז עֶר וֶועט אוֹיף שְׁטֶעהֶען. עֶר שְׁלָאפְט נִיט שְׁפֶּעט, נָאר לָאז זַיין אַפִילוּ בִּיז טָאג.

„אַיין צָרָה פַאר טְרַייבְּט דִיא אַנְדֶערֶע צָרוֹת" דָאס הֵייסְט אַז עֶס קוּמְט אַיין גְרֶעסֶערֶע פַאר גֶעסְט מֶען אָהן דִיא קְלֶענֶערֶע.

זִיא הָאט אוֹיךְ פַארְגֶעסֶען אַז זַיין אוֹיף דֶער טוֹיטֶער גַאס דִיא גַאנְצֶע נַאכְט אִיז זֶעהר אַ גְרוֹיסֶע סַכָּנָה, זִיא הָאט זִיךְ מִיט גְרוֹיס שְׁרֶעקֶענִישׁ נָאר דֶערְמָאנְט דֶערְמָאל וֶוען שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ צְוֵייא שָׁעָה הָאט זִיא דֶערְהֶערְט אַלֶערְלֵייא קוֹלוֹת פוּן דֶער „ראבע מורליטשקע", וואוּ מֶען אִיז דָארְט גֶעזֶעסֶען אוּנ גֶעטְרוּנְקֶען, אֵיינִיגֶע הָאבֶּען גֶעזוּנְגֶען, גֶעשְׁרִיעֶן, זִיךְ גֶעקְרִיגְט אוּנ גֶעפַּאטְשְׁט, אוּנ דָא נָאךְ הָאטְשׁ דֶער רֶעגֶען הָאט שׁוֹין אוֹיפְגֶעהֶערְט, נָאר דִיא נַאסֶע בַּאנַאכְטִיגֶע קֶעלְט הָאט זִיא דוּרְכְגֶענוּמֶען, מִיט גְרוֹיס שְׁרֶעק הָאט זִיא גֶעוָואלְט גֶעהן צוּרִיק אַ הֵיים, נָאר זִיא הָאט מוֹרָא גֶעהַאט, עֶס הָאט זִיךְ אִיהר אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז דָארְט גֶעהט מֶען אוֹיךְ.

עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיא מִיט דֶעם אֵייגֶענֶעם וֶועג וָואס זִי אִיז גֶעקוּמֶען גֶעוָואלְט גֶעהֶען אַ הֵיים, בַּייס עֶרְשְׁטֶען טְרִיט הָאט זִיא גֶעפִיהלְט וִויא אִיהרֶע פִיס זֶענִין אִיהר וִויא פַארְגְלִיוֶוערְט, אַז זִיא קֶען נִיט גֶעהן אוּנ זִיא הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְלַאפֶּען בַּייא ר' זלמענען אִין פֶענְסְטֶער...

– וֶוער אִיז דָארְט? הָאט גֶעפְרֶעגְט ר' זלמינע וָואס אִיז שׁוֹין גֶעוואוֹינְט צוּא אַזוֹינֶע זַאכֶען, וַוייל דָאס רוֹב פְלֶעגְט מֶען אִיהם וֶועקֶען וֶוען אִין שְׁטָאט אִיז עֶמִיצֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען בַּייא נַאכְט.

– אִיךְ, ר' שמואל בער'ס טָאכְטֶער.

דִיא מִינוּט אִיז גֶעוָוארֶען לִיכְטִיג אִין פֶענְסְטֶער, עֶר הָאט גֶעעֶפֶענְט דִיא טְהִיר אוּנ זִיא אַרֵיינְגֶעלָאזְט.

– וָואס הָאט זִיךְ בַּייא אַייךְ אַזוֹינְס חו"ש גֶעטְרָאפֶען אַז דוּא

לאה'ניא הָאסְט גֶעֶקְעֶנְט קוּמֶען צוּא מִיר אַזוֹיא שְׁפֶּעט? האט ר' זלמינע גֶעפְרֶעגְט אוּנ זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען.

– לָאזְט מִיךְ אַ בִּיסֶעל אָפְּרוּהֶען, ר' זלמינע, אִיךְ בִּין זֶעהר מִיעד.

מִיט דֶעם לִיכְט אִין דֶער הַאנְד הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶעהויבֶּען מֶעהר צוּקוּקֶען צוּא אִיהר אוּנ הָאט זִיךְ זֶעהר דֶערְשְׁרָאקֶען פַאר אִיהר בְּלֵייךְ פָּנִים.

– זֶעץ זִיךְ אַ נִידֶער אוֹיף מַיין בֶּעט לאה'ניא אוּנ רוּה זִיךְ אָב, אוֹיף דִיא צְוֵייא בֶּעקְלִיךְ הָאט מַיין רחה'לע אַ נִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא רָאשְׁטְשִׁינֶע נֶעבֶּען דֶער הַרוּבֶּע; זָאג מִיר נָאר מַיין לֶעבֶּען וָואס אִיז בַּייא אַייךְ הו"ש אַזוֹינְס גֶעשֶׁעהן.

– גָאר נִיט ר' זלמינע, זַייט רוּהִיג, בַּייא אוּנְז אִיז גָאר נִיט גִישֶׁעהֶען, אַלֶע זֶענִין ב"ה גֶעזוּנְד, אִיךְ אַלֵיין דַארְף צוּא אַייךְ הָאבֶּען... נָאר אִיךְ קֶען מֶעהר נִיט רֶעדֶען... לָאזְט מִיךְ אָפְּרוּהֶען...

קוּקֶענְדִיג אוֹיף אִיהר בְּלֵייךְ פָּנִים, הָאט עֶר זִיא שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעפְרֶעגְט, עֶר הָאט נָאךְ אַ יִסְגֶעגְלֵייכְט זַיין קִישֶׁען אוּנ אִיהר גֶעהֵייסֶען צוּשְׁפַּארֶען, זִיא זָאל זִיךְ אָפְּרוּהֶען, אַלֵיין אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין קִיךְ אַרַיין וואוּ זַיין אֵיינִיקֶעל שיינדיל הָאט גֶעשְׁלָאפֶען.

שיינדיל הָאט וִויא יֶעדֶער יוּנְגֶער מֶענְשׁ, שְׁטֶענְדִיג גֶעשְׁלָאפֶען שְׁטַארְק אוּנ גֶעשְׁמַאק וּבִפְרַט נָאךְ אַ גַאנְצֶען טָאג הָרֶעוַואנְיֶע, מֶען הָאט אַפִילוּ גֶעמֶעגְט קְלַאפֶּען הָאט זִיא נִיט גֶעהֶערְט, נָאר וִויא בַּאלְד זִיא הָאט דֶער הֶערְט דֶעם זֵיידֶענְס שְׁטִיל׳ע טְרִיט אִין קִיךְ, פְלֶעגְט זִיא זִיךְ עֶפֶּעס וִויא אִינְסְטִינְקְטִיוְונֶע דִי מִינוּט אוֹיפְהַאפֶּען אַפִילוּ פוּן דֶעם שְׁטַארְקְסְטֶען שְׁלָאף.

– זֵיידֶע... אָ... זֵיידֶעניאָ! מִיר דַאכְט זִיךְ אַז מֶען דַארְף שׁוֹין אוֹיף שְׁטֵיין צוּא דֶער רָאסְטְשִׁינֶע, הָאט זִיךְ אוֹיף גֶעהַאפְּט אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רַייבֶּען דִיא אוֹיגֶען.

– וִויא דוּא ווִילְסְט, מַיין קִינְד, אִיךְ בִּין נָאר גֶעגַאנְגֶען נָאךְ אַ בִּיסִיל וַואסֶער, אַז דוּא בִּיזְט מִיעד מֶעגְסְט דוּא נָאךְ שְׁלָאפֶען.

ר' זלמינע הָאט זִיךְ אָפְּגֶעוַואשֶׁען דָאס פָּנִים, אִיז צוּרִיק אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין שְׁטוּב, הָאט גֶעזוּנְגֶען שְׁטִיל מִיט זַיין טְרוֹיעֶרִיגֶען נִיגוּן דִיא פְּרִיה מָארְגֶענְדִיגֶע בְּרָכוֹת. אַרָאב גֶענוּמֶען פוּן זַיין פָּאלִיצֶע סְפָרִים אַיין סֵפֶר אוּנ אוֹיף אַיין שְׁטִילֶען נִיגוּן זִיךְ גֶעזֶעצְט לֶערְנֶען.

הָאטְשׁ דֶער זֵיידֶע הָאט אִיהר גֶעזָאגְט אַז זִיא מֶעג נָאךְ שְׁלָאפֶען נָאר שיינדעלע הָאט זִיךְ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען בַּאטְרַאכְט אַז עֶס אִיז צַייט זִיא זָאל טַאקֶע שׁוֹין בַּאלְד אוֹיף שְׁטֵיין, וָוארוּם וֶוען זִיא הַאפְּט זִיךְ אוֹיף אוּנ פְרֶעגְט אִיהם, זָאגְט עֶר שְׁטֶענְדִיג אַז זִיא מֶעג נָאךְ שְׁלָאפֶען. זִיא הָאט אִיהם אַיין מָאל גֶעפָאלְגְט אוּנ אִיז אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען, אִיז זִיא טַאקֶע

אויף געשטאנען אזוי שפעט אז זי האט זיך קיין אפארעט דעם טאג, און דער זיידע האט פארטאג אפילו קיין גלעזער אקרופ ניט געטרונקען.

— א נאַרישקייט חלעבען, וואס איך פרעג נאר דעם זיידען צוא זאל איך אויף שטעהען, איך פאלג איהם דען?... נאר ווען איך חאפ זיך אויף, פארגעס איך זיך און פרעג איהם... האט זיא צוא זיך געזאגט, ווען זיא האט זיך מיט דיא בארוועסע פיס געשטעלט אויף דער ערד, אנגעטאן דאס קליידעל צונויפגענעהמענדיג איהרע לאנגע שוואַרצע האר, און פארבינדען מיט א בענדעל.

מיט שטילע טריט האט זיא זיך געלאזט אריינגעהן אין שטוב אנזינדען ביים זיידענס לעמפעל איהר קיניץ, זיא זאל קענען דער וויל אונטערהייצען דעם פריפעטשיק, אויפזידען דעם זיידען א ביסעל אקרופ, נאר וויא האט זיא זיך א חאפ געטאן צוריק ווען זיא האט דער זעהן לאה'ניא ר' שמואל בערס ביים זיידען אין שטוב אין אזא צייט! לאה'ניא איז ביי זייא קיין מאל ניט געוועזען אין שטוב, און איצטער...

שיינדעלע האט זיך באלד אויפגעהערט צוא וואונדערין:

— מילא, מסתמא דארף זיא האבען צום זיידען, האט זיא זיך באטראכט, אך וויא גוט, מארגען וועל איך דערציילען גרונע דעם בלינדענס, שפרינצע דעם געשוואלענעמס וויא לאה'ניא ר' שמואל בערס איז געוועזען ביי אונז אין אזא שיין קלייד, אז איך האב אליין געהאלטען דיא שלארעס, און אזוינע טהייערע שטיוועלאך מיט אבזאצען, וואס קאסטען אפשר אזוי פיעל געלד וויפיעל דעם וואסער פיהרערס טאכטערס חתונה אין גאנצען.

און שיינדעלע האט אזוי געוואלט אריינגעהען אין שטוב און נוט אנקוקען לאה'ניא וויא אזוי זיא געהט אנגעטאהן און פארקעמט, נאר זיא האט זיך גישעמט, ווייל זיא געהט אנגעטאהן אין אזא מיאוס קליידעל וואס ביי זייא דיא קעבען געהט אפשר אין איין שענערעס, זיא געהט בארוועס, ניט פארקעמט, וויא איין ארעם מיידעל, לאה'ניא וועט לאכען פון איהר.

אין דער פינסטער האט זיך שיינדעלע צוריק אנידער געזעצט אויף איהר געלעגער מיט ביידע הענד אנגענומען אשטיקעל קליידעל און אין דער פינסטער צוא זאמען געלעגט קליינע פאלבען און זיך פארטראכט.

— נאך פסח ווען עס ווערט טרוקען, ווארעם און שיין אין דרויסען און ביי אונז אויף דער טויטער גאס טריקענט זיך שוין אויך אוים גייא איך אין שטאדט אביסעל קוקען וויא בעלי בתישע מיידלעך געהען אזוי שיין אנגעטאהן, ניט צוריסען; איין מאל האב איך לאה'ניא ר' שמואל בערס איך געזעהען אנגעטאהן, אזוי שיין און אזוי טהייער פארקעמט,

אײדער איך האָב זיא אָהן געקוקט איז זיא שוין געװעזען װײט נאָכלױפען איז ניט שײן.

אונ זיא האָט זיך דער מאָנט װען זיא איז געקומען אַהײם, האָט זיא גרונע דעם בלינדעס געפרעגט װעמען האָט זיא גיזעהען אין שטאָדט אונ זיא האָט איהר דער צײלט אַז זיא האָט אַפילו באַגעגענט ר׳ שמואל בערס מײדעל, װאָס טראָגט אַזאַ טהײער קלײד װאָס עס איז אפשר װערטה צעהען רובל.

פלוצים האָט דער זײדע אויף געהערט צוא לערנען אונ זיא האָט זיך דער מאָנט אַז איצט װאָלט מען באַדאַרפט דעם זײדען דער לאַנגען אײן גלעזעל װאַרעמס, זיא האָט אַרויף געטאָהן דעם זײדען, ער האָט איהר אָנגעצונדען דעם קאַנעץ אונ שײנדעלע האָט אונטער געהײצט דעם פריפעטשיק, אונטער געשטעלט אײן קריגעל װאַסער אונ אין פיעל מחשבות האָט זיא מיט פאַרגניגען געקוקט װיא דאָס קלײנע פײערל האָט אַזוי שײן גיברענט.

לאה װאָס איז אַלץ געזעסען אויף דעם בעט האָט זיך געפיהלט אַ סך גרינגער.

– ר׳ זלמן! האָט זיא זיך אָנגערופען, װען זיא האָט געזעהן אַז ער גלײכט אויס דיא ברילען אונ װיל װײטער אָנהױבען צו לערנען.

ר׳ זלמינע װאָס איז שוין לאַנג געװעזען זעהר אינטערעסירט צוא װיסען װאָס איז געקומען צו איהם ר׳ שמואל בערס טאָכטער אַזוי דער שראָקען, האָט זיך מיט דעם גאַנצען קערפער אומגעקעהרט צו איהר.

איהר זײנט דער אײנציגער יוד, דער אײנציגער מענש פאַר װעלכען איך האָב מיך ענטשלאָססען צו דערצעהלען מײן גרויס אומגליק; איהר זײנט דער אײנציגער יוד װעלכער װעט מיך אויס הערען װיא אײן אומגליקליכע, איהר װעט מיך ניט אַװעק טרײבען פון זיך, איהר װעט מיר אײן עצה געבען װאָס איך זאָל טהאָן, אויף אײך איז מײן אײנציגע האָפענונג איך זאָל מעהר קײן שלעכטס ניט טאָהן, איך זאָל קײן אומשולדיג באַשעפעניש אומזיסט ניט אומברענגען פון דער װעלט.

– װאָס? פון װאָס רעדסט דו? איך פאַרשטײא ניט, האָט זיך ר׳ זלמינע אויפגעהאָפט װיא דער שראָקען – רעד מײן קינד שאַרפער איך זאָל פאַר שטײן, אַלערלײא אומגליקען טרעפען זיך מיט דעם מענשען אויף דער װעלט אונ גאָטט פיהרט אויס.

– איך בין אין נײנטען הודש, ר׳ זלמען!... האָט זיא פלוצים געזאָגט אונ כמעט אַלײן ניט געהערט װאָס פאַר שרעקליכע װערטער זיא האָט איצט אַרויס געלאָזט פון מויל.

ר׳ זלמינע אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין וִויא פַארְשְׁטֵיינְט.

אוּיגֶענְבְּלִיקְלִיךְ הָאט עֶר אַרָאבְּגֶעלָאזְט דֶעם קָאפּ אִיבֶּערִין הַארְץ, דִיא הֶענְד אִיבֶּער דִיא קְנִיא אוּנ אָהן וֶוערְטֶער אַ זִיפְץ גֶעטְהוּן: אִין אַלֶערְלֵייא מֶענְשֶׁענְס אוּמְגְלִיקֶען הָאבּ אִיךְ זִיךְ אַרֵיין גֶעמִישְׁט נָאר... נָאר וָואס קֶען אִיךְ דָא טָאהן? וָואס אִיז זִיא גֶעקוּמֶען צוּא מִיר? הָאט עֶר זִיךְ גֶעטְרַאכְט.

– וָואס זָאל אִיךְ טָאהן ר׳ זלמן? צוּ אַייךְ בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען נָאךְ אַיין עֵצָה אוּנ... אוּנ אִיהר שְׁוַוייגְט, אִיהר עֶנְטְפֶערְט מִיר נִיט!

– וָואס הָאבּ אִיךְ דָא צוּ רֶעדֶען מַיין קִינְד, עֶס אִיז הַיינְט זֶעהר אַיין בִּיטֶערֶע וֶועלְט, אַז מֶען הֶערְט נָאר צְווִישֶׁען יוּדֶען אַזוֹינֶע זַאכֶען! גָאטט זָאל הָאטְשׁ נִיט רֶעבֶּענֶען דִיא זִינְד אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל, גָאטט זָאל דִיר מוֹחֵל זַיין, אוּנ דוּא זָאלְסְט זִיךְ שׁוֹין פוּן הַיינְט אָן נֶעמֶען אִין גוּטֶען וֶועג, ווייטֶער וָואס קֶען אִיךְ דִיר מֶעהר זָאגֶען?

– ר׳ זלמען, אִיהר הָאט דֶען גֶעהֶערְט וֶועגֶען מִיר אִיךְ זָאל מִיךְ שְׁלֶעכְט אוֹיף פִיהרֶען וָואס אִיהר הַאלְט מִיךְ פַאר אַזַא זִינְדִיגֶע?

– אִיךְ זָאג דִיר דֶעם אֱמֶת – גֵיין מַיין קִינְד, עֶס הָאט מִיר גָאר נִיט גֶעקָאנְט אוֹיפֶען קוּמֶען אוֹיף קָאפּ אוֹיף דִיר אַזַא זַאךְ.

– אִיךְ אוּמְגְלִיקְלִיכֶע הָאבּ אוֹיךְ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט עֶס זָאל מִיט מִיר אַמָאל אַזוֹינְס פָארְקוּמֶען, נִיט אִיצְטֶער וֶועל אִיךְ אַייךְ דֶערְצֵיילֶען וֶוער אוּנ וִויא אַזוֹי אִיךְ בִּין אוּמְגְלִיקְלִיךְ גִיוָוארֶען, אִיךְ בִּין נָאר גֶעקוּמְמֶען צוּא אַייךְ בֶּעטֶען אַיין עֵצָה וָואס אִיךְ זָאל טָאהן, צוּא מֶעג אִיךְ אוּמְבְּרֵיינְגֶען דָאס קִינְד? אִיהר זַיינְט אַיין עֶרְלִיכֶער יוּד׳, וִויא אִיהר וֶועט זָאגֶען אַזוֹי וֶועל אִיךְ טָאהן, ר׳ זלמען אִיךְ וִויל נָאךְ לֶעבֶּען ווייטֶער עֶהְרְלִיךְ וִויא אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער דַארְף לֶעבֶּען, אִיךְ וִויל נִיט מַיינֶע עֶלְטֶערִין, נִיט קֵיינֶער זָאלֶען דֶער פוּן וִויסֶען, נָאר וָואס רֶעד אִיךְ, ר׳ זלמן? מַיינֶע עֶלְטֶערֶען וֶועלֶען סַייא וִויא סַייא נִיט וִויסֶען, אִיךְ וֶועל זִיךְ צוּא זֵייא שׁוֹין מֶעהר נִיט אוּמְקֶעהרֶען, אִיךְ בִּין אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער נַאכְט פוּן דֶער הֵיים, אִיךְ דַארְף הַיינְט מָארְגֶען הָאבֶּען דָאס קִינְד, אִיךְ וִויל עֶרְגֶין אַנְדֶערְשׁ לֶעבֶּען עֶהְרְלִיךְ, נָאר וָואס זָאל אִיךְ טָאהן מִיט דֶעם קִינְד? אוּמְבְּרֵיינְגֶען עֶס?

– גָאט זָאל דִיךְ אָבְּהִיטֶען דֶערְהַארְגֶענֶען אַיין מֶענְשֶׁען אוּנ מִיר נָאךְ דֶער צֶעהלֶען, אוֹי! קֵיינֶער הָאט מִיר נָאךְ נִיט גֶעפְרֶעגְט אַזוֹינֶע זַאכֶען!

לאה הָאט אִיהם אָנְגֶעהַאפְּט בַּייא זַיינֶע אַלְטֶע דַארֶע הֶענְד.

– אַ גוּטֶע נַאכְט אַייךְ, ר׳ זלמן, אִיךְ בֶּעט אַייךְ אִיבֶּער וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ גִישֶׁעקֶערְט דִיא נַאכְט, אִיךְ וֵוייס שׁוֹין וָואס צוּ טָאהן, אִיהר הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז מֶען טָאר נִיט אוּמְבְּרֵיינְגֶען דָאס קִינְד, מֶעהר דַארְף

אִיךְ נִיט, אִיךְ בֶּעט אַייךְ נָאר קֵיינֶעם נִיט דֶער מָאנֶען אַז אִיךְ בִּין גִיוֶועזֶען בַּייא אַייךְ, אוּנ לאה הָאט גֶעוָואלְט אַוֶועק גֶעהְן.

ר׳ זלמינען הָאבֶּען זִיךְ גִישְׁטֶעלְט טְרֶעהְרֶען אִין דִיא אוֹיגֶען, זַיין שְׁטֶענְדִיג גוּט הַארְץ הָאט אִיהם נִיט גֶעלָאזְט רוּהֶען עֶר זָאל דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע אַזוֹיא אַוֶועק לָאזֶען – וָואס קֶען זִיא טָאהן אִיצְטֶער דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, גָאטט וֵוייסְט, נֵיין אִיךְ וֶועל זִיא נִיט אָבְּלָאזֶען, אִיךְ מוּז אִיהר הֶעלְפֶען הָאטְשׁ מִיט עֶפֶּעס.

– לאה, בְּלַייבּ בַּייא מִיר דֶערְוַוייל, הָאט עֶר זִיא צוּ גֶעהַאלְטֶען, אִיךְ וֶועל גֶעהְן צוּ דַיינֶע עֶלְטֶערְין אִיךְ וֶועל זֵייא דֶער צֵיילֶען, זֵיי וֶועלֶען מִיךְ פָאלְגֶען, זֵייא וֶועלֶען אוֹיךְ פַאר שְׁטֵיין.

– אָ נֵיין ר׳ זלמן, מַאכְט מִיךְ נִיט נָאךְ מֶעהר אוּמְגְלִיקְלִיךְ, אַלֶעס אַלֶעס וֶועלֶען אַייךְ פָאלְגֶען מַיינֶע עֶלְטֶערְין, אַלע ר–עֶר יוּדֶען, נָאר נִיט אוֹיף אַזַא זַאךְ, אִיךְ קֶען מַיינֶע עֶלְטֶערֶען בֶּעסֶער פוּן אַייךְ.

– נָאר פָאלְג מִיךְ, יוּדֶען זַיינֶען זֵייא זִיךְ, מֶענְשֶׁען זַיינֶען זֵייא דָאךְ אוֹיךְ, אִיךְ וֶועל פָארְט מִיט זֵייא אִיבֶּער רֵיידֶען, דוּא בִּיזְט דָאךְ פָארְט זֵייעֶר קִינְד, דוּ זַייא דֶער וַוייל בַּייא מִיר, זֵייא וֶועלֶען נִיט וִויסֶען אַז דוּא בִּיזְט בַּייא מִיר.

– ר׳ זלמן אִיהר גֶעפִינְט שְׁטֶענְדִיג דֶעם בֶּעכְטֶען אוֹיסְגַאנְג פַאר יֶעדֶען אוּמְגְלִיקְלִיכֶען, אִיךְ הָאבּ אַ יין נִיט עֶרְוַוארְטֶעט אִיהר זָאלְט אַזוֹי גוּט רַאטְהֶען, אִיךְ וֶועל גְלִיקְלִיךְ זַיין אִיךְ זָאל בַּייא זֵייא בְּלַייבֶּען זֵייעֶר קִינְד, אוֹיף וַוייטֶער אוֹיף שְׁטֶענְדִיג, נָאר . . . נָאר ר׳ זלמן וִויא אַזוֹי וֶועט אִיהר רֶעדֶען מִיט זֵייא? אִיךְ וִויל אַייךְ גָאר נִיט פְרֶעגֶען, טְהוּט וִויא אִיהר פַאר שְׁטֵייט, נָאר לָאזֶען זֵייא נִיט וִויסֶען וואו אִיךְ בִּין, וָוארוּם זֵייא וֶועלֶען מִיךְ מֶעהר נִיט קֶענֶען . . .

– קֵיינֶער וֶועט נִיט וִויסֶען, זָאג אִיךְ דִיר זַייא בַּייא מִיר רוּהִיג בִּיז גָאטט וֶועט הֶעלְפֶען.

– אִיךְ רֶעד מֶעהר נִיט, אִיךְ וֶועל אַייךְ אַלֶעס פָאלְגֶען וִויא אִיהר וֶועט הֵייסֶען, אִיךְ לוֹיבּ נָאר גָאטט וָואס עֶר הָאט מִיךְ נִיט פַארְלָאזְט אוּנ מִיר אַרַיינְגֶעשִׁיקְט דֶעם גֶעדַאנְקֶען אִיךְ זָאל צוּא אַייךְ גֶעהְן.

זֵייא הָאבֶּען בֵּיידֶע אוֹיפְגִיהֶערְט צוּ רֵיידֶען, ר׳ זלמינע הָאט אָן גֶעהוֹיבֶּען אַרַיינְקוּקֶען אִין סֵפֶר, זִי הָאט פוּן אִים דִי אוֹיגִין נִיט אַרָאבּ גֶענוּמֶען אוּנ גֶעזֶעהֶען „וִויא אִיהְרֶע אַלֶע צָרוֹת זַיינֶען אִיצְטֶער אוֹיף ר׳ זלמינעס פָּנִים״ . . .

אִין דֶער מִינוּט אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען שְׁטִיל אָהן וֶוערְטֶער שׁיינדיל מִיט זֵייעֶר אַ פַאר שֶׁעמְט פָּנִים, זִיא הָאט אַנִידֶער גִישְׁטֶעלְט נֶעבֶּען דֶעם זֵיידֶען אַיין גְלֶעזֶעל טְהֵיי.

– דוּא בִּיזְט דָא, שׁיינדעלע, הָאט עֶר זִיךְ אוֹיף גֶעהַאפְּט אוּנ

זִיא אַ קוּשׁ גֶעטָאהן אִין קָאפּ, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז דוּא שְׁלָאפְסְט נָאךְ.

– אִיךְ בִּין זִיךְ שׁוֹין לַאנְג אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, דוּא הָאסְט דָאךְ מִיר אַלֵיין אָנְגֶעצוּנְדֶען דֶעם קָאנֶעץ.

– אַ... אַ אִיךְ הָאבּ גָאר פַאר גֶעסֶען... עֶס וֶועט נָאךְ זַיין אַיין גְלֶעזֶעל טְהֵייא, גִיבּ לאה'ן, אַז גִיט זִיד אוֹיף דָאס קְרִינְגֶעל נָאךְ אַמָאל... דָאס מֵיידֶעל אִיז ר' שמואל בערס טָאכְטֶער...

– אִיךְ קֶען זֵייא, זֵיידֶע, אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעזֶעהֶען אִין גַאס.

– דָאס אִיז אַייעֶר אֵיינִיקֶעל וָואס אִיהר פְלֶעגְט דִיא מַאמֶען דֶער צֵיילֶען וֶועגֶען אִיהר? הָאט לאה גֶעפְרֶעגְט.

– יָא, זִיא אִיז בַּייא מִיר דִיא גַאנְצֶע בַּעַל בַּיִת'טֶע, אוּנ וֶוען זִיא פַאר שְׁפִּילְט זִיךְ מִיט אִיהְרֶע חַבְרֶתֶ'ס – עֶס אִיךְ קֵיין אָנְבַּייסֶען נִיט.

– גֵיין זֵיידִיגְיָא נָאךְ וָואס זָאלְסְט דוּ אַזוֹינְס זָאגֶען, דֶער אָנְבַּייסֶען וַואְרט שְׁטֶעגְדִיג אוֹיף דִיר אוּנ דוּ קוּמְסְט עֶרְשְׁט אוֹיף דֶער נַאכְט.

– נָא נָא דוּ בִּיזְט בַּייא מִיר אַטַהייעֶרֶע בַּעַל בַּיִתְטֶע, נָאר הַיינְט זָאלְסְט דוּא קָאבֶען אָנְבַּייסֶען, הָאטְ'ש אִיךְ וֶועְ' נִיט זַיין בַּיים אָנְבַּייסֶען לאה וֶועט הַיינְט בַּייא אוּנְז עֶסֶען.

שְׁטַארְק פַאר וואוּנְדֶערְט, אִיז שׁיינדעלע אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען בְּרֵיינְגֶען נָאךְ אַיין גְלֶעזֶעל טְהֵייא.

---

4.

## „רַאבֶּע מוּרְלִיקֶע".

מיהאילקע וָואס הָאט זִיךְ בַּאגֶעגֶענְט מִיט ר' זלמינען וֶוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען פוּן בֵית הַמִדְרָשׁ, אִיז בַּאלְד וִויא עֶר הָאט זִיךְ נָאר צוּ שֵׁיידְט מִיט ר' זלמינען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער „ראבער מורליט'נִ'ק'ע".

וִויא עֶר הָאט נָאר אִיבֶּער גֶעטְרֶעטֶען דִיא שְׁוֶועל הָאט עֶר זִיךְ פַאר טְשֶׁעפֶּעט אִין אהרקע סיבירניק וֶועלְבֶער הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אַרוֹיסְגֶעהן פוּן דֶער טִהיר, פַאר שְׁטֵייט זִיךְ אוֹיךְ נִיט אוֹיף אַזוֹינֶע שְׁטַארְקֶע פִּיס...

אָהן וֶוערְטֶער הָאט אִיהם מיהאילקע אַרוּם גֶעהַאפְּט קוּשֶׁען.

– נָא בְּרוּדֶער אַז מִיר הָאבֶּען זִיךְ יָא בַּאגֶעגֶענְט לָאמִיר זִיךְ נָאךְ אַמָאל צוּ קוּשֶׁען. לָאמִיר אַבִּיסֶעל הוּלֶען, לָאמִיר וִויסֶען אוֹיף אַ וָואסֶער גָאטְס וֶועלְט מִיר גֵייעֶן אַרוּם. אוּנ זֵייא הָאבֶּען צוּ זַאמֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען טַאנְצֶען אִין מִיטֶען שֵׁיינְק.

ראהלע דִיא שֵׁיינְקֶערִין, אָדֶער וִויא דִיא שִׁכּוֹרִים פְלֶעגֶען זִיא

רופֶען „מורליקע״ הָאט זיךְ שְׁטֶענְדִיג אוּנְטֶער דֶער סְטוֹיֶקע צוּ לַאכְט אוֹיף איהר גְרָאבּ הֵייזֶערִיג קוֹל:

– אָ מַיין שִׂמְחָה צְוֵוישֶׁען זַייא, בְּוַדַאי אַגַאנְצֶע שָׁעָה זִיךְ נִיט גִיזֶעהן, וִויא לַאנְג הָאט אִיהר גֶעטְרוּנְקֶען צוּא זַאמֶּען?

– הֶעי! „מורליטשקע״ „מורליקע״ „מורלא!״ אוּנ דַיין גֶעשֶׁעפְט וָואס אִיז? אִיז צוּא גֶעלָאפֶען צוּ אִיהר מיהאילקע, זִיךְ גִישְׁטֶעלְט אַנְטְקֶעגֶען אִיהר מִיט דִיא הֶענְד אוּנְטֶער דֶער זַייט וִויא אֵיינֶער וָואס וִויל וַוייזֶען אַז עֶר אִיז אַיין תַּקִיף.

אהרקע הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פָּאדְכָאקוּם:

– דוּא וַוייסְט מִיט וֶועמֶען דוּא רֶעדְסְט? אִיז מיהאילקע נִיט אָבְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶער שְׁיינְקֶערִין אוּנ זִיךְ שְׁטַארְק גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף בֵּיידֶע פִּיס – שְׁטָאלְץ! – מִיט אַ וָואיֶענֶעם וָואס עֶר הָאט גֶעדִיענְט אִין דֶער 1854 בַּאטֶערְיֶע אִין פִינְפְטֶען יָאהר אִין צֶעהֶען טוֹיזֶענְטֶען פָּאלְק וָואס הָאט אָבְגֶענוּמֶען סֶעוָואסְטָאפָּאלֶער קְרֶעפָּאסְט מִיט אַלֶע בַּאטֶערְיֶעס אוּנ הָאט אִין דֶעם דִינְסְט בַּאקוּמֶען זִיבֶּען הוּנְדֶערְט צְוֵוייא אוּנ צְוַואנְצִיג רָאזְגֶעס מִיט נַיין אוּנ צְוַואנְצִיג סִינְיַאקֶעס חוּץ צְוֵוייא הוּנְדֶערְט דְרַייצֶעהן פָּאדֶעשְׁוֶועס וָואס אִיךְ הָאבּ צוּגֶעגַאנְבֶעט פוּן קַאזָאנְנֶע לֶעדֶער.

– אוּנ דוּא וַוייסְט מִיט וֶועמֶען דוּא רֶעדְסְט? הָאט זִיךְ אהרקע אוֹיךְ שְׁטָאלְץ אָנְגֶערוּפֶען – מִיט אַ פָּאדְרַיאטְשִׁיק פוּן אַלְלֶע קֶעשֶׁענֶעס אוּנ אוּנ קוּרְלַאפְּנִיקֶעס פוּן וַוייטֶע לֶענְדֶער, פּוּנְקְט צוּם סְרָאק אַלְלֶע פַאר פֶּסַח צוּ גֶעשְׁטֶעלְט גֶענְז, אִינְדִיטְשֶׁקֶעס שְׁמַאלְץ, אֵייעֶר אוּנ אֲפִילוּ אַיינְגֶעמַאכְטְס; 1854 צֶעהֶען אוּיס גִיזֶעצְט אִין מַיין לֶעבֶּען, צֶעהֶען טוֹיזֶענְט מָארְדֶעס אוֹיסְגֶעפַּאטְשְׁט אוּנ זִיבֶּענְהוּנְדֶערְט צְוֵוייא אוּנ צְוַואנְצִיג שְׁטֶעקֶענְס, דְרִיקֶעס מִיט קוּלַאקֶעס הָאבּ אִיךְ בַּאקוּמֶען.

ראחלי אִיז זִיךְ גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְטֶער דֶער סְטָאיֶקֶע גַאנְץ רוּהִיג, אָן גֶעגָאסֶען בְּרַאנְפֶּען וֶוער עֶס הָאט זִיךְ גֶעהֵייסֶען גֶעבֶּען, צוּא שְׁטֶעלְט דִיא גְלֶעזְלֶעךְ מִיט דִיא פְלֶעשְׁלֶעךְ אוֹיף דֶער סְטָאיֶקֶע, מִיט אֵיין וָוארְט זִיא הָאט זִיךְ פַארְנוּמֶען מִיט אִיהר זַאךְ וִויא גְלַייךְ מיהאילקע מִיט אהרקען רֵיידֶען גָאר נִיט צוּ אִיהר אוּנ מֵיינֶען זִיא גָאר נִיט.

– דוּ „מורלא״, הָאט מיהאילקע אַלֵיין נִיט אוֹיף נִיהֶערְט צוּא רֵיידֶען, אַז מיהאילקע וֶועט דִיר נָאר הֵייסֶען אָנְגִיסֶען, דַארְפְסְט דוּא שׁוֹין אָנְגִיסֶען פָּא זַאקָנוּ, וָוארוּם מִיט מִיר זָאלְסְט דוּא זִיךְ נִיט שְׁפִּיעלֶען אִיךְ בִּין אַיין וָואיֶענֶער מֶענְשׁ, אוּנ גֶעלְד? אָט הָאסְט דוּא גֶעלְד!

אוּנ מִיט גְרוֹיס גַדְלוּת הָאט עֶר אַרוֹיס גֶענוּמֶען אַ פַּאר שְׁמָאלְצֶעוָועטֶע צוּרִיסֶענֶע בַּייטֶעלֶע ווּאוּ עֶס הָאט גֶעקְלוּנְגֶען אַוַוייסֶע זִילְבֶּערְנֶע גְרִיוִוינֶקֶע מִיט אַיין קוּפֶּערְנֶעם צֶעהנֶער.

– און אז איך אהרקע סיבירניק וועט שאפען, זאל דיא מינוט געבוירען ווערען איין פלעשעל פון פינף גלעזלעך, אויף-קיין געלד זאלסט דוא ניט פרעגען ראהלי, א פאדראטשיק האט ניט קיין געלד, זארג זיך ניט, אהרקע גייט אנגעטאן אפאר שטיוועל פון ענגלאנד.

און וויא ער האט גירעדט האט ער פון זיינע בלאטיגע גראבע פיס אראב געשלעפט כמעט א פאר נאייע שטיוועל מיט קליינע האלעוועס פון גוטען דינעם לעדער.

– וואו האסט דוא זייא געפאקט? האט זיך שוין מיהאילקע אומגיקעהרט גלייך צוא אהרקען – אי אהרקע באלד האפסט דוא אין דער מארדע! און מיהאילקע ווייסט גאר ניט, טאמער וועט מען פרעגען מיהאילקען וועט ער אפילו ניט וויסען וואס צוא ענטפערען. –

נאר אהרקע האט אפילו ניט גיהערט וואס מיהאילקע האט צו איהם גערעדט, ער איז זיך אלין געשטאנען מיט דעם פנים צו דער שיינקערין און גערעדט צו דיא פיער ווענד; פלוצים האט ער אוועק געווארפען דיא שטיוועל אין א ווינקעל צו דער סטאיקע און מיט א וויינענדיג קול זיך צו שריען קוקענדיג אין דעם ווינקעל וואו די שטיוועל זיינען גיפלויגען.

– איך דארף ניט קיין שטיוועל, איך דארף ניט, מיין טאטע איז ניט געגאנגען אין קיין שטיוועל און איך אויך ניט.

וויא מיהאילקע האט דאס דערזעהען האט ער אויגענבליקליך אויך פון זיך אראב געווארפען דיא שטיוועל, און זייא גלייך געווארפען אין דעם אייגענעם ווינקעל וואו אהרקעס ענגלישע שטיוועל זיינען גילעגען.

– מיין באטקע איז געגאנגען בארוויס דארף איך אויך גיין בארוויס, האט ער אויך געשריגען אויף א וויינענדיג קול.

מיט דיא אייגענע ווערטער האבען זייא באוויינט דיא שטיוועל אגאנצע האלבע שעה, איינער האט איבער געשריען דעם אנדערען און אנגעהויבען בארוועסערהייד צו שפאנען איבער דער נאסער ערד פון שיינק, מיהאילקע האט געשפאנט נאכען טאקט וויא ער האט געקאמאנדעוועט „ראז, דווא, נאפראווא, נאליעווא“ ביז זייא האבען זיך פארטשעפעט אין א טישעל און אליין אומגעפאלען זיצענדיג אויף דער באנק.

אין דער גאנצער שיינק-זיינען נאך געוועזען א דרייא טישלעך, בייא אייניגע זיינען זיך אויך נאך גיזעסען אזוינע אבאדראנצעס וויא מיהאילקע מיט אהרקען. אלע האבען געצויגען א גלעזיל, אייניגע האבען דערבייא געשריען, געזידעלט זיך, געקושט זיך און אייניגע זיינען זיך גיזעסען גאנץ שטיל, אללע מאל אריינגיזעצט צו קעלעשיקלעך און מיט איין טרויעריג בלאס געזיכט געקוקט אויף דעם אומגליקליכען פלעשיל וויא עס ווערט אויך בלאס – אללע מאל ווינציגער און ווינציגער... און פאר

צָרוֹת הָאט יֶעדֶער פוּן דֶער קֶעשֶׁענֶע אָדֶער פוּן דֶער טָארְבֶּע אַרוֹיס גֶענוּמֶען אַ שְׁטִיקֶעל שְׁוַוארְץ טְרוּקֶען בְּרוֹיט אוּנ מִיט טְרֶעהְרֶען אִין דִיא אוֹיגֶען אַלֶע מָאל פַּאר בִּיסֶען, אוּנ אֵיינִיגֶע הָאבֶּען זִיךְ בַּאגְנִיגֶענְט מִיט דִי פִּיצֶעלֶעךְ בְּרוֹיט וָואס ראחלי הָאט צוּגֶעגֶעבֶּען אוּמְזִיסְט צוּא יֶעדֶען קֶעלֶעשִׁיקֶעל בְּרַאנְפֶּען, מִיט אַלֶעם הָאבֶּען זַייא זִיךְ בַּאגְנִיגֶענְט אוּנ צוּפְרִידֶען גֶעוֶועזֶען, נָאר נִיט מִיט דֶעם פְלֶעשִׁיל וֶוען חו"ש דֶער דָנָא הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען, נִיט פַאר אוּנְז גֶעדַאכְט, צוּ טְרִיקֶענֶען...

אָ! ווִיפִיעל קְרֶעכְצֶען, זִיפְצֶען אוּנ טְהרֶערֶען פְּלֶעגְט יֶעדֶען אָבֶּענְד פַארְגָאסֶען וֶוערֶען אִין דֶער „ראבער מורליקע"!...

דֶעם ווְאוּנְדֶערְלִיכֶען נָאמֶען פוּן ראחילס שֶׁענְק, הָאבֶּען אוֹיסְגֶעטְרַאכְט דִיא עֶטְלִיכֶע גוֹיִשֶׁע שִׁכּוֹרִים אָדֶער גְלַייכֶער גֶעזָאגְט - גַנָבִים וָואס הָאבֶּען גֶעוָואהנְט אוֹיף דֶער „טוֹיטער גַאס".

בַּייא אַזוֹינֶע לַייט לִיגְט אִין דֶער נַאטוּר נִיט אָנְצוּרוּפֶען יֶעדֶע זַאךְ מִיט זַיין נַאטִירְלִיכֶען נָאמֶען נָאר „צוּנֶעמֶען" גֶעבֶּען, אַזוֹי אַז פוּן דִיא „צוּנֶעמֶען" הָאט זִיךְ בַּייא זַייא כִּמְעַט אוֹיסְגֶעאַרְבַּייט אַ בַּאזוּנְדֶער זְשַׁארְגָאן שְׁפְּרַאכֶע, אַז וֶוען זַייא רֶעדֶען צְווִישֶׁען זִיךְ אִיז בְּאֵין אוֹפֶן נִיט מֶעגְלִיךְ צוּ פַארְשְׁטֶעהְן. אוֹיסְלֶערְנֶען זִיךְ זֵייעֶר שְׁפְּרַאכֶע אִיז זֶעהר גְרִינְג, מֶען דַארְף זִיךְ נָאר בַּאקֶענֶען מִיט דֶער הִיסְטָארְיֶע פוּן עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער, - ווִיא יֶעדֶע זַאךְ הָאט זִיךְ בֶּעקוּמֶען אִיהר צוּנָאמֶען.

מֶערְקְווִירְדִיג יֶעדֶער „צוּנָאמֶען" וָואס זֵייא גִיבֶּען הָאט אַ זַיין קְוַואל.

אִיךְ זָאג צוּ, וֶוען וַוייטֶער אִין אוּנְזֶער עֶרְצֶעהלוּנְג וֶועט פָּארְקוּמֶען ווִיא זַייא רֶעדֶען מִיט זֵייעֶר גְנְבִישֶׁער שְׁפְּרַאכֶע (יֶעדֶען אִיז בַּאקָאנְט אַז גַנָבִים הָאבֶּען זִיךְ זֵייעֶר בַּאזוּנְדֶער שְׁפְּרַאכֶע, בַּייא יוּדֶען רוּפְט מֶען עֶס אָן פְּרָאסְט: „גְנֵבִישׁ לָשׁוֹן") וֶועל אִיךְ עֶרְקְלֶערֶען דִיא וֶוערְטֶער אוֹיךְ אַזוֹי פִּיעל, ווִיפִיעל אִיךְ אַלֵיין הָאבּ אוֹיסְפְּיֶעט זִיךְ צוּא בַּאקֶענֶען מִיט דֶער שְׁפְּרַאכֶע.

דֶערְוַוייל הַאלְט אִיךְ פַאר אִיבֶּעְרִיג צוּא עֶרְקְלֶערֶען דִיא אַלֶע וֶוערְטֶער וָואס אוּנְז אִינְטֶערֶעסִירֶען נָאךְ נִיט, נָאר וַוייל דִיא שֶׁענְק „ראבע מוּרליקע" וֶועט שְׁפִּיעלֶען נִיט קֵיין קְלֵיינֶע רָאלֶע אִין אוּנְזֶעד עֶרְצֶעהלוּנְג, מוּז אִיךְ הָאטְשׁ אִין קוּרְצֶען דֶערְצֶעהלֶען דִיא גַאנְצֶע הִיסְטָארְיֶע, פוּן וַואנֶען דֶער נָאמֶען אִיז גֶעוָוארֶען:

וֶוען אוּנ אִין וֶועלְכֶען יָאהר רחלים שֶׁענְק אִיז גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער טוֹיטֶער גַאס, שְׁוַוייגְט דִיא הִיסְטָארְיֶע, נָאר דָאס גֶעדֶענְקְט יֶעדֶער אַז וֶוען ר' גאדיל דֶער רוֹיטֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט צוּרִיק מִיט צְוַואנְצִיג יָאהר הַתוּנָה גֶעהַאט מִיט רחלין, אוּנ זִיא הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען בַּאוַוייזֶען אוּנְטֶער דֶער סְטָאיְקֶע, הָאבֶּען אַלֶע טְרִינְקֶערְס גֶעזָאגְט אַז זִיא אִיז אַ שֵׁיין וַוייבֶּעל אוּנ מֶען הָאט בַּאלְד אַנָאמֶען גֶעגֶעבֶּען דֶעם שֶׁענְק „קָאקָאשֶׁקֶע" (אַ פָּנִים אַ

דָאס וָואָרט הֵייסְט בַּייא זֵייא „קְרַאסַאווִיצֶע״), נָאר שְׁפֶּעטֶער מִיט יָאהְרֶען הָאבֶּען אַנְדֶערֶע, טְרִינְקֶערְס בַּאמֶערְקְט אַז רחלי הָאט צוּא אִיהר שֵׁיינְקַייט אוֹיךְ אַ חִסָרוֹן „גְרוֹיסֶע אוֹיגֶען, כִּמְעַט וִויא בַּייא אַ קַאץ״. אַ סַךְ יָאהְרֶען הָאבֶּען זִיךְ דִיא טְרִינְקֶערְס צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעקְרִיגְט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ צוּטְהֵיילְט אוֹיף צְוֵויא פַּארְטִיעֶס: אֵייניגֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז הָאטְשׁ זִיא הָאט גְרוֹיסֶע אוֹיגֶען נָאר זֵייא זֶענֶען לֶעבֶּעדִיג, פַייעֶרְדִיג וִויא בַּייא אַ קַאץ, אוּנ אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז נִיט וִויא בַּייא אַ קַאץ נָאר פְּרָאסְט „גְרוֹיסֶע קַאצֶענֶע אוֹיגֶען״ אוּנ מִינֵיה וּבֵיה מִיט דֶער צַייט הָאט זִיא בַּאקוּמֶען אַנַייעֶם נָאמֶען „רַאבֶּע (גְרוֹי, סֶערֶע, פָּאפֶּעלַאטֶע). מִיט דֶעם נַייעֶם נָאמֶען הָאט מֶען עֶטְלִיכֶע יָאהְר גֶערוּפֶען דֶעם שֶׁענְק.

פְּלוּצִים הָאט זִיךְ מִיט רָחְלִין פַארְלָאפֶען אַזַא מַעֲשֶׂה, וֶוען זִיא הָאט גֶעשְׁלָאפֶען הָאט זִיךְ פַאר אִיהר שֶׁענְק גֶעהֶערְט אַ גְרוֹישֶׁער לְיַארֶם וִויא [illegible] הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען, אִיהר הָאט זִיךְ פוּן שְׁלָאף גֶעחָלוּמְט אַז עֶס בְּ[illegible]ט, זִיא הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאפְּט אוּנ אִיז נַאקֶעט אַרוֹיס אוֹיף דֶער גַאס. פוּן דֶער נַאכְט הָאט זִיא זִיךְ אַזוֹיא פַאר קִיהלְט אַז זִיא הָאט אוֹיפְשְׁטֶעהֶענְדִיג אָנְגֶעוָוארֶען אִיהר קוֹל אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען שְׁטַארְק הֵייזֶערִיג אַזוֹי אַז דִיא טְרִינְקֶערְס הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז דִיא „רַאבֶּע״ רֶעדְט גָאר נִיט נָאר זִיא „מוּרְלִיטְשִׁיט״.

עֶס פֶערְשְׁטֶעהְט זִיךְ אַז נִיט אַזוֹי גִיךְ, נָאר מִיט דֶער צַייט הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען רָחְלִיס שֶׁענְק דִיא „רַאבֶּע מוּרְלִיקֶע״, אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען אִיז דִיא שֶׁענְק בַּאַקַאנְט יֶעדֶען עַד הַיוֹם הַזֶה אוּנ קֵיינֶער אִיז גָאר נִיט אַזוֹי צִיקַאוֶוע וִויא אִיהר לֶעזֶער צוּא וִויסֶען פַאר וָואס מֶען רוּפְט דִיא שֶׁענְק מִיט אַזַא וואוּנְדֶערְלִיכֶען נָאמֶען.

דִיא „ראבע מורליקע״ אִיז זֶעהְר אַ לַאנְגֶע שְׁטוּבּ, כִּמְעַט הַאלְבּ אֵייגֶעזוּנְקֶען אִין דֶער עֶרְד אַזוֹי אַז אֵייניגֶע פֶענְסְטֶער פוּן דֶעם עֶק שְׁטוּבּ זֶענִין שׁוֹין מִיט דִיא אוּנְטֶערְשְׁטֶע הַאלְבֶּע טַאפְלֶעס אֵיינְגֶעגְרָאבֶּען אִין דֶער עֶרְד,

אִין גַאנְצֶען קֶען מֶען נִיט זָאגֶען אַז דִיא שְׁטוּבּ שְׁטֶעהְט אוֹיף דֶער עֶרְד נָאר זִיא קוּקְט אַרוֹיס פוּן דֶער עֶרְד, נָאר דִיא אַנְדֶערֶע הַאלְבֶּע זַייט, וואוּ עֶס הֵייבְּט זִיךְ אָן דִיא שֶׁענְק הָאט נָאךְ אִין דְרוֹיסֶען אַ פָּנִים וִויא אַ שְׁטוּבּ, דִיא פֶענְסְטֶער מִיט נָאךְ אַ צְוֵויא וֶוערְשֶׁקֶעס וַואנְד קוּקֶען נָאךְ אַרוֹיס אוֹיף גָאטֶס וֶועלְט.

אוֹיבּ אַייךְ אִינְטֶערֶעסִירְט צוּא וִויסֶען פוּן וָואס פַאר מַאטֶערְיַאל דִיא דִיא לַאנְגֶע שְׁטוּבּ אִיז גֶעבּוֹיט, קֶענְט אִיהר גְלַייךְ זֶעהֶען, וָוארוּם פוּן דְרוֹיסֶען הָאט מֶען קַיין מָאל דִיא וֶוענְד נִיט גֶעשְׁמִירְט.

יֶעדֶער וַואנְד אִיז צוּא זַאמֶענְגֶעשְׁטֶעלְט פוּן אַלֶערְלֵייא שְׁטִיקְלֶעךְ, דָא לִיגְט אַ גְרוֹיסֶער גֶעהַאקְטֶער שְׁטֵיין, דָא הַאלְבֶּע צוּבְּרָאכֶענֶע צִיגֶעל, נָאר דֶער

גרעסטער טהייל פון דער וואנד באשטעהט פון שווארצע בלאטע איינגעקנעטען אין שטרוי.

זיך וועלען פארשטעלען ווער אונ צוא וועלכען צוועק האט מען גיבויעט די לאנגע שטוב, איז זעהר שווער צו וויססען, באלד זענין איינגעפאלען א קשיא: איינס פון די צוויי, האט עס גבויעט א רייכע מאנן, ווי זשע קומט אהער בלאטע מיט שטרוי; האט עס איין ארעמער בעל הבית געבויעט, וויא קומט אהער א טייערער געהאקטער שטיין וואס נאר צו די גרויסע פאלאצען באנוצט מען אזוינע שטיינער?

דער בעל הבית אליין גאדיל דער רויטהער בעל עגלה האט דערפון אליין אויך ניט געוואוסט, ער האט מער ניט געדענקט אז זיין טאטע האט די געוואהנט אונ ער וואהנט שוין דא אויך צייט — עטליכע אונ פערציג יאהר, ער האט אפילו ניט קיין „קופטשע קרעפאסט" אז עס איז זיין שטוב, פון דעסטוועגען איז ער געוועזען גאנץ רוהיג צוא וויסען אז דיא שטוב איז זיינע, עס איז פאר איהם גענוג געוועזען אז אלע האבען געוואוסט אז עס איז זיין שטוב, דער פאליציע איז גאר קיין מאל ניט איינגעפאלען פרעגען אויף וועלכער אסנאוואניע רעכענט ער אז דיא שטוב איז זיינע. —

אויף אזא אופן האט ר' זלמינע אויך גיהאט איין איינענע שטוב, טאקע אונטער איין דאך פון דער לאנגער שטוב, אין עק וואנד דריי סאזשען אין דער ברייט אונ פיר סאזשען אין דער לענג. וויא קומט עס אז ר' זלמינע זאל אין דער לאנגער שטוב אויך האבען איין איינען שטיבעל — שווייגט אב דיא היסטאריע פון דער „טויטער גאס", ר' זלמינע אליין האט אויך ניט געוואוסט, פאר וואס דער עק פון דער לאנגער שטוב איז זיין איינענם.

איינעם וואס האט ר' זלמינען אויף צוקאוועס געפרעגט וועגען דעם האט ער געענטווערט:

איך וויים אליין ניט וויא עס קומט איך זאל אין דער לאנגער שטוב האבען א חלק, דאכט זיך אז צווישען מיינע אלטע כתבים ליגט עפעס אנגעשריבען אויף לשון קודש אז דעם חלק שטוב האט אבגעקויפט מיין זיידע, אונ ווייטער וויים איך גאר ניט.

— סטייטש האט איהם יענער געפרעגט, וואס וועט איהר טאהן אז טאמער קומט איינער, אדער דיא פאליציע אונ וועט אייך זאגען איהר זאלט איהם דער ווייזען אז דאס איז אייער שטוב, וואס וועט איהר דעמאלט טאהן? וועט איהר זיך מוזען ארויס; וואס פאר א ווערטה האט אייער לשון קודש פאפירעל וואס מען קען עס שוין אפילו ניט איבערלייענען?

— קיינער האט מיך קיין מאל ניט געפרעגט אונ קיינער וועט ווייטער ניט פרעגען; אלע יאהר קומט מען נאך טשינש, צאהל איך פינף גילדען א יאהר, וואס נאך דארף איך האבען פאר פאפירען אז עס איז מיין שטוב? אלע ווייסען

אַז פִיר סאָזשען דיא לייגג און דרייא סאָזשען דיא ברויט געהערען צוא מיר און דאס איבעריגע איז דעם בעל עגלות, עס איז דא אויף דער „טויטער גאס" נאך אַ סך יודען וואס האבען הייזער און האבען אויך ניט קיין קופּטשעס. —

עס זאל זיך געפינען אַזא נייגעריגע געשיכטעשרייבער וואס זאל וועלען באַשרייבען די היסטאָריע פון דער „טויטער גאס" ווי אַזוי זי איז געוואָרען אַ גאס, ווי לאנג עס האבען זיך דא אנגעהויבען בעזעצען מענשען און בויען הייזער, וואָלט ער באַדאַרפט אַ סך יאהרען דא זיך וועלגערען, אויסקריכען אַלע לעכער, אויסטאַפּען יעדער שטיקעל ערד, אַ סך זיך דערפרעגען ביי דיא אַלטע איינוואָהנער. דעמאָלט וואָלט ער געקענט קומען צוא דעם רעזולטאט: דיא „טויטע גאס" איז גאר אַ מאָל קיין גאס ניט געוועזען, עס איז נאר געוועזען אַ פאַרוואַקסען פעלד ניט ווייט פון דער שטאָדט דיא לאנגע שטוב אונטערן נאמען „דיא ראַבע מורליקע" איז געווים דיא ערשטע שטוב וואס עס האט זיך דא געבויט, נאר ווער עס האט זיא געבויעט און ווען — איז זיך ניט מעגליך צוא דערפרעגען; עס ווייזט אויס זעהער לאנג: גאנץ לאנג איז דא געוועזען אַ פּוילישע קרעטשמע וואס זייערע שונאים האבען חרוב געמאַכט און עס איז געבליבען איין אַבוואַל, אָדער עס איז געוועזען אַ מאָל אַ סקלאַד פון פולווער וואס מען בויעט שטענדיג הינטער דער שטאָדט. וויא אַזוי דאס געביי איז איבערגעגאַנגען צוא אַ יודען איז אויך שווער צוא זאגען, וואַהרשיינליך ווען דיא שונאים האבען פון דעם גרויסען געביי געמאַכט אַ חורבה, האט דאס אָבגעקויפט אַ יודען און האט זיך דא געמאַכט אַ פעלד קרעטשמע פאַר אַלערליי דורכרייזענדע, גאַנץ לאַנגע יאהרען איז דא געוועזען אַ פעלדקרעטשמע, נאר ווען דיא שטאָדט ר... האט זיך פאַרגרעסערט און דיא יודען האבען אָבגענומען אַ נייא שטיק פעלד פון יענער זייט קרעטשמע אויף אַ בית הקברות, האבען זיך געגעבען דער קרעטשמע צוא ביסלעכווייז אָנגעהויבען בעזעצען יודען אביונים, כדי אַז טאַמער וועט מען דורכפירען אַ מת זאלען זייא אים ניט אָנווערען, און קענען האַפּען אַ גראשען פון „צדקה תציל ממות"...

עס זענין אַוועגעגאנגען טעג יאהרען, עס האבען זיך אַלע מאָל געניאוועט נייע היימישע און פרעמדע קבצנים וואס האבען קאָנקורירט מיט דיא אַלטע אביונים וועלכע האבען זיך דא באַזעצט פון פריהער, און האבען זיך אויך אַלע מאָל אויסגעבויט נייע לעבער (הייזער) פון בלאָטע מיט שטרוי, מיט ערדענע דעכער. — אין אַ צייט אַרום זענין דיא אַלטע אביונים געשטאָרבען און יעדער אביון האט איבערגעלאָזט אויף דער טויטער גאס אַ צעהנדליק נייע אביונימליך, עס איז געוואָרען ענגער און מען האט אָנגעהויבען בויען נייע לעבער, ביז עס איז געוואָרען אַ גאַנץ היבשע קאָלאָניע פון אָרימע לייט, אַזוי אַז ווען מען האט דורכגעטראָגען אַ מת זענין איבער דער גאַנצער גאס פון ביידע זייטען

גֶעשְׁטַאנֶען וְויא צְוֵייא וֶועגְט לַאנְגֶע שורות מִיט אַלֶערְלֵיי אָרִימֶע לַייט, מֶאנְנֶער, וַוייבֶּער, .קִינְדֶער אוּנ אַלֶע הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט דִיא הֶאנְד . . .

בִּיז אִין דֶערְצַייט וָואס אוּנְזֶער עֶרְצֶעהְלוּנְג הוֹיבְּט זִיךְ אָן אִיז דִיא גַאס אַזוֹי פִוּלְל גֶעוָוארֶען מִיט אָרִימֶע לַייט אַז עֶס אִיז שׁוֹין נִיט גֶעבְּלִיבֶּען קֵיין פְּלַאץ וואו אוֹיסְצוּבּוֹיֶען אַ לָאךְ, הָאטְ׳ס אֲפִילוּ אוֹיף צְוֵייא סַאזְ׳שֶׁען דִיא לֶענְג אוּנ דִיא בְּרֵייט, אוּנ זֵייא פְלֶעגֶען זִיךְ דִינְגֶען אֵיין אָרְט וואו דֶעם קָאפּ אַנִידֶערְצוּלֶעגֶען בַּייא דִיא „בַּעֲלֵי בַּתִּים״ וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט אֵייגֶענֶע לֶעבֶער.

דֶעם טְרוֹיֶערִיגֶען נָאמֶען „דִיא טוֹיטֶע״ הָאט דִיא גַאס בַּאקוּמֶען אִין אֵיין צַייט מִיט דֶעם „בְּרִיקְעל״ וָואס אִיז גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען אִיבֶּער אַ קְלֵיין טַייכֶעל, וַוייל אַז מֶען הָאט גֶעטְרָאגֶען אַ מֵת אוֹיף דֶעם בֵּית עוֹלָם הָאט מֶען גֶעמוּזְט דוּרְכְגֶעהְן „דִיא גַאס אוּנ נָאךְ אִיבֶּער דֶעם בְּרִיקְעל״, דַארוּם הָאט מֶען נָאךְ פוּן דֶעמָאלְט אָן זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען „דִיא טוֹיטֶע גַאס״ אוּנ „דָאס טוֹיטֶע בְּרִיקְעל״.

וֶועגֶען דֶעם בְּרִיקְעל דֶערְצֶעהְלֶען אַלֶע אֵיינְוָואהְנֶער פוּן דֶער „טוֹיטֶער גַאס״ זֶעהְר שְׁרֶעקְלִיכֶע מַעֲשׂוֹת. אַז אוּנְטֶערְן בְּרִיקְעל הַאלְטֶען זִיךְ שְׁטֶענְדִיג אוֹיף מֵתִים, רוּחוֹת, שֵׁדִים אוּנ דָאסְגְלַייכֶען, אוּנ וֶוען מֶען טְרָאגְט אִיבֶּער דֶעם בְּרִיקְעל אַ מֵת וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין זַיין לֶעבֶּען אַ רָשָׁע, הֵייבֶּען אָן דִיא רוּחוֹת, שֵׁדִים א. ז. וו. אוּנְטֶערְן בְּרִיקְעל צוּא טַאנְצֶען, שְׁפְּרִינְגֶען, זִינְגֶען אוּנ קְווִיטְשֶׁען אוֹיף אַלֶערְלֵיי פֶערְשִׁיעֶדֶענֶע קוֹלוֹת וָואס מֶען הֶערְט עֶס גָאר נִיט פוּן קֵיין מֶענְשֶׁען; בַּאנַאכְט אָבֶּער, אֲפִילוּ וֶוען מֶען טְרָאגְט נִישְׁט דוּרְךְ אַ מֵת אַ רָשָׁע פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען רוּהֶען דִיא רוּחוֹת נִיט.

דָאס אַלֶעס הָאבֶּען גֶעהֶערְט אוּנ גֶעזֶעהְן מִיט זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען אַלֶע אֵיינְוָואהְנֶער פוּן דֶער טוֹיטֶער גַאס, אֲפִילוּ קִינְדֶער וָואס קֶענֶען נָאךְ נִיט רֶעדֶען.

אִין דֶער צַייט אָבֶּער וֶוען מֶען הָאט גֶעטְרָאגֶען אַ מֵת אַ צַדִּיק, וְויא לְמָשָׁל דֶעם ר . . . עֶר'רָב וָואס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר עֶטְלִיכֶע אוּנ דְרַייסִיג יָאהר זֶענִין דִיא רוּחוֹת אַוֶועגְגֶעשְׁוואוּמֶען מִיט דֶעם וַואסֶער, אוּנ וְויא דִיא לַייט פוּן דֶער חֶבְרָה קַדִּישָׁא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּרִיק פוּן פֶעלְד, זֶענִין זֵייא שׁוֹין וַוייטֶער אַלֶע גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער דֶעם, בְּרִיקְעל.

וְויא שְׁרֶעקְלִיךְ דָאס „טוֹיטֶע בְּרִיקְעל״ אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר יֶעדֶען לֶעבֶּעדִיגֶען מֶענְשֶׁען פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען הָאט דָאס בְּרִיקְעל גֶעדִינְט בַּייא דִיא ר . . . עֶר גַנָּבִים פַאר זֵייהֶער אַ זִיכֶערֶען מַאגַאזִין, וואו זֵייא הָאבֶּען דֶערְוַוייל אָבְּגֶעלֶעגְט זֵייעֶרֶע גְנֵבוֹת, קְלֵיינֶע זַאכֶען הָאבֶּען זֵייא בַּאהַאלְטֶען אִין דִיא לֶעבֶער אוּנ שְׁפַּאלְטֶען הִינְטֶער דֶער בְּרִיק אוּנ גְרוֹסֶע הָאט מֶען גֶעפַּאקְט אִין פֶעסֶער אָנְגֶעשְׁמִירְט מִיט שְׁמָאלֶע אוּנ מִיט צוּגֶעבּוּנְדֶענֶע שְׁטֵיינֶער הָאט מֶען זֵייא אַרָאבְּגֶעלָאזְט בִּיז אִין גְרוּנְד אוּנ דָארְט זֶענִין זֵייא גֶעלֶעגֶען

ביז אין דער גוטער צייט ד. ה. ביז דער נביא 1) האט געזאגט וואס מען זאל טאהן. דיא גאנצע נאכט פלעגען זייא ארבייטען הינטערן בריקעל פראנק אונ פריי, קיינער האט זייא ניט געשטערט, קיינער האט זיך גאר ניט איינגעשטעלט דאס לעבען דורכצוגעהען אדער דורכצופאהרען בייא נאכט איבערין בריקעל, דיא וואס האבען געוואהנט נאהענט צום בריקעל האבען בודאי מורא געהאט צוא געהען ווען זייא האבען געהערט אז שדים מיט אלערליי רוחות קלאפען אונ רעדען דארט.

א גוישער בעטלער, א שלעפער – האט זיך אויך געפונען זיין רוה אין גאטטעס וועלט אויף דער „טויטער גאס".

געוויס צוליעב דער „ראבער מורליקע", האבען זיך אויף דער גאס אויך באזעצט דיא אללע חדר יונגלעך 2).

אללע איינוואהנער פון דער טויטער גאס, אפילו קליינע קינדער גוים אונ יודען האבען געקענט ר' זלמינען, אלט אונ יונג האבען איהם גערופען „זיידע" אדער „זיידיניא", אללע האבען איהם ליעב געהאט אונ איהם אבגעגעבען גרויס כבוד; ער האט אויך יעדען געקענט, אונ יעדען ליעב געהאט, יעדען געענטווערט פריינדליך, ווער עס האט איהם נאר געפרעגט, עצות געגעבען אונ טובות געטאהן וואס ער האט נאר געקאנט. אין דיא ארימע הייזער פלעגט ער אויך אפט קומען, נאטירליך נאר אין א נויטה, ווען איינער איז שלאף געוועזען אונ מען האט באדארפט האבען הילף, אפילו דיא גנבים אין א נויטה, ווען זייא פלעגען קומען בעטען צוא איהם, פלעגט ער אויך ניט אבזאגען, ער פלעגט אויף זייא ניט קוקען מיט פעראבטונג וויא דער שטייגער איז צוא קוקען אויף אזוינע לייט. נאר ר' זלמינע פלעגט אויף זייא שטענדיג קוקען טרויעריג אונ מיט רחמנות וויא אויף „אומגליקליכע".

– זיי זענין אומגליקליכע מענשען, אטהייל פון זיי האט דיא וויסטע נויטה געבראכט דערצו, אונ א טהייל זענין פארפיהרט, פלעגט ר' זלמינע אפט זיי בעדויערן; אמאל ווען ער פלעגט דערטאפען איינעם פלעגט ער איהם מוסרן, שטראפען ביז דער גנב פלעגט איהם צוזאגען

1) „נביא" הייסט דער גלאוונע נאטשאלניק איבער אללע גנבים. אליין געהט ער קיין מאל ניט גנבינען, נאר אהן דעם „נביא" ווערד ניט געטהון קיין שום זאך, ער דארף וויסען דאס ארט פון אלע גנבות, דעם וואס מען באגנבעט געהט צום „נביא" אונ מען גלייכט זיך אויס מיט איהם פאר א געוויסער פרייז, דעמאלט זאגט ער אויס אז דיא גנבה איז דא אונ וויא ער באקומט דאס געלד קעהרט ער אום דיא גנבה.

2) „חדר יונגלעך" הייסען דיא גנבים מיט וועלכע דיא גרויסע, עלטסטע גנבים שאפען אונ שיקען וואו מען דארף; זייא געהען אפילו אין פייער אריין, קריכען אין דיא פענסטער, אויף דיא בוידעמער אין דיא שטאלען א. ז. וו. דיא „חדר יונגלעך" נעמען נאר א געוויסען פראצענט פון דיא גרויסע אונ אהן זייערע נאטשאליקעס טארען זייא ניט טהון קיין שום זאך מיתאילקא אונ אהרקע סיבירניק זענין אויך געוועזען פון די „חדר יונגלעך".

אז ער וועט שוין מעהר ניט גנבינען, ער וועט שוין ווערען איין ערליכער יוד. ער זאל איהם נאר קויפען א סדור וועט ער שוין אנהויבען דאווענען, ר' זלמינע האט איהם געגלויבט און איהם געבראכט א נייע סדור, דער גנב האט דאס סדור גלייך פארקויפט אין א שענק און פארטרונקען, פארשטעהט זיך אז ר' זלמינע האט דערפון ניט געוואוסט און האט ניט אויפגעהערט צו גלויבען אז דער גנב איז באמת געווארען אויס גנב און איז געווארען איין ערליכער יוד – ר' זלמינע האט יעדען מענשען געגלויבט אויפן ווארט, וועער שמועסט אז דער גנב האט איהם אין א צייט ארום באגעגענט און געזאגט:

– זיידע איהר זאלט זעהען וויא זינט איהר האט מיר געקויפט דעם סדור דאווען איך אללע טאג און גנבע שוין ניט, – פלעגען ר' זלמינען פאר פרייד זיך שטעלען טהרערען אין דיא אויגען.

– גוט מיין קינד אזוי, פלעגט ער איהם ענטווערין און פריינדליך דריקען דיא האנד; דער גנב האט טאקע ווייטער געגנבעט, נאר ר' זלמינע האט אלין ווייטער ניט אויפגעהערט צו גלויבען, אז אפילו דער שלעכטסטער מענש קען פון זיך מאכען וואס ער וויל, מען דארף איהם נאר מיטהעלפען – און ער פלעגט מיטהעלפען.

האטש ר' זלמינע איז געוועזען דער וואהרהייטער זוהן פון דער "ראבער מורליקע" פון דעסטוועגען האט ער קיין מאל ניט געוואוסט וואס דארט קומט פאר; דעם בעל בית פון שענק ואדיל דער רויטער בעל עגלה, האט ר' זלמינע געהאלטען פאר א גראבען מענשען, נאר פאר איין ערליכען פראסטען יודען, וואס פארדיענט זיך דיא פרנסה דערפון וואס ער איז א בעל עגלה און דאס ווייב א שענקערין. אז מען הערט אפט אין שענק פארשיעדענע קולות פון שכורים, גזלנים, – אין וועלכען שענק איז דאס ניט דא?

בכלל איז פון דער נאטור געלעגען אין ר' זלמינעס כאראקטער צו קוקען אויף יעדען מענשען פון דער גוטער זייט דיא שלעכטע זייט האט ר' זלמינע זעלטען באמערקט, אויף דער שלעכטער זייט איז ר' זלמינע געוועזען כמעט א בלינדער...

אללע מענשען האבען אויגען און קוקען אויף זאכען וועלט, נאר יעדער קוקט אנדערש: ביי איינעם קומט אויס זייער קרום, אלעס שלעכט, מיט קיין זאך איז ער ניט צופרידען, קיין זאך געפעלט איהם ניט אויף דער וועלט און דאס גוטע, גלייכע באמערקט ער קיין מאל ניט.

דער סארט מענשען זעהן דאס רוב פון דער נאטור געבילדען שלעכט, מיט קרומע פערגלייוערט שווארצע העלקער: אדער דיא וועלט האט זייא געמאכט שלעכט – פארדארבען, אדער א שלעכטער ערציהונג

קֶען מַאכֶען אַ מֶענְשֶׁען אַזוֹי, עֶר מֶעג זַיין וִויא גוֹט פוּן דֶער נַאטוּר גֶבּוֹירֶען.

ווִידֶער זֶענִין דָא מֶענְשֶׁען וָואס דֶערְזֶעהֶען דִיא „גוּטֶע זַייט" מִיט דֶער „שְׁלֶעכְטֶער זַייט גְלַייךְ", אַזוֹינֶע מֶענְשֶׁען זֶענִין גֶעווִיס פְּרַאקְטִישֶׁע אוּנ הָאבֶּען בַּאקוּמֶען אַ רִיכְטִיגֶע עֶרְצִיהוּנְג.

אוּנ ווִידֶער אִיז דָא אַ סָארְט מֶענְשֶׁען וָואס בַּאמֶערְקֶען נָאר דִיא „גוּטֶע זַייט", דִיא מֶענְשֶׁען זֶענִין פוּן דֶער נַאטוּר גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען מִיט גוּטֶע ווַייכֶע הֶערְצֶער אוּנ הָאבֶּען אִין זַייעֶר לֶעבֶּען נָאר צָרוֹת מִיט נוֹיטְה אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען, אוּנ פוּן אַ גוּט לֶעבֶּען הָאבֶּען זַייא אֲפִילוּ נָאר עֶטְוָואס פַארזוּכְט, דִיא מֶענְשֶׁען וָואס ווַיישֶׁען דֶעם בִּיטֶערֶען טַעַם פוּן נוֹיטְה, פוּן אָרֶעמְקַייט, אוּנ וָואס הָאבֶּען אִין זַייעֶר לֶעבֶּען צוּגֶעזֶעהֶען אַלֶע לֵיידֶען וָואס דֶער מֶענְשׁ טְרָאגְט אִיבֶּער, דִיא וָואס ווַייסֶען דֶעם טַעַם פוּן הוּנְגֶער, פוּן קֶעלְט, דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען יֶענֶעם אַז עֶר זָאגְט: „בְּרוּדֶער עֶס אִיז מִיר שְׁלֶעכְט" — דִיא מֶענְשֶׁען אַז זַיי בַּאמֶערְקֶען יָא אַמָאל דִיא שְׁלֶעכְטֶע צַייט פוּן דֶער וֶועלְט, שְׁטֶעלֶען זִיךְ זַייא טְרֶעהְרֶען אִין דִיא אוֹיגֶען, דָאס הַארְץ וֶוערְד זַייא צוּגַאנְגֶען אוּנ עֶס ווִילְט זִיךְ זַייא מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אַרוּמְנֶעמֶען דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט מֶענְשֶׁען, פְרַיינְדְלִיךְ זַייא צוּא דְרִיקֶען צוּם הַארְצֶען אוּנ זַייא צוּא זָאגֶען: בְּרִידֶער, מִיר זֶענִין זִיךְ אַלֶע מֶענְשֶׁען פוּן גָאטְטֶס וֶועלְט, מִיר אַלֶע הָאבֶּען אֵיין גָאטְט אוּנ עֶר הָאט אוּנְז בַּאשַׁאפֶען אוּנ אוּנְז גֶעשֶׁענְקְט אַזַא טְהַייעֶרֶע שֵׁיינֶע זִיסֶע וֶועלְט, פַאר וָואס זָשֶׁע זָאלֶען זִיךְ אֵיינִיגֶע אַזוֹי מוּטְשֶׁען אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ אֵיינִיגֶע... פַאר וָואס זָאל אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען בְּרֶענְגֶען שְׁלֶעכְטֶעס צוּא טְהוּן?... אָ! אִיז דֶען עֶנְג דִיא וֶועלְט פַאר אַלֶע מֶענְשֶׁען!... הָאט דֶען גָאט בַּאשַׁאפֶען אִיבֶּערִיגֶע מֶענְשֶׁען אוֹיף דֶער וֶועלְט?.. נָאר... נָאר...

אוּנ דֶער סָארְט מֶענְשׁ בַּאוַואשְׁט זִיךְ דָאס פָּנִים מִיט טְרֶעהְרֶען אוּנ דָאס הַארְץ מִיט הֵייס בְּלוּט.

צוּא דֶעם לֶעצְטֶען סָארְט מֶענְשֶׁען הָאט גֶעהֶערְט אוּנְזֶער ר' זלמינע. אִיז עֶר גֶעוֶועזֶען אַ יוּד אוּנ גֶעהַאט דָאס אֶמֶתֶע יוּדֶעשֶׁע ווַייכֶע גוּטֶע הַארְץ, דָאס יוּדִישֶׁע הַארְץ, וָואס ווַייסְט אוּנ נוֹיטְה, פוּן צָרוֹת, וָואס פִילְט אַז יֶענֶער אִיז הוּנְגֶערִיג, עֶר גְלוֹיבְּט אַז יֶענֶער זָאגְט „עֶס טְהוּט וֶועה", „עֶס אִיז שְׁלֶעכְט", אוּנ גֶעפִינְט יֶעדֶען „אוּמְגְלִיקְלִיכֶען" (פֶערְבְּרֶעכֶער) אַ זְכוּת.

אוֹיף דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען מֵיידִיל וָואס הָאט זִיךְ אִיצְט גֶעפוּנֶען אִין זַיין שְׁטוּבּ. הָאט ר' זלמינע אוֹיךְ גֶעפוּנֶען אַ זְכוּת, אוּנ הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּגֶעהְן צוּא אִיר פָאטֶער ר' שמואל בער, זִיךְ לֵיינֶען, וִויא מֶען זָאגְט אִין דֶער לֶענְג אוּנ אִין דֶער בְּרֵייט, אַז עֶר זָאל אוּמְקֶעהֶרֶען דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע טָאכְטֶער צוּא אִיהְרֶע עֶלְטֶערֶען.

אִין דֶער פְרִי וִויא ר׳ זלמינע הָאט נָאר אָבְּגֶעדַאוִוינְט אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען צוּא ר׳ שמואל בער.

אֵיידֶער עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר זִיא נָאךְ אַמָאל אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט:

– דֶער טַאטֶע מִיט דֶער מַאמֶע וֵוייסֶען נָאךְ גָאר נִיט.

– נֵיין, הָאט זִיא גֶעעֶנְטְוֶוערְט, זֵייא וֵוייסֶען נִיט, אִיךְ הָאבּ זֵייא גַאנְצֶע צַייט אַ וָוארְט נִיט גֶעזָאגְט.

– נָא, זֶעהר גוּט וָואס זֵייא וֵוייסֶען נָאךְ גָאר נִיט, עֶס וֶועט מִיר זַיין גְרִינְגֶער מִיט זֵייא אָנְהוֹיבֶּען צוּא רֶעדֶען.

– אִיהְר מֶעגְט זַיין פַארְזִיכֶערְט אַז זֵייא וֵוייסֶען נָאךְ נִיט, נָאר ר׳ זלמינע אִיךְ הֵייבּ נִיט אָן צוּא פַארְשְׁטֶעהֶען וִויא אַזוֹי וֶועט אִיהר זֵייא זָאגֶען? אִיהר וֶועט זִיךְ נָאר אַלֵיין שְׁמִירֶען אוּנ וֶועט גָאר נִישְׁט פוֹעֵלְן, אִיהר וֶועט זִיךְ זֵייא נִיט זָאגֶען אַז אִיךְ בִּין בַּייא אַייךְ, אַ יָא ר׳ זלמינע?

– דָאס אִיז גֶעוֶוענְדְט אָן דִיר, מַיין קִינְד, וִויא אַזוֹי דוּא ווִילְסְט.

– גָאט זָאל אַייךְ אָבְּהִיטֶען, ר׳ זלמינע, צוּא דֶערְמָאנֶען אַז אִיךְ בִּין בַּייא אַייךְ; אִיךְ וֶועל לִיעבֶּער אַוֶועקְגֶעהֶען פוּן אַייךְ אֵיידֶער מַיינֶע עֶלְטֶערֶען זָאלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין בַּייא אַייךְ.

– אִיךְ וֶועל נִיט זָאגֶען, אִיךְ... אִיךְ בֶּעט גָאט מַיין מִיה זָאל נִיט זַיין אוּמְזִיסְט, דַיינֶע עֶלְטֶערֶען זָאלֶען אוֹיף דִיר רַחֲמָנוּת הָאבֶּען – מֶען דַארְף רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹף אַ אוּמְגְלִיקְלִיכֶער.

ר׳ זלמינע הָאט גֶעזָאגְט אַ גוּטֶען טָאג. זַיין אֵיינִיקֶעל אִיבֶּערְגֶעלָאזְט עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען פַאר דֶעם טָאג אוּנ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

5.

# דָאס שְׁטִיקֶעל פַאפִּיער.

– זֵייא וֵוייסֶען שׁוֹין, יָא זֵייא וֵוייסֶען... אוּנ אִיךְ הָאבּ גָאר פַארְגֶעסֶען, הָאט לאה גֶעזָאגְט נָאךְ דֶעם וִויא ר׳ זלמינע אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

זִיא הָאט טַאקֶע בֶּאֱמֶת פֶערְגֶעסֶען אַז בַּייא אִיהר אִין קַאמָאד אִיז גֶעלֶעגֶען זַיין אוֹיפְזַאץ פוּן בְּרִיף, אִין וֶועלְכֶען זִיא הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען דִיא עֶלְטֶערֶען גַאנְץ פָאדְרָאבְּנִי פוּן אִיהר אוּמְגְלִיק אוּנ וִויא זִיא מוּז פוּן זֵייא אַוֶועקְגֶעהֶען נָאר זִיא אִיז דֶעמָאלְט נִיט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, וִויא נִיט אַיין מָאל וֶוען זִיא הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען זִיךְ גֶעזֶעגֶענֶען מִיט אִיהרֶע עֶלְטֶערְנְס הוֹיז אוּנ עֶס הָאט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג אוֹיסְגֶעלָאזְט דֶערְמִיט אַז זִיא אִיז גֶעבְּלִיבֶּען וַוייטֶער אִין דֶער הֵיים, זִיא הָאט אַלְץ אָבְּגֶעלֶעגְט פוּן הַיינְט אוֹיף מָארְגֶען; דֶעם בְּרִיף אָדֶער וָואס

זיא האט אָנגעהויבען שרייבען האט זיא איבערגעלאזט אונ גאר פערגעסען אָן איהם.

– ווען זייא וועלען מיך אין מיין שטיבעל אין דער פריא ניט געפינען וועלען זייא געווים זוכען, טאמער וועלען זייא געפינען דיא אורזאכע פון מיין אוועקגעהען... זייא וועלען לייענען...

לאה וואלט געשריגען פאר שרעק, וואלט געוויינט, געריסען זיך בייא דיא האר פאר ווייטהיג נאר... נאר זיא האט זיך געשעמט פאר שיינדעלען... זיא האט אלעס אראבגעשלונגען אונ זיך, שטיל אהן ווערטער פערביסען מיט דיא ליפען. –

שיינדעלע איז גאר געוועזען פרעהליך אונ האט געטאנצט ארום לאה'ן מיט גרויס פרייד.

אונ פאר וואס זאל זיך שיינדעל ניט פרייען איבער לאה'ן אונ זיך ניט פיהלען גליקליך? זיא האט זיך שטענדיג געהאלטען פאר גליקליך ווען שבת, אז זיא איז געגאנגען אין שטאדט האט זיא באגעגענט לאה'ן אונ געזעהען וויא זיא געהט שוין אָנגעטהון, אונ איצטער איז זיא בייא איהר זיידען אין שטוב אונ רעדט מיט איהר. אָ! ווען איהרע חברה'ס זאלען וויסען דערפון, וואלטען זייא זיך צונויפגעלאפען קוקען, ווייל ווען זעהט מען גאר אויף דער „טויטער גאס" אַ מיידעל אדער אַ ווייבעל וואס געהט שיין אָנגעטהון? נאר שיינדעלע האט ניט געקענט דערצעהלען איהרע חברה'ס, ווארום איידער זיא האט געוואלט ארויסגעהען פון דער שטוב לויפען אין קלייטעל עפּיס קויפען צום אָנבייסען, האט זיא לאה צוגערופען אונ געזאגט:

– שיינדעלע! גאט זאל דיך אבהיטען דערצעהלען אימעצען אז איך בין בייא אייך, ווארום אז ניט וועל איך מוזען באלד אוועקגעהען פון אייך אונ אז דוא וועסט זיין אַ וואהל מיידיל, וועל איך דיר שענקען געלד אויף אַזא קליידיל וויא איך געה.

שיינדעלע האט באלד פערשטאנען „אז מען דארף שווייגען", נאר וואס למשל – האט זיא זיך קיין השבון ניט געקענט אָבגעבען, אונ זיא האט געשוויגען

* *
*

ווען ר' זלמינע איז אריינגעקומען צוא ר' שמואל בער אין שטוב, האבען איהם לאה'ס עלטערין באגעגענט מיט בלייכע פנימער:

– נאר וואס האבען מיר נאך אייך געוואלט שיקען, אַ גרויס אומגליק האט אונז געטראפען, מען האט אונזער לאה'ניו ארויסגעגנבית אונ אונז בדיל

הַדַל גֶעשְׁטֶעלְט, אַלְלֶע שְׁלֶעסֶער פוּן דִיא קַאמָאדִים מִיט דִיא שַׁאפֶּעס אוֹיפְגֶעבְּרָאכֶען אוּנ אַרוֹיסְגֶענוּמֶען וָואס עֶס אִיז נָאר גֶעוֶועזֶען. וָואס זָאלֶען מִיר אָנְהוֹיבֶּען צוּא טְהוּן ר׳ זלמינע ! — הָאבֶּען דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּא וֵויינֶען.

ר׳ זלמינע אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן שְׁטַארְק פַארְווּאוּנְדֶערְט אוּנ זֶעהְר דֶערְשְׁרָאקֶען אַז עֶר הָאט ַקיין הַאלְבּ וָוארְט נִיט גֶעקָאנְט אַרוֹיסְרֶעדֶען אוּנ הָאט זִיךְ גְלַייךְ אָהְן וֶוערְטֶער אַרָאבְּגֶעלָאזְט אוֹיף אַ בֶּענְקִיל, אִין דִיא אוֹיגֶען אִיז אִיהם גֶעוָוארֶען פִינְסְטֶער אַזוֹי אַז עֶר הָאט גָאר מִיט בַּאמֶערְקְט וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ אַרוּם אִיהם.

— וָואס ? סְטַייטְשׁ ? זִיא הָאט זַייא בַּאגַנְבֶעט, בְּדִיל הַדַל גֶעשְׁטֶעלְט אוּנ אִיז גֶעקוּמֶען צוּא אִיהם אִין שְׁטוּבּ, עֶר זָאל אִיהר הֶעלְפֶען ? ר׳ זלמינע זָאל הֶעלְפֶען אַ גַנָב זִיךְ צוּא בַּאהַאלְטֶען פַאר אִיהֶרע גְנֵבוֹת, אִיהם אָבְּגֶענַארְט אַזוֹי פָארְלֶע, אַזוֹי פַאלְשׁ, אַז זִיא אִיז אוּמְגְלִיקְלִיךְ, מֶען הָאט זִיא פַארְפִיהְרְט.

מֶען קֶען זָאגֶען ר׳ זלמינע אִיז דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל אִין זַיין לֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין כַּעַס אוֹיף אַ מֶענְשֶׁען, עֶר הָאט שׁוֹין גֶעוָואלְט גְלַייךְ זָאגֶען אִיהֶרע עֶלְטֶערְן :

— גֶעהְט צוּא מִיר, זִיא אִיז בַּייא מִיר אִין שְׁטוּבּ מִיט אַלְלֶע גְנֵבוֹת. נָאר אִין דֶער מִינוּט הָאט עֶר זִיךְ בַּאטְרַאכְט : נֵיין, עֶס קֶען נִיט זַיין, עֶס מוּז עֶפֶּעס דָא זַיין, אֵיידֶער אַ מֶענְשׁ ווִילְל עֶפֶּעס טְהוּן דַארְף עֶר זִיךְ בַּאטְרַאכְטֶען, אוּנ ר׳ זלמינע הָאט וֵוייטֶער גֶעשְׁווִיגֶען.

ווִיפִיעל דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען נִיט גֶעוֵויינְט אִיבֶּער אִיהם, הָאט עֶר זִיךְ מִיט ַקיין הַאלְבּ וָוארְט נִיט אָנְגֶערוּפֶען וֶועגֶען לאה׳ן, חוּץ דִיא וֶוארְטֶער :

— וָואס קֶען מֶען טָאהן ? מֶען מוּז זִיךְ פְרִיהֶער בַּאטְרַאכְטֶען, בֶּערוּהִיגֶען, מֶען טָאר זִיךְ אַזוֹי נִיט מְצַעֵר זַיין, שְׁפֶּעטֶער וֶועלֶען מִיר זֶעהֶען. אוּנ ווִיא זַיין שְׁטַיינֶער אִיז הָאט עֶר זַייא גָאר גֶעטְרֵייסְט אוּנ גֶעטְרֵייסְט.

* *
*

דִיא ״ראבע מוּרליקע״ הָאט זִיךְ כִּמְעַט ַקיין מָאל נִיט פַארְמַאכְט.

ווִיא דֶער שְׁטַייגֶער אִיז שֶׁענְקֶען זֶענִין אָפֶען בִּיז אִין אַ צַייט ד. ה. דֶעם גַאנְצֶען טָאג אוּנ בִּיז צְוֶועלְף בַּאנַאכְט, דִיא שֶׁענְק אָבֶּער אִיז גֶעוֶועזֶען אָפֶען טָאג אוּנ נַאכְט, אוּנ יֶעדֶען מֵעת לְעֵת הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיטֶען אַלֶע מָאל בַּייעֶ ַקארְטִינֶעס.

גַאנְץ פְרִיה אַרוּם זֶעקְס אַ זֵייגֶער אִיז דִיא שֶׁענְק גֶעוֶועזֶען פוּסְט, פַאר דֶער סְטָאיֶקע הָאט גָאר גֶעדְרֶעמֶעלְט שְׁטֶעהֶענְדִיג רהלי׳ס דִינְסְט, וָוארוּם

רחלי אַלֵיין הָאט זִיךְ אִין דֶער צַייט גָאר וָואס גֶעלֶעגְט שְׁלָאפֶען. אַרוּם הַאלְבּ זִיבֶּען אַ זֵייגֶער הָאבֶּען זִיךְ אִין שֶׁענְק אָנְגֶעהוֹיבֶּען שִׁיטֶען ווִיא זַאמְד אִין יַם אַלֶערְלֵיי אָבְּגֶעדַאווִינְטֶע קַבְּצָנִים גֶעמֶען „צוּבִּיסְלֶעךְ בְּרַאנְפֶען" אָדֶער ווִיא זֵייא זָאגֶען „אוּנְטֶערְהַאלְטֶען דִיא נְשָׁמָה", מֶען זָאל כֹּחַ הָאבֶּען אַרוּמְצוּשְׁפַּאנֶען דֶעם גַאנְצֶען טָאג אִיבֶּער דִיא טְהִירֶען.

דָאס רוֹב קַבְּצָנִים גֶעהֶען אַרוּיס פוּן דֶער הֵיים הוּנְגֶערִיג, עֶס אִיז נִיט קַיין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט אִיבֶּערְצוּבֵּייסֶען, נָאר אַבִּיסֶעל בְּרַאנְפֶען, מוּז מֶען נֶעמֶען נָאךְ פוּן דִיא גֶעבֶּעטִינֶע נְדָבוֹת רֶעכֶענְט אוֹיס דֶער קַבְּצָן אַזוֹי אַז אוֹיף מָארְגֶען זָאלֶען אִיהם אִיבֶּערְבְּלַייבֶּען צְווֵייא קָאפִּיקֶעס אוֹיף אַ בִּיסֶעל בְּרַאנְפֶען; דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט קַיין צְווֵייא קָאפִּיקֶעס, לֶעגֶען זִיךְ צוּנוֹיף צוּא קָאפִּיקֶעס אוּנ מֶען קוֹיפְט צוּזַאמֶען אַבִּיסֶל בְּרַאנְפֶען, דָאס בִּיסֶעלֶע וָואס בְּלַייבְּט אוֹיף דֶעם דְנָא גֶעבֶּען זֵייא אוֹיסְזַייעֶן זֵייעֶרֶע קִינְדֶערְלֶעךְ, וָואס לוֹיפֶען נָאךְ דֶעם טַאטֶען אִין שֶׁענְק.

אַזוֹי אִיז אִין שֶׁענְק אַ גְרוֹדֶער פוּן אָרִימֶע לַייט בִּיז צֶעהֶען אַ זֵייגֶער פוּן צֶעהֶען בִּיז צְווֶעלְף אִיז כִּמְעַט שְׁטִיל, מֶען זֶעהְט נִיט קַיין לֶעבֶּעדִיגֶען מֶענְשֶׁען, אַזוֹי אַז דִיא דִיעֶנְסְט וָואס שְׁטֶעהְט בַּייא דֶער סְטָאיֶקֶע שְׁלָאפְט גַאנְץ רוּהִיג, נָאר פוּן צְווֶעלְף אַ זֵייגֶער הֵייבְּט זִיךְ אָן אִין שֶׁענְק אַ נַייעֶ וֶועלְט מִיט נַייעֶ סָארְטֶען מֶענְשֶׁען, וָוארוּם עֶרְשְׁט אִיצְטֶער זֶענִין מיהאילקע מִיט סיבירניקען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן שְׁלָאף פוּן דֶער נַאכְט הָארֶעוַואנִיא.

עֶרְשְׁט אֶמֶת לֶעבֶּעדִיג וֶוערְט אִין שֶׁענְק אַז עֶס הוֹיבְּט זִיךְ אָן דִיא נַאכְט אוּנ וָואס שְׁפֶּעטֶער אוּנ שְׁפֶּעטֶער וֶוערְט אַלְץ לֶעבֶּעדִיגֶער פוּן אַלֶערְלֵייא סָארְטֶען מֶענְשֶׁען.

אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטוּבּ וואו דִיא סְטָאיֶקֶע מִיט דִיא פֶּעסְלֶעךְ בְּרַאנְפֶען שְׁטֶעהֶען, אִיז בִּמְעַט יֶעדֶען אָבֶענְד פוֹל מִיט אַזוֹינֶע לַייט ווִיא מיהאילקע אוּנ סיבירניק, אָבְּגֶערִיסֶענֶע, אָבְּגֶעשְׁלִיסֶענֶע גַנָבִים, קַארְמַאנִ-שְׁטְשִׁיקֶעס, וָואס גַנְבִינֶען שְׁטֶענְדִיג אוּנ הָאבֶּען קַיין מָאל קַיין גַאנְץ הֶעמְד אוֹיף זִיךְ.

אָבֶּער גָאר אַנְדֶערֶע סָארְטֶען מֶענְשֶׁען גֶעפִינֶען זִיךְ אִין דִיא צְווֵייא דְרַייא שְׁטִיבְּלֶעךְ וָואס צִיהֶען זִיךְ ווַייט אִין דֶער טִיפֶענִים פוּן דֶער שֶׁענְק.

– אֵיין שְׁטִיבֶּעל אִיז כִּמְעַט יֶעדֶען אָבֶענְד פוֹל מִיט חֶבְרָה קְדוֹשָׁה לַייט 1) וָואס הָאבֶּען צוּרִיקְגֶעהֶענְדִיג פוּן פֶעלְד, ווִיא זֵייעֶר שְׁטֵייגֶער אִיז

1) איז יעדער חברה קדושה איז דא צווייערליי קלאסען חברה, חאטש ביידע רופען זיך אן „חברה קדושה", דער ערשטער קלאס באשטעהט פון לויטער שאנע שטארט בעלי בתים, וועך זייא מאכען אסעודה פון א פעטען מת, מאכט מען זיא אדער ביים גבאי אין

שְׁטֶענְדִיג, זִיךְ אַרַיין – גֶעהַאפְּט אַהֶער, דָא הָאט מֶען פֶערְנָאסֶען דֶעם הַאלְז מִיט בְּרַאנְפֶּען! מִיט וַויין אוּנ פַּארְלֶעגְט מִיט גֶענְזֶלֶעךְ הֶעלְזְלִיךְ, פּוּפֶּקְעס אוּנ גְרִיוֶוען, אַלֶע שְׁרַייעֶן אוּנ רֶעדֶען גְלַייךְ פְּרֵיילִיךְ, אִיצְטֶער גֶעהט אַשְׁמוּעֶס וֶועגֶען מָאגֶערְן מֵת.

– אַזַא אָבְּגֶעשׁוּנְדֶענֶע פֶּעל אִיז קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען אַלֵיין צוּא קוּמֶען אוֹיף דֶעם פֶּעלְד אוּנ זִיךְ אוֹיסְגְרָאבֶּען אַ גְרוּב.

– אוּנ זִיךְ טַאקֶע אַלֵיין אַרַיינְלֶעגֶען.

– מֵיילָא פַארְשִׁיטֶען, וָואלְטֶען מִיר אִיהם שׁוֹין פַארְשִׁיט אַלֵיין. –

אוּנ עֶר אִיז גָאר נָאכֶען טוֹיט גֶעוָוארֶען אַ מְיוּחָס אוּנ מִיר דַארְפֶען אִיהְם טְרָאגֶען, גְרָאבֶּען עֶרְד פוּן זַיינְטְוֶועגֶען, אַ סַךְ מְשָׁרְתִים הָאט עֶר גֶעהַאט אַזוֹינֶע? זַיין וַוייבּ אִיז נִיט קְרַאנְק צוּא בַּאצָאהלֶען; מֵילָא דִיא גְרוֹיסֶע חֶבְרָה. אַ אַרְט דָאס גָאר נִיט, בַּייא זֵייא אִיז וִויא בַּאלְד נִיט קֵיין פֶעטֶער פֶּגֶר. וואו זֵייא קֶענֶען אָבְּלֶעקֶען אַ פֶעט בֵּיינְדֶעל, וֶוערֶען זֵייא פְרוּמֶע יוּדֶען אוּנ זָאגֶען אַז מֶען דַארְף אוּמְזִיכְט, חַא, חַא, פַאר עוֹלָם הַבָּא. צוּא וָואס? נֵיין בְּרִידֶערְלֶעךְ, עֶס אִיז טַאקֶע פַאר אוּנְז זֶעהְר אַ גְרוֹיסֶער כָּבוֹד צוּא הֵייסֶען חֶבְרָה קְדוּשָׁה לַייט, נָאר אָהן אַבִּיסֶעל בְּרַאנְפֶען מִיט עֶפֶּס פַארְבַּייסֶען גֶעהְט דָאס בַּייא אוּנְז נִיט, אוֹיף דַארוּיף הֵייסֶען מִיר זִיךְ חֶבְרָה קְדוּשָׁה, וואו הָאט אִיהר גֶעזֶעהֶן קְדוּשָׁה צְווִישֶׁען אוּנְז יֶעדֶען אָהן אַבִּיסֶעל בְּרַאנְפֶען?

דָאס וַוייבּ זַיינֶע הָאט גֶעוֵויינְט אוּנ גֶעוֵויינְט אַז זִיא הָאט נִיט אוּנ פוּן פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט פִינְף אוּנְצְוַואנְצִיג קֶערְבְּלֶעךְ, הַיינְט גֶעה גְלוֹיבּ אָבּ דִיא לַייט.

– אִיךְ הָאבּ פַארְזֶעצְט דִיא קִישֶׁען מִיט דֶעם אִיבֶּערְבֶּעט, הָאט זִיא גֶעזָאגְט.

– נָא וָואס זְשֶׁע הָאסְט דוּא אִיהר דַארוּיף גֶעעֶנְטְוֶוערְט?

– וָואס הָאבּ אִיךְ אִיהר גֶעזָאלְט עֶנְטְוֶוערֶען? אִיךְ הָאבּ אִיהר גֶעזָאגְט אַז אַזוֹי וִויא זִיא אִיז זִיךְ בַּאגַאנְגֶען מִיט אִיהר גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם מַאנְן קֶען זִיךְ נָאר בַּאגֶעהֶען אַ מַרְשַׁעַת.

– חַא, חַא, וָואס הֵייסְט אַ מַרְשַׁעַת?

---

שטוב אדער בייא איינעם פון זייערע בעלי בתים, זייא געהען ניט אין קיין שענק טרינקען און עסען. דער צווייטער קלאס חברה קדושה וואס באשטעהט פון אלערליי ארימע לייט וויא למשל גרעבערס, סטאראזשעס פון דעם בית הקברות, שמשים אונ דיא אלע לייט וואס פארען זיך ארום דעם מת, זייא ווייסען מעהר ניט אז וויא באלד מען געהט צוריק פון פעלד. מוז מען גלייך אריינגעהען אין דער ערשטער שענק, וואו מען שיכורט און מען עסט ביז עס בלייט ניט אגראשען. דער נאחנסטער שענק צוא ר—ערס בית הקברות איז געוועזען די „ראבע מורליקע" אונ דארום זענין זייא שוין דא געוועזען וויא היימישע. איך מוז אויך דא באמערקען, אז בייא דעם ערשטען קלאס חברה קדושה איז ניט אזוי אפט סודות וויא בייא צווייטען, ווארום דיא ערשטע קענען נאך האבען א סעודה פון א פ ע ט ע ן מת וואס דאס טרעפט זיך ניט אפט; דיא צווייטע האבען שטענדיג אפילו פון דעם מארגען מת.

– וואו איז דָאס גֶעהֶערְט גֶעוָואָרֶען צְווִישֶׁען יוּדִישֶׁע וַוייבֶּער? אַ מַאנְן וָואס הָאט גֶעהָארֶעוֶועט אַלֶע זַיינֶע יָאהְרֶען אוּנ נָאךְ זַיין טוֹיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט בֶּעטְגֶעוַואנְט ווִיל זִיא אִיהם יַארְשֶׁענֶען אוּנ עֶס אַרְט זִיא גָאר נִיט אֲפִילוּ ווֶען מִיר זָאלֶען אִיהם טְרָאגֶען מִיט טְרוּקֶענֶע הֶעלְזֶער . . .

– אוּנ ווִיא גֶעפֶעלְט אַייךְ ווִיא אוּנְזֶער גַבַּאי מִיט דִיא גְרוֹיסֶע חֶבְרָה לַייט זֶענִין גֶעוָוארֶען פְּלוּצִים פְּרוּם אוּנ הָאבֶּען בַּאקוּמֶען ווַייכֶע הֶערְצֶער אוֹיף אַלְמָנוֹת מִיט יְתוֹמִים אוּנ הָאבֶּען אוּנְז אָנְגֶעהוֹיבֶּען מוּסְרֶן פַאר וָואס מִיר ווִילֶען גֶעלְד פַאר וָואס זֵייא זֶענִין קַארְג אַזוֹינֶע מָאגֶערֶע הֶעלְזֶעלְךְ מִיט אַזַא פְּרָאסְטֶען וַויין, פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ אַז בַּייא אַזַא אָרִימַאן אִיז פַאר זֵייא נִיט כְּדַאי צוּא ווֶעלְלֶען גֶעלְד, זֵייא הָאבֶּען לִיעבּ צוּא גֶעמֶען פוּן פֶּעטֶע מֵתִלִיךְ, מִיר קֶענֶען זִיךְ גֶעבִּיךְ בַּאגִינֶען מִיט אַ מָאגֶערְם אוֹיךְ . . . וָואס הָאבֶּען מִיר הֶען פוּן דִיא פֶּעטֶע? דָאס פֶּעטֶע בְּלַייבְּט שְׁטֶענְדִיג בַּייא זֵייא אוּנ דָאס מָאגֶערֶע קוּמְט אוּנְז אָן...

*   *
*

אִין צְווֵייטֶער צִימֶער שְׁטֶעהֶעט אוֹיךְ אַ טִישׁ מִיט נִיט קֵיין לֵיידִינֶע פְלֶעשְׁלֶעךְ, גְלֶעזְלֶעךְ אוּנ טֶעלֶער, נָאר דָא גֶעהְט גָאר אַיין אַנְדֶער שְׁמוּעֶס פוּן אַנְדֶערֶע סָארְטֶען מֶענְשֶׁען.

דָא זִיצְט אִיצְטֶער גָאדִיל מִיט נָאךְ עֶטלִיכֶע מֶענְשֶׁען, זַיין ווַייבּ רחלי לוֹיפְט אַריין כְּמַעַט אַלֶע פֶערְטֶעל שָׁעָה גאדילס מוּטְטֶער דִיא אַלְטֶע שפרינגצע וָואס הָאטט אַ פָּנִים גָאר ווִיא אַ רֶעבֶּעצִין, טְרֶעט נִיט אָבּ פוּן טִישׁ, דָא רֶעדֶען אַלֶע זֶעהְר שְׁטִיל

ווֶען אַ זַיטִיגֶער מֶענְשׁ זָאל אִיצְט אַ קוּק טְהוּן אִין דֶעם שְׁטִיבֶּעל וָואלְט עֶר זִיךְ בַּאלְד גֶעווּאוּנְדֶערְט אוֹיף זֵייעֶרֶע פַארְשִׁידֶענֶע קְלֵיידֶער וָואס פַּאסֶען גָאר נִיט אֵיינְס צוּם אַנְדֶערְן, אוּנ ווִיא עֶס קוּמְט אַז זֵייא זָאלֶען אַזוֹי זִיצֶען בַּייא אֵיין טִישׁ אוּנ רֶעדֶין אַזוֹי פְרַיינְדְלִיךְ, נָאךְ זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער נָאךְ דַאכְט זִיךְ אַז זֵייא זֶענִין מֶענְשֶׁען פוּן פֶערְשִׁיעֶדֶענֶע קְלַאסְסֶען

גָאדִיל טְרָאגְט אַ פָּאר פֵּאוֹת מִיט אַ לַאנְגֶער בָּארְד ווִיא אַ יוּד, אַ וַואטָאוֶוע לַייבִּיל אַרוּמְגֶענַארְטֶעלְט מִיט אַ רוֹיטֶען גַארְטֶעל ווִיא אַ בַּעַל עֲגָלָה, אַ פָּאר גְרוֹיסֶע שְׁטִיוֶועל גֶעשְׁמִיעֶרְט מִיט טְרָאן, אַקֶעגֶען אִיהְם זִיצְט אַ יוּנְגֶער מַאנְן גֶעקְלֵיידֶעט אֵייְרָאפֶּאאִישׁ נָאךְ דֶער נַייעֶסְטֶער מָאדֶע, דִיא בַּאקֶען אוֹיסְגֶעגָאלְט אוּנ מִיט אַ קְלֵיין בֶּארְדֶעלֶע „אַלָא נַאפָּאלֶעאָן" אַ גִילְדֶענֶעם פַּאנְסְנֶע אוֹיף דֶער נָאז, אַ דִין גֶעפְלָאכְטֶען שְׁטֶעקֶעלֶע אִין דֶער הַאנְד אוּנ אִין דֶער צְווֵייטֶער הַאנְד הַאלְט עֶר אַ צִילִינְדֶער הוּט; אִין גַאנְצֶען הָאט עֶר אַ פָּנִים ווִיא אַ פְרַאנְצֶאזִישֶׁער לִיטֶערַאטָאר נָאר דָא אִין שְׁטִיבֶּעל רוּפְט מֶען אִיהְם לֵייבֶּקֶע קְוַאסְנִיק ווִיא מֶען רוּפְט אִיהְם עֶרְגֶען אַנְדֶערְשׁ – ווֶעלֶען דִיא

לֶעֶזֶער וַוייטֶער וִויסֶען; וואו עֶר וָואהְנְט אונ פון וָואס פַאר אַ שְׁטָאדְט עֶר אִיז וֵוייס עֶר אַ,יין נִיט. הַיינְט אִיז עֶר אִין ר... מָארְגֶען אִין אַדֶעס אונ אִיבֶּערְמָארְגֶען אִין סְטַאמְבּוּל א. ז. וו. הַיינְט גֶעהְט עֶר גֶעקְלֵיידֶעט וִויא אַ פְּרַאנְט, מָארְגֶען וִויא אַ יוּדִישֶׁער יוּנְגֶער מַאנְן אונ אִיבֶּערְמָארְגֶען וִויא אַ הוֹיז–מְשָׁרֵת פון אַ יוּדִישֶׁער אֲכְסַנְיָא. נֶעבֶּען אִיהְם זִיצְט אֵיינֶער מִיט אַ יוּדִישׁ הִיטֶעל, אַ גוֹיִשֶׁע צוּרִיסֶענֶע סְוִויטֶע אונ מִיט שְׁטִיוֶועל אָהְן פַּארֶעשְׁוֶועס, דָא רוּפְט מֶען אִיהְם וֶועַ,וִויל קִיטַאיֶען, נֶעבֶּען אִיהְם זִיצְט נָאךְ גָאר אַ יוּנְגֶער מַאנְן גָאר מִיט גֶעזוּנְדֶע בְּרֵייטֶע פְּלֵייצֶעס, אָנְגֶעטְהוֹן אִין אַ גוֹיִשֶׁען פֶּעלְץ מִיט אַ יוּדִישׁ כַּאמֶעטֶען הִיטֶעל אונ מֶע רוּפְט אִיהְם יַאנְקֶעל טָאטֶער.

נָאר אוֹיבֶּען אָן זִיצְט אֵיינֶער אַ מַאנְן פון אַ יָאהְר פֶערְצִיג. גֶעקְלֵיידֶעט זֶעהְר רַייךְ קַיילֶעכְדִיג דִי בָּארְד גֶעשׁוֹירֶען, דִי קְלֵיידֶער אוּנְטֶערְגֶעהַאקְט בִּיז אִין דִי קְנִיע, אוֹיף דֶער זְשִׁילֶעט הֶענְגְט אַגְרָאבֶּע גָאלְדֶענֶע קֵייט, עֶר וָואהְנְט שְׁטֶענְדִיג אִין אַדֶעס אונ קוּמְט אַהֶער צוּפָאהְרֶען כִּמְעַט אַלֶע יָאהְר אוֹיף גֶעטְלִיכֶע טֶאג, פּוּנְקְט וִוי דָא אִיז בַּיי אִיהְם „יָאהְר יְרִיד“.

בַּיי זִיךְ אִין דֶער הֵיים רוּפְט מֶען אִיהְם לֶעאָן בַּארִיסֶאוִויטְשׁ לֶעדֶערְבֶּערְג, נָאר דָא רוּפְט מֶען אִיהְם פְּרָאסְט לֵייבֶּקֶע; נֶעבֶּען אִיהְם זִיצְט גָאדִילְס אַלְטֶע מוּטֶער הַייקֶע דִי קוּרְלַאפְּנִיטְשֶׁקֶע מִיט אַ וָואַ,עֶנֶעם זָאק אִין דֶער הַאנְד אונ דְרֶעהְט מִיט דִי שְׁפִּיזְלֶעךְ וִוי אַ רֶעבִּיצֶען.

הַייקֶע אִיז נִיט נָאר גֶעוֶועזֶען אַ קוּרְלַאפְּנִיטְשֶׁקֶע, נָאר אוֹיךְ אַ מֶעקְלֶערִן פון דִיעֶנְסְטֶען, זִי הָאט שׁוֹין גֶעהַאט אַ סַךְ בֶּעקַאנְטֶע הַייזֶער אִין ר... אַז מֶע הָאט נָאר בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען אַ דִיעֶנְסְט הָאט מֶען גֶעזָאגְט הַייקֶען, דַארוּם אִיז גָאר קַיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס זִי אִיז גֶעוֶועזֶען אַ הֵיימִישֶׁע אִין אַלֶע קֶעכֶען פון דִי ר... עֶר בַּעֲ,י–בַּיִת'טֶעס, אַלֶע קֶעכִנֶעס אונ דִיעֶנְסְטְמֵיידִין הָאבֶּען הַייקֶען גֶערוּפֶען „מוּמֶע“. פַאר אִיהְר הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אוֹיסְגֶערֶעדְט דִי הֶערְצֶער, וֶועלְכֶע בַּעַל בַּיִתְטֶע אִיז אַ גוּטֶע אונ וֶועלְכֶע נִיט. אוֹיךְ הָאט דִי מוּמֶע גֶעוואוּסְט פון אַלֶע זֵייעֶרֶע סוֹדוֹת וִוי אַזוֹי גֶעבֶּען דִי בַּעֲלֵי–בַּיִת'טֶעס מִיט זֵייעֶרֶע מַאנֶען, צוּ וֶועלְכֶער דִיעֶנְסְט עֶס טְשֶׁעפֶּעט זִיךְ דֶעם בַּעַל בַּיִת אֵיידֶעם, דֶעם בַּעַ, בַּיִת זוּהְן אָדֶער דֶער בַּעַל בַּיִת אַלֵיין – מִיט וֶועמֶען דִי בַּעֲ,י בַּיִתִישֶׁע קִינְדֶער פִיהְרֶען לִיעבֶּעס, אונ פון אַלֶע אַנְדֶערֶע שְׁטוּבְּאִינְטְרִיגֶען מִיט סוֹדוֹת.

שַׁבָּת בַּייטָאג נָאךְ דֶעם עֶסֶען וֶוען אַלֶע יוּדִישֶׁע דִיעֶנְסְטֶען אונ קֶעכֶענִם זֶענֶען פְרַייא אונ מֶעגֶען אַוֶועקְגֶעהְן פון דֶער שְׁטוּב, הָאט מֶען שְׁטֶענְדִיג גֶעקָאנְט גֶעפִינֶען בַּיי דֶער „מוּמֶען“ אִין שְׁטוּב עֶטְלִיכֶע פון דִיא לַייט, יֶעדֶען הָאט פַאר אִיהר אוֹיסְדֶערְצֶעהְלְט אִיהר הַארְץ, אונ דִיא „מוּמֶע“ פְּלֶעגְט יֶעדֶע רַאטֶען וִויא צוּא טְהוֹן אונ וִויא זִיךְ צוּא בַּאגֶעהֶען.

זֵייא אַ,ע הָאבֶּען אִיהְר גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ פְרוּמֶע עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶענֶע, זִי פְּלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג נָאר רֶעדֶען מִיט גָאט אונ דֶערְצֶעהְלֶען גְרוֹיסֶע נִסִים פון אִים.

בַּיי חַייקֶען הָאבֶּען זִיךְ שְׁטֶעהֶנְדִיג גֶעפוּנֶען עֶטְלִיכֶע דִיעֶנְסְטֶען אָהְן שְׁטֶעלֶען דָא פְּלֶעגֶען זֵיי דֶערְוַוייל הָאבֶּען קְוַואטִיר, עֶסֶען, טְרִינְקֶען אוּנ אַגְרָאשֶׁען בִּיז אִין דֶער צַייט וֶוען זֵייא הָאבֶּען בַּאקוּמֶען אֶרְטֶער אוּנ דֶערְנָאךְ פְּלֶעגֶען זֵייא אִיהְר אָבְּגֶעבֶּען צוּזַאמֶען מִיט מֶעקְלֶערַיי: אַלֶע הָאבֶּען שׁוֹין גֶעוואוּסְט אַז מֶען אִיז בַּייא חַייקֶען בַּאקוּמְט מֶען כּוֹ״ כָּל סוֹף אַ שְׁטֶעלֶע, וֶוען נִיט אִין ־ר... אִיז אִין אַ פְרֶעמְדֶער שְׁטָאדְט? אִיז אֵיינֶע פוּן זֵייא אַ שֶׁאנֶע. גִיט אִיהְר דִיא מוּמֶע אַ חָתָן פוּן אַ גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט א. ז. וו.

חַייקֶע אִיז אִיצְטֶער צְווייטֶען דֶער קָאמְפַּאנְיֶע גֶעזֶעסֶען וִויא אַ פְרֶעדְסֶעדַאטֶעלְנִיצֶע אַלֶע הָאבֶּען אִיהְר גֶעקוּקְט אִין מוֹיל אַרַיין אוּנ נָאךְ מֶעהְר ה׳ לֶעדֶערְבֶּערְג, וָוארוּם אַלֶע הָאבֶּען גֶעוואוּסְט צוּ שֶׁעצֶען אִיהְר גְרוֹיסֶען וֶוא־טָה אִין דֶער זַאךְ, וואוּ זִיא אִיז דֶער גְלַאוְונֶע שְׁלִיסֶעל פוּן דֶעם גַאנְצֶען גְרוֹיסֶען גֶעשֶׁעפְט וָואס ה׳ לֶעדֶערְבֶּערְג פִיהְרְט.

זֶעהר שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט זֶענִין זֵייא אַלֶע גֶעזֶעסֶען אוּנ גֶערֶעדְט, גֶעמַאכְט אַלְטֶע הֶשְׁבּוֹנוֹת אָבְּגֶערֶעדְט פוּן נַייע פְּלַאנֶען, פוּנְקְט וִויא פַאר אַ יָאהְרֶען וֶוען ה׳ לֶעדֶערְבֶּערְג אִיז גֶעקוּמֶען צוּא פָאהְרֶען, עֶר הָאט אִיצְט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ גְרָאבּ פֶּעקֶעל אַסִיגְנַאצְיֶעס אוּנ יֶעדֶען אָבְּגֶעצֶעהְלְט זַיינְס וִוי עֶס הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהְן זֶענִין אַלֶע גֶעוֶועזֶען זֶעהְר צוּפְרִידֶען אוּנ נָאךְ מֶעהְר ה׳ לֶעדֶערְבֶּערְג אַלֵיין.

— גַאסְפַּאדַא, הָאט עֶר גֶעזָאגְט מִיר הָאבֶּען אַלֶעס אָבְּגֶעעֶנְדִיגְט וִוי עֶס דַארְף צוּ זַיין, נָאר חוּץ דִי פוּפְצִיג שְׁטִיק וָואס אִיהְר דַארְפְט מִיר צוּ שְׁטֶעלֶען הַיינְטִיגְס יָאהְר, בֶּעדַארְף אִיךְ וִויא צוּם גִיכְסְטֶען הָאבֶּען אֵיינֶע, נָאר סְחוֹרָה! מֶע הָאט מִיר וֶועגֶען דֶעם גֶעשְׁרִיבֶּען, פוּן קֵיין גֶעלְד אִיז קֵיין רֶעדֶע נִיט, אַבִּי נָאר סְחוֹרָה!

אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּערְגֶעקוּקְט אוּנ גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— סְחוֹרָה אַזוֹינֶע וִוי אִיהְר ווילְט אִיז שְׁוֶוער צוּ קְרִיגֶען, אַז עֶס וֶועט זִיךְ מַאכֶען וֶועלֶען מִיר פַאר אַייךְ אִין דִי קֶעשֶׁענִים נִיט בֶּאהַאלְטֶען.

— אִיךְ וֵוייס זֶעהְר גוּט, נָאר אִיךְ דַארְף הָאבֶּען וִויא צוּם גִיכְסְטֶען אוּנ אַז אִיהְר, חַייקֶע, וֶועט מִיר נִיט הֶעלְפֶען, וֶועל אִיךְ מוּזֶען זוּכֶען עֶרְגֶעץ אַנְדֶערְשׁ.

אַלֶע הָאבֶּען אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אוֹיף חַייקֶען.

— אִיךְ הָאבּ אוֹיף אַזַא סְחוֹרָה שׁוֹין לַאנְג אַ אוֹיסְזִיכְט, הָאט זִיךְ חַייקֶע אָנְגֶערוּפֶען, נָאר אִיךְ וַוארְט אַלִץ וִויא עֶס זָאל מִיר גְלַייךְ אַרַיינְפַאלֶען אִין דִיא הֶענְד אוּנ דֶעמָאלְט וֵוייס אִיךְ שׁוֹין וִויא פִיעֶל אִיךְ וָואלְט בַּייא דִיר, זֵייבֶּקֶע, גֶענוּמֶען פַאר אִיהְר, וָוארוּם אַזֶעלְכֶעס טְרֶעפְט זִיךְ זֶעלְטֶען, נָאר דֶערְוַוייל וֵוייס אִיךְ אַלֵיין נִיט, דַארוּם קֶען אִיךְ דִיר נִיט זָאגֶען, טָאמֶער וֶועט גָאט הֶעלְפֶען שְׁפֶּעטֶער.

– וָואס אִיז פַאר סוֹדוֹת? הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אִיהְר זוּהְן גָאדִיל, בַּייא אוּנְז דַארְפֶען נִיט זַיין קַיין סוֹדוֹת, וַוייסְט עֶפֶּעס צוּ זָאגֶען זָאג, טָאמֶער וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ קֶענֶען מִיטְהֶעלְפֶען.

– אִיהְר מֵיינְט אַז נָאר אַ מֶעקְלֶערִין קֶען, מִיר קֶענֶען אוֹיךְ אַמָאל עֶפִּיס אוֹיפְטְהוּן, הָאבֶּען זִיךְ אֵיינִיגֶע אָנְגֶערוּפֶען.

– חַייקֶע הָאט פוּן קֶעשֶׁענֶע אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ צוּנוֹיפְגֶעקְנֵייטְשְׁט פַּאפִּירֶעל.

– אָט דָאס שְׁטִיקֶעל פַּאפִּיר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען דָאס דִיעֶנְסְטְמֵיידִיל וָואס דִיעֶנְט בַּיי ר׳ שְׁמוּאֵל בֶּער אִין שְׁטוּב, וֶוען זִי הָאט אוֹיפְגֶערוֹימְט בַּיי זַיין טָאכְטֶער אִין צִימֶער הָאט זִי עֶס גֶעפוּנֶען, דֶער בְּרִיף אִיז אָבֶּער נִיט גִיעֶנְדִיגְט, וֶועדְלִיג עֶס וַוייזְט אוֹיס, הָאט זִי זִיךְ נָאר גֶעפְּרוּבְט שְׁרַייבֶּען.

זִי שְׁרַייבְּט דָא מֶעהְר נִיט אַז זִיא אִין נַיינְטֶען דוֹרֶשׁ אוּנ בֶּעט דִי עֶלְטֶערְן זָאלֶען אוֹיךְ אִיהְר רַחֲמָנוּת הָאבֶּען, וַוייטֶער הָאט זִי גֶעוָואלְט שְׁרַייבֶּען נָאר זִיא הָאט נִיט גֶעעֶנְדִיגְט, דְרוּם אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ צוּ פַארְשְׁטֶעהְן, אִיךְ אָבֶּער פֶער־שְׁטֶעה שׁוֹין דָאס אִיבֶּערִיגֶע אַלֵיין, אִיךְ הָאבּ גֶערֶעכֶענְט אַז כּוֹף כָּל סוֹף וֶועט זִי שׁוֹין אָנְקוּמֶען צוּ מִיר, נָאר...

– נָאר זִיא הָאט בַּאגַנְבִיט דֶעם פָאטֶער אוּנ הָאט שֵׂכֶל גֶעהַאט צוּ אַנְטְלוֹיפֶען, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען רָהְלִי.

– יַא עֶרְשְׁט יֶענֶע נַאכְט אִיז זִיא אַנְטְלָאפֶען.

אֵיינִיגֶע זֶענִין גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן שְׁטַארְק פַארְוואוּנְדֶערְט.

– אָט אַ שֶׁאן מֵיידִיל! הָאט אֵיינֶער גֶעזָאגְט, לֵייבֶּקֶע אִיז אוּנְטֶער־גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען גֶעוָוארֶען אַז עֶר הָאט דָאס דֶערְהֶערְט.

מֶעהְר פֶערְוואוּנְדֶערְט פוּן אַלֶע הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאפְּט יַאנְקִיל טָאטֶער, עֶר הָאט גֶעוָואלְט עֶפֶּעס אָנְהוֹיבֶּען רֶעדֶען, נָאר עֶר הָאט נִיט גֶעוואוּסְט פוּן וַואנֶען אָנְצוּהוֹיבֶּען.

– חַא, חַא, הָאט עֶר זִיךְ צוּ לַאכְט, עֶרְשְׁט אִיצְטֶער וֵייס אִיךְ אוּנ אִיהְר וַוייסְט גָאר נִיט, אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גֶעוואוּסְט בִּיז אַהֶער אַז זַיין טָאכְטֶער אִיז אַנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען, אוּנ בַּאגַנְבִיט, חַא חַא!

– נַא, דוּרַאק, וָואס לַאכְסְט דוּא אַז מֶען רֶעדְט פוּן עֶרְנְסְטֶע זַאכֶען, וַוייסְט עֶפֶּעס? דֶערְצֶעהְל!

– אַז אִיךְ וֶועל אַייךְ דֶערְצֶעהְלֶען וֶועט אִיהְר אוֹיךְ לַאכֶען. נֶאכְטִיגֶע נַאכְט בִּין אִיךְ מִיט סִיבִּירְנִיקֶען אוּנ מִיחַאִילְקֶען גֶעגַאנְגֶען אַרוֹיסְפִיהְרֶען פוּן ר׳ שְׁמוּאֵל בֶּערְס שְׁטַאל זַיין גְנֶעדָאי הָאן, עֶר זָאל זַיין אַ פָּאר צוּ דֶעם רֶעבִּין וָואס אִיהְר ר׳ גָאדִי, הָאט נֶאכְטִין גֶעבְּרַאכְט אַיינְגֶעשְׁפַּאנְט אִין דְרָאנְזְשִׁיק.

– יַא וָואס זְשֶׁע אִיז, טַאקֶע זֶעהְר אַ גְלַייךְ פָּאר, מָארְגֶענְדִיגֶע נַאכְט וֶועט מֶען זֵיי דַארְפֶען אַוֶועקְפִיהְרֶען אוֹיף דֶער ל־עֶר יְרִיד, עֶר וֶועט דָארְט אוֹיךְ זַיין.

– וָואס זְשֶׁע שְׁלָאגְט אִיהְר מִיר אִיבֶּער ר׳ גָאדִיל? אִיךְ וִויל זִיךְ אַייךְ דֶער צֶעהְלֶען, וִוי מִיר הָאבֶּען נָאר אַ רִיהְר גֶעטְהוּן דֶעם שְׁלָאס, הָאט זִיךְ פְּלוּצִים גֶעעֶפֶענְט אַ פֶּענְסְטֶער אוּנ מִיר הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק דֶערשְׁרָאקֶען בַּאהַאלְטֶענְדִיג זִיךְ אַזוֹי אוּנְטֶער דֶעם שְׁטַאל הָאבֶּען מִיר אַלֵּין גֶעמֵיינְט אַז עֶס וֶועט עֶמִיצֶער אַרוֹיס פוּן פֶּענְסְטֶער אוּנְז הַאפֶּען, מִיר הָאבֶּען גֶערֶעכִינְט אַז מֶע הָאט דֶערְהֶערְט, נָאר מִיר וַוארְטֶען אוּנ וַוארְטֶען, דָאס פֶּענְסְטֶער אִיז אָפֶען אוּנ מֶען זֶעהְט נִיט קַיין לֶעבֶּעדִיגֶען מֶענְשֶׁען „גֶעוִויס דֶער ווִינְט הָאט גִיעֶפִינְט דָאס פֶּענְסְטֶער״ הָאט סִיבִּירְנִיק גֶעזָאגְט אוּנ מִיר הָאבֶּען זִיךְ פַּאוָואלְיֶע אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט דָאס פֶּערְד, מִיחַאִילֶקֶע מִיט סִיבִּירְנִיקֶען הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז גָאט הָאט זַייא יַא בַּאשֶׁערְט אַ כְּשֵׁרֶה מְצִיאָה, דָאס פֶּענְסְטֶער הָאט גָאטְס ווִינְד פוּן זַייעֶרְטְוֶועגֶען גִיעֶפִינְט, מוּזֶען זַיי אַבַּיינְקְרִיכֶען, אִיךְ הָאבּ זַיי גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט מַיין גֶעשֶׁעפְט, אִיךְ בִּין נִיט קַיין „טֶעפֶּעל גַנָב״, אִיךְ הָאבּ זַיי אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, אִיצְטֶער פַארְשְׁטֶעה אִיךְ שׁוֹין וָואס זַיי הָאבֶּען דָארְט גֶעטְהוּן אוּנ אַ פְּגִירָה אוֹיף זַייעֶר טַאטֶען, זַייא הָאבֶּען מִיר גֶעזָאגְט אַז זַיי הָאבֶּען מֶעהְר נִיט דָארְט גֶעפוּנֶען וִוי אַ טָאפּ שְׁמַאלְץ מִיט אַ טָאפּ אַיינְגֶעמַאכְטְס צוּגֶעדֶעקְט מִיט דֶער קָאלְדֶערֶע פוּן ר׳ שְׁמוּאֵל בֶּערְס וַוייבּ, אוּנ זֶענִין זִיךְ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען; אָט אַזוֹינֶע מַמְזֵרִים בֶּעהַאלְטֶען גָאר פַאר אוּנְז!

– חַאפְּט דִיךְ דֶער רוּחַ מִיט זַיי צוּזַאמֶען, נָאר וואוּ זְשֶׁע אִיז לֵאָה?

– אִיךְ זָאל אַזוֹי וִויסֶען פוּן אַייךְ אַלֶע.

– בַּא, אִיךְ זָאל וִויסֶען. הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען חַייקֶע, וָואלְט אִיךְ שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אִיהְר „מוּמֶע״ וָוארוּם וֶוער וֵייסְט נָאךְ אַזוֹי וִוי אִיךְ, אִיךְ וֵויס אֲפִילוּ פוּן וֶועמֶען דָאס קִינְד אִיז.

– דָאס גֶעהְט מִיר גָאר ווִינְצִיג אָן, נָאר וואוּ אִיז זִי בֶּעסֶער?

– אִיהְר קֶענְט אִיהְם טַאקֶע, אַייעֶרֶער אַיין אַדֶעסֶער יוּנְגֶער מַאנְן, טַאקֶע ר׳ שְׁמוּאֵל בֶּערְס נַייעֶר בַּעַל בַּיִת זוּהְן, מִיר הָאט דֶערְצֶעהְלְט דִי דִיעֶנְסְט אַז עֶר הָאט שְׁטַארְק גֶעטַאנְצְט אַרוּם אִיהְר.

– אִין אַדֶעסָא אִיז דָא אַ סַאךְ פָּאדְרַיאדְטְשִׁיקֶעס וֶוער קֶען זַיי גֶעדֶענְקֶען?

– דוּ קֶענְסְט נִיט דוּבָּאבַּחֶקֶען? הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען לֵייבֶּקֶע קְוַואסְנִיק, מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער, אַז נָאר יִידֶערְבֶּערְג אַלֵיין, הָאט זַיין גֶעלֶעכְטֶער גֶע־קָאנְט פַארְשְׁטֶעהֶען.

– פַאר אַ יָאהְרֶען דַאכְט זִיךְ, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען רָחְלִי, הָאט דִיא דִיעֶנְסְט דֶערְצֶעהְלְט אַז אַרוּם אִיר הָאט זִיךְ גֶעדְרֶעהְט עֶפֶּעס אַ בֵּית הַמֶדְרָשׁ׳נִיק.

– וָואס פַאר אַ יָאהְרֶען אִיז נִיט הַיינְט...

– אוּנ אַזוֹי, הַייקֶע, וֶועגֶען אַייעֶר קְרַאסַאוִויצֶע מֶעגֶען מִיר שׁוֹין זָאגֶען „וַיֵלְכוּ״ אוּנ לָאז זִיךְ אַייךְ אוֹיפְהֶערֶען צוּ חֲלוֹמֶ׳ן נָאךְ דֶענֶע חֲלוֹמוֹת, גֶעוִויס הָאט זִי בַּאקוּמֶען אַ „בֶּעסֶערֶע מוּמֶע״ וִוי אִיהְר זֶענְט. –

– נֵיין, אִיךְ הֶער נִיט אוֹיף צוּ הָאפֶען... דִי דִיעֶנְסְט וָואלְט גֶעוואוּסְט.

מִיט דֶעם הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט דִיא גְרוֹיסֶע זִיצוּנְג אִין דֶער „רָאבֶּער מוֹרְלִיטְשֶׁקֶע", דִיא „גוּטֶע מוֹמֶע" הָאט נָאךְ נִיט אָנְגֶעוָוארֶען דִיא הָאפְפנוּנְג אוּנ הָאט דָאס שְׁטִיקֶעל פַּאפִּיער טִיעף אַרייְנְגֶעלֶעגְט צוּרִיק אִין קֶעשֶׁענֶע.

6.

## דֶער נַייעֶר מִסְחָר.

דִי לֶעזֶער הָאבֶּען גֶעוִויס שׁוֹין אַלֵיין גֶעטְרָאפֶען וֶוער דִיא לַייט זֶענִין אוּנ וָואס אִיז דָא גֶעוֶועזֶען פַאר אַ זִיצוּנְג. –

– „רָאזְבּוֹינִיקֶעס, גַנָבִים זֶענִין זֵיי" וֶועט אִיהר זָאגֶען.

אָ נֵיין! אִיךְ מֵיין גָאר נִיט אִין מַיין רָאמַאן פָארְצוּשְׁטֶעלֶען שְׁרֶעקְלִיכֶע קַארְטִינֶעס פוּן גַנָבִים מִיט רַאזְבּוֹינִיקֶעס.

דִי לַייט זֶענִין נָאךְ פִּיעֶל עֶרְגֶער אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען פִּיהְרֶען זֵיי זֵייעֶר מִסְחָר פְרַאנְק אוּנ פְרַיי.

דֶער גַנֶב וָואס קְרִיכְט אִין פֶענְסְטֶער, דֶער גַזְלָן וָואס קֵיילֶעט מֶענְשֶׁען אִין פֶעלְד, זֵייא קֶענֶען מֶען אוּנְטֶער דֶעם שֶׁאנְדְלִיכֶען נָאמֶען, אוּנ מֶען הִיט זִיךְ פַאר זֵיי, מֶען זֶעהְט זֵיי נִיט אִין קֵיין אָרֶענְטְלִיכֶע הַייזֶער, זֵיי לִיגֶען אִין זֵייעֶרֶע לֶעכֶער, וואו זֵייא בַּהַאלְטֶען זִיךְ זֵייעֶרֶע פַארְבְּרֶעכֶען בִּיז מֶען חַאפְּט זֵיי, אוּנ זֵייא וֶוערֶען בַּאשְׁטְרָאפְט וִוי זֵיי הָאבֶּען פַארְדִינְט.

דִיא לַייט אָבֶּער, דְרֶעהֶען זִיךְ אַרוּם פְרַאנְק אוּנ פְרַיי אִין בַּעַל-בַּתִּישֶׁע הַייזֶער, צְווִישֶׁען עֶהְרְלִיכֶע מֶענְשֶׁען אוּנ פִיהְרֶען זֵייעֶרֶע שְׁרֶעקְלִיכֶען מִסְחָר אָהְן אַ שׁוּם פַּחַד אָהְן אַ שׁוּם מוֹרָא. –

אוּנ פַארְוָואס הָאבֶּען זֵייא דָא מוֹרָא צוּ הָאבֶּען? זֵיי רַאבֶּעוֶוען דֶען, זֵייא גַנְבִינֶען דֶען, זֵיי וֵייטְהֶען דֶען זֵייעֶר קָרְבָּן דֶערְצוּ? זֵיי פַאלֶען אַלֵיין צוּ זֵיי אִין דִי הֶענְד אַרַיין.

אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען פִיטֶערְס, גוּטֶע מוּהְמֶעס, שַׁדְכָנִים, חָתָנִים, מֶעקְלֶערְס פוּן גֶעבֶּען שְׁטֶעלֶען, הָארֶען זֵיי רַחֲמָנוּת אוֹיף דִי עֶלֶענְדֶע מֵיידְלֶעךְ וָואס דַארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּ יְעָנְעמֶס הִילְף אוּנ וִוי בְּלִינְדֶע פַאלֶען זֵיי אַרַיין צוּ זֵיי אִין דִי קְרַאלֶען.

זֵיי הָאבֶּען דָארוֹיף אַ בַּאזוּנְדֶערֶע אֵיינְרִיכְטוּנְג, בַּאזוּנְדֶערֶע מִיטְלֶען וִויא צוּ פָארְהֶערֶען דָאס אוּנְגְלִיקְלִיכֶע מֵיידֶעל אִין זֵייעֶר נֶעץ: מִיט רַחֲמָנוּת, מִיט פְרוּמְקַייט, מִיט גֶעלְד, מִיט אַרוֹיסְהֶעלְפֶען פוּן דֶער נוֹיטְה אוּנ נָאךְ מִיט אַזוֹינֶע מִיטְלֶען פַארְנַארֶען זֵייא דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע אַזוֹי, אַז דִי גַאנְצֶע צַייט בַּאמֶערְקֶען זֵייא נִיט אַז וָואס וַוייטֶער אוּנ וַוייטֶער גְרָאבֶּען זִיךְ גָאר זֵייא טִיעפֶערֶע אוּנ

טיעפּערע גריבער.—

עס איז שרעקליך צו הערען וויא דאס רוב פון דיא סוחרים זענין יודען און יודישע ווייבער און דיא מיידלעך זענין יודישע טאכטער!

און ניט נאר דער מסחר געהט פון אדעסא קיין סטאמבול, וויא עס איז יעדען באקאנט, נאר אין גאנץ רוסלאנד, אין גאנץ אייראפא, אויף דער גאנצער וועלט.

קומט קיין ענגלאנד, קיין פראנקרייך און אין עק וועלט און אין דיא דארטיגע גוטע הייזלעך וועט איהר געפינען הונדערטער יודישע מיידלעך פון רוסלאנד.

און מערקווירדיג אט דיא אלע מיידלעכס עלטערן זענין עד היום הייסע חסידים אדער געבראטענע מתנגדים!

נאר אין קיין צייט זענין יודישע טאכטער ניט אזוי פיעל אומגליקליך גע-ווארען וויא נאך די יודישע פאגראמען.

ווער פון אונז געדענקט ניט אז אין יענער צייט איז אין יעדען יודישען שטעדטעל געוועזען אלע טאג צעהנדליגע און הונדערט חתונות.

ניינציג פראצענט פון די מחותנים זענין געוועזען פון דיא סוחרים, וואס האבען דערנאך זייערע ווייבער פארקויפט און זענין דערנאך ווייטער געקומען קיין רוסלאנד חתונה האבען.

יעדער חתן האט חתונה געהאט פאר צעהען ווייבער און דערנאך פראנק און פריי זיך ארומגעדרעהט אין רוסלאנד אלס בחור.

הונדערטער יודישע מיידלעך, וואס זענין אנטלאפין פון די גוישע פאג-ראמטשטשיקעס און געבעטען הילף ביי יודען, זענין אריינגעפאלען צו דיא יודישע סוחרים און זייא האבען געהאלפען...

פאר דיא יודישע סוחרים זענין די פאגראמען געוועזען וויא א האלעריע פאר איין אפטהייק, א סך זענין זייער רייך געווארען, אזוי אז אפילו א רוסישער גראף האט זיך אין זייא מקנא געוועזען און איז אויך געווארען א סוחר פון יודישע מיידלעך.

וועד איז שולדיג אין דעם וואס דער טרויעריגער פאקט קומט גראדע פאר צווישען יודען? אויף דער פראגע קענען מיר איצטער ניט ענטווערען, מיט דער פראגע וועלען מיר זיך נאך באגעגענען.

האט זיך דען דער מסחר מיט יודישע מיידלעך אנגעהויבען פון דיא פאגראמען? ניין עס איז נאך געוועזען א סך פריהער פאר דיא פאגראמען, דיא פאגראמען האבען נאר פארגרעסערט דעם אומגליק.

מיר קערען זיך אום צו אונזער ערצעהלונג וואס הויבט זיך אן אויך א סך פריהער פאר דיא פאגראמען.



לֵעאָן בּאריסאוויטש לעדערבערג, אִיז זֶעהְר צוּפְרִידֶען אַװעקְגֶעפָֿאהְרֶען פוּן דֶער שְׁטָאדְט ר... עֶר הָאט שׁוֹין צוּם צֶעהְנְטֶען מָאל בַּארֶעכֶענְט אַז פוּן פוּפְצִיג שְׁטִיק, נָאךְ אַלֶע גְרוֹיסֶע הוֹצָאוֹת װֶעלֶען אִיהְם בְּלַייבֶּען שְׁאֶנֶע עֶטְלִיכֶע טוֹיזֶענְד רוּבּל אִיבֶּערְן יָאהְר, עֶר אִיז גֶעװֶעזֶען פַארְזִיכֶערְט אַז דִיא „מוּהְמֶע הייקע" װֶעט אִיהְם דוּרְכֶען יָאהְר צוּשְׁטֶעלֶען אֶפְשַׁר נָאךְ מֶעהְר פוּן פוּפְצִיג, דַארוֹיף הָאט עֶר אִיהְר גֶעגֶעבֶּען גֶעלְד אַין אַדְרוֹיף אוּנ בַּאצָאהְלְט װָאס עֶס אִיז אִיהְר גֶעקוּמֶען פוּן יֶענֶעם יָאהְר.

װֶעגֶען דֶעם שְׁאֶנֶעם מֵיידִיל װָאס עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעהֶערְט בַּייא גאדלען אִין שְׁטוּב, אִיז עֶר גֶעװֶעזֶען פַארְזִיכֶערְט אַז עֶר װֶעט זִיא גֶעפִינֶען אִין אַדֶעס, װאוּ דֶען אַנְטְלוֹיפְט אַ פּוֹילִישׁ מֵיידִיל בַּייא אַזַא צוּפַאל אַז נִיט קַיין אַדֶעס, וּבִפְרַט עֶר [דֶעם פָאדְרַאטְשִׁיקְס זוּהְן] אִיז אוֹיךְ דָארְט. –

דֶער אִיבֶּריגֶער עוֹלָם װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אוֹיף דֶער זִיצוּנְג בַּייא גאדלען אִין שְׁטוּב אִיז זִיךְ צוּפָאהְרֶען אִין פַארְשִׁיעדֶענֶע זַייטֶען, אִין פַארְשִׁיעדֶענֶע שְׁטֶאדְט װֶעגֶען דֶעם מִסְחָר.

הייקע הָאט זִיךְ אִיצְט גֶעפְּלַאנֶעװֶעט צוּ צוּשְׁטֶעלֶען דֶעם פַאדְרִיַאד אוּנ אִיז גֶעװֶעזֶען פַארְזִיכֶערְט אַז עֶס װֶעט נִיט פֶעהְלֶען אֵיינֶע.

זִי הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעװאוּקְסְט דִיא צָאהְל מֵיידְלֶעךְ װָאס גֶעפִינֶען זִיךְ אוֹיף דֶער טוֹיטֶער גַאס, עֶטְלִיכֶע װֶעט זִיא רֶעדֶען שִׁדוּכִים, פַאר אֵיינִיגֶע װֶעט זִיא גֶעפִינֶען שְׁטֶעלֶען אִין אַ פְרֶעמְדֶער שְׁטָאדְט א. ז. װ.

אוּנ װִיא גְרִינְג פְּלֶעגְט זִיא דָאס אוֹיסְפִיהְרֶען! דִיא אָרֶעמֶע לַייט פְּלֶעגֶען אִיהְר נָאךְ דַאנְקֶען אוּנ זִיךְ פִיהְלֶען פַאר גְלִיקְלִיךְ װָאס הייקע הָאט גֶעפוּנֶען פַאר זֵייעֶרֶע טֶאכְטֶער שְׁטֶעלֶען אָדֶער חָתָנִים, דִיא מֵיידְלֶעךְ אַװַדַאי, אוּנ פְּלֶעגֶען אַלֶעס פָאלְגֶען הייקען.

דָאס אָרֶעמֶע מֵיידֶעל װָאס װֵייסְט מֶעהְר נִיט װִיא נוֹיטְה, עֶס אִיז אִיהְר מֶעהְר נִיט בַּאקַאנְט אִין אִיהְר אָרֶעמֶען לֶעבֶּען נָאר װִיא שְׁװַארְץ בְּרוֹיט, אַ עֶנְגֶע שְׁטוּבּ קְלֵיינֶע פֶענְסְטֶער, בְּלָאטִיגֶע גַאסֶען, שְׁטֶענְדִיג נַאקֶעט אוּנ בָּארְװֶעס, הָאט זִיךְ גֶעפִיהְלְט פַאר גְלִיקְלִיךְ װֶען זִיא אִיז אַרוֹיס פוּן דֶער „טוֹיטֶער גַאס". – אִין אָנְהוֹיבּ פְּלֶעגֶען זֵייא שְׁרַייבֶּען בְּרִיעֶף צוּא זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן אַז זֵייא זֶענֶען גָאר גְלִיקְלִיךְ, דִיא עֶלְטֶערְן פְּלֶעגֶען זִיךְ פְרֵייעֶן, דַאנְקֶען פְרִיהֶער גָאט אוּנ דֶערְנָאךְ הייקען פַאר זֵייעֶר גְלִיק, נָאר שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע חֳדָשִׁים אַז זֵייעֶרֶע גְלִיקְלִיכֶע טֶאכְטֶער פְּלֶעגֶען נָאר אוֹיפְהֶערֶען שְׁרַייבֶּען. דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע עֶלְטֶערֶען אַרוּמְגֶעהֶען אוּנ שָׁאקְלֶען מִיט דִיא קָאפּ:

– הַיינְט גֶעהְט אונ הָאט קִינְדֶער, הָארֶעוֶוע פוּן זֵייעֶרְטְוֶועגֶען בִּיז עֶס וַואקְסְט אוֹיס אונ דֶערְנָאךְ אַז גָאט הֶעלְפְט עֶס וֶוערְט זֵייא גוּט, פַארְגֶעסֶען זֵייא גָאר אָן טַאטֶע מַאמֶע, נִישְׁט קָשֶׁה וֶוען עֶס זָאל זֵייא זַיין חַס וְשָׁלוֹם וָואלְט מֶען דֶעם טַאטֶען גֶעשְׁרִיבֶּען

אונ אַזוֹי פְלֶעגֶען זֵייעֶרֶע טָאכְטֶער אוֹיף אוֹיבִּיג פַארְפַאלֶען וֶוערֶען, אונ בַּייא זֵייעֶרֶע אָרֶעמֶע עֶלְטֶערְן אִיז גֶעוֶועזֶען גַאנְץ נַאטִירְלִיךְ: „הַתּוּנָה גֶעהַאט, וָואס דַארְפֶען זֵייא הָאבֶּען צוּא טַאטֶע מַאמֶע, זִיא הָאט בַּאקוּמֶען אַ שְׁטֶעלֶע אוּנ פַארְדִיעֶנְט זִיךְ אִיהְר בַּאדֶערְפֶענִעשׁ, הַיינְט וָואס הָאט זִיא צוּ שְׁרַייבֶּען דֶעם טַאטֶען דֶעם קַבְּצָן, טָאמֶער וֶועט עֶר נָאךְ וֶועלֶען בֶּעטֶען גֶעלְד בַּיי אִיהְר, אַזוֹי זֶענִין אַלֶע קִינְדֶער״.

אַייךְ לִיעבֶּע לֶעזֶער וואוּנְדֶערְט אֶפְשָׁר וִויא אַזוֹי אִינְטֶערֶעסִירֶען זִיךְ נִיט קַיין עֶלְטֶערְן פַאר זֵייעֶרֶע קִינְדֶער אַפִילוּ וֶוען זֵייא הָאבֶּען שׁוֹין חַתּוּנָה גֶעהַאט אונ עֶס גֶעהְט זֵייא גוּט – אַפִילוּ וֶוען זֵיי זֶענִין שְׁלֶעכְט אונ ווִילֶען נִיט שְׁרַייבֶּען קַיין בְּרִיעף?

נָאר דָאס קוּמְט נָאר פַאר בַּיים פַארְמֶעגְלִיכֶען קְלַאס, בַּיי זֵייא אִינְטֶערֶעסִירְט מֶען זִיךְ אונ מֶען שְׁרַייבְּט זִיךְ אִיבֶּער אִין גַאנְצֶען לֶעבֶּען, נִיט נָאר מִיט אֵייגֶענֶע קִינְדֶער, נָאר אַפִילוּ מִיט בְּרִידֶער, שְׁוֶועסְטֶער, וַוייטֶע קְרוֹבִים אונ אַזוֹי גוּטֶע פְרַיינְד צוּ ווִיסֶען יֶעדֶער אִינְטֶערֶעסִירְט זִיךְ וִויא אַזוֹי עֶס גֶעהְט דֶעם צְווֵייטֶען אִין גֶעזוּנְד אונ אִין דֶער פַּרְנָסָה.

בַּייא דֶעם אָרֶעמֶען קְלַאס אָבֶּער ווֵייסְט מֶען גָאר דֶערְפוּן נִיט, אִין אָנְהוֹיבֶּען וֶוען מֶען צוּשֵׁיידְט זִיךְ, שִׁיקְט מֶען נָאךְ אֶפְשָׁר אַרִיבֶּער אַ גְרִיס מִיט אַ דוּרְכְפָאהְרֶער, אָדֶער אַ בְּרִיוֶועלֶע מִיט אַ בַּאקַאנְטֶען בַּעַל עֲגָלָה, אונ שְׁפֶּעטֶער פַארְגֶעסְט מֶען אָן אֵייגֶענֶע קִינְדֶער, אָן עֶלְטֶערְן, אָן בְּרִידֶער, שְׁוֶועסְטֶער, הַיינְט וֶוער שְׁמוּעֶסְט שׁוֹין פוּן וַוייטֶע קְרוֹבִים, גוּטֶע פְרַיינְד.

דָאס אִיז דֶערְפַאר וַוייל דִיא נוֹיטְה לָאזְט זֵייא נִיט אָב אוֹיף קַיין מִינוּט, זֵייעֶר גַאנְץ לֶעבֶּען זֶענִין זֵייא שְׁטֶענְדִיג פַארְנוּמֶען מִיט זִיךְ: וואוּ נֶעמְט מֶען אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט מֶען זָאל נִיט זַיין הוּנְגֶערִיג, וואוּ נֶעמְט מֶען עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען ווַייב אונ קִינְדֶער צוּא קוֹיפֶען אוֹיף דֶעם טָאג בְּרוֹיט, זֵייא זָאלֶען נִיט קְרֶעכְצֶען אונ זִיפְצֶען, זֵייא זָאלֶען נִיט ווֵיינֶען, מֶען זָאל הָאטְשׁ קֶענֶען זִיצֶען אַ שָׁעָה אִין דֶערְהֵיים אונ זִיךְ אָפְּרוּהֶען.

אִיז מֶעגְלִיךְ בַּייא אַזַא ווִיסְט לֶעבֶּען אִין זִינֶען צוּא הָאבֶּען וָואס טְהוּן עֶרְגֶעץ פוּן דֶער ווַייטֶענְס קִינְדֶער, בְּרִידֶער, שְׁוֶועסְטֶער, קְרוֹבִים, גוּטֶע פְרַיינְד?

„גֶעווִיס אִיז זֵייא נִיט עֶרְגֶער פוּן מִיר״, טְרַאכְט זִיךְ דֶער אָרֶעמֶער, „עֶרְגֶער קֶען שׁוֹין נִיט זַיין״.

אונ אַזוֹי אִיז שׁוֹין צְווִישֶׁען דִיא אָרִימֶע לַייט אַז וֶוען מֶען צוּשֵׁיידְט

זיך מיט איינגע – איז עס אויף אייביג, וויא גלייך איינער פאר דעם אַנדערן איז אָבגעשטאָרבען.

איצט קענט איהר שוין פארשטעהען וואָס פאר אַוויכטיגע ראָלע דיא טויטע נאַס" האָט געשפּיעלט ביי דיא סוחרים מיט זייער מסחר...

.7

## דאָס יודישע מיידיל.

פון ר' שמואל בערס הויז איז ר' זלמינע גלייך געגאַנגען אַהיים.

– זיא האָט באַגנבעט דעם פאָטער אונ איז געקומען צו מיר אין שטוב, איך זאָל איהר העלפען, אונ נאַרט מיך אָב אונ איך בעהאַלט זיא פאר איהרע עלטערן!... – האָט ר' זלמן נאָך אַמאָל איבערגעחזרט געהענדיג אַהיים אונ עס האָט איהם באַנג געטהון וואָס ער האָט ניט דערצעהלט איהרע עלטערן, ער האָט גערעכענט פאר אַ פאַרברעכען ניט אויסצוזאָגען. –

– נאָר... נאָר לאָז שוין זיין, איך בין שוין אַוועקגעגאַנגען, לאָס איך פריער זיין אין דער היים, איך וועל באַלד געהן צוריק...

פול מיט כעס איז ער אַריין אין שטוב; נאָר ווען ער האָט אַ קוק געטהון אויף לאה'ן, אויף איהר גוט עהרליך ליבטיג פנים, איהרע ריינע אויגען, איז איהם באַלד אַראָב דער כעס.

– ניין, ניט די אויגען, ניט דאָס פנים קען טהון אַזאַ זאַך אונ נאָך מיך אָבנאַרען, זיך וועלען באַהאַלטען ביי מיר אין שטוב; ניין!... זיא איז נאָר אומגליקליך.

אַזוי האָט ר' זלמינע געטראַכט אונ האָט זיך עפּיס געפיהלט פאַר שולדיג וואָס ער האָט פון איהר אַזאַ שלעכטע מיינונג געהאַט.

וואָס מעהר ער האָט געקוקט אויף איהר, האָט ער מעהר רחמנות געקריגען, זיין גוט הארץ איז אַזוי וויי געוואָרען אַז ער האָט זיא געוואָלט איבערבעטען, נאָר ער האָט זיך איינגעהאַלטען.

זיין איינקעל איז דערווייל צוגעגאַנגען אונ געזאָגט אַז דער באָרשט איז שוין פאַרטיג אונ האָט געגרייט צום טיש.

– איך וועל מיט אייך עסען האָט זיך פלוצים אָנגערופען לאה, איך וועל אייך צאָהלען.

– פאר עסען ביי מיין טיש נעם איך קיין געלט ניט, האָט זיך אָנגערופען ר' זלמן. – שיינדילע! דוא האָסט נאָר ניט געגעבען קיין איבערבייסען, זיא איז אודאי שוין לאַנג הונגעריג.

– איך האָב שוין געגעסען, איך האָב עפּיס געשיקט קויפען, האָט לאה געענטפערט.

– דוּא הָאסְט דֶען גֶעלְד ?

– אִיךְ הָאבּ מִיטְגֶענוּמֶען מַיינֶע עֶטְלִיכֶע רוּבּל וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט.

– אוּנ וַוייטֶער הָאסְט דוּא גָאר נִיט מִיטְגֶענוּמֶען ?

– גָאר נִיט, ר׳ זלמן, אַזוֹי וִויא אִיךְ שְׁטֶעה אוּנ גֶעה אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען צוּ אַייךְ, הוּין מַיינֶע עֶטְלִיכֶע רוּבּל.

ר׳ זלמן הָאט זִיךְ שְׁטַארְק פַארְוואוּנְדֶערְט אוּנ הָאט אִיהְר גֶעוָואלְט דֶערְצֶעהְלֶען וָואס עֶס פָארְגֶעקוּמֶען בַּייא אִיהְרֶע עֶלְטֶערְן אִין שְׁטוּבּ, נָאר עֶר הָאט זִיךְ בַּאלְד בַּאטְרַאכְט: „זִיא אִיז אַזוֹי אוֹיךְ אוּמְגְלִיקְלִיךְ".

– אוּנ דוּ ווִילְסְט נָאךְ מִיר צָאהְלֶען פַאר דֶעם עֶסֶען, דוּ בִּיסְט דָאךְ אַלֵיין אַ קַבְּצְנְטֶע, הָאט עֶר גֶעזָאגְט מִיט אַ שְׁמֵייכְל.

– יָא אִיךְ בִּין אִיצְט אָרִים, אָרִימֶער אוּנ אוּמְגְלִיקְלִיכֶער פוּן דִיא אַלֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען וָואס וָואהְנֶען דָא אוֹיף דֶער טוּיטֶער גַאס...

בַּאלְד הָאבֶּען זִיךְ אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט טְהְרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען אוּנ עֶר הָאט אִיהְר אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען:

– נָא, לָאז זַיין גֶענוּג, אַ מֶענְשׁ כָּל זְמַן עֶר לֶעבְּט טָאר עֶר נִיט זָאגֶען אַז עֶר אִיז אוּמְגְלִיקְלִיךְ, לָאמִיר בֶּעסֶער עֶסֶען אָנְבַּייסֶען.

* *
*

נָאךְ דֶעם עֶסֶען אֵיידֶער ר׳ זלמינע אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן טִישׁ הָאט לאה וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען, ר׳ זלמינע הָאט פַארְשְׁטַאנֶען אַז זִיא ווִיל דֶערְצֶעהְלֶען וָואס עֶס פַּאסְט נִיט פַאר זַיין אֵיינִיקֶעל, הָאט עֶר אִיהְר גֶעהֵייסֶען אַוֶועקְגֶעהְן אִין קִיךְ, נָאר לאה הָאט זִיא אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען:

– זִיא מֶעג זַיין, אִיךְ הָאבּ אִיהְר שׁוֹין אַלֶעס דֶערְצֶעהְלְט, זִיא ווֵייסְט שׁוֹין אַלֶעס.

– דוּ הָאסְט נִיט גוּט גֶעטְהוּן, לאה, וָואס דוּ הָאסְט אִיהְר דֶערְצֶעהְלְט, עֶס פַּאסְט נִיט פַאר אַ יוּדִישׁ מֵיידִיל.

– „עֶס פַּאסְט נִיט" אָט דֶער עֶס „פַּאסְט נִיט", הַלְוַאי וָואלְט מֶען מִיר גֶעווֶעזֶען דֶערְצֶעהְלְט, הַלְוַאי וָואלְטֶען אַלֶע יוּדִישֶׁע מֵיידְלִיךְ עֶפֶּעס מֶעהְר גֶעוואוּסְט, ווָאלְטֶען זֵיי אֶפְשֶׁר גֶעוואוּסְט ווִיא צוּ לֶעבֶּען, אָט דָאס אִיז אוּנְזֶער אוּמְגְלִיק וָואס אוּנְזֶערֶע יוּדִישֶׁע מֵיידְלִיךְ מֶעהְר ווִיא דֶער מַאמֶעס פַארֶעלִיק, ווַייסֶען זֵייא גָאר נִיט, אוּנ דִיא עֶלְטֶערְן מֵיינֶען אַז מֶען דַארְף גָאר נִיט ווִיסֶען, אוּנ דֶערְנָאךְ אַז מֶען טְרֶעט אַרַיין אִין דֶער וֶועלְט, אָ, ווִיא וֶוערְד מֶען אוּמְגְלִיקְלִיךְ! ווִיא בִּיטֶער, ווִיא שְׁלֶעכְט אִיז צוּ לֶעבֶּען אַז מֶען קֶען דָאס לֶעבֶּען אוּנ דִיא וֶועלְט נִיט. נָאר זַייט רוּהִיג, ר׳ זלמינע, אִיךְ הָאבּ אַייעֶר אֵיינִיקֶעל קֵיין שְׁלֶעכְטֶס נִיט דֶערְצֶעהְלְט, זִיא וֶועט שׁוֹין זַיין פִיעל גְלִיקְלִיכֶער פוּן מִיר.

– אַף זֵיידֶע, הָאט פְּלוּצִים שֵׁיינדילע אָנְגֶעהַאפְּט דֶעם זֵיידֶען בַּייא דִיא

האנד, ווען דו זאלסט וויסען וויא גוט עס איז צו זיין איין ארימער יוד, איין ארים מיידיל, ווי איך מיט דיר בין! ביי די רייכע איז אזוי פאסקודנע, זיידע!

— נא דו ביזט שוין א נאר מיין קינד, אז מען ווייסט ניט וואס צו רעדען זיצט מען אונ מען שווייגט.

— ניין זיידע, לאה האט מיר דערצעהלט אזוינע זאכען וואס עס טהוט זיך ביי די רייכע, ווי אזוי מען לעבט דארט אז איך האב זיך דערשראקען אונ האב מורא געהאט צו הערען. א יא זיידע, לאז אונז גאט אבהיטען מיר זאלען זיין רייכע, א יא לאה!

— נא, נא לאז שוין זיין גענוג, איך האב זיך דיר שוין געזאגט אז דוא ביזט א נאר אונ דו רעדסט נאך.

— פאר וואס בין איך א נאר, זיידע?

— ווארום ווען דו זאלסט זיין א קלוג מיידיל וואלסט דו געזאגט: „מיר אונ אלע יודען מיט אלע יודישע גוטע פריינד זאל גאט העלפען, אז אלע זאלען זיין גרויסע גבירים".

שיינדעלע האט שטארק פערדאכטיג א קוק געטהון אויף לאה, וויא איינער זאגט: „דו, לאה, האסט מיר דערצעהלט עפיס אנדערש, צום סוף האסט דוא מיר געזאגט א ליגען, ווארום דער זיידע זאגט אנדערש, דער זיידע ווייסט זיך בעסער".

יא יא, זיידאניא, איך וועל שוין טאקי בעטען גאט מיר זאלען בעסער זיין גבירים. איך פלעג טאקי תמיד אויך אזוי טראכטען, ווען מיר זאלען זיין גבירים וואלטען מיר שוין ניט געגעסען אזא שווארץ ברויט, מיר וואלטען אלע טאג געבאקען פרישע בולקעס פון פערוועה מעהל, אין בארשט וואלטען מיר אריינגעלעגט אפשר א האלב פונט פלייש אונ א הוין וואלטען מיר געקאכט א יויך מיט רייז (ניט מיט גראפענע קאשע). א יא זיידע! איך וואלט מיר אויפגענאהט צוויי ציצענע קליידלעך אונ א הוין א וואלענס אויף שבת, מיט אזוינע שאנע שליארעס אונ סטענגעס וויא אלע גבירישע מיידלעך אין שטאדט געהן, מיר וואלטען שוין ניט געוואהנט דא אין דעם שטיבעל אויף דער טויטער גאס, מיר וואלטען שוין געוואהנט אין שטאדט אין א שטוב מיט א גאניקעל אונ איך וואלט ארויסגעגאנגען אזוי שבת אויף דעם גאניק אנגעטהון שאן אין דעם נייען וואלינעם קלייד מיט א היטעלע פון פעדערן אויף דעם קאפ אונ וואלט אזוי ארונגעקוקט אויף דעם גאניק ווי איך געה אזוי שאן אנגעטהון, אונ שפעטער וואלט איך א כלה געווארין פאר א חתן וואס האט א טאטען א גרויסען גביר, דער רייכער מחותן וואלט מיר געשיקט א לאנגע גילדענע קייט מיט א בראש אונ דיא מחותנתטע וואלט מיר געשיקט פינגערלעך מיט דימענטין, אלע מיידלעך וואלטען געזעהען אונ מיך מקנא געוועזען, דערנאך וואלט געוועזען ביי מיר א גרויסע התונה, יודעל כלי זמר מיט דער גרויסער קאמפאניע וואלט

געשפיעלט בייא מיר אויף דער התונה אונ איך וואלט געגאנגען אנגעטהון אין א סאך, א סאך טהייערע זיידענע קליידער מיט פיעל סאמעטענע בורנוסען (מאנטילען) אונ א פאר שיך אויף הויכע קנאפעל אפשר פאר צוואנציג קערבעליך איין פאר, דערנאך וואלט איך טאקע אליין געווארען א בעל ביתטע, אליין א גבירטע, איך וואלט צוגענומען א סך משרתים מיט קנעכט מיט דיענסטען, איך וואלט מיט יעדען געשאפט, מיין מאנן וואלט געוועזען א גרויסער לאנדס סוחר, ער וואלט געקומען פון דעם ווייטען וועג אונ מיר געבראכט אהיים אזוי פיעל טהייערע מתנות, נייע זיידענס אויף קליידער, נייע זילבערנע לייכטער אונ אזא האלז פעריל (זיא האט מיט ביידע הענד אב-געוויזען אויף איהר האלז אפשר פון זעקס שנירלעך!...

זיא וואלט נאך געוועזען גערעדט, נאר אין קיך האט עפעס געגעבען א שטארקען קלאפ מיט א הילעך וויא עפעס צובראכען, אונ שיינדעלע איז ניט טויט ניט לעבעדיג אוועק מיט א גוואלד.

– אוי א דונער האט מיך דערשלאגען, זיידע, איך האב פארגעסען די מאקרעטע אויף דעם פריפיטשיק אונ די קאץ, א פגירה אויף איהר, האט שוין ווייטער געקערט צו ברעכען, א פגירה אויף איהר!

אין איין אויגענבליק איז זיא געקומען צוריק מיט א' געוויין האלטענדיג אין ביידע האנד צובראכענע) שטיקליך פון דער מאקרעטע.

– יא, זיידע, איך האב טאקע געטראפען, א פגירה אויף איהר, איך האב פארגעסען די מאקרעטע.

– האסט דו ניט געוואלט פארגעסען אונ שטעלען אויף איין ארט, וואלט זיא ניט צובראכען, היינט וואס וויינסט דוא? ווער איז דיר שולדיג אז ניט דוא אליין.

– וואס הייסט איך זאל ניט וויינען? פערצעהן גראשען, א פגירה אויף איהר, א נייע מאקרעטע, זאל איך ניט וויינען? אפילו דער דנא, איז נאך ניט אפגעבערנט, צוויי וואכען בין איך זיך באגאנגען אהן א מאקרעטער, האסט דו זיידע, מיר געבראכט פירצען גראשען, נא אונ איצטער וואס זאל איך טהון? איך קען מיר דען באגעהען אהן דער מאקרעטע אפילו איין טאג? אט דארף איך שוין געהן אריין רוקען אקריפ אונ עס איז ניטא מיט וואס...

אונ שיינדעלע האט זיך ערשט איצטער צוויינט.

דער אומגליק מיט דער מאקרעטע האט דער פאנטאזארקע מיט איהר רייכטהום, וויא מיט א דונער פארשלאגען דעם קאפ אז זיא האט אין דער מינוט פארגעסען אן איהר גאנצען רייכען לעבען וואס זיא האט זיך נאר וואס פארגעשטעלט, ניט נאר אן דיא זעקס גראבע שניער פערעל וואס דער מאנן דער גרויסער לאנדס סוחר וועט איהר ברענגען פון דיא ווייטע לענדער, נאר אפילו אן דער פרישער בולקע וואס זיא וואלט זיך געבאקען אלע טאג.

לאה האט ארויסגענומען פירצעהן גראשען אונ האט איהר געגעבען זיא זאל באלד געהן קויפען א נייע מאקרעטע.

ר׳ זלמינע האט שיינדלען ניט אויפגעהאלטען, נאר פארקעהרט, ער האט געבעטען אז לאה שיקט זיא אונמיסטען אוועק קויפען כדי זיא זאל קענען מיט איהם רעדען וואס עס איז אפשר א סוד פאר א קינד.

אונ שיינדע׳ע איז אוועק מיט גרוים פרייד קויפען א נייע מאקרעטע, ווי מען זאגט: „ווען פרייעט זיך איין ארעמאנן? — ווען ער פארליערט אונ געפינט דערנאך!"

*
*

— פאר וואס האסט דו מיך ניט געלאזט, ווען איך האב איהר געוואלט איבערשלאגען די נארישע קינדערשע רייד? האט ר׳ זלמינע געזאגט צו לאה׳ן נאכדעם ווען שיינדעלע איז אוועקגעגאנגען.

— גאר ניט נאריש, אזוי רעדען אלע יודישע מיידלעך, קלוגע אונ נאראנים, ארימע אונ רייכע, אלע דענקען אונ טראכטען נאר וועגען איין זאך. דאס איינענע וואס אייער שיינדעל האט נאר וואס גערעדט, אונ דאס וואס איהר רופט אן נאריש.

— איך קען אזוינע ווערטער ניט הערען, ובפרט נאך פון מיין איינען איינינקעל ביי מיר אין שטוב, איך האב איהר געוואלט איבערשלאגען זיא זאל מעהר ניט רעדען אזוינע פוסטע נארישע זאכען, נאר דו האסט מיך אלין אבגעהאלטען אונ איך פארשטעה ניט פאר וואס, וואס האט דיך אזוינס אינטערעסירט צו הערען?

— איך האב אומיסטנע אייך אבגעהאלטען איהר זאלט אליין הערען — איך זאל אייך פארשפארען צו דערצעהלען אז איך בין אויך א יודיש מיידעל, איך האב אלע מיינע מיידילשע יאהרען אויך אזוי געטראכט, אזוי געפאנטאזירט, נאך מעהר, ר׳ זלמן, נאך מעהר וויא אייער שיינדעלע! איך האב זיך גאר קיין אנדער לעבען ניט געוואלט פארשטעלען, אויף וואס דען לעבט מען אויף דער וועלט, האב איך שטענדיג געטראכט, אז ניט דארויף — מען זאל א מאל זיין א גביר׳טע, האבען א סך קליידער אונ דער מאנן דער גרויסער סוחר זאל ברענגען פון די ווייטע לאנדער אסך מתנות, דערמיט האב איך זיך באשעפטיגט כל זמן איך בין געזעסען ביים טאטען אין שטוב פארלעגט די הענד, ווי טאטע מאמע הייסען; איך האב געמיינט אז עס דארף אזוי צו זיין, נאר זינט מיין עלטערע שוועסטער האט חתונה געהאט אונ איז אוועקגעפארען צום שווער אויף קעסט, האט מיך דער טאטע מיט דער מאמע ארויסגענומען אין קלייט אריין אויף דער שוועסטערס ארט. דא אויף דער גאס, צווישען אלערליי מענשען, איך מיין דא אין קלייט — האב איך אנגעהייבען מעהר צו פארשטעהן

דאס לעבען אונ קענען דיא וועלט, איך האב אנגעהויבען צו קוקען מיט אנדערע אויגען, אויף מיינע עלטערנס ערציהונג, וואס זייא האבען מיר געגעבען, אונ ווי אזוי זיי ערציהען מיך איצט; כל זמן איך בין ניט געוועזען ביי דער מאמען אין קלייט קיין קרעמערין. פלעגט מיר די מאמע אלין זאגען: „א יודיש מיידיל דארף נאר זיצען אין שטוב", אונ איך בין געזעסען, מיט א מאנסביל האב איך ניט געטארט רעדען, אפילו זיך ניט באגעגנען, איך האב זיך נאר באגעגענט מיט מיינע חברתים, פארשטעהט זיך אויך אזוינע יודישע מיידלעך; וואס האב איך געקענט הערען פון זייא? פונקט דאס איינענע וואס מיר האבען נאר וואס געהערט פון אייער איניקעל; אמאל האב איך אויך פארברענגט א שעה צווישען יודישע ווייבער, וואס האב איך געהערט פון זיי? אויך וועגען קליידער, אוירינגלעך, שניערלעך פעריל, וויא איינע פערגינט ניט דער צווייטער דאס לעבען דערפאר וואס זיא האט א שענער קליידעל, אדער מיט א פינגערל אונ דעסטגלייכען פון אזוינע זאכען האב איך געהערט.

— מיט איין ווארט, ר' זלמן, איך בין אויך געוועזען פארזיכערט אז א יודישע טאכטער ווערט נאר באשאפען אויף דער וועלט דארויף אז כל זמן זיא איז א מיידיל, דארף זיא נאר זיצען אין שטוב וויא אין א טורמא אונ ווארטען ביז אין דער צייט זיא זאל שוין קענען א כלה ווערען, כדי דיא מחותנים זאלען איהר אסך מתנות שיקען, דערנאך זאל זיין א גרויסע חתונה, כדי מען זאל זיא אויסקליידען וויא א בת מלכה א. ז. וו.

נאר שטעלט זיך פאר, ר' זלמן, אז פלוצים נעמט מען מיך ארויס אין קלייט אריין איך זאל זיין א בריה, — אונ ווי פארוואונדערט בין איך געווארען, ווי האב איך זיך דערפרייעט אז דא אין קלייט בין איך פלוצים געווארען פריי אונ מיינע עלטערן האבען מיך נאר אין קיין שום זאך ניט געשטערט; שטעלט זיך פאר אז א מיידעל וואס ביז אהער האט זי מיט קיין מאנסביל ניט געטארט רעדען אונ אפילו ניט קוקען אויף איהם, — בכלל האב איך ביז אין דער צייט מיט קיין מענשען קיין צווייא ווערטער ניט געקאנט רעדען — אונ איצטער פלוצים בין איך געווארין א געשעפטס מענש אונ מעג אלעס: קומען פריצים קונים אונ רעדען מיט מיר — מעג איך; געהט אוועק פריין אונ דריקט מיר די האנד, איז רעכט; קומט א יונגער אפיצער אונ גיט עפעס צו לייזען, אונ ווען ער געזעגענט זיך אונ איז פרעהליך אונ עס פארגלוסט זיך איהם צו ווערטלען מיט מיר, גלעטען מיך ביי דיא האר אדער אנהאפען מיך ביי דיא האנד, צו גלאט אזוי ארויסווארפען פאר מיר אזוינע ווערטער וואס עס פאסט ניט פאר קיין יונג מיידיל איז דאס אויך רעכט; דאס אלעס פלעגען הערען מיינע עלטערן אונ זייא האבען מיר קיין מאל ניט באמערקט אזוי איז ניט שאן, עפים האבען זייא

זיך ניט וויסענדיג געמאכט, וויא מען זאגט: געקוקט דורך דיא פינגער; איך ווייס אליין ניט וואס דאס איז.

– אין אנהויב ווען איך האב געגעבען דיא האנד א פריין ווען ער איז אוועקגעגאנגען אונ זיך געזעגענט, פלעג איך ציטערען פאר שרעק.

– סטייטש, געבען א מאנסביל דיא האנד אונ נאך א גוי! פלעג איך זיך אליין טראכטען, א קלייניקייט, דיא הענד וועלען מיר אפפאלען אונ דער גאנצער גיהנם וועט זיין קארג פון מיינטוועגען, נאר דערנאך בין איך אזוי געוואהנט געווארין אז עס האט ביי מיר שוין ניט אויסגעמאכט.

איין מאל, איך געדענק עס ווי היינט, האט א פריין אונז געגעבען צו לייזען אונ האט מיר אזוי דערגעסען מיט זיינע ווערטעך, אונ מיט זיין אלע מאל געמענדיג ביי מיר דיא האנד, אז איך האב נאך זיין אוועקגעהן געזאגט דעם טאטען מיט דער מאמען:

– דער קונה האט מיר אזוי דערגעסען אז איך וואלט איהם ארויסגע־טריבען פון דער קלייט אונ ניט געוואלט ביי אזוי קונים לייזען.

דארויף האבען זיי מיר געענטווערט בזה הלשון.

– ניין טאכטעראניא, אזוי איז מען ניט קיין קרעמערין, עס איז אודאי ניט גוט וואס מען דארף אפט קונים געבען דיא האנד, אונ צו הערען זייערע נארישע ווארטער, נאר וואס טהוט מען ניט צו ליעב דער פרנסה? אויף דרויף איז ער זיך א גוי, איין ערל טמא; דער יוד איז זיך דערויף אין גלות, לאז זיך דאכטען אז מען גיט א שטיק האלץ די האנד.

– ר' זלמן! איך ווייס ניט וויא איהר פארשטעהט די ווארטער, ביי אייך אפשר מאכט עס אפשר אויך גאר ניט אויס, ווי ביי מיינע עלטערן, נאר איך האב זיך דעמאלט אזוי באליידיגט פון זייערע ווערטער אז איך בין פארשעמט געווארען אונ גלייך אין דיא אויגען זייא ניט געקאנט קוקען.

איך בין עטליכע טאג ארומגעגאנגען צוא קאכט אונ האב זיך אליין געפרעגט.

וואס? צוא ליעב דער פרנסה מעג איך אלעם דאס טהון וואס מיינע עלטערען האבען מיר פריהער אזוי שטרענג פארבאטען! מיט אונזער שכנ'ס יודיש יונגעל האב איך ניט געטארט רעדען אונ אפילו ניט זיצען אויף א באנק, אונ דעם קונה מעג איך געבען דיא האנד אונ אויסהערען פון איהם אלע מיאוסע ווערטער. ניין, איך האב מיינע פרומע עלטערן וואס רעדען נאר מיט גאט אונ פון דעם רבין פאר דיא ווערטער ניט געקענט מוחל זיין – „זייא ערציהען מיך ניט גוט אונ עהרליך" איז מיר פון דעמאלט אן איינגעפאלען אין קאפ.

אונ ניט ווילענדיג האב איך זיך אנגעהויבען צוא צוא קוקען וויא אלע אנדערע יודישע קרעמערס ערציהען זייערע טעכטער אונ האב באמערקט אז

אימתים איז דאס זעלבע: וואו א יודישער קרעמער, וואו א יודישער שאנקער וואס מאכט זיין טאכטער פאר א בריה ד. ה. וויא באלד ער שטעלט זיא אונטער דער סטאנקע אין שינק, אדער געבען דיא פאליצעס אין קלייט באקומט זיא פלוצים אזוי פיעל פרייהייט, ווערענד פריהער האט מען איהר דאס אלין אזוי שטרענג פארבאטען.

— ניין לאה, האט זיך פלוצים אנגערופען ר׳ זלמן, דוא ביזט אין כעס אויף דיינע עלטערן. רעדסט דוא שוין אויף אלע יודען; דאס וואס דוא זאגסט איז א ליגען, פארקעהרט, יעדער יוד וויל זיין טאכטער זאל זיין ערליך אונ היט זיא אב מיט זיין גאנץ לעבען; צעהן פרנסות וועט דער יוד לאזען פאלען ווען ער זאל וויסען אז דורך דער פרנסה וועט זיין טאכטער חו״ש ווערען אומערליך; א יודישע טאכטער טאר ניט אזוי רעדען וועגען יודען, לאה!

— וואס זאגט איהר ר׳ זלמן? איך זאג דען אזוי? לאז מיך גאט אבהיטען ווען איך מיין נאר אזוי וועגען יודען, פארקעהרט, מיך אליין פלעגט „פארדריסען ווען איך פלעג הערען וועגען יודען אזוי...

— פון וועמען האסט דוא געקענט הערען אזוינע זאכען, האט ר׳ זלמן איהר איבערגעשלאגען דיא רייד.

— איך האב ניט געהערט, נאר איך האב איינינע ביכער פון יודישע שרייבער וואס שטעלען דארטען פאר שרעקליכע בילדער, וויא א יוד פארקויפט זיין טאכטער א פריץ אדער אין אפיצער, כדי ער זאל זיין ביים גוים אחשוב, אדער געלד נעמען, מיך האט דאס אונטערגעטראגען פאר כעס וויא יודען שרייבען אזא בלבול אויף יודען, דאס איז ליגען, א יוד וועט באמת שטארבען פאר הונגער אונ וועט אזא שרעקליכע זאך ניט טהון, אונ פאר דיא שרייבער איז קארג דער גיהנם פאר דיא אומזיסטיגע בלבולים וואס זייא טראכטען אויס אויף כל ישראל אבי זייא זאלען האבען פון וואס צוא שרייבען.

— אז וויא באלד אזוי, וואס זשע רעדסט דוא מיט אזא כעס וועגען יודישע קרעמער, יודישע שיינקערס אונ וועגען דיינע אייגענע עלטערן, דוא האסט זיך דען ניט אזוי אויסגעדריקט וועגען זייא?

— א ניין! איך זאג נאר אז זייא טהון אונ וייסען ניט וואס זייא טהון; זייא מאכען אפט אומגליקליך זייערע אייגענע טאכטער אונ האבען דערביי קיין שלעכטע מחשבה ניט, דאס הייסט: זייא קומט קיינמאל ניט אויף דיא געדאנקען אז עס קען חו״ש עפיס שלעכטיס ארויס קומען; דער גאנצער אומגליק איז, וואס דיא פרומע עלטערן מיינען אונ זענען פארזיכערט אז זייערע יונגע קינדער זענין אויך אזוי פרום וויא זייא. אז עס קען זייא קיינמאל קיין שום זאך ניט שאדען, גלייך וויא זייא — עלטערע פראקטישע מענשען; אט א שטיינער וועל איך אייך ווייזען א קליינקייט: דיא יודישע מוטער דערצעהלט איהר אייגענער טאכטער פון קליינערהייט אן:

אַז דוּא טַבְטֶערוֹנְיָא װֶעסְט זַיין אַ װָאהל מֵיידִיל, װֶאסְט דוּא גִיךְ װֶערֶען אַ כַּלָּה, דֶער חָתָן װֶעט דִיר שִׁיקֶען אַ גִילְדֶענֶע קֵייט, מִיט אַ סַאמֶעטֶען קְלֵייד, צוּא דֶער חֲתוּנָה װֶעט מֶען דִיר מַאכֶען אַזוֹי פִּיעל קְלֵיידֶער װִיא דֶער בַּת מַלְכָּה"; מִיט אֵיין װָארְט דִיא אֵייגֶענֶע מוּטֶער רֶעכֶענְט אוֹיס דֶער טָאכְטֶער אַזַא צֶעטִיל, פּוּנְקְט װִיא אַייעֶר שֵׁיינְדֶעלֶע הָאט אוֹיסְגֶערֶעכֶענְט װוּען זִיא װֶעט װֶערֶען אַ גְבִירְ'טֶע. אִיךְ שְׁװֶער אַייךְ, אַז דִיא מוּטֶער פַּאלְט גָאר נִיט אַיין אַז אַזוֹינֶע װֶערְטֶער זָאלֶען קֶענֶען שַׁאדֶען אַ קִינְד, נָאר װִיא שַׁאדֶען אָבֶער אַזוֹינֶע הַבְטָחוֹת דִיא יוּדִישֶׁע מֵיידְלֶעךְ?...

מַיינֶע עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען מִיךְ גֶעמַאכְט פַאר אַ בְּרִיָה אִין קְלֵייט. אִיךְ מֶעג רֶעדֶען װֶערְטְלֶען זִיךְ, לַאכֶען מִיט אַלֶע קוֹנִים, קֵיינֶער שְׁטֶערְט מִיךְ נִיט, אָהן שׁוּם זַייטִיגֶע מַחֲשָׁבוֹת חו"ש זָאגֶען זַייא מִיר: גֶעם טָאכְטֶערוֹנְיָא דִיא אוּנ דִיא שְׁטִיקְלֶעךְ סְחוֹרָה אוּנ גֶעה צוּא דֶעם פָּרִיין, עֶר הָאט זִיךְ גֶעהֵייסֶען בְּרֶענְגֶען סְחוֹרָה אַהֵיים. מַיינֶע עֶלְטֶערְן מֵיינֶען דֶערְבַּיי חו"ש גָאר נִיט, נָאר אָבֶער װִיא שַׁאדֶעט אַזַא אַרוּמְגֶעהְן מִיט סְחוֹרָה צְװִישֶׁען דִיא פְּרִיצִים פַאר אַזַא יוּדִישׁ מֵיידֶעל װִיא אִיךְ, װָאס מֶע הָאט מִיךְ גֶעלֶערְנְט אַז מֶע טָאר אֲפִילוּ נִיט קוּקֶען אוֹיף אַ מַאנְגֶעבִּיל אוּנ אִיצְטֶער מֶעג אִיךְ אַלֶעס. װָאס אִיז? — עֶר גִיט צוּא לֵייזֶען! אָ ר' זַלְמִינְע! װִיא פַאלְט אַרָאב דָאס מֵיידֶעל בַּייא זִיךְ אַלֵיין װֶען זִיא הָאט נָאר עֶטְװָאס פֶערְשְׁטַאנְד!...

אוּנ מֶערְקְװִירְדִיג װָאס מֶעהר אִיךְ הָאבּ גֶעקֶענְט זִיךְ װֶערְטְלֶען מִיט דֶעם פָּרִיין, צוּא לַאכֶען מִיט אִיהְם, אִיבֶּערְטְרָאגֶען אַלֶע זַיינֶע װֶערְטְלֶעךְ, װִיא לְמָשָׁל דֶער פְּלֶעגְט מִיר זָאגֶען „אַז עֶר בֶּעדוֹיעֶרְט זֶעהר װָאס אִיךְ — אַזַא קְרַאסִיװֶע זְשִׁידָאװַאטְשֶׁקֶע" זָאל אַמָאל דַארְפֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר אַ זְשִׁיד פַּארְךְ מִיט פֵּאוֹת", דֶער הָאט מִיךְ גְלַאט אַזוֹי אִין אַ װֶערְטֶעל אַרוּמְגֶענוּמֶען אוּנ אַ קוּשׁ גֶעגֶעבֶּען, אוּנ דֶער הָאט זִיךְ פְּרָאסְט אַזוֹי גֶעטְשֶׁעפֶּעט, אוּנ װִיא בַּאלְד אִיךְ הָאבּ נָאר גֶעלֵייזְט גֶעלְד, הָאבּ אִיךְ בַּאקוּמֶען אַ נָאמֶען פוּן אַ בְּרִיָה אוּנ מֶע הָאט מִיךְ גֶעוִויכְט אִין הִימֶעל אַרַיין, נָאר טָאמֶער חו"ש אוּם שַׁבָּת אַז מֶע הָאט מִיךְ בַּאגֶעגֶענְט רֶעדֶען מִיט אַ יוּדִישֶׁען יוּנְגֶען מַאן, פְּלֶעגְט מֶען בַּאלְד אוֹיסְטְרַאכְטֶען אוֹיף מִיר װָאס אִין דֶער קָארְט שְׁטֶעהְט אוּנ מַיינֶע אֵייגֶענֶע עֶלְטֶערְן פְּלֶעגֶען מִיר טְהוּן צוּם טוֹיט נָאר דֶערְפַאר װָאס אִיךְ הָאבּ גֶערֶעדְט מִיט אַ יוּנְגֶען מַאנְן נִיט קֵיין קוֹנֶה.

הַיינְט שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר װִיא הָאט דָאס בַּייא מִיר אוֹיסְגֶעזֶעהְן, אַז מִיט דֶעם פָּרִיין מֶעג מֶען יָא אוּנ מִיט אַ יוּדִישֶׁען יוּנְגֶען מַאן, אוּנְזֶער אַשְׁכֵּנ'וֹס אַ זוּהן, װָאס אִיךְ קֶען אִיהם פוּן קִינְדְהַייט אָן, טָאר אִיךְ אֲפִילוּ נִיט רֶעדֶען, נִיט גֶעהְן, נִיט שְׁטֶעהן אוֹיף אֵיין אָרְט, אוּנ גָאטְט זָאל נָאר אָפְּהִיטֶען דְרִיקֶען דִיא הַאנְד, װֶען מֶע זָאגְט אַ גוּטֶען שַׁבָּת. נָאר דֶער תֵּירוּץ אִיז — מִיט דֶעם

„פְּרִיין יָא", וַוייל וָואס זָאל מֶען טְהוּן מִיט דֶער ווִיסְטֶער פַּרְנָסָה!... זֵייא ווִילֶען גָאר נִיט ווִיסֶען אַז יוּנְגֶע קִינְדֶער זֶענִין נִיט אַזוֹי פֶּערְדָארְבֶּען ווִיא עֶלְטֶערֶע מֶענְשֶׁען, יוּנְגֶע קִינְדֶער ווֵייסֶען נִיט „צוּא לֶיעבּ פַּרְנָסָה", בַּייא זֵייא אִיז דָאס אַ גְרוֹיסֶע „פְּרַאנְגֶע" פַאר וָואס מִיט דֶעם פְּרִיין מֶעג מֶען זִיךְ בַּאגֶעהֶען פְּרֵייא אוּנ מִיט אַ יוּדִישֶׁען יוּנְגֶען מַאנְן טָאר מֶען אַפִּילוּ נִיט רֶעדֶען.

— זָאגְט ר' זלמינע וָואס אִיהר ווִילְט, מַיינֶע עֶלְטֶערְן זֶענִין יָא אִין דֶעם שׁוּלְד אָדֶער נִיט, אִיךְ ווִיל, גָאר נִיט ווִיסֶען, נָאר דָאס ווֵייס אִיךְ זֶעהר גוּט, אַז אַזַא עֶרְצִיהוּנְג הָאט מִיךְ יוּנְג פַארְדָארְבֶּען, מַיין הַארַאקְטֶער הָאט זִיךְ גָאר אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען, נָאר נִיט אַזוֹי ווִיא עֶס דַארְף זַיין בַּייא אַ יוּנְג אוּמְשׁוּלְדִיג מֵיידִיל וָואס עֶס ווֶערְט עֶרְצוֹיגֶען אִין אַיין עֶהרְלִיךְ יוּדִישׁ הוֹיז, ווִיא מַיינֶע עֶלְטֶערְנְס הוֹיז אִיז בַּאקַאנְט, אִיךְ. מוּז זִיךְ פַאר אַייךְ מוֹדֶה זַיין אַז אִיךְ הָאבּ מַיינֶע עֶלְטֶערֶען אִין יֶענֶער צַייט אוֹיפְגֶעהֶערְט לִיעבּ צוּא הָאבֶּען אוּנ צוּא אַכְטֶען ווִיא קִינְדֶער דַארְפֶען אַכְטֶען עֶלְטֶערְן, זֵייעֶר גַאנְץ פְרוּמְקַייט, מִיט זֵייעֶר שְׁטֶענְדִיג דַאווְנֶען, זֵייעֶר גַאנְץ חֲסִידוּת הָאט בַּייא מִיר בַּאקוּמֶען אַ פָּנִים מֶעהר נִיט ווִיא אַ קָאמֶעדְיֶע, מִיט אַיין ווָארְט אִיךְ בִּין אָפְּט גֶעווֶעזֶען אַנְטְקֶעגֶען זֵייא אַיין עַזוּת פָּנִים, אִיךְ הָאבּ זֵייא זֶעלְטֶען גֶעעֶנְטְווֶערְט ווִיא מֶען דַארְף עֶנְטְווֶערֶען עֶלְטֶערִין, אוּנ ווִיא אַזוֹי מֵיינְט אִיהר הָאבֶּען זֵייא אוּנ פְרֶעמְדֶע פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען גֶעקוּקְט אוֹיף מַיין עַזוּת?

דִיא עֶלְטֶערִין פְלֶעגֶען זִיךְ אָפְּט קְלָאגֶען ווֶעגֶען מִיר:

— דַאכְט זִיךְ גָאט הָאט אוּנְז גֶעבֶּענְשְׁט מִיט אַ פַיין קִינְד, זִיא אִיז שֶׁען אוּנ גוּט, קְלוּג ווִיא דֶער טָאג, זִיא קֶען רֶעדֶען מִיט אַ קוֹנֶה אֲפִילוּ מִיט אַ קֵיסֶער, זִיא אִיז אַ גְרוֹיסֶע בְּרִיָה אִין קְלֵייט, נָאר אַ בִּיסֶעל אַיין עַזוּת פָּנִים אַקֶעגֶען טָאטֶע מַאמֶע, נָאר גָאט זָאל אִיהר מוֹחֵל זַיין, זִיא אִיז פָארְט אַ ווֶעלְטְלִיךְ מֵיידִיל, אַ קְלוּגֶע, אַ מָאל אִיז זִיא טַאקֶע גֶערֶעכְט מִיט אִיהר שְׁרֵייעֶן אוֹיף אוּנְז.

פְרֶעמְדֶע אוּנ שְׁכֵנִים הָאבֶּען זִיךְ ווֶעגֶען מַיין „עַזוּת" אוֹיסְגֶעדְרִיקְט אַזוֹי:

— ווִיא גֶעפֶעלְט אַייךְ ר' שְׁמוּאֵל בְּעֶרִים מֵיידִיל?

ווָאס אִיז פַאר אַ שַׁאֲלָה? הָאבֶּען אַנְדֶערֶע גֶעעֶנְטְווֶערְט, עֶס אִיז עֶפִּיס אַ רֶעדֶע? לָאז גָאט בֶּענְטְשֶׁען אַלֶע יוּדִישֶׁע מַאמֶעס מִיט אַזוֹינֶע קִינְדֶער; אִיהר זָאלְט זֶעהֶען ווִיא זִיא טַעֲנְהט זִיךְ אוֹיס מִיט אַ פְּרִיין ווִיא זִיא פִיהְרְט דִיא גַאנְצֶע קְלֵייט אוּנ רֶעדְט מִיט דִיא עֶלְטֶערֶע טַאקִי נָאר ווִיא אַיין אַלְטֶער.

פַאר מַיין „עַזוּת" הָאבּ אִיךְ בַּאקוּמֶען אַ נָאמֶען אַז אִיךְ בִּין קְלוּג, אַ בְּרִיָה, אַ ווָאהְל גֶערָאטֶען מֵיידִיל, אִיךְ בִּין דֶערְפַאר גֶעווָארֶען בַּייא זִיךְ גְרוֹיס, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז קַיין הֶעכֶערְס פוּן מִיר אִיז שׁוֹין נִיטָא, אִיךְ הָאבּ זִיךְ גָאר נִיט גֶעקֶענְט פָארְשְׁטֶעלֶען אַז עֶס קֶען נָאךְ גָאר זַיין אוֹיף

דער וועלט א בעסער געראטען מיידיל וויא איך בין, עס האט זיך אין מיר בעוויזען ווילענסקראפט, איך בין געווארען א דעספאט, וויא אזוי איך האב נאר געוואלט אזוי האב איך געלעבט, מיינע עלטערען האבען מיך נישט געשטערט, גאר פארגעהרט פאר מיין דעספאטיזם האבען זייא מיך געהאלטען פאר א חכמה. אונ מערקווירדיג! אזוי וויא אין קלייט האבען מיר מיינע עלטערן געגעבען אלע פרייהייט, צו טהון וואס איך האב נאר געוואלט; אזוי פונקט פארקעהרט איז געוועזען אין דער היים. דארט מיט יעדער קלייניגקייט האבען זייא געוואלט איך זאל זיין אבהענגיג פון זייא, פונקט וויא א מאל. אבער שוין ניט וויא אמאל פלעג איך זייא פאלגען, אונ בין טאקע ווייטער געוועזען אקעגען זייא איין עזות פנים אזוי וויא אין קלייט. „איך פארשטעה אליין וויא אזוי זיך צו פיהרען, וויא אזוי צו לעבען" האב איך זייא געענטווערט. „איך קען ניט ליידען אייערע פאנאטישע אויפפיהרונגען". יא ר' זלמן, מיינע עלטערן האבען מיך אליין אויסגעלערענט איך זאל זיין קליגער פון זייא אונ זייא לערנען שכל...

ר' זלמינע האט דיא גאנצע צייט אויסגעהערט זעהר קאלטבלוטיג, עפעס האט ער יא אונ ניט פארשטאנען, וואס אייגענטליך זיא וויל, וואס פאר א טענות זיא האט צו דיא עלטערן אונ וואס איז זיא אזוי אין כעס אויף זייא.

עס איז גאר קיין וואונדער ניט וואס ר' זלמינע האט אזוי קאלטבלוטיג געהערט איהר ערצעהלונג, ער איז געוועזען א פראסטער ערליכער יוד אהן שפיצלעך אונ אהן חכמות, ער האט געקאנט איהרע עלטערן אונ איז געוועזען פארזיכערט אז זייא זענען ערליכע יודען, היינט וואס האט זיא טענות צו זייא, וואס האבען זייא איהר אזעלכע שלעכטס געטהון? אונ ר' זלמינע האט געקוקט אויף איהרע רייד וויא אויף נארישע רייד וואס נאר א יונג קינד קען רעדען.

לאה האט דאס אלעס בעמערקט

ר' זלמן, האט זיא ווייטער אנגעהויבען, איך וועל אייך ניט אנהויבען אלעס קלייניגקייטען אויסדערצעהלען וואס עס איז פארגעקומען צווישען מיר אונ מיינע עלטערן, ניט איהר וועט מיך פארשטעהען איהר זענט איין אלטער יוד אונ איך בין א יונג מיידיל, מיינע ווערטער זענען בייא אייך קינדעריש, דארום וועל איך איבערגעהן גלייך, ביז אין דערצייט ווען מען האט מיר שדוכים אנגעהויבען רעדען, אונ שטעלט זיך פאר ר' זלמן, אז פלוצים אום שבת ווען איך בין געזעסען אין שטוב געהט צו מיר צו דער טאטע מיט דער מאמען אונ זאגען מיר אז נאך שבת וועט זיין בייא מיר א קנסמאל (תנאים).

– נאָ און בײַא מיר פֿרעגט איהר גאָר ניט צוא דער חתן איז געפֿעלען? האָב איך זייא גלײַך געפֿרעגט.

דאָ האָבען זייא פּלוצים אויפֿגעהערט קוקען אויף מײַן עזות, אויף מײַן בריה׳שאַפֿט, אויף מײַן חכמה און האָבען זיך אויף מיר צוא שרײַען:

– וואָס מיינסט דוא עפּיס? איביג וועסט דוא זײַן אַ מיידיל און זײַן פֿרײַ, זאָגען דעות דעם טאַטען וועלכען חתן דוא ווילסט? און דאָס זאָל מיך טרעפֿען בײַא מײַן קינד? עפּיס מיינסט דוא אַז דוא ביזט שוין בײַא אונז אַ גאַנצע אויפֿגעקלערטע, וואָס דוא וועסט אונז זאָגען דעות אפילו בײַא אַזוינע זאַכען אויך?

וואָס זאָל איך אײַך אַ סך ברײַען – מײַן גאַנצע עזות, מיינע אַלע תקיפות, מײַן גאַנצע חכמה מיט מײַן בריה׳שאַפֿט האָט געהאָלפֿען ווי איין אַרבעס אין דער וואַנד – נאָך שבת איז בײַא מיר למזל געוועזען אַ קנסמאָל און ווען איך האָב דערזעהן מײַן חתן בין איך, דערציטערט געוואָרען פֿאַר שרעק; שטעלט זיך פֿאַר עפּיס אַ יונגעל מיט איין אויסגעדאַרטען גאָרגעל, צווײַ לאַנגע פּאות מיט וועלכע ער דרעהט נאָר און שטאָלצירט מיט זייא, פּונקט ווי קיינער פֿאַרמאָגט ניט אַזוינע פּאות, איך דאַרף אײַך ניט דערצעהלען ווער ער איז, איהר קענט איהם גוט.

נאָ פֿרעג איך אײַך ר׳ זלמן, אַזאַ מיידעל ווי איך, וואָס מען האָט מיך כּמעט פֿון קינדוויז אָן געמאַכט פֿאַר אַ גאַנצען סוחר, פֿאַר אַ בריה, וואָס איך האָב עפּעס איבערגעזעהן פֿאַר זיך אַ וועלט און קען שוין פֿאַרשטעהן וואָס עס הייסט אַ מאַנן וואָס דאַרף אַ ווײַב ברויט וגעבען, ניט מאַן מיר – איך בעט איבער אײַער כּבוד – עפּיס אַ קלויזנער חניאַק וואָס איך קען מיט איהם קיין צווייא ווערטער ניט רעדען, און מען פֿרעגט מיך אפילו ניט צוא וויל איך איהם, דער גאַנצער תּירוץ איז, ער איז ר׳ אָז׳ס איין איינקעל, ר׳ געציל האָט איהם אָנגעקעהרט אַ פּעטער און זײַן פֿאָטער האָט אַליין געשמעקט פֿון דעם ריזשינערס פּאַנטאָפֿעל, טאַ וואָס זשע בין איך שולדיג? לאָז פֿאַר איהם התונה האָבען ווער עס וויל, און איך פֿאַר אַזוינעם ווייא מיר טויג, אַזאַ חתן פּאַסט פֿאַר איין חסידיש מיידעלע וואָס האָט קיין מאָל מיט קיין מענשען קיין האַלב וואָרט ניט גערעדט, אָבער ניט פֿאַר מיר – אַזאַ מיידיל וואָס האָט זיך אין קלייט אָנגעהערט פֿון יעדען פּריץ, פֿון יעדען שלאַכטיץ אַלערליי גוטע ווערטער און מיינע עלטערן וואָס האָבען אַלץ געהערט און עס האָט בײַא זייא נאָר ניט אויסגעמאַכט – צוא ליב דער פּרנסה... איצטער זעניַן זייא פֿיל מיט טענות אויף מיר פֿאַרוואָס איך וויל ניט דעם חתן וואָס וואָס זייא געבען מיר און זאָגען נאָך: ווי וואַגט גאָר אַזאַ חסידי׳ש אַ מיידיל זאָגען דעות אויף אויסקלאַבען חתנים?

עֶס פַאַרְשְׁטֶעהְט זִיךְ אַז זִינְט אִיךְ בִּין אַ ווִיסְטֶע כַּלָּה גֶעוָואָרֶען מִיט גֶעוַואַלְד, בִּין אִיךְ נָאךְ מֶעהר עַזּוּת פָּנִים גֶעוָואָרֶען אֶקעגֶען מַיינֶע עֶלְטֶערְן, נָאךְ מֶעהר שְׁלֶעכְטֶע מַחֲשָׁבוֹת זֶענִין מִיר אוֹיפְגֶעקוּמֶען אוֹיף דִיא גֶעדַאנְקֶען.

– אָט דֶערְמִיט מַיין קִינְד בִּיזְט דוּא גֶערֶעכְט, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען ר' זלמינע, אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶעטְרַאכְט אַז פַאר אַזַא גֶערָאטֶען מֵיידֶעל ווִיא דוּא בִּיזְט, קַיין עַין הָרָע פַּאסְט נִיט אַזַא חָתָן.

– נָאר... נָאר לָאזְט מִיךְ עֶנְדִיגֶען ר' זלמן, הָאט זִיא וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט שְׁרֶעקֶענִישׁ אוּנ צִיטֶערְנִישׁ, אִיךְ הָאבּ נָאךְ אַ סַךְ צוּא דֶערְצֶעהְלֶען... אָבֶּער עֶס אִיז מִיר זֶעהר שְׁוֶוער צוּא רֶעדֶען...

לאה אִיז בֶּאֱמֶת שְׁטַארְק בְּלֵייךְ גֶעוָוארֶען, אַ גְרוֹיסֶער שְׁוַוייס הָאט זִיא בַּאדֶעקְט אוּנ זִיא אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם בֶּעטֶעל, ר' זלמינע הָאט זִיא אָבְּגֶעשְׁפְּרִיצְט מִיט וַואסֶער אוּנ זִיא אִיז בַּאלְד צוּא זִיךְ גֶעקוּמֶען, פְּלוּצִים הָאט זִיא אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיף אַ קוֹל:

– אָ ר' זלמן. אִיךְ ווְאוּנְדֶער זִיךְ נָאר נִיט וָואס מֶען הֶערְט אָפְּט אַז אַ חֲסִידִ'ס אַ מֵיידִיל אִיז פְּלוּצִים אַנְטְלָאפֶען אוּנ הָאט זִיךְ גֶעטוֹיפְט, אַ פְרוּמֶען יוּדֶענְ'ס אַ טָאכְטֶער הָאט פְּלוּצִים בַּאגַנְבִית דֶעם פָאטֶער אוּנ אִיז מִיט אֵיינֶעם אַנְטְלָאפֶען, בַּיים פַייעֶרְדִיגֶען ח–ס חָסִיד הָאט זַיין מֵיידִיל גֶעהַאט אַ קִינְד ... אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ ר' זלמן, אַז דִיא אַלֶע הוּנְדֶערְטֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מֵיידֶעלֶעךְ זֶענִין נָאר טֶאכְטֶער פוּן יוּדִישֶׁע שֵׁיינְקֶערְס אוּנ קְרֶעמֶערְס וָואס מַאכֶען פְרִיה זֵייעֶר טֶעכְטֶער פַאר בְּרִיוֹת אוּנ גֶעבֶּען זֵייא דֶערְנָאךְ חַתָנִים שְׁלִימַזַלְנִיקֶעס; אִיךְ אוּמְגְלִיקְלִיכֶע בִּין אוֹיךְ אַ קְרֶעמֶערְס אַ טָאכְטֶער... נָאר לָאם אִיךְ אַייךְ וַוייטֶער דֶערְצֶעהְלֶען...

ר' זלמן הָאט גֶעזֶעהֶן ווִיא זִיא וֶוערְד בְּלֵייךְ, הָאט עֶר זִיא נִיט גֶעלָאזְט רֶעדֶען.

– דוּא בִּיזְט אִיצְטֶער מִיעד. רוּה זִיךְ אָבּ פְרִיהֶער, דוּא וֶועסְט מִיר שְׁפֶּעטֶער דֶערְצֶעהְלֶען.

– יָא אִיךְ בִּין זֶעהר מִיעד, ווִיא גְלַייךְ אִיךְ הָאבּ קְלוּמֶעקֶעס עֶרְד גֶעטְרָאגֶען אוֹיף זִיךְ, אִיךְ וֶועל זִיךְ אָבְּרוּהֶען...

אוּנ לאה הָאט אִיצְט נָאךְ נִיט גֶעעֶנְדִיגְט דָאס וָואס זִיא הָאט גֶעוָואלְט דֶערְצֶעהְלֶען ר' זלמינען.

## 8.

# אַלֶע דְרַייא וֵוייגֶען.

זִינְט אִין שְׁטָאדְט אִיז גֶעוָוארֶען אַ קְלַאנְג אַז מֶען הָאט ר' שמואל בער'ס טָאכְטֶער אַוֶועקְגֶענַנְבֶט, הָאט אַלְ'ן הייקען נִיט גֶערוּהֶעט דֶער קָאפּ.

— וואו הָאט פָּארְט גֶעקֶענְט לאה אַנְטְלוֹיפֶען? וואו הָאט זִיא גֶעקֶענְט פַארְפַאלֶען וֶוערֶען? הָאט זִיא אַלְ'ן גֶעטְרַאכְט — דַאכְט זִיךְ אִיךְ גֶעה צוּא זַייא אִין שְׁטוּב אָפְט אַרַיין, אוּנ זֶעהר דִיעֶנְסְט מוֹיד הָאט מִיר קַיין מָאל נִיט דֶערְמָאנְט וֶועגֶען דֶעם, אִיךְ זָאל עֶס אַ הַאלְבּ וָוארְט הָאטְשׁ הֶערֶען, זִיא וֶועט דָאךְ סַאי וִויא סַאי צוּא זַייא אָדֶער צוּא אַנְדֶערֶע שְׁלֶעק אַרַיינְפַאלֶען, פַאר וָואס נִיט דוּרְךְ מִיר? וָואס וָואלְט גָאטְט גֶעאַרְט אַז דוּרְךְ מִיר? נָאר אַ עֶס אִיז נִיט בַּאשֶׁערְט הֶעלְפְט נִיט קַיין טַעֲנִין, אַמָאל קוּמְט עֶס גְלַייךְ אִין דִיא הֶאנְד הָאטְשׁ מֶע רִיכְט זִיךְ גָאר נִיט אוּנ אַמָאל פַארְלִיעֶרְט מֶען וִויא פוּן דֶערְקֶעשֶׁינֶע אַרוֹיס, נָאר עֶס טְהוּט מִיר פָּארְט בַּאנְג, וֶוען טְרֶעפְט זִיךְ גָאר אַזַא צוּפַאל?

הַייקֶע הָאט שׁוֹין, וִויא מֶען זָאגְט, דִיא הַאנְד צוּגֶענוּמֶען פוּן דֶעם הַארְצֶען אוּנ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּא טְרַאכְטֶען וֶועגֶען דֶעם גְרוֹיסֶען שַׁאדֶען וָואס זִיא הָאט וִויא פוּן דֶער קֶעשֶׁינֶע פַארְלוֹירֶען, נָאר פְּלוּצִים אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין שֶׁענְק ר' זלמינע אוּנ הָאט עֶפֶּעס שְׁטִילְ גֶעפְרֶעגְט אוֹיף הַייקֶען

וֶוען ר' זלמינע פְלֶעגְט אַמָאל דָא קוּמֶען אִין שֶׁענְק הָאט מֶען שׁוֹין גֶעוואוּסְט אַז עֶר גֶעהט צוּא הַייקֶען, עֶר פְלֶעגְט אַמָאל דַארְפֶען הַייקֶעס הִילְף וֶועגֶען זַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, עֶר הָאט זִיא גֶעהַאלְטֶען פַאר אַיין עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶענֶע וָואס הָאט לִיעב אוֹיף דֶער עֶלְטֶער אַ מִצְוָה צוּא טְהוּן, אוּנ וֶוען עֶר הָאט גֶעהַאט גֶעשֶׁעפְטֶען מִיט אַיין אָרֶעמֶער יוּדֶענֶע וָואס עֶס פַּאסְט נִיט פַאר קַיין מַאנְסְבִּיל, אָדֶער עֶר הָאט קַיין צַייט נִיט גֶעהַאט פְלֶעגְט עֶר אָנְקוּמֶען צוּא הַייקֶען זִיא זָאל אִיהם מִיטְהֶעלְפֶען אוּנ זִיא פְלֶעגְט עֶס רֶעכֶענֶען פַאר אַ כָּבוֹד וָואס ר' זלמינע אִיז זִיא מְקָרֵב צוּא אַ מִצְוָה.

— אִיךְ דַארְף מִיט דִיר רֶעדֶען אַיין סוֹד, הָאט אִיהר ר' זלמינע גֶעזָאגְט שְׁטִיל.

זַייא זֶענִין בֵּיידֶע אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין אַ בַּאזוּנְדֶער שְׁטִיבִּיל אוּנ הָאבֶען פַאר קִייטִילְט דִיא טְהִיר.

— עֶס אִיז קַיין צַייט נִיט דָא, הייקע, אִיךְ זָאל דִיר דֶערְצֶעהְלֶען אַ סַךְ מַעֲשִׂיוֹת, זָאלְסְט מִיךְ אִיצְט גָאר נִיט פְרֶעגֶען, אִיךְ וֶועל דִיר שְׁפֶּעטֶער אַלֶעס דֶערְצֶעהְלֶען, עֶס הָאט זִיךְ מִיר אַיין אוּמְגְלִיק גֶעטְרָאפֶען, נָאר וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? מֶען קֶען אַמֶענְשֶׁען אוֹיף דֶער גַאס נִיט אַרוֹיסְוַוארְפֶען, בַּייא גָאט זֶענִין אַלֶע מֶענְשֶׁען גְלַייךְ, אֲפִילוּ דִיא רְשָׁעִים.

חַייקֶע הָאט מִיט אַ פְּרוּם פָּנִים, מִיט פַאר גְלָאצְטֶע אויגֶען צוּא גָאט – גֶעגֶעבֶּען אַ קְרֶעכְץ׃

– אִיךְ וויים חייקע אַז דוא בִּיזְט אַיין עֶהרְלִיכֶע יוּדֶענֶע, דַארוּם בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען צוּא דִיר אוּנ פַארְלָאז זִיךְ אוֹיף דִיר אַז קֵיינֶער וֶועט דֶערְפוּן נִיט וִויסֶען דָאס דַארְפְסְט דוּא טְהוּן לְשֵׁם מִצְוָה, כְּדֵי אַ זִינְדִיגֶער מֶענְשׁ זָאל חֲרָטָה הָאבֶּען אוֹיף זַיינֶע זִינְד אוּנ קֶענֶען תְּשׁוּבָה טְהוּן, דָאס אִיז אַ גְרוֹיסֶע מִצְוָה חייקע, נָאר אִיךְ הָאבּ קַיין צַייט נִיט צוּ רֶעדֶען–בַּייא מִיר אִין שְׁטוּב גֶעפִינְט זִיךְ אִיצְט ר' שמואל בער'ס אוּמְגְלִיקְלִיךְ מֵיידִיל, זִיא גֶעהְט אִיצְט צוּא קִינְד... לוֹיף גִיךְ ראַטֶעוֶוען אַ נֶפֶשׁ, עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט דָא בַּייא מִיר אִין שְׁטוּב מֶע זָאל גֶעמֶען בַּייא אִיהר דָאס קִינְד, אִיךְ לוֹיף אִין שְׁטָאדְט הָאטְשׁ עֶפִּיס קוֹיפֶען פַאר אִיהר, בַּייא מִיר אִין שְׁטוּב אִיז גָאר נִישְׁט דָא.

ר' זלמינע מִיט חייקען זֶענִין גִיךְ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, קֵיינֶער אִין שְׁטוּב הָאט גָאר נִיט גֶעפְרֶעגְט וואוּ זֵייא זַיינֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, זֵייא הָאבֶּען בַּייא זִיךְ גֶעטְרַאכְט׃ גֶעוִויס צוּא אַיין אָרֶעמֶער יוּדֶענֶע וָואס אִיז פְּלוּצִים קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אָדֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט דָא וֶוער עֶס זָאל זִיצֶען נֶעבֶּען אִיהר.

*
* *

אָבֶענְד צַייט, אִיז חייקע גֶעקוּמֶען צוּרִיק אַהֵיים אוּנ הָאט גֶעזָאגְט אִיהר שְׁנוּר׃

– טָאכְטֶערוּנְיֶע אִיךְ וֶועל הַיינְט נִיט גֶעכְטִיגֶען אִין שְׁטוּב, אִין שְׁטָאדְט גֶעפִינְט זִיךְ אַיין אָרֶעם וַוייבִּיל מִיט זֶעכְס קִינְדֶער אוּנ אִיצְט הָאט זִיא בְּשָׁלוֹם גֶעהַאט דָאס זִיבֶּעטֶע, אִיהר מַאנְן אִיז נִיט דָא אִין שְׁטוּב אִיז נִיט דָא קַיין לֶעפֶעל וַואסֶער אוּנ וֶוער עֶס זָאל אֲפִילוּ זִיצֶען בַּייא דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער קִינְדְבֶּעטֶערִין, ר' זלמינע לוֹיפְט גֶעבִּיךְ אַרוּם אִיבֶּער דֶער שְׁטָאדְט הָאטְשׁ מַאכֶען פַאר אִיהר עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען.

דִיא שְׁנוּר הָאט אִיהר אוֹיךְ עֶפֶּעס מִיטְגֶעגֶעבֶּען קְלֵיינִיקַייטֶען פַאר דֶער קִינְדְבֶּעטֶערִין אוּנ חייקע אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, זִיךְ גְלַייךְ אַריינְגֶעגַנְבִית צוּא ר' זלמינען אִין שְׁטִיבֶּעל.

לאה אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף דֶעם בֶּעט זֶעהר בְּלַאס אוּנ קְרַאנְק, אִיהְרֶע לַאנְגֶע שְׁוַוארְצֶע הָאר צוּוָוארְפֶען אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער פְּלֵייצֶע. חייקע אִיז גֶעזֶעסֶען נֶעבֶּען אִיהר וִויא אַ גֶעטְרַייעֶ מוּטֶער אוּנ הָאט זִיךְ זַאטְט נִיט גֶעקֶענְט אָנְקוּקֶען אוֹיף אִיהר שֶׁענְקַייט...

מֶעהְר וִויא אַ הַאלְב בֶּעט אִיז גֶעוֶועזֶען פַארְהַאנְגֶען אִין אַיין זַייט מִיט אַ לֵייְלֶעךְ, דִיא צְוֵוייטֶע זַייט מִיט אַ גְרוֹיס טִיכֶעל אוּנ דִיא דְרִיטֶע זַייט

מִיט אַיין אַלְט קְלֵיידִיל, אָט פוּן דֶעם מִין פָּארְהַאנְג, הָאט זִיךְ אַלֶע מָאל גֶעלָאזְט הֶערֶען דָאס פִּיפְּטְשֶׁען פוּן אַ קְלֵיין קִינְד.

שיינדעלע אִיז גֶעשְׁטַאנֶען גֶעבֶּען אוֹיוֶוען אוּנ הָאט גֶעקָאכְט אַ יוֹיכִיל פַאר דֶער קִינְדְבֶּעטֶערִין, אוּנ זִיא הָאט זֶעהר טְרוֹיעֶרִיג גֶעקוּקְט וִויא דָאס טֶעפֶּעל זִידְט.

– אָ! וִויא הָאט זִיא זִיךְ גֶעבֶּעךְ גֶעמוּטְשֶׁעט, זִיא אִיז זִיךְ אַזַא גוּטֶע אַזַא שֵׁיינֶע אִיךְ הָאבּ זִיא אַזוֹי לִיעבּ. נָאר וָואס טְהוּט זִיא בַּייא אוּנְז?... אוֹי, אִיךְ שֶׁעם זִיךְ צוּא קוּקֶען אוֹיף אִיהְר...

שיינדעלע הָאט טַאקֶע בֶּאֱמֶת נָאךְ נִיט גֶעקֶענְט פַארְשְׁטֶעהְן וָואס טְהוּט זִיךְ דָא אִיצְט בַּייא זֵייא אִין שְׁטוּבּ. וָואס טְהוּט דָא לאה וָואס זִיא הָאט זִיא אַזוֹי לִיעבּ, אוּנ שֶׁעמְט זִיךְ אַזוֹי פַאר אִיהְר, נָאר... נָאר וֶוען לאה, הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייעֶן אַז זִיא אִיז שְׁטַארְק שְׁלַאף, הָאט זִיא דֶער זֵיידֶע אַרַיינְגֶערוּפֶען אִין קִיךְ אוּנ מִיט טְהְרֶערֶען אִין דִיא אוֹיגֶען הָאט עֶר אִיהְר גֶעזָאגְט: שיינדעלע, גָאט וֶועט דִיךְ דֶערְפַאר אָבְּהִיטֶען פוּן אַלֶעם שְׁלֶעכְטֶען, וָואס דוּא אַזַא יוּנג קִינְד וִויא דוּא בִּיזְט דַארְפְסְט צוּא זֶעהְן דָאס וָואס עֶס קוּמְט פָאר בַּייא אוּנְז אִין שְׁטוּבּ, לאה אִיז נִיט קַיין עֶרְהְלִיכֶע, שיינדיל! אוּנ טָאמֶער וֶועלֶען מִיר זִיא נִיט רַאטֶעוֶוען, קֶען זִיא חַס וְשָׁלוֹם אַזוֹי אוֹיף דֶער גַאס שְׁטַארְבֶּען גָאט הָאט אוֹיךְ רַחֲמָנוּת אוֹיף אוּמְעהְרְלִיכֶע, חָאטְשׁ זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פַאר אִיהְם פַארְזִינְדִיגְט, גָאט פַארְגִיבְּט אַלֶע עֲוֹנוֹת פוּן דִיא רְשָׁעִים אַבִּי זֵייא טְהוּעֶן נָאר תְּשׁוּבָה.

שיינדעלע הָאט מֶעהְר נִיט גֶעלָאזְט רֶעדֶען דֶעם זֵיידֶען, ווייל זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא טְהְרֶערֶען שְׁטֶעלֶען זִיךְ אִיהְם אַלֶע מָאל מֶעהְר אוּנ מֶעהְר אִין דִיא אוֹיגֶען, זִיא הָאט זִיךְ נָאךְ מֶעהְר צוּוֵויינְט אוּנ אָנְגֶעכַאפְּט דֶעם זֵיידֶען בַּייא דִיא הָאנְד,

– אִיךְ וֵויים זֵיידֶע אַז גָאט שְׁטְרָאפְט שְׁטַארְק דִיא וָואס זִינְדִיגֶען נָאר לאה'ן הָאבּ אִיךְ לִיעֶבּ, זִיא הָאט גָאר נִיט גֶעזִינְדִיגְט, זִיא הָאט מִיר אַלֶעם דֶערְצֶעהְלְט, זִיא אִיז נִיט שׁוּלְדִיג זֵיידֶע, זִיא אִיז אַזַא עֶהְרְלִיכֶע, אַזַא גוּטֶע; אוֹי זֵיידֶע! אִיךְ הָאבּ דִיךְ אַזוֹי לִיעֶבּ וָואס דוּא בִּיזְט אַזַא גוּטֶער אוּנ הָאסְט אוֹיף אִיהְר רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, דוּא זֵיידֶע זָאלְסְט קֵיינֶעם נִיט עֶרְצֶעהְלֶען, זִיא הָאט זִיךְ גֶעבֶּעטֶען.

אוּנ שיינדעלע הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען אוֹיף דֶעם זֵיידֶענְס הַאלְז אוּנ אִיהְם שְׁטַארְק גֶעקוּשְׁט וָואס עֶר אִיז אַזַא גוּטֶער...

נָאר פוּן דֶעקְטָאוֶוענֶען הָאט זִיא גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם טֶעפֶּעל וָואס הָאט גֶעזָאטֶען אַזוֹי טְרוֹיעֶרִיג, טְרוֹיעֶרִיג...

חייקע הָאט כִּמְעַט דִיא גַאנְצֶע נַאכְט טֶענ נִיט אָבּ גֶעטְרֶעטֶען פוּן דֶער קִינְדְבֶּעטֶערִין, אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען וִויא אַ גֶעטְרֵייעַ מוּטֶער, וִויא אַ גֶעטְרֵייעַ

בָּאבֶּע. גֶעבָּאדֶען, גֶעווִיקֶעלְט דָאס קִינְד אוּנ גֶעלוֹיבְּט עֶס אַז עֶס אִיז פּוּנְקְט גֶערָאטֶען אִין דֶער מַאמֶען. לאה הָאט גֶעקֶענְט חייקען פַאר אַ מֶעקְלֶערִין, פַאר אַ אֶרעמֶער יִדענֶע אוּנ וֶוען זִיא אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען הָאט זִיא אִיהְר זֶעהְר גֶעדַאנְקְט, גֶעבֶּעטֶען זִיא זָאל קֵיינֶעם וֶועגֶען דֶעם נִיט דֶערְמָאנֶען אוּנ אִיהְר אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען אִיהְר פִינְגֶערִיל וָואס זִיא הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעטְרָאגֶען אוֹיף דֶעם מִינְדְסְטֶען פִינְגֶער.

– אִיךְ וָואלְט אַייךְ בַּאצָאהְלְט פַאר אַייעֶר טִרְחָה, נָאר אִיךְ הָאבּ נִיט, אִיךְ הָאבּ עֶטְלִיכֶע רוּבִּיל דַארְף אִיךְ זֵייא הָאבֶּען, דָאס פִינְגֶערִיל קֶענְט אִיהְר פַארְקוֹיפֶען.

חייקע הָאט צוּגֶענוּמֶען מִיט אַרַחֲמָנוּת פָּנִים אוּנ אִיהְר גֶעזָאגְט:

– הֶלֶעבִּין לאה, עֶס רַייסְט מִיר דָאס הַארְץ אוֹיף אַייךְ, אִיהְר זֶעהְט אַלֵיין וִויא אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעדִיעֶנְט אוּנ אִיהְר זָאלְט זִיךְ גָאר נִיט שֶׁעמֶען, טָאמֶער וֶועט אִיהְר דַארְפֶען גֶעלְד וֶועל אִיךְ אַייךְ אוֹיסְלַייהֶען, אִיךְ הָאבּ זִיךְ אָנְגֶעקְלִיבֶּען עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלִיךְ אוֹיף דֶער עֶלְטֶער, אִיךְ זָאל הָאטְשׁ פַאר מַיין נַאנְצֶער וֶועלְט הָארִיוַואנֶיע נִיט שְׁטַארְבֶּען אִין פְרֶעמְדֶע תַּכְרִיכִים, אִיךְ וָואלְט אַייךְ גֶעבְּרַאטְהֶען לאה'ניא, אַז אִיהְר זָאלְט אַייעֶר קִינְד אַוֶועקְגֶעבֶּען צוּא אַיין אַמְם, אִיהְר זֶעהְט נָאךְ אַזוֹי קְרַאנְק אוֹים.

לאה הָאט זִיךְ אִין דֶערִין אָנְגֶעהַאפְּט וִויא מֶען זָאגְט מִיט הֶענְד אוּנ מִיט פִים:

– יָא עֶס וָואלְט אַוַדַאי גֶעוֶועזֶען אַ גְלִיק פַאר מִיר אַוֶועקְגֶעבֶּען דָאס קִינְד צוּא אַיין אַמְם, חָאטְשׁ עֶס אִיז בַּייא מִיר טַייעֶרֶער וִויא מַיין לֶעבֶּען, אִיךְ וָואלְט עֶס גֶעוָואלְט אַלֵיין אוֹיסְזוֹיגֶען, נָאר וָואס קֶען אִיךְ טְהוּן... נָאר ווא בִּין אִיךְ אִין שְׁטַאנְד אִיךְ הָאבּ נִיט צוּא צָאהְלֶען.

– זָארְגְט זִיךְ נִיט לאה'ניא, הָאטְשׁ מִיר זַיינֶען אָרִימֶע לַייט אוּנ וָואהְנֶען אוֹיף דֶער „טוֹיטֶער גַאס" נָאר מִיר ווֵייסֶען אוֹיךְ וִויא צוּא הֶעלְפֶען אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶען אוּנ ווִידֶער עֶס דַארְף גָאר אַזוֹי פִיעֶל נִיט קָאסְטֶען, אִיךְ ווֵייס פוּן אֵיינֶער וָואס זִיא אִיז אַיין אָרִימֶע אוּנ הָאט קֵיין קִינְדֶער נִיט, דָאס אֵיינְצִיגֶע קִינְד אִיז בַּייא אִיהְר עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג גֶעשְׁטָארְבֶּען זִיא וֶועט נִיט נֶעמֶען קֵיין סַךְ, גָאטְט וֶועט אַייךְ הֶעלְפֶען וֶועט אִיהר בַּאצָאהְלֶען, אוֹיבּ אִיהר ווִילְט קֶענְט אִיהר דֶערְוַוייל זַיין בַּייא מִיר, אִיךְ וָואהן דָא מַאקֶע בַּייא מַיין זוּהן אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטוּבּ, דָארְט וֶועט אוֹיךְ קֵיינֶער נִיט ווִיסֶען אוּנ אִיךְ וֶועל דֶערְפַאר בַּייא אַייךְ גֶעמֶען אַ קְלֵיינִיגְקֵייט בִּיז אִיהר וֶועט זִיךְ בַּאטְרַאכְטֶען וָואס אִיהר זָאלְט טְהוּן, בַּייא ר' זלמינען רָאטה אִיךְ אַייךְ מֶעהְר נִיט צוּא זַיין, עֶר אִיז אַלֵיין אַ גְרוֹיסֶער אָרִימַאנְן, אָהְן אַ בַּעַל הַבַּיִתְטֶע, אוֹיסֶער דָאס אֵיינִיקֶעל וָואס גֶעפִינְט זִיךְ בַּייא אִיהם.

לאה הָאט גֶעזֶעהֶען אִין הייקען אִיהר מָשִׁיחַ'ן וָואס גָאט הָאט זִיךְ דֶערְבַּארֶמְט

אויף אִיהר אוּנ הָאט אִיהר צוּגֶעשִׁיקְט, אוּנ חייקע אִיז גֶעוֶועזֶען פַארְזִיכֶערְט אַז וַוייטֶער וֶועט אויךְ אָבְּגֶעהֶען גְלַאט נָאךְ אִיהר וואוּנְשׁ וִויא עֶס דַארְף צוּא זַיין; אויף דֶעם צְווייטֶען טָאג הָאט מֶען דָאס קִינְד אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען צוּא אַיין אַמְס, דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מוּטֶער הָאט דָאס קִינְד אָבְּגֶעגָאסֶען מִיט בִּיטֶערֶע הֵייסֶע טְהְרֶערִין, אַ גַאנְצֶע הַאלְבֶּע שָׁעָה, עֶס גֶעקוּשְׁט פוּנְקט וִויא זִיא הָאט זִיךְ אויף אֵייבִּיג גֶעזֶעגֶענְט מִיט אִיהְם.

– וִויא אַזוֹי הָאט מֶען גֶערוּפֶען דֶער אַמְס׳ס קִינְד? עֶס אִיז אויךְ גֶעוֶועזֶען אַ מֵיידֶעל? הָאט לאה גֶעפְרֶעגְט חייקען.

– יָא מֶען הָאט עֶס גֶערוּפֶען רייזעלע.

– נָא גֶעדֶענְק-זְשֶׁע שיינדעלע אַז מַיין טָאכְטֶער זָאל מֶען אויךְ רוּפֶען רייזעלע.

מִיט דִיא וֶוערְטֶער הָאט זִיא זִיךְ דָאס עֶרְסְטֶע מָאל צוּשֵׁיידְט פוּן אִיהר קִינְד אוּנ לאה הָאט וַוייטֶער גֶעוֵוינְט.

– נָא אִיז נִיט בַּארִישׁ וָואס דוּא וֵויינְסְט לאה הָאט אִיהר חייקע אויסְגֶערֶעדְט דָאס הַארְץ, מִיר וֶועלֶען דָאס קִינְד קֶענֶען זֶעהֶען וֶוען מִיר וֶועלֶען נָאר וֶועלֶען, נָאר לאה הָאט זִיךְ נִיט גֶעטְרֵייסְט.

אויף מָארְגֶען אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַז לאה זָאל אִיבֶּערְגֶעהן צוּא חייקען.

– אִיךְ וֶועל שְׁטֶענְדִיג, שְׁטֶענְדִיג זִיצֶען בַּייא אַייךְ הָאט שיינדעלע גֶעזָאגְט לאה׳ן נָאכְדֶעם וֶוען חייקע אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט דֶעם קִינְד.

– נָא, אוּנ צוּא רייזעלען וֶועסְט דוּא גֶעהֶען?

– אַלֶע טָאג וֶועל אִיךְ צוּא אִיהר גֶעהן.

עֶטְלִיכֶע מִינוּט הָאט לאה עֶפִּים זִיךְ וִויא פַארְטְרַאכְט אוּנ גֶעקוּקְט אויף שיינדעלען

– וָואס קוּקְט אִיהר אַזוֹי אויף מִיר, הָאט זִיא זִיךְ וִויא עֶפֶּעס דֶערְשְׁרָאקֶען. שיינדעלע דוּא הָאסְט מִיךְ לִיעב? הָאט זִיא פְּלוּצִים גֶעפְרֶעגְט.

– וִויא מַיין לֶעבֶּען הָאבּ אִיךְ אַייךְ לִיעבּ, לאה!

– לאה אִיז אִיהר גֶעפַאלֶען אויף דֶעם הַאלְז, אוּנ זִיא בַּאשִׁיט מִיט קוּשֶׁען אוּנ מִיט טְהְרֶערֶען.

– שיינדעלע, הָאבּ לִיעבּ מַיין קִינְד, צוּא שֵׁיידְט זִיךְ קַיינְמָאל נִיט מִיט אִיהר, זַייא אִיהר אַ גֶעטְרַייעֶ שְׁוֶועסְטֶער.

לאה הָאט מֶער נִיט גֶעקֶענְט רֶעדֶען, דִיא טְהְרֶערֶען הָאבֶּען זִיא שְׁטַארְק גֶעדְרִישֶׁעט, חָאטְשׁ שיינדעלע הָאט אויף אִיהר בַּקָשָׁה גָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט מֶעהְר נִיט וִויא אויךְ מִיט טְהְרֶערֶען, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זִיךְ לֵאָה בַּארוּהִיגְט, זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען אִין אִיהְרֶע אויגֶען אַז שיינדעלע וֶועט זַיין אִיהר רייזעלען אַ אֵייבִּיגֶע שְׁוֶועסְטֶער – זַייא וֶועלֶען זִיךְ נִיט צוּשֵׁיידֶען.

נָאכְדֶעם הָאט לאה עֶפִּים נָאךְ גֶערֶעדט, נָאר שיינדעל הָאט עֶפִּים

יָא אוּנ נִיט פַארְשְׁטַאנֶען, לאה וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פַארְזִיכֶערְט אַז שֵׁיינְדֶעלֶע פַארְשְׁטֶעהְט זִיא, הָאט אִיהר דֶערְנָאךְ גֶעזָאגְט:

—קֵיינֶער דַארְף נִיט וִויסֶען וָואס מִיר בֵּיידֶע הָאבֶּען גֶערֶעדְט.

* *
*

דֶעם אָבֶענְד אִיז חייקע גֶעוֶועזֶען זֶעהר פְרֶעהלִיךְ, אִיהר פְּלַאן אִיז גֶעגַאנְגֶען זֶעהר גוּט:

– מָארְגֶען גֶעהט זִיא אִיבֶּער צוּא מִיר וָואהנֶען, זִיא וֶועט וֵויינֶען אוּנ וֵויינֶען אוּנ זִיךְ אִיבֶּערְוֵויינֶען, זִיא וֶועט נָאךְ מִיךְ בֶּעטֶען אִיךְ זָאל גֶעפִינֶען פַאר אִיהר אַ שְׁטֶעלֶע, וָואס דֶען וֶועט אִיהר אוֹיסְקוּמֶען צוּא טְהוּן.

זִיא הָאט זִיךְ שׁוֹין אַפִּילוּ בֶּערֶעכֶענְט וָואס פַאר אַ סוּמֶע גֶעלְד זִיא וֶועט נֶעמֶען בַּייא לֶעדֶערְבֶּערְגֶען אוּנ וִויפִיעל עֶר וֶועט פַארְדִינֶען, וָוארוּם אַזַא סְחוֹרָה טְרֶעפְט זִיךְ זֶעלְטֶען.

אוֹיף מָארְגֶען גַאנְץ פְרִיה וֶוען זִיא אִיז אַרַאנְגֶעקוּמֶען צוּא ר' זלמינע אִין שְׁטוּב הָאט זִיא שיינדעלע בַּאגֶעגֶענְט מִיט אַ גְרוֹיס גֶעוֵויין: לאה אִיז נִיט דָא, זִיא אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען! זִיא הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַ בְּרִיעף אַז זִיא אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען.

וִויא מִיט אַ דוּנְנֶער הָאט אִיהר דָאס נַייעֶס פֶערְטוּמְמֶעלְט דֶעם קָאפְּף. אָט וָואס לאה הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין בְּרִיעף.

„צוּא אַייךְ שְׁרַייבּ אִיךְ דֶעם בְּרִיעף, ר' זלמן! אִיהר וֶועט מִיר מוֹחֵל זַיין וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ אוּמְזִיסְט אַזוֹי פִיעל יְסוּרִים אָנְגֶעטְהוּן; גָאט זָאל אַייךְ צָאהלֶען וָואס אִיהר הָאט מִיט מִיר גֶעטְהוּן, אִיךְ בִּין נִיט אִין שְׁטַאנְד אַייךְ אָבְּצוּדַאנְקֶען, אִיהר הָאט מַיין קִינְד גֶערַאטֶעוֶועט, וֶוען נִיט אִיהר, וֶוער וֵוייסְט אוֹיבּ מַיין קִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ אַזוֹי לִיעבּ וָואלְט גֶעלֶעבְּט; נִיט אִיךְ בִּין דִיא עֶרְשְׁטֶע וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ אָנְגֶעהַאנְגֶען אוֹיף אַייךְ מִיט מַיין אוּמְגְלִיק, אִיהר רַאטֶעוֶועט פוּן אוּמְגְלִיקֶען אַ סַךְ מֶענְשֶׁען רֶעכֶענְט מִיךְ אוֹיךְ אַרַיין צְוִוישֶׁען זַייא, נִיט אוּמְזִיסְט הָאבּ אִיךְ אַזוֹי פִיעל גֶעזוּכְט בִּיז אִיךְ הָאבּ אִין אַייךְ גֶעפוּנֶען דֶעם אֵיינְצִיגֶען מֶענְשֶׁען וָואס הָאט מִיךְ גֶעקֶענְט רַאטֶעוֶוען, אִיךְ וָואלְט זִיךְ אֵייבִּיג נִיט בַּאשְׁלָאסֶען זִיךְ צוּא שֵׁיידֶען מִיט מַיין קִינְד וֶוען אִיךְ זָאל עֶס נִיט אוֹיף אַ קְלֵיינֶער צַייט אִיבֶּערְלָאזֶען אוּנְטֶער אַייעֶרֶע הַאנְד, אִיךְ וָועל מַיין קִינְד אָבְּנֶעמֶען אוּנ וֶועל יֶעדֶען אַלֶעם בַּאצָאהלֶען מִיט גְרוֹיס דַאנְק, אוּנ דִיךְ שיינדעלע בֶּעט אִיךְ מִיךְ נִיט צוּא פַארְגֶעסֶען, נִיט פַארְגֶעסֶען צוּא זַיין אַ שְׁוֶועסְטֶער מַיין רייזעלען, זִיךְ מִיט אִיהר נִיט צוּשֵׁיידִין הָאטְשׁ בִּיז אִין דֶער צַייט וֶוען אִיךְ וֶועל קֶענֶען זַיין דֶעם קִינְד אַ מוּטֶער. דְרַייא רוּבְּל הָאבּ אִיךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט פַאר חייקען, טָאמֶער קוּמְט אִיהר נָאךְ, אַז נִיט

זָאל זִיא עֶס אַװעקגֶעבֶּען דֶער אַמם , מַיין אֵיינְצִיג גִילְדֶען בְּרָאשִׁיל הָאב אִיךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט פַאר דִיר, מַיין טְהַייעֶרֶע שײנדעלע, טְרָאג עֶס גֶעזוּנְדֶערְהֵייט!
ר׳ זלמן אונ שײנדעלע הָאבֶּען גֶעװײנְט לֶעזֶענְדִיג דֶעם בְּרִיעף, נָאר נָאךְ מֶעהר הָאט גֶעװײנְט חייקע די קוֹרַאלָאקֶע...

עֶנדע פון דעם ערשטען טהייל.



# דֶער צְווייטֶע טְהֵייל.

## 1.

## אַ צְווייטֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע.

עֶס זָענִין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען 12 יָאהר.

מִיר וֶועלֶן אִיצְטֶער נִיט אָנְהוֹיבֶּען צוּא דֶערְצֶעהְלֶען וָואס עֶס אִיז פָארְגֶעקוּמֶען אִין דִיא צְוֶועלְף יָאהר מִיט אוּנְזֶערֶע הֶעלְדֶען פוּן דֶער „טוֹיטֶער גַאס". וֶוען מִיר וֶועלֶען זִיךְ מִיט זֵייא בַּאגֶעגְנֶען וֶועלֶען מִיר אַלֵיין זֶעהֶען וָואס אַ צַייט פוּן צְוֶועלְף יָאהְר קֶען אִיבֶּער מַאכֶען פוּן מֶענְשֶׁען.

דֶערְוַוייל אָבֶּער, גֶעפִינֶען מִיר זִיךְ מִיט אוּנְזֶער עֶרְצֶעהְלוּנְג אִין אַזאַ צַייט וֶוען אוּנְז אִינְטֶערֶעסִירְט עֶפֶּעס וִויכְטִיגֶערֶעס – אִיךְ מֵיין דָאס יָאהְר פוּן 1881 אוּנ וַוייטֶער.

קֶענֶען מִיר אַזוֹי קַאלְטְבְּלִיטִיג פַארְבַּייא גֶעהְן דִיא צַייט, וֶוען אַז נָאךְ בִּיז הַיינְט קְלִינְגְט אוּנְז נָאךְ אִין דִיא אוֹיעֶרֶען דָאס בִּיטֶערֶע גֶעשְׁרֵייא, יָאמֶער אוּנ קְלָאג, טְרוֹיעֶרִיגֶע קוֹלוֹת פוּן דִיא אוּנְזֶערֶע אָבְּגֶערַאבֶּעוֶועטֶע בְּרִידֶער אוּנ פַארְשֶׁעמְטֶע שְׁוֶועסְטֶער – פוּן דִיא אַנְטְלָאפֶענֶע, פַארְיָאגְטֶע, פַארְוָואגֶעלְטֶע יוּדֶען!..

נָאךְ בִּיז הַיינְט, קְלַאפְּט אוּנְז דָאס הַארְץ, אַלֶע אֵבְרִים הֵייבֶען אוּנְז אָן צוּא צִיטֶערְן וֶוען מִיר דֶערְמָאנֶען זִיךְ דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע סְצֶענֶעס וָואס מִיר הָאבֶּען דֶענְסְטְמָאל מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען אִיבֶּערְגֶעזֶעהֶען אוּנ אוֹיף אוּנְזֶער לַייבּ אִיבֶּער־גֶעטְרָאגֶען. אָט אִין אַיין שְׁטוּבּ, אַיין אַלְטֶער גְרוֹיעֶר יוּד, אַ בַּעַל בַּיִת, פוּן אַ הוֹיז אַ פָאטֶער פוּן קִינְדֶער אוּנ אֵיינִיקְלִיךְ, בֶּעט זִיךְ: „נֶעמְט אַלֶעס, טְהוּט, בֶּרֶעכְט, רַאבֶּעוֶועט, נָאר טְשָׁעפֶּעט מִיךְ נִיט אוּנ טְשָׁעפֶּעט נִיט מַיינֶע קִינְדֶער!" מֶען עֶנְטְוֶוערְט אִיהְם אָבֶּער גָאר נִיט אוֹיף זַיין גֶעבֶּעט, נָאר גְלַייךְ מִיט אַ דְרוּטְשָׁאק אִין קָאפּ נִיט מֶען אִיהם אַיין עֶנְטְוֶוער: „וִויא וַואגְסְט דוּא גָאר אַזאַ אַלְטֶער זְשִׁיד" צוּא בֶּעטֶען אַזוֹינֶע זַאכֶען?". – אַבִּיסֶל וַוייטֶער, לוֹיפְט אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער כִּמְעַט אִין אַיין קְלֵיידִיל אוּנ נָאךְ אִיהר לוֹיפְט נָאךְ עֶפֶּעס אַיין אָבָּאדְרַאנֶעץ אַ שִׁיכּוֹר, וָואס פְּלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג פַארְדִינֶען אוֹיף צוּא שִׁיכּוֹרֶען בַּייא אִיהר פָאטֶער אוּנ אִיצְטֶער לוֹיפְט עֶר נָאךְ זַיין טָאכְטֶער, אָט אִיז עֶר שׁוֹין בַּאלְד, בַּאלְד גֶעבֶּען אִיהר, אָט בַּאלְד, בַּאלְד חַאפְּט עֶר זִיא אָן בַּייא דִיא הָאר אוּנ שְׁלֶעפְּט זִיא; דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע שְׁרַייט נִיט מִיט אִיהר קוֹל מֶען זָאל

זיא ראַטעוועֶן, אָבֶער קֵיינֶער הֶערְט נִיט אִיהר גֶעשְׁרֵייא, זיא לוֹיפְט וַייטֶער אוּנ מִיט גְרוֹיס פְרייד דֶערְזֶעהְט זִיא אִיהר גְלִיק וִויא זִיא קֶען נִיצוּל וֶוערֶען. זיא לוֹיפְט מִיט אַלֶע כֹּחוֹת, אָט אִיז זִיא שׁוֹין אוֹיף דֶער בְּרִיק אוּנ מִיט דִיא לֶעצְטֶע ווֶערְטֶער „גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאט וָואס עֶר הָאט מִיךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען" וַוארְפְט זִיא זִיךְ אַרָאב פוּן דֶער בְּרִיק; אוּנ דִיא קְלֵיינֶע חְוַואלֶעס פוּן דֶעם טַייךְ נֶעמֶען זִיא אַרוּם אִין זֵייעֶרֶע אָרִים מִיט גְרוֹיס לִיעבְּשַׁאפְט וִויא גְלַייךְ זֵייא הָאבֶען שׁוֹין לַאנְג גֶעוַוארְט אוּנ אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט דִיא הַאנְד זִיא צוּא רַאטֶעוֶוען...

מִיט פַארְגָאסֶענֶע אוֹיגֶען אִין בְּלוּט פַאר כַּעַס, זֶעהְט דֶער שִׁיכּוֹר וִויא דִיא „זְשִׁידָאוְוקֶע" ווֶערְט פַארְלוֹירֶען צְווִישֶׁען דִיא חְוַואלֶעס, מִיט גְרוֹיס כַּעַס לוֹיפְט עֶר וַוייטֶער מִיט אַ ווִילְדֶען גֶעשְׁרֵיי אוּנ זוּכְט וַוייטֶער אַ קָרְבָּן...

אָ! ווִיפִיעֶל הָאבֶען מִיר גֶעזֶעהֶן מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען אַזוֹינֶע אוּנ דֶעסְט-גְלַייבֶען שְׁרֶעקְלִיכֶע סְצֶענֶעס!

נָאר מִיר וֶועלֶען אַוֶועקְגֶעהֶען פוּן דִיא קוֹלוֹת, יָאמֶערֶען פוּן דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, אוּנ פוּן דִיא ווִילְדֶע גֶעשְׁרֵייעֶן פוּן דִיא פַאגְרָאמְשְׁטְשִׁיקֶעס, מִיר וֶועלֶען אַוֶועק וַוייט, וַוייט פוּן דֶער שְׁטָאדְט – אִין פֶעלְד צְווִישֶׁען גְרִין גְרָאז אוּנ פַארְוַואקְסֶענֶע בֵּיימֶער, דָארְט אִיז נִיט דָא קֵיין טַייךְ, קֵיין בְּרִיק, נָאר דָארְט לוֹיפְט אוֹיךְ אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער, זִיא אַנְטְלוֹיפְט, הָאטְשׁ קֵיינֶער לוֹיפְט אִיהר נִיט נָאךְ, זִיא הֶערְט ווִילְדֶע קוֹלוֹת פוּן דִיא פַאגְרָאמְשְׁטְשִׁיקֶעס זִיא הֶערְט בִּיטֶערֶע הֶערְצְרַייסֶענְדֶע גֶעשְׁרֵייעֶן פוּן אִיהר אוּמְגְלִיקְלִיכֶען פָאטֶער פוּן אִיהר אַלְטֶע בָּאבֶען, פוּן אִיהר לִיעבֶּען, לִיעבֶּען חָתָן סאלאמאן, פוּן אִיהְרֶע בַּאקַאנְטֶע, פוּן אִיהְרֶע לִיעבֶּע, נָאר נָאךְ מֶעהר שְׁרֶעקְט זִיא זִיךְ פַאר דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען גֶעשְׁרֵיי פוּן פַאן קַארָל, וֶוען זִיא הָאט אִיהְם דֶערְלַאנְגְט מִיט אִיהר קָאסֶע אוּנ עֶר אִיז גֶעפַאלֶען, דִיא קָאסֶע אִיז בַּייא אִיהר אִין דֶער הַאנְד פַארְגְלִיוֶוערְט גֶעוָוארֶען אוּנ זִיא אִיז אַזוֹי גֶעלָאפֶען אוּנ גֶעלָאפֶען, הָאטְשׁ קֵיינֶער אִיז אִיהר נִיט נָאכְגֶעלָאפֶען אוּנ קֵיינֶער הָאט נִיט נָאךְ גֶעשְׁרִיעֶן, נָאר פַארְקֶעהְרְט אוֹיף דֶעם פֶעלְד אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר שְׁטִיל, אֲפִילוּ קֵיין ווִינְטֶעל הָאט דָאס שְׁטִילְקֵייט נִיט אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען.

נִיךְ אִיז זִיא מִיעד גֶעוָוארֶען לוֹיפֶענְדִיג אִיבֶּער דִיא גֶעאַקֶערְטֶע פֶעלְדֶער אוּנ אִיבֶּער פֶענְקֶעס וָואס זֶענִיךְ אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן אָבְּגֶעהַאקְטֶע בּוֹימֶער.

וִויא אַ סְנָאפּ אִיז זִיא מִיעד אוּמְגֶעפַאלֶען נֶעבֶּען אַ בּוֹים, דָא אוֹיף דֶעם גְרָאז הָאט זִיא גֶעפִיהְלְט וִויא אִיהְרֶע צוּבְּרָאכֶענֶע גְלִידֶער הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶערוּהְט, זִיא אִיז גֶעקוּמֶען צוּא זִיךְ אוּנ הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶען אַרוּמְקוּקֶען וָואס טְהוּט זִיךְ אַרוּם אִיהר: עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען נַאכְט אוּנ הָאטְשׁ אַ לִיכְטִיגֶע נָאר דָאס סְטֶעפְּקִיוֶועקֶער וֶועלְדֶעל וואו עֶס אִיז אִיהר גֶעוֶועזֶען בַּאקָאנְט כִּמְעַט

יָעדֶעם בּוימֶעל הָאט זִיא שׁוֹין נִיט גֶעזֶעהֶען – זִיא הָאט אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט וואוּ זִיא אִיז. –

– עֶס אִיז אִיצְט אַ זוּמֶער נאַכְט אִיךְ וֶועל דָא אִיבֶּערְלִיגֶען בִּיז טָאג, הָאט זִיא גֶעזָאגְט צוּא זִיךְ.

פְּלוּצִים הָאט זִיא דֶערְפִּיהְלְט דִיא קָאסֶע אִין דֶער הַאנְד אוּנ הָאט זִיא אַ וָוארְף גֶעטְהוּן ווייט פוּן זִיךְ אוּנ הָאט זִיךְ צווֵיינְט.

– אִיךְ הָאבּ מִיט מַיינֶע הֶענְד סְקַאלֶעטְשֶׁעט אַ מֶענְשֶׁען אוּנ אֶפְשַׁר דֶערְהַרְגִיט. וֶוער ווייסְט, אֶפְשַׁר לִיגְט עֶר אִיצְט אַזוֹי גֶעבֶּען ווַאלְד טוֹיט אוּנ קֵיינֶער ווייסְט אֲפִילוּ נִיט. אוֹי גָאט! פַאר וָואס הָאבּ אִיךְ גָאר גֶעהַאלְטֶען דִיא קָאסֶע אִין דִיא הֶאנְד? פַאר וָואס בִּין אִיךְ נִיט אַנְטְלָאפֶען פְרִיהֶער?

זִיא הָאט אִין דֶער מִינוּט פַארְגֶעסֶען אָן אַלֶעמֶען אֲפִילוּ אָן אִיהר סְאלַאמָאנֶען נָאר מִיט דֶעם וָואס זִיא הָאט מֶענְשֶׁענְס בְּלוּט פַארְגָאסֶען אִיז אִיהר גֶעוֶועזֶען פַארְנוּמֶען דֶער קָאפּ, עֶס הָאט זִיא גֶעמִיטְשֶׁעט, זִיא הָאט זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט בַּארוּהִיגֶען, זִיא הָאט בַּאלְד גֶעוָואלְט לוֹיפֶען צוּרִיק אוּנ אִיהם אוֹיפְהוֹיבֶּען, אִיהם דֶערְמִינְטֶערְן, טָאמֶער לֶעבְּט עֶר נָאךְ. זִיא אִיז מִיט דֶעם גֶעדַאנְקֶען אוֹיפְגֶעשְׁטאנֶען, נָאר זִיא אִיז צוּרִיק גֶעפַאלֶען מִיט דֶעם פָּנִים צוּא דֶער עֶרְד.

דָאס גְרָאז אוּנְטֶער אִיהר אִיז נַאס גֶעוָוארֶען פוּן טְרֶעהְרֶען, אוּנ דָאס נוּט זִיךְ אוֹיסְווֵיינֶען הָאט זִיא בֶּרוּהִיגְט, זִיא הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְמָאנֶען ווִיפִיעל מָאל דֶער שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ הָאט זִיא גֶעוָואלְט אוּמְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען אוּנ ווִיא דָאס לֶעצְטֶע מָאל אָהן שׁוּם דֶערְבַּארֶעמְקַייט אִיז עֶר אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהר ווִיא אַ בֶּעזֶער וָואלְף צוּרִיסֶען אוֹיף אִיהר דִיא קְלֵיידֶער, גֶעשְׁלֶעפְּט זִיא בַּייא דִיא צֶעפּ אוּנ... אוּנ מִיט אֵיין מָאךְ מִיט אִיהר קָאטֶע וָואס זִיא הָאט דִיא גַאנְצֶע צַייט נִיט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט פוּן אִיהר הַאנְד הָאט זִיא זִיךְ בַּאפְרַייט פוּן דֶעם וָואלְף אוּנ עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען לִיגֶען ווִיא טוֹיט –

– נֵיין אִיךְ וֶועל נִיט גֶעהֶען צוּרִיק, הָאט זִיא בַּייא זִיךְ גֶערֶעשְׁעט מֶען וֶועט מִיךְ מִשְׁפְּטֶן ווִיא אַ רַאזְבּוֹינִיק. אוּנ אֵיין גָאט ווייסְט דֶעם אֱמֶת אַז אִיךְ בִּין שׁוּלְדִיג, אוּנ ווִידֶער וָואס הָאבּ אִיךְ צוּא גֶעהֶען צוּרִיק, וֶוער ווייסְט וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ אִיצְט דָארְט? וֶוער ווייסְט צוּא אוּנְזֶערֶע לֶעבֶּען שׁוֹין?

בַּייא דֶעם גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיהר דִיא הָאר אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר שְׁרֶעק אוּנ זִיא הָאט זִיךְ גֶערֶעשְׁיט נִיט גֶעהֶען צוּרִיק, וֶוען נָאט הָאט זִיא יָא אָבְּגֶערַאטֶעוֶועט; זִיא וֶועט וַוארְטֶען בִּיז זִיא וֶועט גֶעוָואהְר ווֶארֶען וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ דָארְט.

זִיא הָאט גֶעוַוארְט עֶס זָאל ווֶערֶען טָאג, זִיא זָאל קֶענֶען ווייטֶער גֶעהֶען.

* *
*

נאַנְץ פְּרִיה, וָוען דִיא זוּנן אִיז נָאר וָואס אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִיז פוּן דֶער „קַאבִּילֶער קְרֶעטְשְׁמֶע“ וָואס שְׁטֶעהְט אוֹיף דֶעם גְרוֹיסֶען שְׁלְיַאךְ (וָוען) אַרוֹיסְגֶעפָאהְרֶען אַ יוּדִישֶׁער בַּעַל עֲגָלָה מִיט עֶטְלִיכֶע פַּארְשׁוֹינֶען. וָועלְטֶען פְלֶעגְט אִין דִיא זוּמֶער נֶעכְט דֶער בַּעַל עֲגָלָה דָא נֶעכְטִיגֶען, מֶען פְלֶעגְט נָאר דָא פָאפַּאסֶען דִיא פֶערְד, אַלֵיין עֶפִּים אִיבֶּערְחַאפֶּען אוּנ וַוייטֶער פָאהְרֶען. וָוארוּם דֶער שְׁלְיַאךְ אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר אַ גְלַייכֶער, פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען בּוֹימֶער אַז אֲפִילוּ אִין דִיא ווִינְטֶערְדִיגֶע פַארְשְׁנֵייטֶע נֶעכְט הָאט מֶען נִיט גֶעקָאנְט פַארְבְּלָאנְדְזֶעט וֶוערֶען, וּבִפְרַט נָאךְ אִין דִיא זוּמֶערְדִיגֶע, נָאר זִינְט עֶס הָאבֶּען זִיךְ אָנְהוֹיבֶּען הֶערֶען דִיא פָּאגְרָאמֶען, הָאבֶּען זִיךְ דִיא פַּארְשׁוֹינֶען אַיינְגֶעשְׁפַּארְט אַז מֶען זָאל דָא נֶעכְטִיגֶען. זֵייא הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט צוּא פָאהְרֶען, אוּנ הָאטְשׁ דֶער בַּעַ' עֲגָלָה הָאט גֶעדְרוּנְגֶען אַז אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע צוּא נֶעכְטִיגֶען בַּייא אִיצְטִיגֶער צַייט אִיז מֶען אוֹיךְ נִיט בַּאוָוארֶענְט אַז קֵיין פַּאגְרָאמְטְשִׁיקֶעס זָאלֶען נִיט אָנְפַאלֶען, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען זֵייא זִיךְ בַּארֶעכֶענְט אַז אִין קְרֶעטְשְׁמֶע אִיז פָארְט גְלַייכֶער ווִיא זִיךְ צוּא שְׁלֶעפֶּען בַּאנַאכְט אִין פֶעלְד.

ווִיא אַזוֹי עֶס אִיז הָאבֶּען זֵייא מִיט שְׁרֶעקֶענִישׁ אִיבֶּערְגֶעדְרִימֶעלְט דִיא נַאכְט, דֶער – אוֹיף אַ טִישׁ, דֶער – אוֹיךְ אַ בַּאנְק אוּנ דֶער – נָאר אוֹיף אַ קוּלַאק (פוֹיסְט) אוּנ מֶען הָאט גֶעוַוארְט דֶעם „טָאג“ ווִיא אוֹיךְ מָשִׁיחַ'ן.

ווִיא דִיא זוּנן אִיז נָאר אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִיז שׁוֹין דִיא פוּהר אַרוֹיסְגֶעפָאהְרֶען פוּן דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע אוּנ מֶען אִיז בַּאלְד אַוֶועק וַוייטֶער.

– אָ, הָלֶעבֶּען אַ פֶּערְגְנִיגֶען, פָּשׁוּט אַ דֶערְקְווִיקֶענֶעשׁ, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אַ פַּארְשׁוֹין, אַ חָסִידִיל וָואס אִיז גֶעפָאהְרֶען צוּם רֶבִּין – זֶעהְט נָאר ווִיא עֶס אִיז אוּמֶעטוּם שֶׁעֶן, גְרִין, אוּמֶעטוּם שְׁמֶעקְט אוּנ דִיא זוּנן וַוארִימְט אַזוֹי גוּט אַז עֶס אִיז אַ מְחַיֶה. אָ וֶועה, עֶס טְהוּט מִיר בַּאנְק וָואס אִיךְ הָאבּ פַארְגֶעסֶען צוּא וַואשֶׁען דִיא הֶענְד, אַזוֹי וָואלְט אִיךְ שׁוֹין גֶעזָאגְט בְּרָכוֹת אוּנ גֶעקֶענְט אָבְּדַאווְנֶען דֶעם גַאנְצֶען פוּן פָארִינְט, אוּנ זֵייגֶער אַכְט וֶוען מִיר ווֶועלֶען אי"ה קוּמֶען צוּא דֶער „לִיפֶּענֶער קְרֶעטְשְׁמֶע“ וָואלְט בַּייא מִיר גֶעדוֹיעֶרְט דָאס דַאווְנֶען אַ מִינוּט אוּנ אִיךְ וָואלְט גֶעקֶענְט נֶעמֶען אַ בִּיסֶעל סְפִּירְט אָ, אָ, נוּ!

עֶר הָאט זִיךְ וַוייטֶער גֶעקְלֶערְט, נָאר צוּא אִיבֶּער דֶעם בִּיסֶעל סְפִּירְט וָואס עֶר וֶועט טְרִינְקֶען אִין דֶער „לִיפֶּענֶער“, אָדֶער אִיבֶּער דֶעם שֶׁענֶעם לַאנְדְשַׁאפְט וָואס עֶר הָאט אִיצְטֶער גֶעזֶעהֶען פָאהְרֶענְדִיג, הָאט עֶר נָאר אַלֵיין גֶעווּאוּסְט,

– אַז אָךְ אוּנ וֶועה צוּא אַייעֶר קְווִיקֶענֶעשׁ, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אַ יוּנְגֶער מַאנְן כִּמְעַט אִין אֵיינֶע יָאהְרֶען מִיט דֶעם חָסִידִיל, אַ קָאמִיסְיָאנֶער פוּן בְּרוֹיט בַּייא אַ קְלֵיינֶעם וָואקְזַאל אוּנ אִיצְטֶער פָאהְרְט עֶר אַהֵיים וַוייל אִיבֶּער דִיא פָּאגְרָאמִים הָאט מֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּא שִׁיקֶען בְּרוֹיט, זִינְט עֶר פָאהְרְט

אויף דער פוהר האט ער זיך אוספעיעט צוא באקענען מיט אלע פארשוינען אונ נאך מעהר מיט דעם חסידיל.

– וואס געפעלט אייך דא ניט אזוי וואס איך קוועל אן, איך זאל טאקע ניט געוועזען פארגעסען זיך וואשען וואלט איך טאקע געזאגט ברכות, עס וואלט טאקע זעהר גוט געוועזען אז ווען מיר זאלען חאטש באגעגענען א קליין קרעניצעלע, וואלטען מיר טאקע געבעטען דעם בעל עגלה ער זאל זיך אבשטעלען.

קארג האט איהר זיך געפליאסקיט, איידער איהר האט זיך אויפגעזעצט פאהרען, האט זיך אנגערופען דער בעל עגלה, ווען ער האט דערהערט וויא מען שמועסט פון אבשטעלען זיך – איהר מעגט אייך זאגען ברכות וויפעל איהר ווילט, וואס דארפט איהר נאך א קרעניצע?

– איך דארף אויף זיך צוא וואשען, וואס איז דאס גאר פאר א שאלה מען איז זיך מעהר ניט וויא א מענש, ווער ווייסט טאמער בין איך גאר ניט ריין, קען איך חס ושלום מחלל זיין ברכות; נאר לאז זיין דערוויל אזוי, וואס קען א מענש. טהון מען איז זיך מעהר ניט וויא א מענש וואס פארגעסט זיך, איך וועל דערוויל אזוי זיצען אונ קוקען טאמער וועט פארט דער אויבערשטער רחמנות האבען אונ באשערן א קרעניצקעלע.

– אונ ער האט זיך ווייטער פארקוקט אויף דעם שיינעם לאנדשאפט געקוויקט זיך אונ געקוואלען פון פארגניגען.

דער קאמיסיאנער וואס האט זיך תחלת געבלאזען אונ עפיס וויא אין כעס געוועזען אויף דעם חסיד, האט זיך איצטער פלוצים צולאכט.

– וואס לאכט איהר? ר' אהרן, האט איהם דער חסיד געפרעגט.

– וואס האב צוא וויינען אז אייך איז אזוי גוט?

– אין וואס דערקענט איהר דאס? הלבען ר' אהרן. אז איך בין גאר ניט אזא גביר, עט עס שלעפט זיך ב"ה דאס שטיקעל פרנסה מען זאל ניט זינדיגען דיא רייד, אונ גלויבט מיר ר' אהרן, אז דאס וואס איך פאהר איצטער צום רבין איז מיר אויך שווער, פראסט מיין פנים פלאמט אין מיר, וויא גיט מען ניט דעם רבין האטש א פינפעריל, אונ דעם גבאי א דרייעריל, א שאנע אדיעזדנע איבערלאזען דעם רבינ'ס קינדער, אונ נאך קליינינקייטען וואלט איך ניט געזשאלעוועט; ווען דער אויבערשטער זאל העלפען דיא צייט זאל בעסער ווערען, וואלט איך אודאי אזוי ניט פארשפארט דאס קערביל, אונ וויא אזוי קען מען נאר פארשפארען אז מען פאהרט איין מאל אין דריי חדשים צום רבין, נאר איין גאט ווייסט דעם אמת אז איך קען ניט, עס איז מיר דאס אויך שווער דיא צען – פופצען קערבלעך וואס עס וועלען מיך קאסטען דיא הוצאות פאהרענדיג צום

רבין אונ איהר זאנט נאך אז עס איז מיר גוט! חלעבען איך וואלט אייך בעדארפט אייך מקנא זיין, אהן אייער שאדען אויף מיר געזאגט געוואָרען, איהר פארדיענט מעהר פון מיר.

– ניין ר׳ זיינוויל, איהר האט א טעות, אין היינטיגע ביטערע צייטע פאר יודען, האט קיינער ניט וואס מקנא צוא זיין א יודען, ובפרט נאך איין יוד דעם אנדערען יודען.

– פאר וואס? דאכט זיך א יוד צוא זיין אונ דערצו נאך פארדיענען א סך געלד איז דאכט זיך ניט דא קיין שענערס אונ קיין בעסערס אויף דער וועלט.

– יא... נאר אין היינטיגע שלעכטע צייטען פאר יודען איז קיין יוד ניט פאר זיכערט מיט דעם וואס ער האט, היינט זענין אלע יודען גלייכע אומגליקליכע, דער היינטיגער יודישער גביר איז ניט פארזיכערט אויב ער וועט מארגען האבען ברויט.

– עט, עס איז נאר געזאגט – דער וואס האט טאקע געלד דעם איז גוט.

– ניין ר׳ זיינוויל, „נאר געזאגט", עס איז געוועזען אמאליגע יאהרען אונ היינטיגע יאהרען זעהען מיר עס אלע טאג מיט אונזערע אויגען אז אפילו דער וואס האט געלד דעם איז אויך ניט גוט, ער געהט ארום מיט דעם ביטעל געלד אין קעשענע אונ ציטערט אונ שרעקט זיך אז מארגען זאל ער ניט האבען פון וואנען צוא לעבען. איך רעד שוין גאר ניט פון די „פאגראמען" וואס דער גרעסטער גביר קען אויף מארגען ווערען דער גרעסטער אריםאנן, נאר לאז זיין, דעם יודען וואס האט געלד האבען איהם די פאגראמען אויסגעפעהלט, נאר וואס קען ער טהון מיט זיין געלט ביי היינטיגער צייט? אזויגע גבירים וואס זאלען זייער געלד קענען אוועקגעבען אין דער קייזערליכען באנק אויף פינף פראצענט אונ זאלען דערפון קענען לעבען, אזעלכע גבירים זאג איך אייך זאנין צווישען יודען גאר ניט דא אפשר וועט איהר געפינען אזויגע איין צעהנדליק יודען, נאר פון זייא ריידען מיר ניט, זייא געהען ניט אריין אין כלל)! ביי יודען דער וואס פארמאגט עטליכע הונדערט קערבלעך וואס איז מיט זייא אין שטאנד זיך צוא פארדיענען זייא פרנסה – דער הייסט שוין א שענער בעל בית אונ דער וואס פארמאגט צוויא אדער דרייא טויזענט קערבלעך, דאס איז שוין גענוג ער זאל הייסען צווישען יודען א גביר. אט פון אזויגע צווייער אונ דרייא טויזענדער קערבעלדיגע יודען, באשטעהט דאס רוב יודישע גבירים

נאר ווען איז דאס אלעס גערעדט געווארען, אז מען קען פון עפעס ציהען די פרנסה, אבער איצטער, איצטער קען איך א סך פון מיינע בעקאנטע יודישע גבירים וואס זאגען מיר ניט איין מאל מיט גרויס שרעקעניס

און צִיטֶערְנִעשׁ: נֶעוואַלְד, בְּרוּדֶער, גִיבּ עֶפֶּעס אַיין עֵצָה וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן. נֶעלְד הָאבֶּען מִיר און עֶס אִיז דֶערְמִיט גָאר נִיט דָא וָואס צוּא טְהוּן; לֶענ עֶפִּים פָּאר אַ גֶעשְׁעֶפְט פַּארְדִיעֶן דוּא, לָאז יֶענֶעם פַּארְדִיעֶנֶען אַבִּי לָאם אִיךְ אוֹיךְ הָאבֶּען פַּרְנָסָה, און נַא דִיר נֶעלְד אוֹיף דֶעם גֶעשֶׁעפְט". הֶלֶעבֶּען ר' זיינוויל אַז אִיךְ בְּלַייבּ גָאר שְׁטֶעהן און וֵויים זֵייא נִיט וָואס צוּא עֶנְטְוָוערֶען וָוארוּם וִויא זֶעהר אִיךְ וִויל פַאר זֵייא עֶפֶּעס אַ גֶעשֶׁעפְט גֶעפִינֶען אָדֶער אוֹיסְטְרַאכְטֶען (וָוארוּם אִיךְ וויל זִיךְ אוֹיךְ פַּארְדִינֶען) הֶעלְפְט נִיט, אִיךְ בְּלַייבּ נָאר וִויא אַ שְׁטוּמֶער שְׁטֶהן און וֵויים נִיט וָואס זֵייא צוּא זָאגֶען און רַאטְהֶען; און וָואס קֶען אִיךְ זֵייא דָא אַזוֹינְס זָאגֶען? אַ מִיהל, אַ גָארָאלְנֶע, אַ זַאוָואד, אַ פַאבְּרִיק, אַ טַייךְ, אַ פַּאסֶעסְיֶע, אַיין אַרֶענְדֶע און נָאךְ און נָאךְ טוֹיזֶענְטֶער גֶעשֶׁעפְטֶען וָואס אִיךְ וֵויים פוּן זֵייא – טָאר אִיךְ זֵייא נִיט דֶערְמָאנֶען וָוארוּם דָאס אַלֶעס טָאר אַ יוּד נִיט, וָואס זְשֶׁע דֶען בְּלַייבְּט נָאךְ דֶעם יוּדֶען פַאר גֶעשֶׁעפְטֶען? – דָאס קְלֵייטִיל, דָאס שֶׁענְקִיל אִין שְׁטָאט און דָאס זֶעקִיל תְּבוּאָה אַבִּי קוֹיפֶען בַּיים גוֹי וָוען עֶר בְּרֶענְגְט עֶס אִין שְׁטַאדְט זוּנְטָאג צוּא פַארְקוֹיפֶען, און אַוֹיךְ וֶוערֶען אַ וָואכֶענְגֶעבֶּער (אַ פְּרָאצֶענְטְנִיק). אָ ר' זיינביל! אָט פוּן דִיא דְרַייא יוּדִישֶׁע פַּרְנָסוֹת וִויל שׁוֹין הַיינְט קַיין יוּד נִיט וִויסֶען און נִיט הֶערֶען, וּבִפְרַט נָאךְ דֶער יוּד וָואס פַארְמָאגְט עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלִיךְ און דִיא גְרוֹסֶע נוֹיטְהֶע אִיז אִיהם דֶערְוַוייל נָאךְ נָאךְ נִיט אַזוֹי שְׁטַארְק צוּגֶעטְרֶעטֶען, און מֵיינְט נִיט אַז דֶערְפַאר וִויל דֶער יוּד נִיט וַוייל דוּרְךְ דִיא יוּדִישֶׁע פַּרְנָסוֹת בַּאקוּמְט עֶר אַ מִיאוּס'ן שֵׁם וָוארוּם וִויא אַזוֹי אַ יוּדִישֶׁער שֶׁענְקֶער, קְרֶעמֶער, כּוֹהֵי. פְּרָאצֶענְטְנִיק זָאל נִיט זַיין עֶהְרְלִיךְ אִין זַיין גֶעשֶׁעפְט רוּפְט מֶען אִיהם אַנְדֶערְשׁ נִיט וִויא נָאר: מַאשֶׁענִיק, בְּלוּטְצַאפֶּער און דֶעסְגְלַייכֶען טְהַייעֶרֶע נֶעמֶען נַיין: דֶער מֶענְשׁ וָואס דַארְף פַּרְנָסָה וָואס זוּכְט בְּרוֹיט, דֶער וָואס אִיז הוּנְגֶערִיג, דֶער קוּקְט נִיט דֶערוֹיף וָואס זַיין עֶרְלִיכֶער נָאמֶען וֶוערְד פַארְשְׁמִירְט און בַּאקוּמְט אוּמְזִיסְט אַ שֵׁם רַע דֶער טְרָאגְט און לַיידֶעט אִיבֶּער דֶעם אוּמְזִיסְטִיגֶען בִּזָּיוֹן שְׁטֶעכֶענֶעשֶׁען פוּן יֶעדֶען וָואס וִויל אִיהם נָאר שְׁטֶעכֶען.

יוּדֶען וִוילֶען זִיךְ הַיינְטִיגֶע יָאהְרֶען נִיט נֶעמֶען צוּא דִיא יוּדִישֶׁע פַּרְנָסוֹת דֶערְפַאר וַוייל זֵייא וֵוייסֶען פַארוֹים אַז פוּן דִיא יוּדִישֶׁע פַּרְנָסוֹת קֶען מֶען אִיצְט קַיין בְּרוֹיט נִיט הָאבֶּען, עֶר וֵוייסְט אַז עֶר וֶועט דֶערְלֶעגֶען דָאס בִּיסֶעל נֶעלְד וָואס עֶר פַארְמֶאגְט נָאךְ און...

– פוּן דֶעסְט וֶועגֶען אִיז דָאס נָאר גֶעזָאגְט. הָאט ר' זיינוויל מֶעהר נִיט גֶעהַאט קַיין גֶעדוּלְד אוֹיסְצוּהֶערֶען וִויא מֶען מַאכְט פוּן דֶער וֶועלְט אַיין עֶק – עֶט עֶס אִיז נָאךְ נִיט אוֹים וֶועלְט ר' אהרן! און...

– און שְׁלָאגְט מִיר נִיט אִיבֶּער, לָאזְט מִיךְ אוֹיסְרֶעדֶען, הָאט ר' אהרן וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען: און עֶס אִיז נָאר קַיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס דֶעם

יוּדֶען אִיז הַיינְטִיגֶע יָאהְרֶען אַזוֹי שְׁוֶוער צוּא פַאַרְדִיעֶנֶען וָוארוּם וואו מֶעג דֶער יוּד מַאכֶען דָאס שֶׁענְקִיל, דָאס קְלֵייטִיל? נָאר אִין דִיא שְׁטָאט וואו יוּדען וָואהְנֶען – פְרֶעגְט זִיךְ, וֶוער זֶשֶׁע זֶענִין דִיא טְרִינְקֶערְס אוּנ וֶוער זֶענִין דִיא קוֹנִים? אַז דִיא אַיינְוָואהְנֶער פוּן דֶער שְׁטָאט (יוּדען) זֶענִין כִּמְעַט אַלֶע קְרֶעמֶערְס אוּנ שֵׁיינְקַארֶעס; פַאר דִיא טְרִינְקֶערְס אוּנ קוֹנִים וָואס קוּמֶען אִין שְׁטָאדְט אֵיין מָאל אִין צְוַוייא וָואכֶען אָדֶער אֵיין מָאל אִין וָואךְ אוֹיף דֶעם מַארְק טָאג, אָ! פַאר דֶעם אֵיינְצִיגֶען מַארְק טָאג אִיז שׁוֹין דָא אַזוֹי פִיעל קְרֶעמֶערְס אוּנ שֶׁענְקַארֶעס וְויפֶעל זַאמְד אִין יַם דֶעסְגְלַייכֶען אִיז מִיט דֶעם מֶעסְטִיל תְּבוּאָה וָואס דֶער גוֹי בְּרֶענְגְט אִין שְׁטָאדְט צוּא פַארְקוֹיפֶען דָאס אִיז שׁוֹין פוּנְקְט פַארֶקֶעהְרְט, פִינְף הוּנְדֶערְט קוֹנִים (יוּדֶען) אוֹיף אַיין מוֹכֵר (דֶער גוֹי) אִיז דֶען מֶעגְלִיךְ בַּייא אַזַא לַאגֶע עֶפֶּעס צוּא פֶערְדִיעֶנֶען? נֵיין, דֶער יוּד וָואס הָאט נָאךְ אַבִּיסֶעל גֶעלְד, דֶער קֶען זִיךְ נִיט עֶנְטְשְׁלִיסֶען נֶעמֶען זִיךְ צוּא יוּדִישֶׁע גֶעשֶׁעפְטֶען אוּנ עֶסְט אַ גְרֵייט קֶערְבֶעל... אַיי מֶען זֶעהט דָאךְ פָארְט וִויא יוּדֶען נֶעמֶען זִיךְ נָאךְ הַיינְט אוֹיךְ דִיא יוּדִישֶׁע גֶעשֶׁעפְטֶען, דָאס זֶענִין דִיא וָואס הָאבֶען שׁוֹין קֵיין גֶעלְד נִיט. בַּייא זֵייא אִיז שׁוֹין אַלְץ אֵיינְס – דֶער וָואס טְרִינְקְט זִיךְ חַאפְּט זִיךְ אָן בַּייא אַ שְׁטְרוֹי.

עֶט, עֶס אִיז גָאר גֶעזָאגְט ר׳ אהרן, דִיא וֶועלְט הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט אוֹיסְגֶעלָאזְט פוּן דֶעסְט וֶועגֶען זֶעהֶען מִיר נָאךְ הַיינְט אוֹיךְ פִיעֶ, יוּדֶען וָואס הָאבֶען נָאךְ אִיצְט אוֹיךְ גוּטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אַרֶענְדֶעס, זַאוָואדֶען, פַאבְּרִיקֶען אוּנ נָאךְ אַ סַךְ גוּטֶע מִסְחָרִים, עֶס אִיז נָאךְ נִיט אַזוֹי דִיא מַעֲשֶׂה וִויא אִיהר דֶערְצֶעהְלְט.

– יָא מִיר זֶעהֶען – נַארֶען מִיר זִיךְ אַלֵיין אָב, מִיר פַארְגֶעסֶען זִיךְ אוּנ מַיינֶען אַז דִיא וֶועלְט אִיז נָאךְ אַ וֶועלְט פַאר יוּדֶען אוֹיךְ – פַארְגֶעסְט נִיט לִיעבֶער ר׳ זיינוויל, אַז דִיא יוּדֶען וָואס הַאלְטֶען זִיךְ נָאךְ אוֹיף דִיא פִּיס, אִיךְ מֵיין דִיא אַרֶענְדַארְס, זַאוָואדְטשִׁיקֶעס אוּנ דִיא אִיבֶּערִיגֶע וָואס מִיר זֶעהֶען, דָאס זֶענִין נָאךְ דִיא אַלְטֶע, דִיא וָואס הָאבֶען זֵייעֶרֶע גֶעשֶׁעפְטֶען פוּן דִיא פְרִיהֶערְדִיגֶע קָאנְטְרַאקְטֶען, בַּייא דֶעם הַיינְטִיגֶען יָאהר אָדֶער אִיבֶּער דְרַייא יָאהְרֶען וֶועלֶען זִיךְ עֶנְדִיגֶען זֵייעֶרֶע קָאנְטְרַאקְטֶען, בַּייא דֶעם פְרִיהֶער, בַּייא יֶענֶעם שְׁפֶּעטֶער, גָאר סוֹף כָּל סוֹף וֶועלֶען זִיךְ זֵייעֶרֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אוֹיךְ אוֹיסְלָאזֶען, זֶעהֶען מִיר שׁוֹין דֶען נִיט, פִיהְלֶען מִיר שְׁטָאדְטִישֶׁע יוּדֶען שׁוֹין דֶען נִיט פוּן דִיא דָארְפִישֶׁע יוּדֶען וָואס קוּמֶען כִּמְעַט אַלֶע טָאג אֶיעהֶנְדְלִינְגֶענְוַוייז אוֹיךְ זוּכֶען גֶעשֶׁעפְטֶען אִין שְׁטָאדְט? הָאט חָאטְשׁ אַ פִּירְטֶעל חֵלֶק פוּן זֵייא גֶעפִינֶען גֶעשֶׁעפְטֶען אָדֶער פַּרְנָסָה אִין שְׁטָאדְט? אוֹי נֵיין דֶערְוַוייל נָאךְ נִיט, גָאר אַ קְלֵיינֶע צָאהל זֶענִין גֶעוָוארֶען קְרֶעמֶערְס אָדֶער שֶׁענְקַארֶעס, גָאר גְלוֹיבְּט מִיר אַז מֶען דַארְף צוּא זֵייא אִין קֶעשֶׁענֶע נִיט אַרַיינְקְרִיכֶען, מֶען זָאל וִויסֶען

צוא האבען זייא דערפון פרנסה, זייא שאדען נאר דיא שטאדטישע יודען אונ מעהר ניט. נײן ר' זיינוויל, פון דיא יודען וואס מיר זעהען אז זייא האבען נאך גוטע געשעפטען, האבען מיר קיין ראיה ניט צוא געמען, מיר דארפען גאר ווייט ניט געהן; ווייזט מיר איין ניי בעל בית'ל, ד. ה. איין יונגען מאן וואס דארף שוין אראב פון דיא קעסט אונ ווערען אליין א בעל בית'ל, האט ער האט עטליכע הונדערט רובל אונ אפילו עטליכע טויזענד, וואס טהוט ער? איהר האט געזעהען ער זאל מאכען געשעפטען? — מען זיצט אונ מען עסט א גרייט קערביל, אדער גלייך צוטהיילין זייא אויך עטליכע הונדערט רובל אויף וואכערס, טאקע צווישען דיא ארעמע יודען, טאמער וועלען זייא אבגעבען מיט פראצענט, וואס דען זאל דאס נייע בעל בית'ל טהון?

זיינוויל האט געגעבען א זיפץ אונ האט אויך מודה געוועזען אז יודען איז היינטיגע יאהרען טאקע זעהר שלעכט.

— יא, עס איז יודען שלעכט, האט ר' אהרן ווייטער אנגעהויבען — יודען האט מען ניט וואס מקנא צוא זיין, נאר איך — אייך, ר' זיינוויל, מעג מען מקנא זיין, אייך איז גוט וויא דיא וועלט — איהר זענט פון דיא גליקליכע יודען...

זיינוויל האט זיך פארוואונדערט נעהנטער צוגערוקט אונ געקוקט אויף איהם מיט אזוינע אויגען, וויא גלייך איינער זאל זאגען אז ער קען איין פוס אנידערשטעלען אויף דער ערד אונ דעם צווייטען אויף דעם הימעל.

— וואס הייסט? וואס הייסט? איך פארשטעה אייך ניט!...

— דאס וואס איהר הערט, אונ טאקע איבער דעם וואס איך זעה וויא אייך איז אזוי גוט, האב איך זיך פריהער צולאכט פאר גרויס פרייד...

— איך פארשטעה ניט, עפיס מאכט איהר פון מיר חוזק ר' אהרן, צוא וואס? האט זיינוויל'ן עפיס וויא פארדראסען אונ ער האט זיך אנגעהויבען בייזערין, נאר אין דער מינוט האבען אלע פארשוינען פלוצים דערהערט שרייען א יודיש קול:

יודען האט רחמנות אויף מיר! האט דאס קול געשריגען מיט גרויס ציטערניש — איך בין איין אומגליקליכע!...

2

# געשמועסט אונ ווייטער געפאהרען

דיא פארשוינען מיט דעם בעל עגלה האבען זיך שטארק דערשראקען, מען האט באלד אבגעשטעלט דיא פערד, אראבגעלאפען פון וואגען אונ זיך

אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוּמְקוּקֶען פוּן אַלֶע זַייטֶען; אָנְפַאנְגְס הָאבֶּען זַייא מֶעהר נִיט גֶעזֶעהֶען וִויא פֶּעלְד מִיט בֵּיימֶער אוּנ וִויא דִיא זוּנְן אִיז כִּמְעַט אִין גַאנְצֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן הִינְטֶער דִיא בֵּיימֶער, אַזוֹי אַז עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען גְרוֹיסֶער טָאג, אוּנ מֶען הָאט שׁוֹין גֶעקֶענְט אַלֶעס זֶעהֶען, נָאר זַייא הָאבֶּען פָּארְט גָאר נִיט גֶעזֶעהֶען.

זַייא הָאבֶּען נָאךְ אַבִּיסֶעל גֶעוַוארְט אוּנ מֶעהר נִיט וִויא אִין דְרַייא מִינוּט אַרוּם הָאבֶּען זַייא וַוייטֶער דֶערְהֶערְט דָאס אֵייגֶענֶע קוֹל אוּנ טַאקֶע בַּאלְד דֶערְנָאךְ אִיז פוּן צְוִוישֶׁען דִיא גֶעדִיכְטֶע גְרִינֶע בּוֹימֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ יוּדִישׁ מֵיידִיל.

דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְזֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶע רחל!...

פּוּנְקְט וִויא דִיא שֶׁאנֶע זוּנְן אִיז פְרִיהֶר מִיט אֵייגֶענֶע מִנוּטֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן צְוִוישֶׁען דִיא בֵּיימֶער, אַזַא אַיין אַיינְדרוּק הָאט זִיא אִיצְט גֶעמַאכְט אוֹיף אַלֶע פַּארְשׁוֹינֶען; נָאר וֶוען זִיא אִיז צוּגֶעקוּמֶען נֶעהֶנְטֶער הָאבֶּען זַייא זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען פַאר אִיהר: דָאס פָּנִים בְּלַאס, דִיא הָאר צוּא פּוּטֶעלְט אוּנ צוּא שׁוֹיבֶערְט, דָאס קְלֵיידִיל אוֹיף אֵיינִיגֶע אֶרְטֶער צוּרִיסֶען, אוֹיף דִיא הֶענְד אוּנ דִיא בָּארְוִויסֶע פִּיס – וואוּנְדֶען.

– אִיךְ בִּין פוּן דָארְף סטעפקיווקע, הָאט זִיא אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְצֶעהְלֶען גַאנְץ שְׁטִיל אוּנ אַלֶע פַּארְשׁוֹינֶען הָאבֶּען זִיךְ אַרוּם אִיהר אַרוּם גֶעשְׁטֶעלְט – עֶרְשְׁט נֶעכְטֶען זֶענֶען אוֹיף אוּנְז אָנְגֶעפַאלֶען דִיא גוֹיִם, אִיךְ בִּין קוֹים לֶעבֶּעדִיג אַנְטְלָאפֶען, דִיא גַאנְצֶע נַאכְט בִּין אִיךְ גֶעגַאנְגֶען אוּנ גֶעבְּלָאנְדְזֶעט, אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען זֶעהְר מִיד, אוּנ הָאב גֶעוָואלְט נֶעכְטִיגֶען אִין פֶּעלְד, נָאר אִיךְ הָאב מוֹרָא גֶעהַאט, בִּין אִיךְ וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען, אוּנ אַז קַיין גוֹי זָאל מִיךְ נִיט בַּאגֶעגֶענֶען בִּין אִיךְ גֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער גֶעאַקֶערְטֶע פֶעלְדֶער אָדֶער מִיט דֶעם וַואלְד צְוִוישֶׁען פְּרוּטִים, פֶּענְקִים אוּנ בָּארְיקְקֶס, אָט וִויא אַזוֹי אִיךְ הָאב זִיךְ צוּא שְׁנִיטֶען דִיא פִּיס מִיט דִיא הֶענְד, אוֹיף זִיךְ אַלֶעס צֶערִיסֶען, אִיךְ הָאב שׁוֹין גֶעוָואלְט גֶעהֶען צוּרִיק קַיין סְטֶעפְּקִיוְוקֶע, נָאר אִיךְ הָאב פַארְלָארֶען דֶעם וֶועג, אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען ווייטֶער אוּנ הָאב נָאר גֶעבֶּעטֶען גָאט עֶס זָאל שׁוֹין וִויא גִיכֶער טָאג וֶוערֶען, אִיךְ זָאל בַּאגֶעגֶענֶען אַ יוּדֶען, עֶס זָאל מִיךְ נִיט בַּאגֶעגֶענֶען קַיין גוֹי. דִיא נַאכְט אִיז מִיר גֶעוֶועזֶען לַאנְג וִויא אַ יָאהר, אִיךְ הָאב גֶעמֵיינְט אַז אִיךְ וֶועל שׁוֹין נִיט דֶערְלֶעבֶּען דֶעם טָאג פַאר פַּחַד, פַאר הוּנְגֶער, פַאר דָארְשְׁט אוּנ אָט הָאט גָאט קוֹים גֶעהָאלְפֶען, עֶס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא טָאגֶען אוּנ וִויא דִיא זוּנְן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארֶען גוּט לִיכְטִיג, הָאב אִיךְ דוּרְךְ דִיא בֵּיימֶער דֶערְזֶעהֶען וִויא עֶס פָּאהְרְט אַ יוּדִישֶׁער בַּעַל עֲגָלָה, אִיךְ הָאב צוּזַאמֶענְגֶענוּמֶען מַיינֶע לֶעצְטֶע קְרֶעפְטֶען אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייעֶן, אוּנ וִויא

גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאט וָואס אִיךְ הָאבּ דֶער הֶערְט יוֹדִישׁ רֵיידֶען... אִיךְ בִּין הוּנְגֶערִיג... אִיךְ ווִיל אַ טְרוּנְק וַואסֶער... עֶס בְּרֶענְט מִיךְ זֶעהְר...

יֶעדֶער הָאט אוֹיף גֶעבּוּנְדֶען זַיין קְלוֹימִיקֶעל, בַּייא אֵיינֶעם הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַבִּיסֶל וַויין אוּנ בְּרַאנְפִין.

זִיצֶענְדִיג אוּנְטֶער אַ בּוֹים נֶעבֶּען וֶועג הָאט רָחֵל דֶערְפְּרִישְׁט אִירֶע קְרֶעפְטֶען.

– אִיךְ הָאבּ נָאךְ גֶעהֶערְט אִין קְרֶעטְשְׁמֶע אַז אִין סטעפקיווקע אִיז אַ פַּאגְרָאם, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען דֶער בַּעַל עֲגָלָה.

– פַאר וָואזְשֶׁע הָאט אִיהר אוּנְז נִיט גֶעזָאגְט? הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אֵיינִיגֶע פַּארְשׁוֹינֶען.

– אִיךְ זָאל אַייךְ גֶעווֶעזֶען זָאגֶען ווָאלְט אִיהר שׁוֹין גֶעוָואלְט אִיךְ זָאל מִיט אַייךְ טָאגֶען אוֹיךְ אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע; טָאמֶער ווֵייסְט אִיהר נִיט וָואס מִיר הָאבֶּען גֶענֶעכְטִיגְט אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע, מִיר וָואלְטֶען שׁוֹין גֶעקָאנְט זַיין וַוייטֶער מִיט דְרַייסִיג וֶוערְסְט.

– וָואס הֵייסְט, ווִיא אַזוֹי קֶענֶען זִיךְ יוֹדֶען הַיינְטִיגֶע צַייטֶען אַרוֹיסְלָאזֶען אִין וֶועג בַּאנַאכְט, אַז מֶען הֶערְט מֶעהר נִיט ווִיא מֶען קוֹילֶעט אוּנ מֶען רַאבֶּעוֶועט.

– נָא אוּנ אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע זֶענִין מִיר שׁוֹין גֶעוֶועזֶען בַּאוָוארֶענְט פוּן גְרַאבֶּעזְשׁ, אָט אִיז שׁוֹין דָאס אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מֵיידֶעל גֶעוֶועזֶען בַּייא זִיךְ אִין דֶער הֵיים אִין מִיטֶען הֶעלֶען טָאג, נָא?

– אִין קְרֶעטְשְׁמֶע אִיז פָּארְט הֵיימְלִיכֶער ווִיא זִיךְ צוּא שְׁלָאפֶען בַּייא נַאכְט אִין וֶועג.

– אַייךְ אִיךְ אַוַודַאי הֵיימְלִיכֶער, וָואס אַרְט אַייךְ אֲפִילוּ דָארְט שְׁטֶעהֶען דֶעם גַאנְצֶען טָאג אוּנ מִיךְ קָאסְט דֶערְוַוייל גֶעלְד, אִיהר וֶועט מִיר נִיט דֶערְלֶעגֶען צוּא מַיין קֶעשֶׁענֶע.

– נָא אוּנ אוּנְז קָאסְט נִיט? עֶפִּיס מֵיינְט אִיהר אַז מִיר הָאבֶּען אִיבֶּערִיגֶע צַייט זִיךְ דְרֶעהֶען אִין דִיא קְרֶעטְשְׁמֶעס? מִיר וָואלְטֶען אוֹיךְ גֶעוָואלְט קוּמֶען גִיכֶער אַהִין וואוּ מִיר פָּאהְרֶען, נָאר וָואס זָאל מֶען טְהוּן, עֶס אִיז פָּארְט שְׁרֶעקְלִיךְ פַאר אַ יוֹדֶען צוּא פָאהְרֶען אִין וֶועג בַּייא הַיינְטִיגֶער צַייט.

– אַז מֶען הָאט מוֹרָא אוּנ מֶען הָאט קֵיין צַייט נִיט, זִיצְט מֶען אִין דֶער הֵיים, אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַ יוֹד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ מוֹרָא אוּנ אַז מֶען דַארְף פָּאהְרְט מֶען.

– נָא הֶערְט זִיךְ שׁוֹין אוֹיף צוּא קְרִיגֶען אוּמְזִיסְט, הָאט זִיךְ אַרַיינְגֶעמִישְׁט אַיין עֶלְטֶער פַּארְשׁוֹין – וואוּ אַ יוֹדִישֶׁער בַּעַל עֲגָלָה מִיט יוֹדִישֶׁע פַּארְשׁוֹינֶען דָארְט מוּז מֶען זִיךְ קְרִיגֶען אִיבֶּער אַ גָאר נִיט, נָאר אַבִּי עֶס זָאל זַיין זִיךְ אִיבֶּער וָואס צוּא קְרִיגֶען, ווִיא שֶׁעמְט אִיהר זִיךְ נִיט, מִיר זֶענִין זִיךְ אַלֶע יוֹדֶען אוּנ מִיר זֶעהֶען פַאר זִיךְ אִיצְטֶער אַזאַ אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, מִיר הֶערֶען פוּן אַ נַייעֶם אַ פְרִישֶׁען פַּאגְרָאם אוּנ אַייךְ לִיגְט אִין קָאפּ זִיךְ צוּא

קְרִינְגֶען! לָאמִיר אַלֶע זָאגֶען: גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאט וָואס עֶר הָאט אַזוֹי גֶעפִירְט. וָוארוּם וֶוען חו"ש מִיר זָאלֶן נִיט גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען גֶענֶעכְטִינְט אִין קְרֶעטְשְׁמֶע. וֶוער וֵוייסְט צוּא וָואלְטֶען מִיר בַּאגֶעגֶענְט דָאס אוּמְגְלִיקְלִיכֶע יוּדִישׁ קִינְד, וֶוער וֵוייסְט וָואס עֶס וָואלְט זִיךְ חו"ש מִיט אִיהר אוֹיסְגֶעלָאזְט, מִסְתָּמָא הָאט גָאט אַזוֹי גֶעהֵייסֶען מִיר זָאלֶען נֶעכְטִיגֶען אִין קְרֶעטְשְׁמֶע כְּדֵי מִיר זָאלֶען זִיא בַּאגֶעגְנֶען אוּנ מַצִיל זַיין אַ יוּדִישׁ קִינְד, הַיינְט וָואס הָאבֶּען מִיר זִיךְ צוּא קְרִינְגֶען, אָהן גָאט וֶוערְד נִיט גֶעטְהוּן קֵיין שׁוּם זַאךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט.

— זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּא קְרִינְגֶען אוּנ אַלֶע הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט גָאט, אוּנ דֶער בַּעַל עֲגָלָה אַוַודַאי וָואס עֶר הָאט מַצִיל גֶעוֶועזֶען אַזַא שֶׁאן מֵיידִיל...

— אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶעהֶערְט אִין קְרֶעטְשְׁמֶע אַז עֶרְגִיין אִין אַ דָארְף אִיז אַ פָּאגְרָאם, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אַ לֶעבֶּעדִיגֶער יוּנְגֶער מַאנְן, וָואס אִיז דִיא גַאנְצֶע צֵייט נִיט אָבְּגֶעטְרָאטֶען פוּן רחלין, עֶר הָאט אַרוּם אִיהר גֶעטַאנְצְט אוּנ זִיא בֶּעדַאנְקְט וִויא אַ גֶעטְרֵייעֶר קְנֶעכְט.

— פַאר וָואס זָשׁע הָאט אִיהר אוּנְז נִיט דֶערְצֶעהְלְט? הָאבֶּען זִיךְ וַוייטֶער אָנְגֶעחַאפְּט דִיא פַּארְשׁוֹינֶען.

— וָואס אִיז דָאס פַאר אַזַא נַייעֶס אִיךְ זָאל אַייךְ דֶערְצֶעהְלֶען, פְרִיהֶער אַז עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ פָּאגְרָאם אוֹיף יוּדֶען הָאט דָאס גֶעהֵייסֶען אַ נַייעֶס, וַוייל עֶס הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען אַיין מָאל אִין צְוַואנְצִיג יָאהר, אָדֶער אִין צֶעהְן יָאהר, אָבֶּער הַיינְט: יֶעדֶען פְרִיה מָארְגֶען וִויא מֶען שְׁטֶעהְט אוֹיף הֶערְט מֶען פוּן אַ נַייעֶם פָּאגְרָאם.

דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט דֶערוַוייל אַבִּיסֶעלֶע אוּנְטֶערְגֶעשְׁמִיעֶרְט דֶעם וָואגֶען אוּנ אַלֶע פַּארְשׁוֹינֶען הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיק אוֹיסְגֶעזֶעצְט אוֹיף דֶער פוּהר.

נַאטִירְלִיךְ הָאט יֶעדֶער גֶעוָואלְט אָבְּטְרֶעטֶען רחלין זַיין אָרְט, נִיט נָאר פַאר רַחֲמָנוּת נָאר אוֹיס פְרַיינְדְלִיכְקַייט צוּא אַ פְרוֹיעֶנְצִימֶער, וִויא דֶער שְׁטַיינֶער אִיז צְוִוישֶׁען מַנְסְלַייט.

דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער יוּנְגֶער מַאנְן וָואס וֵוייסְט דֶעם טַייטְשׁ פוּן דֶעם וָוארְט „קַאוַואלֶיער" הָאט צוּם עֶרְשְׁטֶען פָארְגֶעלֶענְט אָבְּצוּטְרֶעטֶען זַיין אָרְט פַאר רחלין דֶער נָאךְ דֶער צְוֵוייטֶער, דֶער דְרִיטֶער פַּארְשׁוֹין א. ז. וו. הָאבֶּען פָארְגֶעלֶעגְט זֵייעֶרֶע אָרְטֶער, נָאר אוּנְזֶער חָסִיד ר' זיינוויל הָאט זִיךְ עֶפִּיס גֶעדְרֶעהְט וִויא אַ ווִינְד אִין רָאסִיל, קֵיינֶער הָאט זַיין „דְרֶעהֶן זִיךְ" נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, זַיין אָרְט הָאט קֵיינֶער נִיט פֶערְנוּמֶען, וַוייל יֶעדֶען אִיז בַּאקַאנְט אַז אַ חָסִיד אִיז קֵיין מָאל נִיט קֵיין בַּעֲלָן אָבְּצוּטְרֶעטֶען זַיין פְּלַאץ אַ יוּדֶענֶע אָדֶער וִויא דִיא הַיינְטִיגֶע רוּפֶען עֶס אָן: „זַיין אַ גַאלַאנְטֶער קַאוַואלֶיער מִיט דַאמֶען" וִויא דֶער שְׁפַּיינֶער אִיז בַּייא מַאנְסְלַייט וֶוען זֵייא גֶעפִינֶען זִיךְ אִין גֶעזֶעלְשַׁאפְט פוּן פְרוֹיעֶן. אַ חָסִיד וֶועט נִיט אָבְּטְרֶעטֶען זַיין בֶּענְקֶעל,

די יודענע מעג אפילו זיין אין דער שווערער צייט .. ער ווייסט גאר ניט דערפון אז מיט א פרוי דארפען מאנסבילען זיין מעהר העפליכער, מעהר כבוד אבגעבען. אז א חסיד זיצט אויף זיין ארט און עס קומט אן א דאמע אדער א פרייליין קומט איהם גאר ניט אויף דעם מוח אבטרעטען זיין ארט. ווער שמועסט נאך ביי א אזוינע זאכען וויא באדיענען א דאמע, דערלאנגען איהר א גלאז וואסער, אדער ווען זיא לאזט אראב עפיס אויף דער ערד זיך איינבויגען אויפהויבען און דערלאנגען, פון די אללע זאכען ווייסט ניט קיין חסיד; צווישען די חסידים זעהט מען אפט ביי אזוינע צו-פאלען פונקט פארקעהרט — למשל: ווען חסידים מיט פרויען און מיידליך געפינען זיך אויף א חתונה, צו אזוי אויף א שמחה, און זיצענדיג ביים טיש פארגלוסט זיך דעם חסיד א טרונק וואסער, טהוט ער גלייך א געשריי: „ביילה לאה דערלאנג מיר א גלאז וואסער" און ביילע אדער לאה דערלאנגט איהם גלייך, ער טרינקט אויס און קוקט זיך אפילו ניט אום אויף איהר, ד. ה. אפילו ניט מיט קיין האלב ווארט דאנקט ער איהר ניט פאר דער טרחה, וויא דער שטיינער איז צווישען מענשען. די חסידישע פרוי געפינט זיך אויך ניט באליידיגט דערפאר, ווארום וואס האט זי איהם פאר אזא גרויסע טובה געטהון מיט דער גלאז וואסער, אויך א גרויסע אנטיק, א גלאז וואסער! עס איז דא א גאנצע פאס וואסער, וואס איז? זיא האט איהם געלד געליהען ער זאל איהר דאנקען?...

ניט דער חסיד דאנקט איהר און ניט די חסידישע מאדאם געפינט זיך באליידיגט דערפאר, אזוי איז שוין איינגעפיהרט צווישען חסידים.

היינט האט עפיס איצטער דא עמיצען פון די פארשוינען געקענט איינפאלען אז ויינוויל זאל אבטרעטען זיין ארט? און נאך אזא ארט וואס עס קאסט איהם געלד.. אבטרעטען איין ארט פאר א פרעמדער יודענע, דאס איז נאך צווישען חסידים ניט געזעהען און ניט געהערט געווארען. א חסיד קען פאהרען מיט זיין אייגענער פרוי און פאר זיך אבנעמען דאס בעסטע ארט, ד. ה. דעם „אויבען אן" ווארום ער איז דאך דערפאר דער מאנסביל, דער בעל הבית, ביי זיך אין שטוב ביים טיש זעצט ער זיך אויך אויבען אן, פיהרט זיך צווישען מענשען דען אנדערש?... דער מאנסביל, דער בעל הבית, דארף שטענדיג זיין העכער פון דער אשה אין שטוב אדער אויף דער פוהר — אליין איינס, דעם בעל בית דארף די יודענע באדינען, ניט וויא די דייטשען די היינטוועלטיגע באדינען די פרויען.

נאר וויא זענען אונזערע פארשוינען פאר וואונדערט געווארען, אז ויינוויל נאך זיין גאנץ „דרעהען זיך" האט פלוצים געזאגט:

— איך וועל מיך זעצען אויף דער קעלנע אונ דאס מיידיל לאז זיך זעצען אויף דער פוהר.

האטש אנדערע האבען זיך געשפארט מיט איהם אז זייא ווילען אבטרעטען דיא ערטער אונ עס וועט נאך זיין גראם פאר יעדען, נאר עס האט ניט געהאלפען, זיינוויל האט זיך שטארק איינגעשפארט אונ געזאגט אז מען וועט איהם ניט לאזען אויף דער קעלנע וועט ער ניט פאהרען ווייטער.

אלע האבען זיך שטארק געוואונדערט אויף דעם הקדש'ס איידילקייט. —

זיינוויל האט זיך געזעצט מיט דעם בעל עגלה אויף דער קעלנע אונ מען איז ווייטער געפאהרען.

3.

## פון איין אומגליק צום אנדערן.

— איך וויל זעהר א טרונק האט געזאגט רחל וועלכע האט נאך דעם איבערבייסען נאך מעהר דורשט געפיהלט.

— פאהרט הלעבען טאקי גיכער, האט זיינוויל געזאגט דעם בעל עגלה, וועט איהר האבען אין צווייען א מצוה, דאס מיידיל וועט זיך אנטרינקען אונ איך וועל זיך וואשען דיא הענד — איך וואלט שוין לאנג געקענט אבזאגען אלע ברכות ווען איך זאל האבען אבגעוואשענע הענד.

דער בעל עגלה האט אנגעהויבען פאהרען גיכער, נאר וויא אויף להכעיס האט מען קיין קרעניצע ניט בעגעגענט אונ אזו איז מען אבגעפאהרען ביז אין קרעטשמע.

דא האט זיך דער עולם געשטעלט דאווענען אונ דער בעל עגלה איז געגאנגען פאטען דיא פערד אונ אינטערשמירען דעם וואגען.

נאר זיינוויל האט זיך נאך ארומגעדרעהט אין קרעטשמע געבען צובער מיט נאסע הענד אונ געפאטשקעט מיט דעם מויל.

— א ווא, א ווא, איצטער וואלט געוועזען זעהר גוט האפען אקדושה מיט א ברכו, טאמער וועט נאכט העלפען עס וועלען נאך אנקומען א צווייא דרייא יודען — וואלט געוועזען זעהר גוט.

נאר נאכט האט זיין יודען זיינווילין דערווייל ניט געוואלט העלפען אונ קיין יודען זענען ניט אנגעקומען.

וויא ווער פון אנדערע פארשוינען האבען זיך אין א ווינקעלע

שְׁטִילְל אָבְגֶעדַאווִינְט, וִויא אַזוֹי אוּנ מִיט אַ וַואסֶער הַארְץ זַייא הָאבֶּען גֶעדַאווִינְט הָאט יֶעדֶער בַּייא זִיךְ גֶעוואוּסְט אוּנ גֶעפִּיהְלְט. נָאר וִויא אַזוֹי עֶס אִיז, הָאט יֶעדֶער שְׁטִיל אָבְגֶעדַאווִינְט אוּנ זִיךְ גֶעזֶעצְט עֶפֶּעס אִיבֶּער בַּייסֶען, נָאר זיינוויל הָאט זִיךְ נָאךְ אַרוּמְגֶעדְרֶעהְט מִיט דֶעם טַלִית אוֹיף אֵיין אַקְסֶעל, מִיט אַ פַארְקָאטְשִׁיטֶער נַאקִיטֶער הַאלְד וָואס נִיט וַוייט פִין אִיהר הָאבֶּען אוֹיךְ נָאכְגֶעהַאנְגֶען עֶטְלִיכֶע פָאר אַרְבֶּע"ך פוּנְקְט וִויא פְלִיגֶעל פוּן אַ גַאנְ, גַאנְסְקֶען הָאן וֶוען עֶר צוּבְּאַזֶערְט זִיךְ.

עֶר הָאט עֶרְשְׁט אִיצְטֶער גֶעזָאגְט אוֹיף אַ נִיגוּן דֶעם „פוּן פָארֶענְט דַאווֶנֶען" אוּנ דִיא גַאנְצֶע קְרֶעטְשְׁמֶע אִיז גֶעוֶועזֶען פוֹיל מִיט אִיהם אוּנ מִיט זַיין „פוּן פָארִינְט דַאווֶנֶען". נִיט אֵיין מָאל הָאט עֶר זִיךְ פַארְטְשֶׁעפֶּעט אָן טִישׁ, אָן דֶער בַּאנְק, אָן דֶער צוּבֶּער, אָן דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶער קִיה, אוּנ אָן דִיא בַּעַל בַּיִת'טֶע, אוּנ דָא הָאט זִיךְ עֶפֶּעס אַ כְּלִי אִין אִיהם פַארְטְשֶׁעפִּיט אוּנ עֶס אִיז אַרָאבְגֶעפַאלֶען אוּן צוּא בְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען, נָאר עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף קֵיין שׁוּם זַאךְ אֲפִילוּ נִיט אוּמְגֶעקוּקְט אוּנ אִיז גֶעפְלוֹיגֶען וַוייטֶער וִויא אַ שְׁטוּרֶעמְווִינְד אִיבֶּער דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע אוּנ זִיךְ מִיט אַ נִיגוּן גֶעדַאווֶענְט. פוּן זִיךְ אַלֵיין הָאט עֶר גָאר גֶעמַאכְט אַ תֵּל: דָא הָאט עֶר מִיט גְרוֹיס כַּעַס אָנְגֶעהֵייבֶּען דְרֶעהֶן זַיינֶע פֵּאוֹת, דָא רַייבֶּען דֶעם שְׁטֶערֶען אוּנ דָא אִיז עֶר פְּלוּצִים גֶעוָוארֶען גוּט אַז מֶען הָאט בַּאשַׁיינְפֶּערְלִיךְ גֶעזֶעהֶען וִויא זַיין הַארְץ צוּ גֶעהְט זִיךְ וִויא צוּקֶער אִין וַואסֶער פַאר זִיסְקַייט אוּנ גוּטְסְקַייט, אוּנ מִיט אַ אָנְגֶעקְוָואלֶען גֶעזִיכְט הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַּאטְשֶׁען דִיא הֶאנְד צוּא גָאטְט, נָאר אָט אִין אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק הָאט זִיךְ וַוייטֶער אוֹיף זַיין פָּנִים אָנְגֶערוּקְט אַ גְרוֹיסֶע שְׁוַוארְצֶע חֲמָרֶע אוּנ מִיט אַרָאבְגֶעלָאזְטֶע הֶאנְד אוּנ פִּיס וִויא בְּרוֹנְזֶע, הָאט עֶר וַוייטֶער גֶעדַאווֶענְט דֶעם „פוּן פָארֶענְט".

אַזוֹי הָאט זִיךְ אוֹיף זיינווילס פָּנִים גֶעווִיזֶען אַלֶע מִינוּט אַ נַייעֶ דֶעקָארַאצְיֶע, אַלֶע מִינוּט הָאט עֶר גֶעבִּיטֶען דִיא נָאז, דִיא בַּאקֶען, דִיא אוֹיגֶען, דִיא לִיפֶּען, אַלֶע מִינוּט אַנְדֶערֶע קוֹלוֹת, אַנְדֶערֶע נִיגוּנִים.

נָאר בִּיז אַהֶער אִיז אִיהם נָאךְ גֶעוֶועזֶען צוּא דֶערְלַיידֶען, הָאטְשׁ דִיא גַאנְצֶע קְרֶעטְשְׁמֶע הָאט גֶעהִילֶעכְט מִיט זַיין גֶעשְׁרֵייא, נָאר עֶר הָאט חָאטְשׁ קֵיינֶעם נִיט גֶעטְשֶׁעפֶּעט. אָבֶּער גָאר אַנְדֶערְס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זָאגֶען דִיא „בְּרָכוֹת", דָא הָאט עֶר זִיךְ צוּא לָאזְט וִויא מִיט פָּאטְשְׁט פוּן אֵיין פַּארְשׁוֹין צוּם אַנְדֶערִין אוּנ וֶועמֶען עֶר הָאט נָאר בַּאגֶעגֶענְט אִין קְרֶעטְשְׁמֶע, אִיז עֶר צוּגֶעלָאפֶען אָבְגֶעזוּנְגֶען אַ בְּרָכָה מֶען זָאל אִיהם עֶנְטְפֶערֶען „אָמֵן", טָאמֶער הָאט יֶענֶער נִיט גֶעהֶערְט, זִיךְ פַארְטְרַאכְט, צוּא גְלַאט אִיהם נִיט גֶעוָואלְט עֶנְטְפֶערִין אָדֶער דָאס מוֹיל אִיז גֶעוֶועזֶען פַארְנוּמֶען מִיט דֶעם אִיבֶּערְבַּייסֶען, אִיז פוּן דֶעקְטְוֶועגֶען

זיינוויל ניט אָבגעטרעטען פֿ״ז זמן מען האָט איהם ניט געענטוועררט אויף זיין בּרכה. אויב יענער האָט געשוויגען אָדער זיך ניט ווייסענדיג געמאכט, האָט זיינוויל געגעבען יענעם אַ טאָרע, אָדער אַ שטויס ביז מען האָט איהם געמוזט ענטווערען, און וויא באַלד מען האָט איהם נאָר דאָ געענטווערט איז ער שוין געפלויגען צוא אַ צווייטען אַ דריטען א. ז. וו. און דיא פּאות, און דיא עטליכע פּאָר אַרבּעל, און דער טלית זענען אויך אין דער לופטען געפלויגען אַז עס איז געוואָרען אַ גרויסער ווינד אין קרעטשמע. —

דיא פערד האָבען שוין אָבגעפּאַסעט, דער בעל עגלה וואָס דאַוועגט שטענדיג שפּעטער פון אַלע פּאַרשוינען האָט שוין אויך אָבגעדאַווענט, אַפילו שוין אָנגעפּוייעט דיא פערד, נאָר זיינוויל האָט זיך נאָך מיט גרויס גדלות אַרומגעדרעהט אין טלית און תפלין, האָטש ער האָט שוין אויך אוסגעפייעט אָבצודאַווענען. נאָר ער האָט נאָך געהאַט עפּעס אַרומצוזאָגען, אַרומצוזינגען, אַרומצובאַמבלען. —

גאַנץ האָט געהאָלפען ער האָט שוין דעם „נאָכען דאַווענען" אויך אַרומגעזונגען אין גאַנצען און אָנגעהויבען אָבצולעגען טלית און תפלין, און טאַקע בעת מעשה, וויא דער שטייגער איז, שוין אויך גענומען אַביסעל בראַנפען, נאָר ערשט איצטער האָט ער זיך צורעדט מיט דעם קרעטשמערס מלמד און מיט דעם איידימעל וועגען תורה, דאָס איידימעל האָט געדרעהט עפּעס אַ טיעף פּשטיל אַזוי, דער מלמד פאַרקעהרט און זיינוויל אַוודאי און אַוודאי פונקט פאַרקעהרט.

הויך עטליכע מעשיות מיט מופתים פון אַלטע גוטע יודען האָבען זייא געדרעהט. געקאַטשעט, געקנייטשט, געקוועטשט, געבויגען, געקייקעלט. געקניפּט, געבונדען, געפּלאַנטעט און געדרונגען פּשטליך אויף אַלע זייטען.

איינגע פּאַרשוינען זענען שיער אויס דער הויט ניט געקראָכען פון זיינווילס דאַווענען מיט זיינע פּשטליך, נאָר עס האָט ניט געהאָלפען.

ענדליך ווען זיינוויל האָט שוין אויך זיך צולעגט מיט זיין טאַרבע איבערן גאַנצען טיש און גאַנץ בּרייט אָבגעגעסען אַ פאַרדאַרט שטיקעל העריג מיט היימיש ברויט און פאַרביסען מיט אַ ציבעלע, אַ קנאָביל אַ פּיסעל פון פּעטשאַ און מיט אַ פייגעלע פון שבת'דיגען, קוליטש וואָס זיין ווייב האָט אומיסטנע איבערגעלאָזט פון שבת זיא זאָל האָבען דעם מאַנן וואָס מיטצוגעבען אויף דעם וועג. ווען זיינוויל האָט שוין נאָך דיא זיבּ־נצעהן פּאַרציעס אָבגעבענשט און מען איז געגאַנגען זאָגען דעם בעל עגלה אַז דיא פּאַרשוינען זענען גרייט צום פאָהרען. האָט דער בעל

עֲגָלָה גֶעֶנְטְוֶוערט אַז עֶר וַוארְט דָא אוֹיף אַ בַּעַל עֲגָלָה, עֶר דַארְף בַּייטֶען פֶערְד. פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ אַז אִין וֶועג וַואגְט נִיט קֵיין שׁוּם פַּארְשׁוֹין עֶפֶּעס אָבְּצוּווֶענְדֶען דֶעם בַּעַל עֲגָלָה, אָדֶער שְׁטֶעלֶען זִיךְ שְׁפָּארֶען מִיט אִיהם עֶר זָאל וַוייטֶער פָאהְרֶען, וָוארוּם גֶעוֶענְלִיכֶע פַּארְשׁוֹינֶען וַוייסֶען שׁוֹין פָארוֹיס אַז עֶס זֶענִין נָאר אוּמְזִיסְטִיגֶע רֵייד, דֶער בַּעַל עֲגָלָה פִיהְרְט שְׁטֶענְדִיג אוֹיס זַיינְס.

דִיא פַּארְשׁוֹינֶען אִיז מֶעהר נִיט גֶעבְּלִיבֶּען וָואס צוּא טְהוּן נָאר זִיךְ זֶעצֶען אוּנ וַוארְטֶען, דֶער בַּעַל עֲגָלָה מִיט דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען יוּנְגֶען מַאנְן הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין גֶעדְרֶעהט אִין דְרוֹיסֶען נֶעבֶּען דֶער פוּהְר, דִיא פַּארְשׁוֹינֶען זֶענִין גֶעזֶעסֶען אִין קְרֶעטְשְׁמֶע יֶעדֶער אִין זַיין ווִינְקֶעל, גֶעבֶּען זַיין קְלוּמֶעקִיל; רחל הָאט גֶעשְׁמַאק גֶעשְׁלָאפֶען אוֹיף אַ בַּאנְק אוּנ זִיא הָאט גֶעבֶּעטֶען מֶען זָאל זִיא לָאזֶען שְׁלָאפֶען בִּיז מֶען וֶועט פָאהְרֶען, דְרוּם הָאט זִיא אִיצְטֶער אוֹיךְ קֵיינֶער נִיט גֶעטְשֶׁעפֶּעט אוּנ זִיא אִיז זִיךְ וַוייטֶער גֶעשְׁלָאפֶען.

זיינוויל הָאט זִיךְ גֶעפִיהְלְט נָאךְ דֶעם אָבְּדַאוְונֶען, נָאךְ דֶעם עֶסֶען, זֶעהר גוּט אוֹיף דֶעם הַארְצֶען. עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט אַיינְזִיצֶען שְׁטִיל גֶעבֶּען זַיין ווִינְקֶעל, וָוארוּם אַ חָסִיד הָאט פַיינְד צוּא זִיצֶען אַזוֹי פַארְלֶעגְט דִיא הֶאנְד, עֶר מוּז הָאבֶּען אַיין אַרְבֵּייט פוּן דִיא צְווייא אַרְבֵּייטֶען וָואס פַארְנֶעמֶען בַּייא אִיהם זַיינֶע גַאנְצֶע יָאהְרֶען – עֶנְטְוֶועדֶער עֶר הָאט גֶעשֶׁעפְּטֶען מִיט גָאט ד. ה. עֶר דַאוְונְט אוּנ פְלִיעֶסֶקֶעט אוּנ זִינְגְט, דְרֶעהט אוּנ קְנִיפֶּעלְט פְּשֶׁטְלִיךְ, אָדֶער אַזוֹי פְלַאפְּלֶען מִיט מֶענְשֶׁען פוּן אַזוֹינֶע זַאכֶען וָואס עֶר הָאט קֵיין שׁוּם בֶּעגְרִיף נִיט, קֵיין יְדִיעָה נִיט, אוּנ גָאטְט זָאל אַייךְ נָאר אָבְּהִיטֶען וֶוען אִיהר וֶועט וַואגֶען צוּא זָאגֶען דֶעם חָסִיד אַז עֶר הָאט אִין דֶער זַאךְ קֵיין יְדִיעָה נִיט, עֶר וֶועט אַייךְ פָּשׁוּט דֶערְפַאר אוֹיסְבַּייסֶען דִיא אוֹיגֶען, וָוארוּם עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין זַאךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט וָואס אַ חָסִיד זָאל נִיט מֵיינֶען אַז עֶר וַוייסְט; פְּלוּצִים פוּן דֶער הֶעלֶער הוֹיט קֶען אַ חָסִיד אָנְהוֹיבֶּען צוּא רֶעדֶען פוּן אַסְטְרָאנָאמִיֶע, גֶעאָמֶעטְרִיֶע, מֶעדֶעצִין א. ז. וו.

אִיהר וֶועט זִיךְ אָנְהַאפֶּען בַּיים קָאפּ אוּנ אִיהם פְּרֶעגֶען. ווִיא קוּמְט צוּא דִיר חֲסִידִינְיָא רֶעדֶען פוּן אַזוֹינֶע זַאכֶען? בִּיזְט דֶען אַ אִינְזְשֶׁענִיער, אַ דָאקְטָאר, הָאסְט דֶען גֶעלֶערֶענְט אַסְטְרָאנָאמִיֶע אוּנ אַלֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען פוּן וָואס דוּא רֶעדְסְט אוּנ וַוייסְט נִיט וָואס?

וֶועט אִיהר בַּאלְד פוּן אִיהם בַּאקוּמֶען אַזאַ עֶנְטְוֶוער:

– וָואס אִיךְ וַוייס נִיט? וָואס אִיז דָא נִיט צוּא ווִיסֶען? אוּנ פַאר וָואס הָאבּ אִיךְ עֶס נִיט גֶעלֶערֶענְט דָאס? אוּנ דִיא אַלֶע אַנְדֶערֶע בְּכָמוֹת וָואס דִיא הַיינְטִיגֶע לֶערְנֶען אִין דִיא גְרוֹיסֶע שְׁקָאלֶעס הָאבֶּען שׁוֹין לַאנְג

פַארגֶעסֶען אוּנזֶערֶע חֲכָמִים, אוּנ אִין דֶער גְמָרָא שְׁטֶעהְט אוֹיךְ אַלֶעס, פוּן גֶעאָמֶעטְרִיֶע, פוּן דָאקְטָארֵיי, פוּן שְׁטֶערֶען קוּקֶערֵיי, פוּן זֶענֶעל מַייסְטֶערְס, אוּנ פוּן אַלֶע שֶׁבַע חָכְמוֹת פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט הָאבֶּען גֶעקֶענְט אוּנזֶערֶע חֲכָמִים פוּן גְמָרָא.

אַז דִיא חֲכָמִים וֵויסֶען טַאקֶע, אִין דֶער גְמָרָא שְׁטֶעהט טַאקֶע, נָאר דֶער חָסִיד וֵוייסְט נָאר נִישְׁט, דֶערְפוּן טָארְט אִיהר אָבֶער אִיהם נִיט דֶערְמָאנֶען, וָוארוּם בַּאלְד וֶועט עֶר אוֹיף אַייךְ אַרוֹיפְפַאלֶען:

– וָואס אִיז? אִיךְ בִּין קֵיין יוּד נִיט וָואס אִיךְ הָאבּ קֵיין גְמָרָא נִיט גֶעלֶערֶענְט? אִיךְ הָאבּ אֶפְּשֶׁר 30 זְמַנִים גֶעלֶערֶענְט אִין אַ חֶדֶר, אַלֵיין גֶעלֶערֶענְט גְמָרָא, מֶען הָאט גֶעצָאהְלְט פַאר מִיר אֶפְּשֶׁר 25 קֶערְבְּלִיךְ אַ זְמַן, זָאל אִיךְ נִיט וִויסֶען? אוֹיךְ אַ שֵׁיינֶע מַעֲשֶׂה הָלֶעבֶען!

אַז זַיינֶע חֲסִידִישֶׁע מְלַמְדִים הָאבֶּען נִיט גֶעוואוּסְט וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעלֶערֶענְט דִיא תַּלְמִידִים אוּנ דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען נִיט גֶעוואוּסְט וָואס דֶער רֶבִּי הָאט גֶעלֶערֶענְט מִיט זֵייא, אוּנ נִיט דֶערְפַאר זֶענִין זֵייא גֶעוֶועזֶען מְלַמְדִים וֵוייל זֵייא הָבֶּען גֶעקֶענְט לֶערְנֶען, נָאר דֶערְפַאר וַוייל זֵייא זֶענִין גֶעוֶועזֶען חֲסִידִים פוּן אַיין רֶבִּין – פוּן דֶעם אַלֶעמֶען וֵוייסְט נִיט קֵיין חָסִיד. בַּייא אִיהם אִיז אַלֶעס אַיינְגֶערֶעדְט אַז זַיינֶע מְלַמְדִים הָאבֶּען גֶעקֶענְט לֶערְנֶען אוּנ זֶענִין גֶעוֶועזֶען טְהַייעֶרֶע יוּדֶען, אוּנ עֶר קֶען אוֹיךְ אוּנ אִיז אַ טְהַייעֶרֶער יוּד וָואס וֵוייסְט אוֹיךְ פוּן אַלֶעס אוּנ רֶעדֶעט פוּן אַלֶעס. אַז אִיהר וֶועט קֵיין מָאל נִיט פַארְשְׁטֶעהֶען וָואס עֶר רֶעדְט, נָאר דֶערוֹיף הָאט אִיהר זִיךְ נִיט וָואס צוּא וואוּנְדֶערֶען: אַ חָסִיד נִיט נָאר וֶוען עֶר רֶעדְט פוּן הוֹיכֶע זַאכֶען וָואס עֶר הָאט אִין זֵייא קֵיין מָאל קֵיין יְדִיעָה נִיט גֶעהַאט, נָ ר אֲפִילוּ וֶוען עֶר רֶעדְט פוּן פְּרָאסְטֶע זַאכֶען מִיט וֶועלְכֶע עֶר אִיז בֶּעקַאנְט, וִויא לְמָשָׁל פוּן דֶעם רֶבִּינְס תּוֹרָה פוּן אַ פִּיטְשְׁטִיל, פוּן אַ מוֹפֵת, וֶועט אִיהר קֵיין מָאל קֵיין הַאלְבּ וָוארְט נִיט פַארְשְׁטֶעהֶען וָואס לְמָשָׁל הָאט עֶר דָא אוֹיסְגֶעבְּרָאכְט הָאטְשׁ עֶר רֶעדְט שְׁטֶענְדִיג מִיט פַייעֶר, מִיט אַ בְּרֶען, עֶר דְרֶעהט אוּן קְנִיפֶּעלְט אוּן קַייטֶעלְט אוּנ דְרִינְגְט, נָאר אַ הַאלְבּ וָוארְט פַארְשְׁטֶעהֶען אִיז בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיטְמֶעגְלִיךְ. –

אוֹיבּ דֶער חָסִיד וֵוייסְט אַלֵיין אוּנ פַארְשְׁטֶעהט אַלֵיין וָואס עֶר רֶעדְט מִיט אַזָא פַייעֶר, בִּין אִיךְ שְׁטַארְק אִין סָפֵק, נָאר אַז מֶען זָאל וִויסֶען אוֹיף גֶעוִויס מוּז מֶען זִיךְ מַטְרִיחַ זַיין אַלֵיין אַרַיינְקְרִיכֶען אִין אַ חָסִיד אוּנ זֶעהְן..

דָאס גַאנְצֶע מַייסְטֶערְשְׁאפְט צוּא וֶוערֶען אַיין אֵיידֶעלֶער חָסִיד; אַ אֶמֶתֶער חָסִיד, אַ טְהַייעֶרֶער יוּנְגֶער מַאנְן, בַּאשְׁטֶעהְט נָאר אִין דֶעם מֶען זָאל קֶענֶען פוּן אַלֶעס רֶעדֶען מִיט פַייעֶר, וַואס מֶעהר דְרֶעהֶען, קְנִיפֶּלֶען, קַאטְשֶׁען, קְנוֹיטְשֶׁען, קְוֶועטְשֶׁען, בֵּייגֶען, פְּלַאנְטֶען, הָאטְשׁ מֶען מֶעג גָאר נִיט וִויסֶען אוּנ קֶענֶען.

ווען איהר וועט דעם אנשטעל קענען, וועלען זיך אלע חסידישע ווייבער אונ ווייבליך ווינשען אזוינע קינדער, מאגען אונ איידימס צוא האבען וויא איהר זענט. —

וועגען אזא יונגען מאנן דריקען זיך דיא חסידישע ווייבער אזוי אויס.

— אט דאס הייסט א יונגער מאנן, גאטט אונ לייט מעגען מקנא זיין איף אזוינע קינדער, מיט אזא יונגען מאנן קען מען שוין ניט פארפאלען ווערען אפילו אין דער היינטיגער וועלט; וואו ער טהוט זיך א קעהר, דארטען טויג ער; הארען איהם רעדען איז גאר א פארגעניגען, קומט ער צווישען חסידים רעדט ער וויא א חסיד, קומט ער צווישען דייטשען מעניט ער זיך מיט זייא אויס אויפגעקלערט פון זייערע זאכען וואס זייא לערנען אין דיא שקאלעס, קומט ער צווישען גוים ווערט ער אויך ניט פארשעמט.

נאך מעהר וויא אלעס רעכענט זיך דער חסיד פאר א גאנצען קענער אין פאליטיקע. דער חסיד האט תמיד ליעב צוא רעדען פון פאליטיק אונ דערפאר טאקע איז צווישען דיא חסידים איינגעפיהרט, אז אזוי וויא זייא מוזען דאווענען אלע טאג אזוי מוז מען יעדען טאג נאך דעם דאווענען ווען מען געהט נאך ארוים מיט דעם טלית אויף דעם אקסעל, האטש א האלבע שעה רעדען פון נייעס ד. ה. פון פאליטיקע, אונ זייא זענין פארזיכערט אז קיין בעסערע פאליטיקאנטען פון זייא וואס ווייסען דיא וועלט איז גאר אויף דער גאנצער וועלט ניט דא, אונ בעריהמען זיך אז צוא זיין א פאליטיקער מוז מען טאקע פריהער זיין א גמרא קעפיל, אונ ווען מען זאל איבערגעבען דיא חסידים זייא זאלען „פיהרען דיא וועלט" וואלט טאקע געוועזען גאר איין אנדער וועלט, נאר אי פארוואס גיט מען דיא וועלט ניט איבער אין זייערע האנד, דערפאר זענין מיר זיך אין גלות...

אונזער זיינוויל איז אויך געוועזען איינער פון דיא סארט חסידים, אונ ווען ער האט נאר געהאט צייט, האט ער ליעב געהאט צוא וויסען וואס טהוט זיך אויף דער וועלט אונ מישען זיך אין וועלט זאכען.

איצטער ווען ער האט שוין אבגעדאוונט, אבגעגעסען אונ דער בעל עגלה וויל נאך ניט פאהרען, האט ער זיך געהאט גענוג צייט גלייך מיט אלע פארשוינען.

אלע פארשוינען האבען זיך צוזעצט יעדער ביא זיין ווינקעלע ביא זיין קלומעקעל אונ טרויעריג זיך פארטראכט: ביז וואנען וועלען יודען זיין אין גלות אונ אויך ביז וואנען וועלען יודען זיין אין גלות

ביא יודישע בעלי עגלות. נאר זיינוויל האט אויף זיין ארט ניט גע־קענט איינזיצען, עס איז איהם עפעס געוועזען צוא פיעל אויפגעלעגט אויף דעם הארצען ער זאל טראכטען פון יודישע גיות'ן, ער האט זיך צוגערוקט צום קאמיסיאנער מיט וועלכען ער האט פריהער פאהרענדיג א סך גערעדט.

— וואס הערט זיך עפעס נייעס אויף דער וועלט ר' אהרן? האט איהם זאנוויל געפרעגט.

ר' אהרן האט איהם פריהער איינינע מינוטען באטראכט און דער־נאך איהם געענטווערט:

וואו זאל איך אייך נעמען פלוצים וועלטנייעסען? דעם גאנצען טאג און דעם היינטיגען פאהר איך דאכט זיך גלייך מיט אייך, וואו האב איך געזאלט הערען נייעסען?

— אבער פארט ר' אהרן, איהר פאהרט זיך דאך פון א גרויסער שטאדט.

ר' אהרן האט געזעהען אז ער וועט זיך פון איהם אזוי גיך ניט אפטשעפען.

— זאגט מיר נאר איך בעט אייך, ר' זיינוויל, עס געהט אייך טאקע אזוי אין לעבען צוא וויסען דיא וועלט נייעסען אז אפילו אין וועג קענט איהר זיך אהן זייא ניט באגעהען? הלעבען איהר מעגט אייך זיצען רוהיג, דיא וועלט פיהרט זיך ב"ה אזוי וויא עס דארף צוא זיין אהן אייך.

— ניין, איך פרעג גלאט אזוי, עס איז בלויז ניט דא וואס צוא טהון, וואלט איך אביסעל געוואללט הערען נייעס, וואס שרייבען דיא גאזעטען און וואס האט איהר עפיס געהערט וועגען היינטיגען מינינסטער. נאך אין דער היים האב איך געהערט וויא ר' יעקב ר' הערשעלס האט דערצעהלט נאך מנחה דאווענען אז דער סולטאן האט געשענקט א גרויסע מתנה דער וויקטאריע און אונזערען פארדריעסט דאס זעהר; נאר וואס העלפט עס, דיא וויקטאריע בלייבט טאקע וויקטאריע און אונזערער האט א נאז. וויא מיינט איהר דארף איהם פערדריסען וואס דער סול־טאן שיקט זיך איבער שלוח־מנות מיט דער וויקטאריע, איך רעדען און ר' יעקב ר' הערשעלס מיינט אויך אזוי, אז דאס איז נאר פאר אונזערען דיא גרעסטע טובה און אונז ווייזט זיך נאר אויס אז ער איז ברוגז, וויא מיינט איהר?

— מיך אארט ניט צוא ער איז ברוגז צוא ער פרייעט זיך, האט ר' אהרן אבגעזאגט זיין מיינונג אין צוויא ווארטער, כדי זיינוויל זאל אבטרעטען פון איהם.

– איך פֶערְשְׁטֶעה נִיט ר' אהרן וִויא אִיהר מֵיינְט דָא, וָוארוּם זָאל דָאס אַנְדֶערְשׁ זַיין...

– לָאזְט מִיךְ צוּרוּה מִיט וִויקְטָארְיֶע צוּזַאמֶען מִיט דֶעם סוּלְטַאנְס "שְׁלוֹחַ מָנוֹת", אִיז עֶר אִיהם אַריינְגֶעפַאלֶען אִין דִיא רֵייד.

– אִיהר זָענְט עֶפֶּיס נִיט גֶעזוּנְד, ר' אה־ן, אִיהר ווִילְלְט זִיךְ צוּלֶעגֶען? הָאט זיינוויל פַארְוואוּנְדֶערְט גֶעפְּרֶעגְט אוּנ נָאר נִיט פַאר־שְׁטַאנֶען אַז עֶר מִיט זַיינֶע נַייעֶסֶען זֶענִין שְׁוֶוער פַאר ר' אהרן'עֶן.

– נֵיין, נָאר מִיר גֶעהֶען נָאר נִיט אָן אַזוֹינֶע פוּסְטֶע גֶעשֶׁעפְּטֶען אִיבֶּער...

– פַאר וָואס? מִיר דַאכְט זִיךְ מְהֵיכָא תֵּיתָא, פַאר וָואס נִישְׁט?

– פַאר אַייךְ אִיז „מְהֵיכָא תֵּיתָא", אַייךְ אִיז צוּא פִיעל גוּט, עֶס גֶעהְט אַייךְ מֶעהר נִישְׁט אָב.

– וֶועמֶען, מִיר? אִיז זיינוויל וַוייטֶער אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, מִיר זָאגְט אִיהר אַז עֶס אִיז גוּט? דַאכְט זִיךְ אַז אִיךְ בִּין אַקֶעגֶען אַייךְ אַיין אָרִימַאנְן.

– צוּא זֶעהֶען וִויא אַזוֹי אִיהר פִיהְרְט זִיךְ אוֹיף דַארְף מֶען שׁוֹין אַ־יעֶר בַּייטֶעל נִיט אִיבֶּערְצֶעהְלֶען.

– חַא, חַא! עֶמִיצֶער זָא, הֶערֶען וָואלְט עֶר גֶעמֵיינְט אִין אֶמֶת אַז אִיךְ פִיהר זִיךְ אוּנ לֶעבּ גְבִירִישׁ, דַאכְט זִיךְ נָאךְ מַיינֶע קְלֵיידֶער קֶענְט אִיהר זֶעהֶען אַז אִיךְ בִּין נִיט קֵיין גְבִיר.

– נִיט אִין אַייעֶר קַאפָּאטֶע אִיז גֶעוֶועגְט, וֶוען אִיהר זָאלְט אֲפִילוּ זַיין אַ גְבִיר וָואלְט אִיהר אֶפְּשֶׁר אוֹיךְ גֶעטְרָאגֶען אַ קַאפָּאטֶע מִיט צֶערִי־סֶענֶע סְטְרָאקֶעס, נָאר אִיךְ מֵיין גְלַאט אַזוֹי וִויא גוּט אִיהר פִיהְרְט זִיךְ אוֹיף וִויא גְלַייךְ אִיהר זֶענְט נָאר קֵיין יוּד נִיט. וִויא גְלַייךְ עֶס אִיז נָאר פַאר אַייךְ קֵיין גָלוּת נִיט דָא, וִויא גְלַייךְ... מִיט אַיין וָוארְט וִויא גְלַייךְ אִיהר זֶענְט אֵיינֶער פוּן דִיא גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען.

– חַא, חַא! מִיט וָואס לְמָשָׁל ר' אהרן? אִיךְ בִּין אַ בַּעֲלֶ'ן אוֹיף צוּקַאוְוישׁ צוּא הֶערִין.

– אִיהר ווִילְלְט הֶערִין אוּנ מִיךְ וואוּנְדֶערְט וָואס אִיהר וַוייסְט עֶס אַלֵיין נִיט, וָואס אִיהר פִיהְלְט עֶס נִיט.

זיינוויל הָאט אוֹיף אִיהם אוֹיסְגֶעגְלָאצְט אַ פָּאר פַאר־וואוּנְדֶערְטֶע אוֹיגֶען.

– נָא אִיךְ וֶועל אַייךְ וַוייזֶען; אָט חָאטְשׁ אַ שְׁטֵייגֶער הַיינְטִיגֶען טָאג – הַיינְטִיגֶע צַייטֶען, אוּמֶעטוּם רַאבֶּעוֶועט מֶען יוּדֶען, אַלֶע טָאג הֶערְט מֶען פוּן אַ נַייעֶם פָּאגְרָאם אַלְלֶע גֶעשֶׁעפְטֶען פַאר יוּדֶען זֶענִין אִיבֶּער דֶעם שְׁטַארְק גֶעשְׁלָאגֶען, קֵיין פַּרְנָסָה אִיז נִיט דָא, הַיינְטִיגֶען טָאג אֲפִילוּ אִין וָוען, הָאבֶּען מִיר דֶערְהֶערְט פוּן נַייעֶ פָּאגְרָאמֶען,

אַלֶע יודען גֶעהֶען אַרום אָן קאפּ און אַייך גֶעהט עֶס גאר נִיט אָן עֶס קריכט אַייך אֲפִילוּ נִיט אַריין אִין אַיין אויער, אִיהר פִיהְרט זִיךְ מִיט אַייער אַלטֶען שְׁטֵיינֶער, אִיהר פָאהְרט זִיךְ גַאנְץ בְרֵייט צוּם רֶבִין דָארְט וֶועט אִיהר אָבְהוֹלֶען, אָבְלֶעבֶען דֶעם שַׁבָּת וִויא גָאטט אִין אַדֶעם, אִיהר וֶועט דָארְט בַּיים שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת מַאנְצֶען, שְׁפְּרִינְגֶען אוּנ זִינְגֶען, וֶוען אִין דֶער אֵייגֶענֶער צַייט עֶרְגֶין אַנְדֶערְשׁ וֶועט מֶען הֶערֶען יוּדִישֶׁע יָאמֶערְלִיכֶע טְרֶויְקְלִיכֶע קוֹלוֹת פוּן דִיא פָּאגְרָאמְטְשִׁיקֶעס, דָא אִין קְרֶעטְשְׁמֶע וֶוען פַאר אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען לִיגְט אַ פְרִישֶׁער יוּדִישֶׁער קָרְבָּן פוּן דִיא פָּאגְרָאמְטְשִׁיקֶעס, אִיךְ מֵיין אָ דָאס יוּדִישֶׁע מֵיידִיל וָואס שְׁלָאפְט דָא אַקֶעגֶען אוּנְז אוֹיף דֶער בַּאנְק הַאלְבּ צוּטְרָאגֶען, צוּא סְקַאלִיעטְשֶׁעט, פַּארְמוּטְשֶׁעט, דֶענְסְטְמָא, לִיגְט אֵייךְ אִין קָאפּ זִיךְ צוּא לֶעגֶען מִיט אַייער פְּרֶעגְט דַאוְונֶען אוֹיף צֶעהְן טֶעלֶער, זִיךְ צוּא זִינְגֶען אוֹיף צְוֵוייא שָׁעָה אוּנ וַוייטֶער אוֹיף צְוֵוייא שָׁעָה זִיךְ צוּא דַרְשֶׁען מִיט דֶעם נַארִישֶׁען מְלַמֵּד אִיבֶּער פּוּסְטֶע פְּשָׁטְלִיךְ וָואס זֶענִין נִיט גֶעשְׁטוֹיגֶען אוּנ נִיט גֶעפְלוֹיגֶען, אוּנ אִיהר וַוייסְט בֵּיידֶע נִישְׁט וָואס אִיהר הָאט גִירֶעדְט, אוּנ אִיצְטֶער אַז אִיהר הָאט זִיךְ שׁוֹין אָנְגֶעגֶעסֶען גְלוּסְט זִיךְ אַייךְ רֶעדֶען אוּנ שְׁמוּעֶסֶען פוּן פָּאטְשְׁטֶען, עֶס פֶעהְלְט אַייךְ גָאר אַ בֵּית הַמִּדְרָשׁ וואו אִיהר זָאלְט זִיךְ מִיט דֶעם טַלִּית אוֹיף דִיא אַקְסְלֶען קֶענֶען אַרוּמְשְׁפַּאצִירֶען אַ שָׁעָה צְוֵוייא אוּנ פַּארְטְרִינְקֶען אַלֶע מָאל מִיט יָאהְרְצַייט בְּרַאנְפֶען וָואלְט אִיהר שׁוֹין גָאר גֶעוֶועזֶען צוּפְרִידֶען. מִיט אַיין וָוארְט ר' זיינוויל, קוּקֶענְדִיג וִויא אִיהר פִיהְרְט זִיךְ אוֹיף אִיצְטֶער, קֶען מֶען זִיכֶער זָאגֶען אַז דֶער גַאנְצֶער יוּדִישֶׁער גָלוּת, דִיא אַלֶע גְרוֹיסֶע אוּמְגְלִיקֶען וָואס יוּדֶען טְרָאגֶען אִיבֶּער אִין דֶער לֶעצְטֶער צַייט זֶענִין גָאר נִיט פַאר אַייךְ, וִויא גְלַייךְ אִיהר זֶענְט גָאר קֵיין יוּד נִיט...

– לָאזְט מִיךְ, לָאזְט נָאר ר' אהרן, וָואס זָאגְט אִיהר? וָואס הֵייסְט, וָואס וָואלְט אִיהר גֶעוָואלְט? אִיךְ זָאל נִיט דַאוְונֶען? מִיר דַאכְט זִיךְ דַוְקָא פַּארְקֶעהְרְט, אַז גָאטט שִׁיקְט אוּנְז אָן פַאר אוּנְזֶערֶע גְרוֹיסֶע זִינְד אַזוֹי פִיעל צָרוֹת אִיז דַאכְט זִיךְ וָואס מֶעהר דַאוְונֶען אִיז בֶּעסֶער, וֶועט עֶר אוּנְז מוֹחֵל זַיין...

– ר' זיינוויל, מִיר זֶענִין אוֹיךְ יוּדֶען, מִיר דַאוְונֶען אוֹיךְ, מִיר הָאבֶּען אִיצְטֶער אוֹיךְ גֶעדַאוִוינְט, נָאר שְׁטִילְל יֶעדֶער אוֹיף זַיין אַרְט, אוּנְזֶער גַאנְץ דַאוְונֶען הָאט גֶעדוֹיעֶרְט עֶפֶּעס מֶעהר פוּן אַ פִירְטֶל שָׁעָה, מִיר הָאבֶּען זִיךְ נִיט צוּלֶעגְט אוֹיף צֶעהְן טֶעלֶער וִויא אִיהר אַז דִיא גַאנְצֶע קְרֶעטְשְׁמֶע אִיז גֶעוֶועזֶען פוּלְל מִיט אַייךְ, מִיר שְׁוֶוערֶען אַייךְ אַז מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעדַאוֶועגְט וִויא עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶען אוּנ דַוְקָא אָהְן

גֶעפִּילְדֶער – וִויא אַזוֹי אוּנ וֶוער אוּנ מִיט אַ וָואסֶער הַארְן יֶעדֶער הָאט גֶעדַאוְוינְט ווייסט נָאר אַיין גָאטְט. –

– עֶס פּוּן דֶעכְט וֶועגֶען אִיז אַ גְרוֹיסֶער חִילוּק פּוּן דַאוְונֶען בִּיז דַאוְונֶען, וִויא אַזוֹי מֶען וִוילְל אַזוֹי קֶען מֶען דַאוְונֶען, הָאט זיינוויל גֶעזָאגְט עֶרְנְסְט.

– אָ, פַארְשְׁטֶעהֶעט זִיךְ עֶס אִיז אַגְרוֹסֶער חִילוּק – אַ יוּד אַז עֶר דַאוְוינְט הָאט עֶר אִין זִינֶען דָאס דַאוְונֶען, עֶר בֶּעט אוּנ לוֹיבְּט גָאט פַאר זִיךְ, פַאר זַיין פַאמִילְיֶע אוּנ פַאר כָּל יִשְׂרָאֵל, אוּנ אַז אַ חָסִיד דַאוְוענְט פַארְטְרַאכְט עֶר זִיךְ אוֹיף צְווייא שָׁעָה וִויא דֶער רֶבִּי פָּארִיט זִיךְ מִיט דִיא מַלְאָכִים אוֹיף דֶעם הִימֶעל, וִויא דִיא שְׁכִינָה אַרְבֵּייט מַעֲשִׂים מִיט דֶעם שָׂטָן אִיבֶּער דִיא יוּדֶען וָואס הָאבֶּען אוֹיסְגֶעטְהוּן דִיא חֲסִידִישֶׁע קַאפָּאטֶע אוּנ זִיךְ פַארְקִירְצְט דִיא קְלֵיידֶער אָדֶער דִיא פֵּאוֹת, וִויא דֶער רֶבִּי רַאנְגֶעלְט זִיךְ דִיא גַאנְצֶע נַאכְט מִיט דִיא שֵׁדִים אוּנ רוּחוֹת אוּנ נָאךְ מִיט אַזוֹינֶע זַאכֶען, זֶענְט אִיהר פַארְנוּמֶען אִין אַלֶע דְרַייא שָׁעָה פּוּן אַייעֶר דַאוְונֶען, אַייעֶר גַאנְץ לֶעבֶּען, אַייעֶרֶע אַלֶע יָארֶען; אִיךְ וֶועל גֶעהְן שְׁוֶוערֶען אַז קֵיין מָאל קוּמֶען אַייךְ נִיט אוֹיף דִיא גֶידַאנְקֶען דִיא אַלֶע צָרוֹת וָואס יוּדֶען טְרָאגֶען אִיבֶּער דִיא לֶעצְטֶע יָאהְרֶען, אִיהר פַארְטְרַאכְט זִיךְ גָאר נִיט וָואס וֶועט עֶנְדְלִיךְ זַיין דֶער כֹּחַ פּוּן יוּדֶען. בִּיז וַואנֶען וֶועלֶען מִיר אַזוֹי פַארְשְׁווַארְצְט וֶוערֶען; אִיהר פְּרֶעגְט זַייא קֵיין מָאל נִיט, וֶוער אִיז שׁוּלְדִיג אִין דִיא אַלֶע צָרוֹת וָואס מִיר הָאבֶּען, מִיט אַיין וָוארְט עֶס גֶעהט אַייךְ גָאר נִיט אָן וָואס עֶס קוּמְט פָּאר מִיט יוּדֶען, וִויא גְלַייךְ אִיהר זֶענְט קֵיין יוּדֶען נִיט, בַּייא אַייךְ אִיז אַז עֶס רֶעגְט, עֶס מַאכְט בַּייא אַייךְ נִיט אוֹיס אַזוֹי אוֹיךְ, אוּנ וִויא בַּאלְד אַז עֶס וֶוערְד אַייךְ שׁוֹין גָאר שְׁלֶעכְט, גֶעפִינְט אִיהר בַּאלְד דִיא אוּר-זַאכֶע אִין דֶעם וָואס יוּדֶען זֶענִין זִינְדִיג, נִיט עֶהְרְלִיךְ, נִיט פְרוּם, נִיט פַאנַאטִישׁ, פַארְפִינְסְטֶערְט וִויא אִיהר, פַאר וָואס יֶענֶער אִיז נִיט קֵיין חָסִיד, גֶעהט נִיט אִין מִקְוָה, פָּאהְרְט נִיט צוּם רֶבִּין, גְלָאצְט נִיט דִיא אוֹיגֶען בַּיים דַאוְונֶען אוּנ נָאךְ אַזוֹינֶע הוּנְדֶערְטֶע פִּיסְטֶע הַטָאִים גֶעפִינְט אִיהר, אוּנ זָאגְט אַז אִיבֶּער דִיא זַאכֶען זֶענִין יוּדֶען אִין גָלוּת, גָאטְט שְׁטְרָאפְט דֶערְפַאר אוּנ נֶעמְט עֶס אָן פַאר לִיבּ. עֶס אִיז שׁוֹין אַלֶעס וַוייטֶער בַּייא אַייךְ רֶעכְט אוּנ זוּכְט נָאר מִיטְלֶען אַז גָאטְט זָאל אַייךְ מוֹחֵל זַיין: אִיהר לוֹיפְט צוּא לִיבּ אִיהם נָאךְ מֶעהר אִין מִקְוָה, אִיהר גְלָאצְט דִיא אוֹיגֶען נָאךְ מֶעהר בַּיים דַאוְונֶען, אִיהר פָּאהְרְט נָאךְ מֶעהר צוּם רֶבִּין א. ז. וו. נֵיין ר' זיינוויל, אוֹיבּ מִיר זֶענִין בֶּאֱמֶת זִינְדִיג אוּנ גָאטְט שִׁיקְט אוֹיף אוּנְז אָן דִיא אַלֶע צָרוֹת פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד, אִיז נִיט מִיט אַזוֹינֶע

מִטְלֶען וִויא אִיהר נֶעמְט פָאר קֶען ער אוּנז טוֹחֵל זַיין, מִיר דַארְפֶען זִיךְ גֶעמֶען צוּא אַ סַךְ אַנְדֶערֶע מִיטְלֶען . . . אִיבָּער אַייךְ, אִיבֶּער אַייךְ זֶענִין מִיר אַלְלֶע יוֹדֶען אוּמְגְלִיקְלִיךְ . . .

ר׳ אהרן הָאט וַוייטֶער גֶעוָואלְט רֶעדֶען, נָאר דֶער חָסִיד הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען. –

– ע׳ ר׳ אהרן, אִיהר זֶענְט שׁוֹין אוֹיךְ גֶעחַאפְּט אִין דֶער מַעֲשֶׂה, הָאט זיינוויל אָבְּגֶעזָאגְט מִיט אַ גִילֶעכְטֶערִיל.

ר׳ אהרן הָאט נִיט פַארְשְׁטַאנֶען דִיא וָוערְטֶער, הָאטְשׁ זַייא זֶענִין גֶענוּג דַייטְלִיךְ, אַזוֹי צוּמִישְׁט אִיז עֶר גֶעוָוארֶען דֶערְפוּן וָואס זיינוויל הָאט אִיהם פְּלוּצִים אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט מִיט אַ פְּרַאגֶע וָואס קֶער זִיךְ נָאר נִיט אָן צוּם שְׁמוּעֶס.

– אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה נִיט, ר׳ זיינוויל, וָואס פְּרֶעגְט אִיהר מִיךְ דָא?

– הֶע, הֶע, הָאט זִיךְ זיינוויל צוּלַאכְט, אוּנ אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען גְלֶעטֶען אִיבֶּער דֶער פְלֵייצֶע, ׳ אִיהר זֶענְט שׁוֹין אַ פָּנִים אוֹיךְ גֶעחַאפְּט אִין דֶער מַעֲשֶׂה – אִיהר לֵייעֶנְט שׁוֹין אוֹיךְ אַ פָּנִים דִיא הַיינְטִיגֶע בִּיכְלֶעךְ מִיט דִיא אַלְלֶע אַפִּיקוֹרְסִישֶׁע גַאזֶעטֶען, אִיךְ הָאבּ בַּאלְד דֶערְקֶענְט אָן אַייעֶר שְׁמוּעֶס אַז אִיהר רֶעדְט שׁוֹין וִויא דִיא לַייט.

– וָואס זָשֶׁע אִיז?

– וָואס הֵייסְט וָואס אִיז? זֶענְט אִיהר אַ פָּנִים אוֹיךְ אַיין אַפִּיקוֹרוֹס אַז אִיהר דְרִינְגְט אַזוֹי? וָואס זָשֶׁע הָאבּ אִיךְ מִיט אַייךְ צוּא רֶעדֶען? אַייךְ אַפִּיקוֹרְסִים קֶענֶען מִיר חֲסִידִים שׁוֹין לַאנְג אַריינְשְׁטֶעקֶען צוּא זִיךְ אִין גַארְטִיל, אוּנ זיינוויל הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אִין מִיטֶען שְׁמוּעֶס, אֲפִילוּ נִיט גֶעוָואלְט אוֹיסְהֶערֶען וָואס אהרן הָאט וַוייטֶער גֶעוָואלְט רֶעדֶען.

– ר׳ זיינוויל! הָאט עֶר אִיהם נָאכְגֶעשְׁרִיגֶען. לָאזְט מִיךְ אוֹיסְרֶעדֶען.

– מִיט אַזוֹינֶע לַייט הָאבּ אִיךְ נִיט וָואס צוּרֶעדֶען, הָאט זיינוויל גֶעעֶנְטְוָוערְט אוּנ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּא זַיין קְלִימֶעקֶעל אוֹיפְגֶעשְׁנֶורֶעוֶועט דֶעם קֶעלְבֶּערְנֶעם תְּפִילִין-זַאק, אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ קְלֵיין חַסִידִישׁ סֵפֶרִיל אוּנ דָארְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַריינְצוּקוּקֶען.

וִויא אֵיינֶער וָואס מֶען גִיסְט פְּלוּצִים אָבּ מִיט אַ קַאלְטֶען צִיבֶּער אַזוֹי אִיז אהרן גֶעבְּלִיבֶּען זִיצִין אוֹיף זַיין אָרְט . . .

* * *

נָאכְדֶעם וִויא דֶער בַּעַל עֲגָלָה מִיט נָאךְ אֵיין בַּעַל עֲגָלָה וָואס עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַקֶעגֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען מִיט אַ פֶערְדִיל

און פּאַרטרונקען, זענען אונזערע פּאַרשׂינען פון דער קרעטשמע ווייטער געפאָהרען.

זיינוויל מיט דעם קאָמיסיאָנער האָבּען שוין מעהר ניט גערעדט, אין ערשטען זענען זייא איצטער געזעסען ווייט איינער פון דעם צווייטען, זיינוויל איז געזעסען וויא פריהער אויף דער קעלנע, אונ ווען אפילו זייא זאָלען געוועזען זיצען נאָהענט, ווער ווייסט צוא זיינוויל וואָלט נאָר גערעדט מיט אזא סאָרט מענש.

רחל וואס איז געזעסען אין כויד האט אין קורצען נאָך אמאל דער־צעהלט ווער זיא איז אונ וויא אזויא בייא זייא אין סטפקיווקע איז גע־וואָרען דער פּאָגראָם, וויא דער דאָרטיגער פּאַן פּיסאר וואדאפיאנאוו האט א לאַנגע צייט געהייצט דיא דאָרטיגע פּראָסטע גוטע גוים אָקעגען דעם דאָרטיגען יודישען פּאמעשטשיק תיים רויטמאן, וויא ער האט ענדליך אויסגעפירט זיינס אונ וויא זיא מיט איהר אומגליקליכען פאָטער האט אויך געטראָפען דאס אומגליק אונ וויא זיא איז איצטער זעהר אומגליקליך א. ז. וו.

ר' אהרן האט זיך דאס האַרץ מיט בלוט פאַרגאָסען אונ דיא אויגען מיט טהרערען באוואשען פון רהל'ס ערצעהלונג, דיא איבּריגע פּאַרשוינען האָבען זעהר טרויעריג צוגעשאָקעלט מיט דיא קאָפּ, נאָר דער פרעהליכער יונגערמאַנן האט אויף איהר שטאַרק מטלייד געהאט אונ ווייטער זי געדרעהט אַרום איהר וויא איין אמת'ער קאוואליער; רהלן האט שוין דאס מויל וועה געטהון איהם זאָגען אַלע מינוט „איך דאַנק אייך" אונ איהר פּנים האט מען געזעהען אז זיא איז ניט אזוי שטאַרק צופרידען מיט דעם יונגענמאַנס פריינדשאַפט. —

כמעט אלע יונגע פרויען אונ פריילינס פאַרשטעהען דאס פלוצימע פריינדליכקייט פון דיא יונגע לייט, נאָר נאָך מעהר פאַרשטעהען דיא יעניגע פרויען אונ פריילינס וועלכע זענין פון דער נאַטור שאָן. —

זיינוויל וואָס האט אונטער דיא אויערען פון דער קעלנע הינטער אַרום אויך געהערט וויא רחל האט דערצעהלט, האט ער אויך א נאַנצען וועג אָנגעהויבען זיפצען אונ קרעכצען אויף דיא גרויסע חטאים פון דיא היינטוועלטיגע יודען אונ יונגע לייט, וואס האָבען זיך פאַרבלאָנדזעט אויף דעם שלעכטען וועג אונ פאַרשטעהט זיך מעהר פון אַללע האט ער באַשולדיגט דעם קאָמיסיאָנער; עס איז איהר טאַקע בעת מעשה אופגעקומען אויף דיא געדאַנקען אז אי"ה שבת ביים רבינס טיש אָדער ביים רבין אין קלויז, נאָך דעם טיש

װֶעט עֶר דֶערְצֶעהְלֶען דִיא חֲסִידִים װִיא װֶען רַחֲמָנָא לִיצְלַן הָאט עֶר גֶעהַאט אַ גַאנְצֶען פִּלְפּוּל מִיט אַיין אַפִּיקוֹרוֹס אוּנ הָאט אִיהם בַּייגֶעקוּמֶען, ד. ה. 18 מָאל אִיהם פַארְשְׁטֶעקְט אִין גַארְטֶעל.

דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט אוֹיךְ גֶעװִיפְּצֶעט פוּן רה״ס עֶרְצֶעהְלוּנְג אוּנ הָאט זִיךְ מִיט דֶעם חָסִיד אוֹיף דֶער קֶעלְנֶע אִיבֶּערְגֶערֶעדְט פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען גָלוּת אוּנ פוּן דִיא יוּדִישֶׁע זִינְד, אוּנ זיינוויל הָאט אִיהם דֶערְצֶעהְלְט פוּן דִיא חֲסִידִישֶׁע סְפָרִים אַז יוּדֶען לַיידֶען תָּמִיד פוּן דִיא אַפִּיקוֹרְסִים אוּנ דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיז אוֹיךְ חָרֵב גֶעװָארֶען אִיבֶּער זֵייא, אוּנ דֶער רִיזְשִׁינֶער רֶבִּי ז״ל אִיז גֶעזֶעסֶען אִין טְיוּרְמֶע אִיבֶּער פַאלְשֶׁע װֶעקְסְלֶען אוֹיךְ אִיבֶּער זֵייא, אוּנ דֶעם מַאקָארֶעװֶעְרְס טָאכְטֶער הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען אִין דֶער זֵייט אוֹיךְ אִיבֶּער זֵייא! אוּנ יוּדִישֶׁע סָאלְדַאטֶען נֶעמְט מֶען אוֹיךְ אִיבֶּער זֵייא, אוּנ יוּדִישֶׁע קָארְגָא־מֶען אִיז אוֹיךְ אִיבֶּער זֵייא, אַלֶעס אִיבֶּער זֵייא, אִיבֶּער דִיא אַפִּיקוֹרְסִים. אוּנ דֶער רֶבִּי הָאט אַלֵיין גֶעזָאגְט הַיינְטִיגֶען רֹאשׁ הַשָּׁנָה בַּיים טִישׁ אַז װֶען נִיט דִיא אַפִּיקוֹרְסִים װָאלְט אַלֵיין מָשִׁיחַ גֶעקוּמֶען, קֵיין פָּאגְרָאמֶען װָאלְטֶען נִיט גֶעװֶעזֶען אוּנ קֵיין יוּדֶען װָאלְט מֶען נִיט גֶענוּמֶען פַאר סָאלְדַאטֶען.

דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט גֶערֶעדְט צוּא דִיא פֶערְד אוּנ אוֹיסְגֶעהֶערְט דֶעם חָסִיד'ס װָארְטֶער װִיא מֶען הֶערְט תּוֹרָה פוּן אַיין אֵיידֶעלֶען יוּדֶען אוּנ הָאט װַייטֶער גֶעקְרֶעכְצֶעט אוֹיף גָלוּת הַשְּׁכִינָה. —

דֶער בַּעַל עֲגָלָה'שֶׁער קָאפּ אָבֶּער אִיז גֶעװֶעזֶען פַארְנוּמֶען מִיט עֶפִּיס אַנְדֶערְשׁ, מִיט עֶפִּיס פְרֶעהְלִיכֶערְס,

אַזוֹי װֶענִין זֵייא אָבְּגֶעפָאהְרֶען בִּיז אִין עֶרְשְׁטֶען שְׁטֶעדְטִיל, דָארְט, װִיא דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז, הָאט מֶען װַייטֶער גֶעפַּאסֶעט דִיא פֶערְד, דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט גֶעזָאלְט בַּייטֶען דִיא פֶערְדְלֶעךְ אוּנ נִיט גֶעבִּיטֶען, נָאר דֶערְוַוייל גֶעבִּיטֶען מִיט דֶעם בַּייטְשֶׁעל אוּנ פַארְטְרוּנְקֶען, בִּיז גָאנְץ הָאט װַייטֶער גֶעהָאלְפֶען, עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען װַייטֶער שְׁפַּאנֶען דִיא פֶערְד, װַייטֶער צוּפָאהְרֶען, אַלֶע פַארְשׁוֹינֶען זֶענִין שׁוֹין לַאנְג מִיט גֶעדוּלְד גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶער פוּהְר, נָאר דֶער פַארְשׁוֹין זיינוויל הָאט פְּלוּצִים גֶעפֶעהְלְט.

נַאטִירְלִיךְ װֶען דֶער בַּעַל עֲגָלָה זָאל שׁוֹין גֶעװֶעזֶען הָאבֶּען אָבְּגֶענוּמֶען בַּייא זיינווילן דָאס גַאנְצֶע פוּהְרְגֶעלְד, װָאלְט עֶר זִיךְ אֲפִילוּ נִיט אוּמְגֶעקוּקְט אוּנ װַייטֶער גֶעפָאהְרֶען אָהְן אִיהם, נָאר אַזוֹי װִיא עֶס אִיז אִיהם נָאךְ גֶעקוּמֶען אַ הַאלְבּ פוּהְר גֶעלְד, הָאט עֶר זִיךְ אוּמְגֶעקוּקְט, נָאךְ דֶעם װִיא עֶר הָאט אִיהם גֶעזוּכְט, גֶעשְׁרִיגֶען, גֶעזִידֶעלְט אַלֶע שֶׁאנְדְלִיכֶע װֶערְטֶער, הָאט עֶר

זיינוויילען געפונען זיצען מיט זיין גאנצען קלומעק ביא א פרעמדען בעל עגלה אויף איין אנדער פוהר.

אונזערע פארשוינען מיט דעם בעל עגלה, האבען איהם פאר-וואונדערט געפרעגט נאר זיינוויל האט געשוויגען, נאר ווען דער בעל עגלה האט אנגעהויבען שלעפען אונטער איהם זיין פעקעל האט ער אנגעהויבען שרייען:

– איך וויל מיט אייך ווייטער ניט פאהרען.

– פאר וואס? איהר האט דאך געדונגען ביז קיין ה... צום רבין.

– יא, נאר איהר האט מיך אבגענארט, דארום וויל איך מיט אייך מעהר ניט פאהרען.

– מיט וואס האב איך אבגענארט? דאכט זיך גוט געפאהרען און אויך ניט קיין סך פארשוינען.

– איך האב אבער מיט אייך אויסגענומען בפירוש אז איהר זאלט ניט נעמען קיין יודענעס אויף דער פוהר, איך פאהר קיין מאל ניט מיט קיין יודענעס ובפרט נאך ווען איך פאהר צום רבין זאל מאריך ימים זיין.

– ווער האט אייך געזאגט אז איך האב גענומען יודענעס? דער בעל עגלה האט באלד הושד געוועזען זיינווילס נייעם בעל עגלה אז ער האט דאס אויסגעטראכט אויף איהם כדי ער זאל ביא איהם אבנעמען א פארשוין, און האט זיך גענומען צוא דער בייטש, יענער בעל עגלה פארשטעהט זיך אויך און דיא צוויא בייטשען האבען זיך אנגעהויבען פארטשעפען.

– ער האט ניט גענומען קיין שום יודענעס, האבען אנגעהויבען פארזיכערן דיא פארשוינען.

– נא און אט דיא יודענע? האט זיינוויל אנגעוויזען אויף רהלן...

איינינע פון דיא פארשוינען האבען אין אנהויב ניט פארשטאנען צוא באמת ווילל זיינוויל מעהר ניט פאהרען מיט רהלן, נאר ר' אהרן וואס קען זעהר גוט הסידים האט דאס באלד פארשטאנען.

– פאר וואס זשע זענט איהר געפאהרען מיט איהר ביז אהער? האט איהם ר' אהרן געפרעגט...

– איך וואלט ביז אהער אויך ניט געפאהרען, נאר וואס קען מען טהון בשעת א סכנה רחמנא לצלן, אונזערע חכמים זאגען אויך אז בשעת סכנות נפשות מעג א יוד אפילו אום שבת פערלעשען פייער.

– וואס פאר א סכנות נפשות איז דען דא געוועזען ביא אייך?

– בפירוש א סכנות נפשות – ווען למשל א שטייגער איך זאל אין מיטען וועג ניט געוועזען וועללען פאהרען וואלט איך זיך באדארפט

געהען צופוס אַליין איבער פוסטע וועלדער, פעלדער וואס דאַרטען געפינען זיך אַ סך חיות רעות אונ וואלטען מיך חו"ש געקענט פאַרצוקען, וואס זשע האב איך געזאָלט מהון? באלד וויא דאס מיידיל האט זיך אויפגעזעצט אויף אונזער פוהר, האב איך טאַקע ניט גע־וואָלט פאָהרען, נאָר איך האָב באַטראַכט וויא דיא סכנה איז גרויס פאַר מיין נפש האב איך געמאַכט אַ היתר על פי דין אונ בין האטש געפאָהרען אויף דער קעלגע...

– זאגט: על פי חסידות! אַזא דין איז ניט דאָ ביי יודען.

– איך רעד ניט מיט אַזוינע אפיקורסים וויא איהר זענט, האט־דער חסיד זיך אָנגערופען מיט גרויס גדלות אונ זיך אין גאַנצען אַוועקגעקעהרט פון איהם.

– אָט פאַר וואָס ער איז געוועזען אַזא פריינדליבער קאַוואַליער אונ איז אַבגעטראָטען פאַר דער פרייליין זיין אָרט אונ זיך געזעצט אויף דער קעלגע, איצט פאַרשטעה איך שוין, האָט געזאָגט איינער פון דיא פאַרשוינען.

רחל וואס האָט ביז אַהער נאָר פאַרוואונדערט געקוקט אויף דער סצענע וויא דער חסיד וויל ניט פאָהרען מיט דעם בעל עגלה איבער איהר אונ וויא זיא איז דיא גאַנצע אורזאַכע פון דער סצענע, איבער איהר קריגען זיך דיא בעלי עגלות, איבער איהר קריגט זיך דער בעל עגלה מיט דעם חסיד, איז זיא אַראבגעקראָכען פון דער פוהר אונ געזאָגט:

– איך וועל ווייטער ניט פאָהרען, איך וועל בלייבען דאָ אין שטאדטיל, טאָמער וועט זיך מאַכען אַ היימישער בעל עגלה וועל איך פאָהרען אַהיים, איך וויל ניט אַז מען זאָל זיך איבער מיר קריגען.

ווייא דער בעל עגלה האָט דאָס דערהערט האָט ער אַוועקגעוואָרפען זיך קריגען מיט יענעם בעל עגלה אונ האָט רחלן געזאָגט אַז ער וועט ניט נעמען דעם חסיד אפילו ווען ער זאָל איהם צוצאָהלען, ר' אהרן האָט אויך געזאָגט אַז ער וועט באַצאָהלען דעם בעל עגלה. דעם חסיד'ס האַלבע פוהרגעלד, דער לעבעדיגער יונגערמאַן האָט זיך אויך אַריינגעמישט רחל זאָל ווייטער מיט זייא פאָהרען.

בכלל האָבען איהר אַלע פאַרשוינען איינגערעדט אַז זיא אַלס עלענד אומגליקליך מיידיל זאָל ניט בלייבען אין דעם קליינעם שטעד־טיל, זיא זאָל האָטש דערפאָהרען ביז דער שטאָדט ר...

זיינווויל איז זיך בשלום אַוועקגעפאָהרען מיט דעם נייעם בעל־עגלה צום רבין, אונ רחל איז ווייטער געפאָהרען מיט אונזערע אַלע פאַרשוינען.

דעם נאַנצען טאָג פֿאַהרענדיג' האָבען כמעט אַלע פֿאַרשווינגען געשווינגען, ניט געערעדט וויא פֿריהער, יעדער איז זיך געזעסען טרויעריג פֿאַרטראַכט אין זיינע געדאַנקען, איינינע האָבען איך צוּביסלעך צוגעדרימעלט.

פון רחלן האָט אַ נאַנצע טאָג ניט אָבגעטרעטען דער געדאַנקען פון דער סצענע מיט דעם חסיד.

– פאַר וואָס האָט ער ניט געוואָללט פאָהרען מיט מיר? האָט זיא אַליין געטראַכט אונ ניט געקענט פֿאַרשטעהען, ער ווייזט דאָכט זיך אוים אַיין עהרליכער יוד, אַ פֿרומער יוד אונ איך בין אַזאַ אומגליקליכע יודיש מיידיל, וויל ער מיט מיר ניט פֿאָהרען!

וויא זיא האָט דאָס געוואָללט ערקלערין האָט זיא ניט געקענט, אונ האָט געפרעגט ביי ר' אהרן וועגען דעם.

– אויף אייער פֿראַגע איז דאָ זעהר אַ סך צוא ענטוועֶרען, עס איז דערויף קאַרג דיא צייט וואָס מיר וועלען פֿאָהרען צוזאַמען, איך קען אייך נאָר זאָגען אַז נאָך אייער פֿראַגע זעה איך אַז איהר זענט באמת נאָך פֿרום אונ ערליך, דערמיט וואָס איהר קענט נאָך ניט דיא שלעכטע וועלט אונ מיינט אַז אַלעס וואָס בלישטשעט איז גאָלד; נאָר מיין פֿריינד, אין אונזער וועלט ליידער אָבער איז ניט אַלעס גאָלד וואָס עס בלישטשעט, דאָס שאַדעט אפילו ניט אַז אַזאַ יונג מיידיל וויא איהר זאָל אויך דערפון וויסען, וואָרום ווער עס ווייסט ניט דערפון קען זיך אין זיין לעבען פיעל מאָל אָבנאַרען אונ עס איז זעהר ניט גוט אַז מען פיהרט אַ אָבגענאַרטען לעבען; אָט אויף דעם זיינוולין פרעגט איהר: סטייטש אַזאַ ערליכער אַזאַ פֿרומער, געהט געקליידעט וויא אַ פֿרומער יוד, מיט לאַנגע פאות, מיט אַ נאַרטעל, מיט איין וואָרט ער פֿיהרט זיך אויף וויא אַ יוד מיט דאַוונען א. ז. וו., נאָר גלויבט מיר אַז איך וואָלט קיין יודישקייט וואָס איז ווערטה אַ איבערגעבּרענטע שטרוי, ניט פאַרביטען פאַר דעם גאַנצען פרומען יודען...

ר' אהרן איז געוועזען פאַרזיכערט אַז רחל האָט איהם פאַרשטאַנען, דרום איז ער ווייטער אַנשווייגען געוואָרען.

רחל האט איהם באמת פאַרשטאַנען אונ דאָס ערשטע מאָל אין איהר לעבען האָט זיא אָנגעהויבען ווערען פראַקטיש, דאָס ערשטע מאָל איז זיא געוואָהר געוואָרען פון אַ שלעכטען יודען – פון אַ שלעכטען מענשען.

* * *

פאַרנאַכְט וֶוען מֶען איז גֶעקוּמֶען אִין דֶער שְׁטָאדְט ר... הָאבֶּען דִיא פַּארְשׁוֹינֶען וָואס הָאבֶּען גֶעדַארְפְט פָּאהְרֶען וַוייטֶער, זִיךְ גֶעדַארְפְט דִינְגֶען אַ נַייעֶ פוּהר, וַוייל דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט גֶעוְואהְנְט אִין ר... דְרוֹם פְּלֶעגְט עֶר פוּן וֶועג נֶעמֶען פַּארְשׁוֹינֶען נָאר בִּיז קֵיין ר...

ר׳ אהרן הָאט אוֹיךְ בַּאדַארְפְט פָּאהְרֶען וַוייטֶער אַהֵיים אִין זַיין שְׁטָאדְט וואו עֶר הָאט גֶעוְואהְנְט אוּנ פָּארְגֶעלֶעגְט רחל׳ן אוֹיב אִיז וִוילֶל קֶען זִיא מִיט אִיהם פָּאהְרֶען צוּא אִיהם אוּנ זַיין דָארְט בִּיז זִיא וֶועט קֶענֶען צוּרִיקְפָּאהְרֶען אַהֵיים, דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט פָּארְגֶעלֶעגְט: וָואס דַארְף זִיא זִיךְ מוּטְשֶׁען אוּנ וַוייטֶער פָּאהְרֶען, עֶר וֶועט אי״ה נָאךְ שַׁבָּת פָּאהְרֶען צוּרִיק קֵיין ג..., וֶועט עֶר זִיא אָבְּפִיהְרֶען אַהֵיים, אַלֶּע הָאבֶּען גֶעפוּנֶען, אַז אַזוֹי אִיז פִיעֶל גְלַייכֶער, רחל׳ן אִיז אוֹיךְ אַזוֹי גֶעפֶעלֶען, וָוארוּם וָואס דַארְף זִיא זִיךְ נָאךְ שְׁלֶעפֶּען אַזוֹי וַוייט פוּן דֶער הֵיים, זִיא אִיז שׁוֹין אַזוֹי אוֹיךְ אַוַדאי 150 וֶוערְסְט וַוייט פוּן דֶער הֵיים, וָואס טוֹיג אִיהר זַיין אוּמְזִיסְט בַּייא אַ פְרֶעמְדֶען מֶענְשֶׁען, זִיא וֶועט בֶּעסֶער אִיבֶּער שַׁבָּת זַיין בַּייא דֶעם בַּעַל עֲגָלָה אוּנ דֶערְנָאךְ וֶועט עֶר זִיא אָבְּפִיהְרֶען, אוּנ מֶען וֶועט אִיהם בַּאצָאהְלֶען פַאר פוּהְרְגֶעלְד אוּנ פַאר אַלֶעס.

נָאךְ דֶעם וִויא דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט צוּפִיהְרְט דִיא פַּארְשׁוֹינֶען יֶעדֶען אוֹיף זַיין סְטַאנְצִיֶע, הָאט עֶר אוֹיךְ צוּא אַיין גַאסְטְהוֹיז צוּגֶעפִיהְרְט דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען יוּנְגֶען מַאנן, אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען זִיךְ אִיבֶּערְגֶערֶעדְט מִיט אִיהם אוֹיפִין אוֹיעֶר אוֹיפִין וואוּנְק אוּנ דֶער נָאךְ אִיז עֶר מִיט זַיין בַּיידִיל אוּנ מִיט רהלין גֶעפָּאהְרֶען צוּא זִיךְ אַהֵיים אוֹיף דֶער „טוֹיטֶער גַאס״, צוּא זַיין גְרוֹיסֶער לַאנְגֶער אַלְטֶער שְׁטוּב „דִיא ראבע מוּרליטשקע״.

דִיא לֶעזֶער הָאבֶּען גֶעוִויס שׁוֹין לַאנְג גֶעטְרָאפֶען אַז דֶער בַּעַל עֲגָלָה אִיז אוּנְזֶער אַלְטֶער בַּאקַאנְטֶער ר׳ גאדיל דֶער רוֹיטְהֶער אוּנ דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער יוּנְגֶער מַאנן אֵיינֶער פוּן לֶעדֶערְבֶּערְגְס חֶבְרָה. —

אָרִימֶע רחל! זִיא הָאט זִיךְ אִיצְט גֶעבִּיךְ זֶעהר גֶעפְרֵייט וָואס גָאטט הָאט זִיא מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן אַיין אוּמְגְלִיק אוּנ הָאט זִיא עֶנְדְלִיךְ צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט אִין אַ אִידִישֶׁער שְׁטוּב וואוּ מֶען הָאט זִיא צוּגֶענוּמֶען זֶעהר פְרֵיינְדְלִיךְ, זִיא הָאט גֶעבִּיךְ נִיט גֶעוְואוּסְט אַז זִיא אִיז אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין אַ צְוֵוייטֶען אוּמְגְלִיק!... —

4

# אונזערע אלטע בעקאנטע.

עס איז דא צייטען אין אונזער לעבען ווען מיר מענשען שטאל־צירען דערמיט וואס מיר זענין געבוירען געווארען אין דעם געשטאלט פון „מענשען” אונ ניט קיין פערד, קיין וואלף, קיין טיגערען אונ נאך אנדערע ווילדע חיות.

מיר שטאלצירען דען נישט דערמיט, ווען מיר זעהען וויא מענ־שען טהוען גוטס, ווען עס דערוועקט זיך בייא אונז דאס מענשענ־געפיהל, מיר האבען רחמנות אויף דעם צווייטען, ווען אונזער הארץ דערוואַרעמט זיך, אז מיר זעהען יענעמס צרות, יענעמס אומגליקען: מיר פיהלען מיט אונ העלפען.

א! דעמעלט מעגען מיר טאקע באמת שטאלצירען וואס מיר זענין געבוירען מענשען אונ ניט קיין ווילדע חיות, ווארום מיר זעהען אז דיא מענשען שטעהען טאקע העבער פון דיא חיות. —

נאר אין אונזער לעבען זענין דא צייטען וואס מענשען שעמען זיך פאר זיך אליין זייער מיט דעם וואס זייא זענין געבוירען מענשען.

מיר שעמען זיך דעמאלט ווען מיר זעהען פון מענשען אזוינע זאכען וואס מע זעהט זיי אפילו ניט פון קיין ווילדע חיות — ווען מע זעהט אז דער מענש טהוט פיהל ערגערע זאכען פון דער ווילדער חיה. —

נאר מערקווירדיג, וויא גוט מיר ווייסען דאס אלעס, פון דעסטוועגען פארגעסען מיר גאנץ אפט אן דעם אונ נארען זיך אליין אב אונ מיינען אז מיר זענין מענשען די בעסערע פון אלע בעשעפעניש פון דער וועלט. —

איהר געדיינקט אוודאי אז ווען דער דייטש — דער אויסלענדער קומט אראב צו אונז אין שטאדט מיט אלערליי מינים ווילדע חיות אין גרויסע אונ אין קליינע אייזערנע שטייגען, ווען מיר קומען אין דעם „זווערינעץ” ווערען מיר באלד דער שראקען קוקענדיג אויף דעם וואלף, אויף דעם לייב, אויף דעם טיגער׳ אונזער פנים ווערד בלאס, מיר קוקען אויף זייא אזוי אונ טראכטען זיך:

אך וואס פאר שרעקליכע ווילדע חיות זענין זיי עס וואלט געוועזען שרעקליך ווען די שטייג זאל זיך פלוצים צוברעכען אונ זיי זאלען ארויס פריי, עס איז נאר זיך צו וואונדערין ווי דער דייטש האט קיין מורא ניט ארומצוגעהען געבען דיא שטייגען אונ זייא רייצען מיט דעם שטעקען כדי מע זאל זעהען ווי באז ווי ווילד די חיות זענין.

נָא זֶענֶען מִיר נִיט קַיין נַארָאנִים ? נַארִין מִיר זִיךְ דֶען נִיט אַלֵיין ? פַארגֶעסֶען מִיר זִיךְ דֶען נִיט וֶוען מִיר שְׁרֶעקֶען זִיךְ פַאר דִי חַיּוֹת וָואס זֶענֶען פַארשְׁפַּארְט אִין אַייזֶערְנֶע שְׁטַייגֶען – אוּנ הָאבֶּען גָאר קַיין מוֹרָא נִיט נִיט פַאר דִי ווִילְדֶע חַיּוֹת וָואס דְרֶעהֶען זִיךְ אַרוּם צְווִישֶׁען אוּנְז שְׁטֶענְדִיג פְרַיי, מִיר זֶענֶען שְׁטֶענְדִיג מִיט זֵיי, זֶענֶען דֶען אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע חַיּוֹת נִיט שֶׁעדְלִיכֶער, נִיט ווִילְדֶער, נִיט שְׁרֶעקְלִיכֶער פוּן דִי ווִילְדֶע חַיּוֹת וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אִין דִי וֶועלְדֶער ?

וֶוען דִי חַיּוֹת זָאלֶען אַרוֹיס פוּן דֶער שְׁטַייג פְרַיי, אוּנ אוֹיבּ זֵיי וֶועלֶען נָאר נִיט זַיין הוּנְגֶערִיג אוּנ נִיט בֶּאז, קֶען זֶעהְר זַיין אַז זֵיי זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט טְשֶׁעפֶּען אוּנ וֶוען נִיט וָוארְטֶען זֵיי צֶערִיסֶען אַ צְווֵיי דְרֵיי מֶענְשֶׁען אוּנ גֶענוּג.–

צְווִישֶׁען אוּנְז מֶענְשֶׁען גֶעפִינֶען זִיךְ אָבֶּער אַזוֹינֶע שֶׁעדְלִיכֶע וָואס זֶענֶען אַ סַךְ ווִילְדֶער, פִיעֶל שְׁרֶעקְלִיכֶער פוּן אַלֶע חַיּוֹת.

עֶס פְרֶעגְט זִיךְ וָואס קֶען נָאךְ זַיין ווִילְדֶער אוּנ שֶׁעדְלִיכֶער אוּנ שְׁרֶעקְלִיכֶער ווִי וֶוען דֶער מֶענְשׁ זוֹכְט אִין יֶענֶעמְס אוּמְגְלִיק זַיין גְלִיק!

עֶרְגֶעץ אִין דֶער שְׁטָאדְט אִיז אַ פָּאזְשַׁאר, הַייזֶער הוֹיזְווִירְטְהשַׁאפְט בְּרֶענְט, עֶס וֶוערְד פוּן אַלֶעס אַ תֵּל, מֶענְשֶׁען בְּלַייבֶּען אָהְן בְּרוֹיט, אָהְן גֶעזוּנְד, אָהְן לֶעבֶּען אִין דֶעם גְרוֹיסֶען אוּמְגְלִיק פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען יַאוֶוען זִיךְ בַּאלְד אוֹיךְ מֶענְשְׁלִיךְ וָואס פַאלְזֶעוֶוען זִיךְ מִיט דֶעם גְרוֹיסֶען אוּמְגְלִיק אוּנ – גַּנְבִינֶען אוּנ רַאבֶּעוֶוען אַוֶועק דָאס אִיבֶּערִיגֶע אוֹיף וֶועלְכֶען דִי נִשְׂרָפִים הָאבֶּען אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט זֵייעֶר לֶעבֶּען אוּנ קוֹים אוֹיסְפִּיעֶט אַרוֹיסְצוּרַאטֶעוֶוען.

וָואס קֶען נָאךְ זַיין ווִילְדֶער אוּנ שְׁרֶעקְלִיכֶער: בַּיי אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מוּטֶער פוּן עֶטְלִיכֶע קִינְדֶער שְׁטַארְבְּט אָבּ דֶער מַאנְן, דִי קִינְדֶערְס טַאטֶע דֶער מוּטֶערְס קְרוֹין. זִי וֶוערְד אַיין אַלְמָנָה אוּנ דִי קִינְדֶער יְתוֹמִים: דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע טְרַאכְטֶען שׁוֹין נִיט פוּן קַיין בֶּעסֶער לֶעבֶּען. אוּנ זֵייעֶר הָאפֶנוּנְג אִיז אָבְּגֶעשְׁטָארְבֶּען, זֵיי בַּאנוּגֶען זִיךְ שׁוֹין דֶערְמִיט וָואס זֵייעֶר פָאטֶער הָאט זֵיי אִיבֶּערְגֶעלָאזְט פוּן זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען הָארֶעוואנִיֶע.

דֶעמָאלְט יַאוֶועט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג צוּ דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער אַלְמָנָה עֶפִּים אַמֶענְשֶׁעלֶע, אַ גוּטֶער פְרַיינְד וָואס בַּאקוּמְט רַחְמָנוּת אוֹיף אִיהְר אוּנ אִיהְרֶע קִינְדֶער, עֶר דֶערְבַּארִימְט זִיךְ אוֹיף דֶער אַלְמָנָה אוּנ אוֹיף דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע יְתוֹמִים עֶר וֶוערְד כִּמְעַט זֵייעֶר אַיין אֵייגֶענֶער פָאטֶער, עֶר טְהוּט זֵיי טוֹבוֹת, אַלֶע לוֹיבֶּען אִיהְם דֶערְפַאר, עֶר בַּאקוּמְט אַ שֶׁעהְנֶעם נָאמֶען. נָאר אָבֶּער עֶר טְהוּט זֵיי אַזוֹי לַאנְג טוֹבוֹת, אַזוֹי לַאנְג דֶערְבַּארִימְט עֶר זִיךְ אוֹיף זֵיי, בִּיז אַלֶעס וָואס זֵייעֶר פָאטֶער הָאט אִין זַיין לֶעבֶּען פַארְהָארֶעוֶועט גֶעהְט אִיבֶּער צוּ דֶעם מֶענְשֶׁעלֶע אִין גַאנְצֶען אִין זַיינֶע הֶענְד, מִיט אַזוֹינֶע הַמְצָאוֹת אַז קַיין הָאן טָאר נִיט קְרֶאהֶען, קֵיינֶער קֶען

אִיהם אַ וָוארְט נִיט זָאגֶען, הָאטְ'ש דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער אַלְמָנָה מִיט דִי יְתוֹמִים, בְּלַייבְּט מֶעהְר גִיט נָאר ווִי אַרוּמְצוּגֶעהֶען אִיבֶּער פְרֶעמְדֶע טְהִירֶען.

וָואס קֶען נָאךְ זַיין ווִילְדֶער אוּנ שְׁרֶעקְלִיכֶער אַז אִין דֶער צַייט וֶוען אוֹיף יוּדֶען אִיז אָנְגֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען אַזַא גְרוֹיסֶער אוּמְגְלִיק ווִי דִי פָּאגְרָאמְעֶן יוּדֶען וֶוערֶען פַארְאָרֶעמְט, פְרַיינְד, קְרוֹבִים, קִינְדֶער פוּן עֶלְטֶערְ'ן וֶוערֶען צוּזַייעֶט אוּנ צוּשְׁפְּרֵייט אֵיינְס פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען, אַלֶּע אַנְטְלוֹיפֶען פוּן דֶעם אוּמְגְלִיק, דֶער אַהִין אוּנ דֶער אַהֶער אַז קֵיין עֶלְטֶערָן קֶענֶען זֵייעֶרֶע קִינְדֶער נִיט גֶעפִינֶען. — אָט אִין אַזַא צַייט גֶעפִינֶען זִיךְ אוֹיךְ מֶענְשֶׁען וָואס פָאלְזֶעוֶוען זִיךְ מִיט דֶעם צְווֵייטֶעְ'ס אוּמְגְלִיק.—

ווִי דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז בַיי אַזַא אוּמְגְלִיק לַיידֶען מֶעהְר פוּן אַלֶע דִי פְרוֹיֶען אוּנ דִי מֵיידְלֶעךְ.

וֶוער הָאט דֶען פוּן אוּנְז פַארְגֶעסֶען ווִיא פִיל יוּדִישֶׁע טֶעכְטֶער עֶס זֶענִין אִין דֶער צַייט אוּמְגְלִיקְלִיךְ גֶעוָוארֶען.

אוּנ דִיא וָואס הָאבֶען גֶעהַאט דָאס גְלִיק צוּא אַנְטְלוֹיפֶען פוּן דֶעם אוּמְגְלִיק אוּנ זֶענִין נִיצוֹל גֶעוָוארֶען, הָאבֶען בַּאלְד זִיךְ גֶעפוּנֶען אַזוֹינֶע יוּדֶעלֶעךְ וָואס הָאבֶען זִיךְ בַּאנוּצְט מִיט דֶעם גְרוֹיסֶען אוּמְגְלִיק פוּן דִיא יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אוּנ הָאבֶען זֵייא נָאךְ אִין גְרֶעסֶערֶע אוּמְגְלִיקֶען פַארְפִיהְרְט.

יָא, וָואס קֶען נָאךְ זַיין ווִילְדֶער אַז אִין אַזַא גְרוֹיסֶען יוּדִישֶׁען אוּמְגְלִיק זָאלֶען זִיךְ גֶעפִינֶען יוּדֶען אֵייגֶענֶע בְּרִידֶער, אוּנ נָאךְ צוּא גְרֶעסֶערֶע אוּמְגְלִיקֶען בְּרֶענְגֶען כְּדֵי זֵייא זָאלֶען הָאבֶען פַאר זִיךְ גְנוּצֶען.—

* *
*

ווִי דִי לֶעזֶער אִיז שׁוֹין בַּאקָאנְט אִיז אוֹיךְ אִין אַזַא מִין אָרְט אִיצְטֶער אַרַיינְגֶעפַאלֶען אוּנְזֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶע רחל, חָאטְ'שׁ זִיא הָאט גֶעגֶעבֶּען דֶערְוַוייל גָאר נִיט גֶעוואוּסְט, נָאר פַארְקֶעהְרְט, זִיא הָאט זִיךְ גֶעפִיהְלְט פַאר גְלִיקְלִיךְ וָואס מֶען הָאט זִיא אַזוֹי טְרַיי צוּגֶענוּמֶען אִין א יוּדִישֶׁער שְׁטוּב.

דִיא אַלְטֶע הייקע (דֶעם בַּעַל עֲגָלָה'ס מוּטְטֶער) הָאט טַאקֶע אַרוּם אִיהְר זִיךְ גֶעדְרֶעהְט ווִיא אַ טְרַייע מוּטֶער, זִיא נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַלֵיין אוֹיף אַ מִינוּט, אַלֶּע מָאל אִיהְר אוֹיסְגֶערֶעדְט דָאס הַארְץ, אִיהְר מִיטְגֶעהָאלְפֶען ווֵיינֶען אוֹיף דִי צָרוֹת וָואס יוּדֶען טְרָאגֶען אִיצְטֶער אִיבֶּער אוּנ אוֹיף אִיהְר אֵייגֶען אוּמְגְלִיק.

רחל הָאט זִיךְ דֶער אַלְטֶער הייקען מִיט דֶער גַאנְצֶער שְׁטוּב זֶעהְר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אִין אַ קְלֵיינֶער צַייט הָאט זִיא אוּסְפֶּעיֶעט אִין גַאנְצֶען דֶערְצֶעהְלֶען הייקען וֶוער זִיא אִיז, אַז זִיא הָאט פוּן תָּמִיד

אָן גֶעוואָהְנְט אִין דאָרְף סטעפּקיווקע נִיט וַוייט פוּן דֶער שְׁטָאדְט נ. וואו דָארְט הָאט גֶעוואָהְנְט אַ יוּדִישֶׁער פַּאמֶעשְׁטְשִׁיק, נָאר עֶר אִיז שׁוֹין לַאנְג גֶעשְׁטָארְבֶּען, נָאךְ אִיהְם אִיז גֶעבְּלִיבֶּען זַיינֶער אַ זוּהְן כּאלאמאן וָואס אִיז דֶער גַאנְצֶער בַּעַל הַבַּיִת אוּנ עֶר אִיז אִיהְר חָתָן, הָאטְשׁ זַיין מוּטֶער אסתר בַּאשְׁטֶעהְט נָאךְ דֶערוֹיף נִיט, נָאר זַיין בָּאבֶּע פְּרֵיידֶע זֶעהְר אַ וָואילֶע יוּדֶענֶע וִויל דֶעם שִׁידוּךְ, זִיא הָאט אוֹיךְ לִיעֶב גֶעהַאט אִיהְר מוּטֶער נְחָמָה וֶוען זִיא הָאט גֶעלֶעבְּט; אוֹיךְ הָאט זִיא אִיהְר דֶערְצֶעהְלְט פָּאדְרָאבְּנֶע וֶועגֶען דֶעם פַּאן קארל אוּנ וָואדָאפִּיאַנָאוו אוּנ וִויא עֶס אִיז פְּלוּצִים אוֹיף זֵייא דֶער אוּמְגְלִיק גֶעקוּמֶען, דִיא גוֹיִם זֶענִין וִויא דִיא וֶועלְף אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייא, זִיא הָאט גֶעהֶערְט שְׁרֶעקְלִיךְ שְׁרַייעֶן אִיהְר אוּמְגְלִיקְלִיכֶען פָּאטֶער, כּאלאמאנען, זַיין מוּטֶער, אִיהְר אִיז נָאכְגֶעלָאפֶען פַּאן קאר״, זִיא אִיז אַנְטְלָאפֶען, דָארְט בֵּיים וַואלְד הָאט עֶר זִיא גֶעהַאפְּט אוּנ אַ גְלִיק וָואס זִיא הָאט גֶעהַאלְטֶען אִין דֶער הַאנְד דִיא קָאסֶע אִיז זִיא פוּן אִיהְם נִיצוֹל גֶעוואָרֶען, דֶערְנָאךְ הָאט זִיא זִיךְ אַרוּמְגֶעדְרֶעהְט דִיא גַאנְצֶע נַאכְט בִּיז אִין דֶער פְּרִיה הָאט גָאטט אִיהְר צוּגֶעשִׁיקְט אִיהְר זוּהְן מִיט דֶער פוּהְר.

אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע טֶעג הָאט רחל נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּא וויינֶען, וָוארוּם עֶרְשְׁט אִיצְטֶער וֶוען זִיא הָאט זִיךְ אַבִּיסֶעל אָפְּגֶערוּהְט אוּנ עֶטְוָואס בַּארוּהִיגְט, הָאט זִיא פָּאדְרָאבְּנֶע זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְמָאנֶען, וָואס זִיא הָאט אוֹסְפֶּעיֶעט צוּא זֶעהֶען צוּא הֶערֶען אַנְטְלוֹיפֶענְדִיג, אִיהְר הָאט זִיךְ אַלֵיין אוֹיסְגֶעוִויזֶען וֶוען אִיז אַנְטְלָאפֶען הָאט זִיא גֶעזֶעהֶען דִיא בָּאבֶּע פְּרֵיידֶע פַאלֶען אוֹיף דֶער עֶרְד פוּן דִיא פָּאגְרָאמְשְׁטְשִׁיקֶעס הֶענְד. —

דוּרְךְ גאדלין אוּנ דוּרְךְ חייקען הָאט זִיא גֶעהַאט אָפְּט גֶערִיסֶען פוּן דֶער הֵיים, אַז אִין סטעפּקיווקע אִיז דֶער פָּאגְרָאם גֶעוֶועזֶען שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנ אִיהר חָתָן סאלאמאן וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען זַיין לִיעֶבֶּע בָּאבֶּע טוֹיט אוֹיף דֶער עֶרְד, הָאט עֶר נִיט גֶעקֶענְט אִיבֶּערְטְרָאגֶען אוּנ אִיז אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דִיא גוֹיִם. נָאר הָאבֶּען זֵייא אִיהְם זֶעהְר גֶעשְׁלָאגֶען אוּנ אוֹיף דֶעם צְווייטֶען טָאג אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען.

מִיט אַיין וָוארְט מֶען הָאט רחל׳ען גֶעבְּרַאכְט אַלֶע מָאל אַזוֹינֶע אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶע גֶערִיסֶען פוּן דֶער הֵיים, אַז זִיא זָאל זִיךְ אַלֵיין פִיהְלֶען אוּמְגְלִיקְלִיכֶער אוּנ עֶלֶענְדֶער; אוֹיךְ הָאבֶּען זֵייא אִיהְר נִיט פַארְגֶעסֶען צוּדֶערְצֶעהְלֶען אַז פַאן קארל׳ען הָאט מֶען גֶעפוּנֶען טוֹידְט גֶעבֶּען וַואלְד, אַלֶע גוֹיִם זָאגֶען אַז זִיא, רחל, הָאט אִיהְם מִיט דֶער

קָאסֶע דֶערשְׁטָאכֶען און סאלאמאנס מוּטֶער זָאגְט אַז זִיא מוז אַרויסְפָאהְרֶען פוּן דָארְף עֶרְגֶין וַוייט, זִיא פַארְקוֹיפְט אַלֶעס.

אִיךְ וֶועל נִיט אָנְהוֹיבֶּען דֶערצֶעהְלֶען אוּנ בַּאשְׁרַייבֶּען ווִיפִיעל טַייכֶען טְהְרֶערֶען, וִויפִיעל קְרֶעכְצֶען אוּנ זִיפְצֶען רחל הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען פוּן דִיא אַלֶע טְהַייעֶרֶע גֶערִיסֶען אוּנ גַייעֶסֶען.

נִיט אוּמְזִיכְט זָאגְט דִיא וֶועלְט: „אַז דֶער מֶענְשׁ אִיז שְׁטַארְקֶער פוּן אַייזֶען" יָא אַ מֶענְשׁ אִיז שְׁטַארְקֶער, — נִיט קַיין אַייזֶען נִיט קַיין שְׁטֵיין קֶען דָאס אִיבֶּערְטְרָאגֶען וָואס אַ מֶענְשׁ קֶען, „צָרוֹת" — זָאגְט מֶען — שְׁטַארְקֶען דֶעם מֶענְשֶׁען".

אַ פָּנִים אַ דַאנְק דִיא צָרוֹת וָואס שְׁטַארְקֶען דֶעם מֶענְשֶׁען, אִיז רחל אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אִין שְׁטַאנְד אַלֶעס אִיבֶּערְצוּטְרָאגֶען, זִיא הָאט זִיךְ אוֹיךְ סוֹף כָּל סוֹף אִיבֶּערְגֶעוֵויינְט אִיבֶּערְגֶעזִיפְצְט, נָאר דֶערְפַאר הָאט זִיא זִיךְ שְׁטַארְק פֶערְאֶנְדֶערְט, אִיהְר פְרִיהֶערְדִיג לִיכְטִיג פָּנִים וָואס אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶועזֶען פְרֶעהְלִיךְ, אִיהְרֶע לֶעבֶּעדִיגֶע אוֹיגֶען אַלֶעס אַלֶעס, הָאט זִיךְ אִין אִיהְר אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען; דָאס פָּנִים בְּלַאס אוּנ טְרוֹיעֶרִיג, דִיא אוֹיגֶען וִויא מִיט שְׁוַוארְצֶען טוּל אִיבֶּערְגֶעצוֹיגֶען, דִיא לִיפֶּען פַארְמַאכְט, דִיא הָאנְד שְׁטֶענְדִיג אַרָאבְּגֶעלָאזְט, אִין גַאנְצֶען הָאט אִיהְר פָּנִים אוֹיסְגֶעזָאגְט אַז דָאס לֶעבֶּען אִיז עֶפֶּיס בַּייא אִיהְר אַלְיין אֵיינְס, אוּנ זִיא לֶעבְּט נָאר דֶערְפַאר כְּדֵי זִיא זָאל זִיךְ מוּטְשֶׁען. זִיא אִיז עֶלֶענְד, אַלֶעס וָואס אִיז אִיהְר גֶעוֶועזֶען לִיעֶב אִיז פוּן אִיהְר אַוֶועק אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנ אַלְיין אִיז זִיא אַ הוֹרֵג נֶפֶשׁ, מִיט אִיהְרֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד הָאט זִיא דֶערְשְׁטָאכֶען אַ מֶענְשֶׁען אוּנ זִיא דְרֶעהְט זִיךְ אַרוּם פְרַייא אוֹיף דֶער וועלְט:

זִיא הָאט וַוייטֶער אַזוֹי נִיט גֶעקֶענְט לֶעבֶּען אוּנ הָאט גֶעזָאגְט הייקען:

— אִיךְ ווִילל פָאהְרֶען אַהֵיים, לִיעֶבֶּע הייקע!

נַארִישׁ, אוּנְגְלִיקְלִיךְ קִינְד, וואו ווִעסְט דוא פָאהְרֶען? הָאסְט דֶען שׁוֹין אַ הֵיים? וָואס גֶעהְט דִיר דֶען דָא אָב. אַ דַאנְק גָאטְט מִיר זֶענִין אוֹיךְ יוּדֶען אוּנ וִויא אַזוֹי גָאטְט וֶועט גֶעבֶּען וֶועלְען מִיר לֶעבֶּען.

— מִיר גֶעהְט דָא נָאר נִיט אָב, — אִיהְר טְהוּט פוּן מַיינְטְוֶועגֶען אַזוֹי פִיעֶל וִויא מַיינֶע אַיין אֵיינֶענֶע מוּטֶער, נָאר אִיךְ קֶען מֶעהְר דָא נִיט זַיין, אִיךְ ווִילל אַהֵיים — אִיךְ ווִילל זַיין אוֹיף דֶעם אָרְט וואו אִיךְ הָאבּ אַלֶעס פֶערלוֹירֶען וָואס מִיר אִיז לִיעֶבּ, אִיךְ ווִילל זַיין אוֹיף דֶעם אָרְט וואו אִיךְ הָאבּ דֶעם מֶענְשֶׁענְס בְּלוּט פַארְגָאסֶען, אִיךְ ווִיל בֶּאשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען פַאר מַיינֶע זִינְד.

– גײן רחל, דוא רעדסט נאך װיא אַ יונג נאַריש קינד, דוא האסט דא גאר ניט געזינדיגט, אונ וואו צהין דאסט דוא צוא פאהרען? איך װעל דיך ניט הערען װאס דיינע נאַרישע קינדערשע געדאנקען טראגען דיך, איך װעל דיך ניט לאזען פאהרען, דוא װעסט דערװייל זיין בייא מיר, כיז גאטט װעט רחמנות האבען אויף יודען, דיא פאגראמען װעלען אויפהערען, אונ אַזוי וואוהין װעסט דוא פאהרען? אַלע טאג הערט מען אין אַ נייער שטאדט אַ נייעם שרעקליכען פאגראם, אין ג. איז שוין אויך געװעזען אַ פאגראם, דא האט מען שוין אויך מורא ארויסצוטרעטען אויף דער גאס. אונ דוא מיידיל אַליין ווילסט זיך לאזען פאהרען אין אַזא שרעקליכע צייט?! אַנדערע אויף דיין ארט װאלטען זיך גערעכענט פאר גליקליך װאס דוא ביזט אנגעקומען צוא אונז, מיר װעלען דיך דא ניט לאזען פארפאלען װערען, לאז גאט העלפען עס זאל װערען א ביסעל שטילער דערנאך װעלען מיר זעהען.

חייקע האט נאר רחלען אנגערופען נאַריש קינד, וויא דער שטייגער איז איין עלטערער מענש דריקט זיך אויס װעגען א יונגען, רחל איז שוין ניט געװעזען קיין קינד אונ האט פארשטאנען אַז זיא רעדט טאקי וויא א קינד אונ דיא גוטע חייקע איז גערעכט אונ האט זיך בארעכענט:

– אַזוי פיעל יודען װערען אַלע טאג אַזוי אומגליקליך מסתמא בין איך ניט איין יודיש מיידיל װאס איז אַזוי אומגליקליך, וואוהין אונ צוא װעמען װעל איך זיך טאקע באמת שלעפען אהיים? דיא גרויסע אומגליקען װאס האבען מיך געטראפען װעלען זיך שוין ניט אומקעהרען, װאס קען איך נאך ערוואַרטען אַז מיין סאלאמאן איז ניט דא, אפילו דיא טהייערע באבע איז אויך ניט דא,

אַלין איינס איצט פאר מיר, דא, דארט... אַך מיין אומגליקליכער פאטער! ער וואלגערט זיך געוויס דארט אויך מיט אַלע יודען װאס מען האט זייא אבגעראבעװעט אין ג., נאר װאס קען איך איהם העלפען, װאס קען ער מיר העלפען, אפילו מיט קיין װארט קענען מיר זיך ניט איבערעדען, איך װעל װארטען ביז גאטט װעט רחמנות האבען.

זיא איז ווייטער געבליבען אונ זיך מעהר אַלע מאל איבערגעגעבען חייקען, זיא האט אין איהר געפונען איהר גאנצען טרויסט, הונדערט מאל אין טאג פלעגט זיא דערמאנען סאלאמאנען, פריידען, איהר פאטער אונ אַלע אַנדערע בעקאנטע אונ חייקע האט זיא אַלין געטרייסט, געוויזען איהר אַז א מענש דארף אַלעס איבערטראגען, װארום גאטט

הייסט אַזוי, אָהן גאַטט טְהוּט זיך נָאר נִיט אויף דֶער וועלְט, אונ דֶעם וואס גאָטט בְּרֶענְגְט אויף אִיהם אַ סַךְ צָרוֹת, דֶעם האָט ער לִיעֶב.

אַזוֹי אִיז דֶערְוַויל אַוועקְגֶעגַאנְגֶען בַּייא רחלין דִיא עֶרְשְׁטֶע צַייט.

* *
*

רחל האָט זיך אַזוֹי אײַנְגֶעווֶעהְנְט פַאר אַיין הֵיימִישֶׁע בַּייא חייקען אין שְׁטוּב, אַז חייקע אִיז גֶעווֶעזֶען פַארזִיכֶערְט זִיא מֶעג זִיא אָבְלָאזֶען גֶעהֶען אֶפִילוּ וואוּ זִיא ווִיל. גֶאר רחל אִיז אִין עֶרְגִיין נִיט גֶעגַאנְגֶען, זִיא האָט נָאר לִיעֶב גֶעהַאט צוּקוּקֶען אויף דִיא זוּמֶערְדִיגֶע נֶעכְט, כַּיין זַאךְ פְּלֶעגְט אִיהר אַזוֹי נִיט דֶערְמָאנֶען אִיהר פַארְגַאנְגֶען לֶעבֶּען וִויא דִיא זוּמֶערְדִיגֶע נֶעכְט. קוּקֶענְדִיג אַזוֹי אויף דֶעם לוֹיטֶערְן הִימֶעל, אויף דֶעם בּוֹימֶעל וואס האָט זִיךְ גֶעוִויזֶען אִין דִיא אויגֶען פוּן ווַייטֶענְס פְּלֶעגְט זִיא זִיךְ דֶערְמָאנֶען אִיהְרֶע סטעפקיווקער בְּרֵייטֶע פֶּעלְדֶער, דָאס וועלְדֶעל, אִיהְרֶע גַאנְצֶע פְּלֵייסִיגֶע אַרְבֵּייט, אונ פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ בַּאלְד האָט פַאר אִיהְרֶע אויגֶען זִיךְ בַּאווִיזֶען סאלאמאנס בַּאקַאנְט פָּנִים, זַיין גַאנְץ גֶעשְׁטַאלְט אונ זִי האָט אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּקֶען אויף דֶעם הִימֶעל, דָארְט וואוּ סאלאמאן אִיז אִיצְטֶער...

יֶעדֶען מֶענְשֶׁען אֶפִילוּ אַ הַארְטְהֶערְצִיגֶען, רִיהְרְט אַ זוּמֶערְדִיגֶער שֶׁעהנֶער אָבֶענְד, נָאר נָאךְ מֶעהְר ווֶערְד גֶערִיהְרְט אַ פֶעלְדְאַרְבֵּייטֶער ווֶען ער אִיז אוּם זוּמֶער אָב גֶערִיסֶען פוּן זַיין אַרְבֵּייט. –

קוּקֶענְדִיג אַזוֹי אויף דֶעם הִימֶעל האָט זִיא זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן אִיהר גַאנְץ לֶעבֶּען, נָאר מֶעהר האָט זיא זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן דִיא אַלֶע טְהֵייעֶרֶע מַעֲשׂוֹת וואס דִיא בָּאבֶּע פְּרֵיידֶע פְּלֶעגְט אִיהר אִין דִיא זוּמֶערְדִיגֶע נֶעכְט דֶערְצֶעהְלֶען.

– זֶעהְסְט דוּא רחל, פְּלֶעגְט אִיהר פריידע אָבְּוַייזֶען, אָט קוּק דָא גְלַייךְ אויף דֶעם הִימֶעל, זֶעהְסְט ווִיא עֶס שְׁווִימֶען אַרוּם שְׁטִיקְלֶעךְ ווַייסֶע וואס הָאבֶּען אַ פָּנִים ווִיא שְׁטִיקְלֶעךְ הִמַארֶע, דָאס זֶעיְין דִיא נְשָׁמוֹת פוּן מֶענְשֶׁען, אָט דָארְט אִיז דֶער זַייט שְׁווִימֶען אַרוּם קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ ווַייסֶע, דָאס זֶענִין רֵיינֶע נְשָׁמוֹת פוּן קְלֵיינֶע קִינְדֶער וואס זֶענִין יוּנְג אָבְגֶעשְׁטָארְבֶּען אָהן שׁוּם זִינְד.

אונ רחל האָט זִיךְ שְׁטַארְק פַארְטְרַאכְט אויף דֶעם הִימֶעל, נִיט אָבְגֶעלָאזְט קֵיין אויג פוּן דִיא אַלֶערְלֵיי קְלֵיינֶע, גְרוֹיסֶע אונ מִיטֶעלֶע שְׁטִיקְלֶעךְ ווַייסֶע.

– אָ דָאס קֶער זַיין מַיין מַאמֶעס נְשָׁמָה, האָט זִיא אָבְגֶעווִיזֶען מִיט

דֶעם פִינְגֶער אוֹיף אַמִיטֶעלְשְׁטִיק וַוייסֶע לוֹיטֶערֶע חָמַארֶע. וָואס הָאט זִיךְ אָבְּגֶעקְלֶערְט אִין דֶער פַארְב פוּן דֶער „בָּנָה“, אוּנ דָאס גְרוֹיסֶע וַוייסֶע שְׁטִיק קֶעהר זַיין דֶעם זֵיידֶענְס שָׁלוֹם׳ס נְשָׁמָה,

– וֶוער קֶען ווִיסֶען מַיין קִינְד וֶועמֶעס נְשָׁמוֹת עֶס גֶעהֶען אַרוּם דָא? דָאס קֶען נָאר וִויסֶען גָאטט, הָאט אִיהר גֶעעֶנְטְפֶערְט דִיא אַלְטֶע פרוידע.

אָט מִיט דֶעם אִיז רחל אִיצְטֶער אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען פַארְנוּמֶען, זִיצֶענְדִיג אוֹיף דֶער טוֹיטֶער גַאס גֶעבֶּען דֶעם שֶׁענְק דִיא „רַאבֶּע מִירְלִיקֶע“. זִיא הָאט אִיצְט אוֹיךְ דֶערְזֶעהֶען אַ שֶׁאן שְׁטִיק לוֹיטֶער וַוייס אַרוּמְשְׁווִימֶען אִיבֶּער דֶעם לוֹיטֶערְן הִימֶעל.

– דָאס קֶער גֶעווִיס זַיין כאלאמאנס נְשָׁמָה, וָוארוּם זִיא קֶער שׁוֹין לַאנְג זַיין אוֹיף דֶעם הִימֶעל! אַךְ וִויא גוּט וִויא טְהַייעֶר קֶער דָארְט זַיין אַזוֹי אַרוּמְצוּשְׁווִימֶען אִיבֶּער דֶער וֶועלְט אוּנ זֶעהֶען אַלֶעס, עֶר זֶעהט אַוַודַאי וִויא אִיךְ זִיץ דָא אוּנ קוּק אוּנ קֶען אֲפִילוּ אַ וָוארְט אִיהם נִיט זָאגֶען, אָט וֶוען עֶר זָאל זִיךְ אַזוֹי אַרָאבְּלָאזֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, הָאטְשׁ אִיךְ זָאל אִיהם קֶענֶען זֶעהֶען. עֶר וָואלְט מִיךְ נִיט אָבְּגֶעלָאזְט, מִיר וָואלְטֶען בֵּיידֶע דָארְט גֶעפְלוֹיגֶען.

רחל הָאט זִיךְ פַארְטִיעֶפְט אוּנ פַארְטְרַאכְט אוֹיף דֶער „נְשָׁמָה“ וָואס הָאט פַאר אִיהרֶע אוֹיגֶען אַרוּמְגֶעשְׁפַּאצִירְט אַז זִיא הָאט גָאר נִיט גֶעפִיהְלְט צוּא זִיצְט זִיא אוֹיף דֶער עֶרְד, זִיא הָאט אֲפִילוּ נִיט גֶעהֶערְט וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ אַרוּם אִיהר, נָאר עֶס הָאט זִיךְ אִיר בֶּאֱמֶת אוֹיסְגֶעוויזֶען אַז זִיא אִיז אִין דֶער לִיפְטֶען אוּנ וִויא דִיא „נְשָׁמָה“ וֶוערְד אַלֶע מָאל נֶעהֶנְטֶער צוּא אִיהר, אָט, אָט וֶועט זִיא שׁוֹין זֶעהֶען, אָט, אָט וֶועלֶען זִייא זַיין אִין אֵיינֶעם... נָאר אַ פְּלוּצִים נֶערֵיידֶערֵיי פוּן צְוֵייא מֶענְשֶׁען הָאט אִיהר פַאנְטַאזִיֶע אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען אוּנ זִיא אִיז פְּלוּצִים וִויא פוּן הִימֶעל אוֹיף דֶער עֶרְד אַרָאבְּגֶעפַאלֶען – נִיט וַוייט פוּן אִיהר הָאבֶּען זִיךְ פַאנָואלְיֶע גֶעדְרֶעהְט צְוֵייא מֵיידְלֶעךְ וִויא צְוֵייא שָׁאטֶענְ׳ס, אֵיינֶע אַ דֶערְוַואקְסֶענֶע אוּנ אֵיינֶע כִּמְעַט נָאךְ גָאר אַ קִינְד מֶעהר נִיט וִויא 13 יָאהר אַלְט, זֵייעֶרֶע קֶאפּ זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען פַארְרִיסֶען אוֹיף דֶעם הִימֶעל.

– אַיָא, אַיָא, אָט דָאס קֶער זַיין דֶעם זֵיידֶענְס זלמן׳ס נְשָׁמָה וָואס דוּא פְלֶעגְסְט מִיר דֶערְצֶעהְלֶען אַז עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַזַא גוּטֶער אוּנ אַלֶעם דִיר קוֹיפֶען.

– דָאס הָאט גֶעזָאגְט דָאס קְלֶענֶערֶע מֵיידִיל אוּנ אִיז אַרוּמְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אַרוּם דֶער עֶלְטֶערֶער, אַלֶע מָאל זִיךְ גֶעטְשֶׁעפֶּעט אַרוּם אִיהר קְלֵיידִיל

זִיא זָאל אִיהר אויךְ מוֹדֶה זַיין אַז דָאס גְרוֹיסֶע שְׁטִיק נַייסֶע אִיז דֶעם זֵיידֶענְס נְשָׁמָה.

– וֶוער ווייסְט, אֶפְשֶׁר יָא אוּנ אֶפְשֶׁר נִיט, דֶער זֵיידֶע קֶער שׁוֹין אִיצְטֶער לַאנְג זַיין אִין גַן עֵדֶן.

– נָא וָואס וְשֶׁע אִיז, הָאסְט דָאךְ מִיר אַלֵיין גֶעזָאגְט אַז דִיא וָואס זֶענִין אִין גַן עֵדֶן דִיא זֶענִין אוֹיף דֶעם הִימֶעל אויךְ.

– יָא, נָאר וֶוען דֶער זֵיידֶע זָאל דָא זַיין וָואלְט עֶר זִיךְ אָן אוּנְז דֶערְמָאנְט אַז אוּנְז אִיז אַזוֹי שְׁלֶעכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט, מִיר הָאבֶען נִיט וָואס צוּא עֶסֶען אוּנ זִיךְ אָנְצוּטְהוּן, דֶער זֵיידֶע וָואלְט אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען בַּייא גָאטט אַז מִיר זָאלֶען שׁוֹין מֶעהר נִיט אַרוּמְגֶעהֶען אִין דִיא הַייזֶער בֶּעטֶען אַ גְרָאשֶׁען מִיט אַ שְׁטִיקִיל בְּרוֹיט.

דָאס קְלֶענֶערֶע מֵיידִיל וָואס אִיז בִּיז אַהֶער גֶעוֶועזֶען זֶעהר פְרֶעהְלִיךְ פוּן דֶער גוּטֶער הָאפְפֶענוּנְג אַז שׁיינדי, (דָאס עֶלְטֶערֶע מֵיידִיל) וֶועט אַ.יךְ זָאגֶען אַז עֶס אִיז דֶער זֵיידֶע, אִיז אִיצְטֶער זֶעהר טְרוֹיעֶרִיג גֶעוָוארֶען, זִיא הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט וִויא זִיא אִיז זִיךְ דֶעם גַאנְצֶען לַאנְגֶען זוּמֶערְטָאג צוּזַאמֶען מִיט שׁיינדעלען אָבְּגֶעגַאנְגֶען דִיא פִּיס אִיבֶּער דִיא הַייזֶער אוּנ אָבֶּינְד גֶעגֶעסֶען וֶועטְשֶׁערֶע נָאר אַ טְרֶוקֶען שְׁטִיקֶעל שְׁוַוארְץ בְּרוֹיט מִיט וַוארֶעמֶער זוּמֶערְדִיגֶער וַואסֶער.

– שׁיינדיל! אוּנ מַיין מַאמֶע ווייסְט אויךְ נִיט אַז מִיר אִיז אַזוֹי שְׁלֶעכְט?

– – לָאמִיר רייזעלע מֶעהר נִיט רֶעדֶען פוּנ מֵתִים, מֶען טָאר נִיט רֶעדֶען וּבִפְרַט נָאךְ בַּאנַאכְט

– רייזעלע הָאט זִיךְ וִויא דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנ שְׁטִיל אָהן וֶוערְטֶער זִיךְ צוּא גֶעטוּלֶעט צוּא שׁיינדילס קְלֵיידֶעל, אוּנ זִיךְ הַאלְב אַזוֹי גֶעוִויקֶעלְט אוּנ דִיא פַאלְדֶען.

– רחל וָואס הָאט כִּמְעַט אַלֶעס גֶעהֶערְט וָואס זֵייא הָאבֶען גֶערֶעדְט אִיז נֶעהֶנְטֶער צוּגֶעגַאנְגֶען צוּא זֵייא. –

– אַ גוּטֶער אָבֶענְד, הָאט שׁיינדיל זִיךְ פְרִיהֶער אָנְגֶערוּפֶען נָאךְ דֶעם וִוא זִיא הָאט זִיא אַבִּיסֶעל בַּאטְרַאכְט. אִיךְ הָאבּ אַייךְ דַאכְט זִיךְ גֶעזֶעהֶען דָא בַּייא חייקען אִין שְׁטוּבּ.

– יָא, אִיהר וָואהְנְט דֶען דָא נָאהֶענְט.

– יָא דָא בַּאלְד טַאקֶע אוּנְטֶער דֶער שְׁטוּבּ.

– אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גֶעוואוּסְט, אִיךְ זֶעה אֵייךְ דָא דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל, עֶס אִיז אַזוֹי סְקוּטְשְׁנֶע צוּזִיצֶען אַלֵיין אִין דְרוֹיסֶען.

– איהר האט אונז ניט געזעהען ווייל מיר געהען אַרום אַ גאַנצען טאָג אין שטאָדט, איבער דיא הייזער

קוקענדיג אויף דיא צווייא מיידלעך איז זיא זעהר פאַרוואונדערט געוואָרען אונ האט געפרעגט.

– וואָס הייסט איהר געהט אַרום אין דיא הייזער? וויא אַזוי געהען אַרום אַזוינע מיידלעך אין דיא הייזער?

– נוט איז אייך וואָס איהר זעגט אַ דינסטמויד אונ דיענט ביי אַ בעל ביתטע, וואו איהר האט אַלעס גרייטס, מיר האָבען גאָר ניט, מיר זענען אָרעם, נאַקעט אונ באָרוועס וויא איהר זעהט אונז, וואָס זשע זאָלען מיר טהון, זענען מיר דען נאָר צווייא מיידלעך וואָס געהען אַרום איבער דיא הייזער?

– נאָ אונ אייערע עלטערן געהען אַרום אין דיא הייזער?

– ניין, מיינע עלטערן זענען מיר יונג אָבגעשטאָרבען, איך בין געוועזען ביי מיינעם אַ זיידין, דער זיידע איז ניט אַרומגעגאַנגען אין דיא הייזער.

– מיין מאַמע איז מיר אויך אָבגעשטאָרבען יונג, איך געדענק אויך דעם זיידען, האָט זיך ר י י ז ע ל ע נאַריש קינדעריש אַריינגעמישט אין שמועס.

– מיין זיידע פלעגט נאָך אַליין מיטהעלפען אַ סך אָרימע לייט.

– ער איז געוועזען אַ גביר, האָט רחל געפרעגט מיט אַ זיפצן?

– ניין ער איז אויך געוועזען איין אָרימאַן, נאָר זיין שטיקעל ברויט האָט ער זיך פאַרדיענט אונ אַ גאַנצען טאָג ביז שפעט אין דער נאַכט פלעגט ער אַרומגעהען איבער דיא הייזער צונויף נעמען געלד פון אָרימע לייטס וועגען, איהם פלעגט יעדער געבען אַ נדבה, מען פלעגט איהם געבען צוא צעהן גראָשען אַ נדבה אונ אַ גרויסער גביר אַמאָל אַ קערבל אויך, חוץ דעם פלעגט מען איהם אין יעדער שטוב געבען דער אַ גראָשען אונ דער צווייא, ער פלעגט מאַכען אַ סך געלד, ניט אַזוי וויא מיר וואָס מיר געהען אָב 10 הייזער אונ 20 קלייטען ביז מען וואַרפט אונז אַ גראָשען אָדער אַ שטיקעל ברויט.

– אונ דאָס גאַנצע געלד פלעגט ער אַוועקגעבען פרעמדע אָרימע לייט?

– יאָ; איך געדענק אַליין וויא ער פלעגט אַוועקגעבען, אונ אַז מיר האָבען אַמאָל ניט געהאַט אויף קיין אָנבייסען, האָטש ער פלעגט האָבען געלד, פלעגט ער זאָגען אַז פון „אָרימע לייטס געלד טאָר מען ניט נעמען” אונ פלעגט הייסען דערוויילי אין קלייטעל באָרגען אויף אָנבייסען.

– וואו זשע פלעגט ער נעמען אויף אבצוגעבען?

– וואס הייסט? ער האט פארדיענט, ער פלעגט לערנען פאר א געשטארבענעם גביר משניות, קדיש זאגען, אויך פלעגט ער מאכען טאבאק, וואס ער פלעגט נעמען פאר יעדען פושקעל אפשר 4 גראשען אונ. פון נאך אזוינע זאכען האט ער פארדיענט, פארשטעהט זיך אז מיר האבען טאקע געלעבט וויא ארימע לייט.

– נא אונ ער איז שוין געשטארבען?

– יא שוין 8 יאהר, באלד וויא ער איז געשטארבען איז דיא גאנצע שטאדט געוועזען בייא זיין לויה, אויף מארגען האב איך שוין ניט געהאט אויף קיין אנבייסען. נאר כמעט דיא גאנצע שטאדט האט רחמנות געהאט אויף מיר, אלע האבען געקרעכצט אויף מיר קוקענדיג וואס איך בין אזוי געבליבען עלענד אונ האב אנגעווארען אזא טהייערען זיידען אזא ערהליכען יודען, אללע האבען אויף מיר רחמנות געהאט, יעדער האט מיר אריינגעשיקט אין שטוב וואס ער האט געקענט: ברוט, פלייש געלד, א קליידיל, אללע היגע ארימע לייט האבען מיך מקנא געוועזען וואס איך האב געהאט אזא טהייערען יודען פאר א זיידען אונ מען האט אויף מיר אזוי רחמנות אונ מען גיט מיר אזוי פיעל נדבות, מען ברענגט מיר נאך אהיים, נאר ניט לאנג האב איך געלעבט מיט דעם זיידענס צדקות, ניט לאנג האט זיך אזוי געצויגען מיין גליק, וואס שפעטער, האט מען אויפגעהערט אויף מיר רחמנות האבען, וואס ווייטער אונ ווייטער האט מען מעהר פארגעסען מיין זיידען אונ אן מיר אוודאי, עס איז געקומען דערצו אז מען פלעגט מיר אהיים שוין נאר ניט ברענגען, עסען האב איך ניט געהאט וואס, וואו מען נעמט געלד האב איך אויך ניט געוואוסט, איך האב אליין געטראכט אונ געטראכט ביז איך בין שטארק הונגעריג געווארען, בין איך אריינגעגאנגען אין א צווייטער שטוב מיט רייזעלען אונ געבעטען עפיס עסען, מען האט אונז געגעבען, מארגען אויך אזוי נאר אויף דעם דריטען טאג האט מע מיר אין דער צווייטער שטוב געזאגט אז זייא זענין אויך ארימע לייט, זייא געהען אויך ארום אין דיא הייזער, זייא קענען מיר שוין מעהר ניט געבען, איך זאל בעסער ארומגעהען אין שטאדט. ווען איך האב געזאגט אז איך שעם זיך, איך קען ניט בעטען, איך בין ניט געוואהנט, האבען זיך איינגיגע ארימע לייט פון מיר שטארק צולאכט אונ חוזק געמאכט. דער האט געזאגט אז איך בין א „קבצינטע א גדלניטע" אונ דער פון איז נאר ניט דא קיין מיאוסערע זאך אויף דער וועלט; דער האט געזאגט אז נאר גנבינען איז א בזיון, אבער בעטען א נדבה האט מען זיך ניט וואס צוא שעמען,

גאָטט האָט אויך ליעב אָרימע לייט אונ דערפאַר האָבען מענשען רחמנות, אַזוי האָבען זייא מיר איינגערעדט אונ געלאכט פון מיר אונ געזאָגט אַז אַ גדלן אַ קבצן האָט אפילו גאָטט פיינד ובפרט נאָך מענשען.

פון דעסטוועגען בין איך נאָך ניט געגאַנגען אין שטאָדט בעטען נדבות, נאָר איין מאָל. איך געדענק עס וויא היינט, בין איך אַזוי שטאַרק הונגעריג געוואָרען אַז עס האָט זיך מיר איבערגעוויזען אַז איך פאַלל מיט דעם פּנים צוא דער ערד, אונ רייזעלע האָט אָנגעהויבען אַזוי וויינען אַז זיא איז הונגעריג אַז איך האָב געפיהלט וויא דאָס האַרץ ווערד מיר צוריסען אויף שטיקער. אָהן אַ שום בזיון אפילו זיך ניט פאַרטראַכט, האָב איך גענומען רייזעלען בייא דער האַנד אונ בין אַוועק אין שטאָדט אַריין אין דער ערשטער יודישער בעל ביתשער שטוב אונ געזאָגט: „גיט מיר אַ נדבה, גיט מיר עפּעס עסען.” דיא בעל-הביתטע האָט מיך באַלד דערקענט אַז איך בין ר' זלמנ'ס אַאייניקעל, זיא האָט אונז אַ נדבה געגעבען אונ אונז געגעבען ברויט מיט אַ טעלער באָרשט אונ מיר האָבען זיך אָנגעגעסען.

פון דעם טאָג אָן ווען מיר פלעגען נאָר ווערען הונגעריג פלעגען מיר אַוועקגעהען אין שטאָדט בעטען אַללע מאָל אין איין אונ אין דער אַנדערער שטוב.

אומעטום האָט מען מיך דערקענט אַז איך בין ר' זלמנ'ס אייניקעל, אומעטום פלעגט מען מיר טראָגען אַקעגען דיא נדבה מיט עפּיס עסען, אַללע האָבען אויף מיר געאָכקעט, געוויקעט, רחמנות געהאַט וואָס איך האָב געהאַט אַזאַ טהייערען זיידען אונ איך דאַרף אַרומגעהן איבער דיא הייזער, דיא יודענע האָט געזאָגט: „אַך איך מיר” דיא — „וויא איז מיר” דיא — „אַ שלאַק איז מיר אויף וואָס ר' זלמנס אייניקעל איז נעבעך איבערגעבליבען”, דיא — „אַ הונגער האָט מיך דערשלאָגען, ר' זלמן זאָל אויפשטעהן פון קבר אונ אַ קוק טהון אויף זיין אייניקעל וואָלט ער נאָך אַמאָל געשטאָרבען”, דיא — „זינדיגע יאָהרען האָבען מיר דערלעבט אַוודאי, אַוודאי האָט דאָס ר' זלמן ביי גאָטט פאַרדיענט” א. ז. וו.

בקיצור וועל איך אייך דערצעהלען, דיא גאַנצע שטאָדט האָט ווייטער אויף מיר רחמנות געהאַט; אין יעדער שטוב וואו איך האָב געבעטען האָט מען מיך ניט אָבגעזאָגט, אַללע אָרימע לייט האָבען מיך אָנגעהויבען ווייטער שטאַרק מקנא זיין אונ האָבען מיך גערעכענט פאַר אַ גליקליכע, אַ סך פון זייא זענען מיר געוואָרען אמתיגע בלוטיגע שונאים, דערפאַר וואָס מיר גיט מען אין יעדער שטוב אין יעדער

קליט אונ זייא געהען אב 7 שטיבער מיט 10 קלייטען ביז מען גיט זייא א נדבה; אלע ארימע לייט האבען אנגעהויבען ווארטען ארום מיר, דער האט געזאגט: „טאמער ווייסט דוא פאר וואס זיא איז אזא מיוחסת, איהר זיידע איז געוועזען איין ערהליכער יוד טא וואס איז? אבער זיא איז זיך אזא קבצינטע אונ געהט ארום איבער דיא הייזער גלייך מיט אונז, וואס זשע איז זיא אזוי מעהר מיוחסת פא אונז? אונזערע זיידעס זענען דען ניט געוועזען קיין ערהליכע יודען, זייא זענען דען געוועזען גנבים הו"ש?".

אט אויף אזא שטייגער האבען זיך א סך ארימע לייט אויס־געדריקט וועגען מיר אונ איך האב באקומען א סך שונאים.

– נאר אבער אומזיסט זענען זייא מיר געווארען שונאים, אומזיסט האבען זייא מיר מקנא געוועזען אויף מיין גליק, מיין גליק האט איבעטער אויך ניט לאנג געדויערט; וואס שפעטער אונ שפעטער האט מען מיך אנגעהויבען ווינציגער צוא געבען אונ ווינציגער צוא אבקען אונ רחמנות האבען אויף מיר.

בקיצור איך וועל אייך קיין סך ניט דערצעהלען, עס איז געקומען דערצוא אז ווען איך קום אריין אין א שטוב בעטען א נדבה קוקט מען זיך אפילו ניט אום אויף מיר, מען האט שוין גאר פארגעסען אז איך בין ר' זלמנ'ס אייניקעל, מען לאזט מיר שטעהען אונ ווארטען ביז דיא בעל־ביתטע דער מאנט זיך; א מאל גיט זיא א גראשען אונ א מאל זאגט זיא אז זיא האט ניט, אונ גאר א מאל זידעלט זיך נאך מיך גוט אויס; „וואס קריכט איהר אלע טאג? עס איז דא גענוג ארימע לייט צוא געבען” אונ מ'הט מיר נאך א קלאפ מיט דער טהיר; 10 הייזער מיט 20 קלייטען געה איך היינט אב איידער מען גיט מיר א גראשען, אפילו דיא איבריגע ארימע לייט מאכען א סך קנהר פון מיר, וואָרום זייא קענען זיך שטופען, פריהער אויס־האפען בייא דער בעל־ביתטע דעם גראשען, וויל זיך אויך שטופען זעקסט דוא געווידעלט ווערען אונ ווערסט טאקע בלייבען פון הינטען, טאקע גאר מיט גרויסע נסים באקום איך איין נדבה, ווען נאר העלפט עס טרעפט זיך זעהר א גוטער מענש מיט א גוט הארץ אונ האט רחמנות.

– אט היינטיגען טאג, זענען מיר ארומגעגאנגען דעם גאנצען טאג קוים געמאכט 3 גראשען אונ געקויפט ברויט אויף וועטשערע. –

ריוזעל'ע האט דערבייא א זיפץ געטהון אונ רחל וואס האט דיא גאנצע צייט אויסגעהערט וויא שיינדיל האט דערצעהלט איז זעהר טרויעריג געווארען זיא האט זייא נאך מעהר באטראכט אונ געפרעגט:

– וואס האט איהר זיך גאר אריינגעלאזט אין בעטלעריי, בעסער וואלט איהר זיך געוועזען גענומען צו עפיס איין ארבייט, וואלט איהר פארדיענט.

שיינדיל האט זיא שטארק פארוואונדערט אנגעקוקט, דאס ערשטע מאל אין איהר לעבען האט זיא געהערט אזא פראגע.

– ארבייט? האט זיא געענטווערט, וואס הייסט ארבייט, וואס קען איך ארבייטען? איך בין דען א בעל מלאכה'טע איך זאל קענען מיט מיין ארבייט פארדיענען געלד?

– איך בין אויך ניט קיין שניידערין, ניט קיין שוסטערין און אויך איין ארים מיידיל, פון דעסטוועגען האב איך קיין מאל ניט געבעטעלט; מיך וואונדערט נאר אויף אייערע אללע פריינד, וואס ווען אייער זיידע איז געשטארבען האבען זיא רחמנות געהאט אויף אייך, אללע האבען געקרעכצט אויף אייער אומגליק, אויף דעם וואס איהר זענט עלענד געבליבען, אללע האבען אייך מיטגעהאלפען מיט נדבות, דערמיט האט יעדער געוויס גערעכענט אז ער טהוט אייך א טובה, ער טהוט א גוטע זאך. איך שווער אייך ווען אייער זיידע זאל איצט אויפשטעהען און זעהען וואס זיינע פריינד האבען פון אייך געמאכט, וואלט ער זיא געוויס ניט געוועזען דאנקבאר, – קיינעם פון זיינע פריינד און באקאנטע איז ניט איינגעפאלען אז מען זאל אייך געוועהנען צו ארבייט, איהר זאלט זיך אליין פארדיענען, דאס איז שרעקליך וויא מענשען פארשטעהען ניט וויא צו טהון יענעם א טובה אפילו ווען זיא ווילען; און מיט זייער הילף ניט נאר זיא ברענגען יענעם נישט קיין נוצען, נאר – דיא גרעסטע רעה; זיא מאכען איהם פאר א גרייטען ארימאנן.

– און איהר, וואס האט געארבייט, וואס האט איהר פארדיענט? האט פלוצים ווייטער שיינדיל געפרעגט.

– וואס איז דאס פאר א פראגע? איך קען עס געדענקען וואס איך פלעג איבערארבייטען יעדען טאג? ווען איך פלעג אויפשטעהען פלעג איך באלד וואסער ברענגען אין שטוב אויף דעם גאנצען טאג דערנאך פלעג איך מעלקען און פארטרייבען דיא קוה, דערנאך פלעג איך קאכען אנבייסען, ביי אונז איז געוועזען א גארטען פלעג איך אויך דארט אפט ארבייטען, און ווען עס איז שוין גאר ניט געוועזען קיין ארבייט פלעג איך אויך ניט זיצען ליידיג, איך האב זיך געפונען שטובארבייט וויא געהען, עפים דרעהן, פלעכטען א. ז. וו. קען איך זיך דען געדענקען אללעס?

– נא און איצטער האט איהר שוין ניט קיין ארט (א שטעליע)?

שיינדיל ווען זיא האט נאר דאס ערשטע מאל דערזעהען רחלן בייא חייקען אין שטוב האט זיא באלד געמערקט אז רחל זוכט א שטעלע גלייך וויא אלע דיענסט מיידען וואס קומען צוא חייקע דער מעקלערין נאך א שטעלע.

– איך האב אין ערגיין ניט געדיענט – איך בין אליין געוועזען א בעל ביתטע.

– וואס זשע האט איהר באדארפט אזוי פיעל ארבייטען, אפילו וואסער איין טראגען?

– איך בין געוועזען ניט קיין רייכע בעל ביתטע, נאר זייער אָרימע, ארבייטען איז אפילו ניט קיין בזיון פאר א רייכער, עס איז א בזיון צוא זיצען פארלעגט דיא הענד אונ עסען איין אומזיסטיג ניט איין פארהארעוועט שטיקעל ברויט.

שיינדיל האט זיך דאס ערשטע מאל אין איהר לעבען פארשטאנען דערמיט וואס זיא איז א בעטלערין.

– וואס זשע טהוט איהר איצט דא בייא חייקען?

– אונז האבען דיא קאנטראמיטשיקעס אבגעראבעוועט, איך בין דערוויל געבליבען אזוי וויא איך שטעה אונ געה. ווען עס איז נאך עפיס איבערגעבליבען פון אונזער בעלי בתישקייט וועל איך פאהרען א היים אונ וועל זיין ווייטער א בעל ביתטע בייא זיך אין שטוב, ווען ניט וועל איך טאקע בעטען חייקע דיא מעקלערין זיא זאל מיר נאריען א שטעלע, דיענען בייא יענעם אונ זיך פארהארעווען דאס ברויט איז אויך ניט קיין בזיון אונ דערנאך אז גאטט העלפט ווערד מען ווייטער אליין א בעל ביתטע.

זעהר טרויעריג האט זיך שיינדיל צושיידעט מיט רחלן דעם אבענד; דיא גאנצע נאכט האט זיא ניט געקענט שלאפען פון טראכטען, קיין מאל האט זיא אזוי ניט געטראכט וויא היינטיגען אבענד, נאר נאך מעהר וויא פון אלעם האט זיא זיך פארטראכט וועגען דעם:

– עס איז נאך דא אויף דער וועלט ארימע מיידליך, פון דעסטי־וועגען האבען זייא אזוי קיין מורא ניט פאר דעם ארימקייט וויא איך, מיט וואס בין איך ערגער פון זייא? מיט וואס זענען זייא בעססער פון מיר?

פון דעם אבענד אן פלעגט זיך שיינדיל מיט רחלן אפט זעהען אונ פון אללעס איבערדערען, אונ פארשטעהט זיך מען האט מעהר גערעדט פון דעם וואס טראכט מען אזוינס אוים מען זאל האבען פון וואנען צולעבען.

רחל אליין האט אויך קיין מאל אזוי פיעל ניט געטראכט וועגען

דעם וויא איצטער, וואס מעהר עס איז אוועקגעגאנגען א טאג האט זיא געהאט שלעכטערע גריסען פון דער היים, וואס ווייטער א טאג, האט זיא געוועהן וויא זיא האט שוין מעהר ניט קיין היים, וויא זיא איז אזוי ארים און עלענד וויא דיא צוויא ארימע מיידלעך וואס וואהנען מיט איהר אונטער איין דאך, דיא צוויא מיידליך קעגען בעטלען, זיא קען אבער ניט? דיא אומזיסטיגע אנבייסענס, וואס זיא פלעגט איצטער האבען ביים חייקען, פלעגען זיא זעהר קרענקען, אזוי צוא לעבען איז זיא ניט געוואהנט געווארען, זיא קען ניט זיצען פארלעגט דיא הענד און עסען פרעמדס.

רחל וואלט זיך אויף קיין מינוט ניט פארטראכט און וואלט באלד מיט גרויס פרייד געפאהרען א היים, נאר וואו האט זיא איצטער א היים? צוא וועמען האט זיא צופאהרען? ביי וואס האט זיא צוא זיין א בעל ביתטע? פון איין זייט דער קראנקער ארימער טאטע, פון דער צווייטער זייט פאן קארל, פון דער דריטער זייט פאני אבהרקע, סאלאמאן איז ניט דא. דיא באבע פריידע אויך ניט אלעס וואס זיא האט ליעב, איז פון איהר אוועק אויף אייביג. נאר דאס וואס זיא האט פיינד וועט איהר קומען אנקעגען, וואו אהין זיא וועט זיך נאר קעהרען וועט עס זיא באגעגענען.

איין טרייסט איז איהר נאך געבליבען אין דער היים — געהען אויף איהרע ליעבע קברים — אויף סאלאמאנס קבר, אויף דער באבע פריידעס קבר. דארטען זיך גוט אויסוויינען, אויסרעדען אז עס זאל נאך דעם ווערען ליכטיגער אין דיא אויגען; נאר פון א זייטע זאגען האט אזא ארים מיידיל, וויא רחל ניט געקענט טראכטען, האטס זיא האט באמת ליעב געהאט סאלאמאנען...

ניט פון אזעלכע ארימע מיידלעך וויא רחל איז קען מען פאדערען דאס מען וואלט געקענט פון פארלאנגען פון פערמעגליכע פרייליינס ביי אזא ציפאל ה. ה. ווען ביי דעם פערמעגליכען פריילין זאל זיך איהר ליעבע אויסקאזען אזוי טרויריג וויא רחל'ן, וואלט זיא געוויס געגאנגען אויף זיין קבר, אויף דיא אלע פריהערדיגע ערטער, וואו זיא האט מיט איהם גוטע מינוטען פארבראכט, און מיט צוא ווארפענע צוא שויבערטע האר, מיט א בלאס פנים, מיט ציטעריגע הענד, מיט טונקעלע אויגען וואלט זיא דיא אלע ערטער באזוכט און באזונגען פול מיט פאעזיע, פונקט וויא אין א ראמאן שטעהט באשריבען, פונקט וויא עס פאסט צוא א פריילין וואס קען פיהרען א ליעבע מיט אלע רעגלען.

דיא אלע ליעבע רעגלען קען מען אבער ניט פאדערען פון

קֵיין אָרִימֶע מֵיידְלִיךְ וָואס וִויא עֶפִּיס בַּאלְד, טְרֵייבְּט זִייא דִיא נוֹיטְה. אַז זִייא פַארְגֶעסֶען אָן אַלְלֶעס; אַלְלֶע וָואס בַּייא אַנְדֶערֶע אִיז פָאנֶזֶע – וָוערְד בַּייא זִייא פְּרָאזֶע.

דִיא בַּאקָאנְטֶע אַלְטֶע פְּרָאזֶע „וואו נֶעמְט מֶען דָאס שְׁטִיקֶעלֶע בְּרוֹיט?", הָאט אִיצְטֶער אוֹיךְ פַארְשְׁלָאגֶען רחלס קָאפִּיל, אַז פַאר פָּאנֶזֶע הָאט זִיךְ אִיצְט אִין אִיהר קָאפּ קֵיין אָרְט נִיט גֶעקֶענְט גֶעפִינֶען.

– אַרְבֵּייטֶען, פַארְדִינֶען, אָט מִיט וָואס אִיהר קָאפּ אִיז גֶעוֶועזֶען אִיצְט פוּלל, קֵיין הֵיים הָאבּ אִיךְ נִיט, דָארְט הָאבּ אִיךְ שׁוֹין נִיט וָואס צוּא טְהוּן, דָארְט אַרוּמְגֶעהֶען בֶּעטֶען טוֹבוֹת בַּייא מַיינֶע בַּאקָאנְטֶע פַּאנִי אסתרקע ווִיל אִיךְ נִיט, אִיךְ וֶועל בֶּעטֶען הייקע דִיא מְעקְלֶערֶען, זִיא זָאל מִיר נָאכְזֶעהֶען אַיין אָרְט, אִיךְ קֶען קָאכֶען, וַואשֶׁען, אִיךְ קֶען פַארְעכְטֶען שְׁטוּבּ זַאכֶען, אִיךְ קֶען זַיין אַ קֶעכִנֶע, אִיךְ קֶען זַיין אַ דִינְסְט אִין שְׁטוּבּ.

אוּנ אוֹיף דֶעם פְלֶעגְט זִיךְ רחל טָאג מִיט נַאכְט אַזוֹי שְׁטַארְק פַארְטְרַאכְטֶען בִּיז זִיא פְלֶעגְט זִיךְ פִיהְלֶען גְלִיקְלִיךְ, אִיבֶּער גְלִיקְלִיךְ, עֶס פְלֶעגְט זִיךְ אִיהר פָארְשְׁטֶעלֶען אַז שְׁפֶּעטֶער, אִין אַ סַךְ יָאהְרֶען אַרוּם, וֶוען זִיא וֶועט זִיךְ שׁוֹין פַארְדִינֶען אַ סַךְ גֶעלְד, אֶפְּשַׁר צְווייא הוּנְדֶערְט רוּבִּיל, וֶועט זִיא פָאהְרֶען אַ הֵיים, זִיא וֶועט זִיךְ שׁוֹין אַלֵיין פַאר אִיהר אֵייגֶען גֶעלְד קוֹיפֶען אַרַיין אַ שְׁטִיבֶּעל מִיט אַ קְלֵיינִיקֶע שְׁטִיקֶעלֶע עֶרְד, זִיא וֶועט וַוייטֶער נֶעמֶען צוּא זִיךְ אִין שְׁטוּבּ אִיהר אַלְטֶען קְרַאנְקֶען אוּמְגְלִיקְלִיכֶען פָאטֶער. זִיא וֶועט וַוייטֶער זַיין אַלֵיין אַ בַּעַל בַּיתְטֶע, הָארֶעוֶוען דֶעם גַאנְצֶען טָאג וִויא אַ מָאל אוּנ אַלֶע עֶרֶב ראש חוֹדֶשׁ, אַ גַאנְצֶען חוֹדֶשׁ אֱלוּל. עֶרֶב ראש הַשָּׁנָה גַאנְץ פְרִיה וֶועט זִיא גֶעהֶען אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען פֶעלְד וואו סאלאמאן, וואו זַיין בָּאבֶּע לִיגְט, גֶעהֶענְדִיג אוֹיף דֶעם וֶועג וֶועט זִיא צוּא טְהֵיילֶען עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען אָרִימֶע לַייט וֶועגֶען זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת, דֶערְנָאךְ וֶועט זִיא אַלֵיין אָנְרֵייסֶען אַ סַךְ רוֹיזֶען אוּנ בְּלוּמֶען אוּנ פִיל אָנְוַוארְפֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע קְבָרִים, זִיא וֶועט וַויינֶען, רֶעדֶען אִיבֶּער זֵייעֶרֶע קְבָרִים. זִיא וֶועט אַלְלֶעס דֶערְצֶעהְלֶען אוּנ עֶס וֶועט זַיין אַזוֹי גוּט אוֹיף דֶעם הַארְצֶען, אַז עֶס וֶועט זִיךְ נָאךְ אַמָאל וֶועלֶען שְׁטַארְק וַויינֶען.

* *
*

וועגֶען דֶעם אַז זִיא ווִיל בֶּעטֶען הייקען זִיא זָאל אִיהר נָאכְזֶעהֶען אַ שְׁטֶעלֶע, הָאט זִיא דֶערְצֶעהְלְט אִיהְרֶע צְווייא נֵייעֶ חֲבֵרְטֶעס

שיינדלין מיט רייזעלען און שיינדיל האט רחלן זעהר מקנא געוועזען אויף דעם, זיא האט זיך געפריוט עפים איהר זאגען דערויף, נאר זיא האט ניט געקענט ניט געסמעיעט זיך געשעמט. —

רחל האט דאס פארשטאנען און האט שיינדלען פארגעהאלטען וואס זיא בעהאלט זיך פאר איהר, זיא דערצעהלט איהר גאר ניט.

שיינדיל אנשטאט צוא דערצעהלען האט זיך צוויינט:

— איך האב זיך געשעמט צוזאגען, — איך בין דיך מקנא, איך וואלט אויך געוואלט בעטען הייקען, זיא זאל פאר מיר מיט רייזעלען קריגען איין ארט, רייזעלע וואלט שוין אויך געקענט עפים טהון שטובזאכען. זיא איז שוין צוועלף יאהר אלט, נאר איך שעם זיך בעטען הייקען.

רחל האט זיא ארומגענומען און זיך צוא קושט מיט איהר, רייזעלע קוקענדיג אויף זייא ביידע האט זיך פאר פרייד צוויינט.

— נא איז דאס ניט נאריש, האט זיך רחל אנגערופען, בעטלען ברויט שעמסט דוא זיך גיט און בעטען אן ארט שעמסט דוא זיך! איך וועל בעטען הייקען פאר אייך, לאז נאר גאט העלפען זיא זאל קריגען פאר אנז אלע דרייא שטעלעס.

— נאר מיר געהען זעהר אבגעריסען, ווער וועט אונז צוגענומען?

— וואס האט איהר פריהער דערויף אוטזיסט צוא זארגען איידער עס איז נאך דא ערטער? מיר וועלען נאך דעם זעהען.

— נאר איך קען זיך גיט צוא שיידען מיט רייזעלען, איך דארף מיט איהר זיין שטענדיג צוזאמען, אדער האטש אין איין שטאדט שטענדיג זיין.

— מיר וועלען אלע דרייא אין איין שטאדט דינען, איך וועל אזוי בעטען הייקען, האט זייא רחל געטרייסט, זייא זאגען ניט אנווערען דיא גוטע האפענונג צוא באקומען שטעלעס און פערדיענען זיך אליין דאס ברויט.

אזוי האבען זייא צווישען זיך אבגערעדט און זיך צוגאנגען זעהר צופרידען, און מיט גוטע האפענונג.

* *
*

איך רעכען פאר איבריג אויספיהרליך איבערצוגעבען אלע קלייניקייטען ווייא אזוי חייקע האט זייא געגעבען שטעלעס, חייקע איז שוין פון דעם ערשטען טהייל צוא פיעל באקאנט דיא לעזער איך זאל דארפען נאך אמאל רעדען פון איהר, עס איז שוין גענוג אז דיא אומשולדיגע

קינדער וויא מיט פארבונדענע אויגען האבען זיך אליין איבערגעבען אין איהרע הענד.

אונ וויא אזוי האבען זיך דיא ארימע דרייא קינדער דערפרייט ווען נאכדעם וואס זייא האבען לאנג געווארט אויף דער שטעלע וואס חייקע האט זייא צוא געזאגט האט זיא זייא ענדליך אין א שיינעם פריהמארגען געזאגט. אז זיא האט באקומען א בריעף אז אין א גביר'יש הויז איז דא פאר זייא אלע דריי שטעלעס:

אונ באמת איז טאקע אזוי געוועזען, אין עטליכע טעג ארום איז דיא גבירינטע מיט א גרויסע האלז פערל געקומען קיין ר... זיא האט געשיקט רופען חייקען די מעקלערע. חייקע איז מיט רחלין, אונ מיט שיינדלין אוועקגעגאנגען צוא דער גבירינטע — דיא בעל ביתטע האט דיא מיידלעך אויסגעפרעגט וואס זייא קענען טהון אין שטוב א. ז. וו. בקיצור זייא זענין געפעלען דער בעל הביתטע אונ זיא האט זייא צוגענומען, אפילו צוא עטליכע רובל איין אדרויף זייא געגעבען אונ עס איז געבליבען אז נאך שבת אי"ה דארפען זייא איינטרעטען אין זייערע ערטער ביי דער נייער בעל הביתטע.

וויא גליקליך זענין זייא געוועזען ווען זייא זענין שוין ארויסגעפאהרען פון דער „טויטער גאס" רחל האט זיך אין קאפ פארגעשטעלט א סך גאלדענע פלאנען אונ שיינדעלע האט זיך נאר געפרייט דערמיט וואס זיא האט אויך א שטעלע אונ נאך מעהר דערמיט וואס דיא בעל בית'טע איז באשטאנען אז דיא קליינע רייזיל זאל אויך זיין ביי איהר אין שטוב. „דאס עסען וועט זיא זיך ביי מיר פארדיענען" האט דיא בעל ביתטע געזאגט אונ אז זיא וועט א ביסעל אונטערוואקסען. וועט זיא רייזעלין אויך צאהלען פאר איהר ארבייט". -

ווען זייא זענין אלע דרייא אוועקגעפאהרען פון דער „טויטער גאס" האט חייקע מיט זייא זעהר ווארים געזעגענט, זייא מיטגעגעבען אויף דעם וועג אלעס וואס מען דארף, געוואונשען זייא אלעס גוטס אונ דיא מיידלעך האבען איהר אוודאי געדאנקט.

צוויא אסטוונאי קעבענס וואס האבען געוואהנט ביי חייקע אין שטוב זיא זאל זייא אויך געבען שטעלעס, האבען איצטער מקנא געוועזען רחלן מיט פריידען, וואס זייא האבען ערטער אונ געלויבט זעהר חייקען, וואס וואלטען דיא ארימע מיידליך געביך געטהון אהן חייקען? —

5

# יודישע אביונים קבצנים און שלעפערס.

אזוי, און מיט נאך אזויגע נעמען זענען אונז בּיקאנט אזויגע לייט וואס געהען אבגעריסען אבגעשליסען, קיין מאל איז ניט דא קיין גאנצין העמד אויף זייא, שטענדיג קרעכצען זייא, שטענדיג זיפצען זייא, שטענדיג איינגעבויגען אין דרייען מיט אויסגעטריקענטע פארדארטע פנימער, אז מען זעהט גאר אין זייא ניט א געשטאלט פון א מענשען וויא גלייך זייא זענען אין אזא אומגעלימפערטער געשטאלט ארויסגעקראכען פון זייער מוטערס בויך.

א אומגליקליכע! – אט דיא אומגליקליכע לויפען שטענדיג ארום איבער דיא גאסען און טהירען און ווען זייא דערזעהען נאר אונז קוקען זייא טאמער איז אונז גוט אויף דעם הארצען, וועלען מיר רחמנות האבען און זיך ניט פוילען ארייגלעגען דיא האנד אין קעשענע ארויסנעמען פון זייערטוועגען א גראשען אויף ברויט.

נאר אבער, וויא שלעכט זענען מיר ווען מיר באקומען נאר גראשענס אין קעשענע!... א! מיט וואס פאר א אויגען זענען מיר געוואהנט צוא קוקען אויף דיא אומגליקליכע? מיר רעכענען זייא עפּיס פאר איבריגע מענשען אויף דער וועלט, וואס זענען גאר אומזיסט באשאפען געווארען, און ווען מיר געבען זייא דעם גראשען איז נאר דערפאר זייא זאלען זיך אבטשעפּען פון אונז, זייא זאלען אויף אונז ניט קוקען, זייא זאלען ניט האבען קיין בייזע מיילער אויף אונז.

נאר זענען זיי באמת אזויגע פוסטע מענשען וואס זענען מעהר ניט ווערטה וויא מען זאל זייא ווארפען דעם גראשען – א נדבה, אבי זייא זאלען זיך אבטשעפען פון אונז? זענען זייא באמת ניט ווערטה מיר זאלען מעהר אויפמערקזאם קוקען אויף זייא? –

— ניין. ניט דיא אומגליקליכע גאטס באשעפענישען לעבען אומזיסט אויף דער וועלט, ניט זייא זענען אזויגע פוסטע מענשען וויא מיר רעכענען, נאר מיר זענען שלעכטע, פארשטעהט זיך מיר זענען דערצו פיעל עגאיסטען מיר זאלען דאס זאגען אויף זיך אליין, דארום זאגען מיר זענען קליגער פון זייא, מעהר מענשען פון זייא, אונז דארף דיא וועלט האבען און זייא ניט, מיר זענען ניט איבריג אויף דער וועלט און זייא לעבען אומזיסט א. ז. וו.

מיר האבען א גרויסען טעות און נארען זיך אליין אב – מיר זענען

אללע גלייך. נאר דאס פינסטערע מזל האט געמאכט צווישען אונז א חילוק.

פונקט פארקעהרט – צווישען די אביונים, קבצנים און שלעפערס וועט איר פיעל מעהר געפינען אזוינע מענשען, וואס מען זוכט אפט און יעדער אינטערעסירט זיך מיט זייא: ווען מיר געפינען אזא סארט מענשען צווישען דעם פארמעגליכען קלאס רופען מיר זייא אן העלדען. אללע האבען פאר אזוינעם דרך ארץ און מיידלעך ווייבלעך און אפילו אלטע ווייבער פארליעבען זיך אין זייא.

אט הערט וואס הייסט קבצנים און שלעפערס:

אין מיין לעבען האב איך געהאט די עהרע צו קענען א בעקאנטען שרייבער, איך פלעג זיך שטענדיג וואונדערען וויא דער מענש הערט גאר ניט אויף צו שרייבען, עס לאזט זיך גאר בייא איהם ניט אויס קיין מאטעריאל, און אלע מאל שרייבט ער נייע סצענעס פון דעם אמתן לעבען – שוין 20 יאהר אז ער שרייבט!

נאר שטעלט זיך פאר וויא נאך מעהר איך בין פארוואונדערט געווארן, אז אונזער באקאנטער שרייבער לעבט גאר א פארשלאפען לעבען, איין מאל אין א יובל געפינט ער זיך אין א געזעלשאפט און אפילו ווען ער איז שוין דארט באמערקט מען איהם גאר ניט וויא גלייך ער איז ניט דא, דאס מעהר יאהר פון זיין לעבען פארברענגט ער אליין בייא זיך אין שטוב, אדער אין גאס טאקע ווייטער אליין.

פון וואנען זשע קען דער מענש אזוי גוט די וועלט? האב איך זיך אליין געפרעגט; אלעס האט ער אזוי ריכטיג און גוט באשריבען: מענשען סוחרים, יונגע לייט פראנטען, אלטע גבירים וואס האבען יונגע ווייבלעך, פרומע ווייבער וואס ווערען גבאי'טעס אויף דער עלטער, מיידליך וואס הערען ניט אויף צו שפיעלען אויף דעם פארטעפיאן, יונגע לייט וואס הערען ניט אויף צו שפיעלען קיין ליבעס, שאנע יודען מיט פעטע בייכלעך וואס הערען ניט אויף צו טהון טובות דער גאנצער וועלט, פרומע ספאדקעס וואס הערען ניט אויף צו שטראפען זינדיגע מענשען, הייסע פאטריאטען וואס הערען ניט אויף צו בלאזען אין די זישמעניעס (אפילו אים זומער אין די גרויסע היצען), יודישע שרייבער פובליציסטען וואס הערען נאך ניט אויף צו שרייבען און שרייבען: גוואלד ביז וואנען, ביז וואנען וועט אויף יודען ניט אויפשטעהען דער מארגענשטערין? בייא אלטע פעלקער שיינט זיך שוין די זון פון לאנג – די ציוויליזאציע

פון דעם נייַנצעהנטען יאהרהונדערט און ביא אונז יודען געוואלד! א. ז. וו. א. ז. וו.

בקיצור דיא גאנצע וועלט מענשען האט שוין מיין בעקאנטער שרייבער באשריבען, פון וואנען ז'שע קען ער אזוי דיא וועלט אז ער לעבט איין אבגעשלאסען לעבען, אז שטענדיג געפינט ער זיך אליין ביא זיך אין שטוב, אין גאס און אפילו דאס איינציגע מאל אין יאהר ווען ער געפינט זיך שוין צווישען א געזעלשאפט איז ער אויך אליין...

איך האב דיא שאלה געפרעגט דעם שרייבער אליין:

— פון וואנען נעמט איהר צו שרייבען, פון וואנען קענט איהר דיא וועלט אז איהר זענט שטענדיג אליין? פאר וואס געפינט איהר זיך ניט אפט צווישען מענשען, וואלט איהר נאך בעסער געשריבען?

וואס הייסט צווישען מענשען? וואו זאל איך געהען? האט ער מיך געפרעגט.

— איך ווייס, מען געפינט זיך וואו צו געהן, היינט געהט מען אין קלוב, מארגען צו יענעם אויף א אבענד און איבערמארגען צו א באקאנטען, אז מען וויל נאר קען מען געפינען גענוג באקאנטע מען זאל האבען וואו צו געהן אלע טאג.

— באקאנטע האב איך ב״ה גענוג. אין ערטער וואו איך זאל געהען און פארברענגען אבענדס מיט נעכט האב איך אויך גענוג נאר איך רעכען פאר איבריג צו פארברענגען אומזיסט צייט, און אויב איך געה יא צו מיינע באקאנטע אדער אין א ארט צו פארברענגען א אבענד. איז גאר ניט צו ליעב דעם וויא איהר מיינט: איך זאל האבען פון וואס צו שרייבען; איך געה גלאט אזוי פאר מיין אייגען פערגניגען אליין...

— פון דעסטוועגען שרייבט איהר פון אזויגע וועלכע זענען אייך ניט באקאנט, אנדערש וואלט אייער שרייבען ניט געוועזען ריכטיג.

— יא פון מיינע באקאנטע האב איך שוין איין מאל אבגעשריבען און מעהר האב איך שוין ניט וואס פון זייא צו שרייבען.

— זענען זייא שוין דען אלע אבגעשטארבען?...

— א ניין, זייא לעבען אלע ב״ה, נאר איך געפין אין זייא קיין לעבען, קיין אינטערעס, עפיס איז אלעס ביא זייא אין איין געשטאלט, האטש זייא זענען ניט געשטארבען און געהען און לויפען און שפרינגען אז עס ווייזט זיך נאך אמאל אויס אויך וויא זייא האבען קיין צייט ניט. איז זייער גאנץ לעבען שרעקליך פוסטע.

— פון אייערע באקאנטע פון דער געזעלשאפט וואו איהר געפינט זיך, זאגט איהר האט איהר שוין אבגעשריבען, איהר געפינט דארט

מעהר ניט קיין לעבען, קיין אינטערעס פאר אייך, וואוזשע נעמט איהר מאטעריאל אויף ווייטער צוא שרייבען, איך רעכען אז אין קלייט קויפט איהר ניט אונ מיט דער הימעלפאסט שיקט מען אייך ניט קיין מאטעריאל אויף צוא שרייבען. —

— שוין עטליכע יאהר אז איך סטארע זיך מיך צוא באקענען מיט אנדערע קלאסען מענשען אט פון מיינע נייע באקאנטע פון זייער לעבען, שרייב איך.

—ווער אונ וועלכע זענין ביא אייך דיא אנדערע קלאסע מענשען וואס איהר האט געפונען ביא זיא אזוי פיעל לעבען?

— ארימע לייט, אביונים, קבצנים אונ אלערליי שלעפערס:

— אט אין דעם סארט אומגליקליכע מענשען האט איהר געפונען לעבען? האב איך פארוואונדערט געפרעגט דאכט זיך דיא אומגליקליכע לעבען גאר ניט. —

איהר האט א טעות, ביא זיא קען מען געפינען מעהר לעבען וויא ביי אלע אנדערע מענשען, באקענט זיך נאר מיט זיא נעהנטער פריוואט לעבען צווישען זיא, באמערקט אלעס, וועט איהר זעהן אז אין יעדען קבצן אין יעדען שלעפער געפינט זיך א גאנצע וועלט לעבען; זיא זענין דיא גרויסע חוואלעס פון דעם גרויסען לעבענסטייך: איבער זייער לעבענסטייך זענין זיא ניט אבגעשווימען א מינוט רוהיג, אויף זייער גאנצען וועג באגעגענען זיא נאר גרויסע שטיינער אונ סקאלעס, אט דיא אומגליקליכע הערען גאר ניט צוא אויף צוא האלטען מלחמה איבער דעם שטיקעלע ברויט. עס איז זיך נאר צוא וואונדערען וויא דיא לייט זענין אין שטאנד צוא דערלעבען דיא עלטער ביא אזוינע לעבענס!—א קליינינקייט אבלעבען צעהנדליגער יאהרען אונ קיין מאל ניט זיין זאט מיט דעם שטיקעל ברויט!

— אונ באמערקט, האט ער ווייטער געזאגט, אז צווישען יודישע קבצנים אונ שלעפערס וועט איהר געפינען פיעל מעהר לעבען אונ אינטערעס וויא צווישען אלע אנדערע קבצנים אונ שלעפערס-צווישען אנדערע נאציעס ווערען שלעפערס אזוינע וואס האבען אין זייער לעבען געהאט א סך צרות, כוּנ כל סוף נעמען זיא זיך שטארק צום פלעשעל ביז זיא זענין איבערגעקומען אויף פרעמדע טהירען, אדער אזוינער וואס האט אומגליקליך געליעבט, אונ טאקע זיך אויך גע-נומען צום פלעשעל; ביא איינעם איז דאס ווייב אנטלאפען מיט א יונגען מאנן (טאקע זיינער א בעסטער גוטער פריינד) אונ האט דיא קינדערלעך איהם איבערגעלאזט אינ ער, פאר צרות — אויך צום פלע-שעל; איינער האט פאר מאטאיעט דיא עלטערנס ניט קיין פארהארע

וועט געלד אויף שאנע אקטריסעס, אויפפרעסען און זויפען. און אז עס האט זיך אויסגעלאזט דאס ירושה געלד און די אקטריסען האבען איהם מעהר ניט געוואלט קענען, פאר צרות אויך צום פלעשעל! און אזוי לאנג זייען זיא דאס פלעשעל ביז זיא ווערען פראכטע שלעפער איבער פרעמדע טהירען. יודישע קבצנים און שלעפערס האבען גאר אנדערע אורזאכען וואס האבען זיא געפיהרט צוא אזא שטאנד.

— צוויישען יודישע, האט ער געזאגט, געפינען זיך אלערליי סארטען אביונים קבצנים און שלעפערס.

* *
*

מיין באקאנטער האט ריכטיג געזאגט — צווישען יודען געפינען זיך טאקע אלערליי אביונים...

עס זענען דא אביונים איינוואהנער, ד. ה. זיא פאהרען קיין מאל ניט ארויס פון זייער שטאדט, ערגען אונטער דער שטאדט וואו עס וואהנען אלע קבצנים האבען זיא זיך אייגענע הייזער, וואס זיא האבען נאך געירשנט פון זייערע עלטערן, אויך קבצנים, וואס זענען זייער נאנץ לעבען ארומגעגאנגען איבער די הייזער און געבראכט אויף גאטעס וועגען ווייטער וועלט נייע אביונים׳ליך, די נייע געהען ארום פון קינדהייט אן אין די הייזער, זיא האבען קיין שום פארשטאנד ניט וויא אזוי עסט מען ניט קיין אויסגעבאקען ברויט, וויא אזוי טראגט מען ניט קיין אויסגעבעטענע מלבושים און שיך, ביי זיא איז עפעס איינגערעכענט אז די שטאדט (אין וועלכער זיא וואהנען) מיט די בעלי בתים, מיט זייערע הייזער, מכתרים, געשעפטען און אלעס איז גאר באשאפען געווארען פון די קבצנים׳ס וועגען, ד. ה. זיא זאלען האבען ביי וועמען צוא בעטלען, אדער כדי עס זאל זיין ווער עס זאל זיא געבען נדבות.

אזוי וויא יעדער יוד איז ביי זיך גרוים און נעמט זיך איבער וואס ער איז איין „אתה בחרתנו׳ניק", אזוי איז ביי זיך דער יודישער אביון נאך גרעסער פון אלע יודען דערביי וואס אין אלע הייליגע ספרים שטעהט: אז גאט האט ליעב אביונים, ארימקייט איז שען פאר יודען, שטעהט ווייטער אין די הייליגע ספרים.

מיט איין ווארט דער יודישער אביון איז ביי זיך אגרויסער גדלן, ער רעכענט זיך פאר א גרויסען מיוחס, נאך מעהר מיוחס פון אונז אלע „אתה בחרתנו׳קעס".

פריוט מיינען אנדערש הערען א יודישען אביון, וועט ער אייך

באַלד וויזען אַ גאַנץ יחוס צעטעל, אַז ער קומט אַרויס פון גרויסע לייט, באַלד וועט ער אייך ערקלערען פון יודישע ספרים אַז אונזערע חכמים, אונזערע גרויסע צדיקים וואָס האָבען געהערט מיט גאָט זעניִן אין זייער גאַנצען לעבען געוועזען גרויסע אביונים, וואָרום גאָט האָט ליעב אַיין אביון; אפילו דיא לו"ניקעס וואָס קיין גרעסערע צדיקים איז ניט געוועזען אונ עס איז ניט דאָ אונ עס וועט ניט זיין פון דעסטוועגען אָט דיא גרויסע לייט זעניִן אויך אביונים אונ געהען אַרום אין דיא הייזער נאָך נדבות עד היום. —

היינט האָט זיך עפּעס צוא שעמען אַ יודישער אביון דערמיט וואָס ער איז אַיין אביון, דערמיט וואָס ער בעט נדבות?

ווען איהר גיט איהר אַ נדבה מיינט ניט אַז ער רעכענט אַז איהר טהוט איהם אַ טובה, נאָר פונקט פאַרקעהרט, דערמיט וואָס ער האָט גענומען האָט ער אייך געטהון אַ טובה, וואָרום וואו וואָלט איהר גענומען „עולם הבא“ אויף יענער וועלט, ווען עס זאָלען אויף דער וועלט ניט זיין קיין אביונים וואָס זאָלען בייא אייך צונעמען אייער „צדקה“ — צדקה איז דאָך דעם יודען מציל פון אַלע זינד.

אויב איהר האָט ליעב אַמאָל זיך צוהאָרען וויא דיא אביונים רעדען צווישען זיך ווען זייא געהען אַרום איבער דער שטאָדט קאָמפּאַניעס וויז — קענט איהר הערען אַזוינע שמועסען.

זייא לאָזען זיך אַרויס פון ר' יענקיל דעם בעל בית הויז, וואָס דאָרט זאָגט מען קיין מאָל ניט אָב קיין אָרימאַן אַ נדבה.

— הלעבען איך בין איהם מקנא, זאָגט איינער פון דער קאָמפּאַניע אביונים.

— וועמען ביזט דוא מקנא?

— ר' יענקלען.

— פאַרשטעהט זיך, דוא האָסט גרויסע אויגען, דרום ביזט דוא איהם מקנא וואָס ער האָט אַ שיינע דירה אונ אַ סך געלד, ניט אומזיסט ביזט דוא שוין בלינד אויף אַיין אויג.

— הס ושלום, ווער האָט גאָר אַזאַ גרויסע תאוה, איך בין איהם גראַט מקנא וואָס ער בעט זיך גוט — ער האָט שכל וויא זיך צוא בעטען אַז אויף יענער וועלט זאָל איהם זיין ווייך צוא ליגען.

פאַרשטעהט זיך, דער וואָס האָט שכל זיך צוא בעטען אויף דער וועלט דעם איז גוט צוא ליגען אויף יענער וועלט, מען מעג טאַקע ר' יענקלין מקנא זיין.

שפּעטער אַביסעל געהן זייא אַרויס פון לייבקעס שטוב וואָס

דָארְט נִיט מֶען אַ מָאל יָא א נְדָבָה אוּנ אַ מָאל נִיט, אִיצְטֶער הָאט מֶען זַייא גְרַאדֶע אוֹיךְ נִיט גֶעגֶעבֶּען.

אַיין אָרִים־מַאנְן שֶׁעלְט לייבּקען מִיט אַלֶערְלַייא קְלָלוֹת׃

– וָואס שֶׁעלְסְט דוּא אִיהם אַזוֹי? פְרֶעגְט אִיהם אַ צְוֵייטֶער.

– וָואס הֵייסְט: וָואס? מֶען גֶעהט זִיךְ אָב דִיא פִּיס צוּא אִיהם אֵיידֶער עֶר גִיט אַ גְרָאשֶׁען, עֶס זָאלֶען אִיהם נָאר אַזוֹי דִיא פִּיס וֶוער טְהוּן וִויא מִיר, וָואלְט עֶר גֶעוואוּסְט נִיט צוּא גֶעבֶּען.

– פַארְשְׁפָּארְסְט אִיהם שׁוֹין צוּא שֶׁעלְטֶען, עֶנְטְוֶוערְט דֶער צְוֵייטֶער מִיט אַ זִיפְץ, פִּינְקְט וִויא עֶר בַּאקוּמְט רַחֲמָנוּת אוֹיף ר׳ לייבּקען.

– פַאר וָואס? עֶר אִיז דֶען אַיין אָרִים מַאנְן, עֶר הָאט דֶען נִיט צוּא גֶעבֶּען? דַאכְט זִיךְ עֶר הָאט אַ גְרוֹיסֶע שְׁטוּב אוּנ אִיז אַ גְבִיר.

– מִיט זַיין גַאנְצֶען גְבִירְשַׁאפְט הָאט מֶען אִיהם נִיט וָואס מְקַנֵא צוּא זַיין, אִיהם אִיז נָאךְ פִיעֶל עֶרְגֶער פוּן דֶעם גְרֶעסְטֶען אֶבְיוֹן אִין דֶער וֶועלְט.

– פַאר וָואס?

– וָואס פְרֶעגְסְט דוּא נָאךְ, וָואס פַאר אַ פָּנִים וֶועט עֶר הָאבֶּען מִיט זַיין גַאנְצֶען גְבִירְשַׁאפְט אַז עֶס וֶועט קוּמֶען דִיא צַייט אוּנ גָאט וֶועט אִיהם זָאגֶען: לייבּקע זַייא זִיךְ נָאר מַטְרִיחַ צוּא מִיר, גֶענוּג גֶע־קָאמַאנְדֶעוֶועט אוֹיף דֶער וֶועלְט, אוּנ וֶועט בַּייא אִיהם אָנְהֵייבֶּען אָבְּ־צוּנֶעמֶען חֶשְׁבּוֹן: וָואס הָאסְט דוּא לייבּקע עֶפֶּעס גֶעטְהוּן אוֹיף דֶער וֶועלְט, אוּנ גָאטט וֶועט אִיהם פְרִיהֶער פַאר אַלֶעם פְרֶעגֶען: הָאסְט דִיא לייבּקע, עֶפִּיס דָארְט גֶעגֶעבֶּען מַיינֶע אֶבְיוֹנִים׳לִיךְ אַ סַךְ צְדָקָה? דוּא וֵוייסְט דָאךְ אַז אִיךְ גָאטט הָאבּ דִיא אֶבְיוֹנִים לִיעֶבּ בֶּעסֶער וִויא אַלֶע מֶענְשֶׁען אוֹיף דֶער וֶועלְט. הַיינְט וָואס וֶועט אִיהם לייבּקע הָאבֶּען וָואס צוּא עֶנְטְוֶוערֶען? עֶר וֶועט בְּלַייבֶּען שְׁטֶעהֶען אוּנ וֶועט זִיךְ קַיין אָרט נִיט קֶענֶען גֶעפִינֶען, עֶר וֶועט שׁוֹין דֶענְסְטְמָאל וֶועלֶען אַוֶועקְגֶעבֶּען אוּנְז זַיין גַאנְצֶען פַארְמֶעגֶען, נָאר מֶען וֶועט אִיהם זָאגֶען: אַזַאס בְּרוּדֶערִיל לייבּקע, אִיצְטֶער אִיז שׁוֹין פַארְפַאלֶען, אִיךְ גָאטט הָאבּ נָאר לִיעֶבּ אַז מֶען גִיט צְדָקָה אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט, דָא הֶעלְפְט שׁוֹין גָאר נִיט! אוּנ מֶען וֶועט בַּאלְד אַ שַׁאף טְהוּן מֶען זָאל לייבּקען אָבְּשִׁיקֶען אַהִין, וואו עֶס בְּרֶענְט אוּנ בְּרָאט, אַהִין וואו אַלֶע יוּדִישֶׁע אָבְּגֶענָאלְטֶע בֶּערְד גֶעפִינֶען זִיךְ, מֶען וֶועט אִיהם אַלֶע טָאג אוֹיפְצוּוֶועצֶענִישׁ דוּרְכְפִיהְרֶען גֶעבֶּען גַן עֵדֶן אוּנ מֶען וֶועט אִיהם אָבּ וַוייזֶען אוֹיף ר׳ יענקלין וָואס עֶר הָאט אוּנְז שְׁטֶענְדִיג גֶעגֶעבֶּען נְדָבוֹת. וִויא עֶר זִיצְט אוֹיף אַ גָאלְדֶערְנֶער שְׁטוּהְל אוּנ שַׁאפְּט מִיט אַלֶע מַלְאָכִים

וִויא מִיט מְשָׁרְתִים, אוּנ דֶערְנָאךְ וֶועט מֶען לייבּקען צוּריק אָבְּשִׁיקֶען אִין זַיין רוּהֶע! הַיינְט וָואס הָאסְט דוּא אִיהם נָאךְ צוּא שֶׁעלְטֶען אַז עֶר הָאט קַיין שֵׂכֶל נִיט זִיךְ גוּט אוֹיסְצוּבֶּעטֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט עֶס זָאל אִיהם זַיין גוּט צוּא לִיגֶען אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט, אוּנז אֶבְיוֹנִים אִיז אַלְיין אֵיינְס וָואס עֶר הָאט אוּנְז נִיט גֶעגֶעבֶּען קַיין נְדָבָה, מִיר וֶועלֶען קְרִיגֶען אִין אֵיין אַנְדֶער שְׁטוּבּ, אָבֶּער אִיהם — אִיהם הָאט מֶען שׁוֹין פַארְשְׁרַייבֶּען אִין דֶעם בּוּךְ פוּן דִיא רְשָׁעִים אוּנ עֶס אִיז אִיהם נִיט דָא וָואס מְקַנֵא צוּא זַיין — פַארְשְׁפָּארְסְט אִיהם שׁוֹין צוּא שֶׁעלְטֶען. —

אוּנ דִיא קָאמְפַּאנְיֶע אֶבְיוֹנִים גֶעהֶען וַוייטֶער פוּן שְׁטוּבּ צוּא שְׁטוּבּ אוּנ מֶען הֶערְט נִיט אוֹיף צוּא רֶעדֶען פוּן דִיא בַּעֲלֵי בָּתִּים וִויא יֶעדֶער בֶּעט זִיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ זֵייא הֶערֶען נִיט אוֹיף צוּא מֵיינֶען אַז אֶבְיוֹנִים הָאט גָאטט בַּאשַׁאפֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט נָאר דֶערְפַאר, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען יוּדֶען — יוּדֶען זָאלֶען זִיךְ קֶענֶען אָנְקְלוֹיבֶּען אַ סַךְ עוֹלָם הַבָּא דוּרְךְ זֵייא וָואס זֵייא נֶעמֶען נְדָבוֹת. —

דִיא אֶבְיוֹנִים וָואס רֶעכֶענֶען זִיךְ פַאר אַיינְוָואהְנֶער, לֶעבֶּען זִיךְ כִּמְעַט רוּהִיג, יֶעדֶער אִיז פַארְזִיכֶערְט מִיט דִיא גְרָאשֶׁענְס וָואס עֶר מַאכְט יֶעדֶען טָאג, עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אוֹיךְ צְווִישֶׁען זֵייא אַ צְווֵייא דְרַייא וָואס פַארְמָאגֶען קַאפִּיטַאל אוּנ טַאקֶע דִיא אֵיינֶענֶע אֶבְיוֹנִים פָּאל־ וֶועוֶוען זִיךְ בַּייא זֵייא מִיט קְרֶעדִיט, פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ אוֹיף אַ גֶעווִיסֶען פְּרָאצֶענְט, זֵייא מַאכֶען אוֹיךְ צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעשֶׁעפְטֶען ד. ה. מֶען גֶעהְט קָאמְפַּאנְיֶעס, מֶען מַאכְט שׁוּתְּפוּת, מָארְגֶען גֶעהְט מֶען פָארְלֶעךְ אִיבֶּערְמָארְגֶען יֶעדֶער בַּאזוּנְדֶער אוּנ וִויפִיעל יֶעדֶער מַאכְט טְהֵיילְט מֶען זִיךְ; מֶען מַאכְט הִלוּפִים, לְמָשָׁל: דֶער הָאט דֶעם טָאג אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען אַ סַךְ בְּרוֹיט אוּנ דֶער אַ פָּאר אַלְטֶע שְׁטִיוֶועל וָואס זֶענִין אוֹיף אִיהם קְלֵיין אוּנ דֶער אַ קִינְדֶערִישׁ הִיטֶעל, דֶער אַ ווייבֶּערִישְׁהֶעמְד אוּנ דִיא יוּדֶענֶע הָאט אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען אַ פָּאר פְלוּדֶערֶען פַאר דֶעם מַאנְן וָואס לִיגְט שׁוֹין פוּן אַ יָאהר צֶעהְן אִין דֶער עֶרְד, דָא הָאט אַקְלֵיין יוּנְגֶעל אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען אַ גְרוֹיסֶען אַלְטֶען הֲסִידִישֶׁען זַיידֶענֶעם חַאלַאט א. ז. וו. דָאס אַלֶעס וֶוערְד צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעבִּיטֶען אָדֶער גֶעקוֹיפְט, פוּן דֶעם חַאלַאט וֶוערֶען עֶטְלִיכֶע ווייבֶּערִישֶׁע טִיכֶער מִיט לֶעבֶּער אָהְן עֶקֶען, פוּן דִיא קְלֵיינֶע צֶערִישֶׁענֶע שְׁטִיוֶועל וֶוערֶען עֶטְלִיכֶע לַאטֶעס אוּנ לַאטֶקעלֶעךְ אוֹיף עֶטְלִיכֶע פָּאר גְרוֹיסֶע שְׁטִיוֶועל; דִיא וָואס הָאט אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען דִיא פָּאר פְלוּדֶערְן בַּייט זִיךְ מִיט דֶעם וָואס הָאט אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען דָאס ווייבֶּערִישֶׁע הֶעמְד, אוּנ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען צָאהְלְט נָאךְ צוּא אָדֶער אַ שְׁטִיקֶעל שְׁוַוארְץ בְּרוֹיט מִיט צְווֵייא גְרָאשֶׁען אָדֶער אַ שְׁטִיקֶעל ווייס בְּרוֹיט אָהְן צְווֵייא גְרָאשֶׁען א. ז. וו.

עס זענען דא אויך צווישען זיא „דרייא קעפ" (גלייך וויא בייא אונז שטאדט-קעפּ, שטאדט-פארוואלטער) וואס טהוען טובות, האבען רחמנות און עקספּלאאטירען הונדערטער מענשען איבער זעקס א גראשען, ד. ה. צעהן מענשען הארעווען אויף איינעם וואס עסט שטענדיג דאס אבגעשעלטע איי און טהוט אליין גאר ניט. —

עס זענען דא אזוינע וואס האלטען אויס עטליכע אביונים מאנכבילען, ווייבער יונגלעך מיט עסען קליידען און קווארטיר, און דיא אומגליקליכע מוזען א גאנצע טאג ארומלויפען נאך נדבות און וואס יעדער מאכט מוז מען אוועקגעבען דעם בעל בית וואס זיצט שטענדיג אין דער היים, הויז מאנטאג און דאנערשטאג ווען ער געהט זיך אביסעל דורך און ווינציגער פון צוויא גראשען א נדבה נעמט ער ניט.

צווישען אביונים זענען אויך דא אומגליקליכע און גליקליכע, פעהיגע צוא דער ארבייט און פוילע, איינער פארמאגט דיא אלע פעהיגקייטען צוא מאכען א סך און איינער ניט; פון דיא אומגליקליכע וואס דינען בייא בעלי בתים איז ער פעהיג איז איהם גוט, דער בעל הבית היט איהם מעהר אב פון אלע אביונים, מען רעדט שוין אפילו שידוכים אויך און יעדער קבצן וואלט מיט פערגעניגען איהם אוועקגעגעבען זיין טיידעל פאר א כלה; דער וואס איז אבער ניט פעהיג איז איהם אוודאי ביטער, ער איז קיינמאל ניט זיכער מיט זיין שטעלע, זיין בעל הבית איז איהם שטענדיג גרייט אבצוזאגען און עס לעבט זיך איהם גאר ניט פרעהליך, ער לויפט איבער דיא הייזער ביז שפעט אין דער נאכט ער זאל צוא זיין בעל בית ניט קומען מיט ליידיגע הענד.

דיא אביונים איינוואהנער זענען דאס מעהר געבוירענע קבצנים, נאר צווישען יודען איז נאך דא א סארט קבצנים מיט וועלכע מיר וועלען זיך באקענען אין דעם הייטערדיגען קאפיטעל. —

## 7

## עמיגראציאנע אביונים.

זיא זענען נאר א באזונדער סארט קבצנים; זיא אליין, זייער לעבען אונטערשיידעט זיך שטארק פון דיא איינוואהנער; דאס מעהר פון זיא זענען ניט קיין געבוירענע קבצנים, נאר דורך צופאלען זענען זיא געקומען צוא אזא שטאנד, מען קען געוויס זאגען אז יעדער פון זיא

איז איבערגעגאנגען פייער און וואסער איידער ער האט זיך געוואהנט אזוי קאלטבליטיג אויסצושטרעקען דיא הענד און בעטען נדבות, יעדער פון זייא האט א רייכע אינטערעסאנטע לעבענסגעשיכטע (ביאגראפיע).

הערענדיג דערצעהלען זייער לעבענסגעשיכטע קען יעדער פאר זיך אסך גוטע ביישפיעלע נעמען, אין זייער לעבען קענט איהר געפינען פרייד און נאך מעהר – אסך טהערען, צרות, נויטה, דיא אמתע מלחמה פאר דעם שטיקעל ברויט, אויף יעדער טריט אין זייער לעבען – צעהנדליגע בערג, טאהלען, סקאלעס, אייזערנע ווענד, אללעס אללעס האבען זייא איבערגעטראגען, זיך דורכגעשלאגן און לעבען ווייטער, ד. ה. זייא קעמפפען ווייטער איבער דעם שטיקעל ברויט זייא רוהען זיך אפילו נאך ניט אב...

דער אביאם (אומפאנג) פון אונזער ערצעהלונג ערלויבט אונז ניט זיך אריין לאזען אין יעדענס לעבען פון דיא אומגליקליכע, וויא ווייט מעגליך וועלען מיר זיך נאר מעהר האלטען און זיך אבשטעלען ביי דיא פערזאנען וועלכע אונז אינטערעסירען אין דער ערצעהלונג, נאר פריהער מוזען מיר זיך אין קורצען בכלל באקענען מיט זייער לעבען, האטש נאר פון אויבען.

צווישען דיא עמיגראנטען זענען אויך דא אלערליי, עס איז דא פוסגעהער און אזוינע וואס פאהרען מיט זייער אייגען פערד און וועגיל.

דער ארימאנן מיט דעם פערדע׳ל פאהרט גאר ניט אב מעהר וויא דער פוסגעהער געהט אב מיט דיא פיס, נאר פונקט פארקעהרט, נאנין אפט קומט דער פוסגעהער פריהער אין שטאדט וויא דער וואס פאהרט, פשוט דערפאר, ווייל דאס אומגליקליך פערדיל מיט דער עגלה ווערד אללע מאל פארזונקען אז מען מוז עס אליין ארויס שלעפען, אפילו גאר אין דעם שענסטען וועטער בלייבט דאס אויך א מאל שטעהען און האטש דער הרג׳ע עס וויל זיך דאס ניט ריהרען פון דעם ארט. און מיינט ניט הו״ש פאר שלעכטיגקייט וויל ער ניט שלעפען קיין ארימאנן צוא פאר פוילקייט, נאר פשוט דאס אומגליקליכע באשעפעניש איז גאר ניט גליקליכער פון זיין בעל בית און האט נעבעך אליין קיין כח ניט צוא שלעפען זיין אייגענע פעל אויף זיך, ניט נאר דעם וואגען מיט זיין בעל בית.

איהר וועט אוודאי פרעגען טא וואס־זשע טויג נאך דעם אומגליקליכען אזא עגלה, קען ער דען ניט געהען צוא פוס גלייך מיט אללע פוס־געהער? ניין, ער קען ניט, ווייל דיא פוסגעהער האבען ניט קיין ווייב און קינדער און ער האט און שלעפט זייא מיט זיך פון

אֵײן שְׁטָאדְט אִין דֶער אַנְדֶערֶער, פוּן אַײן יְרִיד אוֹיף דֶעם צְװֵײטֶען.

דָארְט אִין בֵּײדִיל גֶעפִינְט זִיךְ זַײן װַײבּ מִיט עֶטְלִיכֶע קִינְדֶער, דָאס קִינְד װֵײנְט, דָאס שְׁפִּיעֶלְט זִיךְ אוּנ דִיא מַאמֶע אִיז דָארְט אַ בַּעַל־בַּיִת־טֶע... אוּנ דֶער בַּעַל בַּיִת גֶעהט שְׁטֶענְדִיג טְרִיט בַּײא טְרִיט גְלַײךְ מִיט דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען פֶערְדֶעל אוּנ שְׁלֶעפְּט זַײן גַאנְץ פַארְמֶעגֶען.

עֶר װָאלְט שְׁטֶענְדִיג גֶעװֶעזֶען זֶעהר צוּפְרִידֶען, עֶר װָאלְט זִיךְ שׁוֹין נָאר נִיט גֶעקְלָאגְט אוֹיף זַײן שְׁלֶעכְט מַזָל, װֶען זְשֶׁע? װָאס דָאס פֶערְד זָאל שְׁטֶענְדִיג גֶעהֶען, עֶס גֶעהט אָבֶּער נִיט שְׁטֶענְדִיג, עֶר פָאהְרְט אָבּ אַ הַאלְבֶּע װֶערְסְט אוּנ שְׁטֶעלְט זִיךְ װַײטֶער, עֶר הֵײבְּט אָן טְרַײבֶּען, בֶּעטֶען מִיט גוּטֶען, עֶס הֶעלְפְט נִיט, עֶר נֶעמְט דִיא בַּײטְשׁ, עֶס הֶעלְפְט נִיט, עֶר הֵײסְט דֶערְװַײל זַײן װַײבּ אוּנ קִינְדֶער זִיךְ אִיבֶּערְקְלוֹיבֶּען פוּן בּוֹיד אוֹיךְ גָאטְס עֶרְד, טָאמֶער װֶעט עֶס רִיהְרֶען, אוּנ דָאס פֶערְד טְהוּט דֶענְסְטְמָאל טַאקֶע זִיךְ אַ רִיהְר אוּנ װֶערְד לֶעבֶּעדִיג. נָאר װָאס זְשֶׁע? דָאס װַײבּ מִיט דִיא פִּיצֶעלֶעךְ קִינְדֶערְלֶעךְ קֶענֶען דָאךְ נִיט גֶעהֶען צוּא פוּס אוּנ צִיהֶען זִיךְ װַײטֶער אַרַײן אִין בּוֹיד, דָאס פֶערְד שְׁטֶעהְט װַײטֶער, בְּקִיצוּר בִּיז עֶר מוּז אָנְקוּמֶען צוּם לֶעצְטֶען מִיטֶעל, ד. ה. ער שְׁלֶעפְּט אַרוֹיס דֶעם צוּבְּרָאכֶענֶעם דִישֶׁעל װָאס עֶר הָאט שְׁטֶענְדִיג זַאפַּאס אוּנְטֶערְן װָאגֶען אוּנ הֵײבְּט אָן בְּרֶעכֶען דֶעם פֶערְד דִיא בֵּײנֶער, זַײן גַאנְץ בִּיטֶער הַארְץ לָאזְט עֶר שׁוֹין אוֹיס צוּא אִיהם דָאס אוּמְגְלִיקְלִיכֶע בַּאשֶׁעפֶענִישׁ נֶעמְט צוּנוֹיף אַלֶע זַײנֶע כּוֹחוֹת אוּנ רִיהְרְט זִיךְ פוּן דֶעם אָרְט, גָאטְט הֶעלְפְט עֶס הֵײבְּט אָן גֶעהֶען אַרָאבּ פוּן בַּארְג אוּנ דָאס פֶערְד רִיהְרְט װִיא גְלַײךְ גָאטְט הָאט רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוֹיף דֶעם אָרִימְמַאן אוּנ זַײן פֶערְדִיל אַרַײנְגֶעזֶעצְט אַנַײעֶ לֶעבֶּעדִיגֶע נְשָׁמָה. —

נָאר אָט אַ נַײ אוּמְגְלִיק: גָאט הָאט שׁוֹין גֶעהָאלְפֶען אַזוֹי פָאהְרֶענְדִיג אַרָאבּ אַ בַּארְג אִיז מֶען שׁוֹין ב"ה אָנְגֶעקוּמֶען אִין שְׁטֶעדְטִיל. נָאר װַײטֶער אַ צָרָה: װִיא בַּאלְד מֶען דַארְף אַרַײנְפָאהְרֶען אִין אַ שְׁטָאדְט אִיז דָא אַ קֶענֶען אַ לֶעהְמֶענֶער בַּארְג אַרוֹיף מִיט אַ בְּלָאטֶע, עֶר נֶעמְט פִיר אַלֶע זַײנֶע פְרִיהֶערִיגֶע מִיטְלֶען, נָאר עֶס הֶעלְפְט נִיט, דָאס פֶערְד שְׁטֶעהְט אַײנְגֶעגְרָאבֶּען אוֹיף אַײן אָרְט אוּנ חָאטְשׁ דֶערְהַרְגֶע עֶס רִיהְרְט זִיךְ נִיט. דָאס װַײבּ מִיט דִיא קִינְדֶער זֶענִין שׁוֹין אוֹיךְ אַרוֹיסְגֶעקְרָאכֶען פוּן בַּײדִיל, זִיא װֶעט שׁוֹין טְרָאגֶען דִיא קִינְדֶער בִּיז אִין שְׁטָאט, נָאר עֶס הֶעלְפְט נִיט, עֶר נֶעמְט זִיךְ װַײטֶער צוּא דֶעם לֶעצְטֶען מִיטֶעל ד. ה. שְׁלָאגֶען מִיט דֶעם צוּבְּרָאכֶענֶעם דִישֶׁעל אוּנ אוֹיסְלָאזֶען זַײן בִּיטֶער הַארְץ. זַײן פִינְסְטֶער מַזָל, זַײן גַאנְצֶען בַּעַס װָאר עֶס הֶעלְפְט נִיט הָאטְשׁ שְׁרַײ חַי וְקַיָם. עֶר שְׁלָאגְט אַזוֹי לַאנְג־

ביז דאס אומגליקליכע באשעפעניש ציהט זיך אויס אויף דער ערד אין מיטען בארג אונ הויבט אן זיין נשמה אוועק געבען גאטט; דא שטעלען זיך אוים ארום איהם זיין בעל בית, די בעל בית'טע מיט די קינדער אונ מען באוויינט עס וויא א געטרייען דיענער; נאר קיין טויטען מאכט מען ניט לעבענדיג, מיט וויינען וועט מען גאר ניט העלפען, זייא הייבען אן מיט א ניי קול צוא וויינען וועגען א נייעם וואפראס: וואס טהוט מען ווייטער? מיט וואס פאהרט מען ווייטער?

מענשען לויפען זיך אן אויף דער טרויעריגער סצענע, קוקענדיג אויף דעם אויסגעצויגענעם פערד, אויף דער אומגליקליכער מוטער מיט די קינדער, באקומען גוטע מענשין רחמנות, מען שפאנט איין אנדערע פערד אונ מען פארפיהרט דעם יודען אין שולהויף.

דער הויף פון שול פון קלויז, פון בית המדרש. זענין שטענדיג די סטאנציעס פאר די דורכרייזענדע, געפינט ער זיך נאר אין הויף פון דער שול, איז ער ביי זיך וויא אין דער היים, וועגען דעם וואס ער האט שוין ניט קיין פערד פארגעסט ער דערווייל, 2 רובל פאר דער פעל האט ער שוין אריינגעלעגט אין קעשענע אונ ווידער געלויבט איז גאט וואס ער געפינט זיך ניט אין פעלד, ער געפינט זיך אין שטאדט צווישען יודען! איצטער טראכט ער גאר ניט וואס ווייטער וועט זיין, אלע זארגען האט ער פון זיך אראבגעווארפען אונ ווערד ערשט איצט א בעל-בית, ד. ה. ער שטעלט דעם דישעל אין לופטען, אינווייניג אין ביידיל ליגט ער איבער זיינע זאכען, דאס ווייב רוימט דארט אויף, אין קלויז ביי דער הארובע קאכט ער אנבייסען פונקט וויא ביי זיך אין דער היים.

אויף דעם צווייטען טאג לאזט מען איבער די קינדער ביים ביידיל אונ אליין מיט דעם ווייב לאזט מען זיך איבער דער שטאדט ער פון איין זייט זיא פון דער צווייטער זייט, ער פון איין טהיר ארוים זיא פון דער צווייטער טהיר אריין א נייעם ארימאנן א פרעמדען ארימאנן זאגט קיינער ניט אב, יעדער גיט א נדבה. אזוי נאך דעם גאנצען טאג גאנג קעהרען זיי זיך אום אהיים – צום ביידיל' דארטען טרעפען זייא שוין די קינדער אנגעגעסען, זייא שפילען זיך ארום ביידיל פרעהליך, ווארום פרומע ווייבער געהענדיג ביי דער שול הערען קדושה אונ ברכו, האבען דערזעהען וויא ארימע פרעמדע יודישע קינדער דרעהען זיך ארום האבען זייא פאר זייא עסען געבראכט, די יודענע האט דערזעהען וויא דאס קינד געהט אהן א העמדיל

האט זיא איין אלט נאר א ווייס העמדיל געבראכט, די – דעם קינד א היטעלע און דיא – דעם קינד א קליידעלע. -

דיא קינדערלעך באריהמען זיך דערמיט פאר זייערע עלטערען, דיא עלטערען זעהנען גליקליך, איבער גליקליך. זיא מיט דיא קליינע קינדער לעגט זיך אין בײדיל און ער מיט דיא גרעסערע אין קלויז אויף דיא באנק און ווערען אלע אנטשלאפען מיט א זיסען געשמאקען שלאף.

נאר עס איז אוועקגעגאנגען א חודש – דרייסיג טעג מיט דרייסיג נעכט און מען מוז, מען דארף ווייטער פאהרען!

– פאר וואס מוז מען, וועט איהר פרעגען, פאר וואס דארף מען ווייטער פאהרען, ער קען דען ניט בלייבען דא אין שטאדט אויף שטענדיג א היגער ארימאן, איין איינוואהנער גלייך מיט אלע, וועט איהם דאכט זיך זיין בעסער, ניט זיך ארומשלעפען מיט דעם ווייסטען פערדעל פון איין שטאדט אין דער אנדערע. זיין שטענדיג נע ונד. ניט וויסען פון קיין טאג און פון קיין נאכט?

גיין ליבער לעזער, ער דארף, ער מוז ווייטער פאהרען. ווארום ער איז ניט קיין געבוירענער ארימאן:

ער איז מיט זיין פאמיליע איבערגעקומען צוא דעם אומגליקליכען שטאנד דורך טויזענדער צופאלען, דורך טויזענדע אומגליקען, אלע מיטלען פארדיענען ווייטער זיין פרנסה בייא זיך אין שטאדט וויא אמאל – האבען זיך איצט בייא איהם אויסגעלאזט, שוין עטליכע יאהר אז׳ ער האט געטראכט וויא אזוי פארדיענט מען זיך דאס ברויט. נאר ער האט גאר ניט אויסגעטראכט, שוין עטליכע יאהר אז ער לעבט שטארק אין נויטה, דאס ווייב מיט דיא קינדער לאזען ניט לעבען און שרייען: גיב אונז ברויט, ער פארזעצט. פארקויפט פון זיך אלעס אבי ער זאל זייא איינשטילען האטש אויף עטליכע שעה, נאר עס איז געקומען אזא צייט וואס עס איז שוין ניט געוועזען וואס צוא פארזעצען און פאר קויפען, לייהען וויל מען שוין לאנג אין ערגעץ ניט, אפילו א קאפיקע, ווארום ער איז שולדיג איבערען קאפ און ניט ניט אב, יענער מאנט שוין ניט, ווארום וואס וועט מען מאנען בייא א טויטען?

מיט איין ווארט עס זעהנען איהם געבליבען צוויי וועגען: אדער זיך אליין נעמען מיט דעם ווייב און קינדער דאס לעבען, אדער בעטען נדבות. נאר דער בזיון, דיא בושה איז בייא א טהייל מענשען נאך שטארקער וויא דיא נויטה, עס איז דא מענשען וואס וועלען

לִיעֶבֶּער אוֹיסְגֶעהֶען פַאר הוּנְגֶער אֵידֶער בֶּעטֶען בַּייא זֵייעֶרֶע בַּאקָאנְטֶע נְדָבוֹת.

דֶער עֶמִיגְרַאצִיָאנֶע קַבְּצָן אִיז אוֹיךְ פוּן דִיא מֶענְשֶׁען אוּנ הָאט בַּייא זִיךְ בַּאשְׁלָאסֶען טַאקֶע בֶּעטֶען נְדָבוֹת, אָבֶּער נִיט בַּייא זִיךְ אִין דֶער הֵיים וואוּ יֶעדֶער קֶען אִיהם, נָאר אִין דֶער פְרֶעמְד — אִין דֶער פְרֶעמְד וואוּ קֵיינֶער קֶען נִיט אִיז נִיט דָא קֵיין בִּזָיוֹן. — „מֶען וֶועט מֵיינֶען צַז אִיךְ בִּין אַ גֶעבּוֹירֶענֶער בֶּעטְלֶער, הָאט עֶר זִיךְ גֶעטְרַאכְט, הַיינְט וָואס הָאבּ אִיךְ זִיךְ צוּא שֶׁעמֶען! בִּין אִיךְ דֶען אֵיינֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט עֶס זֶענִין דָא אַ סַךְ קַבְּצָנִים וָואס בֶּעטֶען נְדָבוֹת — זֵייא זֶענִין אוֹיךְ גָאטְס מֶענְשֶׁען גְלַייךְ מִיט מִיר, אוּנ וִויא בַּאלְד עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אַ מִיטֶעל אַרָאבְּצוּוַארְפֶען פוּן זִיךְ דֶעם בִּזָיוֹן. הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרַאכְטֶען וֶועגֶען פָאהרֶען. נָאר וִויא אַזוֹי פָאהְרְט מֶען אַלֵיין — וִויא אַזוֹי אוּנ אוֹיף וֶועמֶען וֶועל אִיךְ אִיבֶּער לָאזֶען מַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער? פוּן קֵיין נְדָבוֹת וֶועל אִיךְ אִיהר נִיט קֶענֶען שִׁיקֶען אוֹיף בְּרוֹיט, פוּן נְדָבוֹת הָאט מֶען קוֹים אַלֵיין אוֹיף בְּרוֹיט. הַיינְט וִויא אַזוֹי וֶועל אִיךְ דָארְט לֶעבֶּען אַז אִיךְ וֶועל וִויסֶען אַז מַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער גֶעהֶען דָא אוּים פַאר הוּנְגֶער, אָדֶער זֵייא וֶועלֶען טַאקֶע בַּייא זֵייעֶרֶע בַּאקָאנְטֶע מִיט בִּזָיוֹן מוּזֶען בֶּעטֶען נְדָבוֹת?״.

יֶעדֶער מֶענְשׁ וָואס הָאט בֶּאֱמֶת לִיעֶבּ זַיין פְרוֹי אוּנ קִינְדֶער אִיז קֵיין מָאל נִיט אִין שְׁטַאנְד זִיךְ צוּא עֶנְטְשְׁלִיסֶען אַלֵיין אַוֶועקְפָאהרֶען אוּנ אִיבֶּער לָאזֶען זַיין וַוייבּ פוּן דֶערוַוייטֶענְס הוּנְגֶערן חָאטְשׁ עֶר זָאל אוֹיךְ פוּן דֶער וַוייטֶענְס הוּנְגֶערן.

— אַז אוּנְזֶער מַזָל אִיז בַּאשֶׁערְט מִיר זָאלֶען הוּנְגֶערן. זָאגְט דֶער הֵייסֶער פַאמִילִיעֶנְפָאטֶער, וֶועל אִיךְ צוּזַאמֶען מִיט מַיין פַאמִילְיֶע הוּנְגֶערן.

אוּנ פַאר דִיא לֶעצְטֶע מִיטְלֶען הָאט עֶר גֶעקוֹיפְט אַ פֶערְד אוּנ אוּנ וֶועגִיל, מִיטְגֶענוּמֶען זַיין פַאמִילְיֶע זֵייא זָאלֶען צוּזַאמֶען לֵיידֶען הוּנְגֶער, אָדֶער צוּזַאמֶען בֶּעטֶען נְדָבוֹת אָהְן בִּזָיוֹן, כְּדֵי מֶען זָאל צוּזַאמֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען פַאר הוּנְגֶער, כְּדֵי צוּזַאמֶען דֶערְהַאלְטֶען דִיא נְשָׁמָה!...

אוּנ אָט קוּמֶען זֵייא אִין דֶער פְרֶעמְדֶער שְׁטָאדְט. דָא אִיז זֵייא אַלֶעס פְרֶעמְד אוּנ זֵייא זֶענִין יֶעדֶען פְרֶעמְד; אִין אַ פְרֶעמְד אָרְט אִיז שׁוֹין בַּייא זַיין קֵיין בִּזָיוֹן נִיט דָא; מִיט אֵיינְגֶעבּוֹיגֶענֶע קָאפּ בֶּעטֶען זֵייא נְדָבוֹת, יֶעדֶער זָאגְט נִיט אָבּ דֶעם פְרֶעמדֶען, דֶעם נַייעֶם אָרִימַאנְן אוּנ עֶר וֶוערְט שׁוֹין אַזוֹי גֶעוָואהנְט מִיט זַיין לַאגֶע, אַז עֶר וָואלְט שׁוֹין טַאקֶע דָא אִין דֶער פְרֶעמְדֶער שְׁטָאדְט גֶעבְּלִיבֶּען וָואהנֶען, וָוארוּם צוּא זַיין בִּיטֶערֶע לַאגֶע, וָואס דַארְף עֶר זִיךְ נָאךְ אַרוּמְשְׁלֶעפֶּען פוּן

איין שטאדט אין דער אנדערע זיין נע ונד. אין דער פרעמד וועט איהם דען טרעפען א בעסער גליק? צוא זיין איין ארימאנן איז אומעטום אגץ איינס. —

אונ ער וואלט טאקע געבליבען אויף שטענדינג אין דער שטאדט וואהנען, נאר וויא באלד עס געהט אוועק דער ערשטער הודש ווערט ער שוין דא אין שטאדט אויס פרעמדער ארימאנן. ער רעכענט זיך שוין פאר איין איינוואהנער שוין ניט אלע געבען איהם א נדבה, ווארום ער איז זיך שוין א היימישער אביון. איהם קומט שוין אויס ניט איינמאל אומזיסט אויסשטרעקען דיא האנד אונ זיא צוריקנעמען ליידיג, אפט פון איינינע הערען: „איך האב ערשט ניט לאנג געגעבען וואס זענט איהר שוין ווייטער געקומען? אונ דערמיט בלייבען אזוינע ענטוועדען.

חוץ דעם דארף ער אנהויבען צוא האבען געשעפטען מיט דיא איינוואהנער אביונים. צוא זעהען פון זייא אלערליי קבצנישע שטיק אונ שטיקלעך. וויא דער שטייגער איז צווישען זייא קריגען זיך בייא יעדער טהיר, בייא יעדער שוועל איבער א קאפיקע, ובפרט נאך מיט א פרעמדען ארימאנן באגעהען זייא זיך נאך ערגער, זייא טראגען צוא איהם אומזיסטינע שנאה, וויא צוא א קאנקורענט.

דיא אלע קבצנישע שטיק קען קיין ניט־געבוירענער ארימאנן ניט איבערטראגען אונ ער מוז פאהרען ווייטער אין א צווייטער פרעמדער שטאדט דארט ווייטער פארברענגען א חודש אונ דערנאך אין א דריטער פרעמדער שטאדט א. ז. וו.

אזוי וואנדערען זייא ארום זייער גאנץ לעבען פון איין שטאדט אין דער אנדערע, פונקט וויא דיא ציגיינער ווערען זייא שוין אזוי געוואהנט צוא דעם ארומשלעפען זיך, אז מען קען זיך מעהר וויא זויא פון א חודש ניט פארזאמען אין איין שטאדט. —

אי פון איין שטאדט ביז דער צווייטער פגרט בייא זייא דאס פערדיל, — אויך ניט קיין דאגה, וויפיעל קאסט זייא א פערד, פאר 5 רובל קויפט מען א ניי פערד, אהן פיס, אהן אויגען. אהן א פעל נאר ביינער, נאר וואס עס איז פאר א דאגה, אבער ביז אין דעם ערשטען שטאדעל וועט ער דערשלעפען אונ דערנאך איז מען זיך ב"ה צווישען יודען, — צווישען יודען ווערט מען ניט פארפאלען אונ גאט וועט העלפען אויף א נייער עגלה.

7

# דְרַייצֶען יָאהר פוּן דֶער הֵיים.

אִין דֶער שְׁטָאדְט ר... צוּם הוֹיף פוּן דֶער קְלוֹיז וואו ר' זלמינע הָאט צוּרִיק מִיט דְרַייצֶען יָאהר גֶעדַאוֶועגְט, הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט צוּפָאהְרֶען, אַ יוּדִישׁ בַּיידִיל ד. ה. אַ קְלֵיינֶער וָואגֶען מִיט פִיר גְרוֹיסֶע רֶעדֶער, אַיין רָאד הָאט גֶעסְקְרִיפֶּעט, דָאס צְווֵייטֶע גֶעפַּייפְט דָאס דְרִיטֶע זִיךְ גֶעשְׁלֶעפְּט וִויא אַ שְׁלִיטֶען אוּנ דָאס פֶערְטֶע הָאט זִיךְ גֶעדְרֶעהט וִויא אַ רָאד. –

דֶער יוּד וָואס אִיז גֶעגַאנְגֶען גְלַייךְ מִיט דֶעם פֶערְדִיל הָאט גֶעעֶפֶענְט דֶעם טְהוֹיעֶר, וִויא אַ בַּעַל בַּיִת וָואס קוּמְט אִין זַיין אֵייגֶענֶער שְׁטוּב, אוּנ אִיז אַרַיינְגֶעפָאהרֶען.

אִין דֶעם וָואגֶען מִיט דֶעם פֶערְד, אִין דֶעם אַנְטְרַייבֶּען אַלֵיין, אוּנ נָאךְ מֶעהר אִין דֶעם וָואס עֶר אִיז פַארְפָאהְרֶען אִין הוֹיף פוּן דֶער קְלוֹיז, הָאבֶּען אַלֶע דֶערְקֶענְט אַז דָאס אִיז גֶעקוּמֶען צוּפָאהרֶען אַיין אָרִימַאנְן. –

פוּן דֶעם וָואגֶען אִיז אַרוֹיסְגֶעקְרָאכֶען דֶעם אָרִימַאנְס וַוייבּ מִיט עֶטְלִיכֶע קִינְדֶער, אֵיינִיגֶע פוּן זַייא זֶענִין אַוֶועקְגֶעלָאפֶען אִין קְלוֹיז אוּנ אֵיינִיגֶע זֶענִין גֶעבְּלִיבֶּען מִיט דֶער מוּטֶער לֶעבֶּען וָואגֶען.

מִיט דֶעם וָואגֶען אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען צוּא פָאהרֶען אַ פְרֶעמְדֶע יוּדֶענֶע, וָואס הָאט זִיךְ אִין וֶועג אוֹיפְגֶעדְרוּנְגֶען, נַאטִירְלִיךְ זֶעהר פַאר וָואלְוֶועל.

דֶער אָרִימַאנְן הָאט אֲפִילוּ נִיט גֶעוואָלְט נֶעמֶען קֵיין פְרֶעמְדֶע אוֹיף זַיין וָואגֶען, דָאס פֶערְד שְׁלֶעפְּט אַזוֹי אוֹיךְ קוֹים, נָאר זַיין וַוייבּ הָאט רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוֹיף דֶער פְרֶעמְדֶער יוּדֶענֶע, וָואס הָאט זִיךְ גֶעבֶּעטֶען מֶען זָאל זִיא נֶעמֶען פַאר צֶעהן קָאפּ' בִּיז קֵיין ר...

– אָבֶּער וואו זָאל אִיךְ זִיא נֶעמֶען, הָאט אִיהר דֶער מַאנְן גֶעזָאגְט, זֶעהְסְט דָאךְ אַז דָאס פֶערְד שְׁלֶעפְּט קוֹים?

– נָא וָואס זְשֶׁע אַארְט דִיךְ, וֶועט עֶר שְׁלֶעפֶּען נָאךְ אַ פְרֶעמְדֶע יוּדֶענֶע אוֹיךְ, וֶוער דֶען וֶועט אוֹיף אִיהר רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אַז נִיט מִיר? טָאמֶער אִין דֶעם זְכוּת וֶועט אוּנְז גָאטט בְּרֶענְגֶען בְּשָׁלוֹם אִין שְׁטָאדְט.

דָאס וַוייבּ הָאט אִיבֶּערְגֶערֶעדְט דֶעם מַאנְן אוּנ מֶען הָאט מִיטְגֶענוּמֶען דִיא יוּדֶענֶע פַאר 10 קָאפּ' בִּיז קֵיין ר... הָאטְשׁ זִיא אִיז זִיךְ אָנְגֶעגַאנְגֶען מִיט דֶער עֲגָלָה צוּא פוּס וָואס עֶס אִיז וֶוערְט גֶעוֶועזֶען 15

קָאפּ׳ נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז זִיא גֶעוֶועזֶען זֶעהר צוּפְרִידֶען, פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ נִיט מִיט דֶער עֲגָלָה נָאר מִיט דֶעם אָרִימַאנְס וַוייבּ, זַייא זֶענִין זִיךְ בֵּיידֶע עֶפֶּעס גֶעפֶעלֶען אוּנ הָאבֶּען גֶעקֶענְט אַבִּיסֶל אוֹיסְרֶעדֶען צְוִוישֶׁען זִיךְ זַייעֶרֶע שְׁוֶוערֶע הֶערְצֶער.

נָאר וֶוען זַייא זֶענִין אַרַיינְגֶעפָאהְרֶען אִין שְׁטָאדְט הָאבֶּען זַייא אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּא רֶעדֶען.

דֶעם אָרִימַאנְס וַוייבּ הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען אַרוּמְקוּקֶען אוֹיף אִיהְרֶע קְלוּמִיקֶעס אוּנ אוֹיף דִיא קִינְדֶער, אוּנ דִיא פְרֶעמְדֶע יוּדֶענֶע הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט גְרוֹיס פַארְוואוּנְדֶערוּנְג קוּקֶען אוֹיף דֶער שְׁטָאדְט, וְוִיא גְלַייךְ יֶעדֶעם הוֹיז, יֶעדֶע גֶעסִיל אִיז אִיהר גוּט בַּאקַאנְט, זִיא הָאט שְׁטִיל גֶעזִיפְצְט, גֶעקְרֶעכְצְט אוּנ גֶעוֵויינְט אַז דֶעם אָרִימַאנְס וַוייבּ זָאל נִיט בַּאמֶערְקֶען, נָאר אִיהְרֶע טְהְרֶערֶען הָאט זִיא נִיט גֶעקֶענְט אוֹיפְהַאלְטֶען.

בריינע, דֶעם אָרִימַאנְס וַוייבּ, הָאט זִיא אָנְגֶערוּפֶען:

– נִיטדָא וָואס צוּא וֵויינֶען, לִיעֶבֶּע לאה, אוֹיף אוּנזֶער וִויסט מַזָל, מִסְתָּמָא הֵייסְט גָאטט אַזוֹי. –

– אִיךְ הָאבּ שׁוֹין לַאנְג, גַאנְץ לַאנְג נִיט גֶעוֵויינְט אוֹיף מַיין פִינְסְטֶער מַזָל, אִיךְ בִּין שׁוֹין לַאנְג דֶערְצוּא גֶעוָואהְנְט גֶעוָוארֶען, נָאר וֶוען מִיר זֶענִין אַרַיינְגֶעפָאהְרֶען אִין שְׁטָאדְט אוּנ אִיךְ הָאבּ אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף דִיא הַייזֶער אוּנ גַאסֶען, הָאבּ אִיךְ זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט אַיינְהַאלְטֶען אִיךְ זָאל זִיךְ נִיט צוּוֵויינֶען.

בריינע הָאט זִיא אָנְגֶעקוּקְט פַארְוואוּנְדֶערְט, וְוִיא אֵיינֶער פְרֶעגְט וָואס הָאט מֶען דָא צוּא וֵויינֶען אַז מֶען דֶערְזֶעהְט אַ שְׁטָאדְט מִיט גַאסֶען?

– אִיךְ בִּין אִין דֶער שְׁטָאדְט גֶעבּוֹירֶען, לִיעֶבֶּע בריינע, דִיא שְׁטָאדְט ר... אִיז מַיין גֶעבּוּרְטְסְשְׁטָאדְט, אִיךְ גֶעדֶענְק נָאךְ בִּיז הַיינְט, וְוִיא אִיךְ בִּין אוֹיף דִיא גַאסֶען אַרוּמְגֶעלָאפֶען וֶוען אִיךְ בִּין נָאךְ גֶעוֶועזֶען אַ קְלֵיין מֵיידֶעלֶע, נִיט אַזוֹי פַארְוִויסְט אוּנ פַארְפִינְסְטֶערְט וְוִיא אִיצְטֶער, אִיךְ בִּין דֶענְסְטְמָאל גֶעוֶועזֶען אָבְּגֶעוַואשֶׁען, אוֹיסְגֶעצְוָואגֶען אוּנ שֶׁאן אָנְגֶעטְהוּן; אָ! נִיט וְוִיא אִיצְטֶער פַארְוִוילְדֶערְט אַז מֶען מֵיינְט אַז אִיךְ בִּין שׁוֹין אִיבֶּער 60 יָאהר. –

אַזוֹי? זֶענְט אִיהר דָא גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען? הָאט בריינע פַארְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט? הָאט אִיהר דָא פְרַיינְד, בַּאקֶענְטֶע?

– וָואס קוּמְט מִיר אַרוֹיס דֶערְפוּן צוּא אִיךְ הָאבּ דָא יָא פְרַיינְד אוּנ בַּאקַאנְטֶע צוּא נִיט, אִיךְ בִּין צוּא זַייא נִיט גֶעקוּמֶען, נִיט אִין אַזַא פִינְסְטֶערְן שְׁטַאנְד אִין וֶועלְכֶען אִיךְ גֶעפִין זִיךְ אִיצְטֶער, אִיז נִיט צוּא קוּמֶען צוּא פְרַיינְד אוּנ בֶּעקַאנְטֶע; אוּנ וֶוער, וֶוער וֶועט מִיךְ דֶען דֶערְקֶענֶען? נֵיין לִיעֶבֶּע בריינע, אִיךְ בִּין צוּא זַייא נִיט גֶעקוּמֶען. –

– שוין לאנג, אז איהר זענט דערוויטערט פון אייער שטאדט?

– אָ! שוין גאנץ לאנג, איך געדענק שוין אליין ניט, נאר דאכט זיך 13 יאהר – 13 שלעכטע ביטערע יאהרען! איהר ווייסט וויא לאנג עס איז 13 שלעכטע יאהרען? – מען קען דערקענען אין מיין פנים, וויא דיא 13 יאהר זענען געוועזען, איך בין איצט מעהר ניט אלט וויא 32 אדער 33 יאהר. –

– אוי גאטט, וויא שלעכטע יאהרען עלטערן א מענשען אונ איך האב אייך גערעכענט פאר דיא אייגענע יאהרען וואס איך – מיר געהט שוין דאס 55 טען יאהר. –

– האט איהר דא איבערגעלאזט עלטערן ווען איהר זענט אוועק־געפאהרען? האט בריינע ווייטער געפרעגט.

– יא, נאר ווער ווייסט צוא זייא לעבען נאך, איך האב זייא איבערגעלאזט אויך אין א סך צרות...

לאה האט ווייטער געוואלט עפּעס רעדען, נאר זיא האט זיך באלד צוריקגעהאפּט.

– איך בין ניט געקומען צוא מיינע עלטערן, ליעבע בריינע, אויב זייא לעבען נאך, האלטען זייא מיך שוין געוויס פון לאנג פאר געשטארבען. –

– נאר איך פארשטעה ניט, וויא אזוי באהאלט מען זיך אזוי פאר פריינד, באקאנטע אונ פאר אייגענע עלטערן?

– פרעגט מיך איצטער נאר ניט, ליעבע בריינע, איך בין צוא פיעל אומגליקליך איך זאל אייך קענען אזוי גיך זיצענדיג אויף דעם וואגען פון אלעס דערצעהלען, איך בעט אייך קיינעם דא ניט דערמאנען אז איך בין א היגע, צוא איך קען דא איימיצען, שפּעטער וועל איך אייך פון אלעס דערצעהלען. –

דאס זענען געוועזען זייערע לעצטע רייד ווען זייא זענען אריינגע־פאהרען אין הויף פון דער קלויז; דיא אביונטע לאה האט געהאט פון איהר לעבען א סך צוא דערצעהלען, דארום האט זיא אבגעלענט אויף א צווייטען מאל – יא, איהר לעבענסגעשיכטע איז אזוי אינטערעסאנט וויא ביי אלע עמיגראציאנע אביונים. –

נאך דעם וואס לאה האט זיך אביסעל איהרע צובראכענע ביינער אבגערוהט פון וועג, האט זיא איהר קלוימיקעל איבערגעגעבען בריינען אונ איז ארויסגעגאנגען פון הויף, אבער ניט לאנג איז זיא ווייטער געגאנגען, זיא האט זיך באלד אבגעשטעלט אונ אנגעהויבען צוא זיך אליין רעדען:

– ענדליך נאך אזוי פיעל צרות און ליידן, האט מיך גאטט געבראכט אין דער שטאדט וואו מיין לעצטע האפנונג איז געבליבען; נאר וואו זאל איך פריהער געהען? אויף דער „טויטער גאס“? ניין, איך וויל זיך פריהער זעהען מיט ר׳ זלמינען ער וועט מיר אבגעבען מיין טאכטער, ער וועט מיר ווייזען מיין טאכטער, ער וועט מיך ברענגען צוא זיין אייניקעל שיינדעלען, וואס האט זיך אזוי פיעל געאפפערט פאר דעם אומגליקליכען קינד, איך וועל געהען פריהער צוא דער קלויז, וואו ר׳ זלמן דאווענט שטענדיג, איך וועל דארט אויפווארטען ביז ער וועט ארויסגעהען, איך וועל איהם באלד דערקענען, ער אבער מיך ניט; און וויא איז דאס מעגליך? ער קען מיך פאר א יונג שאן מיידעל, ריין, שאן אנגעטהון מיט א לויטער פנים, און איצט וועט ער פאר זיך זעהען איין ארימע אלטע יודענע, שווארץ פון צרות, אבגעברענט פון דער זונן, איינגעטריקענט פון טרוקען אויסגעבעטען ברויט, צעריסענע קליידער, אלערליי אלטע שמאטעס! א, ער וועט זיך נאר ניט גלויבען אז איך בין דיא לאה וואס איך האב איהם אומזיסט אזוי פיעל יסורים אנגעטהון און אפילו דאנקבאר ניט געוועזען, איך וועל איהם הונדערט מאל איבער־בעטען: ער וועט מיר פערציירען, ער איז א גוטער, ער וועט מיר אבגעבען מיין טאכטער, ער וועט איהר דערצעהלען אז איך בין איהר מוטער!..

און לאה איז צוגעגאנגען צוא דער טיהר פון קלויז און האט געווארט טאמער וועט ארויסגעהן ר׳ זלמינע; אלערליי יודען און יונגע לייט זענין מיט זייערע תפלים זאק אונטערן ארים ארויסגעגאנגען פון קלויז, נאר ר׳ זלמינען האט זיא ניט געזעהען: א טייל וואס האבען געזעהען שטעהען איין ארימע יודענע האבען איהר געגעבען א נדבה און לאה האט מיט ארויסגעלאזטע אויגען צוגענומען, ווארום זיא איז שוין גאנץ דערצו געוואהנט געווארען, ובפרט אז בייא איהר אין קעשענע האט זיא נישט געהאט.

זיא האט שוין מעהר קיין געדולד ניט געהאט צוא ווארטען און איז צוגעגאנגען צוא א יונגעל וואס איז נאר וואס ארויסגעגאנגען פון קלויז און האט איהם געפרעגט צוא ר׳ זלמן דאווינט נאך. –

– איך קען ניט קיין שום ר׳ זלמינע, האט דאס יונגעל געענטפערט אויף אלע איהרע פראגען, פרעגט דעם שמש טאמער ווייסט ער, און מיט דיא רייד איז ער ווייטער אריינגעלאפען און האט א־ויסגעשיקט דעם שמש, האטש זיא האט איהם ניט געבעטען

דער שמש האט דערזעהען אין ארימע יודענע האט ער געמאכט א קרום פנים.

– וואס פאר א ר׳ זלמן דארפט איהר?

– דעם אלטען ר׳ זלמנע וואס וואהנט אויף דער „טויטער גאס״, ווער קען איהם דען ניט? –

– חא חא, האט זיך דער שמש וויא צולאכט, זיא האט זיך דער־מאנט ווען דיא באבע איז א מויד געוועזען. דאכט זיך אלע קבצנים ווייסען אז ר׳ זלמנע איז שוין לאנג אויף דער אמת׳ר וועלט, אונ איהר האט זיך קוים אויסגעקראצט; א פנים אז איהר קומט פון יענער וועלט, נא האט איהר איהם דארט גאר ניט באגעגענט?

מיט דיא ווערטער איז דער שמש צוריק אריין אין קלויז, לאה׳ן איז געווארען שטארק טונקעל אין דיא אויגען, זיא האט געפיהלט וויא דיא פיס האקען זיך איהר אונטער.

– ר׳ זלמנע איז געשטארבען!... האט זיא צוא זיך געזאגט, עס האט זיך איהר אויסגעוויזען אז זיא האט דיא ווערטער אויסגעשריען מיט אללע כחות, אז אללע וועלען זיך צונויף לויפען אויף איהר געשריי, עס האט זיך איהר אבער טאקע נאר אויסגעוויזען, ניט נאר קיינער איז ניט צוגעלאפען צוא איהר, נאר קיינער האט ניט געהערט איהר שטיל געוויין, ווייל זיא איז זעהר געבליבען אן כחות, עס האט זיך נאר אויסגעוויזען אז זיא קאפיצ׳.

א צווייטע ארימע יודענע וואס איז אויך געשטאנען ניט ווייט פון דער טהיר אונ האט געוואַרט טאמער וועלען דיא וואס געהען פון דאוונען איהר געבען עפיס א נדבה, האט אלעס געזעהען אונ געהערט וויא זיא האט געריידט מיט שמש אונ וויא זיא איז פון דיא רייד זעהער דערשראקען געווארען; זיא איז צוגעגאנגען צוא איהר נעהנטער.

– איך האב דאכט זיך געהערט וויא איהר פרעגט אויף ר׳ זלמנען?

וו א לאה האט דערהערט דעם נאמען איז זיא אביסעל געקומען צוא זיך.

– יא אויף ר׳ זלמנען – ער איז געשטארבען?

– יא שוין באלד 12 יאהר, איך געדענקט ניט אקוראט, ניט דא מעהר אזוינע יודען וויא ער, אין דער גרעסטער צרה פלעגט ער אונז שטענדיג העלפען, –

– האט ער איבערגעלאזט עפיס קינדער?

– יא צוויא איינִיקלעך, זייא געהען אויך ארום אין דיא הייזער, נאר איך האב זיך שוין לאנג מיט זייא ניט באגעגענט, זייא קערען אפשר זיין קראנק. –

— וויא רופט מען זייא?

— דיא עלטערע שיינדיל אונ דיא קלענערע רייזיל.

לאה האט זיך פון דעם נייעס דערפרייט, אבער פיעל מעהר גע־פיהלט זיך אומגליקליך.

— זייא געהן אויך ארום אין דיא הייזער, זייא ווייסען אויך דעם וויסטען טעם פון דעם אויסגעבעטעלטען שטיקעל ברויט, אוי גאטט! ר׳ זלמנס איינקעל דארף ארומגעהען איבער פרעמדע טהירען אונ איך קען זייא מיט גאר ניט העלפען, איך וועל קומען צוא זייא קען זיין איך זאל נאך זייער אויסגעבעטען שטיקעל ברויט אויפעסען. וואו אונ צוא וואס בין איך געקומען אהער? האב איך דען ניט געקענט ארומ־געהן אין דיא הייזער דארט וואו איך בין געוועזען, ניט זיך אונ יענעם אויף רייסען דיא אלטע וואונדען? ...

זיא האט זיך אביסעל פארטראכט וויא עפיס זיך דערמאנט אן א סך שרעקליכע זאכען, אונ טאקע באלד זיך אויפגעהאפט מיט גרויס פרייד אונ אוועקגעגאנגען פון דער קלויז:

— געלויבט ביזט דוא גאטט! איך בין גליקליך, זייא לעבען — סיין טאכטער לעבט! זיא טראגט אויף זיך איין ערענטליכען נאמען „ר׳ זלמנס איינקעל״! זיא געהט מיט שיינדעלען ארום איבער דיא הייזער זיך אויבבעטלען א שטיקעל ברויט, א וואס קען נאך זיין בעסער פאר ארימע עלענדע יונגע מיידלעך? זיך בעגנינגען מיט אויס־געבעטעלט ברויט, מיט איין אויסגעבעטעלט מלבוש... גוט, עס קען בעסער ניט זיין איך בין גליקליך!

דיא איינגענע ווערטער האט זיא אויך געזאגט ברײנגען, דיא ארימע יודענע פון דעם ביידיל, מיט וועלכע זיא איז געקומען צוא פאהרען קיין ה...

ברײנע האט ניט אנגעהויבען צופארשטעהען דיא ווערטער.

— וואס זאגט איהר, האט זיא געפרעגט לאה׳ן, דאכט זיך אז עס איז גא־ ניט דא קיין ערגערס פאר יעדען: ובפרט נאך פאר א יונג מיידיל וויא בעטען נדבות, אלע אינזערע פריינד זאלען דערפון ניט וויסען אונ אונזערע שונאים זאלען דארויף איבערקומען.

— אלע מענשען זאל גאט דערויף אבהיטען, נאר איין ארים עלענד מיידיל אויב זיא וויל זיין עהרליך, דארף זיא נאר בעטען נדבות, א גראשען א נדבה ניט יעדער ווער עס האט נאר, אונ פרעגט נאר ניט איבער פאר וואס פאר ווען; אלין בעסער, איידער א מיידיל זאל אנקומען צוא יענעם נאך טובות...

– נאר איך פארשטעה אייך ניט, לאה, עפיס רעדט איהר ניט וויא עס דארף צוא זיין... א מיידיל אז זיא איז ארים אונ עלענד, דארף זיך סטארען צוא פארדיענען איהר ברויט, עס איז נאר א חילול השם יונגע מענשען זאלען ארומגעהען נאך נדבות, וויא ארים אונ עלענד זייא זאלען זיין; זייא זענען געזונד קענען זייא הארעווען; מילא אונז לאז גאטט מוחל זיין וואס מיר עסען ניט קיין פארהארעוועט ברויט. עס איז אונז אוודאי ניט ניחא. גאט ווייס דעם אמת אז פון יעדען גראשען וואס מיר נעמען א נדבה פארצאפט זיך אונז דאס בלוט, האטש יענער זאגט ניט אב אונ גיט מיט א פריינדליך פנים, נאר וואס קענען מיר טהון, איך בין באפאלען מיט קינדערלעך. מיין מאנן קען אזוי פיעל ניט פארדיענען אבער יונגע קינדער, יונגע מיידליך איז א זינד פאר גאט ווען זייא קענען הארעווען אונ זיך פארדיענען, אונ איהר זאגט...

– הארעווען אונ פארדיענען! א יונג ארים עלענד מיידיל זאל הארעווען אונ פארדיענען!...

דיא ווארטער האט לאה כמעט אויסגעשריגען מיט גרויס כעס, וויא גלייך זיא וויל זיך עפיס מיט דיא ווערטער אן יענעם נוקם זיין, אדער מיט זייא אויסגיעסען איהר פארביטערט הארץ.

לאה האט מעהר ניט גערעדט; זיצענדיג אויף דער ערד נעבען וואגען, האט זיא אנגעשפארט דעם קאפ אן ראד, וויא זיך אבגערוהט פון א שווער ארבייט, זיא האט נאר אלע מאל איבערגעחזרט דיא ווארטער: אין עלענד מיידיל זאל הארעווען אונ פארדיענען!!

בריינע האט אלץ געקוקט אויף איהר אונ עפיס געצווייפעלט אין איהרע רייד.

– דיא אויגען האבען זיך עפיס ביי איהר איבערגעקעהרט, האט בריינע געזאגט צוא זיך׳ זיא ווייס ניט ו[illegible] זיא רעדט, זיא קען זיין משוגע...

ווען בריינע זאל זיך אבער געוועזען מעהר צוקוקען צוא איהרע אויגען, וואלט זיא געזעהן אז לאה'ס אויגען זענען נאך ניט ווי ביי א משוגענע – זיא וואלט נאר געזעהען אז איהרע אויגען ווילען עפיס א סך, א סך וואהרהייט דערצעהלען, שרעקליכעס דערצעהלען, נאר זיא קענען ניט. –

8

# דֶעם פַּאדְרִיאַטְשִׁיקְס זוהן.

וִויא לאה הָאט קֵיין כּחַ נִיט גֶעהַאט אָנְהוֹיבֶּען צוּ דֶערְצֶעהלֶען אַ מַעֲשֶׂה אוֹיף אַ גַאנְצֶען טָאג, פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען וָואלְט זִיא גֶעוֶועזֶען דֶערְצֶעהלְט, זִיא הָאט גֶעפִיהלְט אַז דֶערְמִיט וָואלְט אִיהר אַ סַךְ גְרִינגֶער גֶעוָוארֶען, נָאר אִין אִיהר לַאנְגֶערְגֶעשִׁיכְטֶע זֶענִין גֶעוֶועזֶען אֵיינִיגֶע אִיהרֶע אֵייגֶענֶע פְלֶעקֶען, וָואס זִיא הָאט זִיךְ נָאךְ בִּיז הַיינְט גֶעשֶׁעמְט צוּא דֶערְצֶעהלֶען, וָוארוּם עֶס הָאט זִיךְ אִיהר אַיסְגֶעוויזֶען, אַז בריינגֶע וָואלְט אִיהר דֶערְאוֹיף גֶעעֶנְטְפֶערט: „גָאטט הָאט אַייךְ גֶעשְׁטְרָאפְט פַאר אַייעֶרֶע זִינְד", דֶעם פָארְוואוּרְף וָואלט זִיא נִיט אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען: „אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעזִינְדִיגְט נִיט פַאר גָאט אוּנ נִיט פַאר מֶענְשֶׁען, פְלֶעגְט זִיא שְׁטֶענְדִיג צוּא זִיךְ זָאגֶען וֶוען זִיא פְלֶעגְט פוּן זִיךְ אַלֶעם דֶערְמָאנֶען — מֶען הָאט מִיךְ פַארְפִיהרְט, מֶען האט מִיךְ אָבְּגֶענַארְט אוּנ אוּמְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט, נָאר קֵיין וֶועלט וֶועל אִיךְ נִיט אִיבֶּערְרֶעדֶען, אוּמְזִיכְט הָאבּ אִיךְ אַזוֹי פִיעל אִיבֶּערְגֶעלִיטֶען".

דִיא פְלֶעקֶען פוּן לאה'ס לֶעבֶּען זֶענִין דִיא לֶעזֶער בֶּעקָאנְט פוּן אָנְהוֹיבּ עֶרְצֶעה׳ וְגוֹ.

דִיא לֶעזֶער גֶעדֶענְקֶען אוֹיךְ גֶעוִויס וִויא אִין דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער צַייט בַּייא ר׳ זלמינען אִין שְׁטִיבֶּעל. הָאט זִיא מִיט גְרוֹיס פַּארְדְרָאס אוּנ מִיט גְרוֹיס כַּעַס דֶערְצֶעהלְט פוּן אִיהרֶע עֶלְטֶערְן, וִויא שְׁלֶעכְט זַייא הָאבֶּען זִיא עֶרְצוֹיגֶען, וִויא נַארִישׁ זַייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן דֶערְמִיט וָואס זַייא הָאבֶּען זִיא, וָואס הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ וֶועלְטְלִיךְ מֵיידִיל, גֶעוָואלְט נֶאטְהֶען אַ כַּלָּה וֶוערֶען פַאר אַ פּוּסְטֶע קְלוֹיזְנֶער יוּנְגֶעל.

זִיא הָאט אָבֶּער נִיט אוֹיסְפֶּעיֶעט צוּא דֶערְצֶעהלֶען מִיט נָאךְ פִיעל מֶעהר כַּעַס פוּן נָאךְ אֵיינֶעם. —

דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען טַאקֶע אִין דֶער אֵייגֶענֶער צַייט וֶוען לאה אִיז גֶעוֶועזֶען בַּייא אִיהרֶע עֶלְטֶערְן, גֶעזֶעסֶען אִין קְלֵייט אוּנ גֶעוֶועזֶען אַ בְּרִיָה, שׁדוּכִים הָאט מֶען אִיהר גֶערֶעדְט פוּן אַלֶע זַייטֶען, אִיהרֶע עֶלְטֶערְן. זֶענִין, פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ, דִיא שׁדוּכִים גֶעפֶעלֶען, וָוארוּם דֶער חָתָן הָאט זִיךְ אָנְגֶעקֶערְט מִיט דֶעם גְרֶעסְטֶען חָסִיד פוּן ח—ער רֶבִּי׳ן כִּמְעַט אַ אֵייגֶען אֵיינִיקֶעל פוּן דֶעם רֶבִּי׳נְס אַיין עֶלְטֶער פֶעטֶער, דֶער אִיז גֶעוֶועזֶען גְלַאט אַ זֵיידֶען קִינְד. אַז מֶעהר וִויא אַ יוּדִישׁ וָוארְט אִיז פוּן זַיין מוֹיל קֵיין מָאל נִיט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ. ל. וו.

לאה׳ן זענין אָבֶער דיא אַלֶע מַעֲלוֹת פון דיא הַתְנים ניט גֶעפָעלֶע. אונ זיא הָאט זיך גֶעפיהלט זעהר אוּמְגְלִיקְלִיך.

אין דער אייגענער צייט הָאט זיך אַרָאבְּגֶעיאַוועט אין ר... אַ יונגער מַאנְן בְּלוּט אונ מִילְך, שֶׁאן אונ גֶעזוּנְד, שְׁטֶענְדִיג אויסְגֶעצְוואָגֶען אונ אויסְגֶעפוּצְט וויא אַ טָאק. גֶעקְלֵיידֶעט נָאך דֶער נַייסְטֶער מָאדֶע וויא אין דער גרויסער וועלְט, שְׁטֶענְדִיג לֶעבֶּענְדִיג אוּנ פְרֶעהְלִיך.

גֶעקֶענְט הָאט מֶען דֶעם יונְגֶען מַאנְן אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען „דֶעם פָּאדְרִיאַטְשִׁיקְס זוהן”, אונ אַזוֹי הָאט מֶען אִיהם טַאקֶע גֶערוּפֶען, וַוייל זיין פָּאטֶער ה׳ זיינוויל דאבאווסקע, וָואס הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעוָואהְנְט אין אָדֶעסַא. הָאט נִיט לַאנְג אָבְּגֶענוּמֶען דִי־קאזְיָאנֶע פָּאדְרִיאַדֶען אין ר־ עֶר אוּיֶעזד; פְרִיהֶער אִיז עֶר אַלֵיין אַ קְלֵיינֶע צייט גֶעוֶועזֶען אין ר.. אוּנ דֶערְנָאך הָאט עֶר אַרָאבְּגֶעשִׁיקְט זַיין זונדעלע פיאדער איוואנא- וויטש דאבאווסקע.

דֶעם פָּאדְרִיאַטְשִׁיקְס זוהן אָבֶער הָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִיא סְלוּ- זְשַׁאשְׁטְשֶׁע זייא זָאלֶען צוּשְׁטֶעלֶען דֶעם פאדריאד אוּנ אַלֵיין הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסְקוּקֶען דִיא וֶוער שֶׁאנֶע מֵיידְלִיך אוּנ הָאט גֶעפוּנֶען אז ר׳ שמואל בער׳ס מֵיידִיל לאה וָואס גֶעפִינְט זִיך שְׁטֶענְדִיג אִין קְלֵייט. אִיז דִיא שֶׁענְסְטֶע פוּן אַלֶע –

לַאנְג נִיט גֶעטְרַאכְט אוּנ עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָפְטֶער אַריינְקוּמֶען אִין קְלֵייט, גֶעגֶעבֶּען אָפְט צוּ לֵייזֶען, אִיבֶּערְגֶעבֶּען קְלֵיינֶע פָּאקוּפְקִים פַאר דֶעם פָּאדְרִיאַד אִיהר פָּאטֶער.

אִיהרֶע עֶלְטֶערִין הָאבֶּען קֵיין מָאל נִיט גֶעשְׁטֶערְט דֶעם פָּאדְרִיטְשִׁיקְס זוהן רֶעדֶען מִיט לאה׳ן, וָוארוּם עֶר אִיז זִיך אַ קוֹנֶה אוּנ נָאך אַ גוּטֶער קוֹנֶה. מֶען קֶען נָאך הַאפֶען עֶפִּיס פַארְדִיעֶנְסְט גֶעבֶּן דֶעם פָּאדְרִיאַד אוֹיך. –

לאה פְלֶעגְט הֶערֶען פוּן אִיהר פַאטֶער שְׁטֶענְדִיג לוֹיבֶּען דֶעם פָּאדְרִיאַטְשִׁיקְס זוהן.

– הָאטְשׁ עֶר אִיז נִיט קֵיין פְרוּמֶער יוּד, אַ חָסִיד וויא אַ אֱמֶת׳עֶר יוּד דַארְף זַיין – פְלֶעגְט ר׳ שמואל בֶּער זָאגֶען – פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז עֶר זֶעהר אַ וָואוילֶער מֶענְשׁ, אַ יוּד קֶען בַּייא אִיהם פַארְדִיעֶנֶען אַ קֶערְבִיל, הָאטְשׁ עֶר אִיז פוּן דִיא דַייטְשֶׁען, נָאר צְווִישֶׁען דִיא לַייט דִיא גֶענָאלְטֶע בְּעֶרְד גֶעפִינֶען זִיך אוֹיך אַ מָאל גוּטֶע מֶענְשֶׁען אוּנ וֶוער ווייסְט? עֶס שְׁטֶעהט זִיך בְּפֵירוּשׁ אז כָּל יִשְׂרָאֵל יֵשׁ לָהֶם חֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא”. אוּנ טַאקֶע דֶערְפַאר וָואס דִיא לַייט זֶענִין נִיט אַזוֹי קַארְג אוֹיף דֶעם גְרָאשֶׁען אוּנ גֶעבֶּען אַ יוּדֶען צוּא לֵייזֶען אַ קֶערְבִיל, וֶועלֶען זַייא טַאקֶע הָאבֶּען עוֹלָם הַבָּא.

מֶעהר פוּן צְוֵוייא חֲדָשִׁים הָאט זִיך דֶעם פָּאדְרִיאַדְשִׁיקְס זוהן

גֶעדָרָעהט, בַּייא ר׳ שמואל בער אִין קְלֵייט, אַלֶעס הָאט עֶר גֶעטְהוּן עֶר זָאל וֶוערֶען אַ הֵיימִישֶׁער, קֵיינֶער הָאט אִיהם נִיט גֶעשְׁטֶערְט אִין דֶעם וָואס עֶר הָאט פַארְגֶענוּמֶען, מִיט אִיהרֶע עֶלְטֶערְן הָאט עֶר זִיךְ גֶעפִיהרְט וֶועהר פְּרָאסְט, ד. ה. נִיט גֶעבְּלָאזֶען פוּן זִיךְ אַ בַּארָאן צוּא אַ פְּרִינְץ, טַאקֶע נָאר וִויא אַ פְּרָאסְטֶער יוּד, גֶערֶעדְט שְׁטֶענְדִיג מִיט זֵייא אוֹיף פְּרָאסְט יוּדִישׁ, גֶעקוּמֶען צוּא זֵייא אַלֶע שַׁבָּת עֶסֶען פִישׁ אוּנ קוּגֶעל אוּנ זֶעהר לוֹיבֶּען דִיא שַׁבָּת׳דִיגֶע עֶסֶענְס אוּנ גֶעזָאגְט: אַז אַזוֹינֶע צְוֵוייא טַייעָרֶע פָּארְצִיעס וִויא פִישׁ מִיט קוּגֶעל אַ״ג אֲפִילוּ פִּיטְשֶׁע הָאט עֶר נִיט בַּאגֶעגֶענְט אוֹיף אַלֶע טִישֶׁען פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶער וֶועלְט; אוֹיךְ פְלֶעגְט עֶר אָפְט זָאגֶען ר׳ שמואל בער׳ן: אִיהר זָאלְט נִיט מֵיינֶען אַז דָאס וָואס אִיךְ גֶעה אָהן פֵּאוֹת, קוּרְץ גֶעקְלֵיידֶעט אוּנ אַבִּיסֶל אוּנְטֶערְגֶעגָאלְט בִּין אִיךְ שׁוֹין קֵיין יוּד נִיט, אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַ פְּרָאסְטֶער יוּד גְלַייךְ מִיט אַייךְ, נָאר וָואס זָאל מֶען טְהוּן· מֶען וָואהנְט זִיךְ צְוִוישֶׁען גוֹיִם, מוּז מֶען זִיךְ פִיהרֶען וִויא זֵייא, וָואס טְהוּט מֶען דֶען נִיט צוּא לִיעב פַּרְנָסָה?

ר׳ שמואל בער פְלֶעגְט נָאר אָנְקְוֶועלֶען פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען גֶעגָאלְטֶען יוּנְגֶען מַאנְטְשִׁיק, פוּן דֶעם דַייטְשִׁיל.

אַ חָסִיד הָאט פַיינְט אַ גֶעגָאלְטֶען יוּדֶען נָאךְ עֶרְגֶער פוּן דֶעם עֶרְגְסְטֶען גוֹי, עֶר ווִיל זִיךְ קֵיין מָאל מִיט אִיהם נִיט פַארְגֶעהֶען, נִיט אִיהם זֶעהֶען בַּייא זִיךְ אִין שְׁטוּבּ בִּכְלַל נִיט הָאבֶּען מִיט אִיהם קֵיין שׁוּם גֶעשֶׁעפְטֶען, עֶר אַנְטְלוֹיפְט. שְׁטֶענְדִיג פוּן אִיהם, הַיינְט וֶוער שְׁמוּעֶסְט שׁוֹין פוּן אַזוֹינֶע זַאכֶען וִויא זִיךְ מְשַׁדֵךְ זַיין מִיט אִיהם.

נָאר וֶוען אָבֶּער דֶער אֵייגֶענֶער גֶעגָאלְטֶער יוּד, דֶער דַייטְשׁ, דֶער אַפִּיקוֹרוֹס גִיט אַבִּיסֶל נָאךְ דֶעם חָסִיד, ד. ה: עֶר זָאגְט אַז דִיא מִקְוָה אִיז זֶעהר גוּט, צוּא אַ רבִּי׳ן דַארְף אַ יוּד פָאהרֶען אַ פָּאר פֵּאוֹת מִיט אַ לַאנְגֶען קַאפְּטֶען זֶענֶען זֶעהר שֶׁאן, קוּגֶעל אוּנ פִּיטְשַׁא אִיז אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט, שַׁבָּת׳דִיגֶער „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם" צוּגֶעהֶעט זִיךְ · אִין יֶעדֶען אֵבֶר, אוּנ בִּכְלַל אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט מֶעגֶען מְקַנְאָ זַיין דִיא יוּדֶען פַאר דִיא אַלֶע זַאכֶען, אוּנ עֶר דֶער גֶעגָאלְטֶער יוּד קֶען נִיט מְקַיֵים זַיין דִיא אַלֶע זַאכֶען ווַייל עֶר אִיז גֶעצְווּאוּנְגֶען דֶערְצוּ אִיבֶּער דֶער וִויסְטֶער פַּרְנָסָה – מֶען אִיז צְוִוישֶׁען גוֹיִם אִין גָלוּת אַזוֹי, אָדֶער מִיט עֶפִּים אַנְדֶערֶע שְׁמֵייכְלֶערַייעַן אוֹיף אַלֶע פַאנַאטִישֶׁע דוּמְהַייטֶען דֶענְסְטְמָאל וֶועט דֶער חָסִיד אַזַא גֶעגָאלְטֶען יוּדֶען, עֶר מֶעג זַיין דֶער גְרֶעסְטֶער אַפִּיקוֹרוֹס, קֵיין מָאל נִיט פַארְבַּייטֶען פַאר קֵיין צֶעהן

חסידים. און פרייט זיך שטענדיג דערויף: „האטש א געגאלטע בארד און פארט א יוד".

דיא געגאלטע יודען וואס האבען געשעפטען מיט חסידים אין דארפען אפט האבען זייער לאסקע פראקטיצירען אזוי תמיד, דארום זאלט איהר זיך ניט וואונדערן וואס ביי דיא גיטע יודישע שבת'דיגע טישען געפינט מען אויך אפט יודען מיט געגאלטע בערד וואס האבען שירים גלייך מיט דיא חסידים. —

פיאדאר איוואנאוויטש האט געקענט חסידים, ער האט אויך באדארפט דאבען א חסידישע לאסקע, האט ער געשפיעלט זיין ראלע זעהר גוט, ביז ער האט זיך אזוי איינגעקויפט צוא ר' שמואל בער אין שטוב פאר א היימישען אז מען האט איהם אין קיין שום זאך ניט געשטערט, מיט קיין שום זאך זיך ניט געהיט פאר איהם.

נאר עס זענין שוין אוועקגעגאנגען צוויא חדשים און פיאדאר איוואנאוויטש האט נאך גאר ניט געפועלט, האטש ער פלעגט דעם גאנצען טאג איבערזיצען אין קלייט. רעדען מיט לאה'ן אויפקלערען אז זיא זאל ניט מיינען אז דיא שטאדט ר... מיט דיא חסידים זענין דיא גאנצע וועלט, עס איז נאך דא א גאנצע וועלט וואו מען וויקסט פון א לעבען, דא לעבט מען נאך פאנאטיש, דיא חסידים זענין פארפיהרט א. ז. וו.

לאה פלעגט איהם שטענדיג נאכגעבען און זיך אפט קלאגען פאר איהם: וויא שלעכט עס איז צוא זיין א חסידישע טאכטער און וואהנען אין א קליינע שטאדט וויא ר..., און לעבען אזוי נאריש וויא זייא ווילען. —

— איך בין גאר ניט קיין חסידה, האט זיא איהם דערצעהלט ווייטער, האטש איך בין געבוירען אין א קליין שטאדטיל, ערצויגען געווארען ביי חסידישע עלטערן גאר ניט געלערנט, פון דעסטוועגען ווייס איך וויא מען לעבט ביי אייך אין דיא גרויסע שטאדט, און דא מוז איך זיך פיהרען וויא מיינע פאנאטישע עלטערן ווילען; וואס זאל איך טהון? אט רעדען זייא מיר שדוכים — אזוינע חתנים וואס איך קען זייא ניט און ווייס זייא ניט. איך האב נאר געהערט וויא זייא זענין פוסטע קלויזנער יונגליך, און וואס קען זיך טהון, איך וועל נאך מוזען זיך לאזען אליין פארשלייערן.

דעם פאדראטשיקס זוהן האט גאר אנגעקוואלען וואס לאה איז ניט קיין פאנאטיש מיידיל און ווערט אלע מאל אויפגעקלערטער און ער האט זיא נאך מער אויפגעקלערט אויף אזוי פיעל אז זיא האט

גֶעזָאגְט, אַז זיא וֶועט בְּאֵין אוֹפֶן נִיט וֶועלֶען וֶוערֶען אַ כַּלָּה פַאר דִיא חֲתָנִים וָואס דֶער פָּאטֶער הֵייסְט אִיהר. –

פיאדאר איוואנאוויטש הָאט זִיךְ אָבֶּער גַאנְצֶע צְוֵוייא חֳדָשִׁים מִיט „פִּיסְטֶע לִידֶער" נִיט גֶעקְעמְט בַּאגְנִיגֶען; אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט אדעססא וואו עֶר הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעוָואהְנְט פְלֶעגְט עֶר הֶערֶען דֶערְצֶעהלֶען: „אַז מִיט דִיא פְּרָאוִינְצִיאַלְנֶע חֲסִידִישֶׁע מֵיידְלֶעךְ דַארְף מֶען גָאר קֵיין פָּאלִיטִיקֶע נִיט פִיהרֶען, זֵייא דֶערְוֶועהֶען נָאר אַ פָּאר לַאנְגֶע הוֹיזֶען, אַ גֶעפְּרֶעסְטֶען קָאלְנֶער, אַ גֶעשׁוֹירֶענֶע פָּאלֶקֶע, לוֹיפֶען זֵייא אַלֵיין נָאךְ טִיצֶען-וַוייז, פָּאלִיטִיקֶע פִיהרֶען אוֹיף יָאהרֶען לַאנְג דַארְף מֶען נָאר מִיט דִיא גְרוֹיסְשְׁטֶעטִישֶׁע וָואס שְׁפִּילֶען פִּיאַנָא, אוּנ רֶעדֶען פְרַאנְצֶעזִישׁ". אוּנ אִיצְטֶער נַאט אַיךְ גָאר דָא אַיין אַדֶעסֶער יוּנְגֶער מַאנְן, פיאדאר איוואנאוויטש, וָוארְגֶעט (פִיהרְט זִיךְ) זִיךְ אַרוּם מִיט אַ חֲסִידִישׁ מֵיידֶעל שׁוֹין צְוֵוייא חֳדָשִׁים' אוּנ נִיט... אֲפִילוּ אַיין קוּשׁ נָאךְ נִיט גֶעחַאפְּט!.. וָואס קוּמְט מִיר אַרוֹיס פוּן אִיהר אוֹיפְגֶעקְלֶערְטַקֵייט?..

ע! הָאט זִיךְ פיאדאר איוואנאוויטש בַּאטְרַאכְט, אַ פָּנִים אִיךְ קֶען נִיט, אִיךְ הָאב זִיךְ מִיט אִיהר אוֹיפְגֶעפִיהרְט שְׁלֶעכְט, צוּא וָואס הָאב אִיךְ גָאר בַּאדַארְפְט אָנְהוֹיבֶען מַאכֶען מִיט אִיהר צֶערֶעמָאנִיֶעס אוּנ פִיהרֶען פָּאלִיטִיקֶע גַאנְצֶע צְוֵוייא חֳדָשִׁים, אִיךְ וָואלְט גֶעוֶועזֶען בַּאדַארְפְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג גְלַייךְ צוּטְרֶעטֶען... מִיט דִיא לַייט דַארְף מֶען זִיךְ נָאר אַזוֹי בַּאגֶעהֶען. נָאר וָואס הָאב אִיךְ צוּא רֶעדֶען וָואס עֶס וָואלְט גֶעוֶועזֶען, עֶס אִיז שׁוֹין פַארְפַאלֶען אוּנ דֶערְוַוייל אִיז זִיא טְשָׁארְטָאוְוסְקֶע שָׁאן! הַא, הַא, עֶס וֶועט מִיר קֵיינֶער נִיט גְלוֹיבֶען, אִין אדעססא הָאב אִיךְ נִיט גֶעזֶועהֶען אַזַא שָׁאן מֵיידֶעל, אוּנ דָא אִין ר... אִיז דָא עֶפֶּעס אַ חֲסִידִישׁ מֵיידֶעל אוּנ אִיךְ שְׁוַוייג. נָאר מֶען דַארְף שׁוֹין זַיין קְלִיגֶער – אָהן שׁוּם פָארְרֶעדֶעס. דַארְף מֶען גְלַייךְ צוּטְרֶעטֶען. –

אוֹמֵר וְעוֹשֶׂה – גֶעזָאגְט אוּנ גֶעטְהוּן!

אִין אַ שֶׁענֶעם שַׁבָּת'דִיגֶען טָאג וֶוען מֶען הָאט אָבְּגֶעגֶעסֶען אוּנ פיאדאר איוואנאוויטש הָאט אָבְּגֶעלוֹיבְּט דֶעם קוּגֶעל. וֶוען ר' שמואל בער אוּנ זַיין וַוייבּ זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען שְׁלָאפֶען לִכְבוֹד דֶעם שַׁבָּת'-דִיגֶען בַּייא טָאג, הָאט לאה אָבְּגֶערוֹימְט פוּן טִישׁ אוּנ גֶערֶעכֶענְט ווִיא תָּמִיד, זִיךְ אַנִידֶערְזֶעצֶען מִיט פיאדאר'ן רֶעדֶען פוּן אוֹיפְגֶעקְלֶערְטֶע זַאכֶען ד. ה. טַאקֶע וַוייטֶער ווִיא אִין דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאדְט לֶעבֶּען מֶענְשֶׁען ווִיא עֶס דַארְף צוּא זַיין אוּנ ווִיא אִין דִיא קְלֵיינֶע שְׁטֶעדְטְלִיךְ

לעבען חסידים פֿאַנאַטיש און ווילען זייערע טאָכטער נאָר חתונה מאַכען פֿאַר קלויזנער בחורים; נאָר פֿיאָדאָר איוואַנאָוויטש אָנשטאָט צו רעדען פֿון „אויפֿגעקלערטע זאַכען" האָט ער שטיל אָהן ווערטער גוט אַריינגענומען לאה'ן, געטאָהן זי אַוועקגעפֿיהרט אין דער זייט ווי מען וויל איינעם אַ סוד זאָגען, דאָרט האָט ער זי צוגעקוועטשט אין זיינע אָרעמס און איהר אַ קלינגענדיגען קוש געגעבען... דערנאָך האָט נאָך עפּיס שטאַרק אַ קלונג געטהון... עס איז פֿאָרגעקומען עפּעס שרעקליכעס... ער האָט געגעבען אַליין ניט געוואוסט וואָס דערנאָך איז פֿאָרגעקומען... דערפֿאַר האָט זי געוואוסט וואָס זי האָט געטהון...

אומגליקליכער פֿיאָדאָר איוואַנאָוויטש! ווען ער האָט אויפֿגעפֿענט די אויגען האָט ער אין אָנהויב גאָר ניט געוואוסט וואו ער געפֿינט זיך – ער איז געלעגען אונטערן טיש און זי האָט איהם געדריקט פֿון דאָרטען און געבעטען הונדערט מאָל ער זאָל איהר פֿאַרציהען וואָס זי האָט איהם אַזאַ שטויס מיט אַזאַ פּאַטש געגעבען, אַז ער איז גלייך געפֿלויגען אונטערן טיש...

האַלב טויט האָב זיך פֿיאָדאָר איוואַנאָוויטש געזעצט אויף דעם ערשטען בענקעל:

– נאָר איך האָב דאָס פֿון אייך ניט ערוואַרטעט, לאה, האָט ער אָנגעהויבען מיט אַ ציטערדיגע שטימע, אַזאַ כבוד קען מען נאָר באַקומען פֿון אַ חסידישער מויד. וואָס האָט קיין שום ערציהונג ניט באַקומען און ווייסט ניט וואָס בילדונג איז... און וואָהנט אין אַזאַ פֿאַרשיווע זשידאָווסקע שטעדטעל ווי ר... איז.

– נאָר הער פֿיאָדאָר איוואַנאָוויטש, איך האָב פֿון אייך אויך ניט ערוואַרטעט איהר זאָלט פּלוצים טהון אַזאַ זאַך און אַפֿילו מיר גיט דערמאָנען וועגען דעם צו עס איז מיר גאָר אָנגענעהם צו האָבען אַזוינע געשעפֿטען; איהר זענט אויף מיר עפּעס אָנגעפֿאַלען ווי אַ וואָלף, ווי אומיסטנע איך זאָל ניט באַמערקען, דערמיט האָט איהר מיך זעהר באַליידיגט.

– אָבער איהר וואָלט געקענט זאָגען אַז איהר ווילט דאָס ניט ליידען, וואָלט איך אייך ניט געוועזען אָנגעריהרט, אָבער...

– גלויבט מיר אַז איך בין ניט שולדיג, מיר איז זעהר לייד וואָס איך האָב אייך אַזאַ שטויס געגעבען, אייער אומגעריכטער קוש האָט אַרויסגערופֿען מיין אומגעריכטען פּאַטש... איך בעט אייך הונדערט טויזענד מאָל איהר זאָלט מיר מוחל זיין, איך בין ניט שולדיג. איהר זענט אין דעם אַלעמען אַליין שולדיג.

— ניין, ניין איך קען ניט פארציהען, נאר...

ער איז פלוצים שטיל געוואָרען, ער האָט אליין ניט געוואוסט פאר וואס ער איז שטיל געבליבען און וואָס ער האָט גערעדט. — שמעי געדיג האָט ער געדערהערט אין מויל מיט דער צונג ווי אזוי ארויסצודרעהען זיך פון דער אונאנגענעהמער לאגע.

— דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען איז מיר דאָס פארגעקומען, האָט ער ווייטער אָנגעהויבען, נאָך דעם ווען ער האָט מיט דער צונג עטליכע מינוט געזוכט א וועג — אזוינס קען זיך נאר טרעפען ביי אייך אין וויסאַיען ר... ביי אונז אין אדעסקע זענען אויך דאָ מיידלעך, פיינע און געבילדעטע, זיי האַלטען זיך אזוי ניט באַגאַנגען, ניט אזוי מיט מיר וואָס ביי זיי וואָלט געוועזען איין עהרע ווען איך זאָל זיי א קוש טהון, נאר אפילו איך וויים ניט וועמען, וואָרום ווי טרעפט זיך ניט, וואו האָט מען ניט געהערט אז א יונגער מאַנן זאָל א קוש טהון א מיידעל, טאָ וואָס זשע איז? וואָס איז דאָס פאר אזא אומגליק? איך האָב שוין ניט אזוי פיעל האָר אין קאָפּ וויפיעל מיידלעך איך האָב געקושט אין מיין לעבען, די לייטישעסטע, די שענסטע, די געבילדעטסטע, פון די רייכסטע ערטער, און גאר פארקעהרט, זיי האָט די גרעסטע הנאה געטהון, און פאַרוואָס ניט? אזוי פיהרט זיך היינט אין דער גאַנצער וועלט, צווישען די גרעסטע געבילדעטע...

גאָטט ווייסט ביז וואַנען פיאדאר איוואנאוויטש וואָלט געוועזען גערעדט כדי זיך געפינען א וועג, ווען לאה זאָל זיך פלוצים ניט געוועזען צווויינען. —

מיט ביידע הענד האָט זיא פאַרדעקט איהרע פאַרוויינטע אויגען, געהליפעט, געוויינט און זיך געפרואווט אָנהויבען רעדען:

— איך האָב שוין לאַנג ליעב איין אַנדערן... איך בין ניט שולדיג פיאדאר איוואנאוויטש!.. האָט זיא קוים ארויסגעלאָזט די ווערטער אין טהרערען. —

ווי איינער וואָס זיצט ביי זיך אין פאַרמאַכטען צימער און הערט גאָר ניט, ווי אין דרויסען קלויבען זיך חמאַרעס, און פלוצים טהוט א זעץ דער ערשטער שטאַרקער דונער אז אַלע טאַפליעס פון צימער הויבען אָן צו קלינגען און הילכען, אזא שטאַרקען הילך האָט געטהון אין זיינע אויערן ווען ער האָט פון דעם חסידישען פוילישען שאַנען מיידעל דערהערט די ווערטער: איך האָב ליעב איין אַנדערן"! פאַר פאַרטומעלטקייט האָט ער מעהר ניט געקענט ארויסלאָזען ווי די ווערטער.

— ליעב! ??... איהר האָט ליעב?

ניט אומזיסט, האָט ער זיך אַזוֹי פַארְוואונדֶערְט דַארוֹיף, ער האָט בַייא זַיינֶע עֶלְטֶערְן געהאַט אַ הֵיימִישֶׁע בֵייכֶע עֶרְצִיהוּנְג אוּנ געעֶנְדִיגְט דֶערְמִיט אַז ער איז געוועזען אָנְגֶעלֶעזֶען. אין אַ סַך רָאמַאנֶען, פוּן זַייא האָט ער געוואוּסְט אַז עס איז דָא לִיעֶבֶּע אוֹיף דֶער וועלְט, מֶען פַארְלִיעֶבְּט זיך, מֶען האָט לִיעֶבּ, מֶען הֶערְט אוֹיף צוּא לִיעֶבֶּען א. ז. וו. נאָר וויא זֶשֶׁע אָבֶּער קען דאָס געשֶׁעהֶן? — זיא מוּז זיצֶען אין זַאל שְׁפִּיעלֶען פְּיַאנָא אוּנ ער מוּז שְׁטֶעהֶען אַיינְגֶעשְׁפַּארְט נֶעבֶּען איהר, מיט אַרָאבְּגֶעלָאזְטֶע אוֹיגֶען, פְרִיהֶער רֶעדֶען פוּן בִּילְדוּנְג, אָדֶער פוּן דֶעם גֶאטְלִיכֶען שְׁטִיק וָואס מֶען האָט גֶעבֶּען גֶעשְׁפִּיעלְט אין טְהֶעאַטֶער, אָדֶער זיא דַארְף אַלֵיין שְׁפַּאצִירֶען בַּייא זיך אין גָארְטֶען, דיא לְבָנָה דַארְף שַׁיינֶען, לֶעבֶּען גָארְטֶען דַארְף לוֹיפֶען אַ טַייכֶעל פוּן רֵיינֶער וַואסֶער אַז עס זָאל זיך אָבְּשְׁפִּיגְלֶען אין דֶעם שַׁיין פוּן דֶער לְבָנָה..., דיא בּוֹימֶער דַארְפֶען שְׁמֶעקֶען, דיא זוּמֶערְפֵייגֶעל דַארְפֶען שְׁפִּילֶען אוּנ זיא זָאל אַלֶעס אַזוֹי בַּאטְרַאכְטֶען, טְרוֹיעֶרִיג קוּקֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער שֶׁאנֶער וועלְט אוּנ זָאל אוֹיפְהוֹיבֶען דיא אוֹיגֶען צוּם הִימֶעל, אוּנ פַארְשְׁטֶעהְט זיך אַז וֶוען זיא וֶועט אוֹיפְהוֹיבֶען דֶעם קָאפּ צוּם הִימֶעל, זָאלֶען זיך אִיהְרֶע לַאנְגֶע שְׁוַוארְצֶע שֶׁאנֶע האָר צוּוַוארְפֶען אִיבֶּער איהר וַוייסֶער פְּלֵייצֶע, אוּנ זָאל דֶעמְסְטְמָאל זָאגֶען: אַךְ, וויא שֶׁאן דיא נַאטוּר איז, אוּנ וויא טְרוֹיעֶרִיג איז אַלֵיין צוּא זַיין אָהן אִיהם, אין דֶער מִינוּט דַארְף ער זיך פְּל צִים וַוייזֶען פוּן אוּנְטֶער דיא בּוֹימֶער, זיא דַארְף מיט פְרֵייד אַ גֶעשְׁרֵיי טְהוּן „אַךְ"!... אוּנ ער אוֹיךְ מיט פְרֵייד, „אַךְ"!...

אוֹיךְ האָט פיאדאר גֶעוואוּסְט פוּן דיא רָאמַאנֶען וואו עס וֶוערְט דֶערְצֶעהְלְט פוּן דֶעם פְּרָאסְטֶען פָאלְקְס לֶעבֶּען, אַז דָארְט פַארְלִיעֶבְּט מֶען זיך אוֹיךְ, זיא פַאסְט דיא שָׁאף אין פֶעלְד אוּנ ער אַקֶערְט דיא עֶרְד, דיא זוּן פַארְגֶעהְט שׁוֹין, ער זִינְגְט איהר דיא אָבֶּענְד לִיעֶדֶער אַז ער האָט זיא לִיעֶבּ אוּנ זיא וַוארְפְט זיך אין זַיינֶע אָרֶעם; אוּנ דֶערְסְטְגְלֵייכֶען וויא נָאךְ דיא מֶענְשֶׁען בַּייא אַזוֹינֶע צוּפַאלֶען קֶען מֶען זיך פַארְלִיעֶבֶּען אוּנ פִיהְרֶען יָאהְרֶען לַאנְג לִיעֶבֶּעס; אָבֶּער יוּדִישֶׁע מֵיידְלֶעךְ, וָואס וַוייסֶען מֶעהר נִיט וויא דֶעם פְּרִיפֶּעטְשִׁיק, דיא קָאטְשֶׁערֶע, דיא קְלֵייט דיא דוּשְׁנֶע לוּפְט פוּן דיא אוּמְרֵיינֶע יוּדִישֶׁע שְׁטֶאדְטְלֶעךְ אוּנ גֶאסְלֶעךְ זָאלֶען אוֹיךְ וויסֶען פוּן לִיעֶבֶּע?

דָאס איז קֵיין מָאל פיאדארן נִיט אוֹיפְגֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם מֹחַ. —

— איהר האָט לִיעֶבּ? האָט ער זיך וַוייטֶער אָנְגֶערוּפֶען צוּא לאהן, איך האָבּ נִיט עֶרְוַוארְטֶעט.

— אוּמְזִיסְט האָט איהר אַזַא מֵיינוּנְג וֶועגֶען קְלֵיין שְׁטֶעדְטֶעלְדִיגֶע יוּדִישֶׁע מֵיידְלֶעךְ; אוּנ וִוידֶער, עס וואוּנְדֶערְט מיךְ נָאר נִיט אוֹיף אַיךְ,

ניט איהר זעהט איינער וואס איהר מיינט אזוי, פיעל האבען פון אונז אזא מיינונג, איך פלעג אויך אמאל אזוי מיינען, ווארום וויא איך האב נאר גענומען א יודיש ביכעל, האב איך נאר געלעזען וויא געבילדעטע מיידלעך פארליעבען זיך. נאר... נאר ווען איך האב אליין אנגעהויבען ליעבען...

לאה האט מעהר ניט געקענט רעדען, פונקט וויא איימיצע האט איהר איבערגעשלאגען דיא רייד.

– וואס זשע איז געוועזען ווען איהר האט אנגעהויבען ליעבען?

– עס איז גאר ניט געוועזען... איך האב נאר געזעהען אז איהר אלע אונ נאך מעהר דיא שרייבערס וואס שרייבען יודישע ראמאנען זענין גרויסע ליגנערס – זייא האבען א שלעכטע מיינונג איבער אונז אונ אין זייערע ראמאנען שטעלען זייא נאר פאר אז דער וואס האט ליעב מוז זיין א דאקטאר אונ זיא מוז רעדען פראנצאזיש אונ האבען פאנאטי־שע נאר רייכע עלטערן, אונ אונזערע פראסטע יודישע מיידלעך שטע־לען זייא פאר עפעס וויא נאראנים, וואס קענען קיין צוויי ווארטער ניט רעדען, פונקט וויא מיר פארשטעהען גאר ניט, וויא מיר האבען קיין נשמה ניט, דרום וואונדער איך זיך גאר ניט וואס איהר זעהט זיך אזוי גראב מיט מיר באנאנגען...

לאה האט ביי איהם אין דיא אויגען איצט אויסגעזעהען אזוי שטאלץ אונ צוזאמען אזוי שאן, אז ער האט גאר פארגעסען אז ער געפינט זיך איצט מיט א יודיש קליינשטאדטעלדיג מיידעל, ער האט גלייך אנגעהויבען הונדערט מאל בעטען זיא זאל איהם מוחל זיין. –

ער האט באלד איבערגעביטען זיין טאן אונ איהר דערוויזען אז ער האט קיין מאל ניט געהאט קיין שלעכטע מיינונג וועגען איהר, זיא איז אין זיינע אויגען קיין מאל ניט געוועזען נידריגער פון דיא אלע רייכע, געבילדעטע שענע פון דער גרויסע וועלט וואס ער איז מיט זייא אזוי גוט באקאנט.

זיינע רייד האבען אויף איהר געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק, לאה איז איהם אויף ווייטער געבליבען דער בעסטער גוטער פריינד אונ אויך וויא פריהער אין איהם געפינען אלע מאל נייע מעלות.

דאס אלעס האט געבראכט דערצו טאקע פיאדאר, פון דעם צייט אן האט ער איהר אנגעהויבען מעהר כבוד אפגעבען, גאר אנדערש זיך באגעהן מיט איהר, אויף יעדען שריט האט ער איהר געגעבען צוא וויסען אז ער איז שטארק פאר אינטערעסירט ציא איהר – אז ער איז אין איהר פארליעבט, וואס זיא האט נאר גערעדט האט ער איהר נאכגעגעבען, שטענ־

דיג געשטעלט זי העכער פון אלע, אפילו פון די געבילדעטע, וינע א סך באקאנטע מיידלעך, ערגין פון דער גרויסער וועלט. –

מיט די אלע מיטלען האט ער אוספיעט אז לאה זאל צו איהם ניט זיין גלייכגילטיג פיאדאר איז געוועזען זעהר צופריעדען אז ער האט געזעהען אז זיין מיה איז ניט אומזיסט, ער האט געבראכט דערצו אז זי האט איהם אויסגעזאגט אין וועמען זי איז פארליעבט; ער פלעגט אפט זיין ווען זי פלעגט רעדען מיט איהר געליעבטען אונ זיי ביידע פלעגען זיך פארטרויען פאר פיאדערן מיט אלעמען, פיאדער האט געשפיעלט זיין ראלע אלס אלגעמיינער פריינד מיט אללע פיטשיוועקעס אונ מיט טאקט, אזוי אז ביי זיי ביידע האט ער זיך באמת פארדיענט ליעבשאפט אונ פריינדשאפט. –

נאך מעהר האט ליעב באקומען פיאדערן, אהרקע, לאה'ס געליבטער. –

אהרקע, ר' שבתי המעלניקער'ס יונגעל, ווי מען פלעגט איהם רופען אין שטאדט, איז כמעט געוועזען אין איינע יאהרען מיט לאה'ן, אלע האבען איהם געקענט פאר א יונגעל גלייך ווי אלע ר–ער יונגלעך, זיין פאטער ר' שבתי המעלניקער, איז אויך געוועזען איינער פון די הייסע חסידים אונ שאנע יודען ווי דאס רוב יודען פון ר..., דרום קענט איהר שוין אליין פארשטעהן וואס פאר ערציהונג אהרקע האט געהאט ביי זיין פאטער אונ ווי ער האט זיך געפיהרט, אין גאנצען איז אהרקע געוועזען א יונגעל מיט א ווייס איידיל אויבגעדארט פנים'ל, מיט גוטע ניט קיין נארישע אויגען, א פאר פאות שטענדיג פארקעמט אונ זיין לאנגע קאפאטע שטענדיג ריין, אפשר טאקע מיט דעם האט ער זיך אויסגעגעבען מעהר פון אלע ר–ער יונגלעך אונ לאה האט זיך אין איהם פארליעבט.

ווען לאה האט אין ערשטען מאל פיאדערן אנגעוויזען אז זי איז אין איהם פארליעבט, האט ער אין אנהויב ביי זיך אויסגעבאטעלט אלע חלומות ווי איינער זאגט: אומשטיינס געזאגט אין וועמען מען פארליעבט זיך דא, ווער עס איז דא וואס עס זאל געפעלען, מעהר ניט ווי הויט מיט ביינער אונ א פאר אויגען וואס בלישטשען ווי ביי א מת. –

לאה האט דאס פארשטאנען אין פיאדערן אונ האט באלד באמערקט:

– אזוי ווייזט ער טאקע אויס ווי א גאר נישט, נאר פריוואט רעדען מיט איהם, איז פשוט א פארגניגען, שטענדיג איז ער אזוי גוט, ווי גלייך עס איז אין איהם קיין גאל ניט דא; ניט נאר מיך האט ער ליעב, נאר די גאנצע וועלט האט ער ליעב, יעדע זאך באמערקט ער

און באדויערט, איך האב קיין מאל ניט געהערט פון איהם רעדען אַ נאריש װאָרט, שטענדיג רעדט ער עפּיס אַזוי אַז עס איז אַ פּעני גיגען צוא הערען און ווייט אוים אַזוי שאָן, פּונקט אַ קראַסאַװיצען, אַז איך װאָלט שטענדיג, שטענדיג געבליבען מיט איהם. —

— פון װאָס רעדט איהר אַזוינס? האָט זיך פיאדאר איינטערעסירט צוא פרעגען, מעהר װיא דעם חדר, דיא קלױז װייס עד ניט, איך קען זיך פאָרשטעלען װער אַ ר—עד יונגעל איז. —

— ער האָט נאָר אַ פּנים װיא אַן ער — ער יונגעלעך, אָבער װייטער איז ער גיט װיא זייא, ער פאַרשטעהט אויך אַז מען דאַרף עפּיס אַנדערש לערנען און װיל לערנען, נאָר װאָס קען ער טהון אַז זיינע עלטערן שטערען איהם. פון דעסטװעגען לערנט ער אַז קיינער זאָל דערפון גאָר ניט װיסען. —

דאָס ערשטע מאָל האָט אהרקע געמאַכט אויף פיאדערן זעהר אַ שלעכטען איינדריק, זייא האָבען כמעט מעהר געשװיגען װיא גערעדט, פיאדאר האָט זיך געמאַכט װיא ער באַמערקט דאָס ניט, װאָרום איבערהויפּט געזאָגט װאָס האָט מען צוא רעדען מיט אַ יודיש קליין שטעדטילדיג יונגעל, דיא גאַנצע צייט װאָס ער איז געװעזען מיט אהרקען איז ער געװעזען פרעהליך און לעבעדיג, און אהרקע פּונקט פאַרקעהרט. ער איז קיין מאָל ניט געװעזען אַזוי טרויעריג װיא איצטער.

לאה איז פון זייער ערשטער באַקאַנטשאַפט געװעזען זעהר ניט צופרידען, זיא איז פּראָסט רויטה געװאָרין: „װאָס װעט איצט פיאדער זאָגען, װאָס פאַר אַ מיינונג װעט ער פון אהרקען האָבען?“ „װאָס װעט ער דענקען װעגען איהר אַז זיא האָט זיך געקענט אין אַזוינעם פאַרליבען“ ערשט איצטער האָט זיא געזעהען אויך אויף דעם הילוק פון אהרקען ביז פיאדערן: זייא זענען כמעט אויך ביידע אין איינע יאָהרען, נאָר דער איז שאָן, געזונד און לעבעדיג, גלייך װיא אַ קאָכנע, שטענדיג פרעהליך, און דער...

דאָס ערשטע מאָל װען לאה האָט געטראַכט װעגען דעם, האָט זיא זעהר אַ טיעפען זיפץ געטהון. —

נאָר איין אַנדער מין איינדרוק האָט דיא נייע באַקאַנטשאַפט געמאַכט אויף אהרקען, פאַר איהם האָט זיך דערמיט געעפענט אַ נייע װעלט.

ער האָט פון פריהער געקענט דעם פּאָדריאַדטשיקס זוהן, נאָך באַלד װען ער איז אַנגעקומען קיין ר... און האָט זיך געװיזען אין אַלע גאַסען פאָהרענדיג מיט אַ שאָן פערד און אַ נייע װעגעלע. דיא

גאנצע שטאדט האט, אנגעהויבען רעדען פון דעם פאדריאטשיקס זוהן
וואס איז אראבגעקומען אונ נאך מעהר האבען דערפון גערעדט יונגע
לייט, וואס האבען ווינציגער וואס צוא טהון.

אהרקע פלעגט שטענדיג מקנא זיין פיאדערן: פיאדער איז אויך
א יודיש יונגעל פון דעסטוועגען לעבט ער אזוי, ער איז אזוי געזונד
אונ שאן, לעבט פריא, רעדט אונ פארשטעהט אזוי גוט רוסיש,
געווים קען ער אויך א סך שפראכען אונ פארשטעהט אלע ביכער,
אונ ער אהרקע וואס איז אויך א יודיש יונגעל, ווייסט מעהר ניט
פון דער קלויז מיט דער גמרא, ער קען א ווארט ניט רוסיש רעדען
אונ אז ער לייענט א רוסיש ביכעל קיינער זאל ניט וויסען, כדי ער
ער זאל וויסען וואס עס טהוט זיך אויף דער וועלט, אונ ווייסט
דארט ניט א ווארט האט ער ניט אפילו וועמען צו פרעגען, ער האט זיך ניט
ביא וועמען צוא לערנען; ער ווייסט פון קיין לעבען ניט, ער איז
גאר קיין מענש ניט, פיאדאר ו איז פון אדעסא ער איז שוין אוודאי
איבערגעוויזען דיא גאנצע וועלט אונ ווייסט פון א וועלט צוא זאגען
אונ ער אהרקע, גאר ניט...

ווען ער פלעגט זעהען פיאדארן פלעגט ער זיך פארשטעלען
וואס ער איז אין אזא פינסטער מזל געבוירען, וואס ער איז גאר
געבוירען געווארען ביא אזוינע עלטערן וויא ר' שבתי המעלניקער,
וואס ער איז גאר געבארען געווארע' אין דער שטאדט ר...

פון באקענען זיך מיט פיאדערן האט ער גאר אזא גרויסע השגה
ניט געהאט. —

ווען לאה האט זיא באקאנט געמאכט האט אהרקע גערעכענט
ער זאל פון א סך זאכען רעדען מיט פיאדארן, נאר ער האט זיך
עפיס פארשעמט, ניט געשמועסט, געקלערט וויא אזוי ער זאל רעדען
מיט איהם, נאר ווען ער האט געזעהען וויא פיאדאר האט זיך מיט
איהם אזוי פריינדליך אונ פראסט געזעגענט אונ געבעטען זיך
אפט באגעגענען, איז ער דערנאך ביים אוועקגעהן לעבעדיגער
געווארען. —

אונ באמת ביים צווייטען מאל, זענין זיא געווארען נעהנטער
אונ וואס ווייטער זענין זיא געווארען בעסערע פריינד. דערויף אז
זייער זעהען זיך זאל קיינער ניט שטערען פלעגט איהם פיאדאר
בעטען צוא זיך אויף זיין קוואַרטיר אונ דארט האט זיך אהרקע גע־
פונען א היימישען, ביא איהם אין שטוב, פלעגט ער זיך געפינען
פריא וויא גלייך דיא גאנצע וועלט איז פאר איהם פריא, ער פלעגט

זִיךְ פִּיהלֶען אִין גַאנְצֶען אוֹיפְגֶעבוּנְדֶען פוּן דֶעם עֶנְגְשַׁאפְט וָואס זַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען אִיהם צוּגֶעבוּנְדֶען צוּא יֶעדֶער זַאךְ. —

אוּנ דֶערְפַאר מַאקֶע וָואס אַ בַּאנְק פיאדארס קְוַואַרְטִיר, הָאט עֶר בֶּעקוּמֶען אַ שָׁעה צְוֵויא אִין טָאג וואו עֶר הָאט גֶעקֶענְט לֶעבֶען, רֶעדֶען זִיךְ אוֹיפְפִּיהרֶען פְרַייא, הָאט עֶר פיאדארן לִיעב בֶּעקוּמֶען, אוּנ אִיז גֶעפֶעלֶען פיאדארן פַאר זַיין פְּרָאקְטַקְייט, גוּטַקְייט אוּנ אוּמְשׁוּלְדִיגַקייט, אוּנ נָאךְ מֶעהר דֶערְפַאר וָואס צוּא לִיעב אהרקען פְּלֶעגְט אוֹיךְ קוּמֶען צוּא אִיהם לאה, דֶען וואו הָאט לאה גֶעהַאט אַ זִיכֶערֶען אָרְט זִיךְ צוּא זֶעהֶען אוּנ רֶעדֶען, לַאכֶען אוּנ שְׁטִיפֶען מִיט אהרקען וְויא בַּייא פיאדארן אִין שְׁטוּב.

— אַיינְמָאל צוּא פיאדארס גְרוֹיס וואוּנְדֶער אִיז אהרקע צוּגֶעטְרֶעטֶען צוּא אִיהם מִיט אַזַא שְׁמוּעֶס.

— פיאדאר! אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין לַאנְג גֶעוָואלְט אוֹיסְרֶעדֶען פַאר דִיר (זֵייא הָאבֶּען שׁוֹין לַאנְג אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען אוֹיף דוּ ...) נָאר, עֶס הָאט זִיךְ אַלֵיין נִיט גֶעמַאכְט עֶס אִיז נִיט אוֹיסְגֶעקוּמֶען. —

פיאדאר הָאט אוֹיפְמֶערְקְזַאם אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּהֶערֶען:

— אִיךְ הָאבּ עֶלְטֶערְן חֲסִידִם, מִיךְ הָאט מֶען קַיינְמָאל נִיט גֶעלֶערְנְט אִיךְ ווֵייס אוּנ קֶען גָאר נִיט, פוּן דֶער גְמָרָא וֶועט מִיר גָאר נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט, אִיךְ קֶען נִיט אוּנ ווִיל נִיט אַזוֹי וַויטֶער לֶעבֶּען וְויא מַיינֶע עֶלְטֶערְן ווִילֶען. אִיךְ הָאבּ זִיךְ עֶרְנְסְט עֶנְטְשְׁלָאסֶען אִיךְ זָאל אָנְהוֹיבֶּען עֶפִּיס לֶערְנֶען. וָואס וֶועט זַיין פוּן מִיר וָואס אִיךְ גֶעה וַוייטֶער אִין קְלוֹיז אוּנ ווִידֶער אִין קְלוֹיז. אִיךְ בִּין נָאךְ יוּנְג, אִיךְ וֶועל נָאךְ אַלֵין עֶרְגְרֵייכֶען אוּנ דֶערְנָאךְ וֶועל אִיךְ שׁוֹין קֶענֶען זִיךְ פִּיהרֶען אַלֵיין וְויא אִיךְ ווִיל.

— דוּא הָאסְט דָאךְ מִיר דֶערְצֶעהלְט אַז דוּא בִּיזְט שׁוֹין לַאנְג אַ חָתָן.

— יָא אִיךְ בִּין שׁוֹין אַ חָתָן, עֶלְטֶערְן הָאבֶּען מִיט מִיר אַ שִׁידוּךְ גֶעטָאהן, וְויא הָאבּ אִיךְ גֶעוַואגְט זָאגֶען זֵייא נֵיין? אַ חָתָן, לָאז זַיין אַ חָתָן — אִיהר ווִילְט נִיט אַנְדֶערְשׁ אִיךְ זָאל הָאבֶּען חֲתוּנָה לָאז זַיין אַ חֲתוּנָה מַיינֶע עֶלְטֶערְן קֶען אִיךְ קֵיין דֵעוֹת נִיט זָאגֶען, וָואס דֶען הָאבּ אִיךְ גֶעקָאנְט טְהוּן, כָּל זְמַן אִיךְ הָאבּ נָאךְ אַלֵיין גָאר נִיט אוֹיפְגֶעטְהוּן; וֶוען אִיךְ וָואלְט גֶעקֶענְט גֶעפִינֶען אַיין אַנְדֶער וֶועג פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אַז אִיךְ וָואלְט שׁוֹין גֶעווּאוּסְט וָואס צוּא טְהוּן,

— נָאר אִיךְ פַארְשְׁטֶעה נִיט, פוּן לאה'ן דֶערְמָאנְסְט דוּא גָאר נִיט, הָאסְט דָאךְ זִיא לִיעב. —

— יָא אִיךְ הָאבּ זִי לִיעבּ ווִי אַ יוּנְגֶער מֶענְשׁ קֶען גָאר לִיעב הָאבֶּען,

איך טָאר אָבֶער נִיט אונ קֶען אַזוֹי טְרַאכְטֶען פוּן דֶעם סוֹף פוּן דֶער לִיעבֶּע, וִויא לְמָשָׁל דוּא, צוּא נָאךְ אַזוֹינֶע וֶוען אִיהר פֶערְלִיעבְּט זִיךְ; וֶוען אִיהר ווִילְט נָאר קֶענְט אִיהר שְׁטֶענְדִיג אוֹיסְפִּיהרֶען, חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר דִיא וֶועלְכֶע אִיהר הָאט לִיעבּ, אָבֶּער מִיר – אִיךְ? הָאטְשׁ אִיךְ פִּיהל אוּנ ווֵייס אַז לִיעבֶּע אִיז שְׁטַארְקֶער פוּן אַלֶעם, נָאר אִיךְ ווֵייס אוֹיךְ אַז מַיינֶע עֶלְטֶערְעֶן מִיט אִיהרֶע עֶלְטֶערְעֶנְס פַאנַאטִיזְמוּס אִיז נָאךְ שְׁטַארְקֶער פוּן דִיא אַלֶע לִיעבֶּעס, נִיט אִיהר פָאטֶער וֶועט אִיהר וֶועלֶען גֶעבֶּען דֶעם מַאנְן וָואס זִיא ווִיל אוּנ נִיט מַיינֶע עֶלְטֶערְעֶן וֶועלֶען אָבְּלָאזֶען אַ שִׁידוּךְ אוּנ מִיר גֶעבֶּען אַ כַּלָּה וֶועלְכֶע אִיךְ ווִיל, מֶען מֶעג אֲפִילוּ אַיינְבּוֹיגֶען הִימֶעל צוּא דֶער עֶרְד וֶועט נִיט הֶעלְפֶען. –

– וָואס זְשֶׁע טְרַאכְטְסְט דוּא צוּא טְהוּן?

– אִיךְ טְרַאכְט... אִיךְ טְרַאכְט צוּא לֶערְנֶען... אִיךְ ווֵייס אַלֵיין נִיט וָואס צוּא טְרַאכְטֶען; אִיךְ טְרַאכְט נָאר ווִיא אַ וֶועג זִיךְ דוּרְכְּצוּשְׁלָאגֶען, אִיךְ זָאל אוֹיפְהֶערֶען זַיין צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּא מַיין פָאטֶער, וַוארְטֶען בִּיז עֶר וֶועט מִיךְ חֲתוּנָה מַאכֶען, בִּיז עֶר וֶועט מִיר מַיין נַדָן אָבְּגֶעבֶּען, בִּיז אִיךְ וֶועל בַּייא מַיין שְׁוֶועהר דִיא קָאסְט אָבְּעֶסֶען, בִּיז אִיךְ וֶועל דֶער שְׁווִיגֶערְס מְשׁוּגַעַת אִיבֶּערְלֶעבֶּען, אִיךְ ווִיל נִיט. אִיךְ ווִיל נִיט דָאס אַלֶעס, אִיךְ ווִיל לֶעבֶּען גְלַייךְ מִיט אַלֶע מֶענְשֶׁען, אוּנ חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר דֶער וָואס אִיךְ הָאבּ לִיעבּ.

– וָואס זְשֶׁע הָאסְט דוּא גֶעפוּנֶען אַז דֶער פְּלַאן דֶערְצוּ אִיז גְרַאדֶע לֶערְנֶען? מֶען קֶען עֶטִיס אַנְדֶערְס אוֹיסְטְרַאכְטֶען.

– וָואס קֶען מֶען פַאר מִיר אוֹיסְטְרַאכְטֶען עֶפִּיס אַנְדֶערְס? צוּא וָואס טוֹיג אִיךְ? אִיךְ מוּז פְרִיהֶער לֶערְנֶען, אִיךְ ווִיל טַאקֶע לֶערְנֶען, אִיךְ ווֵייס גָאר נִיט אוּנ קֶען גָאר נִיט.

– וָואס קֶען אִיךְ דֶערְצוּ טְהוּן?

– אִיךְ ווִיל אַז דוּא זָאלְסְט מִיךְ לֶערְנֶען, דִיךְ הָאבֶּען דַיינֶע עֶלְטֶערְן גֶעלֶערְנְט אַ סַךְ, דוּא הָאסְט גֶעוָואהנְט אִין אַ גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט; בַּייא קֵיין לֶעהְרֶער קֶען אִיךְ נִיט לֶערְנֶען, אַלֶע וֶועלֶען דֶערְפוּן ווִיסֶען, אוּנ ווִידֶער אִיךְ הָאבּ קֵיין גֶעלְד נִיט צוּא צָאהלֶען; דֶערְנָאךְ וֶוען אִיךְ וֶועל שׁוֹין עֶפֶּעס אוֹיסְלֶערְנֶען, וֶועל אִיךְ אַלֵיין לֶעגֶען דֶערְנָאךְ וֶועל אִיךְ אַוֶועקְפָאהרֶען עֶרְגֶעץ בִּיז אִיךְ וֶועל זִיךְ צוּא עֶפִּיס צוּא שְׁלָאגֶען, אִיךְ ווֵייס אַלֵיין נִיט וָואס עֶס קֶען זַיין שְׁפֶּעטֶער, דֶערְוַוייל ווִי אִיךְ דוּא זָאלְסְט מִיט מִיר לֶערְנֶען.

פיאדער הָאט אִיהם נַאכְגֶעטְשֶׁעט צְווֵיי שָׁעָה אִין טָאג אוֹיף צוּא לֶערְנֶען מִיט אִיהם רוּסִישׁ.

אהרקע הָאט מֶעהר נִיט גֶעקֶענְט ווִיא שְׁלֶעכְט לֵייעֶנֶען אוּנ נָאךְ ווִינְצִיגֶער הָאט עֶר פַארְשְׁטַאנֶען „לֵייעֶנֶען אִיבֶּערְזֶעצֶען אוֹיף יוּדִישׁ אוּנ שְׁרַייבֶּען" דָאס זֶענִין גֶעווֶעזֶען דִיא אוּרָאקֶען,

לאה אִיז אָפְּט גֶעווֶעזֶען בַּייא דִיא אוּרָאקֶען, אִין דֶער צַייט ווֶען דֶער שִׁילֶער פְּלֶעגְט פְּרֶעגֶען בַּיים לֶעהרֶער פְּלֶעגְט לאה בַּייא זִיךְ בֶּעטְרַאכְטֶען דֶעם חִילוּק פוּן דֶעם שִׁילֶער (דֶעם ווָאס זִיא הָאט לִיעבּ) אוּנ צְווִישֶׁען דֶעם לֶעהרֶער. אוּנ ווָאס אַ טָאג ווַייטֶער אִיז זִיא גֶעקוּמֶען צוּא דֶעם חֶשְׁבּוֹן: אַז צְווִישֶׁען זֵייא אִיז אַ גְרוֹיסֶער חִילוּק: אהרקע אִיז נָאךְ גָאר אַ יוּנְגֶעל אוּנ פיאדאר אִיז אַ פָאפְנֶער מֶענְשׁ. קוּקֶענְדִיק ווִיא אהרקע פְּרֶעגְט אוֹיס יֶעדֶעס ווָארְט פוּן בּוּךְ בַּיים לֶעהרֶער אוּנ פיאדאר עֶנְטְפֶערְט אַזוֹי דַייטְלִיךְ, פְּלֶעגְט זִיא זִיךְ אַלֵיין פְּרֶעגֶען: ווִיא קוּמְט עֶס זִיא זָאל זִיךְ פַארְלִיעבֶּען אִין אַזַא יוּנְגֶעל ווִיא אהרקע אִיז?

אוֹיף דֶער פְרַאגֶע הָאט זִיא זִיךְ בַּאלְד אַלֵיין פַארֶענְטְפֶערְט: עֶס אִיז קֵיין וואוּנְדֶער נִיט, אִיךְ הָאבּ בִּיז אַהֶער קֵיין בֶּעסֶערְן נִיט גֶעזֶעהֶען ווִיא אהרקען אוּנ אִיצְטֶער... אִיצְטֶער זִינְד פיאדאר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, הָאבּ אִיךְ דֶערְזֶעהֶען אַז עֶס אִיז דָא בֶּעסֶערְס; אוּנ ווִייטֶער, אִיךְ בִּין פְרִיהֶער גֶעווֶעזֶען נָאךְ גָאר אַ קִינְד כִּמְעַט אָהן שֵׂכֶל אוּנ הָאבּ נִיט גֶעוואוּסְט קֵיין חִילוּק פוּן גוּטְס בִּיז שְׁלֶעכְטְס פוּן מִיאוּס בִּיז שֶׁאן, אִיצְטֶער... אִיצְטֶער אִיז גָאר אַנְדֶערְשׁ.

ווָאס ווַייטֶער אוּנ ווַייטֶער אִיז לאה מֶעהר גְלַייכְגִילְטִיג גֶעווָארֶען צוּא אהרקען אוּנ פוּנְקְט פַארֶקֶעהְרְט צוּא פיאדארן.

אהרקע הָאט עֶס בַּאלְד בַּאמֶערְקְט אוּנ זִיא הָאט זִיךְ לַאנְג נִיט גֶעלָאזְט רֶעדֶען אוּנ אִיהם בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעזָאגְט דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת.

— אִיךְ קֶען דִיךְ נִיט אָפְּנַארֶען אוּנ מוּז דִיר אַרוֹיסְזָאגֶען דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת, הָאט זִיא אִיהם גֶעזָאגְט, אִיךְ קֶען דִיךְ מֶעהר נִיט לִיעבּ הָאבֶּען ווִיא בִּיז אַהֶער, אִיךְ פִיהל זִיךְ פִיעל פְּרַאקְטִישֶׁער, פִיעל קְלִיגֶער אַז דוּא זָאלְסְט קֶענֶען זַיין מַיין פָּאר.

— קֶענְסְט דוּא מִיךְ דֶען פוּן הַיינְט? דוּא הָאסְט דָאךְ מִיר בֶּאֱמֶת לִיעבּ גֶעהַאט פוּן תמיד אָן, ווָאס אִיז גָאר פְּלוּצִים אַזַא פֶערְאֶנְדֶערוּנְג גֶעווָארֶען? עֶס אִיז מִיר קֵיין מָאל אוֹיף דֶעם מוֹחַ נִיט אוֹיפְגֶעקוּמֶען עֶס זָאל זִיךְ אַזוֹי אוֹיסְלָאזֶען, דוּא זָאלְסְט מִיךְ אוֹיפְהֶערֶען לִיעבּ הָאבֶּען מַיין גַאנְצֶע הָאפְנוּנְג אוּנ מַיין לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶעזֶען, אַז מִיר ווִילֶען אַמָאל זַיין צוּזַאמֶען גְלִיקְלִיךְ, אוּנ ווָאס הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעטְהוּן פַאר דִיר, אִיךְ בִּין גֶעווֶעזֶע שְׁטֶענְדִיג גְרֵייט אוֹיף אַלֶעס אַבִּי זַיין גְלִיקְלִיךְ מִיט

דיר, אַפִילוּ זיך אויף שְׁטֶענְדִיג אָבְזָאגֶען פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערְן; איך הָאבּ נָאר אַיין מָאל גֶעהֶערְט פוּן דיר אַז עֶס וָואלְט גֶעוֶועזֶען וֶועהר גוּט איך זָאל זיך לֶערְנֶען, הָאבּ איך זיך ניט גֶעשֶׁעמְט בֶּעטֶען פיאדארן עֶר זָאל מיך אין דיא יָאהרֶען אָנְהֵייבֶּען לֶערְנֶען כִּמְעַט אַלֶף בֵּית. וויפיעל קָאסְט מיך דיא צייט וָואס איך גֶעפִין זַיין בֵּייא פיאדארן, עֶפִּים אַזוֹי גְרִינְג מֵיינְסְט דוּא וֶוער איך אויף עֶטְלִיכֶע שָׁעָה אין טָאג פֶערְפַאלֶען פוּן דֶער הֵיים, פוּן דֶער קְלויז, אין אַ וָואס פַאר אַ גֶעפַאהר גֶעפִין איך זיך וֶוען מַיינֶע עֶלְטֶערְן זָאלֶען דֶערְפוּן זיך דֶערְוִויסֶען, אוּנ פַאר דֶעם צַלֶעמֶען שְׁרֶעק איך זיך ניט, אַלֵין מיט דֶער הָאפנוּנְג אַז מיר זָאלֶען אַמָאל זֶעלְבְּשְׁטֶענְדִיג קֶענֶען גְלִיקְלִיךְ לֶעבֶּען צוּזַאמֶען — אוּנ אִיצְטֶער אַזוֹי פְּלוּצִים!...

—יָא דוּא בִּיזְט גֶערֶעכְט, נָאר וָואס זָאל איך טְהוּן אַז איך קֶען זיך ניט איבֶּערְמַאכֶען, איך הָאבּ דיך בֶּאֱמֶת בִּיז אַהֶער גֶעלִיעבְּט, נָאר איצְט קֶען איך מֶעהר ניט; אַי פַאר וָואס אַמָאל יָא אוּנ איצְט ניט? וועל איך דיר זָאגֶען דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת, אַ מָאל בִּין איך נָאךְ גֶעוֶועזֶען אַ יוּנג מֵיידִיל, קֵיין בֶּעסֶערְס פוּן דיר, הָאט זיך מיר אויסְגֶעוִויזֶען איז גָאר אויף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט ניט דָא אוּנ אִיצְטֶער בִּין איך אויס גֶעוַואקְסֶען, עֶלְטֶער אוּנ פְּרַאקְטִישֶׁער גֶעוָוארֶען, פוּן אוּנְזֶער לִיעבֶּע קֶען גָאר ניט וֶוערֶען...

— לאה, איך בִּין זיך אויךְ אויסְגֶעוַואקְסֶען, אויךְ עֶלְטֶער אוּנ פְּרַאקְטִישֶׁער גֶעוָוארֶען...

יָא, נָאר... נָאר איך קֶען דיך מֶעהר ניט לִיעבּ הָאבֶּען.

נָאךְ דֶעם איז עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעוֶועזֶען צְווִישֶׁען זֵייא אַזוֹינֶע שְׁמוּעֶסֶען אוּנ עֶס הָאט צוּא נָאר נִישְׁט גֶעבְּרַאכְט, לאה'ס רֵייד פְלֶעגֶען אַלֶע מָאל וֶוערֶען קֶעלְטֶער אוּנ עֶרְנְסְטֶער.

דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער אהרקע וָואלְט דָאס אַלֶעס אַזוֹי גְרִינְג ניט אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען. עֶר וָואלְט גֶעבֶּען אִיבֶּערְגֶעהַאט דִיא אַלֶערְלֵייא מַאזְלֶען אוּנ פָּאקֶען וָואס אַלֶע פַארְלִיבְּטֶע הָאבֶּען וֶוען זֵייעֶרֶע מַלְאָכִים הֶערֶען זֵייא אויף צוּא לִיעבֶּען, נָאר צוּא זַיין גְרוֹיס גְלִיק, הָאט עֶר בַּאלְד אַלֵיין בַּאמֶערְקְט דִיא אוּרְזַאכֶע אין דֶעם וָואס זַיין לאה הָאט זיך אַזוֹי אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען — עֶר הָאט דֶערְזֶעהֶען אין דֶעם פָּאדְרִיאַדְטְשִׁיקְס זוּהן זַיין שְׁטַארְקֶען קָאנְקוּרֶענְט עֶר הָאט זיך גֶעפִיהלְט זֵייעֶר שְׁוַואךְ אַז עֶר זָאהל זַיין קָאנְקוּרֶענְט שְׁטַארְקֶען מיט עֶטְוָואס קֶענֶען בַּייקוּמֶען, פיאדאר איז אויךְ כִּמְעַט אין אֵיינֶע יָאהרֶען מיט אִיהם, נָאר אָבֶּער שֶׁענֶער, גֶעזִינְטֶער, גֶעלֶערְנְטֶער, רַייכֶער, אוּמֶעטוּם רֶעדְט מֶען פוּן דֶעם פָּאדְרִיאַדְטְשִׁיקְס זוּהן.

דערווייל איז זיין פאטער ר׳ שבתי המעלניקער געקומען איינמאל פון יריד און האט איהם געבראכט א גילדען קיטיל מיט א זייגעריל און געזאגט „מזל טוב" אז ער איז א חתן געווארען.

ווי דיא גוטע שאף וואס ווען אפילו מען בינד זיא צוא דער שחיטה שווייגען זיי, אזוי האט אהרקע שווייגענדיג חתונה געהאט פאר דער כלה וואס זיין פאטער האט איהם אויסגעקליבען ווען ער איז געפאהרען אויף דעם יריד,

9

## דיא ערשטע ליעבע איז געטליך, דיא צווייטע - שעדליך.

דיא געליעבטע איז מילך
דיא כלה — פוטער
דא ווייב — קאז
(בערנע).

מען זאגט: „אז דיא צווייטע ליעבע איז שטארקער פון דער ערשטער, נאר פיעל שעדליכער, אזוי איז אויך געוועזען מיט לאהן, זיא האט פיאדארן באקומען ליעב ווייא א מיידעל אין איהרע יאהרען איז נאר אין שטאנד ליעב צוא האבען.

פיאדאר האט זיך געפיהלט גליקליך ווען ער האט באמערקט אז לאה האט אנגעהויבען זיין צוא איהם ניט גלייכגילטיג. ווארום פון דעם שאנעם שבת׳דיגען בייטאג, ווען ער האט דעם מיאוסען פאטש באקומען, האט ער לאהן אויפגעהערט צוא האלטען פאר אזא פויליש מיידעל ווייא פריהער, ער האט נאר איין אנדער מיינונג באקומען פון איהר און זיך מעהר אנגעהויבען צוקוקען צוא איהר און האט באמת געפונען אין איהר א זעלטענע שאנהייט, דערצו קלוג און שטענדיג האט זיא גערעדט מיט זעהר פיעל פארשטאנד. —

— מען דארף זיין א שטיק האלץ, מען זאל זיך אין דעם מיידעל ניט פארליעבען, פלעגט ער אפט ווידערהאלען, נאר ווייא אזוי פארליעבט מען זיך אין איהר, עס איז פראסט א בזיון פאר זיך אליין — ווער איז זיא און ווער בין איך? איך בין א יונגער מאן פון דער גרויסער וועלט, מיין פאטער איז רייך, איך ווייס פון א וועלט צוא

זאגען און פּלוצים זיך פארליעבען אין א קליין שטעדטעלדיג הקידים מיידעל! וואס וועלען זאגען מיינע באקאנטע, זייא וועלען פראכט לאכען אדער מיך פאר א גרויסען נאר האלטען. צוא א וואכער כלה וואלט איך דען ניט געקענט קומען איך זאל נאר וועלען א פּיפּס טהון אז איך וויל חתונה האבען? און דא גאט איך פּלוצים ר׳ שמואל בערס מיידעל! גיין, דאס וועט ניט זיין, איך קען זיך נאר מיט איהר אזוי אויפפיהרען אז זיא זאל מיינען אז איך האב זיא ליעב (דאס קען איך טהון), אבער באמת אין איהר זיך פארליעבען דאס וועט ניט זיין!

אזוי האט פיאדאר שטארק זיך ענטשלאסען, נאר אבער צוא זיין בזיון האט דיא נאטור געטהון איהרעס.

ווען ער האט לאה׳ן דערפיהלט אין זיינע ארים, האט ער ניט געקענט בייסטעהען אקעגען אזוינע צוויא לעבעדיגע, רעדענדיגע שפּרינגענדיגע שווארצע אויגען, אקעגען אזוינע שאנע לאנגע האר, אקעגען אזא ליבטיג פרעהליך געזיכט, אקעגען אזא אויסגעוואקסענע טאליע פון איין אכטצעניאהריג מיידעל.

ער האט פארגעסען אז ער איז פיאדאר איוואנאוויטש, אז ער איז רייך, געלערנט, אז ער קען חתונה האבען פאר דער בת מלכה (ער זאל נאר וועלען). אז פאר איהם שטעהט א קליין שטעדטעלדיג פּויליש מיידעל וואס מען דארף מיט איהר קיין צערעמאניעס ניט מאכען און אפילו קיין פּאליטיקע ניט פיהרען.

אן אלעס, אן אלעס האט ער פארגעסען, ער האט זיך געפיהלט אויף דעם זיבעטען הימעל און וויא א שטארקער בוים ווען מען האקט איהם אונטער אזוי איז ער געפאלען פאר לאה׳ן און געזאגט:

— לאה, איך האב דיך ליעב, ניט וויא אמאל, ניט וויא פריהר, נאר איך האב דיך ליעב וויא מיין גאנץ לעבען, דוא ביזט מיר העכער פון אלעס, קיין מאל וועלען מיר זיך נישט צוא טהיילען. —

דיא ווערטער וואס מען זאגט מיט דעם גאנצען הארצען, דארף מען קיין מאל יענעם ניט פארזיכערן אז ער זאל גלויבען אז מען זאגט אמת, יענער גלויבט אזוי אויך. —

זיא האט אויף א מינוט ניט געצווייפעלט אין זיינע ווערטער און זיא האט זיך איהם איבערגעגעבען מיט אלעם...

* * *

אין אײנע טאג אַרום, האט זיא זיך צװײנט פאר פיאדארן.

— איך האב נאך אויף אײן מינוט ניט פארגעסען אז איך בין א מײדעל, איך קען ניט אויפהערען װײנען...

— אומזיסט מאכסט דוא זיך נאר קאליע דיא אויגען, אונ װאס האבט דוא דא צװײנען, מיר זענען גליקליך אונ װעלען לעבען גליקליך.—

— נאר מיר האבען דאך נאך ניט חתונה געהאט, דוא ביזט א מאנספערזאן אונ איך א מײדעל...

— נאר פארשטעה אלײן, אז חתונה האבען קען מען ניט אזױ, איך האב דיר צוגעזאגט אז איך װעל מיט דיר חתונה האבען. נא װעט מיט גאטס הילף זײן מיט מזל, דערװײל שטערט אונז קײנער ניט דערצוא, אונ װען מען װעט אונז שטערען װעלען מיר חתונה דאבען, צוא דײנע עלטערען װעלען ניט װעלען צוא מײנע, װעלען מיר שױן װיסען װאס דערמעלט צוא טהון אז זײא זאלען יא װעלען, מײנע עלטערן װעלען מיר געװיס ניט זאגען קײן דעות פאר װעמען איך זאל חתונה האבען.

לאה האט באשטענדיג געהערט אז בײא דיא דײטשען זאגען קײן עלטערן קײן דעות ניט זײערע קינדער בײא אזױנע זאכען, אונ האט זיך געפיהלט גליקליך װען זיא האט זיך דערמאנט אן דער צײט װען זיא װעט מיט פיאדארן אװעקפאהרען צוא זײנע עלטערן אונ זײא װעלען דארט חתונה האבען.

אזױ זענען בײא זײא אװעקגעגאנגען טאג, נאכט, װאכען אונ חדשים אונ זײא האבען געלעבט גליקליך.

לאה איז געװעזען גליקליך דערמיט װאס פיאדאר װעט זײן איהר מאן אונ פיאדאר דער מיט װאס אזא שאן מײדעל איז אויף שטענדיג זײנע.

דיא גאנצע צײט איז דאס װארט „חתונה" אויף אײן מינוט ניט ארויסגעקראכען פון איהר קאפ, דערפאר אבער איז דאס װארט בײא פיאדארן אין קאפ קײן מאל ניט ארײנגעקראכען, אונ פון װאס האט מען דא גאר צוא טראכטען. װער שטערט דען דערצוא אז זײא זאלען חתונה האבען, דערװײל לעבען זײא בײדע גליקליך!

נאר אײן מאל איז לאה שטארק צוא איהם צוגעטרעטען אונ זיך זעהר ביטער צװײנט.

— נאך אין עטליכע חדשים ארום װעל איך װערען אײן אומגליק־ליכע מוטער!.. האט זיא אויסגעשריען מיט א ביטער קול.

חָאטשׁ דִיא זוּנְן הָאט דֶענְסְטְמָאל גֶעשַׁיינְט אִין דְרוֹיסֶען גְלַייךְ וִויא אַלֶע טָאג, נָאר פִיאדאר הָאט זִיא אִיצְטָער נִיט גֶעזֶעהֶען, זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶען נָאר גֶעזֶעהֶען שְׁוַוארְצֶע חְמַארֶעס, עֶר אִיז בְּלַאס גֶעוָוארֶען אוּנ שְׁטִיל נָאכְגֶעזָאגְט אִיהְרֶע וָוארְטֶער: „אָ מוּטֶער, אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מוּטֶער?"

נָאר אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם הָאט עֶר זִיא גֶעטְרֵייסְט אוּנ בַּארוּהִיגְט אַז אַלֶעס וֶועט זִיךְ עֶנְדִיגֶען וִויא צוּם בֶּעסְטֶען:

וֶוען זִיא אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנ עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין מִיט דִיא פִיער וָואנְד, הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען מִיט נַייֶע גֶעדַאנְקֶען.

– וָואס טְהוּט מֶען? וָואס טְהוּט מֶען? הָאט עֶר זִיךְ אַלְלֶע מָאל גֶעפְרֶעגְט.

– בְּתוּנָה הָאבֶּען פַאר אִיהר? אִיז אִיהם אוֹיפְגֶעקוּמֶען אוֹיף דִיא גֶעדַאנְקֶען נָאךְ דֶעם וִויא עֶר הָאט עֶטְלִיכֶע מָאל אִיבֶּערְגֶעשְׁפַּאנְט אִיבֶּער דֶער שְׁטוּב אַהִין אוּנ אַהֶער, – וֶועט זִיךְ אָנְהוֹיבֶּען אַ גַאנְץ גֶעשֶׁעפְט, גֶעה טַעֲנָה מִיט דִיא עֶלְטֶערְן בִּיז זֵייא וֶועלֶען בֵּיישְׁטֶעהֶען, נָאר קָאז זַיין אִיךְ וֶועל בַּייא מַיינֶע עֶלְטֶערֶען פוֹעֶלְן, נָאר לוֹיט יֶעם בְּאר מִיר אָהן נַדְן, אָהן בִּילְדוּנְג, זִיא קֶען אֲפִילוּ קֵיין פִּיאַנָא נִיט שְׁפִּיעֶלֶען, הָלֶעבֶּען שָׁאן וֶועט דָאס זַיין פַאר מִיר, אַז אִיךְ וֶועל זַיין אַ בַּעַל בַּיִת אוּנ מַיין מַאדַאם דַאבָּאוְוסְקָע וֶועט אֲפִילוּ קֵיין פִּיאַנָא נִיט קֶענֶען, עֶס וֶועלֶען קוּמֶען גֶעסְט אוּנ זֵייא וֶועט זֵייא אֲפִילוּ נִיט קֶענֶען צוּנֶעמֶען, פַארְבְּרֶענְגֶען מִיט זֵייא דִיא צֵייט וִויא עֶס גֶעהֶערְט זִיךְ אִין דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט, אִיךְ הָאבּ אִין אִיהר קֵיין מַאנִיעֶרֶע נִיט גֶעזֶעהֶען וִויא מַיין פְרוֹי וָואלְט בַּאדַארְפְט הָאבֶּען, וִויא אַזוֹי וֶועל אִיךְ זִיךְ נָאר וַוייזֶען מִיט אִיהר אִין טְהֶעאַטֶער אָדֶער אוֹיף אַ בַּאל, וואו הָאט זִיא גָאר דִיא אַלֶע מַאנִיעֶרֶען דֶערְזֶען? וואו הָאט זִיא גָאר עֶרְצִיהוּנְג גֶעהַאט? אֲפִילוּ זוּמֶער קֵיין אוֹיסְלַאנְד וֶועל אִיךְ מִיט אִיהר נִיט קֶענֶען פָאהרֶען, מֶעהר וִויא יוּדִישׁ אוּנ צוּבְּרָאכֶען רוּסִישׁ קֶען זִיא נִיט, מִיט אַיין וָוארְט אִיךְ וֶועל מִיךְ מוּזֶען בַּאהַאלְטֶען מִיט אִיהר פוּן מֶענְשֶׁען, אִיז דָאס אַ לֶעבֶּען אַז אִיךְ זָאל בַּאדַארְפֶען רוֹיטְה וֶוערֶען אִיבֶּער אִיהר – אִיבֶּער מַיין אֵייגֶען וַוייבּ יֶעדֶען שְׁרִיט? גֵיין פִיאדאר איוואנאוויטשעס פְרוֹי בַּארְף קֶענֶען זִינְגֶען אוּנ שְׁפִּיעֶלֶען, זִיא דַארְף הָאבֶּען אַלֶע גְרוֹיסֶועלְטְלִיכֶע מַאנִיעֶרֶען אַז אֲפִילוּ אִין דִיא גְרוֹיסֶע סַאלָאנְס זָאל זִיא זִיךְ רֶעכֶענֶען פַאר דֶעם בְּארְץ פוּן דֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט. מַאכְט מֶען עֶרְגִיץ אַ לִיבִּיטֶעלְסְקָע סְפֶּעקְטַאקְעל וֶוענֶען אַ וָואהְלְטְהֶעטִיגֶער זַאךְ, זָאל מַיין פְרוֹי זַיין דִיא עֶרְסְטֶע אַקְטָארִיסֶע, אַלֶע זָאלֶען דֶערְנָאךְ זָאגֶען אוּנ שְׁרַייבֶּען אִין גַאזֶעטֶען: וֶוען דִיא יוּנְגֶע מַאדַאם דאבאווסקע זָאל זִיךְ אָפְטֶער וַוייזֶען אוֹיף דֶער סְצֶענֶע

ג׳אלט זיך אין איהר ענטוויקעלט איהר גרויס טאלאנט. — מיין פרוי דארף מען געבען צוא דער חתונה א גרויסארטיגע גארדעראבע אונ חאטש צוואנציג טויזענד רובל נדן.

אונ דא וואס וועל איך האבען? פוילע פיש אונ פארשטוקענעם הערינג! ניין, דאס קען ניט זיין! וויא ע־רליך אינ סאוועסטנע איך זאל זיא באהאנדלען, נאר דאס קען ניט זיין, עס וואונדערט מיר גאר וואס מיר איז אזא נארישקייט איינגעפאלען; איך וועל איהר זאגען אז זיא זאל אויפהערען דענקען וועגען דעם, געלד וועל איך איהר געבען וויפיעל זיא וועט באדארפען, אפילו איהר גאנץ לעבען וועל איך זיא מיט דיא קינדער אויסהאלטען, זיא וועט טאקע קענען וואהנען אין דער שטאדט וואו איך אונ איך וועל זיא טאקע ליעב האבען, זי איז פארט זעהר שאן, איך קען זיא אזוי גיך ניט אבלאזען פון זיך, אונ דאכט זיך אז זיא וועט זיין זייער צופרידען ווען איך וועל זיא אויסהאלטען גלייך מיט מיין ווייב. וואס נאך קען איהר טהון? דאכט זיך יוצא, איין אנדערער וואלט זיא נאר געהערט וויא דעם פאראיאהריגען שנעע, נאר איך קען ניט, מיר איז סאוועסטנע זיך איצטער אבזאגען פון איהר, זיא איז פארט זעהר שאן אונ איך האב זיא ליעב, ניין איך וועל זיא שטענדיג אויסהאלטען נים ערגער וויא מיין אייגען ווייב; קיין אנדערע, דער איידעלסטער מענש וואלט זיך עהרליכער ניט באנאנגען מיט איהר וויא איך.

נאכדעם וויא ער האט זיין אייגענעם סאוועסט אזוי גוט אבגערייניגט, זיין הארץ אזוי בערוהיגט, איז ער נאך איינמאל זיך איבערגעגאנגען איבער דער שטוב דערנאך גאנץ ברייט זיך אויסגעצויגען אויף דער סאפע, אונ האט נאך א מאל בעשלאסען אז אזוי וועט בלייבען אונ ער וועט איהר וועגען דעם אלעס זאגען.

ליגענדיג אזוי ברייט אויף דער סאפע אויסגעצויגען וויא ער איז לאנג האבען זיינע געדאנקען אנגעהויבען פליהען:

— פרעקראסנא! אזוי וועט זיין! האט ער געזאגט אויף רוסיש.

אונ באמת קען גאר שאנער ניט זיין, אט וויא ער האט זיך פארגעשטעלט:

אין ניבסטען וועט ער חתונה האבען פאר א מיידעל וואס שפיעלט, זינגט אונ איז שאן, א גארדאראבע וועט זיא האבען אז גאנץ אדעס וועט מיט איהרע קליידער קלינגען, צוואנציג טויזענד רובל וועט ער נעמען ביי איהר נדן, זיין פאטער וועט איהם אויך געבען עטליכע טויזענד רובל, הויז א הויז, פערד, א קארעטע, מתנות פון איהר געלטערן וועלען אויך זיין, קרעדיט וועט ער זיך מאכען א גרויסען,

באַלד וועט ער מאַכען אַ גרויס געשעפט און עפענען אַ גרויסען קאַנטאָר. דער קאַנטאָר וועט זיין אויף דער פרעהליכסטער גאַס „רישעליע" זיין ברוי וועט וואָהנען אויף דער שאָנסטער גאַס „בולווארנאיא אוליצא", לאה'ן מיט איהר קינד וועט ער דינגען אַ שאָנוואָהנונג אין עק שטאָט אויף דער „קאנאטנע" וואו כמעט ביי יעדען הויז געפינט זיך אַ גאָרטען, דעם נאַנצען טאָג וועט ער אַרומלויפען מיט די צווייא ריסאַקעס, זיינער ניין אין דער פריה וועט ער שוין האָבען אָבגעטרונקען קאַווע אינ טאַרבאַראַך מיט דער קאַרעטע פון „בולווארנע" איבער די אַדעסער האַרטע שטיינער גלייך איבער דער „רושעליע" צוא דער קאַנטאָר: פונקט זיינער צוועלף וויטער טאַרבאַראַך מיט דער קאַרעטע צוריק אויף דער בולוואַרנע אַהיים פרישטיקען, נאָך דעם פריהשטיק טאַרבאַראַך אויף דער „קאנאטנע" אונ דאָרט וועט ער זיך צולעגען אויף דעם דיוואַן אונ די גאָלדענע שאָנע לאה געבען איהם, זיא וועט אַוודאַי בעטען אַלע מאָל אַ נייע בראָשעל אַ ניי קייט אונ ער וועט פאַר איהר ניט זשאַלעוועען. ער וועט שטענדיג שוין האָבען אָנגעגרייט אין קעשענע אונ וועט איהר שוין געבען אונ לאה וועט זיין אַזוי פרעהליך אונ וועט איהם אַרומנעמען אונ זאָגען: מיין טהייערער פיאדאר! דוא ביזט גאַר קיין מענש, נאַר אַ גאָלד.

אַזוי וועט ער ביי לאה'ן פאַרברענגען ביז אָנבייסען אונ ווייטער טאַרבאַראַך פון „קאַנאַטנא" ביז „גבולוואַרנאָג" אַהיים עסען, דאָס ווייב וועט זיך אַביסיל אָנבלאָזען (עס וועט איהר אַזוי שאָן פּאַסען!) אונ וועט איהם אַרומנעמען אונ זאָגען אויף פראַנצאָזיש:

– מיין טהייערער פיאדאר, קיין מאָל זעה איך דיך ניט אין שטוב אונ אפילו צום אָנבייסען פאַרשפּעטיגסט דוא, מיר וואַרטען מיט דעם טיש אַלע אויף דיר, אַכט אַ זייגער הייבט מען שוין אָן צוא שפּיעלען אין דעם גרויסען טהעאַטער אונ איך בין נאָך אַפּילו ניט אָנגעטהון, איבער דיר קומען מיר שטענדיג אָן צוא דעם צווייטען אַקט.

– נאַר מיין ליעבע, וועט ער זיא קושען אונ האַלזען, די געשעפטען! די געשעפטען! וואָס קען איך טהון, איך האָב אַפּילו קיין צייט ניט אַ גלאָז וואַסער אויסצוטרינקען; באַלד נאָך פריהשטיק האָב איך געמוזט זיין אין באַנק, האָב איך פלוצים געהערט אַז אויף דער בערזע טהוט זיך איצט חושך, די היינטיגע בערלינער טעלעגראַמע האָט דאָס אַלעס אָנגעמאַכט, איך האָב זיך ניט אויסגעפעט אָבצופאַרטיגען מיט בילעטען פון דעם נייעם וואָסטאָטשני זאָיאָם, בין איך גלייך אַוועק אויף דער בערזע, דאָרטען האָבען מיך אַלע אַרומגערינגעלט...

– נאַ, נאַ איך ווייס, איך ווייס, אַז דוא וואָלסט געזעסען אין

דערהיים, נאר האבט קיין צייט ניט, לאמיר דערווייל עסען אנבייסען וועט דאס ווייב זאגען און מען וועט זיך זעצען צום טיש און עסענדיג וועט ער ווייטער אנהויבען:

— גיין מיין ליעבע, איך מוז דיר ענדיגען, דער קאפ גערט מיר נאך הארארם פון דעם גרויסען טומעל — אלע האבען מיך ארומגערינגעלט: דאבאווסקע דאבאווסקע, — לאז זיין שטיל האפט אייך אלע דער רוח מיט דער טעלעגראמע, איך האב שוין געהערט, האב איך זיך אנגעהויבען אבטשעפען פון זיא, גיין האבען זייא ווייטער אנגעהויבען, נאט לייענט! און גיבען מיר א פאק טעלעגראמעס, איך נעם לייענען: אסטרייבישער ווייץ 34 – 43 מיט ¼ שילינג, דאס רוסישע קערביל איז געפאלען, אויף פוילישען ווייץ איז גאר קיין קונים גיט דא, נאליטישע פדיעלקעס איז זעהר ווענינ, מען ערווארטעט אז דער פרייז וועט זיך פאלען, הייגט פון לאנדאן – פאריז, מארסייל און דארט דיא אלע אנדערע האב איך דיר שוין גאר ניט צוא דערצעהלען בקיצור איך בין אויסער זיך, ערשט פריהער מיט עטליכע שעה איידער איך קין געוועזען אין באנק האב איך פאר אסטרייך געקויפט עטליכע טויזנד טשעטווערט און דא חאטש צוריים זיך, א גליק וואס עס איז אנגעקומען א נייע דעפעשע מיט גוטע האפנונג, און איך בין קוים חאטש אנטלאפען עסען אנבייסען.

נאך דעם אנבייסען: טאררארראך מיט דער פרוי אין טהעאטער, דעם ערשטען און דעם צווייטען אקט וועט ער זיצען מיט זיין פרוי אין איינער פון די ערשטע לאזשעס און וועט קוקען מיט דעם בינאקל ארויף אין א לאזשע פון דעם דריטען ריאד וואס זיצט א זעלטענע שאנע דאמע מיט א שאן קינד, אלע בינאקלען זענין אבגעשטעלט אויף איר, און ווי וועלען איהם מקנא זיין זיינע באקאנטע און אלע, אז זייא וועלען געוואהר ווערען אז דיא זעלטענע דאמע איז זיין לאה! צוא דעם דריטען אקט וועט ער זיך אריינכאפען צוא איהר אין דער לאזשע אז דיא פרוי זאל ניט באמערקען און וועט זיך מיט איהר אזוי אהן צערמאניע רעדען אז אלע בינאקלען וועלען דערקענען אז דיא זעלטענע שאנע דאמע איז זיינע און וועלען איהם מקנא זיין, ווארום איז דען צווישען מאנסבילען דא א גרעסערע קנאה וויא אויף א שאנער פרוי?

אזוי האט זיך פארטראכט אונזער פיאדאר און איז אזוי פרעהליך געווארען אז ער האט זיך אויפגעחאפט פון קאפע און געמאכט אליין א טענציל אהין און צוריק איבער, דער שטוב, צוגעזונגען מיט דער מעלאדיע פון דער „שאנער העלענע”.

– פְרֶעקְרַאסְנָא· אַזוֹי בְּלַייבְּט עֶס, אַזוֹי װעט זַיין· הָאט עֶר נָאךְ אַמָאל גֶעזָאגְט עֶנְטְשְׁלָאסֶען.

גְרָאד הָאט זִיךְ גֶעעֶפֶענְט דִיא טְהִיר אוּנ לֹאה אִיז אַריינְגֶעקוּמֶען,

– אִיךְ בִּין דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען. בִּין אִיךְ אַרײנְגֶעגַאנְגֶען, הָאט זִיא פְרֶעהלִיךְ גֶעזָאגְט.

אִין זַיין פְרֶעהלִיכֶען צוּשְׁטַאנְד אִיז עֶר זֶעהר צוּפְרִידֶען גֶעוֶועזֶען װָאס זִיא אִיז גְרָאד גֶעקוּמֶען. –

– הָאסְט זֶעהר גְלַייךְ גֶעטְהוּן װָאס דוּא בִּיזְט אִיצְט אַריינְגֶעקוּמֶען, הָאט עֶר זִיא זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ אָנְגֶענוּמֶען בַּייא בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ זִיא גֶעזֶעצְט נֶעבֶּען זִיךְ, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אִין גַאנְצֶען, אִין גַאנְצֶען בֶּעשְׁלָאסֶען וִויא עֶס װעט זַיין, אַלֶעס װֶעט זַיין גוּט, אֵייבִּיג, אֵייבִּיג, װעלֶען מִיר זַיין גְלִיקְלִיךְ, אֵייבִּיג װעלֶען מִיר זַיין צוּזַאמֶען אוּנ זִיךְ נִיט שֵׁיידֶען. ——

לֹאה הָאט זִיךְ אַזוֹי גֶעפִיהלְט גְלִיקְלִיךְ פוּן דֶעם נַייעֶם אוּנ אַזוֹי גֶעװָאלְט אַרוֹיסְוַוייזֶען אִיהר דַאנְקְבַּארְקֵייט פַאר זַיין גוּטְסקֵייט אוּנ אֶרֶענְטְלִיכְקֵייט, אַז זִיא הָאט אַלֵיין נִיט גֶעװאוּסְט וִויא אָנְצוּהוֹיבֶּען; וִויא אַ פַארְמִישְׁטֶע הָאט זִיא אִיהם שְׁטַארְק צוּא גֶעדְרִיקְט צוּא זִיךְ אוּנ הָאט גֶעוַויינְט פַאר פְרֵייד.

– אִיךְ בִּין גְלִיקְלִיךְ, אִיךְ בִּין גְלִיקְלִיךְ, מַיין טְהַייעֶרֶער פיאדאר! לָאז מִיךְ אָט אַזוֹי אַבִּיסְל זִיךְ אָפְּרוּהֶען פוּן מַיין גְרוֹיס פְרֵייד, פוּן מַיין גְלִיק.

עֶטְלִיכֶע מִינוּט הָאט זִיא זִיךְ שְׁטִיל אָהן װֶערְטֶער אָפְּגֶערוּהט אִין זַיינֶע אָרִים, אוּנ דֶערְנָאךְ הָאט עֶר אִיהר אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְצֶעהלֶען וִויא עֶר הָאט בֶּעשְׁלָאסֶען ד. ה. עֶר װֶעט זִיא גֶעמֶען קֵיין אַדֶעס, עֶר װֶעט אִיהר דִינְגֶען אַ שֶׁאנֶע װָאהנוּנְג אוּנ װֶעט זִיא אִיהר גַאנְץ לֶעבֶּען אוֹיסְהַאלְטֶען מִיט אַלֶע פַארְגְנִיגֶען, פּוּנְקְט וִויא זַיין אֵייגֶען װַייבּ.

– נָא, אוּנ חֲתוּנָה הָאבֶּען װֶען?

אוֹיף דֶער פְרַאגֶע הָאט עֶר אִיהר גַאנְץ עֶפֶענְטְלִיךְ עֶרְקְלֶערְט אַז דָאס װעט קֵיין מָאל נִיט זַיין, עֶר דַארְף הָאבֶּען אַיין אַנְדֶער מִין פְרוֹי, צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד רוּבִּיל, קַארֶעטֶעס א. ז. וו. װָארוּם װֶען אַנְדֶערס װֶעט עֶר גִיט הָאבֶּען מִיט װָאס זִיא אוֹיסְצוּהַאלְטֶען אוּנ עֶר אַלֵיין װֶעט נִיט הָאבֶּען פוּן װַאנֶען צוּא לֶעבֶּען.

בְּקִיצוּר עֶר הָאט אַלֶעס פַּאקְטִיש, אֶפֶענְטְלִיךְ עֶרְקְלֶערְט אַז אַנְדֶערְשׁ קָען נִיט זַיין; אוּנ װֶען עֶר הָאט דֶערְזֶעהֶען אַז אִיהר גֶעזִיכְט בֵּייט זִיךְ עֶפֶּעס הָאט עֶר אִיהר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַיינְצוּרֶעדֶען, אַז עֶר בַּאגֶעהט זִיךְ מִיט אִיהר זֶעהר אָרֶענְטְלִיךְ, אַנְדֶערֶע מֵיידְלֶעךְ װָאלְטֶען דָאס גֶערֶעכֶענְט פַאר זִיךְ פַאר אַ גְרוֹיס גְלִיק אוּנ זִיא אִיז נִיט אֵיינֶע אַזוֹינֶע, עֶס זֶענִין

דָא אַזוֹינֶע אַ סַךְ וָואס לֶעבֶּען וֶועהר גְלִיקְלִיךְ פִיעל בֶּעסֶער פוּן דִיא וַוייבֶּער וָואס הָאבֶּען מַאנֶען לְפָנִים פַאר דֶער וֶועלְט:

עֶר הָאט וַוייטֶער אִיהר גֶעוָואלְט עֶרְקְלֶערֶען, נָאר זִיא אִיז שׁוֹין לַאנְג גֶעוֶועזֶען וַוייט פוּן אִיהם אוֹיף עֶטְלִיכֶע שְׁפַּאן.

– אוּנ עֶפֶּעס קֵיין בֶּעסֶערְס הָאסְט דוּא נִיט אוֹיסְגֶעטְרַאכְט? הָאט זִיא אִיהם גֶעפְרֶעגְט מִיט אַזַא קוֹל, אַז עֶר הָאט נִיט דֶערְקֶענְט צוּא עֶס אִיז אִיהר קוֹל, בִּכְלַל הָאט עֶר זִיךְ פַאר אִיהר גֶעזִיכְט צוּא שְׁרָאקֶען אַזוֹי הָאט זִיךְ אַלֶע מָאל אִיהר פָּנִים גֶעבִּיטֶען.

– אִיךְ פַארְשְׁטֶעה דִיךְ נִיט, לֵאה, וָואס דוּא הָאסְט זִיךְ אַזוֹי אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען אוּנ אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען, אוּנ וָואס פְרֶעגְסְט דוּא מִיךְ צִיא קֵיין בֶּעסֶערְס הָאבּ אִיךְ נִיט אוֹיסְגֶעטְרַאכְט, דַאכְט זִיךְ אַז קֵיין בֶּעסֶערְס קֶען גָאר פַאר דַיין גְלִיק נִיט זַיין.

– זָאגֶענְדִיג דִיא וֶוערְטֶער אִיז עֶר צוּגֶעגַאנְגֶען נֶעהֶנְטֶער צוּא אִיהר. נָאר זִיא אִיז וַוייטֶער אָבְּגֶעטְרֶעטֶען אוּנ נָאךְ אַמָאל גֶעפְרֶעגְט:

– אִיךְ פְרֶעג דִיךְ נָאךְ אַמָאל: אוּנ הַתּוֹנָה הָאבֶּען זָאגְסְט דוּא מִיר קֵיין מָאל נִיט צוּא?

– נֵיין, הָאט עֶר עֶנְטְשְׁלָאסֶען גֶעזָאגְט, דוּא וֶועסְט אַזוֹי אוֹיךְ זַיין גְלִיקְלִיךְ, לָאז מִיר גָאטְט אַזוֹי פִיעל הֶעלְפֶען, וִויא פִיעל אִיךְ וִויל דִיר הֶעלְפֶען. וֶוען דוּא זָאלְסְט פַארְשְׁטֶעהְן וִויא מֶען לֶעבְּט אוֹיף דֶער וֶועלְט וִויא אִיךְ, וָואלְסְט דוּא פַארְשְׁטַאנֶען, אַז בֶּעסֶערְס פַאר דִיר קֶען נִיט זַיין, אוּנ אִיךְ פַארְשְׁטֶעה גָאר נִיט וָואס דַארְפְסְט דוּא אַזוֹי נֶאטְהִיג דִיא פוּסְטֶע צֶערֶמָאנְיֶע דָאס פִינְגֶערִיל דִיר אָנְטְהוּן, אִיבֶּער דֶעם פוּסְטֶען פִינְגֶערִיל וָואס אִיךְ וֶועל דִיר אָנְטְהוּן אוּנ צְוֶוייא יוּדֶען זָאלֶען זַיין דֶערְבַּייא, זָאל אוּנְז בֵּיידֶען אַזוֹי פִיעל מִיה אוּנ גֶעלְד קָאסְטֶען! פַאר וֶועמֶען דֶען ווִיל אִיךְ זַיין גְלִיקְלִיךְ, אַז נִיט פוּן דַיינֶטְוֶועגֶען, אִיךְ זָאל דִיר קֶענֶען הֶעלְפֶען?...

עֶר הָאט נִיט אוֹיסְפֶּעיֶעט צוּא עֶנְדִיגֶען דִיא וֶוערְטֶער. הָאט זִיא נִיט מִיט אִיהר קוֹל אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן:

– אִיךְ דַארְף נִיט דַיין הִילְף, פִיאדאר, אָט עֶר – גָאט, וֶועט מִיר הֶעלְפֶען, אִיךְ הָאבּ נָאךְ צְוֶוייא הֶענְד, זֵייא זֶענֶען גֶעזוּנְד זֵייא קֶענֶען הָארֶעוֶועןאוּנ פַארְדִיעֶנֶען בְּרוֹיט פַאר מִיר אוּנ פַאר מַיין אוּמְגְלִיקְלִיךְ קִינְד, דָאס זֶענֶען מַיינֶע לֶעצְטֶע וֶוארְטֶער מִיט דִיר!

אוּנ לֵאה הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט צוּא דֶער טְהִיר, נָאר עֶר הָאט זִיא אָבְּגֶעהַאלְטֶען:

– לֵאה!!

– לָאז מִיךְ דִיא מִינוּט אָב, פָאדְלִיעֶן, הָאט זִיא זִיךְ אוֹיסְגֶעְרִיסֶען פוּן זַיינֶע הֶאנְד אָנְגֶעשְׁפּוֹיגֶען אִיהם אִין פָּנִים אוּנ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען ...

פיאדאר הָאט זִיךְ אַ לַאנְגֶע צַייט גֶעפוּנֶ֯ן וויא אֵיינֶער אִין אַ גְרוֹיסֶען טְשַׁאד, דִיא שְׁלֵייפֶען הָאבֶּען אִיהם גֶעהַאקְט אוּנ דָער קָאפּ גֶעטוּמֶעלְט.

עֶר הָאט בְּאֵין אוֹפֶן זִיךְ נִיט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אַז עֶס זָאל זִיךְ אַזוֹי אוֹיסְלָאזֶען.

10

# אִין וועֶג.

וְויא לאה הָאט אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט דִיא צַייט בִּיז זִיא אִיז אַ מוּטֶער גֶעוָוארֶען, דִיא עֶטְלִיכֶע טֶעג וָואס זִיא הָאט נָאךְ דֶעם פַארְבְּרַאכְט אוֹיף דֶער „טוֹיטֶער גַאס" בַּייא ר' זלמינען אִין שְׁטוּב מִיט שיינדעלען אוּנ הייקען אוּנ צוּא עֶנְדֶע וְויא זִיא הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט דָאס קִינְד אוּנ אוּנ אַלֵיין אַוֶועק פוּן זֵייא, דָאס אַלֶעס אִיז שׁוֹין בַּאקָאנְט דִיא לֶעזֶער פוּן אָנְהוֹיבּ עֶרְצֶעהלוּנְג.

נִיט גְרִינְג אִיז אִיהר גֶעוֶועזֶען זִיךְ צוּא עֶנְטְשְׁלִיסֶען אִיבֶּערְצוּלָאזֶען דָאס קִינְד אוּנ אַלֵיין אַוֶועקְפָאהרֶען; – זִיא הָאט אֲפִילוּ נִיט גֶעדֶענְקְט דָאס קִינְד אַוֶועקְגֶעבֶּען צוּא אַיין אַם. „מַיין קִינְד וְויל אִיךְ נִיט אַוֶועקְגֶעבֶּען צוּא אַ פְרֶעמְדֶע מוּטֶער" הָאט זִיא גֶעזָאגְט וֶוען מֶען הָאט אִיהר דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל דֶערְלַאנְגְט דָאס אָבְּגֶעוַואשֶׁענֶע קִינְד, וֶוען זִיא הָאט עֶס דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל צוּגֶעדְרִיקְט צוּם הַארְצֶען; אִין דֶער מִינוּט הָאט זִיא, פַארְגֶעסֶען אַלֶע אִיהרֶע צָרוֹת וָואס זִיא הָאט בִּיז אִיצְט אִיבֶּערְגֶעלִיטֶען אוּנ דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע צָרוֹת וָואס עֶרְוַוארְטֶען זִיא אִין דֶער צוּקוּנְפְט פוּן אִיהר לֶעבֶּען.

– „דָאס קִינְד וֶועט זַיין מַיין טְרֵייסְט, צוּלִיעב דֶעם קִינְד וֶועל אִיךְ לֶעבֶּען", הָאט זִיא גֶעזָאגְט.

אָבֶּער נִיט לַאנְג אִיז זִיא גֶעוֶועזֶען אַזוֹי גְלִיקְלִיךְ, עֶס זֶענִין נָאר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע טָאג, הָאט זִיא זִיךְ אַלֵיין אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְרֶעגֶען: „וָואס טְהוּט מֶען? וָואס טְהוּט מֶען וַוייטֶער?".

אֵיינֶגֶענְטְלִיךְ „וָואס טְהוּט מֶען וַוייטֶער" הָאט זִיא שׁוֹין לַאנְג גֶערֶעשֶׁעט נָאךְ פְרִיהֶער אֵיידֶער זִיא אִיז אַ מוּטֶער גֶעוָוארֶען.

– איך וועל איבערקומען די שווערע צייט, האט זיא זיך געטראַכט וועל איך אנהויבען לעבען מיט אַ נייע לעבען, איך וועל אַליין פאהרען דארט וואו מען קען מיך ניט, איך בין נאך יונג אונ געזונד, איך וועל האַרעווען מיט מיינע אַלע כחות, צוא ערנעהרען מיין קינד אונ זיך".

"נאר וואס טהוט מען מיט דעם קינד? וואו זאל איך פאהרען? וואו זאל איך געהן מיט דעם קינד? איז דען מעגליך צוזאַמען מיט דעם קינד ערגעץ מיין ברויט געפינען? אין וועלכער שטוב וועט מען מיר נאר אַריינלאַזען, ווען איך וועל קומען מיט מיין שאנדליכען פאספארט?

הונדערט מאל האט זיא זיך איבערגעפרעגט: "וואס טהוט מען מיט דעם קינד? אונ מיט אַ צובראָכען האַרץ האט זיא בעשלאָסען איבערצולאזען דאס קינד אונ אַליין אַוועקצופאהרען.

זיא איז געוועזען פארזיכערט. אז אויף איין עלענד קינד וועט ר' זלמן רחמנות האבען, זיא איז געוועזען פארזיכערט אין שיינדלען אז זיא וועט דעם קינד זיין אַ צווייטע מוטער. האטש זיא האט אַליין זיך קיין חשבון ניט געקענט אָבגעבען, פאר וואס זיא איז אַזוי פארזיכערט, נאר דאס האַרץ האט איהר עפיס געזאגט אז זיא לאזט איבער דאס קינד אין זיכערע גליקליכע הענד.

מיט די גליקליכע געדאנקען איז זיא שטיל, אז קיינער זאל ניט וויסען, אַוועקגעפאהרען פון ה... דאס ערשטע מאל אין איהר לעבען איז זיא אַרויסגעפאהרען פון דער שטאדט וואו זיא האט איהר גאנץ לעבען געוואוינט, דאס ערשטע מאל האט זיא דערזעהען פאר זיך אומבעקאנטע פעלדער אונ וועלדער.

– מיין גאנץ לעבען מיט מיינע אַלע כחות וועל איך האַרעווען פון מיין קינדס וועגען, וואס איך וועל פארדיענען וועל איך אַלעס אַוועקשיקען ר' זלמינען פון דעם קינדס וועגען.

וואו אַהין זיא איז געפאהרען, האט זיא נאך אַליין ניט געוואוסט, זיא האט זיך געזעצט אויף דער ערשטער פוהר וואס זיא האט באגעגענט, זיא האט זיך נאך אַליין ניט פארגעשטעלט, וואו אונ וויא אַזוי זיא וועט פארדיענען, זיא האט נאר איצטער געלעבט מיט דער גוטער האפנונג, זיא האט געגלויבט אונ איז געוועזען פארזיכערט. אז ווען מען וויל באמת האַרעווען געפינט מען שטענדיג אַרבייט.

– איך קען אַביסעל נאהן, נא אונ נאר אין אַ שלעכטען פאל קען איך דיענען אין אַ שטוב, ביי אונז אין שטוב האט דאך אויך

געדיענט אַ מיידיל און האט זיך פארדיענט אַלעס: ברויט, אַ קלייד און אַ גראָשען, וואס נאך דארף אַ מענש?

חאטש לאה האט אין איהר לעבען קיין מאָל ניט געוואוסט פון קיין אָרים לעבען. ובפרט נאך פון נויטה, פון דעסטוועגען האט זיא זיך אַלעס פארגעשטעלט און אַלעס פאר ליעב אָנגענומען וואס עס וועט נאר מיט איהר געשעהען, אַבי נאר עהרליך פארדיענען פאר איהר קינד.

אָן פיאדאר׳ן האט זיא כמעט וויא גאר פארגעסען.

אין אָנהויב, האט זיא אָן איהם אויף אַ מינוט ניט פארגעסען, זיא האט זיין נאָמען ניט געקענט הערען אַז איהר בלוט זאָל זיך אין איהר עטליכע מאָל ניט איבערקאָכען.

– איך וועל ניט לעבען, פלעגט זיא דענסטמאָל זאָגען זיך אַליין. איך קען ניט לעבען אַז אַזא מענש לעבט, און קיינער זאָגט איהם אַפילו ניט אַ שלעכט וואָרט, ער וועט לעבען און קיינעם וועט נאר ניט איינפאַלען איהם זאָגען: שלעכטער מענש! וואס האסט דוא אומגליקליך געמאכט צוויא נפשות? ניין,״ איך קען ניט לעבען עס צוזעהען, און צוהערען, אויף מיר וועט דיא גאנצע וועלט קוקען מיט שלעכטע אויגען, יעדער וועט זיך פון מיר אַוועקקערען, און ער...

זיא וואָלט זיך געוויס גענומען דאס לעבען, ווייל דאס האט זיא געפונען פאר דעם בעסערען אויסגאַנג פון איהר שלעכטער לאַגע, נאר וואס שפעטער און שפעטער האט זיא זיך אַליין אָנגעהויבען שולדיג צוא מאכען אין איהר אומגליק.

– איך האב זיך אַליין געלאָזט פארפיהרען, האט זיא געזאָגט דרום דארף איך אַלעס אַליין ליידען.

זיא האט פאר זיך מעהר ניט געטראכט. יא לעבען צוא ניט איז באמת געוועזען ביי איהר אַלץ איינס, נאר ווען זיא האט זיך דערמאָנט אַז זיא איז ניט אַליין, דאט זיא מיט שרעק אָנגע-הויבען שטיל רעדען.

– ניין, איך קען ניט און טאר ניט זיין דער מערדער פון איין אומשולדיג קינד, איך דארף לעבען און מוז לעבען!...

וואס עס איז נעהנטער געקומען צוא דער צייט, האט זיא זיך מעהר אומגליקליכער געפיהלט. פון פיעל צרות האט זיא גאר פארגעסען ווער עס איז שולדיג צוא ער צוא זיא.

ווען אין דער לעצטער צייט, פלעגט זיא יא אַמאָל צו איהם

זִיךְ דֶערְקָאנֶען פְּלֶעגְט זִיא זָאגֶען גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאט וָואס אִיךְ הָאבּ אָן אִיהם פַארְגֶעסֶען, אִיךְ פְּלֶעג אַלְיין וֶועלֶען אָן אִיהם עֶפִּיס אַ נֶקָמָה הָאבֶּען, נָאר אִיצְטֶער אִיז בַּייא מִיר אַלְץ אֵיינְס, אִיךְ וִויל נִיט וִויסֶען צוּא עֶס אִיז אִיהם גוּט צוּא שְׁלֶעכְט, לָאז אִיהם גָאט צָאהלֶען אוּנ מִיר לָאז גָאט הֶעלְפֶען. –

אַזוֹי אִיז שְׁטֶענְדִיג מִיט דֶעם שְׁוַואבֶּערֶען וֶוען עֶר קְרִיגְט זִיךְ מִיט דֶעם שְׁטַארֶקֶערֶען. דֶער שְׁוַואבֶער בָּארֶעט זִיךְ וִויא וַוייט עֶר קֶען, עֶר אִיז גְרֵייט זַיינֶע לֶעצְטֶע כּחות אָנְווֶערֶען, אַבִּי יֶענֶעם בַּייקוּמֶען, יֶענֶעם שְׁוַואבֶער מַאכֶען, נָאר וֶוען עֶר זֶעהט אַז דִיא לֶעצְטֶע כחות לָאזֶען אִיהם אוֹיס אוּנ יֶענֶער וֶוערְט נָאךְ שְׁטַארֶקֶער, דֶענְסְטְמָאל לָאזְט זִיךְ אָב דִיא הֶענְד אוּנ פִּיס בַּייא דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען, בַּייא אִיהם וֶוערְט שׁוֹין אַלֶעס אֵיינְס, לָאז יֶענֶער וֶוערֶען שְׁטַארֶקֶער, אַבִּי אִיהם זָאל מֶען לָאזֶען צוּא רוּהֶע.

אִיצְטֶער אִין וֶועג הָאט זִיא אוֹיךְ נִיט אַיין מָאל זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן פֵיאדֶערֶען, נָאר וִויא אֵיינֶער וָואס שְׁטוֹיסְט עֶפִּיס אַוֶועק פוּן זִיךְ, אַזוֹי הָאט זִיא אוֹיךְ אַוֶועקְגֶעמַאכְט מִיט דֶער הַאנְד וֶוען זִיא הָאט זִיךְ נָאר דֶערְמָאנְט אָן זַיין נָאמֶען.

שְׁטִיל וִויא אַ טוֹיבּ אִיז זִיא דֶעם גַאנְצֶען וֶועג גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם וָואגֶען, קֵיין הַאלְבּ וָוארְט הָאט זִיא נִיט אַרוֹסְגֶעלָאזְט, זִיא הָאט עֶפִּיס נִיט גֶעוַואנְט רֶעדֶען מִיט דִיא פַּארְשׁוֹינֶען, פּוּנְקְט וִויא בַּייא אִיהר אוֹיף דֶעם שְׁטֶערֶען אִיז אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען אִיהר גְרוֹיסֶע זִינְד, פּוּנְקְט וִויא דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט וֵוייסְט וואו זִיא אַנְטְלוֹיפְט אִיצְט פוּן אִיהר גֶעבּוּרְטְסְשְׁטָאדְט, פוּן אִיהרֶע עֶלְטֶערְנְס הוֹיז. –

אוּנ בֶּאֱמֶת, חָאטְשׁ זִיא הָאט מִיט קֵיינֶעם קֵיין הַאלְבּ וָוארְט נִיט גֶערֶעדְט, נָאר וֶוער עֶס הָאט זִיךְ נָאר אַבִּיסֶל מֶעהר צוּא גֶעקוּקְט דֶער הָאט דֶערְזֶעהֶען אִין אִיהר אַיין עֶלֶענְד מֵיידִיל וָואס טְרָאגְט עֶפִּיס אִיבֶּער אַ סַךְ שְׁלֶעכְטֶעס, אַ סַךְ צָרוֹת.

דָאס אַלֶעס הָאט אִין אִיהר בַּאמֶערְקְט אַ פַּארְשׁוֹין, אַ מַאנְן פוּן אַ יָאהר עֶטְלִיכֶע אוּנְפוּפְצִיג וָואס אִיז צוּזַאמֶען מִיט אִיהר גֶעפָאהרֶען אוּנ הָאט כִּמְעַט דֶעם גַאנְצֶען וֶועג קֵיין אוֹיג פוּן אִיהר נִיט אַרָאבְּגֶענוּמֶען.

קוּקֶענְדִיג אוֹיף דֶעם יוּנְגֶען שֶׁאנֶעם מֵיידִיל, אוֹיף דִיא זֶעלְטֶענֶע לֶעבְּעדִיגֶע אוֹיגֶען, אוֹיף דִיא רַייכֶע שֶׁאנֶע הָאר, אוֹיךְ צוּזַאמֶען אוֹיף אִיהר טְרוֹיעדִיג גֶעזִיכְט, הָאט עֶר נִיט אַיין מָאל אַ בֶּערְגֶעטְרַאכְט בַּייא זִיךְ:

– זִיא דַארְף זַיין זֶעהר אוּמְגְלִיקְלִיךְ, אוּנ פַאר וָואס חָאבֶּען נָאר

אַזוינֶע שֶׁאנֶע בַּאשְׁטֶפֶּענִעשֶׁען צוא זַיין אוּמְגְלִירְלִיךְ? עֶס אִיז דַאכְט זִיךְ פְרָאסְט אַ גְלִיק צוא זַיין אַזוֹי שֶׁאן, אִיז נָאךְ דָא דֶען גֶפֶּעס שֶׁאנֶערְס אוֹיף דֶער װֶעלְט װִיא אַזוינֶע צְװֵייא אוֹיגֶען פוּן אַזַא יוּנְגֶע גֶעזִיכְט? גַיין, זִיא אִיז נִיט נָאר שֶׁאנֶער פוּן אַ רוֹיז, נָאר אִיךְ װָאלְט אַװֶעקְ-גֶעגֶעבֶּען דִיא גַאנְצֶע װֶעלְט מִיט רוֹיזען, נָאר פַאר אַזוינֶע עֶטְלִיכֶע לֶעבֶּעדִיגֶע רוֹיזען. אַ גָאטט! װִיא פִיעל גְלִיק װִיא פִיעל פֶּערְגְנִינֶען, װִיא פִיעל לֶעבֶּען, בְּרֶענְגֶען דִיא מֶענְשֶׁען אַזוינֶע גָאלְדֶענֶע בַּאשְׁעפֶּענִישֶׁען, װָאס זֶענִין בַּאשַׁאפֶען גֶעװָארֶען אַלְס גָאטְס װאוּנְדֶער, נָא װָאס אִיז זִיא טְרוֹיעֶרִיג? נָא װָאס בַּייסְט זִיא אַלֶע מָאל אַזוֹי אִיהרֶע זִיסֶע רוֹיטֶע הִימֶעלִישֶׁע לִיפֶּען? װאוּהִין פָאהרְט זִיא? װָאס אִיז דִיא נוֹיט אַז אַזַא גָאלְדֶענֶע זַאךְ װָאס מֶען דַארְף עֶס שְׁטֶענְדִיג הַאלְטֶען אִין אַ גִילְדֶען שְׁטַייגֶעלֶע זָאל נָאר פָאהרֶען אִין װֶעג, אִיבֶּערְטְרָאגֶען קֶעלְט אוּנ רֶעגֶען?

דֶער פַּארְשׁוֹין חָאטְשׁ עֶר אִיז שׁוֹין גֶעװֶעזֶען גְרוֹי אוּנ אַלְט, אַיינְגֶעבּוֹיגֶען אוּנ הִינְקֶעדִיג, אַבִּיסֶל צוּגֶעהוּסְט אוּנ צוּגֶעשְׁלֶעקֶערְטְשְׁט, חָאטְשׁ עֶר הָאט אַלֵיין גֶעװאוּסְט פוּן דֶעם אַלֶעמֶען אוּנ אוֹיךְ אַז עֶר אִיז נִיט קֵיין יוּנְגֶערְמַאנְן, פוּן דֶעסְטְװֶעגֶען פְלֶעגְט עֶר בֶּענֵייסְטָערְט װֶערֶען פוּן יוּנְגֶע פְרוֹיעֶן נָאךְ מֶעהר װִיא יוּנְגֶע לַייט.

— אָ! פְלֶעגְט עֶר אָפְּט טְרַאכְטֶען, װֶען אַלֶע יוּנְגֶע פְרוֹיעֶן אוּנ פְרַיילִינְס זָאלֶען װִיסֶען װָאס פַאר אַ פָאטֶעטִישׁ הַארְץ בַּייא מִיר אִיז דָא, װָען זֵייא זָאלֶען װִיסֶען װִיא אִיךְ װֵייס צוּא שֶׁעצֶען זֵייעֶרֶע זֵיידֶענֶע לִיפֶּען, זֵייעֶרֶע בְּרִילְיַאנְטֶענֶע אוֹיגֶען, זֵייעֶר גֶאטְלִיבֶען שְׁמֵייכְל, אָךְ װֶען זֵייא זָאלֶען װִיסֶען װָאלְטֶען זֵייא נִיט גֶעקוּקְט אוֹיף מַיינֶע גְרוֹיע הָאר, אוֹיךְ מַיין אַלְטְקַייט.—

נָאר דִיא יוּנְגֶע פְרוֹיעֶן אוּנ פְרַיילִינְס הָאבֶּען פוּן זַיין פָאטֶעטִישׁ הַארְץ נִיט גֶעװָאלְט װִיסֶען, עֶר אָבֶּער הָאט זִיךְ אוֹיךְ נִיט גֶעמַאכְט װִיסֶענְדִיג פוּן זֵייעֶרֶע נִיט-װִיסֶען, אוּנ פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג אַרוּמְטַאנְצֶען אַרוּם זֵייא בַּייא יֶעדֶער גֶעלֶעגֶענְהַייט, דֶערוֹיף הָאט עֶר זִיךְ פוּן זַיין יוּגֶענְד אוֹיף דֶער עֶלְטֶער אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַלֶע מָאנִירֶען, זִיסֶע װֶערְטְלִיךְ, אוֹיסְגֶעגָאסֶענֶע רֵייד — אַלֶעס, אַלֶעס װָאס מֶען דַארְף נָאר דֶערצוּא הָאבֶּען. —

װִיא תָּמִיד בַּייא אַזַא צוּפַאל הָאט עֶר אִיצְטֶער אוֹיךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען אַנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען מִיט לַאה'ן אוּנ גֶעפְרֶעגְט װאוּ זִיא פָאהרְט.

— װאוּ אִיךְ פָאהר? הָאט לאה אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט אוּנ נִיט גֶעװוּסְט װָאס צוּא עֶנְטְפֶערֶען, זִיא הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוֹיטְה װֶערֶען, אִיהר גֶעזִיכְט הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען בַּייטֶען. דֶער פַּרְשׁוֹין הָאט בַּאמֶערְקְט

וויא מיט זיין פראגע האט ער איהר וויא מיט עפּיס זעהר שלעכט דערלאנגט, האט ער מעהר ניט געפרעגט און זיך געמאכט אז ער גאר ניט באמערקט. —

לאה אבער, האט זיך אויף דער פראגע שטארק פארטראכט — וואו פאהר איך באמת? האט זיא זיך א מאל צעהן אליין איבערגעפרעגט, עס וואונדערט מיך אליין, וויא אזוי האב איך זיך אליין ניט בעטראכט וואו איך פאהר? נאר וואס האב איך זיך צוא וואונדערן, ווען א מענשען טרעפט איין אומגליק און ווען ער אנטלויפט, טראכט ער דען וואו ער לויפט?

— איהר פרעגט מיך וואו איך פאהר? האט זיא פּלוצים געפרעגט דעם פּארשוין.

— יא, איך האב אייך שוין איין מאל געפרעגט.

— זאגען אייך דעם אמת, איך וויים אליין ניט וואו איך פאהר, מיינע עלטערען זענין זעהר ארים... איך זוך עפּיס א שטעלע... איך זוך ארבייט...

— נא, און ביי אייך אין שטאדט קענט איהר ניט פארדיענען?

— ניין. בייא אונז איז א קליין שטעדטיל, עס איז ניט דא קיין ארבייט... בייא אונז שעם איך זיך צוא פארנעמען מיט אזוינע ארבייטען וואס מיר פּאסט ניט. אין א פרעמדער שטאדט איז גאר ניט. דארט קען מיך קיינער ניט...

— וואו א היין זשע רעכענט איהר צוא פאהרען?

— איך וויים? איך וויים אליין ניט, דער בעל עגלה פאהרט קיין ט... רעכען איך זיך אפשר דארט אבשטעלען.

— ט. איז ניט קיין גרעסערע שטאדט וויא אייערע. און ווער ווייסט צוא וועט איהר אין אזא קליינער שטאדט געפינען ארבייט. נאר... וואס איז אייער ארבייט?

— מיין ארבייט?.. איך קען נאהען, איך קען זיין א גוטער פּריקאשטשיצק אין א קלייט, איך קען גוט קאכען, איך קען וואשען גרעט, מען זאגט אז אין דיא גרויסע שטעדט זענין דא אזוינע שולען וואו מען נעמט צוא לערנען מיידלעך; ווען מען זאל מיך וועלען צוא נעמען וואלט איך אריין אין שול.

דער פּארשוין האט א שמייכעל געטהון אויף דיא אלע מלאכות וואס זיא האט אויסגערעכענט. —

דער פּארשוין מיט זיין שטענדיג ווייך הארץ האט איצט אויף איהר זעהר רחמנות בעקומען, אין איהרע א סך מלאכות וואס זיא קען האט ער געזעהען אז זיא איז פון דיא גרויסע אומגליקליכע וואס

וואלט זיך אויף אלעם געווארפען אבי עס זאל זיך האטש א ביסיל לעבען.

— איך וואלט אייך ליעבע פריילין, געראטען איהר זאלט אייך איין מלאכה אויסקלייבען, ניט זיך ווארפען אויף אלעם, פון א סך מלאכות קומט קיין מאל גאר ניט ארויס.

— וואס זשע זאל איך טהון? איך ווייס אליין ניט וואס איך וויל, מיר איז שלעכט, ווארף איך זיך אויף אלעם, אבי איך זאל זיך צוא עפים צושלאגען.

— יא... נאר אין ערסטען דארפט איהר זעהן זיך אנשטעלען אין אזא שטאדט וואו איהר זאלט קענען קריגען ארבייט, אין א קליין שטאדטיל איז שווער עפים צוא געפינען. —

לאה איז געוועזען דערפון צוא פריעדען וואס דער אלטער יוד רעדט מיט איהר אזוי פריינדליך, איהר האט זיך אלץ אויסגעוויזען אז זיא איז אזוי אומגליקליך. אזוי עלענד, אזוי פארזינדיגט, אז יעדער וועט זיא פון זיך אוועקשטויסען, זער וועט גאר מיט איהר רעדען א פריינדליך ווארט?

— וואו אהין זשע זאל איך פאהרען?

— איך וואלט אייך געראטען פאהרען קיין אדעס: איך בין דארט אפט, איך האב דארט א סך בעקאנטע, איך וועל אייך קענען רעקאמאנדירען און איהר וועט בעקומען א שטעלע. —

— קיין אדעס?... דארט קען איך ניט זיין, איך האב דארט בעקאנטע. איך שעם זיך פאר זייא.

— אדעס איז אזא גרויסע שטאדט, איהר וועט דארט וואהנען צעהן יאהר און וועט ניט באגעגענען אייערע בעקאנטע.

עטליכע שעה נאך דיא רייד האט זיך לאה גערעשעט צוא פאהרען קיין אדעס, זיא האט געזעהען אין דעם פארשוין וויא ער פיהלט מיט איהר שלעכטע לאגע און וויל איהר מיט אלעם מיטהעלפען און דעם צוא פאל האט זיא גערעכענט פאר א גליק, וואס גאט האט איהר באשערט אזא גוטען מענשען.

און זיא איז מיט דעם ה' לאבערבלאט — וויא דער פארשוין האט זיך אנגערופען — צוזאמען געפאהרען קיין אדעסא.

11

# עס האט זיך אויסגעלאזט א טייך.

ה׳ לאבערבלאט האט געקענט אדעס וויא זיינע צעהן פינגער, צוא ליעב זיינע געשעפטען האט ער זיינע אלע יאהרען דא זיך מעהר געפונען וויא בייא זיך, אין דער היים – אין דעם פוילישען שטאדיל וואו זיין פאמיליע האט געוואהנט. אונ ער פלעגט זיך אבריסין פון זיינע געשעפטען א היים נאר עטליכע מאל אין יאהר.

לאה איז דאס ערשטע מאל געקומען קיין אדעס אונ ווען זיא האט דאס ערשטע מאל דערזעהען דאס גרויסע שאנע פראהליכע, פליהענדיגע אדעסא, האט זיא זיך געטראכט: רבונו של עולם וויא גליקליך בין איך וואס גאט האט מיר באשערט דעם גוטען מענשען, וואס וואלט איך געטהון אהן איהם, איך וואלט אפילו ניט געוואוסט וואו זיך א קוואטיר צוא געפינען.

זיא האט טאקע געמעגט לויבין גאט דערפאר ווייל ה׳ לאבערבלאט, האט באמת פאר איהר געזארגט, ער האט איהר באלד געדונגען א באזונדער צימער אונ ביים אוועקגעהען האט ער איהר געזאגט אז זיא זאל זיך גאר ניט זארגען, ער וועט פאר איהר זעהען געפינען א שטעלע, טאמער האט זיא ווינציג געלד וועט ער איהר אויסלייען, זיא וועט איהם דערנאך אבגעבען, מארגען ווען ער וועט זיך אבפארטיגען פון זיינע געשעפטען וועט ער קימען צוא איהר געוואהר ווערען, עס זאל איהר דערווייל ניט זיין סקוטשנע! לאה האט אליין ניט געוואוסט וויא איהם אבצודאנקען, זיא האט אליין ניט פארשטאנען מיט וואס האט זיא אזוי פיעל פארדיענט בייא דעם אלטען יודען וואס טהוט פון איהרט וועגען אזוי פיעל. –

נאך דעם וויא זיא האט זיך פון דעם וועג גוט אויס גערוהט. אויסגעשלאפען, האט זיא זיך אנגעהויבען ארומקוקען וואו זיא איז, אונ האט געזעהען וויא איהר צימער איז זעהר שאן, ליכטיג, ריין, וויא אלעס וואס זיא וויל דארף זיא נאר א קלונג טהון אונ דער דינער ברענגט אלעס, זיא האט זיך זעהר אנגעהויבען אינטערעסירען, וואס איז דא פאר א מין ארט, זיא האט א קלונג געטהון אונ עס איז אריינגעקומען דער דינער אנגעטהון וויא איינער וואס באדיענט אין דיא האטעלן. –

– וועמען קער דאס הויז, ווער איז דער בעל בית, האט זיא געפרעגט.

דער קעלנער האט זיא אין אנהויב אנגעקוקט אונ דערנאך האט ער געענטווערט:

– דאס הויז צוא וועמען עס געהערט וויים איך ניט, געווים צוא א גרויסען גביר, נאר דער האטעל געהערט צוא מיין בעל בית, ווער ווייסט ניט אז דער האטעל „נייאדעס" געהערט צוא מיין בעל בית שוין פון 20 יאהר, איך דיען שוין דא מעהר וויא 10 יאהר.

איהר קענט, ה' לאבערבלאט – דער וואס איז געקומען מיט מיר?

– נאך וויא אזוי! ער קווארטירט שטענדיג אין אונזערע נומערן איצטער האט ער אפגענומען № 20. –

– אזוי? אויך אין דעם האטעל? האט זיא פארוואונדערט געפרעגט. –

זיא האט איהם אויך געפרעגט, ווער דער לאבערבלאט איז, פון וואנען איז ער אונ וואס טהוט ער דא. דער דינער האט פארוואונדערט אויף אלעם געענטווערט אונ דערצעהלט, אז ער האט גרויסע קאמיסיעס אין אדעס, ער פאהרט עטליכע מאל אין יאהר אוועק אונ קומט ווייטער צוריקהערן, ער איז דאכט זיך איין עהרליכער מאנן – מיר האבען איהם אללע דא ליעב, ער בעהאנדעלט יעדען עהרליך, ער גיט מיר אפט „נא טשאי" אונ ווייטער וויים איך ניט.

ווען ער איז פון איהר נומער ארויס געגאנגען, האט זיך דער דינער צו זיך אליין געשמייכעלט: אז מען זאגט אדעס, זאל מען גלויבען אז עס איז אדעס, איז ניט א געלעכטער! זיא קומט מיט איהם צוזאמהערן אונ פרעגט מיך ווער ער איז, נאר ווייסט זיי דער גוטער יאהר, זאל עס מיך אנהויבען צוא אהרען-געה, דערקלער וואס עס טהוט זיך ביי יעדען נאכט, וועט מיר קיין צייט ניט בלייבען, אבהיטען יעדען ער זאל מיר אפגעבען מיין „נא טשאי" אויף דארויף איז זיך דאס אדעס, ווי מען זאגט „געלעכט אין אדעס" דא טרעפט זיך אלעס, א מיך וועט מען שוין אין אדעס ניט אפנארען. –

ווען לאה איז ווידער געבליבען אליין, האט זיא פלוצים אנגעהויבען באטראכטען אונ זיך אליין איבער פרעגען וואס איז דאס? וואו געפינט זיא זיך, וואס האט דער אלטער גראדע צוא איהר בעקומען אזא גוט הארץ, געדונגען נאך פאר איהר א באזונדער נומער, דאס קאכט זיך אוודאי א סך געלד, פאר 10 אדער 15 רובעל וואס עס קאסט דאס צימער, וואלט זיא זיך באלד געהאט צוא לעבען מיט דעם קינד. –

– ער וואהנט אויך דא אין דעם האטעל אין № 20! איז איהר עפים אויפגעקומען אויף דיא געדאנקען, נאר וואס א שטייגער, האט זיא אליין ניט געוואוסט. גיין דאס קען ניט זיין, האט זיא זיך ווייטער בעטראכט, ער איז איין אלטער, א קראנקער איין עהרליכער, א גוטער, זאגט

דער משרת פון האטעל, אונ וואס ער טהוט אזוי פיעל פון מיינטוועגען, נא וואס זשע איז? זענין שוין דען דיא גאנצע וועלט מענשען שלעכט? איז דען גיט דא קיין גוטע מענשען אויף דער וועלט? ער איז א גוטער האט ער אויף מיר עלענדע אונ אומגליקליכע רחמנות געהאט, ער וועט מיר געפינען א שטעלע אונ מיר מיט מיין קינד וועט זיין גוט, מיר וועלען טאקע איבער דעם גוטען מענשען ניט פארגעסען.

זיא האט זיך דערמאנט וויא ערשט ניט לאנג איז זיא געוועזען אזוי אומגליקליך אונ עלענד אז עס איז זיך איהר מיט איהר קינד נאר אויסגעקומען זיך ווארפען אין וואסער אונ איצטער האט זיא כמעט בעקומען א נייעם פאטער וואס זארגט פאר איהר.

זיא איז זעהר פרעהליך געווארען.

א צווייטע שעה פארנאכט איז צוא איהר אריינגעקומען ה' לאבערבלאט אויך זעהר פרעהליך:

איך האב זיך קוים אבגעפאטערט פון דיא געשעפטען, איצטער, האב איך שוין צייט דעם גאנצען אבענד, מיר וועלען קענען אביסעל רעדען אונ איך האטש ווייזען אדעם.

לאה האט ערווארטעט אז ער וועט איהר עפיס איבערגעבען צוא האט ער געזוכט פון איהרטוועגען א שטעלע, אפשר האט מען איהם צוגעזאגט אויף שפעטער; נאר ער האט דערפון א האלב ווארט ניט דער-מאנט, וויא גלייך מען האט פון דעם נאר ניט גערעדט.

— אונ איך ווארט שוין אויך אזוי לאנג, האט זיא אנגעהויבען.

— זעהר גוט, מיין קינד וואס דוא ווארטסט אויף מיר האט ער איהר דיא רעד איבערגעשלאגען.

— איך האב גערעכענט אז איהר האט שוין עפיס געזעהען פון מיינטוועגען.

— אי מיין קינד, איהר זענט נאך גאר א יונג קינד וואס ווייסט גיט וויא אזוי מען הייבט אפילו אן צוא לעבען אויף דער וועלט; איהר מיינט אז יעדע זאך טהוט זיך אזוי גיך וויא עס רעדט זיך, ניין, מיין קינד, פרעגט ביא מיר — ביא אין אלטען פראקטישען סוחר וואס האט שוין אויף דער וועלט איבערגעלעבט קאלטס אונ ווארימס, יעדע זאך טהוט זיך ניט אזוי גיך, מען מוז האבען אסך געדולד, מען מוז ווארטען איידער מען קומט צוא עפיס, איידער עס מאכט זיך א צופאלל.

— קען איך דען ווארטען? האב איך דען מיט וואס צוא ווארטען? איך בין איין ארימע, איך דארף שוין הארעווען איך זאל זיך פארדיענען צום לעבען.

— איהר זענט, מיין קינד, אודאי גערעכט, נאר גאטט פרעגט

ניט בַּייא אַייך צוּא הָאט איהר מִיט וָואס צוּא וַוארְטֶען צוּא גֵיין; זָארְגְט נִיט, מִכְּתַמָא וֶועט אַייך גָאטט נִיט פַארְלָאזֶען, וִויא אַלֶע מֶענְשֶׁען וָואס זוּכֶען זִיךְ שְׁטֶעלֶען, איהר זֶענְט בַּייא אִיהם נִיט קֵיין בַּת יְחִידָה.

לאה הָאט גֶעזֶעהֶען וִויא עֶר רֶעדְט בֶּאֱמֶת מִיט שֵׂכֶל וִויא אַ פְּרַאקְטִישֶׁער מֶענְשׁ, זִיא הָאט פַארְשְׁטַאנֶען אַז זִיא הָאט גֶעטְהוּן אַ גְרוֹיס נַארִישְׁקֵייט דֶערְמִיט וָואס זִיא הָאט אַזוֹי גִיךְ מִיט אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא רֶעדֶען פוּן דֶער שְׁטֶעלֶע.

– איהר פֶּערְגֶעסְט דֶערְוַוייל אָן דֶער שְׁטֶעלֶע, הָאט עֶר זִיךְ וַוייטֶער אָנְגֶערוּפֶען; רוּהְט זִיךְ פְּרִיהֶער אָב עֶטְלִיכֶע טָאג פוּן וֶועג, קוּקְט אָן אָדֶעס, בַּאקֶענְט זִיךְ מִיט הִיגֶען לֶעבֶּען אוּנ דֶערְנָאךְ, וֶועלֶען מִיר קֶענֶען זוּכֶען פַאר אַייךְ אַ שְׁטֶעלֶע.

נָאךְ דֶעם טְהֶעע זֶענִין זַייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין גַאס, אוּם אָנְצוּקוּקֶען אָדֶעס.

עֶס הָאט נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט זֶענִין זַייא שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם בּוּלְוַאר.

לאה אִיז זֶעהר אִיבֶּערְרַאשְׁט גֶעוָוארֶען פוּן דִיא שֶׁאנֶע בְּרֵייטֶע פְּרֶעהְלִיכֶע, לֶעבֶּעדִיגֶע אָדֶעסָאעֶר גַאסֶען, פוּן דִיא הוֹיכֶע מוֹיעֶרֶען, פוּן דִיא לִיכְטִיגֶע מַאגַאזִינֶען מִיט זַייעֶר גַאזְבַּאלַייכְטוּנְג, וָואס אִיז אַזוֹי לִיכְטִיג וִויא בַּייא טָאג; נָאךְ מֶעהר הָאט זִיא אִיבֶּערְרַאשְׁט דֶער בּוּלְוַואר מִיט דִיא טוֹיזֶענְדֶער מֶענְשֶׁען וָואס שְׁפַּאצִירֶען דָארְט, דֶער שְׁוַוארְצֶער יַם אִין דֶעם טוּנְקְלֶען בְּלוֹיעֶן אָבִינְד, דֶער אוֹיסְגֶעשְׁטֶערְנְטֶער, אוֹיסְגֶעשְׁלַייעֶרְטֶער אָדֶעסָאעֶר הִימֶעל, דִיא בֶּעלַייכְטֶע אוֹיסְלֶענְדִישֶׁע אוּנ רוּסִישֶׁע פַּארַאהָאדֶען, דִיא בּוּלְוַוארְנֶע מוּזִיק, דָאס אַלֶעס הָאט אוֹיף אִיהר אַזוֹי גֶעוִוירְקְט אַז זִיא הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אוּנְטֶערְן זִיבֶּעטֶען הִימֶעל.

– אַךְ אִיךְ הָאבּ נָאךְ גָאר נִיט גֶעלֶעבְּט! הָאט זִיא זִיךְ שְׁטִיל גֶעזָאגְט, אוּנ אִיךְ בִּין נָאךְ אַזוֹי יוּנְג! דָאס לֶעבֶּען צִיהט מִיךְ אַזוֹי צוּא זִיךְ, נָאר אַזוֹי וִויא גוּט אִיז אִיצְטֶער; וִויא שֶׁאן אִיז אִיצְט; זִיא הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט אוֹיף דִיא שֶׁאנֶע קַארְטִינֶעס וָואס עֶס הָאט זִיא אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט אַרוּם אוּנ אַרוּם, זִיא הָאט זִיךְ גֶעפִיהְלְט אַזוֹי גְלִיקְלִיךְ אַז זִיא הָאט אָן אַלֶעס פֶּערְגֶעסֶען, וֶוער שְׁמוּעֶסְט שׁוֹין פוּן אִיהר קִינְד, פוּן ר' זַלְמִינְעַן דֶעם אָרִימַאן וָואס זִיא הָאט אִיהם אוּמְזִיסְט אוּנ אוּמְנִישְׁט אָנְגֶעהַאנְגֶען אַ פְרֶעמְד קִינְד.

פוּן דֶער גְרוֹיסֶען אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג וֶוען זִיא אִיז גֶעקוּמֶען צוּא זִיךְ, הָאט זִיא אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף זִיךְ, ד. ה. אוֹיף אִיהרֶע קְלֵיידֶער אוּנ הָאט גֶעטְהוּן אַ זִיפְץ.

– וואס האט איהר צו זיפצען אז ארום אונז איז אלעס אזוי שען און גוט? האט לאבערבלאט זיך אנגערופען.

– יא עס איז שען, עס איז זעהר גוט, איך פיהל עס מיט מיין גאנץ לעבען, נאר זעהט וואס פאר א פנים קען איך האבען אקעגען דעם גאנצען שענקייט! זעהט וויא אלע געהען אזוי שען רייך אנגעטהון, זעהט אין וואס פאר געמיינע קליידער איך געה, פאסט זיך דען פאר מיר דא צו זיין? איך געה געקליידעט וויא אין ר... אבער ניט וויא אין אדעם.

– שאנע קליידער מאכען נאר ניט שען, מיין קינד, דער וואס איז יונג – דער איז שען, ווען דו זאלסט איצטער קענען א קוק טהון אויף זיך ניט אויף דיא קליידער נאך אויף זיך אליין, וואלסט דו געזעהען אז דו ביזט שענער פון אלעס וואס דו זעהסט דא, דו וואלסט געזעהען וויא דיינע אויגען לייכטען ליכטיגער וויא די שטערען אין הימעל, דיינע האר זענען שענער וויא דיא אלע גרינע בוימער וואס דו זעהסט דא, דיינע...

– נא... האט זיא איהם איבערגעשלאגען און איז רויטה געווארען, ווען עס זאל מיר זאגען א יונגער מאנן וואלט איך זיך געפונען באליידיגט פון אזוינע קאמפלימענטען וואס פאסען ניט צו מיר, נאר איהר זענט איין אלטער יוד, רעכען איך, אז איהר האט ליעב צו זאגען ווערטלעך, הוזק מאכען, דרום פערצייהע איך אייך.

– ניין מיין קינד, האט לאבערבלאט אנגעהויבען רעדען מיט פייער, דאס איז זיך מיין אומגליק וואס איהר האט אין מיר אלע א טעות ווען איהר זאלט וויסען וויא אייער קוק, אייער שמייכעל, אייער קרעבץ אייער זיפץ, אייער יעדער קוק טרעפט מיר גלייך אין הארצען, ווען איהר זאלט וויסען, וויא מיין הארץ איז גוט צו אייך, איך וואלט דאכט זיך אלעס, אלעס אוועקגעבען פאר אייער איין זיסען שמייכעל, פאר אייער איין ווארט, נאר איין אמת ווארט צו מיר, מיין גאנץ לעבען וואלט איך אוועקגעבען, נאר... נאר זייא ווילען מיך ניט פארשטעהען אלץ דערפאר וואס איך בין אלט; קוקט זיך ארום איצטער ארום אונז, זעהט וויא אלעס איז אזוי שען, איהר זאגט אז איהר זעהט און פיהלט דאס גאנצע שענקייט פון דעם זיסען לעבען, עס איז נאר קיין וואונדער ניט, איהר זענט יונג; גלויבט זשע מיר אז איצטער צוזאמענגעהענדיג מיט אייך, איז מיר דאס לעבען שענער – שענער וויא ביי דיא אלע איבערגעפוצטע יונגע לייט וואס דרעהען זיך דא ארום אזוי לעבעדיג... א איך בין לעבעדיגער פון זייא.

לאה הָאט פוּן דִיא אַלְלֶע וֶוערְטֶער וָואס דֶער אַלְטֶער הָאט גֶערֶעדְט גַאנְץ וֵוינִיג פַארְשְׁטַאנֶען.

– מֵילָא וָואס אַ מֶענְשׁ רֶעדְט! הָאט זִיא גֶעטְרַאכְט וֶוען עֶר צוּא רֶעדְט זִיךְ מִיט פַייעֶר, אִיךְ הָאבּ דֶען נִיט אַ סַךְ נַארִישְׁקַייטֶען גֶערֶעדְט וָואס אִיךְ וָואלְט נִיט בַּאטְרַאכְט רֶעדֶען; נָאר דָאס אַלֶעס הָאט אוֹיף מִיר אַזוֹי גֶעוִוירְקְט אַז אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אֲפִילוּ פַארְגֶעסֶען אָן מַיין אוּמְגְלִיקְלִיךְ קִינְד. אָן מַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶער לַאגֶע, אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין נָאר אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְלָאגֶען וָואס אִיךְ גֶעה נִיט אִין קַיין שֶׁענֶע קְלֵיידֶער, אָז וִויא אַ מֶענְשׁ קֶען זִיךְ אַמָאל פַארְטְרַאכְטֶען!...

פוּן דֶעם אָבֶּענְד זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען עֶטְלִיכֶע טֶעג, אִין דֶער צַייט הָאט לָאבֶּערְבְּלַאט אִיהר אוֹיסְגֶעוִויזֶען כִּמְעַט גַאנְץ אָדֶעס, עֶר פְּלֶעגְט זִיא טָאג מִיט נַאכְט בַּאשִׁיטֶען מִיט קָאמְפְּלִימֶענְטֶען, זִיא הָאט אַלְלֶע וֶוערְטֶער אָנְגֶענוּמֶען פַאר זַיין גוּטְסְקַייט, נָאר וֶועגֶען אַ שְׁטֶעלֶע הָאט עֶר אִיהר דִיא גַאנְצֶע צַייט אַ הַאלְבּ וָוארְט נִיט דֶערְמָאנְט.

אַיין מָאל אִין אַ אָבֶּענְד, וֶוען עֶר אִיז זִיךְ אַבִּיסֶל שְׁפֶּעטְלִיךְ פַארְזֶעסֶען בַּייא אִיהר, אִיז זִיא צוּא אִיהם צוּא גֶעטְרֶעטֶען:

– ה' לָאבֶּערְבְּלַאט; יֶעדֶע זַאךְ מוּז הָאבֶּען אַ עֶנְדֶע, אִיךְ בִּין שׁוֹין אַזַא צַייט אִין אָדֶעס אוּנ הָאבּ נָאךְ גָאר נִיט גֶעטְהוּן, אִיךְ בִּין אַיין אָרִים מֵיידִיל. אִיךְ בַּארְף פַאר זִיךְ עֶפִּיס טְרַאכְטֶען, וָואס וֶועט זַיין אַזוֹי דֶער סוֹף אִיךְ בְּרֶענְג אַייךְ גָאר אוּיס אוּמְזִיסְט גֶעלְד.

– וָואס אַאַרְט אַייךְ? וָואס הָאט אִיהר צוּא שְׁפָּארֶען מַיין גֶעלְד?

נָא, אִיךְ שְׁפָּאר נִיט, נָאר וָואס אִיז דֶער תַּכְלִית דֶערְפוּן, אַייבִּיג קֶענְט אִיהר דָאךְ מִיךְ נִיט הַאלְטֶען אַזוֹי.

– פַאר וָואס נִיט אֵייבִּיג, אֲפִילוּ אֵייבִּיג מִיט דֶעם בֶּעסְטֶען פֶּערְגְנִיגֶען, אִיהר וֶועט מִיךְ נָאךְ דֶערְמִיט פִיעל גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען.

זִיא הָאט עֶנְדְלִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַארְשְׁטֶעהֶען זַיינֶע וֶוערְטֶער אוּנ אִיז זֶעהר טְרוֹיעֶרִיג גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט דָאס בַּאלְד בַּאמֶערְקְט.

– וַוייטֶער טְרוֹירִיג, וָואס אִיז שׁוֹין וַוייטֶער?

– אִיךְ קֶען פְרֶעהְלִיךְ נִיט זַיין, כָּל זְמַן אִיךְ וֶועל נִיט הָאבֶּען עֶפִּיס אַ שְׁטֶעלֶע, עֶפִּיס אַרְבֵּייט, אִיךְ זָאל וִויסֶען אַז דֶערְפוּן לֶעבּ אִיךְ. זָאגְט מִיר אוֹיבּ אִיהר הָאט פַאר מִיר גָאר נִיט גֶעפוּנֶען, וֶועל אִיךְ אַלֵיין אָנְהוֹיבֶּען זוּכֶען.

– אִיךְ הָאבּ אֲפִילוּ נִיט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זוּכֶען פַאר אַייךְ אַרְבֵּייט! הַא, הַא! אַ פְּרַאטְשֶׁקֶע וִוילְט אִיהר זַיין, אַ נֶאטְהֶערִין: אַ קֶאכִין! הָאט עֶר זִיךְ צוּלַאכְט אוּנ אָנְגֶענוּמֶען אִיהרֶע בֵּיידֶע וַוייסֶע הֶענְדְלִיךְ,

– זעהט, קוקט אן גוט דיא גאלדענע ווייסע הענדליך, ווענין זיא אין שטאנד צוא ארבייטען? עס איז גאר איין עבירה פאר גאטט זיא אויסצושמירען מיט אלערליא ארבייט... איבער פוצען אדער צוואנציג קארבאוניצעס א חודש.

ה' לאבערבלאט, מארגען וועל איך שוין אליין זוכען ארבייט. איך וועל שוין אייך מעהר ניט דערקוטשען.

– אונ פון מיר וועט איהר אוועקגעהן?

– יא, מארגענדיגען טאג, איך וועל פיעל אבדאנקען פאר אייער פריינדשאפט אונ גוטסקייט; אז איהר וועט וועלען וועל איך אין א פרייער צייט קומען צוא אייך אפט אביסל פארברענגען דיא צייט. –

– לאה האט דער אלטער כמעט אויסגעשריגען אונ איז מיט זיין גרויסען קאפ געפאלען פאר איהרע פיס – איהר ווילט מיך אוועקווארפען, א! דאס וועט איהר ניט טהון, ווייסט, אז איך קען אהן אייך א מינוט ניט לעבען, איך האב אייך ליעב, מיר קענען זיך אייביג ניט צוא שיידען, קוקט ניט אויף מיין גרויען קאפ, קוקט אויף מיין הארץ...

לאה האט זיך דערשראקען אונ איהם דיא מינוט אויפגעהויבען פון דער ערד.

* * *

דיא גאנצע נאכט האט לאה קיין אויג ניט געקענט צומאכען.

– ער האט מיך ליעב, ער איז אין מיר פארליעבט, האט זיא אליין געטראכט, אט דער גרויער אלטער איז פארליעבט! אונ איך בין אזוי יונג!...

נאך פיעל טראכטען האט זיא ענדליך בעשלאסען, אז ווען אזא זעלטענער מענש מיט אזא גוט הארץ האט ליעב, קען מען מיט איהם האבען א גליקליכע וועלט, האטש מען איז יונג, זיא וועט איהם אלעס דערצעהלען, וויא אזוי זיא איז איין מאל פארפיהרט געווארען, אז זיא האט א קינד, וויא זיא האט דאס קינד ליעב, אונ וויא ער וועט זיין ביי איהר גליקליך האטש ער איז אלט אונ קראנק אונ זיא יונג אונ געזונד.

ווען איינער זאל איהר געבען געוועזען פארלעגען אז זיא וועט זיך ענטשליסען חתונה האבען פאר אזא אלטען מאנן וואלט זיא ניט געגלויבט, נאר איין געדאנקען ברענגט דעם צווייטען, ביז זיא האט

זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאפֶען – עֶר הָאט מִיךְ אַזוֹי אֶמֶת לִיעבּ, וְויא אַזוֹי וֶועל אִיךְ מִיט מֵיין קִינְד זַיין פַּייא אִיהם גְלִיקְלִיךְ!

אוֹיף דֶעם צְווייטֶען אָבֶענְד בַּייא אַ גוּטֶער גְלָאז קַאוֶוע, הָאט זִיא פַאר אִיהם אוֹיסְגֶערֶעדְט זִיךְ דָאס גַאנְצֶע הַארְץ דֶערְצֶעהלְט וְויא אַזוֹי זִיא אִיז אַיין מָאל פוּן אֵיינֶעם פַארְפִירְט גֶעוָוארֶען אוּנ וְויא זִיא הָאט לִיעבּ אִיהר קִינְד א. ז. וו. – דֶער אַלְטֶער הָאט דִיא גַאנְצֶע צַייט פוּן אִיהר רֶעדֶען גָאר גֶעקְוָואלֶען פַאר שִׂמְחָה. –

– עֶנְדְלִיךְ. עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר זִיךְ גֶעטְרַאכְט, גֶעפִינְט זִיךְ נָאךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט אַזוֹינֶע וָואס דֶערְקֶענְט מַיין הַארְץ.

– נָא, אוּנ אַזוֹי מַיין קִינְד, בְּלַייבֶּען מִיר אוֹיף אֵייבִּיג גְלִיקְלִיךְ, הָאט דֶער אַלְטֶער גֶעזָאגְט אוּנ זִיא אַרוּמְגֶענוּמֶען.

– יָא, אִיךְ הָאבּ זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען מִיט מַזָל חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר אַייךְ, אוּנ גְלוֹיבְּט מִיר אַז הָאטְ'ש אִיהר זֶענְט אַלְט אוּנ אִיךְ יוּנְג, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען וֶועט אִיהר אִין מִיר גֶעפִינֶען אַ גֶעטְרַייע פְרוֹי וָואס וֶועט אַייךְ זַיין אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען מִיט דֶעם גַאנְצֶען לֶעבֶּען, נָאר פַאר אַייעֶר עֶהרְלִיכְקֵייט אַלֵיין, פַאר אַייעֶר גוּט הַארְץ בִּין אִיךְ גְרֵייט אַייךְ שְׁטֶענְדִיג שֶׁעצֶען פַאר הֶעכֶער פוּן אַלֶעס אִין דֶער וֶועלְט. –

מִיט דִיא וֶוארְטֶער הָאט זִיא אָנְגֶענוּמֶען זַיינֶע בֵּיידֶע הֶאנְד. –

– וָואס הֵייסְט חֲתוּנָה הָאבֶּען? הָאבּ לָאבֶּערבּלָאט פְלוֹצִים גֶעפְרֶעגְט אוּנ אָבְּגֶעלָאזְט אִיהר דִינֶע טַאלְיֶע.

– וָואס הֵייסְט חֲתוּנָה הָאבֶּען? הַאט לָאה אוֹיךְ פַארְווא נְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט אוּנ אִין אָנְהוֹיבּ נִיט גֶעקֶענְט צוּא קֵייעֶן זַיין פְרַאגֶע – חֲתוּנָה הָאבֶּען וְויא אַלֶע יוּדֶען הָאבֶּען חֲתוּנָה, מֶען שְׁטֶעלְט אַ חוּפָּה, עֶס שְׁפִּילֶען כְּלֵי זֶמֶר, מֶען פַארְבֶּעט מְחוּתָּנִים א. ז. וו. הָאט זִיא פְרָאכְט אִין אַ וֶוארְטִיל גֶעזָאגְט.

אִיהם אִיז אִיהר וֶוארְטִיל שְׁטַארְק גֶעפֶעלֶען אוּנ עֶר הָאט זִיךְ צוּלַאכְט.

– חַא, חַא, וְויא אִיהר הָאט לִיעבּ חוֹזֶק צוּמַאכֶען פוּן אַ אַלְטֶען, נִיט נָאר בַּייא מִיר אַ חוּפָּה נָאר מַיינֶע קִינְדֶער הָאבּ אִיךְ שׁוֹין גֶעפִירְט צוּא דֶער חוּפָּה אוּנ וֶועל בַּאלְד אי"ה זוֹכֶה זַיין בַּייא דֶעם וָואס לֶעבְּט אֵייבִּיג מִיט מַיין אַלְטִיטְשְׁקֶער זָאל לֶעבֶּען בִּיז הוּנְדֶערְט צְוַואנְצִיג יָאהר, צוּנָאמֶען פִירֶען מַיינֶע אֵיינִיקְלֶעךְ צוּא דֶער חוּפָּה...

זִינְט זִיא לֶעבְּט, הָאט לָאה זִיךְ נִיט גֶעפִיהלְט אַזוֹי בַּאלֵיידִיגְט, וְוי אִיצְטֶער; מִיט פִּיעל מִיה הָאט זִיא קוֹים אִיהר כַּעַס אַיינְגֶעהַאלְטֶען; רֶעדֶען הָאט זִיא מֶעהר נִיט גֶעקֶענְט.

– נָאר אִיהר זָאלְט נִיט זָארְגֶען, הָאט דֶער אַלְטֶער וַוייטֶער גֶערֶעדְט אֵיינְס מִיט דֶעם צְווייטֶען גֶעהֶערְט זִיךְ גָאר נִיט אָן, אוֹיף דֶערוֹיף לֶעבֶּען מִיר אִין גָאטְ'ס אָדֶעס. מַיין אַלְטִיטְשֶׁקֶע מִיט דִיא קִינְדֶער מֶעגֶען זִיךְ לֶעבֶּען בִּיז 120 יָאהר אוּנ מִיר בֵּיידֶע קֶענֶען הָאבֶּען דִיא אֶמֶת'ע לִיכְטִיגֶע וֶועלְט נָאךְ מֶעהר וִויא 100 מִיט 20 יָאהר. פַאר אַייךְ, מַיין לֶעבֶּען וֶועל אִיךְ גָאר נִיט שְׁפַּארֶען, מַיין קַאסְסֶע אִיז פַאר אַייךְ אָפֶען, אִיךְ בִּין בְּלוֹיז שׁוֹין אַלְט אוּנ פַארְדִיעֶנֶען פַארְדִיעֶן אִיךְ ב"ה זֶעהר גוּט, פַארְווָאס זָשֶׁע זָאלְט אִיהר, אַזַא גָאלְד, אַזַא יוּנְג קִינְד וִויא אִיהר נִיט לֶעבֶּען? –

עֶר הָאט בַּאמֶערְקְט וִויא אִיהר גֶעזִיכְט בַּייט זִיךְ זֶעהר שְׁרֶעקְלִיךְ.

– אוּנ וָואס שְׁרֶעקְט אִיהר זִיךְ אַזוֹי? אִין אָדֶעס לֶעבְּט מֶען אַזוֹי, צְווִישֶׁען דִיא פַיינְקְטֶע, אוֹיף יֶעדֶען שְׁרִיט...

עֶר הָאט זִיךְ וַוייטֶער גֶעלָאזְט רֶעדֶען אוֹיף דֶער אֵייגֶענֶער שְׁטִימֶע, נָאר זִיא אִיז אָהן וֶוארְטֶער נָאר עֶפִּיס מִיט אַ ווִילְדֶען גֶעשְׁרֵיי אוּנ מִיט בֵּיידֶע הֶאנְד פַארְדֶעקְט דָאס פָּנִים אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען פוּן צִימֶער.

עֶר אִיז אִין אָנְהוֹיבּ גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען אוֹיף זַיין אָרְט וִוי אֵיינְגֶעגְרָאבֶּען אוּנ הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּא טְהוּן: נָאכְלוֹיפֶען? שְׁרַייעֶן? אִין 15 מִינוּט אַרוּם אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּא זִיךְ אוּנ אִיז אַרָאבְּגֶעלָאפֶען פוּן דִיא טְרֶעפּ.

– הָאסְט נִיט גֶעזֶעהֶען דִיא פְרוֹי פוּן № 16, הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט דֶעם שְׁווייצֶער פוּן הָאטֶעל.

– אִיךְ הָאבּ זִיא שׁוֹין לַאנְג אַרוֹיסְגֶעלָאזְט פוּן דֶער טְהִיר, אִיךְ הָאבּ נִיט בַּאמֶערְקְט אִין וֶועלְכֶער זַייט זִיא אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. לָאבֶּערְבְּלַאט הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט צוּרִיק אִין זַיין נוּמֶער.

– פַארְפַאלֶען! וִויא אִין וַואסֶער אַרַיין! הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּא זִיךְ אַלֵיין מִיט גְרוֹיס פַארְדְרָאס. –

– אוֹי דוּא אַלְטֶער הוּנְט! הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ שְׁלָאגֶען אִין הַארְצֶען, וָואלְט זִיךְ אַזוֹי אוֹיסְגֶעלָאזְט וֶוען אִיךְ זָאל זַיין אַ יוּנְגֶער מַאנְן? אוֹי מַיינֶע גְרוֹיעֶ הָאר, זַייא קוֹילֶען מִיךְ וִויא פִיעֶל גֶעלְד מִיט צַייט זַייא קָאסְטֶען מִיךְ אוּנ עֶס לָאזְט זִיךְ אוֹיס תָּמִיד אַ טַייךְ.

– הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט גֶעשְׁפִּיעֶלְט מַיין רָאלֶע, קֶען אִיךְ דֶען נִיט רֶעדֶען מִיט זַייא, מַאכֶען קָאמְפְּלִימֶענְטֶען אוּנ פָּאעֶטִיזִירֶען אַז דָאס הַארְץ צוּגֶעהט זִיךְ, וִויא אַ יוּנְגֶער מַאנְן, וָואלְט אִיךְ זִיא, אַזַא בְּרִילִיאַנְט, אַזַא גָאלְד נִישְׁט לִיעֶבּ גֶעהַאט וִויא אַ יוּנְגֶער מַאנְן? נָאר קֵיינֶער ווִילְל מַיין הַארְץ נִיט זֶעהֶען קֵיינֶער ווִילְל מַיין הַארְץ נִיט קֶענֶען, אִיךְ וָואלְט זִיךְ פַאר אַזַא שֶׁאנֶער בְּלוּם, אַלֶעס נִיט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט, נָאר אוֹי מַיינֶע גְרוֹיעֶ הָאר, זַייא לֶענֶען מִיךְ שְׁטֶענְדִיג אִין דֶער עֶרְד אַרַיין! ווִיפִיעֶל

גֶעלְד און צייט הָאט זִיא מִיךְ גֶעקָוכְט גֶעהָאפְּט, גֶעדָאפְּט און וָואס? אַלֶעס הָאט זִיךְ אויסגֶעלָאזְט אַ טַייךְ – זִיא אִיז וִויא אִין וַואסֶער אַרַיין.

טַאקִי דֶעם אָבֶענְד הָאט עֶר זִיךְ גֶעהַייסֶען אַריינְשִׁיקֶען דֶעם אִיפְּרַאוולְיַאיוּשְׁטְשִׁי פון הָאטֶעל און אִיהם גֶעזָאגְט, אַז דִיא בַּאַקאַנְטֶע פְּרוֹי וָואס אִיז מִיט אִיהם צוזַאמֶען גֶעקוּמֶען און הָאט גֶעוָואהְנְט אִין № 16 אִיז הַיינְט אָבֶענְד אַרויסגֶעפָאהְרֶען, זָאל עֶר אִיהם בְּרֶענְגֶען אַ חֶשְׁבּוֹן.

12

„אָ, פְּרוֹיעֶן! פְּרוֹיעֶן!"..
— הָאט גֶעזָאגְט שֶׁעקְסְפִּיר —
„אָ, מֶאנְנֶער! מֶאנְנֶער!"..
— הָאט גֶעזָאגְט פון דֶעם רָאמַאן דִי הֶעלְדִין —.

אִין דְרויסֶען אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען גוּט נַאכְט, אֵיינִיגֶע מַאגַאזִינֶען פון דֶער „פָּאטְשְׁטָאוֶוע גַאס" וואו עֶס גְעפִינְט זִיךְ דֶער הָאטֶעל „נַייא אָדֶעסְסֶע" הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין אָנְגֶעהויבֶּען צוּמַאכֶען, דָאס גֶערויש פון קַארֶעטִים און דְרָאשְׁקִים הָאט נִיט אויפְגֶעהֶערְט פוּנְקט וִויא בַּייא טָאג, נָאר דִיא טְרָאטוּאַרֶען הָאבֶּען זִיךְ פִיעל אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען וִויא בַּייא טָאג אויף דֶעם אָרְט וָואס לויפֶען אַ גַאנְצֶען אָרְט אַרום וַויין מֶעקְלֶערְשׁ, בִּירְזְשֶׁעוְונִיקֶעס, סוֹחְרִים, פְּרִיקַאשְׁטְשִׁיקֶעס, רַאבָּאטְשֶׁעס, מַארְקְהֶענְדְלֶערְס, טֶענְדְלֶערְס פון אַלֶערְלֵייא וָואלְוֶועלֶע סְחוֹרוֹת–לויפֶען אִיצְטֶער אַרום יוּנְגֶע לַייט און אַלֶערְלֵייא מַאנְסְפֶּערְזָאנֶען וָואס וִויא בַּאלְד עֶס קוּמְט אָן דִיא שְׁפֶּעטֶע נַאכְט לָאזֶען זֵייא זִיךְ אויף גְלִיק חַאפֶּען, אויךְ דְרֶעהֶען זִיךְ אִיצְטֶער אַרום אַלֶערְלֵייא פֶערְבָּארְגֶענֶע, בֶּעהַאלְטֶענֶע קְלֵיידְלֶעךְ און דַאמֶען הִיטֶע, זֵייא שְׁפַּאצִירֶען אויךְ אויף חַאפֶּען גְלִיקֶען, חוּץ דֶעם קֶען מֶען נָאךְ דָא בַּאגֶעגֶענֶען אֵיינִיגֶע וָואס הָאבֶּען פַארְשְׁפֶּעטִיגְט אִין טְהֶעאַטֶער, צוּא דֶעם אַלֶעמֶען דְרֶעהֶען זִיךְ אַרום נֶעבֶּען דִיא בֶּעלַייכְטֶעטֶע לַאנְטֶערְנֶעם וִויא דִיא שָׂטָן׳ס נָארְדָאוָואיֶעס, בַּייא יֶעדֶען טְהוֹיעֶר אַ דְוָוארְנִיק אִין זַיין שְׁטֶענְדִיגֶען קוּפֶּעטְשֶׁעסְקִי וֶועג-פֶּעלְץ, עֶס מֶעג זַיין אִין דְרויסֶען וַוארִים וִויא זוּמֶער.

וֶוען לאה אִיז אַרויסגֶעלָאפֶען פון הָאטֶעל, זִיא הָאט נִיט אויסְפִּיעֶעט אִיבֶּערְצוּגֶעהֶען אַיין לַאנְטֶערֶען הָאט זִיא זִיךְ אָנְגֶעשְׁלָאגֶען מִיט צְוֵויא יוּנְגֶע לַייט וָואס זוּכֶען שׁוֹין פון אַ שָׁעָה גְלִיק און הָאבֶּען בַּאמֶערְקְט וִויא זִיא אִיז אַרויסגֶעלָאפֶען פון הָאטֶעל.

– אָט אִיז אוּנְזֶער גְלִיק, הָאט אֵיינֶער גֶעזָאגְט, זֶעה נָאר וָואס פַאר אויגֶען; און הָאט דֶערְוַוייל זִיא אָנְגֶעהַאפְּט בַּייא דֶער הַאנְד; נָאר

זִיא הָאט זִיךְ נִיט מִיט אִיהר כֹּחַ אוֹיסְגֶערִיסֶען פוּן זַיינֶע הֶענְד אוּנ אִיז וַוייטֶער גֶעלָאפֶען.

– אָ, זִיא בֶּאזֶערְט זִיךְ, הָאט גֶעזָאגְט דֶער צְוַוייטֶער, אִיז זִיךְ דָאס אַוַודַאי אוּנְזֶער גְלִיק, גִיבּ גָאטט פִּיס, זִיא אִיז אַרוֹיס נָאר וָואס פוּן הָאטֶעל אִיז זִיא אַ מְיוּחֶסֶת, נָא, זִיא מֶעג זִיךְ אַוַודַאי אִיבֶּערְגֶעמֶען, נָאר מִיר מֶעגֶען דֶערְוַוייל מַאכֶען גְרֶעסֶערֶע טְרִיט, זִיא וֶועט זִיךְ אִיבֶּערְבֶּעטֶען.

אוּנ בֵּיידֶע יוּנְגֶע לַייט, הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען מַאכֶען גְרֶעסֶערֶע שְׁפַּאן נָאךְ אִיהר, זִיא הָאט זִיךְ אָהן וֶוארְטֶער דָאס צְוַוייטֶע מָאל אוֹיסְגֶערִיסֶען פוּן זֵייעֶרֶע הֶאנְד, דֶער עֶרְשְׁטֶער גָארָאדָאוָואי הָאט בֵּיידֶע מָאל בַּאמֶערְקְט וִויא זֵייא לוֹיפֶען נָאךְ אוּמְזִיכְט אוּנ הָאט זֵייא גֶעזָאגְט, זֵייא זָאלֶען אוֹיפְהֶערֶען מַאכֶען סְקַאנְדַאלֶען.

– אוּנ וָואס פַאר רוּחַ טְרָאגְט דִיךְ נָאךְ דֶעם וִוייבֶער, הָאט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט, הָאסְט קַארְג, אָט הָאסְט דִיא אַ לַאנְגֶע גַאס פוּן עֶטְלִיכֶע וֶוערְסְט, מִיט עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט לַאנְטֶערְנֶס – זֵייא זֶענִין מֶעהר דָא וִויא לַאנְטֶערְנֶס.

אוּנ דִיא בֵּיידֶע לַייט הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט וַוייטֶער גְלַייךְ אִיבֶּער דֶער „פָּאטְשְׁטָאוָוע".

בַּיים עֶרְשְׁטֶען אוּגָאל, הָאט זִיךְ לאה גֶענוּמֶען אִין דֶער זֵייט צוּם בּוּלְוַואר צוּא גְלַייךְ מִיט דֶער „רִישֶׁעלְיֶעוְוסְקִי". דָאס אִיז אַדֶעסֶער „נִיֶעוְוסְקִי פְּרָאסְפֶּעקְט"; מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ נָאר גֶעדְרֶעהְט וִויא אִין מִיטֶען הֶעלֶען טָאג, זִיא הָאט זִיךְ דָא גֶעפִיהְלְט הֵיימְלִיכֶער אוּנ הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָבְּרוּהֶען, גֶעהֶען לַאנְגְזַאמֶער. –

אוֹיף דֶער בּוּלְוַואר הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ נָאךְ גֶעדְרֶעהְט אַ סַךְ מֶענְשֶׁען, דִיא מוּזִיק הָאט שׁוֹין גֶעשְׁפִּיעֶלְט דֶעם לֶעצְטֶען נוּמֶער פוּן דֶער פְּרָאגְרַאמֶע.

זִיא הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף אַ בֶּענְקִיל מִיט דֶעם פָּנִים צוּם יַם, זִיא הָאט עֶרְשְׁט אִיצְטֶער דֶערְפִיהְלְט אִין דִיא פִּיס וִויא מִיעְד זִיא אִיז, דָאס הַארְץ הָאט אִיהר זֶעהְר גֶעקְלַאפְּט, אִיהר גֶעזִיכְט אִיז גֶעוֶועזֶען וַוייסֶער פוּן דִיא וַוייסֶע רַאקֶעטֶען וָואס מֶען הָאט אַלֶע פִינְף מִינוּט גֶעלָאזְט פוּן דִיא פַּארַאהָאדֶען, עֶרְשְׁט דָא זִיצֶענְדִיג אוֹיף דֶער בֶּענְקְעל צְווִישֶׁען דִיא קוֹלוֹת פוּן דֶער מוּזִיק, צְווִישֶׁען דֶעם פְרֶעהְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען נַארָאד, הָאט זִיא זִיךְ פַאר דֶער גַאנְצֶער צַייט בַּארוּהִיגְט אוּנ דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל גֶעקוּמֶען צוּא זִיךְ.

צוּם עֶרְשְׁטֶען הָאט זִיא דֶערְזֶעהֶען דִיא קְלֵיינֶע חְוַואלְיֶעס פוּן יַם אוּנ הָאט פוּן זֵייא דִיא גַאנְצֶע צַייט קֵיין אוֹיג נִיט אַרָאבּ גֶענוּמֶען, פּוּנְקְט וִויא זֵייא בֶּעטֶען זִיא צוּא זִיךְ מִיט גְרוֹיס לִיבְּשַׁאפְט, פּוּנְקְט וִויא זֵייא וַוייסֶען אַז זִיא אִיז אוּמְגְלִיקְלִיךְ אוּנ וִוילֶען אוֹיף אֵייבִּיג אַרָאבְּנֶעמֶען

פון איהר אללע זארג. — זיא אליין האט זיך עפיס פארגעשטעלט פאר א גרויס פארגעניגען, ווען זיא זאל אזוי פון בענקיל גלייך מיט דיא לאנגע פאסען פון דיא באקעטען צוזאמען זיך אראבלאזען אראב — אראב באַרג איבער דיא עטליכע הונדערט מארמארנע טרעפ גלייך, גלייך זיך איינוויקלען אין דיא שטיל רעדענדיגע חוואליעס, א! ווען דאס זאל קענען געשעהען! וויא גליקליך וואלט זיא געוועזען! מיט גרויס פערגעניגען וואלט זיא איבער געלאזט דיא שאנע וועלט מיט איהרע אללע שלעכטע און אפילו גוטע מענשען.

נאר דיא באקעטען האבען זיך אללע מאל אליין אהן איהר אראב־געלאזט אין ים און זיא האט זיך אפילו ניט געפיהלט אין שטאנד זיך אויפצוהויבען פון בענקיל.

עטליכע מינוט שפעטער, האט זיא זיך מיט דיא לעצטע כוחות אויפגעהויבען און געוואלט געהען, נאר באלד האט זיא זיך צוריק אראב־געלאזט אויף דעם אייגענעם ארט.

— ניין, איך קען ניט און טאר ניט... מיין קינד לעבט, איך טאר ניט שטארבען, איך האב שוין אזוי אויך פיעל געזינדיגט וואס איך האב אזא צייט אן דעם קינד פארגעסען.

זיא האט זיך אנגעהויבען שרעקען פאר דיא חוואליעס פון ים און האט זיך איבערגעזעצט אויף דער אנדער זייט פון בענקיל מיט דעם רוקען צום ים.

דיא מוזיק האט שוין לאנג געענדיגט דעם לעצטען נומער דער עולם האט אנגעהויבען ווערען אלע מאל שיטערער, מען האט שוין אללע מאל העכער געהערט דאס פייפען פון דיא נאהנטע פאבריקען, פון דיא פאראהאדען און מאשינען.

עס וואלט שוין גאר שטיל געוועזען אויף דעם בולוואר, ווען ניט דיא קארעטעס וואס האבען זיך ערשט איצטער אנגעהויבען ווייזען אויפין בולוואר — אויף דער איינציגער לאנגער גאס וואס איז אויסגעגאסען וויא איין שטיק מיט צעמענט וואו עס איז זעהר אנגענעם צו פאהרען.

אויף דער גאס פאהרען ניט קיין געשעפטסלייט, פארנומענע מענשען, דא פאהרען נאר אזויגע וואס פוילען זיך שפאצירען מיט דיא פיס, שפאצירען זייא זיצענדיג אין דיא קארעטעס.

אפילו גאנץ שפעט אין דער נאכט שפאצירט מען דא זיצענדיג אין קארעטעס, דאס רוב דיא וואס פאהרען שוין פון טעאטער, פון דער ענגער לופט, וואו מען האט פארבראכט עטליכע שעה פאהרען זייא צום בולוואר שעפען פרישע לופט.

אין איינער פון דיא קארעטעס וואס האבען זיך געדרעהעט אהער

און אַהִין, אִיז גֶעוֶעסֶען צוּלֶעגְט, צוּוָארְפֶען בְּרֵייט אַ יוּנְגֶער מַאנְן און גֶעבֶּען אִיהם אַ פְּרֵיילֵיין.

דֶער יוּנְגֶער מַאנְן אִיז אוּנְזֶער בַּאקַאנְטֶער פיאדאר איוואנאוויטש. בַּאלְד וִויא לאה אִין ר... הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּא וֶועלְלֶען אִיהם קֶענֶען, הָאט עֶר אַ קְלֵיינֶע צַייט אִיבֶּער גֶעהַוֶּערְט אוֹיף רוּסִיש:

– טְשָׁארְט פָּאבְרִי, זִיא אִיז פָּארְט טְשָׁארְטָאווְסְקֶע שֶׁאן, עֶס טְרוּט מִיר זֶעהר לֵייד, טְשָׁארְט פָּאבְרִי הָאטְשׁ מַיינֶע חֲבֵרִים זָאלֶען זִיא גֶעוֶועזֶען זֶעהֶען און וִויסֶען וֶער עֶס הָאט מִיר לִיעֶב גֶעהַאט, אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא וַוייטֶער זָאגֶען אַז אִיךְ בִּין גָאר אַ חֲוואסְטוֹן.

אַזוֹי הָאט נֶעבֶּעךְ פיא־אר איוואנאוויטש גֶעטְרוֹיעֶרְט נָאךְ לאה'ן אַ קְלֵיינֶע צַייט, בִּיז זַיין פָּאטֶער הָאט זִיךְ דֶערְוואוּסְט אַז דִיא פאדריאדען אִין ר–עֶר אוֹיעֶזד קֶענֶען זִיךְ פִּיהְרֶען אָהְן אִיהם און עֶר מַאכְט גָאר אוּמְזִיסְט אָן גְרוֹיסֶע הוֹצָאוֹת און הָאט אִיהם אָבְּגֶערוּפֶען קַיין אָדֶעס, וּבִפְרַט נָאךְ וַוייל עֶר אִיז מִיט דִיא גְרוֹיסֶע לַאנְד שַׁדְכָנִים גֶעשְׁטַאנֶען אִין אַ גְרוֹיסֶען שִׁדוּךְ פַאר זַיין פֶּעדִיעֶן, און בַּאלְד וִויא עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִיז עֶר טַאקֶע גֶעוָוארֶען אַ חָתָן פַאר אַ כַּלָּה מִיט אַ סַךְ טוֹיזֶענְדֶער מִיט פֶּערְד מִיט קַארֶעטֶעס מִיט מַתָּנוֹת מִיט אַלֶעס גוּטְס, זִיא הָאט אוֹיךְ נִיט שְׁלֶעכְט גֶעשְׁפִּילְט פְּיַאנָא, מִיט אֵיין וָוארְט אַלֶעס אוֹיפִין בֶּעסְטֶען אוֹפָן, נָאר אַלֵיין אִיז דִיא כַּלָּה זֶעהר נִיט שֶׁאן, חָאטְשׁ מֶען זָאגְט אַז צוּרִיק מִיט אַ יָאהר 15 אִיז זִיא גֶעוֶועזֶען נִיט מִיאוּס, נָאר וַוייל אִיהְרֶע עֶלְטֶערֶען זֶענִין זֶעהר רַייךְ הָאט זִיא גֶעזוּכְט דֶעם בֶּן מֶלֶךְ פַאר אַ חָתָן, דֶער בֶּן מֶלֶךְ הָאט אָבֶּער גֶענוּמֶען בַּייא דֶער עֶנְגְלִישֶׁער מַלְכָּה אַ טָאכְטֶער, אַזוֹי הָאט זִיא גֶעקְלִיבֶּען בִּיז זִיא אִיז גֶעוָוארֶען אִיבֶּער 30 יָאהר, און וֶוען זִיא הָאט שׁוֹין גֶעזֶעהֶען גְרִינֶע קִישְׁקֶעלֶעךְ אוֹיף דֶעם פָּנִים, ד. ה. וֶוען אַלְלֶע אָדֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְזֶעהֶען פַאר אֵיידִילְקַייט און לוֹיטֶערְקַייט, וֶוען פוּן דִיא אוֹיגֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַבִּיסֶל רִינֶען, וֶוען פוּן דֶעם פָּנִים הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַלְלֶע מָאל זִיךְ אָבְּוַואלֶען שְׁטִיקֶער וַוייז שְׁטוּקָאטוּרְקֶע, הָאט זִיא זִיךְ מִיט אִיהְרֶע סַךְ טוֹיזֶנְטֶער גֶערֶעשֶׁעט צוּא נֶעמֶען עֶפִּיס וֶוינְצִיגֶער פוּן דֶעם בֶּן מֶלֶךְ און אִיז אַ כַּלָּה גֶעוָוארֶען פַאר פְּיָאדֶערֶען. אַלְלֶע אֲפִילוּ זַיינֶע אֵייגֶענֶע עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט וִויא אַזוֹי אִיז זִיא אִיהם גֶעפֶעלֶען. נָאר עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז זִיא גֶעפֶעלְט אִיהם. אַז זַיינֶע פְרַיינְד און בֶּעקַאנְטֶע זָאלֶען זִיךְ דֶערוֹיף נִיט וואוּנְדֶערֶען, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז אִין פְרוֹיעֶן גֶעפֶעלְט אִיהם קַיין מָאל נִיט דִיא אוֹיגֶען מִיט דֶער נָאז, עֶר שֶׁעצְט אִין דִיא פְרוֹיעֶן נָאר זֵייעֶר טַאלֶענְט, זֵייעֶר גוּטְסְקַייט, זֵייעֶר גְלַייכֶען

בליק אויף אַלֶע זאַכען וואס עס טהוט זיך איבער אין דער וועלט. אונ דאס אַלֶעס אונ נאך מעהר האט ער געפונען אין זיין כַּלָה.

אונ כְּדֵי ער זאל פאר זיך אליין ניט שעמען מיט אַזאַ געפּעלענש, האט ער שוין לאנג געזאגט: בא, בא, פאר געלד קריגט מען אַלֶעס, שוואַרצע גרויסע אויגען, דינע טאַליעס, זיידענע ליפען, ראזע בעקלעך, גילדענע האר, קליינע געשטיקטע שיכלעך אונ געטאַקטע האנדלעך. — געפינט מען זיא ניט ביא לאה'ן, געפינט מען זיא ביא ז'שעניען, מאניען;

———

אונ ווי'א איהר זעהעט זיצט ער איצטער אין וואגען מיט זיין כַּלָה, זיא איז געקומען אַהער צוא גאסט, באלד דארף זיין דיא חֲתוּנָה, דיא גאנצע פאמיליע דאבאווסקע איז היינטיגען אבענד געפאהרען אין רוסישען טעאַטער, דיא עלטערן זענין גלייך פון טעאטער געפאהרען אַהיים אונ דיא כַּלָה האט געזאגט עס דישעט זיא פון דער שווערער לופט וואו זיא איז געזעסען עטליכע שָׁעָה אין דער לאזשע זיא וויל האפען פרישע לופט אונ פיאדאר האט געזאגט דעם קוטשער: „צום בולוואר!"

זיא האבען איצטער געהאלטען אין מיטען אַ שמועס, זיא האט דערצעהלט פון איהרע יונגע יאהרען אונ ער פון זיינע.

— אונ דוא זאגסט אַז דוא ביזט קיין מאל ניט געוועזען פאר־ליעבט? האט זיא איהם נאך אַמאל איבערגעפרעגט. —

— ניין, אין אדעסע האב איך ניט באגעגענט אַזוינע וואס איך זאל זיך קענען אין זיא פארליעבען.

— דוא ביזט זיך אויך אויסגעבייזט כמעט דיא גאנצע פראווינץ, נא האסט דוא קיין מאל ניט באגעגענט אַזאַ פארשוין דוא זאלסט זיך קענען פארליעבען?

יא. פראווינץ! דוא האסט מיך גראד דערמאנט, שטעל זיך פאר אַז אין דער פּראווינץ האב איך גראדע געזעהען אַ שאן פריילין, איך האב ניט ערווארטעט. —

— נא וואס זשע, האסט דוא זיך אין איהר פארליעבט?

— איך פארשטעה ניט וויא אַזוי קען מען זיך פארליעבען אין אַזוינע?

— זיא איז דאך געוועזען שאן, זאגסט דוא?

— יא. וואס זשע איז, נאר פארט אַ פּראווינציאַלקע.

גראדע דער שמועס איז איהם ניט געפעלען, ער האט ניט פאר־שטאנען צוא וואס אונ וויא אַזוי זענין זיא ארויפגעקומען אויף דעם שמועס, האטש זיין כַּלָה האט דערמיט גאר ניט געמיינט, נאר וויא

מען זאגט „אויף דעם גנב ברענט דאס היטעל" — איהם האט דער שמועס געבראכט צוא טרויריגע געדאנקען אונ ער איז באלד וויא דער שטיינער איז איבערגעגאנגען אויף דעם וועטער.

— קוק נאר אויף דעם ים, עס איז פראסט א פערגניגען צוא קוקען אויף איהם אין דער טונקעלער נאכט.

— איך האב נאך אזא שענעס אויסזיכט אין מיין לעבען ניט געזעהען, האט זיא געזאגט, ביא טאג איז דער ים ניט געוועזען אזוי שאן וויא איצטער, אין דער לויטערער זומערנאכט.

אין דער צייט האבען זייא ניט ווייט פון זיך פלוצים דערהערט א שרעקליך געשרייא פון א פרוי; צוויי אבגעריסענע זשוליקעס, האבען זיא געשלעפט אונ זיא האט געשריען אויף יודיש, ראטעוועט מיך! עס איז צוא געפאלען אגאראדאוואי, דיא צווייא חברה לייט זענין אנטלאפען, זיא איז קוים געשטאנען אויף דיא פיס אונ האט דערצעהלט, אז זייא האבען זיך אנגעהויבען טשעפען צוא איהר, אונ ווען זיא האט געוואלט אוועקגעהען פון זייא, זענין זייא איהר נאכגעלאפען אונ אראבגעריסען דאס טיכעל פון האלז.

— אונ וואס טהוסט דוא דא אזוי שפעט? האט זיא געפרעגט דער גאראדאוואי. זי האט ניט געענטפערט פאר אהנמאכט האט זיא זיך קוים געהאלטען אויף דיא פיס.

— זיא האט זיך אנגעשיכורט אונ שרייט נאך! האבען זיך אנגערופען איניגע וואס זענין געשטאנען דערביא.

— עס איז שוין צייט, מיין לעבען צופאהרען אהיים, האט פיאדאר געזאגט דער כלה.

— וואס ביזט דוא אזוי בלייך געווארען? האט זיא איהם געפרעגט.

— איך קען ניט קוקען אויף אזויגע טרויריגע סצענען, אויף מיר ווירקט זעהר שטארק ווען איך זעה אזויגע יונגע פארדארבענע פרויען, זעה, וויא אזא יונגע פרוי זאל אזוי זיין שכור.

—„צוא הויז" האט ער געזאגט! דער קוטשער האט שטארקער אין דיא הענד גענומען דיא קולירטע לייצעס. דיא פערד האבען אנגעהויבען טראגען, דיא רעדער האבען שטארקער אנגעהויבען קלאפען איבער דעם אספאלטענעם פפלאסטער.

* *
*

– וואו פיהרסט דוא מיך, האט לאה געפרעגט דעם גאראדאוואי, ווען ער איז שוין מיט איהר געוועזען ווייט פון דעם בולוואר. –

– אין אוטשאסטאק פיהר איך דיך, דארט וואו אללע שכורים יכטערען זיך אויס.

– נא וואס זעהע פיהרסט דוא מיך אהין, האט זיא איהם נאך אמאל איבערגעפרעגט אונ ניט פארשטאנען וואס קער זיא זיך אן מיט שכורים.

דוא ביזט אזוי שכור, אז דוא באמערקסט ניט אליין וויא דוא ביזט אנגעטרונקען אויף דער גאס טאר מען באנאכט ניט לאזען זיך וואלגערען קיין שכורים. אזוי איז ביא אונז שטרענג פארזאגט.

– נאר איך בין ניט, שכור, איך בין אין מיין לעבען ניט געוועזען שכור, איך טרינק קיין מאל ניט.

– וואס איז מיין געשעפט אז דוא ביזט ניט שכור צוא יא! דוא האסט אנגעמאכט א סקאנדאל אויף דער גאס, מוז איך דיך פיהרען אין אוטשאסטאק.

– איך האב קיין שום סקאנדאל ניט אנגעמאכט, איך בין געזעסען שטיל.

– דוא האסט געשריגען אז דער גאנצער בולוואר איז זיך אנגע-לאפען, דוא האסט נארושאיעט אבשטשעסטווענאיא טישינא, האט דער גאראדאוואי איהר געזאגט מיט אזא טאן, פונקט וויא מען לייענט א פאר-שולדיגטען זיין פריגאוואר.

– מיך האט מען געוואלט באליידיגען, ביא מיר האט מען מיין איינציגען שאל געוואלט אראבנעמען, האב איך געשריגען.

– ווער האט דאס געטהון?

– אט דיא צוויא זשוליקעס וואס זענען אנטלאפען, דוא וואלסט זיא באדארפט ארעסטירען אונ דוא האסט מיך ארעסטירט.

– נא, ניט גערעדט, לערען מיך ניט קיין זאקאנעס, איך דיען שוין צעהן יאהר אין דער פאליציע אונ פריהער האב איך פופצעהן יאהר געדיענט אין דער פעהאטע אונ דוא לערענסט מיך! געה נאר גיכער אזוי וויא מען פריקאזעוועט דיר.

וואס זייא זענען אבגעגאנגען ווייטער א טריט, האט זיא אנגעחאפט א גרעסערע ציטערניש, א גרעסערע שרעק, איהר האט זיך פארגע-שטעלט דיא שרעקליכע נאכט וואס זיא וועט היינט איבערטראגען. געכטיגען צווישען שיכורים, צווישען ארעסטאנטען!.. זיא האט שוין גאר ניט געטראכט וועגען דעם וואס עס קען זיין מיט איהר מארגען,

צוּא װֶעט מֶען זִיא אַזוֹי נִיךְ בַּאפְרַייעֶן, נָאר שְׁרֶעקְלִיךְ, שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז צוּא נַאכְט.

זִיא הָאט זִיךְ פְּלוּצִים אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט פַאר דֶעם גָארָאדָאוָואי אוּנ זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ צוּװֵיינְט פַאר אִיהם:

אוֹיבּ דוּא הָאסְט גָאט אִין הַארְצֶען, לָאז מִיךְ אָבּ, אִיךְ בִּין אַיין עֶהרְלִיךְ מֵיידִיל, אִיךְ הָאבּ אִין מַיין לֶעבֶּען נִיט גֶעטְרוּנְקֶען, טְהוּ מִיט מִיר װָאס דוּא װִילְסְט נָאר פִיהר מִיךְ נִיט אִין אוּטְשַׁאסְטָאק. נַא נֶעם צוּא בַּייא מִיר אַלֶעס נָאר לָאז מִיךְ אָבּ.

זִיא הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אִיהר לֶעצְט גֶעלְד פוּן דֶער קֶעשֶׁענֶע אוּנ אִיהם גֶעגֶעבֶּען.

דֶער גָארָאדָאוָואי הָאט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעטְהוּן.

— קוּם זְשֶׁע צוּא מִיר. מָארְגֶען װֶעל אִיךְ דִיךְ בַּאפְרַייעֶן, אִיךְ װֶעל דִיךְ נִיט פִיהרֶען אִין אוּטְשַׁאסְטָאק. —

מִיט אַ בְּלֵייךְ גֶעזִיכְט הָאט זִיא אַרָאבְּגֶעלָאזְט דֶעם קָאפּ אוּנ גָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט, זִיא הָאט נִיט גֶעװאוּסְט װָאס צוּא עֶנְטְפֶערֶען, זִיא הָאט מֶעהר שׁוֹין נִיט גֶעטְרַאכְט װֶעגֶען זִיךְ, בַּייא אִיהר אִיז שׁוֹין גֶעװֶעזֶען אַלְץ אֵיינְס, זִיא הָאט פַאר זִיךְ נִיט גֶעװֶעזֶען קֵיין שׁוּם אוֹיסְגַאנְג פוּן אִיהר אִיצְטִיגֶער שְׁרֶעקְלִיכֶע לַאגֶע.

אִין דֶער מִינוּט, הָאט דֶער גָארָאדָאוָואי דֶערְהֶערְט אַ כְוִויסְטֶאק פוּן זַיין פְּרִיכְטָאוו װָאס הָאט פְּרָאװֶערַאיֶעט, צוּא דִיא גָארָאדָאוָואיֶעס פוּן זַיין אוּטְשַׁאסְטָאק גֶעפִינֶען זִיךְ יֶעדֶער אוֹיף זַיין אָרְט. —

— נָא גִיבּ. הָאט עֶר גֶעזָאגְט אֵיילֶענְדִיג, אַיין אַנְדֶער שִׁיכוֹרְטֶע װֶעל אִיךְ גֶעפִינֶען אוֹיף דַיין אָרְט, דֶערְװַייל לָאם אִיךְ חָאטְשׁ הָאבֶּען פַארְגֶען אוֹיף בְּרַאנְפֶען. —

מִיט בֵּיידֶע הֶענְד הָאט זִיא אִיהם אַװֶעק גֶעגֶעבֶּען אִיהרֶע עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁענְס אוּנ עֶר אִיז גִיךְ אַװֶעק.

* *
*

עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין װֶערְטֶער, אִיךְ זָאל אִיבֶּערְגֶעבֶּען װִיא זִיא הָאט זִיךְ אָפְּגֶעמוּטְשֶׁעט אִין דִיא גַאסֶען דִיא גַאנְצֶע נַאכְט, זִיא הָאט זִיךְ נִיט גֶעפִינֶען נִיט אִין קֵיין בֶּעסֶערֶע לַאגֶע װִיא אֵיינֶער װָאס װֶערְט פַארְבְּלָאנְזֶעט אִין אַ גְרוֹיסֶען װַאלְד אוּנ גֶעפִינְט נִיט פַאר זִיךְ קֵיין שׁוּם אוֹיסְגַאנְג, עֶר הֶערְט אַלֶע מָאל דָאס שְׁרֶעקְלִיכֶע רֶעװֶען, רִיטְשֶׁען פוּן דִיא װִילְדֶע חַיּוֹת אוּנ דַארְף זִיךְ בַּאהַאלְטֶען פַאר זַייעֶר יֶעדֶען שָׁארִיךְ, —

יעדער טריט, יעדער קלאפּ, יעדעס קול וואס זיא האט געהערט פון ווייטענס, פון יעדער דראָשקע וואס האט ערגיץ אין א ווייטער גאס געקלאפּט מיט דיא רעדער, האט זיא געבראכט אין גרויס שרעק. —

— בין איך דען אין א וואלד וואס איך שרעק זיך אזוי פאר יעדען שאָריך? האט זיא אנגעהויבען רעדען מיט זיך זיצענדיג אויף א שטיינערדיגער באנק ערגיץ אין א קליין געסיל געבען א גרויסען מויער — איך בין דאך אין א שטאדט מיט אזוי פיעל מענשען, פאר וואס זשע האב איך פאר זייא מורא, זייא זענין דען וועלף, ווילדע חיות? פאר וועמען זשע האב איך גרויס שרעק?

— איך וואלט זיך בעסער געווינשען איצטער צוא געפינען אין א וואלד צווישען ווילדע חיות איידער דא צווישען מענשען. —

וויא זיא האט זיך דיא נאכט אויסבעהאלטען עס זאל זיא קיינער ניט זעהן, נאר עס האט איהר ניט געהאָלפען, פיעל פוסגעהער מאנסלייט האבען זיא באגעגענט, איינִיגע זענען געגאנגען זעהר שאן אנגעטאן מיט פרעהליכע פּנימער, עס האט אויסגעוויזען זייא זענין רייך, עס איז זייא גוט אויף דעם הארצען, זייא זענען געגאנגען פון דיא טעאטערען, פון דיא קלובען, אדער פון זייערע פארשפּעטיגטע געשעפטען. עס האבען זיא אויך באגעגענט מאנגער מיט ניט קיין רייכע קליידער, מיט טרויריגע פארטראכטע געזיכטער — מיט איין ווארט אללערלייא סארטען מענשען, עלטערע, מיטעלע און יונגע לייט.

זעהר וועניג פון זייא האבען זיא אפילו ניט באמערקט און זייא זענין זיך געגאנגען ווייטער זייער וועג, נאר דאס רוב אבער פון זייא האבען זיא אָבגעשטעלט, דער מיט גוטע רייד, דער מיט א פריינדליך פּנים, דער מיט גראבע ווערטער און דער גאר נאחאלנע.

וויא איינער וואס בעפאלען אים א שטאדע הינד דרעהט זיך אויס פון זייער האוקען, אזוי האט זי זיך בעמיט וויא א העלדין אויסגעדרעהט פון זייא דיא פעראכטונג וואס זיא האט בעקומען צוא דיא מאננער, האט איהר געגעבען פיעל שטארקייט. זיא זאל פון יעדען אנטלויפען יעדען אוועקשטויסען, זיך אויסדרעהען, וויא פון פארעיפּושטע שרצים וויא פון שמוציגע העסליכע באשעפענישען.

אזוי האט זיא איבערגעלעבט א ביטערע נאכט ביז עס איז רעכטער טאג געווארען.

דענסטמאל האט זיא זיך ערשט געקענט אבּרוהען פון דער שרעקליכער נאכט, זיך בעטראכטען וואו זיא איז, וואס זיא זאל טהון, וואוהין זאל זיא געהן. עס איז איהר אויך אויפגעקומען אויף דיא געדאנקען

וויא אַזוי און איבער וואס זיא האָט באַדאַרפט אַוועקוואַרפען איהר היים, און ווער איז שולדיג אין דעם וואס אין דער פרעמדער שטאָדט איז זיא אַזוי אומגליקליך זיא זאָל דאַרפען אַזאַ ביטערע נאַכט פאַרברענגען; אַלע מענשען רייכע אָרימע, גליקליכע און אומגליקליכע האָבען דיא נאַכט גערוהט, דער – פון פיעל פערגניגען און דער – פון צרות, נאָר זיא אומגליקליכע האָט באַדאַרפט זיך מוטשען אַ גאַנצע נאַכט, אַפילו אויף דער גאַס, אויף נאָטס האַרטער ערד, אויף אַיין האַרטען שטיין האָט מען זייא ניט געלאָזט אָפּרוהען.

פון אַ סך, אַ סך האָט זיא געטראַכט: פון פיאדערען, פון דעם גוטען פאַרשוין וואס האָט רחמנות בעקומען אויף איהר, פון דיא אַלע מאַננער וואס האָבען זיא באַגעגענט באַנאַכט.

ניין, כאַין אופן קען איך ניט איבערגעבען אַלעם וואס זיא האָט איצטער געטראַכט, נאָר נאָך דעם לאַנגען טראַכטען, האָט זי מיט ביידע הענד זיך אָנגעהאַפט ביים קאָפּ און מיט אַ שרעקליכער שטימע געזאָגט: אוי מאַננער! מאַננער!...

13

# עהרליך איז שווערליך.

אויף דער „יודישער גאַס", אָדער וויא דיא אַדעסער איינוואָהנער רופען זיא: „דיא שול גאַס" אין אַ פּאָדוואַל פון אַ „טשאָרני דוואָר" וואָהנט איין אַלטע יודענע „דיא פליישיגע". אונטער דיעזען נאָמען קען זיא כמעט גאַנץ אַדעס, איך מיין אַלע אַדעסער בעל ביתטעס וואס האָבען ליעב אַלע מאָל צוא בייטען זייערע דינסטען; צוא קריגט זיך די בעל ביתטע מיט דער דינסט שיקט מען נאָך „דער פליישיגע", זיא נעמט צוא דיא שלעכטע דינסט און ברענגט אַ נייע שוין אַ גוטע; באַמערקט דיא בעל ביתטע אַז דער בעל בית, אָדער דער איידים, אָדער דער זוהן מאַכען אונטערוויילעכס אייגעלעך צוא דער יונגער שאָנער דיענסט, שיקט דיא בעל ביתטע צוא „דער פליישיגע" און זיא נעמט צוא דיא יונגע, דיא שאָנע און גיט איין אַלטע אַ מיאוסע, אָדער אַ יונגע לא יוצלחה; ווען דער בעל בית זאָגט אָבער אַז ער מיאוסט זיך צוא עסען

פון אַזאַ לא יוצליחה קֶעבִּין, שִׁיקט מֶען וַויטֶער נָאךְ „דֶער פְּלֵייטִיגֶע“ דִיא נֶעמְט צוּא דִיא מִיאוּסְטֶע אוּנ גִיט וַוייטֶער אַ שֶׁאנֶע א. ז. וו.

פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אַז „דִיא פְּלֵייטִיגֶע“ אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר צוּפְרִידֶען פוּן אַלֶע מָאל אִיבֶּערְבַּייטֶען דִיא דִיעֶנְסְטֶען, וָוארוּם פוּן יֶעדֶער מָאל הָאט זִיא בַּאקוּמֶען נַיי מֶעקְלֶערַיי פוּן בֵּיידֶע צְדָדִים.

זִיא פְּלֶעגְט בַּייא זִיךְ אִין דֶערְהֵיים צְווִישֶׁען הֵיימִישֶׁע מֶענְשֶׁען אָפְּט אִיבֶּערְרֶעדֶען וֶועגֶען דֶעם.

– אִיךְ פַארְשְׁטֶעה אֵייגֶענְטְלִיךְ נִיט, פְּלֶעגְט זִיא זָאגֶען, וָואס הָאבֶּען דִיא בַּעֲלֵי בַּיִת'טֶעס אַלֶע מָאל צוּא בַּייטֶען דִיא דִיעֶנְסְטֶען' בַּייטֶען זֵייא דֶען אוֹיס בֶּעסֶער? בַּייא מִיר אִין דִיא אוֹיגֶען דַאכְט זִיךְ זֶענֶין אַלֶע דִיעֶנְסְטֶען גְלַייךְ. אַלֶע אַיין שְׁוַוארְץ יָאהר אַלֶע פוּן אַיין בּוֹיגֶען פַּאפִּיער גֶעשׁוֹירֶען, אַבִּי זִיא זָאל מִיר נָאר בַּאצָאהלֶען מַיין מֶעקְלֶערַיי אוּנ אַלֶעס וָואס זִיא לַייהֶעט אוּנ בָּארְגְט אָן בַּייא מִיר. בריינע דִיא בַּעֲלבַּיִת'טֶע הָאט עֶרְשְׁט נֶעכְטֶען אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען דִיא דִיעֶנְסְט דֶערְפַאר, וַוייל וֶוען זִיא שִׁיקְט זִיא עֶפֶּעס קוֹיפֶען מוּז זִיא זִיךְ אַרָאבְּגֶענֶעמֶען צְווַייא גְרָאשֶׁען, אוּנ הָאט צוּגֶענוּמֶען אַ נַייעֶ אַיין עֶהרְלִיכֶע וָואס וֶועט מִסְתָּמָא אוֹיךְ אַרָאבְּנֶעמֶען, נָאר בריינע זָאל נִיט וִויסֶען. דִיא בַּעַל בַּיִתְ'טֶע זָאגְט אָבּ ווייל אִיהר דִיעֶנְסְט אִיז אִיהר צוּא שֶׁאן. דִיא וַוייל אִיהר דִיעֶנְסְט אִיז אִיהר צוּא מִיאוּס, נַארִישְׁקַייטֶען אוּנ מֶעהר נִיט! וָואס הָאט מֶען צוּא בַּייטֶען דִיעֶנְסְטֶען?

„נִיט אַנְדֶערְשׁ“, הָאט „דִיא פְּלֵייטִיגֶע“ בַּייא זִיךְ גֶעטְרַאכְט, דָאס וָואס דִיא בַּעַלבַּיִת'טֶעס בַּייטֶען דִיעֶנְסְטֶען אִיז אַ גָאטְס זַאךְ, ד. ה. גָאט וֵויסְט אַז „דִיא פְּלֵייטִיגֶע“ אִיז אוֹיךְ אַ יוּדֶענֶע וָואס דַארְף הָאבֶּען פַּרְנָסָה, דַארוּם שִׁיקְט גָאט יֶעדֶער בַּעַלבַּיִת'טֶע אִין דִיא גֶעדַאנְקֶען אַז זִיא זָאל אִיבֶּערְבַּייטֶען דִיא דִיעֶנְסְט, מֶען זָאל שִׁיקֶען נָאךְ „דֶער פְּלֵייטִיגֶער“ כְּדֵי זִיא זָאל נֶעמֶען צְווַייא מָאל מֶעקְלֶערַיי פוּן בֵּיידֶע צְדָדִים. –

פַאר וָואס מֶען הָאט דִיא מֶעקְלֶערִין גֶערוּפֶען „פְּלֵייטִיגֶע“. הָאט קֵיינֶער נִיט גֶעוואוּסְט, נָאר אַלְטֶע בַּעַל־בַּיִתְטֶעס פְּלֶעגֶען דֶערְצֶעהלֶען אַז דַארִיבֶּער, וַוייל אִין דֶער יוּגֶענְד הָאט זִיא שְׁטֶענְדִיג פַארְמָאגְט צְווַייא הָאלֶענְדִישֶׁע קִיה אוּנ פְּלֶעגְט פַארְקוֹיפֶען מִילְכִיגְס אִין דִיא גְרֶעסְטֶע הַייזֶער. –

מֶעהר זִיךְ בַּאקָאנֶען מִיט „דֶער פְּלֵייטִיגֶע“ אִיז אוּנז נִיט נֶאטְהִיג, עֶס אִיז גֶענוּג דִיא עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער וֶועגֶען אִיהר, דִיא לֶעזֶער זָאלֶען וִויסֶען אַז אוּנזֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶע לאה וָואס הָאט זִיךְ אָבְּגֶעמוּטְשֶׁעט דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע נַאכְט גֶעפִינְט זִיךְ אִיצְט בַּייא „דֶער פְּלֵייטִיגֶע“ אִין דֶעם פָּאדְוַואל מִיט דִיא נִידְרִיגֶע פֶענְסְטֶער. –

נָאכְדֶעם וָואס לאה הָאט פִיעל גֶעטְרַאכְט וואו זִיא זָאל גֶעהֶען אונ וָואס זִיא זָאל טְהוּן אָהן גֶעלְד, אִיז אִיהר עֶנְדְלִיךְ אַיינְגֶעפַאלֶען אַ גְלִיקְלִיכֶער גֶעדַאנְקֶען, זִיא זָאל פְרֶעגֶען וואו עֶס וָואהנְט אַ יוּדִישֶׁע מֶעקְלֶערִין פוּן דִינְסְטֶען אונ מֶען הָאט אִיהר בַּאלְד אַיינְגֶעוִויזֶען צוּא „דֶער פְלֵיישִׁיגֶע“. —

„דִיא פְלֵיישִׁיגֶע“ פְלֶעגְט כִּמְעַט קֵיינֶעם נִיט אָבְזָאגֶען אַ שְׁטֶעלֶע, זִיא פְלֶעגְט נָאר זָאגֶען אַז מֶען דַארְף אַבִּיסְל צוּוַארְטֶען וֶועט אַ בַּעַל־בַּיתְטֶע גֶעוִיס אָבְזָאגֶען דִיא אַלְטֶע דִיעֶנְסְט, וֶועט זִיא דַארְפֶען אַ נַייע, —

— אִיךְ קֶען אָבֶּער נִיט וַוארְטֶען! הָאט לאה גֶעזָאגְט דֶעם אֶמֶת. —

— אַז אִיהר הָאט קֵיין צֵייט נִיט צוּא וַוארְטֶען, וָואס זֶשֶׁע זֶענְט אִיהר גֶעקוּמֶען צוּא מִיר זוּכֶען אַ שְׁטֶעלֶע?

— נִיט אִיךְ הָאבּ קֵיין צֵייט נִיט, נָאר אִיךְ בִּין נִיט אִין שְׁטַאנְד צוּא וַוארְטֶען, אִיךְ הָאבּ נִיט אַ גְרָאשֶׁען גֶעלְד. אִיךְ הָאבּ נִיט אוֹיף הוֹצָאוֹת בִּיז צוּא דֶערְצֵייט וָואס עֶס וֶועט זִיךְ מַאכֶען אַ שְׁטֶעלֶע. —

— נָא דָאס אִיז קֵיין אוּמְגְלִיק נִיט, אִיהר זֶענְט נִיט דִיא עֶרְשְׁטֶע אוּנ נִיט אֵיינֶע בַּייא מִיר, אִיהר קֶענְט דֶערְוַוייל זַיין בַּייא מִיר מִיט עֶסֶען, מִיט טְרִינְקֶען, מִיט אַלֶעם אוּנ דֶערְנָאךְ, וֶוען נָאט וֶועט בַּאשֶׁערִין דִיא שְׁטֶעלֶע וֶועט אִיהר בַּייא דֶער בַּעַל־בַּיתְטֶע גֶעמֶען אוֹיף פְרִיהָער עֶטְלִיכֶע רוּבְּל אוּנ וֶועט מִיר בַּאצָאהלֶען.

לאה הָאט זִיךְ נַאטִירְלִיךְ גֶעשֶׁעצְט פַאר גְלִיקְלִיךְ וָואס נָאטט הָאט אִיהר בַּאשֶׁערְט „דִיא פְלֵיישִׁיגֶע יוּדֶענֶע“, אוּנ אִיז דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען וַוארְטֶען בִּיז צוּא דֶער גוּטֶער צֵייט.

וְוִיא לאה הָאט זִיךְ דֶערְפְרֶעגְט בַּייא דִיא אִיבְּרִיגֶע דִיעֶנְסְטֶען וָואס הָאבֶּען דָא אוֹיךְ גֶעוַוארְט אוֹיף שְׁטֶעלֶען — אִיז פוּן תָּמִיד אָן אַזוֹי גֶעוֶועזֶען אַיינְגֶעפִיהרְט בַּייא דֶער פְלֵיישִׁיגֶע“: אַז דִיא וָואס זֶענִין גֶעקוּמֶען בֶּעטֶען בַּייא אִיהר שְׁטֶעלֶען הָאבֶּען גֶעמוּזְט קְוַוארְטִירֶען אוּנ עֶסֶען בַּייא אִיהר, דֶערְפוּן הָאט זִיא גֶעהַאט כִּמְעַט דִיא הַאלְבֶּע פַּרְנָסָה; דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט גֶעלְד הָאבֶּען אִיהר גֶעצָאהלְט אוּנ דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט, הָאבֶּען גֶענוּמֶען אוֹיף בָּארְג. — דֶערְפַאר אָבֶּער דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין גֶעפוּנֶען בַּייא „דֶער פְלֵיישִׁיגֶע“ אִין שְׁטוּבּ זֶענִין שׁוֹין גֶעוֶועזֶען פַארְזִיכֶערְט אַז הַיינְט־מָארְגֶען וֶועלֶען זֵייא בַּאקוּמֶען אַ שְׁטֶעלֶע, מֶען דַארְף נָאר צוּא וַוארְטֶען. —

לאה׳ן הָאט זִיא אַרַיינְגֶענוּמֶען אִין שְׁטוּבּ מִיט פַארְגְנִיגֶען דֶערְפַאר וַוייל זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען אַז לאה וֶועט בַּאקוּמֶען גִיךְ אַ שְׁטֶעלֶע אוּנ

זִיא וֶועט בַּאקוּמֶען גִיךְ מֶעקְלֶעֲרַיי, וָוארוּם פוּן אִיהר פְּרַאקְטִיקֶע הָאט זִיא גֶעוואוּסְט אַז יוּנְגֶע וּבִפְרַט נָאךְ שֶׁאנֶע מֵיידְלֶעךְ גֶעמְט מֶען גִיכֶער צוּא אוֹיף אַ שְׁטֶעלֶע. דִיא „פְּלֵייטִיגֶע" הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט וִויא קוּמְט עֶס אַז אַזַא שֶׁאנֶע מֵיידֶעל וִויא לאה אִיז זָאל זַיין אַ דִיעֶנְסְט, עֶס פַּאסְט אִיהר גָאר צוּא זַיין אַ בַּעַל־בַּתִּישׁ קִינְד. —

עֶס הָאט טַאקֶע לַאנְג נִיט גֶעדוֹיעֶרְט אוּנ לאה הָאט בַּאקוּמֶען אַ שְׁטֶעלֶע; נָאר עֶס הָאט נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט אִיז זִיא גֶעקוּמֶען צוּרִיק צוּא „דֶער פְּלֵייטִיגֶע". —

— פַאר וָואס בִּיזְט דוּא גֶעקוּמֶען צוּרִיק? הָאט דִיא פְּלֵייטִיגֶע גֶעפְרֶעגְט. —

— אִיךְ קֶען דָארְט נִיט זַיין, הָאט לאה גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ אִיז רוֹיטְה גֶעוָוארֶען. —

— מֶען הָאט דִיר אָבְּגֶעזָאגְט?

— יָא, מֶען הָאט מִיר אָבְּגֶעזָאגְט, הָאט לאה גֶעעֶנְטְפֶערְט. —

נָאר וִויא פַארְוואוּנְדֶערְט אִיז דִיא מֶעקְלֶערִין גֶעוָוארֶען, אַז וֶוען זִיא אִיז גֶעקוּמֶען צוּא לאה'ס בַּעַל־בַּיִתְ'טֶע, הָאט זִיא אִיהר בַּאגֶעגֶענְט מִיט דִיזֶע וֶוערְטֶער:

— אָט דָאס מֵיידֶעל וָואס אִיהר הָאט צוּא מִיר אַרַיינְגֶעגֶעבֶען, פַארְשְׁטֶעהְ אִיךְ גָאר נִיט, עֶס אִיז אִיהר דַאכְט זִיךְ דָא גוּט גֶעוֶועזֶען, מִיר זֶענִין דָא אַלֶע אִין שְׁטוּב זֶעהר צוּפְרִיעֶדֶען גֶעוֶועזֶען פוּן אִיהר, מַיין מַאנְן אוּנ אַלֶע קִינְדֶער קֶענֶען זִיךְ גָאר נִיט אָבְּלוֹיבֶּען פוּן אִיהר, זִיא טְהוּט אַלֶעס גִיךְ אוּנ רֵיין אַז עֶס אִיז אַ פַארְגְנִיגֶען צוּא קוּקֶען, זִיא וָואלְט גֶעקֶענְט בַּייא מִיר זַיין שְׁטֶענְדִיג מִיט אַלֶעם בֶּעסְטֶען, נָאר פְּלוּצִים הַיינְט קוּמְט זִיא אַרַיין אוּנ זָאגְט זִיךְ אָב, פַאר וָואס, פַאר וֶוען, ווֵייסְט קֵיינֶער נִיט. „זִיא וִויל נִיט דִיעֶנֶען בַּייא מִיר", זָאגְט זִיא, נָאר פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אִיךְ קֶען יֶענֶעם נִיט נֵייטֶען, אִיךְ הָאבּ אִיהר גֶעמוּזְט בַּאצָאהלֶען אוּנ זִיא אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, זִיא טְהוּט מִיר אַזוֹי בַּאנְג וָואס אִיךְ קֶען אַייךְ גָאר נִיט זָאגֶען, אִיהר ווֵייסְט דָאךְ וִויא שְׁוֶוער עֶס אִיז אֵיידֶער גָאט בַּאשֶׁערְט אַלַייטִישֶׁע דִיעֶנְסְט. אִיךְ וָואלְט מִיר הָאטְ'שׁ אִיצְטֶער קְרִיגֶען אַ נַייעֶ, נָאר עֶפֶּעס אַ לַייטִישֶׁע וָואס זָאל זִיךְ מֶעהר הַאלְטֶען. וָוארוּם לאה'ן בִּין אִיךְ עֶפֶּעס חוֹשֵׁד אַז עֶס שְׁטֶעהט אִיהר שׁוֹין אַ פָּנִים נִיט אָן צוּא דִיעֶנֶען... אַזוֹי זֶענִין דִי פוֹילִישֶׁע דִינְסְטְמֵיידְלֶעךְ, קוּמֶען זַייא נָאר קַיין אַדֶעס אוּנ בַּאקֶענֶען זִיךְ מִיט יוּנְגֶע לַייט ווִילֶען זַייא שׁוֹין נִיט הָארֶעוֶוען.

דִיא „פְּלֵייטִיגֶע" הָאט אוֹיךְ אַזוֹי גֶערֶעכֶענְט, נָאר זִיא אִיז אָבֶער

נאך מעהר פערוואונדערט געווארען ווען לאה האט ביי איהר געבעטען זיא זאל איהר געפינען א נייע שטעלע.

— פאר וואס האסט דוא זיך אבגעזאגט פון דער פריהריגער בעל־ביתטע? דאכט זיך דוא ביזט זייא אזוי געפעלען, דיר וואלט געקענט זיין דארט שטענדיג גוט; אפשר איז דיר דיא בעל־ביתטע ניט געפעלען? דאכט זיך זיא איז זעהר א גוטע.

— איך האב צוא דער בעל־ביתטע גאר ניט, זיא איז זעהר א גוטע פרוי, נאר איך וויל דארט ניט זיין; וואס האט איהר מיך צוא פרעגען? מסתמא געפעלט מיר ניט דארט צוא דיענען.

דיא „פליישיגע" האט פאר איהר געפונען א נייע שטעלע, נאר אבער ווייטער ניט אויף לאנג; אין עטליכע טאג ארום איז לאה ווייטער געקומען צוריק, און וויא דיא „פליישיגע" האט זיך נאכדעם דערוואוסט, האט זיך לאה ביים צווייטען מאל ווייטער אליין אבגעזאגט. דיא צווייטע בעל ביתטע איהרע איז זעהר געוועזען צופרידען פון איהר און האט זיך נאר געוואונדערט פאר וואס לאה וויל ניט דיענען ביי איהר.

„דיא פליישיגע" האט נאר געצויגען מיט דיא פלייצעס און ניט פערשטאנען דאס משוגענע מיידיל, וויא זיא האט זיך אויסגעדריקט. — וואס זיא האט ניט גערעדט איבער איהר פאר וואס זאגט זיא זיך אלע מאל אב, האט איהר לאה גאר דארויף ניט געענטווערט, חוץ איהר אלטען ענטפער:

— איך וויל ניט. איך קען דארט ניט דיענען.

לאה איז ווייטער געבליבען זיצען ביי דער מעקלערין אין שטוב; א טאג און א טאג האט זיך לאה באטראכט אז אזוי זיצען איז קיין תכלית ניט, זיא פארבארגט זיך און פארשולדיגט זיך וואס א מאל מעהר און מעהר, דיא מעקלערין האט אויך דארויף אנגעהויבען קרימען דיא נאז, לאה האט געזעהען אז שלעכט איז איהר איבערן האלז׳ איז זיא צוגעטרעטען צוא דיא „פליישיגע" זיא זאל געפינען פאר איהר נאך אמאל א שטעלע.

— נא וואס וועט זיין אז איך וועל געפינען, אז איהר האלט זיך ניט איין אויף קיין ארט? אזוינע דיענסטען זאל מען נעמען פון מיין שטוב, האב איך פיינד, וואס וועט יענער דערנאך זאגען אויף מיר, אז איך האב קיין לייטישע דיענסטען ניט צוא געבען; ניין איך וויל אז איהר זאלט מיר באצאהלען וואס איהר האט זיך אנגעבארגט ביי מיר און זיך אוועקגעהען פון מיר געזונטערהייט, איך בין דא ניט איינגע. אין אנדערע זענין ב"ה דא מעקלערינס גענוג.

– אִיךְ בֶּעט אַייךְ אָבֶער אִיהר זָאלְט נָאךְ אִיצְטִיגֶען מָאל גֶעפִינֶען פַאר מִיר אַ שְׁטֶעלֶע; אִיךְ זָאג אֵייךְ צוּא אַז אִיךְ וֶועל זִיךְ שׁוֹין הַאלְטֶען, עֶס מֶעג מִיר שׁוֹין אֲפִילוּ נִיט גֶעפֶעלֶען, קַיין בִּזְיוֹנוֹת הָאט אִיהר דַאכְט זִיךְ פוּן מִיר נִיט גֶעהַאט, נִיט יֶענֶער הָאט מִיר אָבְּגֶעזָאגְט, נָאר אִיךְ אַלֵיין; אִיצְטֶער אָבֶער זָאג אִיךְ אַייךְ צוּא אַז אִיךְ וֶועל זִיךְ שׁוֹין הַאלְטֶען, אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין גֶענוּג אָנְגֶעלִיטֶען, מִיר אִיז זֶעהר שְׁלֶעכְט... אִיךְ פַארְשְׁטֶעה גַאנְץ גוּט אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ נָאר אוּמְזִיכְט גֶעזֶעצְט אוֹיף אַייעֶר קָאפּ, אִיהר זֶענְט אַלֵיין אַיין אָרִימֶע יוּדֶענֶע, וָואס הָאבּ אִיךְ בַּייא אַייךְ זִיךְ אָנְצוּבָּארְגֶען, אִיהר טְהוּט פוּן מַיינֶעטְווֶעגֶען אַזוֹי אוֹיךְ צוּא פִיעֶל, וָואס אִיךְ בִּין אַייךְ גָאר נִיט אִים שְׁטַאנְד אָבְּצוּדַאנְקֶען. גֶעפִינְט נָאר פַאר מִיר אַ שְׁטֶעלֶע וואוּ אִיךְ זָאל קֶענֶען נֶעמֶען פַאר אַ חוֹדֶשׁ גֶעלְד פְרִיהֶער וֶועל אִיךְ אַייךְ פַאר אַלֶעס בֶּעצָאהְלֶען מִיט גְרוֹיס דַאנְק, אִיךְ וֶועל זִיךְ שׁוֹין אִיצְטֶער הַאלְטֶען אוֹיף דֶער שְׁטֶעלֶע, עֶס מֶעג זַיין וָואס עֶס זָאל זַיין, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין מֶעהר קַיין כֹּחַ נִיט צוּא בִּיהֶעוֶוען...

– נָא אוֹיבּ אַזוֹי, פַאר וָואס נִיט, הַלְוַאי וָואלְט אִיהר זִיךְ פְרִיהֶער אַזוֹי בַּאטְרַאכְט וָואלְט גְלַייכֶער גֶעוֶועזֶען, אִיךְ וָואלְט גֶעוֶועזֶען צוּפְרִידֶען אוּנ אֵייךְ וָואלְט שְׁטֶענְדִיג גוּט גֶעוֶועזֶען, אוּנ אַזוֹי וָואס? אִיהר קֶענְט נָאךְ בַּאקוּמֶען אַיין נָאמֶען אַז אִיהר קֶענְט זִיךְ אוֹיף קַיין אָרְט נִיט אַיינְהַאלְטֶען, וֶועט אַייךְ קַיין שׁוּם בַּעַל־בַּיתְ'טֶע נִיט וֶועלֶען צוּנֶעמֶען. זָאלְט אִיהר זִיךְ טַאקֶע זֶעהֶען גוּט בַּאטְרַאכְטֶען אִיהר זָאלְט נִיט דַארְפֶען נָאךְ אַמָאל קוּמֶען צוּא מִיר, אוּנ אִיךְ וֶועל שׁוֹין זֶעהֶען זוּכֶען פַאר אַייךְ אַיין אָרְט; בַּעַל־בַּיתְ'טֶעס אִיז ב"ה דָא גֶענוּג, וּבִפְרַט נָאךְ אַז בַּייא וֶועמֶען אִיהר זֶענְט גֶעוֶועזֶען אִיז מֶען מִיט אַייךְ צוּפְרִידֶען גֶעוֶועזֶען, פַאר וָואס זָשֶׁע נִיט?

עֶס הָאט נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט אִיז שׁוֹין לאה וַוייטֶער גֶעוֶועזֶען אוֹיף אַ נַייעֶר שְׁטֶעלֶע, זִיא הָאט גֶענוּמֶען פַאר אַ חוֹדֶשׁ גֶעלְד פְרִיהֶער אוּנ הָאט זִיךְ מִיט דֶער פְלֵיישִׁיגֶער זֶעהר אָרֶענְטְלִיךְ אָבְּגֶערֶעכֶענְט אוּנ בַּאצָאהְלְט פַאר אַלֶעס וָואס זִיא הָאט אָנְגֶעבָּארְגְט אוּנ אוֹיךְ פַאר מֶעקְלֶערַיי.

לאה הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען זֶעהר פְלַייסִיג צוּא דֶער אַרְבֵּייט, אַלֶעס אִין שְׁטוּבּ הָאט זִיא אָבְּגֶעטְהוּן גִיךְ, רֵיין אוּנ שְׁטִיל; דִיא בַּעַל'בַּיתְטֶע דֶער בַּעַל'בַּיִת אוּנ אַלֶע אִין שְׁטוּבּ הָאבֶּען נָאר אָנְגֶעקְוָואלֶען פוּן אִיהר, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נָאר גֶעוואוּנְדֶערְט וָואס אִין אִיהר לִיגְט נִיט דָאס אַלֵיין וָואס מֶען זֶעהט בַּייא אַנְדֶערֶע דִינֶסְטֶען, אִיהר שְׁטִילְקַייט; אִיהר פַיינְקַייט הָאט יֶעדֶער בַּאמֶערְקְט אִין שְׁטוּבּ.

אִין אָנְהוֹיבּ אִיז לאה אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען צוּפְרִידֶען פוּן דֶער שְׁטֶעלֶע, נָאר וָואס וַוייטֶער אוּנ וַוייטֶער הָאט זִיא אָנְגֶעהוֹיבֶּען מֶעהר טְרוֹיעֶרִיג

זַיין, דֶעם גַאנְצֶען טָאג אִיז זִיא גֶעוֶועזֶען פַארְחַמַארֶעט אוּנ קֵיינֶעם נִיט גֶעקֶענְט קוּקֶען גְלַייךְ אִין דִיא אױגֶען פוּנְקְט וִויא אַ גַנָב.

דִיא יֶענִיגֶע אִין שְׁטוּב וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט גֶעוואוּסְט דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן אִיהר טְרוֹיעֶרִקייט, הָאבֶּען זִיךְ נָאר גֶעוואוּנְדֶערְט אוּנ גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט דִיא קָאפּ.

דִיא בַּעַל בַּיְתְטֶע אַלֵיין הָאט אִיהר נִיט אַיין מָאל בַּאמֶערְקְט:

– דַאכְט זִיךְ לֵאה, אַז בַּייא מִיר אִיז דִיר נִיט שְׁלֶעכְט צוּא דִיעֶנֶען, וָואס זְשֶׁע דְרֶעהְסְט דוּא זִיךְ אַרוּם אַזוֹי שְׁטֶענְדִיג פַארְקְלָאגְט, גְלַייךְ וִויא דִיר אִיז בַּייא מִיר שְׁלֶעכְט.

– גֵיין בַּעַל בַּיְתְטֶע, גְלַאט אַזוֹי, הָאט זִיא גֶעעֶנְטְפֶערְט, אֲבִי מֶען זָאל זִיא מֶעהר נִיט פְרֶעגֶען.

אֵיינְמָאל בַּאנַאכְט וֶוען אַלְלֶע זֶענִין שוֹין אִין שְׁטוּב גֶעשְׁלָאפֶען נָאר דִיא קֶעכִין הָאט נָאךְ אִיבֶּערְגֶעוַואשֶׁען דָאס גֶעפֶעס, הָאט זִיא פְלוּצִים דֶערְהֶערְט וִויא לֵאה וֵויינְט בִּיטֶער אוֹיף אִיהר גֶעלֶעגֶער. דִיא קֶעכִין אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּא אִיהר אוּנ זִיא גֶעפְרֶעגְט, נָאר לֵאה הָאט זִיךְ נָאךְ טִיפֶער אַיינְגֶעגְרָאבֶען אִין קִישֶען אוּנ הָאט גֶעחְלִיפֶּעט וִויא אַ קְלֵיין קִינְד.

טַאקֶע אִין דֶעם צִיךְ פוּן דֶעם קִישֶען, הָאט זִיךְ לֵאה אוֹיסְגֶעוִוישְׁט דִיא אוֹיגֶען אוּנ זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם בֶּעט, דִיא קֶעכִין מִיט אַ טְרוֹיעֶרִיג פָּנִים הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעזֶעצְט נֶעבֶען אִיהר אוּנ זִיא גֶעבֶּעטֶען זִיא זָאל אִיהר זָאגֶען דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן אִיהר וֵויינֶען.

– אִין גַאנְצֶען, אִין גַאנְצֶען וֶועל אִיךְ אַייךְ דֶערְצֶעהְלֶען, אִיךְ וַוייס אַלֵיין נִיט וָואס צוּא טְהוּן, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן וואוּ אַהִין זָאל אִיךְ גֶעהֶען?

– וואוּ גֶעהֶען? וָואס גֶעהֶען? וָואס רֶעדְט אִיהר לֵאה? וֶוער טְרַייבְּט אַייךְ דֶען? הָאט דִיא קֶעכִין גֶעזָאגְט וִויא דֶערְשְׁרָאקֶען. –

לֵאה הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אַז זִיא הָאט נָאךְ קַיין מָאל קַיין הַאלְבּ וָוארְט נִיט גֶערֶעדְט מִיט דֶער קֶעכִין וֶועגֶען דֶעם; זִיא הָאט אַרוּמְגֶעחַאפְּט דִיא קֶעכִין. –

– לִיעֶבֶּע חוה, מִיר דִיעֶנֶען אִין אֵיינֶעם בַּייא אַיין בַּעַל בַּיְתְטֶע מִיר זֶענִין דַאכְט זִיךְ גוּטֶע פְרַיינְד, אִיךְ וֶועל אַייךְ אַלֶעס דֶערְצֶעהְלֶען וִויא אַיין אֵייגֶענֶע מוּטֶער, אִיךְ בִּין אַזוֹי אוּמְגְלִיקְלִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ קֵיינֶעם נִישְׁט פַאר וֶועמֶען אַ וָוארְט צוּא רֶעדֶען, זִיךְ הָאטְשׁ אוֹיסְרֶעדֶען דָאס הַארְץ. –

חוה הָאט אַ זִיפְץ גֶעטְהוּן אוּנ זִיךְ אָנְגֶעגְרֵייט צוּא הֶערֶען, לֵאה הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְצֶעהְלֶען:

– וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? מִיר וֶועט נָאר אוֹיסְקוּמֶען זִיךְ אִין וַואסֶער

צוא וואַרפֶען, עס איז נִיט דאָ קֵיין חוֹדֶש זייט איך בין געקומען אַהער אונ בין שוֹין אויף דער דריטער שטעלע אונ דאָ וועל איך זיך ווייטער מוזען אָבזאָגען.

– וואָס? אָט אַ נייעס! פאַר וואָס דאַרפט איהר זיך אָבזאָגען? דאַכט זיך דיא בַעַל בַיתְ'טע אונ מיר אַלע זענין מיט אייך זעהר צופרידען.

– דיא ערשטע צוויי בַּ״ל בַיתְ'טעס זענין אויך געוועזען מיט מיר צופרידען אונ פון דעסטוועגען האָב איך זיך געמוזט אָבזאָגען.

– איז טאָקע אַ גרוֹיס נאַרישקייט: דאָרט וואו מען איז צופריעדען, דאַרף מען זיך האַלטען מיט דער שטעלע. –

– וואָס זשע האָב איך געזאָלט טהון? וויא אַזוי האָב איך דאָרט געקענט בלייבען? אויף דער ערשטער שטעלע האָט זיך צוא מיר געטשעפּעט דער בַעַל בַיִת, אויף דער צווייטער דער זוהן אונ אַזוי גראָב אַז איך האָב קיין טריט ניט געקענט איבּערטרעטען, פראַכט דיא גאַנץ איז מיר איבּערגענאַנגען פון זיינע גראָבקייט, אונ איצטער... איצטער דאָ, לאָזט מיך ווייטער דער בַעַל בַיִת ניט לעבען. אין אָנהויב האָב איך געמיינט אַז ער באַגעהט זיך גלאַט אַזוי מיט מיר פריינדליך, נאָר דערנאָך – דערנאָך, וואָס ווייטער אַלץ ווייטער באַגעהט ער זיך מיט מיר גראָבער אַז איך קען שוֹין מעהר ניט איבּערטראָגען אונ איבּערליידען, גאָטט ווייסט דעם אֱמֶת אַז איך וואָלט שוין פאַר אַכט טָ״ג אַוועקגעגאַנגען פון דאַנען, נאָר וואו אַהין זאָל איך געהען? איך שעם זיך שוֹין פּשוט קומען צוא „דער פליישיגע״, ווער ווייסט צוא זיא וועט מיך שוֹין נאָר אין שטוב אַריינגעלאָזען. וואו אַהין זשע האָב איך דען צוא געהען אַז ניט צוא „דער פליישיגע״? עס איז פּראָסט איין אוּמגליק אויף מיר, דיא גאַנצע וועלט דיענען אָב יאָהרענוויז אויף שטעלען אונ עס איז נאָר ניט נאָר איך, איך אוּמגליקליכע!..

– איך פערשטעה אייך ניט לאה, מיט וואָס זענט איהר דען אַזוי אוּמגליקליך?

וואָס? מיט וואָס? איך דערצעהל דאָך אייך, ער טרעט צוא מיר צוא מיט אַזוינע זאַכען אַז עס איז מיר איבּער צוא הערען, עס איז זיך גאָר ניט אָבצוטשעפּען פון איהם, אונ איהר פרעגט נאָך מיט וואָס איך בין אוּמגליקליך? אויף מיינע שוֹנאִים געזאָגט געוואָרען אַזאַ גליק!..

– אויף מיינע פריינד געזאָגט געוואָרען, פאַרוואָס דיא שוֹנאִים, לאָזען זייא דאָס אויך ניט האָבען, האָט זיך חוה פּלוצים צולאַכט – אויך מיר איין אוּמגליק – מען געפעלט דעם בַעַל בַיִת צוא דעם בַעַל בַיִת זוהן, וואָס דען? ע! אַ פּנים איהר לאה, זענט נאָך גאָר אַ פּוילישע מיידעל

און ווייסט נאך גאר ניט ווי מען באגעהט זיך מיט די לייט, ווי אזוי מען דארף האבען שכל ווי מיט די גרויסע הערשאפטען זיך צו באגעהען; פרעגט ביי מיר איך בין נאך אויך ניט קיין אלטע יודענע, איך בין א ווייבעל פון 28 יאהר, איך דיען שוין פון א יאהר 8 זינט איך האב זיך געגעט מיט מיין שלאק, און בין געגאנגען דיענען, פון דעמאלט אן – א! א!..

לאה האט איהר געקוקט גלייך אין מויל, פונקט ווי דער תלמיד הערט אויס דאס ערשטע מאל פון זיין רבין ווי מען פיהרט זיך אין זיין הדר – לאה האט באמת געמיינט אז זיא איז נאך א פוילישע מיידעל וואס ווייסט זיך אפילו ניט ווי אזוי אויפצופיהרען מיט אזעלכע לייט און האט ערווארטעט אז חוה וועט איהר דא עפענען דעם מוח, זיא וועט איהר אויסלערנען.

– יא... אמת... איך בין טאקע ניט לאנג אין אדעס און ווייס טאקע נאך ניט ווי מען פיהרט זיך דא, האט לאה געזאגט אהן חכמות גאנץ ערנסט. –

– מיין שוועסטער לעב, יעדע זאך זיך אויסלערנען קאסט געלד מיט מיה; איך, ווען איך בין נאך נאריש געוועזען האב איך אזוי גע־האנדעלט, אז א מאנצביל האט מיך אנגעריהרט בין איך דריי מאל רויטה געווארען און זיך אזוי פארשעמט אז איך האב מיין פנים ניט גע־וואוסט וואו צו בעהאלטען, ניט געוואוסט וואו צו אנטלויפען פאר בזיון, דאס הארץ פלעגט זיך מיר אזוי שרעקען און אזוי קלאפען אז איך האב געמיינט איך האב שוין ביידע וועלטען אנגעווארען.

– טאקע אזוי, נא און היינט? האט זיך לאה דערפרייט וואס די קעכין פיהלט אזוי איהר הארץ.

– היינט פרעגט איהר? הא, חא! היינט איז גאר ניט, היינט בין איך שוין קליגער, היינט האב איך זיך שוין אויסגעלערנט, איך וויל שוין אפילו קיין ליעבעס ניט פיהרען...

– וואס הייסט קיין ליעבעס ניט פיהרען? איך פערשטעה ניט וואס איהר מיינט.

– וואס איז דא ניט צו פארשטעהען, פריהער אז איך בין אביסל קליגער געווארען, און זיך אויפגעהערט צו שרעקען פאר מאנסבילן, פאר יונגע לייט, ווען איך האב געזעהען אז איינער פון מיין בעל בית'טעס קינדער טשעפעט זיך צו מיר, האב איך געמיינט ניט אנדערש, נאר זיא זענען אין מיר פארליעבט; פארשטעהט זיך אז איך נארישע, האב זיך געפרייעט דערמיט, איך נאר האב זיך געטראכט: טרעפט זיך דען ניט אויף דער וועלט [illegible] יש קינד זאל זיך

פַארְלִיעֶבֶּען אִין אַיין אָרִים דִיעֶנְסְט מֵיידֶעל?״ אוּנ אִיךְ הָאבּ גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶעם אוּנ זִיךְ זַייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען מִיט אַלֶעמֶען, נָאר דֶערְנָאךְ אַז אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען וִויא זַייא הָאבֶּען מִיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּא דֶערְקָאנֶען, זַייא הָאבֶּען זִיךְ נָאר בַּאנוּצְט מִיט מַיין נַארִישְׁקַייט, אוּנ אַז אָהְן שׁוּם רַחֲמָנוֹת מַאכֶען זַייא אוּנְז נָאר אוּמְגְלִיקְלִיךְ, אַז זַייעֶר וָוארְט טָאר מֶען נִיט גְלוֹיבֶּען, בִּין אִיךְ שׁוֹין קְלִיגֶער גֶעוָוארֶען. – אִיז אֵיינֶער נָאר צוּא מִיר צוּגֶעטְרֶעטֶען הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעפִיהְרְט בַּייא דֶער נָאז אַ גַאנְץ יָאהר; פַאר צַלֶעמֶען, וִויא וַייט נָאר מֶעגְלִיךְ, אוֹיכְגֶעלֵיידִיגְט בַּייא זַייא דִיא קֶעשֶׁענֶעס א. ז. וו.

– גַנְבִינֶען!..

– וָואס הֵייסְט גַנְבִינֶען – זַייא פְּלֶעגֶען מִיר צוּבִּיסְלֶעךְ אַלֵיין גֶעבֶּען, אַלֶע מָאל אֵיין אַנְדֶער מַתָּנָה א. ז. וו. אָ, שְׁוֶועסְטֶער לֶעבּ, אִיךְ הָאבּ אַמָאל מִיט זַייא גֶעכְמַאלֶעט אַ וֶועלְט נִיט וִויא אִיצְטֶער, אִיצְטֶער בִּין אִיךְ נָאר אַ כְּרָאסְטֶע קֶעכִין, וָוארוּם עֶס זֶענִין שׁוֹין נִיט דִיא יָאהֶרֶען וָואס פְרִיהֶער, הַלְוַאי וָואלְט אִיךְ נָאךְ אִיצְט גֶעוֶועזֶען אַזוֹי יוּנְג אוּנ שֶׁאן וִויא אִיהר, וָואלְט אִיהר גֶעזֶעהֶען וִויא אִיךְ וָואלְט גֶעלֶעבְּט וִויא אִיךְ וָואלְט זִיךְ בַּאגַאנְגֶען מִיט דִיא לַייט, אוּנ אִיהר וֵויינְט גָאר אוּנ קְלָאגְט! הַא, הַא, אַ מִין אוּמְגְלִיק!.. נָאר נִישְׁט קָשָׁה אִין אָדֶעם וֶועט אִיהר גֶעוָואהְנְט וֶוערֶען, אִיהר וֶועט זִיךְ אוֹיסְלֶערְנֶען אוּנ דֶערְנָאךְ וֶועט אִיהר עֶרְשְׁט זֶעהֶען וָואס פַאר אַ נַארְר אִיהר זֶענְט גֶעוֶועזֶען וֶוען אִיהר קֶענְט אוֹיף אַזוֹינֶע נַארִישְׁקַייטֶען וֵויינֶען, מֶען דַארְף נָאר הָאבֶּען שֵׂכֶל, מֶעג מֶען אֵייךְ גָאר מְקַנֵא זַיין וָואס אִיהר זֶענְט אַזוֹי יוּנְג אוּנ שֶׁאן אוּנ קֶענְט גֶעפֶעלֶען!..

לאה הָאט מֶעהר נִיט גֶעעֶנְטְוֶוערְט, דִיא קֶעכִין הָאט דֶערְנָאךְ נָאךְ גֶעעֶנְדִיגְט דָאס גֶעפֶּעס וַואשֶׁען אוּנ זִיךְ גֶעלֶעגְט שְׁלָאפֶען. –

לאה הָאט דִיא נַאכְט גָאר נִיט גֶעשְׁלָאפֶען, דָאס אוֹיסְרֶעדֶען זִיךְ דָאס הַארְץ מִיט דֶער קֶעכִין הָאט אִיהר פוּן דֶעם קָאפּ נִיט גֶעקָאנְט אַרוֹיס. –

– נַיין חוה אִיז נִיט מַיין גְלַייכֶען, זִיא אִיז אַ גֶעבּוֹירֶענֶע דִיעֶנְסְט, אִיךְ קֶען זִיךְ נִיט אַזוֹי פִיהְרֶען, נָאר מִיט אַיין זַאךְ אִיז זִיא בֶּאֱמֶת גֶערֶעכְט, וָואס הָאבּ אִיךְ בֶּאֱמֶת אַזוֹי מוֹרָא וֶוען דֶער בַּעַל בַּיִת אָדֶער דֶעם בַּעַל בַּיִת זוהן רִיהְרֶען מִיךְ אָן אוּנ נֶעמֶען מִיךְ אַרוּם, צוּא זַייא גִיבֶּען מִיר אַ קוּשׁ, זַייא בַּייסֶען מִיךְ דֶען אָבּ דֶערְמִיט? וָואס זָאל מֶען טְהוּן, אֶפְשָׁר אִיז דָאס מִיר נִיט אָנְגֶענֶעהם, אִיךְ בִּין דֶערְצוּ נִיט גֶעוָואהְנְט, וָואס זָשֶׁע קֶען אִיךְ טְהוּן? אֶפְשָׁר דַארְף מֶען זִיךְ טַאקֶע אַזוֹי פִיהְרֶען אִין דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטֶעדְט, אִיךְ דִיעֶן דָאךְ פָארְט בַּייא יֶענֶעם, קֶען מֶען דֶען זַיין אַזוֹי וִויא אִיךְ? וִויא בַּאלְד גֶעפֶּעס – אַנְטְלוֹיף אִיךְ אוּנ זָאג זִיךְ אָבּ פוּן דֶער שְׁטֶעלֶע,

איז דאָס מעגליך מיט אַזאַ האַראַקטער זיך האַלטען אויף אַ שטעלע? און וואָס וועט דער סוף זיין דערפון? איך בין שוין באַלד אַ חודש אין אָדעס און האָב נאָך גאָר ניט פאַרדיענט, פאַר מיין אומגליקליך קינד האָב איך נאָך גאָר ניט געטראַכט, איך בין נאָר פאַרשוואַרצט געוואָרען, איך האָב זיך נאָר אין זינען, וואָס בין איך בייא זיך אַזאַ מיוחסת געוואָרען? ניין, חוה איז טאַקע גערעכט, מען טאָר אַזוי ניט זיין, איך פערשטעה אַליין ניט וואָס איך האָב אַזוי מורא פאַר מאַנסבילען, בין איך דען אַזאַ אונטערן־אויוען מיידעל געוועזען וואָס איך האָב ניט געזעהען פאַר זיך קיין מאַנסביל? איך ווייס אַליין ניט וואָס עס איז געוואָרען מיט מיר אַזוינס איצטער...

זיא האָט זיך אַביסל פאַרטראַכט און דערנאָך זיך אַ חאַפּ געטהון ווייא גלייך זיא האָט זיך אין עפּעס דערמאָנט:

— איך קען ניט אָנקוקען קיין מאַנספערזאָנען, זייא זענען ערגער פון דיא וועלף, איך האָב מורא פאַר זייא, איך וועל אַנטלויפען פון זייא ווייא פון גזלנים, זייא האָבען פאַרסמ׳ט מיין לעבען. —

דיא ווערטער האָט זיא געזאָגט מיט גרויס כעס; און עס איז ניט קיין וואונדער, אַזוי איז מיט יעדען מענשען, ווען מען שרעקט זיך איבער פאַר עפּעס, שרעקט מען זיך שטענדיג פאַר דער זאַך, בפרט נאָך בייא אַזאַ יונג מיידעל ווייא לאה. אַ יונגער מאַנן פיאדאר אין וועלכען זיא האָט אַזוי געגלויבט, געהאַלטען איהם פאַר דעם בעסטען מענשען און ער האָט זיא אַזוי אומגליקליך געמאַכט אָהן שום רחמנות, ער האָט איהר פאַרסמ׳ט איהר גאַנץ לעבען. דערנאָך דער אַלטער לאבערבלאַט, וואָס זיא האָט איהם גערעכענט פאַר דעם עהרליכסטען מענשען, האָט זיא נאָך מעהר אומגליקליך געמאַכט, אַז זיא האָט געמוזט ביינאַכט אַנטלויפען פון איהם, דערנאָך דיא גאַנצע שרעקליכע נאַכט וואָס זיא האָט איבערגעליטען כמעט פון יעדען וואָס האָט זיא באַגעגענט, דאָס אַלעס האָט געמאַכט אויף איהר אַזאַ שרעקליכען איינדרוק, אַז זיא פלעגט זיך שרעקען פאַר מאַנסבילען ערגער, ווייא פאַר חיות; זיא האָט אין זייא מעהר ניט געזעהען ווייא היטרע שווינדלערס, וואָס קענען אַלערלייא הניפות און שמייכלערייא אַבי אומגליקליך צוא מאַכען יעדעס עהרליכע מיידעל; זייא ווערען בעלי צדקות, גוטע מענשען באַקומען רחמנות, ווילען מיטהעלפען אָרימע, און סוף כל סוף לאָזט זיך אויס, אַז זייער גוטסקייט און עהרליכקייט, זייער באַקומען רחמנות איז ניט פון דעם ריינעם האַרצען, נאָר צוליעב דעם כדי מעהר און גרינגער קענען אַריינחאַפּען דיא אומגליקליכע אין זייער נעץ.

ווייא לאה האָט געהאַט דיא ערגסטע מיינונג פון מאַנספערזאָנען,

פון דעסטוועגען האט זיא זיך אויף מארגען ענטשלאסען. ניט אזוי מורא האבען אונ ניט אזוי אנטלויפען פון זייא, ווארום אזוי זיך אויפפיהרען קען מען ניט לעבען צווישען מענשען, ובפרט נאך אז מען דיענט ביי יענעם. —

— אונ ווידער, האט זיא זיך געזאגט, מאלע וואס מיר געפעלט ניט, וואס מיר איז ניט ליעב, איך, דארף טראכטען צוא ערציהען מיין אומגליקליך קינד וואס איך האב עס אומזיסט אנגעהאנגען דעם ארימען ר׳ זלמן׳ס פלייצעס וואס האט אליין ניט פון וואנען צוא לעבען דארף איך ניט טראכטען וועגען זיך. — איך לעב ניט פאר זיך, איך לעב פאר מיין קינד! לאז זיין מיט מיר וואס עס וויל זיך, איך וועל זיך פון דער שטעלע ניט אבזאגען, איך וועל שוין ניט אנטלויפען וויא א נארר, עס וועט פון מיר גאר ניט אבגעביסען ווערען, חוה איז גערעכט! —

לאה איז ווייטער געבליבען אויף דער שטעלע, אלע זענין ווייטער געוועזען מיט איהר צופרידען אונ נאך מעהר איהר בעל בית, ווען ער האט געזעהן וויא דיא פראווינציאלקע האט זיך אויפגעהערט שרעקען פאר איהם. —



אין א קליינער צייט ארום, האט פלוצים לאה׳ס בעל בית׳טע געשיקט רופען „דיא פליישיגע" אז זיא זאל באלד אונ גיך קומען צוא איהר.

זיא האט געכאפט אויף זיך וויא אזוי עס איז, דעם שאל אונ דעם גאנצען וועג געהענדיג האט זיא ניט אויפגעהערט צוא בארמאטשען אונטער דער נאז:

— אט א שלאק, אט א צרה, זיא קען זיך גאר אויף קיין ארט ניט איינהאלטען, איך האב גאר פון איהר צרות, „וואס פאר א מעקלערען, בין איך, קען מען אויף מיר זאגען, ווען איך גיב צוא בעל בית׳טעס אזוינע דיענסטען? — זיא האט זיך שוין געמוזט ווייטער אבזאגען...

ווען זיא האט איבערגעטרעגען דיא בעל בית׳טעס שוועל האט זיא באלד געזאגט:

— איך וויים שוין, איך וויים שוין, מיין ליעבע, וואס איהר האט מיך געשיקט רופען, זיא האט זיך שוין געמוזט ווייטער אבזאגען, אזא שלאק, אזא צרה, זיא קען זיך גאר אויף קיין ארט ניט איינ-

האַלטען, איך ווייס? איך האָב געגעבענט אַז בייא אייך וועט זיא זיך האַלטען, גלויבט מיר אַז איך בין ניט שולדיג, נאָר אויך מיר אַ דאַגה, הונדערט פאַר איינער, איך וועל אייך געבען צעהן בעסערע, וואָס קען איך אַז זיא איז אַוועקגעגאַנגען.

– איך האָב זיא אַרויסגעטריבען ווי אַ הונד, ניט זיא איז אַוועקגעגאַנגען, האָט דיא בעל בית'טע געזאָגט מיט גרויס כעס אונד אַריינגערופען דיא פלייש'יגע אין אַ צימער וואו קיינער איז ניט געוועזען; ערשט דאָ האָט זיך דיא בעל בית'טע אַרויסגעוואָרפען אויף דער אומגליקליכע „פלייש'יגע". –

– וואָס איז? איהר האָט ניט געוואוסט אַז בייא מיר איז איין אָרענטליך הויז אונד איהר האָט מיר געגעבען אַזאַ אויסגעלאַסענע, אַזאַ נידריגע זאַך, זיא זאָל נאָך קמייען דאָבען מיט מיין מאַנן געשעפטען...

– איך גלויב עס ניט אויף איהר, זיא איז דאַכט זיך אַזאַ שטיל עהרליך מיידעל, נאָר וואָס פון אַ קליין שטעדטעל אָנגעקומען, זיא קען דאַכט זיך הויך-קיין צוויי ווערטער ניט רעדען.

– וואָס דערצעהלט איהר מעשות. אַזאַ שטילינקע, אַזאַ אָרענטליבע, אַז איך האָב אַליין געזעהען – אָט דיא אייערע שטילינקע זענען שטענדיג אַזוי...

דיא בעל בית'טע מיט דער פלייש'יגע האָבען וועגען דעם נאָך אַ סך איבערגעשמועסט אונד עס האָט זיך געענדיגט דערמיט, אַז דיא פלייש'יגע האָט איהר געגעבען אַ נייע דיענסט אויף לאה'ס אָרט, אונד פאַרשטעהט זיך שוין ניט אַזאַ שאָנע יונגע דיענסט וויא לאה איז געוועזען. דאָס האָט שוין דיא פלייש'יגע פון אַ סך פּראַקטיקע פאַרשטאַנען, אַז אין אַזאַ אָרענטליך הויז וואו עס געפינט זיך אַזאַ אָרענטליכער בעל בית, דאַרף מען אַריינגעבען איין אַנדער מין דיענסט.

פערשטעהט זיך אַז זיא האָט איצטער אויך באַקומען ניי מעקלערייא פון ביידע צדדים אונד איז געוועזען זעהר צופרידען.

וויא דיא בעל בית'טע האָט לאה'ן געהאַלטען פאַר דער ערגסטער דיענסט פון דער גאַנצער וועלט, פון דעסטוועגען, האָט דיא „פלייש'יגע" פון טאָג אויף טאָג ערוואַרטעט לאה זאָל קומען צוא איהר, נאָר לאה איז שוין מעהר צוא איהר ניט געקומען וויא גלייך זיא איז אין וואַסער אַריין.

– זיא איז נאָך אַ פּנים אַ נאַרר, האָט דיא פלייש'יגע געטראַכט וועגען לאה'ן, זיא מיינט אַז דערפאַר וואָס דיא בעל בית'טע האָט זיא

ארויסגעטריבען פארוואס זיא האט געהאט געשעפטען מיט דעם בעל בית, וועל איך זיא שוין מעהר צוא זיך אין שטוב ניט אריינלאזען און האט שוין מורא צוא קומען! זיא איז נאך גאר א נארר, איך וואלט פאר איהר געקענט קריגען א שטעלע, אין וואס פאר א בעל בתיש הויז טרעפען זיך דען ניט אזוינע מעשות?

14

# העררלעדערבארג עט קאמפ...

כמעט אלע הייזער אין אדעס זענין געבויעט אין צוויא אדער אין דרייא שטאק, א הויז אין איין שטאק דארף מען זוכען וויא מיט ליכט, און אויב איהר וועט יא טרעפען אזא הויז, איז דאס געוויס איין אלט הויז, וואס איז נאך איבערגעבליבען פון איין אלטען בעל בית, פון דער אלטער מאדע, פון דער אלטער וועלט, און עס האט זיך נאך ניט געפונען א נייער מיט ווארימע קעשענעס וואס זאל אויף דעם ארט אויפשטעלען א ניי הויז פון דרייא אדער פון פיער שטאק.—

נאר איין איינציגע גאס איז דא אין אדעס מיט דעם נאמען „קאנאטנע", וואו מען קען באגעגענען אויף יעדען שריט קליינע הייזעלעך אין איין שטאק און ניט אנדעריש נעבען יעדען שטיבעל עטליכע בוימליך מיט א שטיקעל גארטען, דיא שטיבלעך זענין ניט איבערגעבליבען פון דער אלטער וועלט, זייא ווארטען ניט אויף א נייעם בעל בית ער זאל זייא איבערבויען אויף איין אדעסער גרויס הויז. דיא נידריגע הייזלעך בויעט מען נאך איצטער אויף דער גאס, דיא גאנצע גאס איז ניט לאנג אויסגעבויעט געווארען.—

דיא הייזלעך פון דער גאס האבען מעהר א פנים וויא דאטשעס איידער פון שטאדט הייזער, דא וואהנען מענשען רוהיגע, פארזיכערטע, זייא דארפען זעלטען אין שטאדט הוין אייגצוקויפען עפעס נייעס פון דער נייעסטער מאדע, אדער אין טהעאטער אריין א.ז.וו.

דיא אדעסער איינוואהנער וואס זענין שטענדיג געוואהנט מיט דעם גרויסען רעש פון דער גרויסער שטאדט, האבען זעהר ליעב דיא שטילע גאס, נאר פארשטעהט זיך אז ניט יעדער איז אין שטאנד דא צוא וואהנען, פארליערען א האלבע שעה צייט פאהרען מיט דער קאנקע אין שטאדט, און צוריק עטליכע מאל אין טאג, דער גע-

מײנער מענש לעבט פון דער גאס, פון דער שטאָדט - מוז ער װאָהנען אין שטאָדט. –

איך װעל ניט זאָגען אַז אויף דער „קאַנאַטנע“ װאָהנען גאַנץ רײכע, פאַר רײכע איז אין אָדעס דאָ פיעל. שאַנערע גאַסען, װיא דיא „בולװאַרנע“, „דעריבאַסאװסקע“ א. ז. װ. װאו עס איז װינטער גאָר ניט סקוטשנע צוא װאָהנען אונ אויף זומער פאָהרען זײא אַרױס גאָר װײט פון דער שטאָדט אויף דיא דאַטשעס אָדער קײן אויסלאַנד. –

אויף דער „קאַנאַטנע“ װאָהנען מענשען פון מיטעלען שטאַנד, אָדער װיא איך האָב שוין פריהער געזאָגט: „מענשען װאָס זענען רוהיג אונ פאַרזיכערט מיט דעם לעבען? ד. ה. אַזױנע װאָס עס קומט זײא ניט אָן אַזױ שװער דיא פּרנסה, דער האָט געלד אויף פּראָצענט, דער האָט אין שטאָדט אַ הויז װאָס האָרעװעט פאַר איהם אונ דער װאָס עס קומען איהם אָן גרינג קערבלעך...

אַזאַ בעל בית װאָס פאַרדיענט גרינג קערבלעך, טאַקע אונזערער אײן אַלטער באַקאַנטער װאָהנט אויך אויף דער „קאַנאַטנע“, ער מיט זײן פאַמיליע פאַרנעמען אַ באַזונדערע הויפיל אין אײן שטאָק פון אַכט צימער, נעבען הויף עטליכע בוימלעך. דאָס קלײנע שטיקעל גאָרטען איז אַרומגעגראָבען פאַרפוצט מיט אַלערלײא פיגורען אונ פאַרװאַקסען מיט רויזען. דער נידעריגער פאַרקען אָבגעפאַרבט, דאָס אַלעס גיט צוא זעהר אַ גרויס שאַנקיט דעם קלײנעם שטיבעל.

דער דורכגעהער װאָס באַמערקט דאָס שטיבעל טראַכט זיך געװיס אַז דאָ װאָהנט אַ גליקליכע פאַמיליע.

צוא דער פאָרענדיגער טהיר איז מיט פיער מעשענע צװעקליך צוגעקלאַפּט אַ מעשענע ברעטעל מיט אויסגעקריצטע בוכשטאַבען אונ אונ יעדער קען איבערלײענען אויף רוסיש „Леонъ Борисовичъ Лейдербергъ“. –

מיט װאָס פאַרנעמט זיך ה׳ לעדערבארג? װאָס זענען זײנע געשעפטען? אָן װאָס פאַרדיענט ער זײן פּרנסה? אויף דיא אַלע פראַגען װעט אײך קײנער ניט ענטװערען, װאָרום קײנער, אפילו זײן אײגענע פרוי, װײסט אויך ניט, הוין נאָר דיא לײט װאָס האַנדלען מיט איהם.

ה׳ לעדערבארג קען גאַנץ אָדעס אונ גאַנץ אָדעס קען איהם, נאָר זעהר װיניג קענען איהם בײא זײן נאָמען, אָדעס קען איהם נאָר פאַר אײן אַלטען אָדעסער אײנװאָהנער, מען באַגעגענט איהם שטענדיג אָנגעטהון שאָן רײן, מיט אַ פרעהליך געזיכט װאָס האָט שוין

לאנגע יאהרען ניט געוואוסט פון גוטה, פון גרימקייט, פון הונגער; איהם האט מען באגעגענט אומעטום אין דיא רעסטאראנען פון אלע גרויסע האטעלן אונ אין אלע געמיינע טראקטירען, „ווינקעלערס", „טשאינעס", „פארבארגענע מעלאטשנע קלייטלעך", אומעטום איז ער ניט געוועזען אליין, אומעטום איז ער געוועזען מיט איינעם אדער מיט עטליכע מענשען. זייא האבען שטענדיג פארביסען, פארטרונקען, פארוייבערט אונ גערעדט שטארק פאראינטערעסירט, אפילו אויפן טראטואר נעבען דער בערזע, האט זיך לעדערבארג אויך געדרעהט, גערעדט געשמועסט מיט איינעם.

אונ מערקווירדיג וויא אלע מאל האט מען איהם געזעהען רעדען מיט פארשיעדענע קלאסען מענשען; אין דיא גרויסע רעסטאראנען האט ער זיך צום מעהרסטען געדרעהט מיט יונגע לייטלעך פון דיא רייכע ערטער, אדער אויך (נאר זעלטען) מיט אין אלטען מאנן א גביר; אונ אין דיא געמיינע טראקטירען האט ער געהאט געשעפטען מיט אזוינע לייט וואס ווען זייא געהען פארבייא געבען אייך קוקט איהר אייך אום צוא אייערע קעשענעס זענין גאנץ.

מיט איין ווארט לעדערבארג האט געהאט געשעפטען מיט אלערלייא קלאסען מענשען. —

ניט נאר פרעמדע נאר זיין אייגענע פרוי האט איהם קיין מאל ניט געפרעגט ער זאל איהר זאגען דעם אמת אין וואס ער פארדיענט געלד; אייגענטליך איז עס איהר גאר קיין מאל ניט איינגעפאלען צוא פרעגען, מאלע אין וואס א יוד פארדיענט געלד, ער איז ניט איינער פון דיא וואס מען זעהט מעהר ניט וויא מיט א שטעקעל אין דיא האנד אונ זייא פארדיענען. — דעסטגלייכען איז אויך קיין מאל ניט איינגעפאלען זיינע באקאנטע אונ פרעמדע זיך צוא אינטערעסירען מיט וואס פארנעמט ער זיך — „ער איז געוויס א מעקלער אדער אזוי א סוחר" איז יעדער געוועזען בייא זיך פארזיכערט. —

אונ אזוי וויא איהר זעהט האט זיך לעדערבארג געגעבענט פאר א שטילען אדעסער איינוואהנער וואס קיינער האט ניט צוא איהם אונ. ער האט צוא קיינעם ניט. —

חאטש פון זיינע אמאליגע יונגע יאהרען איז איהם געבליבען א סך פלעקען, נאר וויא דער שטיינער איז. זינט איהם איז גוט געווארען, האבען זיך דיא פלעקען אנגעהויבען ביסלעכווייס צוא פארהיילען, איינינע אלטע איינוואהנער געדענקען נאך אפילו זיינע יונגע יאהרען, נאר וועמען איז נאטהיג זיא איהם צוא דערמאנען?

—

לעדערבארג איז געקומען קיין אדעס ווען ער איז נאך א יונגער געוועזען, אבער בארוועס נאקעט, גראב, בעזגראמאטנע, ווילד, אהן א שום ערציהונג, פונקט וויא זיין מוטער האט איהם ערשט נעכטען געבוירען; פאר זיין קומען קיין אדעס איז ער אויך קיין מאל ניט געוועזען גאנץ אנגעטהון אונ זעהר זעלטען זאט געוועזען מיט דעם שטיקעל ברויט. ער איז געבוירען בייא זעהר ארימע עלטערען, צווישען א סך ברידערלעך אונ שוועסטערלעך, שטענדיג זיך געשלאגען מיט זייא איבער איין איבעריגען ביסען ברויט, דערמיט זענין אוועקגעגאנגען זיינע אלע קינדער־יאהרען, נאר ווען זיינע פלייצעס זענין ברייטער אויסגעוואקסען, זיינע האנד גרעסער אונ זיין קאפ האט אנגעהויבען מעהר טראכטען, האט ער פארשטאנען אז ער איז איבריג בייא זיינע עלטערן אין שטוב; אהן שום פאררעדען איז ער אוועק פון זיינע עלטערנס טונקעל שווארץ הויז אונ האט זיך געלאזט אין דער פרייער ליכטיגער וועלט, זיין פארשטאפטער ווילדער קליינער מוח האט ארומגענומען די וועלט אונ זיא פארשטאנען אזוי:

„שטענדיג זיין אנגעגעסען, שטענדיג האבען א פאר גאנצע שטיוועל מיט גאנצע קליידער“-מעהר עפעס בעסערס אין דער גרויסער וועלט האט ער זיך קיין מאל ניט פארגעשטעלט, מעהר וויא דאס האט ער קיין בעסערן צוועק אין זיין לעבען נאר ניט געדענקט צוא ערגרייכען,

מיט אזוינע געדאנקען האט ער זיך א צייט געבלאנקעט אונ געבלאנקעט ביז עס האט איהם פארטראגען קיין אדעס; דא איז ער אין אנהויב איבערגעגאנגען דעם גאנצען אדעסער דרדקי־חדר פאר אזוינע סארטען מענשען וואס קומען אן קיין אדעס פארדינען געלד; פריהער האט ער געשלעפט א וועגעלע, דערנאך געגאנגען מיט דער לאפעטע, אויך געוועזען א פאמאטשניק בייא א מורטשיק, געגרוזעט קוילען אויף די פאראהאדען אונ נאך אזוינע שווערע ארבייט.

נאר אונזער לעדערבארג האט צוא די אלע שווערע ארבייטען ניט געטויגט, האטש ער האט געהאט געזונדע פלייצעס מיט האנד, ער האט זיך גאר קיין מאל ניט פארגעשטעלט, אז זיין אויף דער וועלט שטענדיג אנגעגעסען אונ האבען שטענדיג א פאר גאנצע שטיוועל זאל מען דארפען אזוי ביטער מיט דעם שווייס הארעווען, זיך אונ בערג איבערטראגען.

פון די אלע ארבייטען האט מען איהם פאר זיין פוילקייט ארויסגעטריבען אונ ער האט ווייטער געפונען זיין היים „אין די פרייע גאנצע אדעסער גאסען“, נאר עפעס דורך א באזונדער גליק האט ער

בּאלד בַּאקוּמֶען אַ נייעֶ בַּאשֶׁעפְטִיגוּנג–עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוּמְטְרָאגֶען אִין אַ קֶעסְטֶעל שׁוּהוָואקְס, שְׁוֶועבֶּעלַאךְ, קְנֶעפְּלֶעךְ אוּנ נָאךְ אַזוֹינֶע מִינִים סְחוֹרוֹת וָואס דִיא גַאנְצֶע סְחוֹרָה צוּזַאמֶען הָאט אָנְגֶעטְרָאפֶען נִיט מֶעהר פוּן 99 קָאפִּיקֶעס;

אָט אַ דַאנְק זַיין קֶעסְטֶעל סְחוֹרָה, הָאט עֶר גֶעהַאט שְׁטֶענְדִיג דֶעם צוּפַאל אוֹיסְצוּזַיין יֶעדֶען טָאג אוּמֶעטוּם אִין אַלֶע רֶעסְטָארַאנֶען, גָאסְטִינִיצֶעס טְרַאקְטִירֶען, וַויין–קֶעלֶערְס, שֶׁענְקֶען א. ז. וו.

דִיא אַרְבֵּייט אִיז אִיהם זֶעהר גֶעפֶעלֶען: מֶען פְלִיהט, מֶען פְלִיהט אַזוֹי אִיבֶּער אָדֶעם דֶעם גַאנְצֶען טָאג. אוּמֶעטוּם מֶעג מֶען אַריינְגֶעהֶען אוּנ דֶערְנָאךְ וֶוערְט 15 קָאפּ׳ פַארְדִיעֶנְסְט. –

טַאקֶע וַוייטֶער אַ דַאנְק זַיין קֶעסְטֶעל, וָואס דוּרְךְ דֶעם הָאט עֶר בַּאקוּמֶען אַ סַךְ בַּאקַאנְטֶע, הָאט עֶר בַּאקוּמֶען אַ שְׁטֶעלֶע אִין אַ גָאסְטִינִיצֶע. –

דָא אוֹיף דֶער נַייעֶר שְׁטֶעלֶע הָאט עֶר גֶעפִיהְלְט וִויא עֶר אִיז נָעקוּמֶען צוּא דֶעם גְרֶעסְטֶען צְוֶועק פוּן זַיין לֶעבֶּען. אַ קְלֵיינִיקַייט! – עֶסֶען אִיז דָא שְׁטֶענְדִיג גֶענוּג, אַ פָּאר שְׁטִיוֶועל מִיט אַ סֶערְדֶעט הָאט מֶען אִיהם אוֹיךְ גֶעמַאכְט אוּנ וָואס קֶען נָאךְ זַיין אַ בֶּעסֶער גְלִיק אַז צוּא דֶעם אַלֶעמֶען גֶעמְט עֶר נָאךְ 15 רוּבִּיל אַ יָאהר?

שְׁפְּרִינְגֶען, דֶערְלַאנְגֶען, בַּאדִיעֶנֶען דִיא אוֹרְחִים, הָאט בַּייא אִיהם נִיט גֶעהֵייסֶען קֵיין אַרְבֵּייט, דָאס הָאט גֶעהֵייסֶען בַּייא אִיהם „גֶעלֶעבְּט אִין אָדֶעם״. עֶר הָאט זַיין זַאךְ גֶעטְהוּן מִיט פְלֵייס, דַארוּם הָאט עֶר אַלֶע מָאל בַּאקוּמֶען אַ גְרֶעסֶערֶע שְׁטֶעלֶע אִין גָאסְטִינִיצֶע, דִיא אוֹרְחִים פְלֶעגֶען אִיהם לָאזֶען אָטְיֶעזְנֶעס, בְּקִיצוּר עֶר אִיז גֶעוָוארֶען דֶער גְלַאוְנֶע מַאכֶער אִין גָאסְטִינִיצֶע, זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָנְטְהוּן וִויא אַ פְּרַאנְט, מִיט צְווייא זִילְבֶּערְנֶע זֵייגֶערְס אוֹיף צְווייא גֶעגִילְטֶע קֵייטְלֶעךְ צוּוָארְפֶען אִיבֶּער דֶעם זְשִׁילֶעט אַז דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט זָאל זֶעהֶען, אַלֶע טָאג זִיךְ גֶעשְׁמִירְט דֶעם קָאפּ מִיט פָּאמַאדֶע, אוֹיף אַ פִינְגֶער אִין דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד אַרוֹיפְגֶעצוֹיגֶען דְרַייא פִינְגֶערְלַאךְ, אוּנ גַאנְץ גִיךְ גֶעוָארֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער קַאוַואלִיעֶר בַּייא אַלֶע דִיעֶנְסְטְמֵיידֶען – אַ גְרוֹיסֶער קָאנְקוּרֶענְט פַאר אַלֶע אַנְדֶערֶע זֵייעֶרֶע קַאוַואלִיעֶרֶען. –

נָאךְ וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען „אַ מַאילְטְשִׁיק״, אַ לוֹיפְיוּנְגֶעל אִין דֶער גָאסְטִינִיצֶע אוּנ מֶעהר נִיט גֶעוואקְסְט וִויא אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דִיא סַאמָאוַוארֶען הָאט עֶר שׁוֹין גֶעהַאט בַּאזוּנְדֶערֶע פֶעהִיגְקֵייט אִין זַיין מְלָאכָה, וֶוען אַ דוּרְכְרַייזֶענְדֶער אִיז גֶעפֶעלֶען דִיא דִיעֶנְסְט צוּא דִיא בּוּפֶעטְשִׁיצֶע פוּן דֶער גָאסְטִינִיצֶע אוּנ זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְפְרֶעגֶען וֶועגֶען אִיהר בַּייא לֶעדֶערְבֶּערְגֶען, הָאט עֶר בַּאלְד פַארְשְׁטַאנֶען וָאס מֶען דַארְף טְהוּן אוּנ בֶּעוַויזֶען דֶערְצוּא בֶּעזוּנְדֶערֶע פֶעהִיגְקֵייטֶען; וָואס מֶעהר עֶר אִיז גְרֶעסֶער

גֶעוָוארֶען אוֹיךְ זַיין שְׁטֶעלֶע אִיז עֶר דֶעם גֶעוִויסֶען סָארְט אוֹרְחִים מֶעהר צוּא נִיט גֶעקוּמֶען, נָאךְ אַ סַךְ יָאהְרֶען דִינֶען אִין דֶער גָאסְטִינִיצֶע אִיז עֶר מֶעהר קְלָאר גֶעוָוארֶען אִין דִיא גֶעשֶׁעפְטֶען, אַלֶע אוֹיסְגֶעלַאסֶענֶע פַייא אֶפֶּענְטְלִיכֶע פַייא פַארְבָּארְגֶענֶע, הָאט לֶעדֶערְבַּארְג פוּן זַייא אַלֶע גֶעמוּזְט וִויסֶען, אִיבֶּער אַ סַךְ הָאט עֶר גֶעוֶועלְטִיגְט וִויא אַ פָאלְנֶע בַּעַל בַּיִת, וִויא דֶער פָּאלְקָאוְונִיק אִיבֶּער זַיין פָּאלְק סָאלְדַאטֶען, אוֹיךְ הָאט עֶר גֶעקֶענְט אוֹיף דִיא פִינְגֶער אִיבֶּערְצֶעהְלֶען דִיא אַלֶע אוֹרְחִים אוּנ נָאךְ מֶעהר טַאקֶע אָדֶעסָאעֶר אַיינְוָואהְנֶער, אַלְטֶע אוּנ יוּנְגֶע לַייט וָואס דִיא הָאבֶּען מוֹרָא פַאר זַייעֶרֶע פְרוֹיעֶן, דִיא-פַאר טַאטֶע מַאמֶע אוּנ וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעשֶׁעמְט פַאר דֶער וֶועלְט, זִיךְ גֶעוָואלְט אוֹיס־בֶּעהַאלְטֶען פַאר בַּאקַאנְטֶע אוּנ הָאבֶּען גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען צוּא אַזוֹינֶע לַייט וִויא לֶעדֶערְבַּארְג.

לֶעדֶערְבַּארְג וָואלְט אֶפְשַׁר אַלֶע זַיינֶע יָאהְרֶען גֶעבְּלִיבֶּען דִינֶען אִין דֶער גָאסְטִינִיצֶע פַאר „גְלַאוְונֶע מַאכֶער", וֶוען עֶס זָאל זִיךְ נִיט גֶעוֶועזֶען טְרֶעפֶען אַ בַּאזוּנְדֶערֶע צוּפַאל, וָואס הָאט אִיהם גֶעוִויזֶען פַאר בֶּעסֶער אַרוֹיס־צוּטְרֶעטֶען פוּן דֶער גָאסְטִינִיצֶע אוּנ וֶוערֶען אַ זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶענְדִיגֶער בַּעַל בַּיִת.

דֶער צוּפַאל אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען: אִין דֶער גָאסְטִינִיצֶע וואוּ עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִינֶען הָאבֶּען זִיךְ אַמָאל אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אַ גַאנְצֶע בַּאנְדֶע סוֹחֲרִים פוּן דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע צֶעהֶען מָאל אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מֵיידְלֶעךְ, אוּנ וִויא עֶס אִיז בַּאקַאנְט טְרַאנְסְפָּארְטִירֶען זַייא דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע סְחוֹרָה גְלַייךְ קַיין קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל. אָדֶעס, אִיז דֶער גְלַאוְונֶע פָּארְט פַאר זַייעֶרֶע סְחוֹרָה, דִיא לַייט הָאבֶּען זִיךְ מִיט זַייעֶרֶע סוֹדוֹת פַארְטְרוֹיט פַאר דֶעם גְלַאוְונֶע מְשָׁרֵת פוּן דֶער גָאסְטִינִיצֶע, לֶעדֶערְבַּארְג הָאט דָא אַוַדַאי אוּנ אַוַדַאי גֶעוִויזֶען זַיינֶע שְׁטֶענְדִיגֶע פֶעהִיגְקַייט צוּא אַזוֹינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אוּנ אִין אַ קְלֵיינֶער צַייט אִיז עֶר בַּייא זַייא גֶעוָוארֶען אֵיינֶער פוּן זַייעֶר אָדֶעסַאעֶר קָאמִיסִיאָנֶערֶען, אוּנ שְׁפֶּעטֶער וֶוען עֶר אִיז גֶעוָואהְר גֶעוָוארֶען דֶעם גַאנְצֶען גַאנְג מִיט אַלֶע פֶערְבָּארְגֶענֶע אֶרְטֶער פוּן דִיא גֶעשֶׁעפְטֶען, אִיז עֶר גֶעוָוארֶען אַלֵיין אַ זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶענְדִיגֶער סוֹחֵר, מִיט אַלֶערְלֵיי בַּאזוּנְדֶערֶע אַגֶענְטֶען דֶענְסְטְמָאג הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶעזָאגְט פוּן זַיין שְׁטֶעלֶע, עֶר הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט פַאר אֵיין עֶהְרְלִיךְ דִיעֶנְסְטְמֵיידֶעל אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען אַלֵיין אַ בַּעַל בַּיִת, פְרִיהֶער הָאט עֶר גֶעוָואהְנְט אַבִּיסֶל עֶנְגְלֶעךְ, נָאר דֶערְנָאךְ וֶוען דִיא גֶעשֶׁעפְטֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען גֶעהְן בֶּעסֶער, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען וָואהְנֶען גֶערוֹימֶער אוּנ שֶׁענֶער אוּנ הַיינְט וִויא עֶס אִיז שׁוֹין אֵייךְ בַּאקַאנְט וָואהְנְט עֶר אוֹיף דֶער „קַאנַאטְנָא".

חוּץ דֶעם מִסְחוֹר וָואס עֶר פְלֶעגְט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג דֶערְמִיט פַארְנֶעמֶען, הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעפִיהְרְט זַיינֶע אַלְטֶע בַּאקַאנְשַׁאפְט מִיט דִיא אוֹרְחִים אוּנ

אדעסאער איינוואהנער, וואס פלעגען אמאל נעטהיג האבען צו איהם, פון דעם פאך באקאנטשאפט פלעגען איהם נאך אללע מאל צוקומען גייע. — ער פלעגט זיך אליין שטענדיג גאבריאגען נאך אזוינע באקאנטשאפטען וויא דער וואלף נאך דיא שעפעלעך. למשל, ווען לעדערבארג, האט באמערקט א גבירישׁ קינד א יונגען מאנן בלוט אונ מילך וואס האט ליעב צו לעבען אונ זשאלעוועט ניט דעם טאטענס רייכקייט, פלעגט לעדערבערג אללע וועגען זוכען ביז ער האט זיך מיט איהם בעקאנט אונ צוזאגען איהם די בת מלכה, אונ ווען יענער איז שוין אריינגעפאלען צו איהם איז ער שוין אזוי גיך ניט ארויס; ער פלעגט דיא רייכע יונגע לייט בייזשטעהען אין אללע נויטהען, אפילו ווען זייא האבען נעטהיג געהאט געלד, האט ער זייא אויסגעליגען, אויף וועקסלען מיט יונקערסקע פראצענט, האבען זייא ניט באצאהלט האבען דיא עלטערן געמוזט באצאהלען, ער האט אויך געהאט עטליכע באקאנטע גבירים אלטע לייט וואס פלעגען שטענדיג נעטהיג האבען אזא גיבערנאנטקע פאר דיא קינדער וואס זאל אויך קענען זיין א בעל ביתטע ביים אלטען גביר אין שטוב, אויף אזוינע גובערנאנטקעס פלעגט לעדערבערג זיין זייער שטענדיגער מעקלער א. ז. וו.

חוץ דעם איז ער נאך געוועזען א גרויסער בעל טובה פאר אנדערע מענשען, למשל ווען קיין אדעס איז אראבגעקומען א פרעמדע טרופע אקטריסעס אונ ניט געהאט מיט וואס א וועקצופאהרען, פלעגט לעדערבארג באלד געבען זייא אויסוואקסען וויא אונטער דער ערד אונ זייא העלפען, אזוי לאנג ביז יענע האבען זיך שוין פון איהם ניט געקענט אויסקויפען, אונ נאך אזוינע וואס האבען זיך געפונען אין א נויטה פלעגט ער שטענדיג מיטהעלפען.

זיינע אלע געשעפטען וואס איך האב דא אויסגערעכענט, פלעגט ער אליין זעלטען טהון, אלעס פלעגט אבגעטהון ווערען דורך זיינע אלערלייא אגענטען.

ער אליין פלעגט נאר אופראוולאיען. — ווער שמועסט שפעטער, ווען ער איז שוין רייך געווארען, פלעגט אלעס געטהון ווערען דירך אנדערע הענד, וועלכע האבען ביי איהם באקומען א גוטען פראצענט; אויף אלע קליינע אונ גרויסע הוצאות פלעגט לעדערבערג געבען באזונדער.

זיינע אגענטען זענין בעשטאנען פון א סך יונגע לייט, מיטלע טייער אונ נאך מעהר פון אלע, אלטע ווייבער וואס האבען א פנים וויא פרומע נבאיטעס; כמעט אלע משרתים פון אדעסאער גאסטיניצעס זענין נעקניפט אונ געבונדען מיט לעדערבארגס אגענטען; לעדערבערג

האט אויך אַ סך שותּפים, איינִיגֶע גֶעפִינֶען זִיך טַאקֶע אין אָדֶעס, עֶטלִיכֶע אין קאנסטאנטינאָפּאָל, נאָר נאָך מֶעהר זֶענִין צוּשִיקט אויף דֶער פְּרָאווינְץ. דיא זֶענִין דיא „הַאפֶּערְס"–דיא אֶמֶתֶע הִיטְרֶע פוּקְסֶען וָואס פַארְנַארֶען דיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע שֶאפֶּעלֶעך.

אין דֶער גַאנְצֶער טִירְקַייא וואו עֶס גֶעפִינְט זִיך דֶער גְלַאווְנֶע מִסְחָר מִיט דיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מֵיידְלֶעך גֶעפִינֶען זיך בַּאזוּנְדֶערֶע אַגֶענְטֶען וָואס זֶענִין מִיט לעדערבערגען גֶעקְנִיפְּט אוּנ גֶעבּוּנְדֶען.

מִיט אַיין וָוארְט דֶער פָּאדְלֶער אוּנְמֶענְשְׁלִיכֶער מִסְחָר אִיז בַּייא דֶער בַּאנְדֶע אָרְגַאנִיזִירְט פָּאלְקָאמֶען מִיט פְּרַאווילֶעס אוּנ פּוּנְקְטֶען! – זֵייא הָאבֶּען זִיך בַּאזוּנְדֶערֶע קָארֶעסְפָּאנְדֶענְטֶען, קְוַוארְטִירֶעס אוּנ אַ צִיפֶעְרְבְּלַאלְנֶע קְוַוארְטִיר, עֶס אִיז דָא צְווישֶען זֵייא אַ סַך רֵייכֶע. לעדערבארג אִיז אֵיינֶער פוּן דיא רֵייכֶע אוּנ אויך אֵיינֶער פוּן דיא גְרוֹיסֶע עֶקְסְפִּידִיטָארֶען פוּן אָדֶעסָאֶער פָּארְט, אַיין מָאל אִין יָאהר מַאכְט עֶר אַ־רייזֶע אִיבֶּער דֶער פְּרָאווינְץ, הֶשְׁבּוֹן אָבְנֶעמֶען בַּייא דִיא פְּרָאווינְצִיאַלְנֶע אַגֶענְטֶען, גֶעווָאהר וֶוערֶען וִויא דֶער מִסְחָר גֶעהט.

אוֹיב דיא לֶעזֶער גֶעדֶענְקֶען, פְלֶעגְט עֶר אִין זַיין רייזֶע אויך זַיין אִין דֶער שְׁטָאדְט ר.., אוֹיף דֶער „טוֹיטֶער גַאס". וָוארוּם דֶער שֶׁענְק „ראבֶּע מוּרְלִיטְשֶׁקֶע" אִיז גֶעווֶעזֶען אֵיינֶער פוּן דיא גְלַאווְנֶע קְוַוארְטִירֶען.

טְרוֹירִיג, טְרוֹירִיג אִיז זֶעהר, וֶוען מֶען מוּז דֶערְצֶעהלֶען אַז דיא „הֶערְרֶען לעדערבערג" מִיט זֵייעֶרֶע טוֹיזֶענְדֶער אַגֶענְטֶען, זֶענִין כִּמְעַט אַלֶע יוּדֶען, אִיהר דַארְפְט נָאר נִיט פָּאהרֶען אִין דֶער גְלַאווְנֶער שְׁטָאדְט פוּן דֶער מִסְחָר–אָדֶעס, זִיך פֶערְזִיכֶערֶען אַז דיא לַייט זֶענִין יוּדֶען נִיט נָאר אִין אָדֶעס, נָאר אִין אַלֶע שְׁטֶעדְט אוּנ שְׁטֶעדְלִיך פוּן גַאנְץ קִיעווער, וואהלינער, פאדאליער גוּבֶּערְנִיעֶס גַאנְץ מאלאראסיע אוּנ נאווארֲאסיע אוּנ בעסאראביע. מִיט אַיין וָוארְט אִין גַאנְץ פּוֹילֶען אוּנ אוּנ לִיטָא וואו נָאר אַיין אַיינְפָארְהוֹיז אִיז–זֶענִין דָארְט דיא הוֹיז מְשָׁרְתִים לוֹיטֶער יוּדֶען; וֶועמֶען אִיז נִיט בַּאקַאנְט מִיט וָואס פַאר נִידְרִיגֶע זַאכֶען דיא יוּדֶען פַארְנֶעמֶען זִיך? וִויא נָאר „אַ גוּט הַייזֶעל"– וֶוער אִיז דֶער בַּעַל בַּיִת דֶער פוּן? – נִיעֶפֶּערֶעמֶענָא אַ יוּד! –

עֶס אִיז זֶעהר שֶׁאנְדְלִיך צוּא רֶעדֶען פָאדְרָאבְנֶע דֶערְפוּן, נָאר עֶס אִיז אָבֶּער אויך אַ וַוייטִיג צוּא שְׁוַוייגֶען אוּנ נִיט בַּאמֶערְקֶען חָאטְשׁ אוֹיף פְּרָאסְט יוּדִישׁ אוֹיף דֶעם טְרוֹיעֶרִיגֶען פַאקְט.

מִיר יוּדֶען בַּארִיהְמֶען זִיך שְׁטֶענְדִיג אַז צְווישֶען דֶעם יוּדִישֶׁען פְּרָאסְטֶען עוֹלָם זֶעהט מֶען נִיט אַזוֹיגֶע גְרָאבֶּע ווילְדֶע זִיטֶען וִויא מֶען בַּאגֶעגֶענְט אוֹיף יֶעדֶען שְׁרִיט צְווישֶען פְּרָאסְטֶען נַארָאד בַּייא אַנְדֶערֶע

פּאָלקער, לְמָשָׁל: אונזער פּראַקטישער עוֹלָם שׁיכורט ניט, עס געפינען זיך ניט קיין ראַזבּוֹינִיקעס א. ז. וו. אונ בֶּאֱמֶת מעגען מיר זיך טאַקע דערמיט ריהמען, דיא אַלע נידעריגע זאַכען באַגעגענט מען טאַקע צווישען יודען ווינציגער וויא ביא אַלע אַנדערע פּאָלקער. וויא זשע קומט עס אַז וואו אַ „איינפאהר הויז מְשָׁרֵת" וואו אַ „גוט הייזעל" — איז אַ יוּד? מיט דיא מיאוּסע נידריגע פַּרְנָסוֹת וואס אֲפִילוּ דעם נידעריגסטען שיכורעי מוזשיק איז מיאוס זיך דערמיט פאַרנעמען — פאַרנעמט זיך דער פיינער יוד וואס קומט אַרויס פון אַ פּאָלק וואס פאַרמאָגט דיא איידעלסטע זיטען אונ מַעֲלוֹת?! וואו זענען דיא לייט ערצויגען געוואָרען? וואס האט זייא אַזוינס געבּראַכט אַז זייא זענען געקומען צוא אַזוינע נידריגע זאַכען אָהן אַ שום בִּזָיוֹן? ניין, הונדערט מאָל מוז מען זאָגען: אַז ניט צווישען יודען קענען אַזוינע נידריגע (אין דעם געשטאַלט פון מענשען) ערצויגען ווערען? ניט דער יודישער הֶדר, ניט דאס יודישע שטיעלע הויז האט זייא אַזוי ערצויגען! דאס אַלעס איז צוא היילִיג אונ ריין בּייא אונז זייא זאָלען קענען אַרויסגעהען אַזוינע פאַרדאָרבּענע נידריגע מענשען! — פון וואַנען זשע דען קומען זייא אַרויס?

דיא לייט גיבּען אַרויס אונזערע יודישע תַּלְמוּד תּוֹרוֹת, וואס געפינען זיך אין יעדער שטאָדט אונ יעדער שטעדטעל אָהן אַ שום אָרדנונג אָהן אַ שום צְוֶועק אַז זייא זאָלען מאַכען פון אָרימע עלענדע קינדער עפּיס מענשען — זייא טראָגען נאָר אומזיסט דעם היילִיגען נאָמען „תַּלְמוּד תּוֹרָה".

איך מוז איבּערגעבּען מיט אַנדערע ווערטער: דיא לייט קומען אַרויס פון דיא אָרימע קַבְּצָנִים אונ אֶבְיוֹנִים וואס געהען אַרום אין דיא הייזער אונ קענען ניט זאָרגען פאַר זייערע קינדער, אָדער אַזוינע עלענדע קינדער וואס בּלייבּען קליינקינדיגע יְתוֹמִים, אָ־ן עלטערן אָהן פריינד וואס זאָלען וועלען פאַר זייא זאָרגען. אַזוינע אומגליקליכע קינדער וואַקסען הֶפְקֵר, פיעל פון זייא געהען טאַקע אַזוי אַרום פּוּסטע פּאס זייערע גאַנצע קינדער־יאָהרען אונ וואַקסען אויס וויא דיא בּיימעלעך אין פּוּסטען וואַלד וואס קיינער קוקט זיך ניט אַרום אויף זייא, קיינער גיט ניט אַכטונג אַז מען זאָל אַרומשניידען דיא שלעכטע צווייגען כְּדֵי דער איבּעריגער בּוים זאָל אויסוואַקסען גלייך, גוט אונ שאָן, דיא אומגליקליכע הייבּען נאָך פון קינדהייט אָן גַּנְבֶנען בּייגעל פון מאַרק, אַראָבּכאַפּען פון דיא גוישע פוהרען, אונ אַז זייא וואַקסען אויס, ענטוועדער זייא ווערען גַּנָבִים אָדער אונ עהרליכע איינפאָהר הויז מְשָׁרְתִים.

אונזערע יודען זענין זיך אָבער „רַחֲמָנִים בְּנֵי רַחֲמָנִים" און אויך ווייל בייא יודען איז אַ גרויסע מִצְוָה יודישע קינדער געוואָהנען צוא דער תּוֹרָה איז איינגעפיהרט אין יעדער שטאָדט אַ תַּלְמוּד תּוֹרָה, אֲפִילוּ דיא אָרימסטע שטאָדט מוז האָבען אַ תַּלְמוּד תּוֹרָה, אַ יודישע שטאָדט אָהן אַ תַּלְמוּד תּוֹרָה איז גאָר ניט דאָ.

דיא אַלע „תַּלְמוּד תּוֹרוֹת" האָבען כִּמְעַט איין פָּנִים*) אַ חֲלִיעָוו וואָס אַ גוֹי פאַרטרייבט הֲזֵרִים; איך מיין אַ שטיבעל אויף 4 איילען אין אַ פּאָדוואַל נעבען דער באָד אָדער נעבען דער גאַרבאַרנע, צוזאַמען מיט דעם שטאָדט־אָבטריט; פון דער תַּלְמוּד תּוֹרָה קוקט אַרויס אַ האַלב פענסטער אויף גאַסטעס וועלט און דאָס אַנדערע האַלבע שטעקט שוין פון אַ יאָהר 20 אין דער ערד; אַנשטאָט שויבען זענין דיא פענסטער פאַרשטעקט מיט קישעלעך אָדער מיט דיא שמאַטעס וואָס מען פאַרשטעקט דעם קוימען ווען מען הייצט אויס דעם אויבין, אין דער תַּלְמוּד תּוֹרָה וואָהנט שטענדיג מיט זיין גרויסער פאַמיליע דער אומגליקליכער תַּלְמוּד תּוֹרָה מְלַמֵּד וואָס נעמט 1 רובל אַ וואָך מיט דִירָה און הייצונג (אין איינינע שטאָדט פאַרנעמען דיא תַּלְמוּד תּוֹרָה מְלַמְּדִים עטליכע שטעלעס וויא: זיין אַ קַבְּרוֹת יוד און דער היטער אַלע פרייטאָג אין באָד), אָט אין דער תַּלְמוּד תּוֹרָה טרייבט מען אָן וויפיעל עס קען נאָר אַריין קינדער! דאָ פאַרברענגען זייא זייערע קינדער־יאָהרען, דיא אומגליקליכע קינדער וואָס האָבען געהאַט דאָס גליק אַריינגענומען צוא ווערען אין דער תַּלְמוּד תּוֹרָה.

עס פרעגט זיך מיט וואָס געהט אַרויס דאָס אומגליקליכע אָרימע קינד פון דער יודישער תַּלְמוּד תּוֹרָה? איך רייד שוין גאָר ניט וואָס דערנאָך קען ער קוים דאַוונען, נאָר צוא וואָס טויג ער, מיט וואָס קען ער זיך פאַרדיענען זיין ברויט? טראָגען קלומיקעס קען ער אויך ניט, ער האָט איבערגעלאָזט זיין גאַנץ געזונד אין דער תַּלְמוּד תּוֹרָה, ער איז נאָר פון דאָרטען אַרויס מיט איין איינגעהויקערטען רוקען און מיט איין אויסגעצויגענער נאָז.

לאָז זיין, אַז אין איינינע שטאָדט זענין דיא תַּלְמוּד תּוֹרוֹת אַביסעל שענער, גרויסער, ריינער וויא איך גיב איבער. נאָ און דאָרט איז דען ניט דער אייגענער תַּלְמוּד תּוֹרָה מְלַמֵּד וואָס לערנט מיט זייא מעהר

*) איך געפין פאר נאטהיג צוא באמערקען דעם לעזער, אז איך רעד דא ניט פון דיא עטליכע געצעהלטע „תלמוד תורות" וואס געפינען זיך אין אייניגע גאנץ גרויסע שטאדט וויא למשל אין אדעס א. ז. וו. הלואי זאלען זיך אזוינע תלמוד תורות פארמעהרען בייא יודען וואלט געווים צווישען אונז יודען ווינציגער אויסגעוואקסען הויז משרתים, יודען פון „גוטע הייזלעך". בּוּחרים פון אומגליקליכע מיידלעך, פערד גנבים. פראסטע קעשענע גנבים א. ז. וו.

גיט וויא גמרא אונ געהען טאקע אויך ארויס מיט קוים באוונגען; ווען דיא יודישע תלמוד תורה איז איינגעפיהרט נאר צוא דעם צוועק, אז יודישע קינדער זאלען ניט לערנען קיין שום זאך חוץ תורה, אפילו גיט קיין מלאכה. —

אט פון וואנען עס קומען ארויס דיא לייט מיט וועלכע מיר באגעגענען זיך אין דעם איצטיגען קאפיטעל, דיא לייט וואס זענין געקויפט אונ געבונדען מיט דיא גרויסע סוחרים וויא לעדערבארג איז. —

כמעט אלע איינפאהר הויז משרתים אין דער גאנצער פראווינץ זענין פארמישט אין דעם נידריגען מסחר אונ האבען געשעפטען מיט דיא גרויסע אדעסער אונ טירקישע סוחרים וואס עקספעדירען גלייך פון אדעס קיין קאנסטאנטינאפאל, הגם זייא קענען גאר ניט דיא גרויסע סוחרים, נאר דיא אגענטען קומען צוא זייא אין דיא שטאדטלעך, דא ווערט אלעס אבגעמאכט אויף שפעטער, דא ווערט זיך אבגערעכענט אונ באצאהלט, דא איז דיא ערשטע סטאנציע פון דעם מסחר. —

דיא גאזעטען וואס ניבען אונז איבער אפט דאס גרויסע מערדעריי פון דעם געהיימען מסחר, זענין געוואהר געווארען אונ ערשט ניט לאנג האבען זייא פארעפענטליכט אז אין קאנסטאנטינאפאל נעמען דיא סוחרים פאר יעדער אומגליקליכע פון 500 ביז 1000 רובל; פון דער ערשטער האנד קויפען דיא סוחרים דיא אומגליקליכע פאר 50 אונ ניט מעהר וויא פאר 100 רובל הוין הוצאות, איצט קען מען פארשטעהען דורך וויא פיעל הענד דיא אומגליקליכע געהט דורך, וויפיעל דיא סוחרים פארדיענען אין דעם מסחר. פארשטעהט זיך דער גרויסער סוחר פיעל מעהר פון אלע. נאטירליך פאר גרויסע שאנהייטען, פיעל מעהר, דאס איז געווענט וויפיעל אהאטניקעס עס געפינען זיך אדער וויפיעל דער קורס האלט. —

נאך מעהר טרויעריג פון אלעם איז דאס: וואס דיא וואלף אין דעם געשטאלט פון מענשען רעכענען זיך נאך פאר מענשען, פאר יודען, נאך פאר עהרליכע אויך: פיעל איינפאהר הויז משרתים האבען זיך אייגענע מנינים מיט א באזונדערע ספר תורה, זייא האבען אויך ליעב א סך תורה אונ מיינען אויך גלייך וויא דער חסיד אז א שטיקעל תורה מיט א קאפיטאל תהלים וואשט אב אלע זינד; ימים נוראים וויינען זייא ביים דאוונען גלייך וויא דער פרומסטער יוד, אז וועגען זייער שענדליכען מערדערישען מסחר, קומט זייא גאר אופן זינען ניט אויף; זייא זענין שוין אזוי געוואהנט צוא דעם מסחר אז זייא רעכענען עס פאר א שטענדיגער פרנסה, אלע אנדערע מענשען האבען זיך אנדערע

מִינִים פַּרְנָסוֹת אוּנ זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַזֶעלְכֶע פַּרְנָסוֹת. נִיט דִיא גַאנְצֶע וֶועלט קֶענֶען זַיין סוֹחֲרִים פוּן ווַייץ אוּנ דְרעסְטְגְלַייכֶען, וַואשֶׁען זֵייא זִיךְ אָב זֵייעֶר סָאוֶועסְט אוּנ רֶעכֶענֶען זִיךְ פַאר עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶען. – אָט צוּא וָואס פַאר אַ גְרוֹיס פַארְדָארְבֶּענְהַייט דֶער מֶענְשׁ קֶען קוּמֶען!

עֶס אִיז זִיךְ גָאר צוּא וואוּנְדֶערְן וִויא דִיא לַייט בַּייא זִיךְ אִין דֶער הֵיים אִין דִיא שְׁטָאדְט וואוּ זֵייא וָואהְנֶען, פִיהְרֶען זִיךְ בַּעַל־בַּתִּישׁ, זֵייעֶרֶע ווַייבֶּער זֶענִין גַאנְץ פֵיינֶע בַּעַל בַּיתְ'טֶעס, דִיא קִינְדֶער הַאלְטֶען זֵייא אִין חֵדֶר, עֶרְצִיהֶען זֵייא יוּדִישׁ; אַ סַךְ פוּן זֵייא הָאבֶּען אִין שְׁטָאדְט קְרֶעדִיט אוּנ זֶענִין מֶענְשֶׁען פוּן וָוארְט–וִויא מֶען זָאגְט: „אַ מֶענְשׁ מִיט אַ פַּאלָאזְשֶׁענִיֶע". –

פַאר אַזַא עֶהְרְלִיכֶען יוּדֶען, פַאר אַ שְׁטִילֶען מֶענְשֶׁען וָואס טְשֶׁעפֶּעט נִיט יֶענֶעם, שְׁטֶערְט קֵיינֶעם נִיט אִין יֶענֶעמְס פַּרְנָסָה, בַּאלֵיירִיגְט נִיט קֵיינֶעם אוּנ הִיט זִיךְ אָב זַיין פַּרְנָסָה, הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶערֶעכֶענְט לֶעדֶערבַּארג. אַלֶע שַׁבָּת אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין שׁוּל, אָפְט בַּאצָאהלְט שָׁאן גֶעלְד פַאר אַ שָׁאן שְׁטִיקֶעל תּוֹרָה, אִין דֶערְהֵיים זִיךְ גֶעפִיהְרְט יוּדִישׁ מִיט שַׁבָּת מִיט יוֹם טוֹב, מִיט קוּילִיטְשׁ פִישׁ אוּנ קִידוּשׁ, זַיינֶע קִינְדֶער גֶעהַאלְטֶען אִין אַ חֵדֶר אוּנ אוֹיךְ וִויא נָאךְ דֶער הַיינְטִיגֶער מָאדֶע. פַאר זֵייא גֶעהַאלְטֶען אַלֶערְלֵייא לֶעהְרֶערְס, מִיט אַיין וָוארְט לֶעדֶערבַּארג הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעפִיהְרְט וִויא אַ יוּדִישֶׁער עֶהְרְלִיכֶער בַּעַל בַּיִת גְלַייךְ מִיט אַלֶע, אוּנ דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעוואוּסְט פוּן זַיין שֶׁאנְדְלִיכֶען מִסְחָר, פְלֶעגֶען אִיהם כָּבוֹד אָבְּגֶעבֶּען נָאךְ זַיין שְׁטַאנְד נָאךְ. –

זַיין ווַייבּ הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען פַאר אַיין עֶהְרְלִיךְ יוּדִישׁ ווַייבֶּעל, אִיהר מַאנְן–פַאר אַיין עֶהְרְלִיכֶען שְׁטִילֶען יוּדֶען, אִיהְרֶע קִינְדֶער–פַאר יוּדִישֶׁע עֶהְרְלִיכֶע קִינְדֶער, זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעוואוּנְשֶׁען, גְלַייךְ וִויא אַלֶע יוּדִישֶׁע מוּטֶערְס, אַז זֵייא זָאל אַן זֵייא פִיעל נַחַת הָאבֶּען זֵייא זָאלֶען קֶענֶען לֶערְנֶען א. ז. וו. דֶער שְׁטֵיינֶער אִיז.

דִיא מַאדַאם לֶעדֶערבַּארג (וִויא מֶען פְלֶעגְט זִיא אִיצְטֶער רוּפֶען) אִיז טַאקֶע בֶּאֱמֶת גֶעוֶועזֶען אוּמְשׁוּלְדִיג עֶהְרְלִיךְ יוּדִישׁ ווַייבֶּעל, זִיא אִיז אַ מָאל גֶעוֶועזֶען אַ דִיעֶנְסְט מֵיידֶעל. אוּנ פַאר אִיהר עֶהְרְלִיכְקֵייט אוּנ שְׁטִילְקֵייט אִיז זִיא גֶעפֶעלֶען לֶעדֶערבֶּערגֶען וֶוען עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען אַ מְשָׁרֵת אִין דֶער נַאסְטִינִיצֶע, עֶר הָאט זִיךְ גֶערֶעשֶׁעט חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט אִיהר דֶערְפַאר, ווַייל עֶר פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג טְרַאכְטֶען אוּנ זַיינֶע בַּאקָאנְטֶע אַרוֹיסְזָאגֶען: „וָואס אִיךְ בִּין–בִּין אִיךְ, אִיךְ מֶעג זַיין אַ הוֹיז מְשָׁרֵת, אַ שַׁארְלַאטַאן אוּנ וָואס נָאר אִין דֶער קָארְט גֶעפִינְט זִיךְ, אִיךְ וִויל אָבֶּער אַז מַיין ווַייבּ זָאל זַיין אַיין עֶהְרְלִיכֶע – אַיין עֶהְרְלִיךְ מֵיידֶעל".

און ער האט מיט איהר חתונה געהאט, געהאט מיט איהר קינדער און ליעב געהאט זיין הויז מיט זיין ווייב און קינדער; דיא מאדאם לעדערבארג האט זיך געדעכענט ביא זיך פאר איין אויפגעקומענער גביר'טע און האט געדאנקט און געלויבט גאט וואס ער האט זיא באגליקט, און שטענדיג רעכענען אז דאס וואס איהר מאנן פארדיענט א סך געלד איז דאס איהר מזל, ווארום יודישע פרויען שרייבען זיך שטענדיג צוא אז „פרנסה" איז געוועגט אין דיא ווייבערס מזל.

ווען זיא פלעגט קומען אין שול פלעגט זיא טאקע ניט אויפהערען בעטען גאט ...ז גאט זאל איהר מאנן באשערען מיט א סך פרנסה, — איהר מזל פארגרעסערן א. ז. וו. —

וויא איך האב פריהער געזאגט האט זיין ווייב געהאלטען איהר מאנן פאר א סוחר, פאר א מעקלער, וואס פארדיענט אין גאס געלד ווען גאט באשערט זייא גלייך מיט אלע יודען.

בכלל אין אלע אנדערע זאכען האט זיך לעדערבארג געפיהרט וויא א שטילער עהרליכער מענש גלייך מיט אלע, נאר אין זיין מסחר-בעת ער פלעגט ארבייטען אין זיין געשעפט פלעגט זיך דער מענש איבער־בייטען ניט נאר אויף א וואלף אויף א פוקס נאר אויף א באזען טיגער אדער אויף א גיפטיגער שלאנג. —



פיאדאר איוואנאוויטש דאבאווסקע (דעם רייכען אדעסער פאדריאדשיקס זוהנדעלע) איז אויך געוועזען א שעפעלע פון לעדערבארגס גרויסער טשערעדע. נאך ווען דאס פאנסקע קינד פיאדאר איז אלט געוועזען פופצעהן יאהר, האט איהם לעדערבארג אריינגענומען אין זיין טשערעדע מיט אזא אופן וויא איך האב פריהער באשריבען, לעדערבארג איז געוועזען זיין פאדריאדטשיק פון שאנע מיידלאך און דערפאר פלעגט ער פון פיאדארן שערען דיא וואל נאר אז ער איז עלטער געווארען און האט שוין ניט נאטהיג געהאט אין לעדערבארגס טובות, ווען ער האט אנגעהויבען פארשטעהען וויא לעדערבארג פלעגט זיינע קעשענעס שרעקליך עקספלאאטירען, און בארעכענט אז אליין אהי זייטע טובות, וואלט איהם געקאסט א סך וועלוועלער, האט ער פאדריאטשיק אין גאנצען אוועקגעווארפען. — דער

נ עם

ער האט זיך מיט איהם שוין ניט געזעהען א יאהר צוויי... ווייניגער וואלט זיך אפשר שוין מיט איהם מעהר ניט באגעגענט, ווען נ... געהויבען

אַ בַּאזונדערן צופּאל, וואָס פיאדאר האָט בּאַדאַרפט זעהר געמהית נאָך אַמאָל לעדערבּארגס לאַסקע. —

פיאדאר האָט זיך אַזוי גיך ניט געטשעט נאָך אַמאָל אָנקומען צו דעם ראַזבּויניק (וויא ער פּלעגט איהם רופען, ווען ער פלעגט זיך דערמאָנען וויא ער האָט איהם אויסגעליידיגט די קעשענעס) נאָר נאָך פיעל טראַכטען האָט ער בּאַשלאָסען, אַז דורך קיין אַנדערן וועט ער עס ניט אויספיהרען, נאָר דורך איהם, אונ איז בּאַלד אויף מאָרגען נאָך דעם אָבענד ווען ער איז געפאָהרען מיט זיין כלה פון טהעאַטער דורכן בולוואר), געפאָהרען אויף דער „קאנאַטנע". נאָר וויא דערשראָקען איז ער געוואָרען ווען זיין פרוי האָט געזאָגט אַז איהר מאַנן איז אין וועג אונ ווען ער וועט קומען ווייסט זיא ניט, נאָר געוויס גיך. —

מיט פּאַרבּיסענע ליפען האָט ער אַרויסגענומען זיין קאַרטאָטשקע אונ אויף דער צווייטער זייט אָנגעשריבען.

„ה' לעדערבּארג! מיר דאַרפען זיך נאָטיג זעהען, ווי איהר וועט נאָר קומען זאָלט איהר מיר מודיע זיין". —

די קאַרטאָטשקע איז אַזוי אַוועקגעלעגען אופן טיש עפּעס מעהר פון אַ חודש בּיז לעדערבּארג איז אָנגעקומען. פיאדאר איז געוועזען אויסער זיך פון זיין ניט קומען, נאָר עס האָט נאָר ניט געהאָלפען, ער האָט שוין געפּרוּווט אַלע מיטעל אָהן לעדערבּארגען, נאָר ער האָט נאָר ניט אויסגעפיהרט.

מיט גרויס פרייד, האָט פיאדאר אין אַ שיינעם פריה מאָרגען בּאַקומען דורך דער שטאָדטפּאָסט אַ קליין פאַרמאַכט בּריוועלע:

„ה' פיאדאר איוואנאוויטש: היינט צעהן אָבענד ערוואַרטע איך אייך אין „סיעווערנע נאָמיניצע".

דאָס איז איינער פון די רייכסטע אונ שענסטע אַדרעסער האָטעלען. —

לעדערבּארג, האָט קיין מאָל זיינע שעפּעלעך אונ אפילו זיינע סוחרים ניט צוגענומען בּייא זיך אין הויז רעדען פון געשעפט, שטענדיג אָדער אין אַ טראַקטיר, אַ וויין קעלער, אָדער אין איין האָטעל.

15

# דֶעם מֶענְשֶׁענְס הַארְץ.

פיאדאר איוואנאוויטש הָאט זִיךְ שוֹין פון אַ האַלְבֶער שָׁעה גֶעדְרֶעהט אין דֶער „אָבְּשְׁטְשֶׁע זַאל"; צום צְוֵוייטֶען מָאל הָאט עֶר זִיךְ גֶעזֶעצְט בַּייא אַ בַּאזוּנדֶער טִישֶׁעל און זִיךְ גֶעהֵייסֶען דֶערלַאנְגֶען אַ צְוֵוייטֶע גְלָאז טְהֶעע.

דיא טְהֶעע אִיז אָבְּגֶעשְׁטַאנֶען אַ גוּט פֶערְטֶעל שָׁעה, בִּיז עֶר הָאט זִיא בַּאמֶערְקְט אַז זִיא אִיז קַאלְט גֶעוָוארֶען, מִיט צְוֵוייא זוּפּ הָאט עֶר אויסגֶעטְרוּנְקֶען דִיא קַאלְטֶע גְלָאז און וִויא מִיט כַּעס זִיא אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט וַוייט פוּן זִיךְ, פוּנְקְט וִויא דִיא גְלָאז טְהֶעע הָאט אִיהם גֶעשְׁטֶערְט זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען אִין וֶועלְכֶע עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארק פַארְטִיעֶפְט. עֶס אִיז אִיהם גֶעוֶועזֶען אִיבְּרִיג דֶעם טִישֶׁעל וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען לֶעבֶּען אִיהם, דָאס בֶּענְקֶעל אויף וֶועלְכֶען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען, דִיא אַלֶע גֶאסְט וָואס זֶענִין גֶעזֶעסֶען אִין זַאל, עֶס הָאט זִיךְ אִיהם אויסְגֶעוִויזֶען אַז אַלֶעס און אַלֶע קוּקֶען אויף אִיהם פֶערְדֶאכְטִיג: —

וֶוען דֶער דִיעֶנֶער הָאט צוּגֶענוּמֶען דִיא גְלָאז און גֶעפְרֶעגְט אויב עֶר וִויל עֶפֶּעס נָאךְ, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְוֶוערְט:

— גִיט פַאר מִיר אַ בַּאזוּנְדֶער צִימֶער, אִיךְ וִויל זִיךְ אָבְּרוּהֶען.

דֶער דִיעֶנֶער הָאט אִיהם פְּרִיהֶער בַּאטְרַאכְט פוּן קָאפּ בִּיז צוּא דִיא פִּיס, נָאר וֶוען פיאדאר הָאט אַרויסְגֶענוּמֶען צְוֵוייא רוּבְּל און גֶעזָאגְט: „פַאר צְוֵוייא רוּבְּל אַ צִימֶער", הָאט עֶר אִיהם בַּאלְד אַרויפְגֶעפִיהרט אויף דִיא טְרֶעפּ פוּן דֶעם דְרִיטֶען עֶטַאזְשׁ, וואו עֶר הָאט אִיהם אָבְּגֶעגֶעבֶּען אַ צְוֵוייא־רוּבֶּעלְדִיגֶען נוּמֶער.

דֶער דִיעֶנֶער הָאט דָארְט אָנְגֶעצוּנְדֶען דֶעם לָאמְפּ גֶעפְרֶעגְט צוּא דַארְף עֶר נָאךְ עֶפֶּעס און גֶעוָואלְט אַוֶועק גֶעהֶען. נָאר פיאדאר הָאט אִיהם פְּלוּצִים אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט וִויא גְלֵייךְ עֶר הָאט זִיךְ אָן עֶפֶּעס וִויכְטִיגֶעס דֶערְמָאנְט.

— דוּא וֶועסְט בַּאקוּמֶען בַּייא מִיר אַ רוּבְּל אויף „טְשַׁאי", — וֶוען אֵיינֶער וֶועט קוּמֶען און פְרֶעגֶען אויף דאבּאווסקען זָאלְסְט דוּא אִיהם אָבְּוַוייזֶען צוּא מִיר אִין נוּמֶער.

מִיט דִיא וָוארְטֶער הָאט עֶר אִיהם גֶעגֶעבֶּען אַיין רוּבְּל און דֶער דִיעֶנֶער אִיז זִיךְ אַרויסְגֶעגַאנְגֶען; פיאדאר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין און עֶס הָאט זִיךְ אִיהם גֶעגֶעבֶּען אַ גְרִינְגֶען זִיפְץ, נָאר בַּאלְד, וִוי זַיין שְׁטֵייגֶער אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר הָאט זִיךְ פַארְטְרַאכְט, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען

צוּשְׁפַּאנֶען אִיבֶּערְן צִימֶער, אַלֶע מָאל זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען מִיט זִיךְ ד. ה. זַיין הַארְץ הָאט אִין אִיהם גֶערֶעדְט. —

עֶס אִיז נִיט דָא קַיין שְׁרֶעקְלִיכֶעס פַאר דֶעם מֶענְשֶׁען וְוִיא זַיין אֵייגֶען הַארְץ — טְהוּט דֶער מֶענְשׁ עֶפֶּעס גוּטְס פְרֵייעֶט זִיךְ מִיט אִיהם דָאס הַארְץ, נָאךְ מֶעהר וְוִיפִיעל עֶר וְוִיל זַיין פְרֶעהלִיךְ, נָאךְ מֶעהר וְוִיפִיעל גוּטְס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, טְהוּט דֶער מֶענְשׁ שְׁלֶעכְטְס אוּנ חָאטְשׁ מִיט זַיין שֵׂכֶל, מִיט זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען פּוּעֶלְט עֶר בַּייא זִיךְ עֶס זָאל אִיהם גָאר נִיט אַאַרֶען, דָאס הַארְץ אָבֶּער לָאזְט נִיט רוּהֶען, עֶס מוּטְשֶׁעט, אַזוֹי אַז נִיט אַיין מָאל טְרֶעפְט זִיךְ אַז דֶער מֶענְשׁ אִיז גְרֵייט אוֹיף זִיךְ נֶעמֶען אַלֶערְלֵייא שְׁלֶעק אוּנ צָרוֹת אֵיידֶער אַיין שָׁעָה אִיבֶּערְלֵיידֶען פוּן זַיין אֵייגֶען הַארְץ.

אָט וָואס אַ מֶענְשֶׁענְס הַארְץ אִיז! צוּא בַּאשְׁרַייבֶּען דֶעם מֶענְשֶׁענְס הַארְץ, אֲפִילוּ אַ הַארְץ פוּן דֶעם נִידֶערִיגְסְטֶען מֶענְשֶׁען, דַארְף מֶען זַיין נִיט קַיין בָּשָׂר וָדָם וְוִיא מִיר זֶענִין, מֶען דַארְף זַיין הֶעכֶער, הֶעכֶער, „נֶעהנְטֶער צוּא גָאט". אִין אַנְדֶערֶע שְׁפְּרַאכֶען קֶען מֶען זִיךְ אוֹיסְדְרִיקֶען אַנְדֶערְשׁ, אַז מֶען זָאל נִיט דַארְפֶען זַיין צוּא אַ נָאהנְטֶער מְחוּתָּן אַ גָאט" נָאר אִין זְשַׁארְגָאן הָאבּ אִיךְ זִיךְ אַנְדֶערְשׁ. נִיט גֶעקֶענְט אוֹיסְדְרִיקֶען. דֶעם מֶענְשֶׁענְס הַארְץ אִיז אַזוֹי גְרוֹיס, אַזוֹי בְּרֵייט אוּנ לַאנְג, עֶס צוּצִיהֶעט זִיךְ אַזוֹי וַוייט וָואס נִיט מִיט דֶעם מֶענְשֶׁענְס אוֹיגֶען, נִיט מִיט זַיין שֵׂכֶל, קֶען מֶען אַלֶעס זֶעהֶען, אַלֶעס בַּאמֶערְקֶען דָאס וָואס מֶען וָואלְט גֶעקֶענְט זֶעהֶען אוּנ בַּאמֶערְקֶען. —

מִיר זֶעהֶען אַ מֶענְשֶׁען, עֶר אִיז שְׁטִיל, עֶר רֶעדְט קוֹים, מֶען הֶארְט קוֹים צוּא עֶר גֶעפִינְט זִיךְ אַרוּם אַיךְ, אוּנ עֶס קוּמְט גָאר נִיט אוֹיף אַז דָארְט בַּייא אִיהם אִין הַארְצֶען אִיז אַ גַאנְצֶע מִלְחָמָה, אַ אֵייבִּיגֶע מִלְחָמָה, טַייכֶען בְּלוּט פַארְגִיסֶען זִיךְ דָארְט אַלֶע מִינוּט!.. אוּנ אָט דִיא גְרוֹיסֶע מִלְחָמָה אִיז פַאר דִיא אִיבְּרִיגֶע מֶענְשֶׁען פַארְדֶעקְט פַארְקַאוֶועט מִיט הוּנְדֶערְטֶער טְהִירֶען; נָאר יֶעדֶער מֶענְשׁ פִיהלְט וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ בַּייא אִיהם אִין הַארְצֶען. —

נָאר לָאמִיר זִיךְ צוּהֶארֶען וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ בַּייא פִיאדארן אִין הַארְצֶען; דָאס וָואס דָאס הַארְץ זָאגְט, רֶעדְט אוּנ טַעֲנֶעט מִיט דֶעם מֶענְשֶׁען, קֶען קֵיינֶער נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען, עֶר קֶען נָאר רֶעדֶען מִיט זִיךְ אַלֵיין אוּנ מִיר קֶענֶען זִיךְ נָאר אוּנְטֶערְהֶארֶען.

— וָואס טְהוּא אִיךְ דָא! הָאט פִיאדאר גֶעזָאגְט אוּנ זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט אוֹיף אַלֶע פִיער וֶוענְד — וָואס טְהוּא אִיךְ אִיצְטֶער אִין דֶעם „סֶעוֶוערְנֶע-הָאטֶעל", וָואס הָאבּ אִיךְ דָא פַארְבְּרַאכְט אַ גַאנְצֶען אָבֶענְד, וָואס הָאבּ אִיךְ זִיךְ גֶעמוּטְשֶׁעט וְוִיא גְלַייךְ דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז אוֹיף מִיר גֶעפַאלֶען

וויא גליך איך בין דער אומגליקליכסטער אויף דער וועלט ? אויף וועמען ווארט איך דא – אויף דעם נידריגען פארדארבענעם מענשען אויף דעם פאדליעץ! איהם, וויל איך זיך איבערגעבען מיט מיין גאנץ הארץ ? וואס איז ער מיר ? אונ וואס געהער ער זיך מיט מיר אן ? איך וועל איהם הייסען ארויסוואַרפען פון דאנען, איך געהע פון דאנען אוועק. –

– וואו וויל איך געהען ? ער וועט זיך קומען, איך האב אזוי פיעל אויף איהם געווארט, איך האב דאך איהם געשריבען אז איך דארף זיך נעטהיג מיט איהם זעהען, ער איז דער איינציגער מענש וואס קען מיך באטעווען איך זאל קענען רוהיג לעבען, ער איז דער איינציגער מענש וואס קען געפינען דיא אומגליקליכע וואס איך, מערדער, האב אזוי אומגליקליך געמאכט – איך האב זיא געבראכט דערצוא – צוא אזא לאגע, איך האב געזוכט אין גאנץ אדעס וואו איך האב נאר געקענט אונ זיא ניט געפונען, איך קען זיך ניט ארומבלאזען אזוי נידריג אין דיא אלע געמיינע ערטער זיא צוא געפינען, מיט נייע לייט וויא לעדערבארג איז זיך באקענען אז זייא זאלען זיא געפינען, פאסט פאר מיר אוודאי ניט. מיט איהם בין איך שוין באקאנט, ער קען מיך שוין סאי וויא כאי, אונ ווער איז דען נאך אזוי אין שטאנד זיא צוא געפינען וויא ער ? נאר ער איז דער איינציגער מענש וואס קען מיר אזא טובה טהון, א דאנק איהם וועל איך זיא געפינען, איך וועל נאך אמאל זעהען לאה'ן! איך וועל דיא אומגליקליכע גליקליך מאכען, איך וועל פאלען צוא איהרע פיס, זיא וועט מיר מוחל זיין אונ איך וועל זיין אזוי רוהיג אזוי גליקליך; דאס קינד, אויב עס לעבט נאך, וועל איך הייסען זיא זאל עס נעמען צוא זיך. גאטט! איז דאס מעגליך, לאה איז געקומען צוא אזא נידריגען שטאנד! נאר איך האב אליין געזעהען מיט מיינע אייגענע אויגען, איך האב דערקענט איהר קול, איך האב געזעהען איהרע ברענענדיגע אויגען, קיינער האט ניט אזוינע אויגען; אין ר... וואו איך האב נאכגעפרעגט, איז זיא ניט דא, מען האט זיא אוועקגענאנבּיט, זיא איז אנטלאפען, נאר וויא אזוי מען דערצעהלט שוין דארט, נאר געווים איז זיא דארט ניט דא, זיא איז אין אדעס, אונ איז איבערגעקומען אויף אזא לעבען, וואו איז איהר קינד ? מיין קינד ! מיין לאה!.. איך האב ניט געוואוסט אז זיא קען ווערען אזוי אומגליקליך, איך האב ניט געוואוסט... עס איז ניט מעגליך זיא זאל קומען צוא אזא שטאנד, א לייטיש מיידעל קען זיך ניט ארומבלאזען אזוי נידריג, אונ ווען יא איז זיא מסתמא אזוי ווערט, וואס זשע בין איך דא שולדיג ? וואס זשע מוטשע איך זיך אזוי ? שוין אפשר באלד מעהר פון א חודש אז איך

לֶעבּ נִיט, אִיךְ בִּין שִׁיעֶר נִיט אַרָאבְּגֶעפַאלֶען פוּן דֶער קַארֶעטֶע אוֹיף דֶעם בּוּלְוַואר וֶוען אִיךְ הָאבּ זִיא דָערְזֶעהֶען, מַיין כַּלָה הָאט זִיךְ שְׁטַארְק דֶערְשְׁרָאקֶען פַאר מַיין גֶעזִיכְט, אִיךְ בִּין דֶערְנָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶאג אַרוּמְגֶע־גַאנְגֶען וְויא קְרַאנְק. נֵיין, אִיךְ בִּין גָאר אַ מְשׁוּגֶענֶער אוּנ וַוייטֶער גָאר נִיט, וָואס גֶעהֶער אִיךְ זִיךְ אָן מִיט אִיהר, וָואס אִיךְ דַארְף אַזוֹי לַיידֶען אִיבֶּער אִיהר? אִיז זִיא דֶען אֵיינֶע אַזַא מֵיידֶעל, וָואס זְשֶׁע אִיז? אַז וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִין ר... הָאבּ אִיךְ גֶעוָואהְנְט מִיט אִיהר, בִּין אִיךְ דֶען אֵיינֶער אַ יוּנְגֶער מַאנְן, אִיז זִיא דֶען גֶעוֶועזֶען בַּייא מִיר אֵיינֶע? אִיךְ זָאל וֶועלֶען רַחֲמָנוּת הָאבֶּען, וָואלְט אִיךְ בַּאדַארְפְט רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף דִיא אַלֶע זְלִידְנֶעס וָואס דְרֶעהֶען זִיךְ אַרוּם דִיא גַאנְצֶע נַאכְט אִיבֶּער דִיא אָדֶעסֶער גַאסֶען, בִּין אִיךְ עֶפֶּעס אַ בַּעַל טוֹבֶה'נִיק אִין שְׁטָאדְט וָואס אִיךְ דַארְף נָאכְלוֹיפֶען נָאךְ מִצְוֹת, אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מַאכֶען גְלִיקְלִיךְ? אִיךְ בִּין נָאךְ אַ יוּנְגֶער מַאנְן, אִיךְ דַארְף פְרִיהֶער לֶעבֶּען, לָאזֶען דֶערְוַוייל אַלְטֶע בַּעַל עֲבֵרָה'נִיקֶעס טְהוּעֶן אַזוֹינֶע מִצְוֹת, וֶוען אִיךְ וֶועל וֶוערֶען אַלְט וֶועל אִיךְ זֶעהֶען טָאמֶער וֶועל אִיךְ זִיךְ טַאקֶע אוֹיךְ אוֹיף דֶער עֶלְטֶער אָבְגֶעבֶּען מִיט מִצְוֹת, אָבֶּער אִיצְטֶער חַא, חַא, אִיז נִיט צוּם לַאכֶען וְוִילְל אִיךְ זִיךְ נָאךְ פַארְבִּינְדֶען מִיט אַזַא פָּאדְלִיעֶץ וְויא לעדערבּארג צוּא לִיעבּ אִיהר, עֶר זָאל קֶענֶען פוּן מִיר צַאפֶּען אַלֶע מָאל נַייעֶ גֶעלְד! אָ, נֵיין! אִיךְ וֵויס גָאר נִיט וְויא עֶס קוּמְט צוּא מִיר אַזַא נַארִישְׁקֵייט צוּא הָאבֶּען אִין זִינֶען אַזוֹי גֶעשֶׁעפְטֶען; אִיךְ וְוִילְל פוּן אַזַא נִידְרִיגֶע זַאךְ אֲפִילוּ נִיט וִוישֶׁען, וָואס קֶעהְרְסְטוּ זִיךְ אָן מִיט מִיר?

פיאדאר הָאט זִיךְ אִין גַאנְצֶען בַּארוּהִיגְט אוּנ הָאט זִיךְ גֶעפִיהְלְט זֶעהר גוּט, נָאר עֶר הָאט גֶעפִיהְלְט זִיךְ זֶעהר הוּנְגֶערִיג, וְויא גְלַייךְ עֶר הָאט גֶעפַאסְט דֶעם גַאנְצֶען טָאג, עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען זֶעהר מִיעֶד, עֶר הָאט אַ קְלוּנְג גֶעטְהוּן אוּנ גֶעהֵייסֶען דֶערְלַאנְגֶען עֶסֶען, מִיט אַ זֶעהר גוּטֶען אַפֶּעטִיט הָאט עֶר אָבְּגֶעגֶעסֶען, זַיין שְׁטֶענְדִיגֶע פְרֶעהְלִיכֶע פַארְבּ הָאט זִיךְ אִיהם בַּאוִויזֶען אִין דִיא בַּאקֶען אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִיהְלְט גוּט אוּנ פְרֶעהְלִיךְ, פּוּנְקְט וְויא דֶער אַמָאלִיגֶער פיאדאר.

נָאךְ דֶעם עֶסֶען הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוֹיף דֶער בְּרֵייטֶער סָאפֶע מִיט בֵּיידֶע פִיס אַרוֹיף, פַארְרוֹיכֶערְט אַ פַּאפִּירָאס; וֶוענֶען לאהן הָאט עֶר אַזוֹי גִיךְ פַארְגֶעסֶען וְויא גְלַייךְ עֶס אִיז גָאר קֵיין לאה קֵיין מָאל נִיט גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען פַארְטִיעֶפְט אִין דִיא בֵּייגֶעלֶעךְ פוּן רוֹיךְ וָואס עֶר הָאט אַלֶע מָאל אַזוֹי קוּנְצְלִיךְ אַרוֹיס־גֶעלָאזְט פוּן מוֹיל, וַוייטֶער גֶעצוֹיגֶען דֶעם פַּאפִּירָאס אוּנ וַוייטֶער גְעלָאזְט נַייעֶ בֵּייגֶעלֶעךְ, וָואס הָאבֶּען זִיךְ פְרִיהֶער גֶעדְרֶעהְט בְּרֵייט, דֶערְנָאךְ

הוּיכֶער אוּנ הוּיכֶער שְׁמָאלֶער אוּנ שְׁמָאלֶער, בִּיז עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ סַךְ קְלֵיינֶע בֵּיינֶעלֶעךְ הָאבֶּען זִיךְ אַזוֹי שֶׁאן אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְשֶׁעפֶּען אֵיינְס מִיט דֶעם צְוֵייטֶען פוּנְקְט וְוִיא קְלֵיינֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ אוּנ שְׁוֶועסְטֶערְלֶעךְ שְׁפִּילֶען זִיךְ אוּנ שְׁלָאגֶען זִיךְ אוּנ דֶער וָואס אִיז גֶעזִינְדֶער אוּנ גְרֶעסֶער דֶער אִיז נוֹצֵחַ, נָאר אָט לָאזְט זִיךְ אַרוֹיס פוּן זַיין מוֹיל אַ נַייעֶ גְרוֹיסֶע רָאד אוּנ צוּשְׁלָאגְט גֶעבֶּעךְ אַלֶע קְלֵיינֶע, בִּיז עֶס בְּלַייבְּט פוּן זֵייא נָאר נִיט א. ז. וו.

קוּקֶענְדִיג אַזוֹי וְוִיא דִיא בֵּיינֶעלֶעךְ זֶענִין זִיךְ אֵיינְס דָאס אַנְדֶערֶע נוֹצֵחַ, הָאט עֶר גֶעהֶערְט פְּלוּצִים אַ קְלַאפּ אִין דֶער טְהִיר: „מֶען קֶען אַריין גֶעהֶען?"

– וֶוער אִיז דָארְט?

– אִיךְ, אִיהר הָאט דָאךְ מִיךְ גֶערוּפֶען, פיאדאר איוואנאוויטש!

– אִיךְ הָאבּ קֵיינֶעם נִיט גֶערוּפֶען, וֶוער אִיז דָארְט?

– אִיךְ, לעדערבארג, אִיךְ הָאבּ דָאךְ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אַז אִיךְ וֶועל זַיין זֵייגֶער צֶעהן, נָאר אִיךְ הָאבּ אַבִּיסֶעל פַארְשְׁפֶּעטִיגְט.

וְוִיא עֶר הָאט דֶערְהֶערְט דֶעם נָאמֶען „לעדערבארג" הָאט עֶר זִיךְ דֶערְמָאנְט, אוּנ גֶעהֵייסֶען אַרַיינְגֶעהֶען.

וְוִיא פיאדאר הָאט דֶערְזֶעהֶען לעדערבארגען, הָאט עֶר זִיךְ פְּלוּצִים שְׁטַארְק דֶערְפְרֵייעֶט מִיט אִיהם, פוּנְקְט וְוִיא נָאךְ לַאנְג וַוארְטֶען דֶערְזֶעהְט מֶען זִיךְ מִיט אַ בֶּעסֶערֶען פְרַיינְד, וָואס אִיז אִין שְׁטַאנְד צוּא טְרֵייסְטֶען אוּנ אַלֶע צָרוֹת צוּא נֶעמֶען.

– קוּים דֶערְלֶעבְּט אַייךְ צוּא זֶעהֶען, הָאט אִיהם פיאדאר אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט גֶעבֶּען זִיךְ אוֹיפֶן דִיוַואן.

– אִיךְ בִּין עֶרְשְׁט הַיינְט גֶעקוּמֶען פוּן וֶועג, וֶוען אִיךְ הָאבּ אִיבֶּערְגֶעלֶעזֶען דַיין קַארְטָאטְשְׁקֶע הָאבּ אִיךְ דִיר בַּאלְד גֶעשְׁרִיבֶּען אַז צֶעהְן אַ זֵייגֶער וֶועל אִיךְ זַיין דָא, נָאר אִיךְ הָאבּ פַארְשְׁפֶּעטִיגְט אוֹיף אַ שָׁעָה, דוּא וֵוייסְט דָאךְ וְוִיא אַ סוֹחֵר הָאט קֵיין צַייט נִיט וֶוען עֶר קוּמְט פוּן וֶועג, דִיא אַלְטֶע פַארְשִׁימֶעלְטֶע סְחוֹרוֹת פַארְקוֹיפְט, נַייעֶ קוּמְט אָן, דֶערְוַוייל הָאבּ אִיךְ אֲפִילוּ קֵיין צַייט נִיט גֶעהַאט עֶפִּיס נֶעמֶען הַיינְט אָבֶענְד אִין מוֹיל אַרַיין, אִיךְ אִינְטֶערֶעסִיר זִיךְ אֲפִילוּ זֶעהר וִויסֶען וָואס פְּלוּצִים דַארְפְסְט דוּא מִיךְ אַזוֹי נֶעטְהִיג הָאבֶּען, נָאר פַאר קֵיין עֶסֶען גֶעהט נִיט קֵיין טַאנְץ.

פיאדאר הָאט אָנְגֶעקְלוּנְגֶען, גֶעהֵייסֶען נָאךְ אַמָאל דֶעקֶען דֶעם טִישׁ אוּנ לעדערבארג הָאט וַוייטֶער גֶערֶעדְט:

– אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין גֶעמִיטְשֶׁעט דֶעם מוֹחַ וָואס הָאט זִיךְ פְּלוּצִים פ אדערן פַארְגֶעלוּסְט מִיךְ צוּא זֶעהֶען, נָאר אִיךְ הָאבּ בַּאלְד גֶעטְרָאפֶען

מִסְתָּמָא הָאט עֶר דֶערְזֶעהֶען עֶרְגֶעץ אַ פָּאר אוֹיגֶען מִיט צְוֵייא לַאנְגֶע צֶעפּ, הָאט מֶען גֶעשִׁיקְט נָאךְ לעדערבארגען; נָא, דָאס אִיז נִיט קַיין נַייעס, פַאר וָואס זְשֶׁע זָאל אִיךְ פְּרִיהֶער נִיט טָארֶען עֶפִּיס גֶעמֶען אִין מוּיל, הָאבּ אִיךְ זִיךְ גֶעטְרַאכְט, גֶעהֶענְדִיג אַהֶער הָאבּ אִיךְ זִיךְ אוֹיךְ גֶעטְרַאכְט, אַ וָואס פַאר אַ צִיגֶענֶע בִּיבֶּקְעס זֶענִין הַיינְטִיגֶע יוּנְגֶע לַייט אִין מֵיינֶען אַז זֵייא וֶועלֶען זִיךְ אוֹיסְדְרֶעהֶען אָהן לעדערבארגען, אוּנ וָואס לָאזְט זִיךְ אוֹיס? אַז נָאךְ זֵייעֶר גַאנְצֶען אַרוּמְצַאנְגֶען אוֹיף דִיא בָּאלֶער אוּנ טְהֶעאַטֶערן, הֶעלְפְט עֶס אַלֶעס וִויא אַ פֶּעטְרִישְׁקֶע אוּנ סוֹף כָּל סוֹף קוּמְט מֶען אָן צוּא דֶעם אַלְטֶען לעדערבארגען, אוּנ לעדערבארג מַאכְט עֶס אָב אִין אֵיינְס אוּנ אִין צְוֵייא אוּנ פַארְטִיג, אָהן אַייעֶרֶע אַלֶע קַאוַועלִיעֶרְסְקֶע שְׁטִיקְלֶעךְ מִיט לִיבֶּעס, מִיט אַרוּמְטַאנְצֶען, מֶען דַארְף נָאר לעדערבארגען גוּט בַּאצָאהְלֶען אוּנ גוּט פַארְבַּייסֶען אִיז חָאטְשׁ דִיא עֶנְגְלִישֶׁע מַלְכָּה – נָא זְשֶׁע דִיר בַּאלְד, נָאר נִיט פְּרִיהֶער אֵיידֶער אִיךְ וֶועל אָבְּעֶסֶען, נָא זָאג שׁוֹין אַ וָואס פַאר אַ עֶנְגְלִישֶׁע מַלְכָּה אִיז דִיר אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעפֶעלֶען?

– הֶער נָאר דוּא פָּאדְלִיעֶץ, הָאט זִיךְ פיאדאר אָנְגֶערוּפֶען פוֹלְל מִיט כַּעַס, אִיצְטֶער מַאךְ מִיר נִיט דַיינֶע שֶׁאנֶע שְׁטוּטְשְׁקֶעס, וָוארוּם דוּא וֶועסְט פוּן מִיר גְלַייךְ חַאפֶּען אִין דֶער מָארְדֶע אַז דוּא וֶועסְט אַרָאבּ פוּן דְרִיטֶען עֶטַאזְשׁ אוּנ בְּלַייבֶּען זִיצֶען רַייטֶענְדִיג אוֹיף דִיאֶקען, וֵייסְט וואו דִיאָק וָואהְנְט? נִיט אִיצְטֶער פַּאסֶען דַיינֶע פוּסְטֶע וֶוערְטְלֶעךְ, אִיךְ הָאבּ דִיךְ נִיט גֶערוּפֶען צוּא לִיעֶב אַיין עֶנְגְלִישֶׁע מַלְכָּה.

– חַא, חַא, הָאט זִיךְ צוּלַאכְט לעדערבארג, פיאדאר הָאט מִיךְ נִיט גֶערוּפֶען צוּא קֵיין עֶנְגְלִישֶׁער מַלְכָּה – הָאסְט מִיךְ אַוַדַאי גֶערוּפֶען זָאגֶען תְּהִלִּים, אָדֶער שְׁרַייבֶּען אַ סֵפֶר תּוֹרָה, אוֹיךְ גוּט, אִיךְ קֶען דָאס אוֹיךְ, אִיךְ בְּרוּדֶער בִּין אוֹיךְ אַ יוּד, דוּא זָאלְסְט זֶעהֶען וָואס פַאר אַ פֶּעטֶע עֲלִיָּה אִיךְ הָאבּ גֶעקְוִיפְט הַיינְטִיגֶע יָמִים נוֹרָאִים אַז פְּרוּמֶע יוּדֶען מִיט פֵּאוֹת הָאבֶּען זִיךְ בַּאלֶעקְט, דִיא קְלוּגֶע אִיז זֵייא אִיבֶּערְגֶענַאנְגֶען. –

פיאדאר הָאט אִיהם מִיט גְרוֹיס כַּעַס אָנְגֶעחַאפְּט בַּיים קָארְגֶעל אוּנ גֶעחַאפְּט אַ מֶעשֶׂענִים לַייכְטֶער פוּן טִישׁ. –

– דוּא הֶערְסְט נִיט אוֹיף אַלְטֶער הוּנְד רֶעדֶען פוּן אַזוֹינֶע זַאכֶען וָואס מֶען פְרֶעגְט דִיךְ נִיט? אִיךְ וֶועל דִיךְ דָא אוֹיף דֶעם אָרְט דֶערְדִישֶׁען, אָט דֶער לַייכְטֶער וֶועט דִיר שְׁטֶעקֶען אִין קָאפּ! אִיךְ רֶעד מִיט דִיר פוּן אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶען מֶענְשֶׁען וָואס מֶען דַארְף אִיהם רַאטֶעוֶוען כִּמְעַט פוּן טוֹידְט, אוּנ דוּא מוּזְט זִיא מִיר אַרוֹיסְרַאטֶעוֶוען, אוּנ דוּא אַלְטֶער הוּנְד וֶוארְטֶעלְסְט זִיךְ נָאר.

לעדערבארג האָט אָנגעהויבּען שׁרייען אַז ער זאָל איהם אָבלאָזען דעם נאַרגעל וועט ער אויפהערען זיך צוא ווארטלען. "

פיאדאר האָט אַלץ ניט מיט זיין קול געשׁריען אַז מען מוז זיא באַטעווען.

ווען ער האָט איהם אָבגעלאָזט איז לעדערבארג געוואָרען אַביסעל ערנסטער.

– נאָר לאָז מיך אויך רעדען אַ וואָרט משוגענער, דוא בּינסט איצט משוגע צוא וואס? – דוא שׁרייעסט פון אַ אומגליקליכער, פון אַ יידיש ערליך מיידעל, מען דאַרף זיא באַטעווען און איך ווייס ניט וואס, דוא האָסט מיר דען עפּעס דערצעהלט וועגען איהר?

– וואס? איך האָב אייך גאָר ניט דערצעהלט? האָט ער פאַרוואונדערט איבּערגעחזרט און זיך אומגעקוקט וואו ער געפינט זיך. –

פיאדאר האָט זיך אַליין דערשראָקען פאַר זיך: איך ווייס ניט וואס איך האָב גערעדט? איך געדענק ניט צוא האָב אייך דערצעהלט" ? האָט ער לעדערבארגס פראַגע איבּערגעחזרט. –

– יאָ, איהר האָט מיר גאָר וועגען דעם ניט דערצעהלט. –

דער דיענער האָט געדעקט צום טיש און ווען לעדערבארג האָט געגעסען האָט ער איהם דערצעהלט:

– דאָ אין אָדעסאַ געפינט זיך מיינע אַ באַקאַנטע פריילין, וויל איך דוא זאָלסט זיך דער וויסען איהר אַדרעס.

– איך פאַרשטעה דיך ניט, אין אָדעס געפינט זיך דאַכט זיך אין „אַדרעסני סטאָל" וואס זשע ווילסט דוא פון מיר; און ווידער אַז זיא איז דיין באַקאַנטע, וואס דאַרפסט דוא אָנקומען צוא מיר? אויך דאַרף איך וויסען ווער איז זיא, וואס איז זיא, וויא אַזוי רופט מען זיא? –

– אין אַדרעסני סטאָל, האָט מען זיא ניט געפונען, זיא רופט מען לאה זיא איז פון דער שטאָדט ר...

לעדערבארג האָט אַנידערגעלעגט מעסער און גאָפּעל וואס ער האָט ביז אַהער געהאַלטען אין דיא האַנד און איז געוועזען שטאַרק פאַרנומען, זיינע אויגען זענען געוואָרען גרעסער, דיא אויערען זיינע האָבּען זיך וויא אויפגעשטעלט: נאָר באַלד האָט ער זיך ווייטער געהאַפּט צוא דעם מעסער און גאָפּעל, געמאַכט זיך אַז פיאדאר זאָל אָן איהם גאָר ניט דערקענען אַז ער ווייסט פון עפּעס. –

דיא לעזער געדענקען געוויס אַז אין זיין רייזע איז ער אויך געוועזען אין דער שטאָדט ר... אויף דער „טויטער גאַס" בּייא דער „ראבּער מורליטשקע" אין שענק, ער מיט זיין קאָמפּאַניע האָבּען דאָרט פאַרבּראַכט אַ גאַנצען אָבענד, ער האָט דאָרט געהערט וויא זעהר אַ שען

מײדעל לאה ר׳ שמואל בערס איז פון איהרע עלטערן אנטלאפען און מען האט דארט געלעזען א קװיטעלע װאס לאה האט געזאלט איבערלאזען איהרע עלטערן פאר איהר אװעקגעהען, װאו עס איז אין עטליכע װערטער באשריבען איהר אומגליק, און פאר װאס זיא מוז אװעקגעהען, אהרקע סיבירניק האט דאס קװיטעלע געפונען צװישען דיא זאכען װאס ער מיט מיחאילקען האבען ארױסגעגנבט פון ר׳ שמואל בערס שטוב.

אין דעם קװיטעלע האט זיא אויך אנגערופען װער עס האט זיא אומגליקליך געמאכט; לעדערבארג האט באלד געזאגט אז ער קען דעם פאדריארטשיקס זוהן, חייקען האט זעהר באנג געטהון, װאס אזא טהייערער קרבן איז פארלױרען געװארען פון איהרע האנד, לעדערבארגען האט אויך באנג געטהון, נאר ער האט נאך ניט פארלױרען דיא האפנונג: װאו דען אנטלױפט אזא יודיש מײדעל אז ניט קײן אדעס, האט ער זיך דענסטמאל געטראכט – און װידער פיאדאר איז זיך אין אדעס, איז זיא מסתמא צוא איהם געפאהרען. –

און חאטש לעדערבארג האט פון פיאדארס ערשטע װערטער געװאוסט פון װעמען ער רעדט, נאר ער האט זיך געמאכט אז פיאדאר זאל אן איהם ניט דערקענען אז ער װײסט. –

לעדערבארג האט זיך נאר געװאונדערט דערויף: װאס זשע איז זיא געפאהרען קײן אדעס אז ניט צוא איהם? ער קען זיא ניט געפי־נען? װאס קען דאס באדײטען?

– דערצעהל מיר אין גאנצען פאדראבנע װעל איך װיסען װאס איך האב צוא טהון, אויב ניט װײס איך גאר ניט, האט לעדערבארג געזאגט, אװעקלעגענדיג צוא לעצטען מאל דאס מעסער און גאפעל. –

פיאדאר האט זיך אויף קײן מינוט ניט פארטראכט און דערצעהלט איהם אלעס פון לאה׳ן, װיא אזױ זײן פאטער האט איהם געשיקט קײן ר... װעגען דיא נײע פאדריאדען, װיא ער האט זיך באקאנט מיט לאה׳ן און װיא עס האט זיך מיט זײא געענדיגט. מיט אײן װארט אלעס האט ער איהם דערצעהלט אזױ װיא עס איז פון אנהויב אן באקאנט דיא לעזער. –

– און שטעלט זיך פאר מײן לאגע, האט פיאדאר געענדיגט זײן ערצעהלונג – װען איך פאהר מיט מײן כלה שפאצירען אויף דעם בולװאר, איהר קענט מיר גלױבען אז איך האב שױן גאר פארגעסען צוא עס איז דא א לאה אויף דער װעלט, און פלוצים הער איך לאה׳ס קול שרײען! פארשטעהט זיך אז עס איז מיר ניט אויפגעקומען אז דאס זאל זײן לאה, איך האב זיך נאר דערמאנט אן איהר און טראכט

מִיר: פּוּנְקְט אַזַא קוֹל וִויא לֵאה, נָאר שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר אַז זִיא מִיט צְוֵייא זְשׁוּלִיקֶעס וָואס זֶענִין אִיהר נָאכְגֶעלָאפֶען אוּנ אַ גָארָאדָאוָואי וָואס עֶס הָאט זִיא אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט, זֶענִין פּוּנְקְט אוֹיסְגֶעקוּמֶען גֶעבֶּען מַיין קָארֶעטֶע. אִיךְ הָאבּ אִיהר גְלַייךְ אִין דִיא אוֹיגֶען אַרַיינְגֶעקוּקְט אוּנ הָאבּ זִיא דֶערְקֶענְט. פַארְשְׁטֶעהסְט זִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ מֶער מִיט מַיין כַּלָּה דָא נִיט גֶע־קֶענְט וַוייטֶער שְׁפַּאצִירֶען אוּנ בִּין בַּאלְד אַהֵיים גֶעפָאהרֶען. אִיךְ קֶען דִיר נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען וָואס אִיךְ הָאבּ אִיבֶּערְגֶעלִיטֶען אוּנ אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען פוּן דֶער צַייט; אִיךְ וֵוייס אַז דוּא בִּיזְט אַ גְרוֹיסֶער פָאדְלֶיעץ אוּנ וֶועסְט וֶועלֶען אַ סַךְ גֶעלְד, נָאר דוּא בִּיזְט אַ מָאל אַ גוּטֶער מֶענְשׁ אוֹיךְ, דוּא טְהוּסְט דַיין זַאךְ אָרֶענְטְלִיךְ, אוּנ אִיךְ וֶועל דִיר בַּאצָאהלֶען פַאר דַיין טִרְחָה וִויפֶעל עֶס קוּמְט דִיר, נָאר דוּא זָאלְסְט זִיא וִויא צוּם גִיכְסְטֶען גֶעפִינֶען. אִיךְ הָאבּ זִיא דֶערְפַאר נִיט גֶעפוּנֶען וַוייל אִיךְ רֶעכֶען אַז זִיא גֶעפִינְט זִיךְ אִיצְט שׁוֹין... אִיךְ וֵוייס גָאר נִיט וואוּ וִויא דוּא מִיט דַיינֶע לַייט קֶענֶען וִויסֶען; וָוארוּם וואוּ דֶען קֶען זִיךְ אַזַא מֵיידֶעל גֶעפִינֶען אַז זִיא הָאט גֶעשְׁעֶפְּטֶען מִיט אַזוֹינֶע זְשׁוּלִיקֶעס אַזוֹי שְׁפֶּעט בַּייא נַאכְט? אִיךְ קֶען גָאר נִיט פַארְשְׁטֶעהֶען וָואס הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט צוּא אַזַא נִידְרִיגֶען שְׁטַאנְד. —

— וָואס זְשֶׁע ווִילְסְט דוּא פוּן אִיהר, וָואס דַארְפְסְט דוּא זִיהר אַזוֹי נֶעטְהִיג, אִיז לֶעדֶערבּארג זֶעהר פַארְאִינְטֶערֶעסִירְט גֶעוָוארֶען—אַז דוּא הָאסְט זִיא אַיין מָאל שׁוֹין אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען, נָאךְ וָואס זְשֶׁע דַארְפְסְט דוּא זִיא? ווִילְסְט אוֹיף אִיהר רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוּנ ווִילְסְט חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר אִיהר? צוּא וָואס?

— וָואס זָאגְסְט דוּא, דוּא לַאכְסְט פוּן מִיר, מִיט אַזוֹינֶע זָאל אִיךְ חֲתוּנָה הָאבֶּען, וֶוען אִיךְ הָאבּ אַזַא רַייכֶע כַּלָּה פוּן אַזַא גְרוֹיס אָרְט? —

— וָואס זְשֶׁע דֶען דַארְפְסְט דוּא זִיא הָאבֶּען, אַז דוּא קֶענְסְט נִיט לֶעבֶּען רוּהִיג בִּיז דוּ וֶועסְט זִיא נִיט גֶעפִינֶען? —

— אִיךְ ווִיל... אִיךְ ווִיל וִויסֶען, וָואס הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּ, אִיךְ ווִיל אִיהר הֶעלְפֶען אַז זִיא זָאל זִיךְ מֶעהר נִיט גֶעפִינֶען אִין אַזַא שְׁטַאנְד, אִיךְ קֶען נִיט, אִיךְ קֶען זִיךְ נִיט בַּארוּהִיגֶען, וֶוען אִיךְ וֵוייס אַז לֵאה גֶעפִינְט זִיךְ אִין אַזַא שְׁטַאנְד, זִי אִיז אַזַא אָרֶענְטְלִיךְ קִינְד, זִיא קוּמְט אַרוֹיס פוּן לַייטֶעשֶׁע עֶלְטֶערְן. —

לֶעדֶערבּארג הָאט זִיךְ זֶעהר גֶעוואוּנְדֶערְט וָואס פִיאדאר אִיז פְּלוּצִים אַזוֹי פְרוּם גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט רַחֲמָנוּת אוֹיף אַזוֹינֶע מֵיידְלֶעךְ; נָאר וֶוער קֶען פַארְשְׁטֶעהֶען וָואס דָא אִיז, אַבִּי עֶר וֶועט פַארְדִינֶען בַּייא

אִיהם, וָואס זְשֶׁע אִיז זַיין גֶעשֶׁעפְט, אֶפְשֶׁר קֶען זַיין אַז עֶס וֶועט אִיהם פִיעל מֶעהר אַרוֹיסְטְרָאגֶען וִויא וֶוען אֲפִילוּ לאה זָאל זִיךְ גֶעפִינֶען אִין זַיינֶע הֶאנְד אוּנ עֶר זָאל זִיא קֶענֶען פַארְקוֹיפֶען. –

– טָאמֶער הָאט זִיךְ דִיר גֶעחָלוֹמְט אַ קוה פַאר אַ ווִינְדְמִיהל, הָאט זִיךְ לעדערבארנ אָנְגֶעהוֹיבֶען בַּייא אִיהם צוּא דֶערְפְרֶעגֶען, כְּדֵי עֶר זָאל הָאבֶען מֶעהר שַׁאנְסֶען, זִיא צוּא גֶעפִינֶען–טָאמֶער אִיז דָאס מֵיידֶעל נִיט לאה? –

– נֵיין, אִין אַלֶעם קֶען אִיךְ אַ טָעוּת הָאבֶען נָאר נִיט אִין לאה'ן, אִיךְ הָאבּ זִיא גֶעזֶעהֶען גֶעוִוים, וּבִפְרַט נָאךְ ווִיא אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט, אִיז זִיא אִין ר... נִיט דָא–זִיא אִיז גֶעוִוים אִין אָדֶעס אוּנ אִיז אֲפִילוּ צוּא מִיר נִיט גֶעקוּמֶען–צוּא מִיר אֲפִילוּ נִיט גֶעקוּמֶען! אָט ווִיא גְרוֹיס אוּנ שְׁטָאלְץ זִיא אִיז!

דִיא וֶוערְטֶער הָאט עֶר עֶטְלִיכֶע מָאל אִיבֶּערְגֶעזָאגְט ווִיא מִיט כַּעַס אָדֶער מִיט פַארְדְרָאס. –

וֶוער קֶען ווִיסֶען דֶעם מֶענְטְשֶׁענְס הַארְץ! וֶוער קֶען ווִיסֶען ווִיא אַזוֹי אַ הַארְץ קָען פִיהלֶען! וֶוער קֶען ווִיסֶען פיאדארס הַארְץ! עֶס קֶען זֶעהר שֶׁאן זַיין, וֶוען לאה זָאל גֶעוֶועזֶען קוּמֶען צוּא אִיהם, בֶּעטֶען בַּייא אִיהם הִילְף, ווֵיינֶען אוּנ בֶּעטֶען פַאר אִיהם אַז עֶס אִיז אִיהר שְׁלֶעכְט, זִיא אִיז זֶעהר אוּמְגְלִיקְלִיךְ, עֶר זָאל אִיהר הֶעלְפֶען, עֶר זָאל רַחֲמנוּת הָאבֶען אוֹיף אִיהר אוּנ אוֹיף אִיהר קִינְד, זִיא אִיז גְרֵייט אוֹיף אַלֶעם אֲפִילוּ אוֹיף דִיא אוֹפַנִים וָואס עֶר הָאט אִיהר פָארְגֶעלֶעגְט, וֶוען לאה זָאל אַזוֹי גֶעוֶועזֶען טְהוּן, זָאג אִיךְ נָאךְ אַ מָאל, קֶען זֶעהר זַיין, אַז פיאדאר וָואלְט אִיהר אֲפִילוּ אַ גְרָאשֶׁען נִיט גֶעוָואלְט גֶעבֶּען אוּנ גָאר נִיט גֶעוָואלְט ווִיסֶען פוּן אִיהר, אָדֶער עֶר וָואלְט אִיהר יָא גֶעוֶוען גֶעהָאלְפֶען, דָאס אִיז פַאר אוּנְז אַלְץ אֵיינְס, נָאר דָאס אִיז גֶעוִוים: פיאדאר וָואלְט פוּן אִיהר נִיט גֶעוָואלְט ווִיסֶען, ווִיא בִּיז אִין דֶער צַייט וֶוען עֶר הָאט זִיא דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל דֶערְזֶעהֶען אִין אַזַא שְׁטַאנְד אוֹיף דֶעם בּוּלְוַואר. –

נָאר דִיא אָרִימֶע, אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, גֶעפַאלֶענֶע לאה אִיז גֶעקוּמֶען קַיין אָדֶעס אוּנ אִיז צוּא פיאדארן נִיט גֶעקוּמֶען בֶּעטֶען הִילְף, זִיא הָאט אֲפִילוּ נִיט גֶעוָואלְט ווִיסֶען צוּא דֶער גְרוֹיסֶער, גְלִיקְלִיכֶער בַייכֶער פֵיינְער פיאדאר אִיז אִין אָדֶעס!

דָאס הָאט פיאדאר נִיט גֶעקֶענְט אִיבֶּערְטְרָאגֶען, אִין זַיין הַארְץ אִיז גֶעוָוארֶען אַ גַאנְצֶע מִלְחָמָה, בְּלוּט הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶען פַארְגִיסֶען בְּטַייטְשׁ, זִיא אִיז אַ פוֹילִישׁ מֵיידֶעל, אָהן בִּילְדוּנְג, פוּן אַ קְלֵיין שְׁטֶאדְ-

טֶעל אוּנ גֶעפִינְט זִיךְ אִין אַזַא נִידְרִיגֶען שְׁטַאנְד, שְׁטֶעהט אִיהר נִיט אָן זִיךְ אֲפִילוּ וַוייזֶען צוּא מִיר!...

וֶוען פיאדאר זָאל זִיךְ נִיט שֶׁעמֶען פַאר זִיךְ אַלֵיין, פַאר דִיא פִּיער וֶואנְד, וָואלְט עֶר חָאטְשׁ זִיךְ אַלֵיין אַרוֹיסְגֶעזָאגְט דֶעם אֱמֶת: זִיא אִיז צוּא מִיר נִיט גֶעקוּמֶען וַוייל זִיא רֶעכֶענְט מִיר נָאךְ נִידְרִיגֶער פוּן זִיךְ, זִיא רֶעכֶענְט זִיךְ פִיעל הֶעכֶער פוּן מִיר, זִיא אִיז אַקֶעגֶען מִיר שְׁטָאלְץ, עֶס שְׁטֶעהט אִיהר נִיט אָן מִיט מִיר זִיךְ צוּא בַּאגֶעגֶענֶען, דֶערְפַאר וָואס אִיךְ בִּין אַ פָּאדְלֶיעץ, אַ נִידְרִיגֶער מֶענְשׁ א. ז. וו.

נָאר עֶר הָאט דִיא וֶוערְטֶער אַלֵיין פַאר זִיךְ מוֹרָא גֶעהַאט אַרוֹיסְ-צוּזָאגֶען, נָאר אַז לאה שְׁטֶעהט פִיעל הֶעכֶער פוּן אִיהם, אַז עֶר אִיז אַ נִידְרִיגֶער מֶענְשׁ, הָאט עֶר גֶעפִיהלְט מִיט זַיין גַאנְצֶען הַארְצֶען. —

פיאדאר הָאט אִין זִיךְ גֶעהַאט אַ סַךְ שְׁטָאלְץ אוּנ הָאט עֶס נִיט גֶעקֶענְט אִיבֶּערְטְרָאגֶען, עֶס הָאט אִיהם גֶעמוּטְשֶׁעט, עֶר הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען נִיט רוּהִיג;

וָואס אֵייגֶענְטְלִיךְ הָאט אִיהם גֶעמוּטְשֶׁעט הָאט עֶר אַלֵיין זִיךְ קֵיין חֶשְׁבּוֹן נִיט גֶעקֶענְט אָפְּגֶעבֶּען, אִיהם הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעוִויזֶען, אַז זַיין הַארְץ אִיז גוּט אוּנ עֶהרְלִיךְ, עֶר הָאט דֶערְזֶעהֶען וִויא זַיין אַמָאלִיגֶע לאה גֶעפִינְט זִיךְ אִין אַזַא שְׁטַאנְד, אַזוֹי אָרִים אוּנ אוּמְגְלִיקְלִיךְ, וֶוער וַוייסְט וִויא זִיא לַייְדְט נָאךְ פוּן זַיין קִינְד, פוּן דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען קִינְד, דַארוּם הָאט עֶר מִיט זַיין גוּט, עֶהרְלִיךְ וַוייךְ הַארְץ רַחֲמָנוּת בַּאקוּמֶען אוֹיף אִיהר אוּנ וִויל אִיהר הֶעלְפֶען, נָאר דֶעם אֱמֶת גֶעזָאגְט, הָאט פיאדאר מֶעהר נִיט גֶעוָואלְט וִויא בַּאפְרִידִיגֶען זַיין עֶגָאִיסְטִישֶׁען שְׁטָאלְץ, זַיין הַארְץ, זַיין סָאוֶועכְט. וָואס הָאט אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעפִיהלְט דִיא פִיעלֶע פַארְבְּרֶעכֶען וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן קֶעגֶען לאה'ן. —

פוּן דֶער צַייט אָן וָואס עֶר הָאט זִיא גֶעזֶעהֶען אוֹיף דֶעם בּוּלְוַואר אוּנ וָואס מֶעהר אַ טָאג אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען הָאט זַיין הַארְץ מֶעהר גֶעפָאדֶערְט דִיא בֶּעפְרִידִיגוּנְג, וְוִיפִיעל מָאל עֶר הָאט מִיט זִיךְ אַלֵיין אִיבֶּערְגֶערֶעדְט וָואס קֶעהר עֶר זִיךְ אָן מִיט לאה'ן, וָואס קֶעהר זִיךְ לאה אָן מִיט אִיהם, מַאלֶע וִויפִיל לאה'ס, עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ, וָואס הָאט עֶר זִיךְ אַזוֹי שְׁטַארְק צוּא אִינְטֶערֶעסִירֶען מִיט אִיהר, וִויא אַזוֹי אִיהר לֶעבְּט זִיךְ? שׁוֹין נִיט אֵיין מָאל הָאט עֶר זִיךְ טַאקֶע אִיבֶּערְגֶערֶעדְט אוּנ אִיז בֶּערוּהִיגְט גֶעוָוארֶען, פַארְגֶעסֶען אָן לאה'ן; נָאר אָבֶּער נִיט אוֹיף לַאנְג, אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם הָאט זִיךְ וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ גַאנְצֶער שְׁטוּרְמְוִוינְד אִין זַיין הַארְצֶען, עֶס הָאט אִיהם מֶעהר אָנְגֶעהוֹי-בֶּען מוּטְשֶׁען וִויא פְרִיהֶער.

אָט וָואס אַ מֶענְשֶׁענְס הַארְץ אִיז! וֶוער קֶען דָאס הַארְץ פַארְשְׁטֶעהֶען?...

אוּנ וִויא אִיהר זֶעהט, הָאט עֶס אִיהם גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּא אַז עֶר הָאט זִיךְ מִיט זַיין גַאנְצֶער „מוּטְשֶׁינְיֶע" פַארְטְרוֹיעט לעדערבארגען, ווייל עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען פַארְזִיכֶערְט אַז לעדערבארג וֶועט זִיא גֶעוִויס גֶעפִינֶען. —

עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אֵיינְס אַ זֵיינֶער וֶוען זֵייא זֶענִין בֵּיידֶע אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן „סֶעוֶוערְנִי הָאטֶעל", פיאדאר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם עֶרְשְׁטֶען אִיזְוָואשְׁטְשִׁיק, גֶעבֶּענְדִיג אִיהם דִיא הַאנְד אוֹיף צוּגֶעזֶעגֶענֶען זִיךְ הָאט עֶר אִיהם גֶעזָאגְט:

– אִיךְ הָאף אַז אַזוֹי וֶועט זַיין וִויא מִיר הָאבֶּען אָבְּגֶערֶעדְט, פוּן אַלֶעם זָאלְט אִיהר מִיר בַּאלְד שְׁרַייבֶּען, אָדֶער מִיר קֶענֶען זִיךְ זֶעהֶען אִין דֶעם „הָאטֶעל" וֶוען אִיהר וֶועט נָאר גֶעפִינֶען פַאר גֶעטְהִיג, מִיט אַיין וָוארְט אִיךְ הָאף... צוּם וִוידֶערְזֶעהֶען!...

מִיט דִיא וֶוערְטֶער, הָאט זִיךְ דֶער אִיזְוָואטְשִׁיק גֶערִיהט פוּן אָרְט. —

– הָאסְט דוּא נִיט גֶעהַאט קַיין טָעוּת? הָאט לעדערבארג צוּם צֶעהְנְטֶען מָאל אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט.

– וָואס פַאר אַ טָעוּת? הָאט פיאדאר גֶעפְרֶעגְט.

– בִּיזְט דוּא פַארְזִיכֶערְט אַז דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען לאה'ן?

– אִיךְ הָאב דָאךְ דִיר שׁוֹין צֶעהְן מָאל גֶעזָאגְט אַז אִיךְ בִּין פַארְזִיכֶערְט, דוּא רֶעדְסְט דָאךְ נִיט מִיט קַיין מְשׁוּגָענֶעם. —

– נָא אוֹיב אַזוֹי, וֶועל אִיךְ זִיא גֶעוִויס גֶעפִינֶען, גַאנְץ אָדֶעס אִיז בַּייא מִיר אוֹיף דֶער הַאנְד.

מִיט דִיא וֶוערְטֶער הָאבֶּען זֵייא זִיךְ צוּשֵׁיידְט. —

לעדערבארג הָאט זִיךְ בַּאלְד אוֹיךְ אוֹיפְגֶעזֶעצְט אוֹיף זַיין אֵיינְענֶער דְרָאשְׁקֶע גֶעשְׁפַּאנְט מִיט אַיין פֶערְד, זַיין קוּטְשֶׁער הָאט דִיא גַאנְצֶע צַייט גֶעוַוארְט אוֹיף אִיהם נֶעבֶּען הָאטֶעל. עֶר הָאט אִיהם אָבְּגֶעשִׁיקְט צוּא פוּס אַ הֵיים אוּנ אַלֵיין הָאט עֶר בַּאלְד פַארְקֶערְוֶועט רֶעכְטְס אוֹיף דֶער „יֶעקַאטֶערִינִיסְקֶע נַאס" דוּרְכְגֶעשְׁנִיטֶען דִיא פָּאטְשְׁטָאוִוי" אוּנ דִיא „פְּרֶעאָבְּרַאזְשֶׁענְסְקִי נַאס", דָארְט הָאט עֶר זִיךְ גֶענוּמֶען אִין דֶער זַייט אוּנ אִיז פַארְפַאלֶען גֶעוָוארֶען צְוִוישֶׁען דִיא קְלֵיינֶע שְׁטִילֶע גַאסֶען; דָארְט פָּאהרֶענְדִיג הָאט עֶר אַלֶע מָאל בַּאגֶעגֶענְט אַ נַייעֶם מֶענְשֶׁען, גֶערֶעדְט צְוֵייא וֶוערְטֶער אוּנ וַוייטֶער גֶעפָאהרֶען, דִיא גָארְדָאוָואִים הָאבֶּען לעדערבארגען מִיט זַיין פֶערְד גוּט גֶעקֶענְט אוּנ גוּט גֶעוואוּסְט זַיינֶע

גֶעשֶׁעפְּטֶע: וִויא זֵייא הָאבֶּען אִיהם נָאר דֶערְזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא אִיהם אָפְּגֶעגֶעבֶּען כָּבוֹד, גֶעוִוים נִיט פַאר אוּמְזִיסְט. —

פּוּנְקְט וִויא אַ פָּאלִיצְמֵייסְטֶער חַאפְּט זִיךְ אַרוֹיס אַרוּם הַאלְבֶּערְנַאכְט מַאכֶען אַ פַּאוֶוערְקֶע אִיבֶּער דֶער שְׁטָאט צוּא יֶעדֶער גָארָאדָאוָואי, יֶעדֶער אַקְלָאדָאטְשְׁנִי גֶעפִינְט זִיךְ אוֹיף זַיין אָרְט, אַזוֹי פְּלֶעגְט לֶעדערבּארג עֶטְלִיכֶע מָאל אִין דֶער וָואךְ דִיא גַאנְצֶע נַאכְט אַרוּמְפָאהרֶען, זִיךְ אָפְּשְׁטֶעלֶען אִין פִיעל עֶרְטֶער אוּנ וַוייטֶער פָאהרֶען.

הַיינְטִיגֶע נַאכְט הָאט עֶר גֶעוָואלְט בֶּעווַייזֶען זִיךְ זֶעהֶען מִיט זַיינֶע אַלֶע אַגֶענְטֶען, גֶעוִוים הָאט אִיהם פיאדאר גוּט בַּאצָאהלְט, אוּנ וֶוען מֶען פְּלֶעגְט לעדערבּארגען בַּאצָאהלֶען, פְּלֶעגְט עֶר שְׁטֶענְדִיג וֶועלֶען בְּלַייבֶּען אַיין עֶהרְלִיכֶער מַאנְן, עֶר הָאט זֶעהר מוֹרָא גֶעהַאט טָאמֶער אִיז לֵאה שׁוֹין נִיט אִין אָדֶעס. טָאמֶער אִיז אַזַא מֵיידִיל אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין דִיא אַגֶענְטֶענְס הֶענְד אוּנ זֵייא הָאבֶּען זִיא שׁוֹין עֶקְסְפֶּעדִירְט, זָאל מֶען זִיא וִויא צוּם נִיכְסְטֶען בְּרֶענְגֶען קֵיין אָדֶעס. —

---

# אַיין קָארְרֶעסְפָּאנְדֶענְץ וֶועגֶען נוּמֶער 1470.

אַ מֶענְשׁ טְרַאכְט אוּנ גָאט לַאכְט — פיאדאר אִיז גֶעוֶועזֶען פַארְזִיכֶערְט אַז לֵאה אִיז אִין אָדֶעס; לעדערבּארג אִיז גֶעוֶועזֶען פַארְזִיכֶערְט אַז עֶר וֶועט זִיא אִין אָדֶער חָאטְשׁ נִיט וַוייט פוּן אָדֶעס גֶעפִינֶען, נָאר לֵאה אִיז שׁוֹין אָבֶּער גֶעוֶועזֶען וַוייט, גַאנְץ וַוייט פוּן אָדֶעס אוּנְטֶער אַיין אַנְדֶער הִימֶעל, צְווִישֶׁען אַ נַייעֶר לוּפְט, אוֹיף אַ נַייעֶר עֶרְד, נָאר אוֹיךְ מִיט נַייעֶ פְרִישֶׁע צָרוֹת, נַייעֶ לֵיידֶען, נַייעֶ אוּמְגְלִיקֶען, נָאךְ אוּמְגְלִיקְלִיכֶער וִויא פְרִיהֶער!...

וָואס קֶען נָאךְ זַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶער וֶוען מֶען אִיז פַארְקוֹיפְט צוּא יֶענֶעם אוּנ יֶענֶער פַארְקוֹיפְט יֶעדֶען — וֶוער עֶס בַּאצָאהלְט נָאר עֶטְלִיכֶע גִילְדֶען! — אָט אִין דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכְסְטֶער לַאגֶע הָאט זִיךְ אִיצְט גֶעפוּנֶען דִיא פַארְפַאלֶענֶע לֵאה.

אִין אַ פִינְסְטֶערֶער שְׁמָאלֶער גַאס פוּן דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט קאנסטאנטינאפאל — אוֹיף אַזַא גַאס וואו אַ גַאנְצֶע טָאג זֶענִין פַארְמַאכְט דִיא לָאדֶען אוּנ דִיא גַאנְצֶע נַאכְט הֶערְט מֶען נָאר דָאס קוֹל פוּן דֶעם שִׁיכּוֹר, דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן דֶעם גַנָב, פוּן דֶעם רַאזְבּוֹינִיק, דָאס גֶערֶעדֶערַייא פוּן דִיא אִיבְּרִיגֶע מֶענְשֶׁען וָואס לֶעבֶּען אוּמְזִיסְט אוֹיף דֶער וֶועלְט; צְווִישֶׁען אָפְּגֶעגְרִיסֶענֶע, אָפְּגֶעשְׁלִיסֶענֶע פַארְדָארְבֶּענֶע נְשָׁמוֹת, אָט

אִין אַזַא נַאס. אִין אַזַא הויז, הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען לאה צוא אַזוינֶע מֶענְשֶׁען פְלֶעגְט זיא אִיהר בַעַל בַּיִת עֶטְלִיכֶע מָאל אִין מְעַת לְעֵת פַארְקויפֶען אונ דֶערְנָאךְ אִיז עֶר וַוייטֶער גֶעוועזֶען אִיבֶּער אִיהר פָאלְגֶע בַעַל בַּיִת, אַלֵין דֶערְפַאר ווייל עֶר הָאט זיא אַיין מָאל אָבְּגֶעקויפְט, מְזוּמֶען אָבְּגֶעצָאהלְט דִיא אָדֶעסֶער סוֹחֲרִים הונדֶערְט טִירְקִישֶׁע לִירֶע, אָדֶער 600 רוּסִישֶׁע רוּבְּל. —

אִיהר וֶועט פְרֶעגֶען: וִויא אַזוֹי קוּמְט דִיא עֶהרְלִיכֶע לאה קֵיין קאנסטאנטינאפאל? אִין אַזַא שְׁרֶעקְלִיךְ אָרְט?

פוּן וִידִישֶׁע לֶעזֶער עֶרְוַוארְטֶע אִיךְ אַזַא פְרַאגֶע, אִיךְ עֶרְוַוארְט פוּן זֵייא נָאךְ אַ פְרַאגֶע: וִויא הֵייסְט, וִויא לָאזְט זִיךְ אַ עֶהְרְלִיךְ מֵיידִיל אַזוֹי פַארְפִיהרֶען?

צְווִישֶׁען יוּדֶען הָאט מֶען לִיעב דֶן זַיין צוא שְׁלֶעכְטֶען אַזוינֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, בַּייא יוּדֶען, וֶוען מֶען דֶערְזֶעהט אַזוינֶע, פַארְשֶׁעלְט מֶען אִיהר דָאס גֶעבֵּיין, זִיא רוּפְט זִיךְ מִיט קֵיין אַנְדֶער נָאמֶען נִיט נָאר „אויסְגֶעלַאסֶענֶע״ „חֲצוּפָה״ „הוּלְטַאיְקֶע״, אַ נְשָׁמָה פוּן אַ מֶענְשֶׁען אִיז גֶעווִיס שׁוֹין בַּייא דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער נִיט דָא, קֵיינֶער ווִיל זִיךְ אוֹיף קֵיין מִינוּט נִיט בַּאטְרַאכְטֶען אונ גֶעפִינֶען פַאר אַזַא אוּמְגְלִיקְלִיכֶער הָאטְשׁ אַ שְׁטִיקֶעלֶע זְכוּת: טָאמֶער הָאבֶּען זִיא פִיעל אוּמְגְלִיקֶען, אַ סַךְ צָרוֹת, פַּיין, הוּנְגֶער גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּ, אָדֶער שְׁלֶעכְטֶע פַארְדָארְבֶּענֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיא פַארְפִיהרְט, קֵיינֶעם קוּמְט דָאס גָאר נִיט אוֹיף דֶעם מוֹחַ: עֶס קֶען זַיין וֶוען מֶען זָאל זֵייא אַרויסְשְׁלֶעפֶּען הָאטְשׁ אַ בִּיסֶעלֶע פוּן זֵייעֶר טִיעפֶער בְּלָאטֶע וָואלְטֶען זֵייא גֶעוָוארֶען נוּצְלִיכֶע עֶהְרְלִיכֶע מֶענְשֶׁען גְלַייךְ מִיט אַלֶע אונ וָואלְטֶען אויפְגֶעהֶערְט זִיךְ מִיטְשֶׁען אוֹיף דֶער וֶועלְט אונ זַיין אַ קָרְבָּן פַאר יֶעדֶען שִׁיכּוֹר, בַּייא יוּדֶען אִיז מֶען גֶעוָואהנְט צוּרֶעכֶענֶען אַז זִיא וֶוערְד אַ הוּלְטַייקֶע פַאר גְרוֹיב פֶערְגְנִיגֶען. —

הַיינְט אִיז עֶפִּיס וואוּנְדֶער וָואס דִיא אַלֶע „ווִיסְטֶע״ אָדֶער „גוּטֶע הַייזְלִיךְ״ זֶענִין פוּל מִיט יוּדִישֶׁע טֶאכְטֶער? דָאס אִיז דֶערְפַאר ווַייל בַּייא יוּדֶען ווִיל מֶען נִיט אויסְשְׁטְרֶעקֶען דִיא הָאנְד אַזוינֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, זֵייא זָאלֶען זִיךְ הָאבֶּען וואוּ אָנְצוּשְׁפַּארֶען אונ אַרויסְקְרִיכֶען פוּן דֶער בְּלָאטֶע. —

...יין, נִיט פַאר וָואהלְטָאג אונ פֶערְגְנִיגֶען אִיז לאה גֶעוָוארֶען אַזַא אויסְגֶעלַאסֶענֶע, נָאר פוּן אַיין זַייט דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע נויט, פוּן דֶער צְווייטֶער זַייט דָאס גְרויסֶע אָרִימְקַייט, פוּן דֶער דְרִיטֶער זַייט דֶער הוּנְגֶער, אונ פוּן דֶער פֶערְטֶער זַייט שְׁלֶעכְטֶע פַארְדָארְבֶּענֶע מֶענְשֶׁען וָואס הַאנְדְלֶען מִיט מֶענְשֶׁענְפְלֵייש הָאבֶּען זִיא גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּא! —

מֶען דַארְף גוּט קֶענֶען דִיא שְׁטָאדְט אָדֶעס, מִיט אִיהְרֶע אַלֶע פְרוּמֶע מוּמֶעס, בָּאבֶעס, שַׁדְכָנְטֶעס, מֶעקְלֶערְנְס אוּנ דִיא לַייט פוּן לֶעדֶערבּארגס קָאמְפַּאנִיֶע; וָואס כִּמְעַט גַאנְץ אָדֶעס אִיז פוּל מִיט זַייא. דֶענְסְטְמָאל אִיז צוּא פַארְשְׁטֶעהֶען וִויא גְרִינְג יֶעדֶעס מֵיידִיל גִיט זִיךְ אִיבֶּער אַלֵיין אִין זֵייעֶרֶע הֶאנְד, וּבִפְרַט נָאךְ אַזַא אוּמְגְלִיקְלִיךְ עֶלֶענְד מֵיידִיל וִויא לאה וָואס אִיז גֶעקוּמֶען דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל אִין אַ פְרֶעמְדֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט זִיךְ פַארְדִינֶען עֶהְרְלִיךְ בְּרוֹיט פַאר זִיךְ אוּנ פַאר אִיהר קִינְד. —

מִיט אֵיין וָוארְט לאה הָאט זִיךְ אַלֵיין פַארְפְּלָאנְטֶעט אִין זֵייעֶר גֶעץ, גְלַייךְ וִויא אַלֶע אַנְדֶערֶע מֵיידְלִיךְ וָואס וֶוערֶען יֶעדֶעס יָאהר הוּנְדֶערְטֶערְוַוייז עֶקְסְפֶּעדִירְט פוּן אָדֶעס אִין דֶער טִירְקַיי.

מִיט וָואס פַאר שְׁטְרִיק דִיא לַייט פַארְפְּלָאנְטֶען דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, אִיז שׁוֹין בַּאקָאנְט פוּן דֶעם אָנְפַאנְג עֶרְצֶעהלוּנְג אוּנ פוּן דִיא פִּיעל פְרָאצֶעסֶען אוּנְטֶערְן נָאמֶען „פְּרָאדַאזְשַׁא זְשֶׁענְשְׁטְשִׁין" וָואס אִיז פָארְגֶעקוּמֶען אִין אָדֶעס אוּנ אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶאדְט: פַאר דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער הָאבֶּען זִיךְ גֶעיַאוִוית שַׁדְכָנְטֶעס, מוּמֶעס וָואס הָאבֶּען רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוֹיף אִיהר אוּנ גֶערֶעדְט אִיהר אַ גְלִיקְלִיכֶען שִׁידוּךְ פוּן דֶערְוַוייטֶענְס. אַ חָתָן מִיט אַ סַךְ טוֹיזֶנְטֶער קוּמְט אָנְקוּקֶען אוּנ מֶען גֶעפֶעלְט זִיךְ, אוּנ וואו מֶען הָאט בַּאדַארְפְט גֶעטְהִיג ד. ה. וֶוען עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען שְׁוֶוער דָאס פַארְפְּלָאנְטֶען זִיךְ, הָאט מֶען גֶעשְׁטֶעלְט אַ חוּפָּה כְּדַת מֹשֶׁה וְיִשְׂרָאֵל! פַאר דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ מֶעקְלֶערִין וָואס הָאט רֶעקָאמַאנְדִירְט אַ גְלִיקְלִיכֶע שְׁטֶעלֶע, עֶס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַזַא גְלִיקְלִיכֶע בַּעַל בַּיִת־טֶע א. ז. וו..

לאה וָואס הָאט נָאר גֶעזוּכְט עֶהְרְלִיךְ פַארְדִינֶען בְּרוֹיט פַאר זִיךְ אוּנ פַאר אִיהר קִינְד הָאט מֶען נַארַאיֶעט אַ גְלִיקְלִיכֶע שְׁטֶעלֶע, זִיא הָאט זִיךְ טַאקֶע עֶטְלִיכֶע טֶאג גֶעפוּנֶען פַאר גְלִיקְלִיךְ אוֹיף דֶער גְלִיקְלִיכֶער שְׁטֶעלֶע, נִיט דֶער בַּעַל בַּיִת, נִיט דֶער זוהן, נִיט דֶער אֵיידִים הָאבֶּען זִיךְ צוּא אִיהר נִיט גֶעטְשֶׁעפֶּעט, גֶעלְד הָאט מֶען אִיהר גֶעגֶעבֶּען פָארוֹיס פַאר אַ חֹדֶשׁ, זִיא הָאט בַּאצָאהְלְט אִיהְרֶע חוֹבוֹת, אוּנ דָאס אִיבְּרִיגֶע אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אוֹיף ר' זלמינ'ס אַדְרֶעס אִין דֶער שְׁטָאדְט ר... פַאר אִיהר קִינְד. —

נָאר אִין אַ שֶׁאנֶעם הֶעלֶען טָאג הָאט דִיא בַּעַל בַּיִת־טֶע גֶעזָאגְט אַז זִיא פָאהֶרְט קַיין אוֹיסְלַאנְד אוּנ נֶעמְט מִיט אִיהר דִינֶסְט אוֹיךְ. -

אִין אַ לוֹיטֶערֶען אוֹיסְגֶעשְׁטֶערְנְטֶען הִימֶעל אִיז דִיא בַּעַל בַּיִת־טֶע מִיט אִיהר דִינֶסְט לאה שׁוֹין גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם פַארָאהָאד וָואס שְׁווִימְט אִיבֶּערְן שְׁוַוארְצֶען יַם קַיין קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל.

גליקליך איז זיא געוועזען דיא גאנצע רייזע, זיא האט זיך אללע מאל דערמאנט אן איהר גרוים גליק, וויא זיא מיט איהר קינד לעבט פון איהר אייגענער ארבייט.

אין איין אבענד, האט זיא דערזעהען וויא זיא געפינט זיך אין הויז צווישען פרעמדע מענשען, איהר בעל בית־טע האט זיא שון מעהר פאר איהרע אויגען ניט געזעהען, נאר א נייעם בעל בית מיט א נייער בעל בית־טע וואס האבען איהר מודיע געוועזען אז פון היינט אן אונ ווייטער געהערט זיא צוא זייא, ווארום זייא האבען אבגעצאהלט פאר איהר 100 טירקישע לירע. —

פון אללע זייטען האט זיא דערזעהען וויא זיא איז טויזנד מאל פארקויפט גלייך מיט אללע איהרע חברטעס צווישען וועלכע זיא האט זיך געפונען. — זיא האט זיך געמוטשעט, זיא האט אליין ניט געוואוסט פאר וואס עס קומט איהר אנקומען אויף דער וועלט, זיא האט פון זיך אליין אויפגעהערט טראכטען, זיא האט זיך געדרעבענט פאר אבגעשטארבען פון דער וועלט, אנ האט בעשלאסען א שרעקליכע זאך: אנטלויפען פון דעם שרעקליכען וויסטען ארט, דאס הייסט געשפיעלט מיט דעם לעבען, פיעל ערגער וויא דעם קאטארזשניק וואס איז פארמשפט אייביג אויף קאטארגע אונ מען האפט איהם, זיא האט זיך שטרענג ענטשלאסען אדער זעהען איהר קינד, אדער לאז מען טהון מיט איהר וואס מען וויל. —

פיעל שלאסער זענין געוועזען פאר איהר, נאר סוף כל סוף איז איהר געלונגען צוא אנטלויפען.

נאך איהר אנטלויפען האט איהר בעל בית בעקומען פון אדעס אזא בריוועלע:

„מיינע לייט אין מיין ארומרייזען איבער דער פראווינץ האבען אייך פארקויפט פאר 100 לירע № 1470; דעם נומער בעט איך מיר צוריק פארקויפען, 50 לירע האט איהר פארדיענסט, טאמער איז בייא אייך כהורה טייערער פון 50 לירע ריין פאר דיענסט, קען איך אייך שיקען פאר דעם נומער צווייא נייע נומערן פיעל שאנער אונ מעהר אנטיקען, מיט איין ווארט איך וועל באשטעהען אויף וועלכע אוסלאוויעס איהר ווילט, נאר איהר זאלט מיר וויא צום גיכסטען צוריק פארקויפען דעם נומער 1470, בייא אייך איז אלץ איינס אונ מיר איז דער נומער זעהר נעטהיג, איך ווארט גיך אויף תשובה, בלייבט געזונד אונ גאטט זאל אייך באשערען נוטע געשעפטען וויא עס ווינשט אייך אייער בעסטער פריינד

לעאן באריסוויטש לעדערבארג".

מיט דער ערשטער פּאָסט, האָט לעדערבארג באַקומען תּשובה:

פיעל גערעהרטער פריינד לעאן באריסאוויטש!

פון אונזער אַלט באַקאַנטשאַפט, פון אונזערע געשעפטען וואָס מיר פיהרען שוין עטליכע יאָהר צוזאַמען ווייסט איהר גאַנץ גוט, אַז איך האַנדעל מיט אייך שטענדיג עהרליך, נאָטט איז כיין עדות אַז איך בין נאָך קיין מאָל פון אייערע ווערטער ניט אַוועק געגאַנגען, ובפרט נאָך אייך אָבזאָגען פון אַזאַ קלייניקייט, ווען איהר לעגט מיר נאָך פּאָר 50 טירקישע לירע ריין פאַרדיענסט, איך פאַרזיכער אייך אַז איך וואָלט ניט געוואָלט קיין שום פאַרדיענסט, איך וואָלט נאָך אָנגעוואָרען 50 לירע אַבי אייך אַ טובה טהון, נאָר צוא מיין גרויס אומגליק האָט מען דעם נומער 1470 ביא מיר אַוועקגענבעט, אָדער ער איז אַליין אַנטלאָפען, עס האָט מיר נאָך געקאָסט פיעל געלד זוכען זיא, אונ זיא איז וויא אין וואַסער אַריין. – איך הויב נאָר ניט אָן צוא פאַרשטעהען וויא אַזוי ביא מיר קען זיך אַזוינס טרעפען, איהר קענט איצטער פאַרשטעהען מיין ביטערע לאַגע אַז אין אַזאַ שלעכטער צייט זאָל איך נאָך אָנוועהרען מזומן 100 לירע. איך רעכען שוין נאָר ניט וויפיעל איך וואָלט געקענט אָן איהר פאַרדינען, איך האָב פיעל בריעף וועגען איהר באַקומען מיט אַ סך פאַרדיענסט, נאָר מען האָט ניט קיין מזל העלפט ניט, איין נאָטט זאָל זיך נאָר אויף מיר מרחם זיין, אונ זאָל פאַרבעסערען דיא צייטען, ווער ווייסט נאָך וויא שווער עס קומט אָן, וויפיעל געלד עס ברענגט אוים, וויפיעל צייט מען פאַרליערט, וויפיעל שרעקעניששען מען טראָגט איבער פון דיא אַלערליי נאַטשאַלסטווא האַכאַרניקעס, יעדען אונ יעדען קלעגסטען מוסר מוז מען פאַרשטאָפען דאָס מויל.

איין נאָטט ווייסט נאָר וויפיעל עס האָט מיך געקאָסט איידער איך האָב דעם נומער 1470 דערלעבט צוא זעהען ביא זיך אין הויז, אונ איצטער האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט, נאָר וואָס קען מען טהון אַז עס קומט אויף אַ מענשען איין אומגליק, מסתמא הייסט נאָטט אַזוי; נאָר וואָס טהוט מען ווייטער? מיין הויז קען אָהן אַזאַ נומער ניט זיין, זיא איז געוועזען דיא גאַנצע בעשאַנונג פון מיין הויז, פון אַלע סאָרטען האָב איך, נאָר אַזוינע פעהלט מיר, דאַרום בעט איך אייך ליבער ברידער למ״ה ולמ״ה וויא צום גיכסטען זעהען מיר עקספעדירען אַזאַ סאָרט, האָטש עס איז מיר שווער איצטער נאָך אַמאָל צוא קויפען אַזאַ טייערען סאָרט, נאָר וואָס קען איך טהון, איך וועל טהון אַלעס אונ וועל באַצאָהלען; אונ אויב איהר וועט מיר וועלען טהון אַ טובה וויא

אַיין אֶמֶתער פְרַיינד וֶועל אִיךְ זִיךְ אַייךְ צוא בִּיסְלֶעךְ אוֹיסְצָאהְלֶען, אִיךְ הָאף וִויא צוּם נִיכְסְטֶען בַּאקוּמֶען דֶעם סָארְט. —
אִיךְ וִוינְשׁ אַייךְ פִּיעל גְלִיק אוּנ גֶעזוּנְד מִיט אַייעֶר גַאנְצֶער פַאמִילְיֶע. אוּנ נָאט זָאל שׁוֹין אוֹיף אוּנְז רַחֲמָנוּת הָאבֶּען דִיא צַייטֶען זָאלֶען וֶוערֶען אַ בִּיסֶעלֶע בֶּעסֶער... N ... N

קאנסטאנטינאפעל דען ... 18

דִיא לֶעזֶער פַארְשְׁטֶעהֶען שׁוֹין אַלֵיין אַז לאה אִיז אִין זַייעֶרֶע עֶקְסְפֶּעדִיצִיאָנִי בִּיכֶער גֶעוֶועזֶען פַארְשְׁרִיבֶּען אוּנְטֶערְן נוּמֶער „1470". —
לעדערבארגען הָאט דֶער בְּרִיעף פוּן זַיין אֶמֶתְן אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּעגֶעם פְרַיינְד... N ... N גֶערִיהְרְט צוּא טְהְרֶערֶען, עֶר הָאט נִיט אַיין מָאל אִיבֶּערְגֶעחֲזֶרְט דִיא וֶוארְטֶער:
— אַ קְלֵיינֶעקַייט מִיט אַיין מָאל אַזַא גְרוֹיסֶער שָׁאדֶען פַאר אַ מֶענְשֶׁען, הַיינְט וואו קְרִיגְט מֶען אַזוֹי גִיךְ נָאךְ אַ מָאל אַזְעלְכֶס".
נָאכְדֶעם וִויא עֶר הָאט בַּאדוֹיעֶרְט אוּנ בַּאקְלָאגְט דִיא בִּיטֶערֶע לַאגֶע פוּן זַיין פְרַיינְד, הָאט עֶר זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן זַיינֶע אֵייגֶענֶע צָרוֹת, אַז עֶר מוּז אוּמְקֶערֶען פיאדארען דֶעם גְרוֹיסֶען אַדֶערוֹיף (הַאנְדְגֶעלְד) וָואס עֶר הָאט בַּייא אִיהם גֶענוּמֶען. —
אִין דִיא זַאכֶען אִיז לעדערבארג גֶעוֶועזֶען אַיין עֶהְרְלִיכֶער מַאן וִויא בַּאלְד אַז עֶר הָאט פַאר יֶענֶעם גָאר נִיט גֶעטְהוּן, פְלֶעגְט עֶר דֶעם אַדֶערוֹיף אָפְּגֶעבֶּען, נָאר אָפְּרֶעכֶענֶען דִיא הוֹצָאוֹת וָואס עֶס הָאט אִיהם גֶעקָאסְט, דֶערְפַאר אָבֶער וֶוען עֶר פְלֶעגְט פַאר יֶענֶעם נָאר עֶפֶּיס טְהוּן, אִיז יֶענֶער בַּייא אִיהם גֶעוָוארֶען אַ גוּטֶע מֶעלֶקֶענְדִיגֶע קוּה אוּנ עֶר הָאט גֶעזוּיגֶען וִויא אַ בֶּאזֶע שְׁלַאנְג אָהן שׁוּם רַחֲמָנוּת אָהן אַ בִּיסֶעל גֶעוִויסֶען, דַארוּם טַאקֶע הָאט עֶר נָאךְ דֶעם אוּמְגְלִיק נִיט אַיין מָאל בַּאדוֹיעֶרְט:
— אַזַא טַייהֶערֶע מֶעלֶקֶענְדִיגֶע קוּה פוּן מַיינֶע הֶענְד אַרוֹיס.
מִיט אַ זֶעהר צוּבְּרָאכֶען הַארְץ הָאט עֶר פיאדארען צוּרִיק אָבְּגֶעצֶעהְלְט זַיין אַדֶערוֹיף, נָאר נָאךְ מִיט אַ צוּבְּרָאכֶענֶער בִּיטֶער הַארְץ הָאט פיאדאר צוּרִיק צוּגֶענוּמֶען דֶעם אַדֶערוֹיף...

ענדע דאס צווייטע טהייל.



# דער דריטער טהייל.

## 17

## אַהיים.

צום קאנסטאנטינאפאלער פּאָרט וואו מען קען מיט דעם פּאַראָחאד פאָהרען פאר עטליכע רובל צוריק קיין אָדעס, קיין רוסלאַנד, צוריק אַ היים, אַהין איז לאה ניט אַנטלאָפען. —

אונ זעהר גוט האט זיא געטהון, ווארום ווען זיא לויפט צום פּאָרט וואָלט מען זיא געווים געהאפּט, ווען ניט דאָ, איז אין דעם אָדעסער פּאָרט, ווייל אויף דיא אָרטער דרעהען זיך אַרום דיא חברה מיט זייערע אַגענטען וויא מיסט, אונ גאַנץ אָפט געפינען זייא זייערע אַנטלאָפענע, לאה׳ס בעל־בית האט אויך ניט געשוויגען אונ געטהון אַלע מעגליכקייטען זיא צוא געפינען אונ עס וואָלט איהם געווים געלונגען ווען זיא זאל נאר געווען אַנטלויפען מיט דעם וועג.

לאה האט אָבער איהר „אַנטלויפען״ פריהער גוט באַטראַכט, אַז זיא זאל שוין ניט דאַרפען אָנקומען אין זייערע הענד, וואו דער טויט וועט איהר זיין ליעבער וויא דאס לעבען, זיא איז פריהער געוואָהר געוואָרען אַז פון קאנסטאנטינאפאל קען קיין רוסלאַנד מען אויך קומען מיט דער יבשה, ד. ה. איבער מאקעדאָניען, בולגאַריען, רומיניען א. ז. וו. איבער וועלכע שטאָדט זיא דאַרף פאָהרען, האט זיא ניט געוואוסט, זיא האט נאר געוואוסט אַז דיא ערשטע שטאדט איז אַדריאַנאָפּאל פאר דעם לעצטען געלד איז זיא אין דער שטאט געקומען. —

דאָ אין דער פרעמדער שטאָדט אין דעם פרעמדען לאַנד, מיט פרעמדע שפּראַכען וואָס זיא האט אין איהר לעבען ניט געהערט

רֶעדֶען, הָאט זִיא גְעזֶעהֶען אַז זִיא אִיז אַ שְׁטוּמֶע, ־קַיין צְוֵויא טֶאג. אִיז זִיא דָא נִיט גֶעשְׁטַאנֶען, זִיא הָאט פַארְקוֹיפְט אַלֶע אִיהרֶע זַיידֶענֶע קְלֵיידֶער וָואס אִיהר בַּעַל־בַּיִת הָאט אִיהר גֶעגֶעבֶּען צוּא טְרָאגֶען בַּייא אִיהר אִין הוֹיז, אוּנ פַאר דֶעם גֶעלְד אִיז זִיא אִיבֶּערְגֶעפָאהרֶען גַאנְץ בּוּלְגַארְיֶען, וָואס עֶס אִיז נָאר גֶעוֶועזֶען אוֹיף אִיהר הָאט זִיא פַארְקוֹיפְט אוּנ פַאר דֶעם לֶעצְטֶען גְרָאשֶׁען הָאט זִיא זִיךְ קוֹים דֶערְשְׁלֶעפְּט אִין דֶער הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט פוּן רוּמִינְיֶען ־ בּוּקַארֶעשְׁט, –

דָא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט אִיהר אַלֶע מִיטְלֶען וַוייטֶער צוּא פָאהרֶען, עֶס הָאט נִיט גֶעהָאלְפֶען אִיהר טְרַאכְטֶען מִיט אִיהרֶע פְּלַאנֶען; דֶערְוַוייל זֶענִין שׁוֹין אַזוֹי אַוֶועק גֶענַאנְגֶען עֶטְלִיכֶע טֶאג אוּנ אִיהר בַּעַל בַּיִת־טֶע הָאט שׁוֹין גֶעמָאהנְט פַאר אִיהר בֶּעטֶעל פַאר עֶטְלִיכֶע נֶאכְטְלֶעגֶער,

אַיין מָאל וֶוען דִיא בַּעַל בַּיִת־טֶע אִיז זֶעהר צוּגֶעשְׁטַאנֶען זִיא זָאל אִיהר בַּאצָאהלֶען אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיף אִיהר קוּקֶען זֶעהר פֶערְדֶאכְטִיג, הָאט לֵאה אִיהר גֶעעֶנְטְוֶוערְט: „מָארְגֶען וֶועל אִיךְ אַייךְ בַּאצָאהלֶען, מָארְגֶען אָהן אַ תֵּירוּץ”, זִיא הָאט אִיהר עֶפִּים אַזוֹי פַארְזִיכֶערְט גֶעזָאגְט, אַז דִיא בַּעַל בַּיִת־טֶע הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אוּנ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּפְרִידֶען, ד. ה. פַארְזִיכֶערְט אַז מָארְגֶען וֶועט זִיא אִיהר בַּאצָאהלֶען.

אוּנ מֶערְקְוִוירְדִיג לֵאה אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען פַארְזִיכֶערְט אַז מָארְגֶען וֶועט זִיא אִיהר בַּאצָאהלֶען, הָאטְשׁ זִיא הָאט נָאךְ ־קַיין שְׁטִיקֶעל הָאפְנוּנְג נִיט גֶעהַאט וואו צוּא ־קְרִיגֶען גֶעלְד, פַאר וָואס זְשֶׁע הָאט זִיא אַזוֹי פַארְזִיכֶערְט אַז מָארְגֶען וֶועט זִיא גֶעוִויס בַּאצָאהלֶען?–זִיא הָאט אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט.

דֶער אָבֶענְד אִיז נֶעהנְטֶער גֶעוָוארֶען. נָאךְ דֶעם אָבֶענְד קוּמְט דִיא נַאכְט אוּנ נָאךְ דֶער פְרִיה מָארְגֶען, זֶעהר שְׁרֶעקְלִיךְ הָאט זִיךְ אִיהר פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דֶער מָארְגֶענְדִינֶער טָאג, זִיא הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען שְׁטַארְק בַּאטְרַאכְטֶען וָואס מֶען טְהוּט. דֶער מָארְגֶען זָאל נִיט זַיין אַזוֹי פַאר אִיהר שְׁרֶעקְלִיךְ.

– וואוּ אַהִין זָאל אִיךְ גֶעהֶען, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? הָאט זִיא זִיךְ אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט צוּם צֶעהנְטֶען מָאל, עֶס זֶענִין דָאךְ דָא אוֹיף דֶער וֶועלְט נָאךְ אַ סַךְ אַזוֹינֶע אָרִימֶע מֵיידְלִיךְ וִויא אִיךְ, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז זֵייא אַזוֹי נִיט שְׁלֶעכְט וִויא מִיר, דִיא הָאט אַ שְׁטֶעלֶע, דִיא גֶעפִינְט זִיךְ אַרְבֵּייט, עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ גוּטֶע מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען רַחֲמָנוּת, –

עֶס זֶענִין אִיהר אוֹיף גֶעקוּמֶען דִיא אַלֶע עֶהרְלִיכֶע גֶעדַאנְקֶען וֶועגֶען עֶהרְלִיךְ הָארֶעוֶוען אוּנ זִיךְ פַארְדִיעֶנֶען, פוּנְקְט וִויא אַמָאל חֶען זִיא הָאט

גֶעטְרַאכְט אֵיידֶער זִיא הָאט פַארְלָאזְט אִיהר שְׁטָאדְט ר. ; נָאר בַּאלְד הָאט זִיא זִיךְ מִיט גְרוֹיס שְׁרֶעקֶענִיס דֶערְמָאנְט וָואס עֶס הָאט זִיךְ אִין אָדֶעס אוֹיסְגֶעלָאזְט פוּן אִיהרֶע אַלֶע עֶהרְלִיכֶע גֶעדַאנְקֶען, פוּן אִיהרֶע אַלֶע שְׁטֶעלֶען.

– נֵיין אִיךְ וִויל נִיט קֵיין שְׁטֶעלֶען, אִיךְ וִויל נִיט אַז גוּטֶע מֶענְשֶׁען זָאלֶען אוֹיף מִיר רַחֲמָנוֹת הָאבֶּען, אִיךְ וֶועל בֶּעסֶער אָט דָא שְׁטַארְבֶּען פַאר הוּנְגֶער אֵיידֶער אָנְצוּקוּמֶען נָאךְ שְׁטֶעלֶען אוּנ צוּא יֶענֶעם נָאךְ טוֹבוֹת!

נָאךְ אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען אִיז אִיהר אוֹיף גֶעקוּמֶען אַ נַייעֶר גֶעדַאנְקֶען:

– בִּין אִיךְ דֶען אֵיינֶע, פַאר וָואס אַלֶע אִין מַיין לַאגֶע אִיז גוּט, זַייא בַּאקוּמֶען שְׁטֶעלֶען אוּנ זֶענִין צוּפְרִידֶען, זֶענִין זַייא דֶען עֶרְגֶער פוּן מִיר, בִּין אִיךְ דֶען עֶהרְלִיכֶער פוּן אַלֶע מֵיידְלֶעךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט?

זִיא הָאט זִיךְ אוֹיף דֶער פְרַאגֶע שְׁטַארְק פַארְטְרַאכְט אוּנ קֵיין עֶנְטְוֶוער זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט גֶעפִינֶען זִיא הָאט נָאר בַּאשׁוּלְדִיגְט זִיךְ אַלֵיין. פְּלוּצִים אִין דֶעם שְׁטִיקֶעל צוּבְרָאכֶען גְלָאז שְׁפִּיגֶעל וָואס עֶס אִיז אִיבֶּער אִיהר בֶּעט גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעקְלֶעבְּט אוֹיף דֶער וַואנְד הָאט זִיא דֶערְזֶעהֶען אִיהרֶע צְוֵוייא שֶׁאנֶע שְׁוַוארְצֶע אוֹיגֶען, אִיהרֶע דִינֶע לִיפֶּען, אִיהרֶע וַוייסֶע, וִויא פֶּערְל. צֶאהְן, אִיהרֶע שֶׁאנֶע הָאר. שׁוֹין זֵיהר לַאנְג אַז זִיא הָאט נִיט גֶעקוּקְט אִין שְׁפִּיגֶעל, שׁוֹין לַאנְג אַז זִיא הָאט אוֹיף זִיךְ קֵיין קוּק נִיט גֶעטְהוּן, זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען פַארְזִיכֶערְט אַז זִיא אִיז שׁוֹין אַזוֹי מִיאוּס, פַארְוִויסְט, פַארְפִינְסְטֶערְט, פוּנְקְט וִויא אִיהר וִויסְט פִינְסְטֶער מַזָל אִיז, זִיא הָאט נִיט עֶרְוַוארְטֶעט, זִיא זָאל נָאךְ אַזוֹי שֶׁאן אוֹיסְזֶעהֶען.

הָאטְשׁ פוּן אִיהר זַיין אִין קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל אִיז זִיא אַ סַךְ גֶעלְטֶער גֶעוָוארֶען. אָבְּגֶעצוֹיגֶען אוּנ מִיט אַיינְגֶעפַאלֶענֶע בַּאקֶען, אָהְן אִיהר שְׁטֶענְדִיגֶער אֵייגֶענֶער רוֹיטֶער פַארְבּ, נָאר דָאס אַלֶעס הָאט עֶפִּיס וִויא גֶעפַּאסְט צוּא אִיהרֶע גוּטֶע לֶעבֶּעדִיגֶע אוֹיגֶען.

חוּץ דֶעם הָאט לֵאה פוּן תָּמִיד אָן גֶעגְלוֹיבְּט דֶער וֶועלְט, וֶוען מֶען הָאט גֶעזָאגְט אַז זִיא אִיז שֶׁאן, זִיא הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעוואוּסְט אַז זִיא אִיז זֶעהר שֶׁאן, נָאר זִיא הָאט שׁוֹין לַאנְג וֶועגֶען דֶעם נִיט גֶעטְרַאכְט, שׁוֹין לַאנְג אָן דֶערִין פַארְגֶעסֶען, אִיצְטֶער וֶוען זִיא הָאט אַ קוּק גֶעטְהוּן אִין שְׁפִּיגֶעל הָאט זִיא זִיךְ דֶערְמָאנְט.

וִויא אַ שֶׁאן מֵיידִיל וֶוען זִיא בַּאקוּמְט פָּאקֶען זִיא שְׁטֶעהט אוֹיף

פון איהר קרענק אונ דערזעהט אין שפיגעל וויא איהר שאן פנים איז שרעקליך פארענדערט געוואָרען, פול מיט שטופלען, מיאוס!.. אזוי איז לאה אויך דערשראָקען געוואָרען ווען זיא האָט דערזעהן אַז זיא איז נאָך שאָן!

מיט גרויס ציטערניס האָט זיא זיך אָנגעהאָפּט ביים קאָפּ:

– אָט וואָס מיין אומגליק איז! אָט וואָס עס האָט מיך געבראַכט צוא אַזוינע גרויס אומגליקען אונ צרות! וואָרום ווען איך זאָל ניט זיין שאָן, וואָלט מיך קיינער ניט ליעב געהאַט ניט ער (זיא האָט געוויס געמיינט פיאדארן), עס וואָלט זיך מיט מיר נאָר ניט געטראָפען איך וואָלט איצט געוועזען איין עהרליך מיידיל גלייך מיט אַלע, אונ אפילו ווען עס זאָל זיך מיט מיר יאָ געוועזען עפּיס טרעפען וויא עס טרעפט זיך אונ עס וואָלט מיר אויסגעקומען שלעכט וויא אין דערצייט ווען איך בין געקומען קיין אָדעסע, וואָלט איך געקענט זיין אויף אַ שטעלע גלייך מיט אַלע מיידלעך איך וואָלט מיר מיין אַרבייט אָבגעהיט אונ קיינער וואָלט מיך ניט געטשעפּיט, קיינער וואָלט צוא מיר נאָר ניט געהאַט, ווען איך זאָל ניט זיין שאָן וואָלט איך דען איצטער געהאַט אַזוינע צרות וויא איך האָב? איך וואָלט געוועזען גליקליך, איך וואָלט זיך געגאַנגען ערגעץ קריגען אַרבייט, איך וואָלט געבעטען גוטע מענשען זייא זאָלען אויף מיר רחמנות האָבען אונ מיר געבען אַרבייט אַ שטעלע. –

– קיינער, קיינער וואָלט מיך ניט געטשעפּיט, מען וואָלט מיך געלאָזט רוהיג האָרעווען, רוהיג לעבען, קיינער וואָלט מיך ניט גע-שטערט עהרליך לעבען, אוי וויא אומגליקליך זענין מיר מיידלעך ווען מיר זענין אָרים אונ שאָן!... וואָס זאָל איך איצט טהון? געהן בעטען אימעצען ער זאָל קריגען פאַר מיר אַרבייט, וועט ער מיט חיטראָסט וויא אַפּוקס ווערען מיין בעל טובה'ניק, רחמנות האָבען אויף מיר, מיט-העלפען מיר אונ מיט אַ רחמנות פנים זאָגען מיר: „איין עבירה צוא פאַרשמירען אייערע ווייסע שאָנע הענדלעך". געהען אין אַ שטוב דיענען וועט זיך שוין געפינען דער בעל בית. אָדער דעם בעל בית קינדער וואָס וועלען רחמנות האָבען אויף מיר אונ צוא זאָגען גליקען, מיר שטערען מיין אַרבייט; קען איך דען פאַרגעסען וויא דיא אָדעסער בעל בית'טע האָט מיך מיט שאַנדע אַרויסגעטריבען; איין גאָט ווייסט דעם אמת אַז איך בין ריין, איך בין ניט שולדיג... ניין, לאָז זיין וואָס עס זאָל זיין איך וועל ניט בעטען קיין אַרבייט, איך וויל ניט זיין אויף קיין שטעלען

זיא האט געפיהלט וויא דער קאפּ דרעהט זיך איהר זעהר פון פיעל טראכטען אונ זיא איז אריינגעגאנגען צוא דער בעל הבית'טע אין קיך אביסעל זיצען, אין אוויוועון האט זיך נאך געהייצט, דיא בעל הבית'טע איז געווען פארנומען ביים אויוון אונ איהרע קינדערלעך האבען זיך געמוזט אליין שפּיעלען ביא דער טהיר, לאה האט שוין לאנג ניט געזעהען קיין קינדער, זיא האט זיך אויף זייא פארקוקט.

דאס עלטערע קינד, א יונגעלע פון א יאהר זיבען איז געזעססען רייטענדיג אויף איין אבגעבראכענעם שטעקעל פון דעם אויוון אונ מיט גרויס פרייד געשריגען צוא זיין קליין שוועסטערל פון א יאהר פינף:

– דוא פריידעלע זעץ זיך אזוי אנידער גוט אונ טרייב מיך אן, וועלען מיר גלייך אוועקפאהרען קיין רוסלאנד נאך סחורה, מיר וועלען קויפען דיא סחורה וועלען מיר פאהרען צוריק אהיים, דיא מאמע וועט אונז שרייבען בריעף אונ עס וועט זיין אזוי גוט! – נעם דיא ווישקע אונ האלט זייא שטארק, האט ער ווייטער געשריגען אונ האט איהר דערלאנגט דיא עקען פון צווייא לאנגע בענדעלעך וואס ער האט געהאלטען אין מויל. מיט גרויס פרייד אונ מיט א קוויטש וואס האט געהילכט איבער דער קיך וויא פון א זילבערן גלאקיל, האט פריידעלע אנגעהאפּט דיא עקען בענדעלעך, זיך אנידערגעשטעלט אויף רייטענדיג אין עק שטעקען, א שמיץ געטהון אויך מיט א בענדעל וואס האט גע-דיענט פאר א בייטש אונ מיט גרויס גדלות אויסגעשריגען: מאמעניא, זייא געזונד איך פאהר אוועק קיין רוסלאנד, איך וועל דיר שרייבען בריעף, גיב אכטונג אז מיין ליאלקע זאל ניט וויינען, אלע אין דער פריה זיא אנטהון, אויסצוואשען אונ אבוואשען, ווען איך וועל קומען צופאהרען וועל איך איהר ברענגען א סך מתנות, אבי זיא זאל ניט וויינען אז דיא מאמע פאהרט אוועק.

זיא האט ווייטער א מאך געטהון מיט דיא ווישקעס אונ שטעהענדיג אויף איין ארט האבען זייא ביידע אנגעהויבען שטארק טופּען מיט דיא פיסעלעך גאנצע צווייא מינוט, אונ דאס ברודעריל האט א געשריי געטהון: טפּלליא, שטעה, מען דארף דיא פערד שוין געבען עסען, ער האט ארויסגעלאזט פון מויל דיא בענדעלעך, זיא איז אוועקגעגאנגען אביסעל אין דער זייט פון דעם שטעקיל, ער האט געמאכט מיט דיא בענדעלעך אזא צערעמאניע פונקט וויא ער האדעוועט פערד, אונ זיא האט זיך אויף קאטאוועסען געזעצט וויינען: איך האב אין דער היים איבערגעלאזט מיין קינד (איהר ליאלקע) אויף הפקר, ווער וועט דאס זויגען, ווער וועט דאס וויקלען אז איך בין ניט דא, איבערגעלאזט עס אויף פרעמדע האנד. – האט ניט אויסגעפּועט צוא ענדיגען אלעס וואס

זיא האט געהערט פון איהר מאמין ערשט פאר אבטאגען ווען זיא איז אויף צווייא טאג אוועקגעפאהרען, אונ געוואלט איצט פונקט נאכמאכען האט שוין איהר בעל עגלה זיך אנגעשפאנט אין דיא בענדלעך אונ האט געשריען, ער קען ניט ווארטען ער מוז שוין פאהרען, עס איז שוין באלד נאכט, עס המארעט זיך אן אויף א רעגען, מען דארף גיבער קומען אין א קרעטשמע; דיא פארשוינען זענין ווייטער אוועק אלע צווייא מינוט זיך אבגעשטעלט בייא א נייער קרעטשמע אונ אין 15 מינוט ארום זענין זייא שוין צוריק געקימען פון רוזלאנד מיט דער איינגעקויפטער סחורה; פריידיטשקע איז וויא איין אבגעבריהטע, וויא א הייסע מוטער געפלויגען גלייך אונטערן מאפטשאן ארויסגעשלעפט דעם טאטענס: איין אלטען רעזינא וע־קאלאש, וואו עס איז געלעגען איינגעוויקעלט איהר ליאלקע, אונ פריידיטשקע האט זיך אויף קאטאוועסען צווינט פאר גרויס שמחה.

– אוי מיין ליעב קינד, איך האב דיך איבערגעלאזט אליין, אוי וועה איז מיר, זעהט גאר וואס פאר א פנים עס האט, איך קען עס גאר ניט דערקענען, מען האט עס אפילו איין מאל ניט געבאדען אונ ניט געוויקעלט וויא עס דארף צו זיין. –

וויא א געטרייע מוטער האט זיא אנגעהויבען איבערוויקלען דיא ליאלקע אונ דערבייא מיט א רחמנות פנים אנגענומען דאס קינד: ווייג ניט מיין טהייערע, דיא מאמע איז שוין געקומען, זיא וועט שוין קיין מאל ניט אוועקפאהרען, דו ביזט בייא מיר טהייערער פון אלעס. איך וועל דיך נאך אבבאדען אונ איינוויקלען דיך, וועסט דו זעהען וואס פאר א טהייערע מתנות איך האב דיר געקויפט, דערנאך האט פריידיטשקע זיא אנידערגעלעגט בייא זיך אויפין פאדעלעג אונ איהר געגעבען זויגען. ביזט אוודאי הונגעריג מיין טהייער קינד, זויג, בייא דער מאמען, איך בין זיך דיין מאמע. נאר וואס ווינסט דו? איך האב דאך דיר געבראכט א סך מתנות – אונ בעת מעשה האט זיא אנגעהויבען ארויסשלעפען פון דער קעשענע אלע איהרע שפילכלעך אונ אוועקגעשטעקט דער ליאלקע אונ ווייטער געגעבען זויגען, צוגעדריקט צום הארצען אונ מיט גרויס ליעבשאפט איהרע גרויסע שווארצע אייגעלעך פון איהר קינד ניט אראבגענומען. –

קיין שום אקטיאר איז ניט אזוי אין שטאנד ריכטיג נאכצומאכען סצענעס פון לעבען, וויא קינדער ווען זייא שפיעלען זיך, לאה האט זיך אזוי פארטראכט אויף זייער שפיעל, אז זיא האט פאר זיך געזעהען איהר קינד, וויא זיא האט עס איבערגעלאזט אליין אויף פרעמדע הענד, קיינער האט עס ניט צו זויגען, עס שרייעט, עס רייסט זיך, עס

לינט אין נאסע ווינדלעך, לאה האט געפיהלט דיא פרייד ווען דיא מוטער איז געקומען צוריק צוא איהר קינד! זיא האט געפיהלט וויא זיא דריקט צוא איהר קינד צום הארצען אונ זיא איז געוועזען גליקליך; נאר ווען פריידיטשקע האט צוריק דיא ליאלקע אנידערגעלעגט אין קאלאש, מיט א וויעגע־ליעדעלע עס פארוויעגט אונ ווען עס איז איהר סקיטשענע געווארען דיא שפיעל, האט זיא ווייטער דיא ליאלקע מיט דעם קאלאש פארדרוקט אונטער דעם טאפטשאן אונ צוגעלאפען צוא דער מוטער געבען אויוען, זיך צווינט וויא א קינד אז זיא וויל שוין עסען, דערנסטמאל האט זיך לאה דערמאנט, אז זיא איז נאך גאנץ ווייט פון איהר קינד!..

נאטט ווייסט וואס מיט איהר וואלט איצטער געשעהען, נאר זיא האט ארומגעחאפט פריידיטשקען אונ זיא שטארק געקושט, עס איז איהר געווארען א סך גרינגער, נאר פון דערסטוועגען איז זיא זעהר טרויעריג אוועקגעגאנגען צוא זיך אין שטיבעל. —

אין גאס איז שוין געוועזען גוט פינסטער, דער גאנצער הימעל איז שוין געוועזען אויסגעשטערנט, אלע לאמטערנעס פון דיא גאסען האבען שוין געברענט, לאה האט דורך איהר שמאל־פענסטער געקוקט אויף דער גאס, נאר איהרע געדאנקען זענין געוועזען ערגעץ אנדערש.

— בין איך ניט קיין נאר? איך טראכט, איך דרעה זיך דעם מוח וואו נעמט מען מארגען צום צאהלען דער בעל בית'טע; פריהער מיט א שעה האט זיך מיר אויסגעוויזען, ווען איך זאל האבען צוא באצאהלען דער בעל בית'טע וואלט איך געוועזען א גליקליכע, זיא וואלט מיר שוין ניט דאקוטשעט, איך וואלט געוועזען רוהיג; אוי, וויא פארגעס איך זיך! איז דאס דען מיין זארג? זארגען פאר א דירה! וואס טהו איך דען דא אין בוקארעסט אזוי לאנג? איך דארף דען דא בלייבען? איך פאהר דאך זיך א היים. איך האב זיך מיין גאנץ לעבען איינגעשטעלט אונ בין אנטלאפען איך זאל קענען קומען אהיים ציא מיין קינד!.. לאז זיין דארט מיט מיר וואס עס וויל זיך אבי איך זאל זיין שטענדיג מיט מיין קינד! וואס זשע טהו איך דא? אונ אז איך וועל שוין באצאהלען פאר קווארטיר, וואס זשע האב איך דא ווייטער צוא טהון, שטעלען וויל איך דא ניט זוכען! קיין טובות פון מענשען וויל איך ניט בעטען' וואס זשע וועט זיין דער סוף? גיין, איידער בעטען ביי יענעם טובות, איידער...

זיא האט זיך אנגעחאפט ביים קאפ אונ אויסגעשריען שטיל פאר דיא פיער וואנד: הונגער, קעלט, צרות אלעס בין איך אין שטאנד איבערצולייען, גאר ניט זיך ניט זעהען מיט מיין קינד, מיין קינד

זַאל זַיין אִין פְרֶעמְדֶע הֶאנְד, וֶוער וַוייסְט צוּא עֶס אִיז שׁוין בַּייא ר׳ זלמינען! פַאר מַיין קִינְד, פַאר מַיין קִינְד, אַלֶעס!...

זִיא אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין גַאס אַיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין דֶעם אֵיינְצִיגֶען שַׁאל וָואס זִיא הָאט פַארְמָאגְט.

לַאנְג הָאט זִיא זִיךְ גֶעדְרֶעהט אוֹיף דִיא טְרָאטוּאַרֶען פוּן דֶער בּוּקַארֶעשְׁטֶער גְרוֹיסֶער גַאס, אַ מָאל הוּנְדֶערְט הָאט זִיא זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט, עֶפֶּעס גֶעוָואלְט טְהוּן עֶפֶּעס גֶעוָואלְט זָאגֶען, נָאר זִיא הָאט נָאר נִיט גֶעטְהוּן, אוּנ אִיז וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען, נָאר פְּלוּצִים אִיז זִיא גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶן אוּנ הָאט אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אַ מַאנְן פוּן אַ יָאהר דְרַייסִיג זֵייעֶר רַייךְ גֶעקְלֵיידֶעט, עֶר הָאט זִיךְ בַּאלְד אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ גֶעוַוארְט וָואס זִיא וֶועט זָאגֶען, נָאר זִיא הָאט גֶעשְׁוִויגֶען; פַאר דֶעם לִיכְטִיגְקייט פוּן דִיא גַאס לַאמְטֶערְנֶעס הָאט עֶר נָאר גֶעזֶעהן וִויא זִיא אִיז זֶעהר בְּלַאס, צִיטֶערְט מִיט אַלֶע אֵבְרִים אוּנ שָׁאקֶעלְט מִיט דִיא לִיפֶּען, עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן קֶעשֶׁענֶע, אִיר גֶעגֶעבֶּען אַ נְדָבָה אוּנ אַלֵיין גִיךְ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען זַיין גַאנְג, לאה אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף אִיהר אָרְט שְׁטֶעהֶען, אוּנ אִיז אַבִּיסְל גֶעקוּמֶען צוּא זִיךְ פַאר שְׁרֶעק, זִיא אִיז שׁוין אַלֵיין, זִיא טְשֶׁעפֶּעט קֵיינֶעם נִיט; זִיא הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא הֶאנְד אוּנ גֶעזֶעהן פִינְף רוּמֶענִישֶׁע בַּאנִים (גָאלְדֶענֶע מַטְבֵּעוֹת) וִויא אֵיינֶער וֶוערְט שְׁטַארְק פַארְוואוּנְדֶערְט אוֹיף אַ זַאךְ וָואס זֶעהט דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל אִין לֶעבֶּען, אַזוֹי הָאט זִיא מִיט פַארְוואוּנְדֶערְטֶע אוֹיגֶען גֶעקוּקְט אִין דֶער זַייט וואו דֶער מַאנְן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנ נָאךְ אַ מָאל אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף דֶעם גֶעלְד אוּנ גֶעוואוּנְדֶערְט זִיךְ:

– עֶר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען גֶעלְד אוּנ אִיז זִיךְ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען? גֶעלְד גֶעגֶעבֶּען אוּנ וִויל גָאר נִיט פוּן מִיר? וואוּנְדֶערְלִיךְ!.. פַאר וָואס זְשֶׁע הָאט עֶר מִיר גֶעגֶעבֶּען?

זִיא הָאט זִיךְ אַזוֹי גֶעוואוּנְדֶערְט, וִויא גְלַייךְ זִיא זָאל זֶעהֶען אַ זַאךְ וָואס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ, וָואס קֶען גָאר נִיט זַיין אוּנ נִיט פָארְקוּמֶען. —

אוּמְגְלִיקְלִיכֶע! זִיא הָאט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אַז עֶס זָאל זִיךְ גֶעפִינֶען אַ מֶענְשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט וָואס זָאל אִיהר גֶעבֶּען אַזוֹי פִיעל גֶעלְד אוּנ גָאר נִיט וֶועלֶען פוּן אִיהר, זִיא הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן דֶעם אַלְטֶען לאַבּערבלאט, וִויא עֶר הָאט אִיהר גֶעגֶעבֶּען נָאךְ מֶעהר גֶעלְד אוּנ אוֹיךְ גֶעזָאגְט אַז עֶר הָאט נָאר רַחֲמָנוּת אוֹיף אִיהר. זִיא הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט לוֹיפֶען נָאךְ דֶעם מֶענְשֶׁען, אִיהם אַ וָוארְף טְהוּן דָאס גֶעלְד, נָאר זִיא הָאט אִיהם שׁוין נִיט גֶעקֶענְט גֶעפִינֶען.

זִיא אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף אִיהר קְוַוארְטִיר, אָנְגֶעצוּנְדֶען אַ לִיכְט,

דאס געלד אנידערגעלעגט אויף דעם טיש; אין דער ליכטיגקייט האט דאס געלד געבלישטשעט פאר איהרע אויגען, לאנג איז זיא אזוי געשטאנען איינגעשפארט מיט דיא עלענבויגען אויף דעם טיש, אונ זיך ניט אויפ-געהערט וואונדערן... פלוצים איז זיא רויטה געווארען אונ זיך שטארק פארשעמט; שטיל האט זיא געזאגט אז נאר דיא וואנד האבען געהערט: „דאס איז א נדבה!.. מען האט מיר געגעבען א נדבה אונ איך האב גענומען! אוי וויא פאסקודנע אונ ניט שאן דאס איז!“ —

ווען זיא האט נאך א מאל איבערגעצעהלט דאס געלד איז זיא זעהר פרעהליך געווארען: עס איז געוועזען פונקט צוא באצאהלען דער בעל בית'טע, עס איז נאך איבערגעבליבען אויף איין אנבייסען, זיא האט שוין עטליכע טאג ניט געזעהן קיין אנבייסען, נאר טרוקען ברויט. —

— אך, וויא גוט! דיא בעל בית'טע וועט מיך שוין ניט מאהנען, איך וועל זיין פרייא, איך וועל קענען ווייטער פאהרען, איך וועל שוין זיין נעהנטער אהיים, איך וועל מארגען עסען אנבייסען, עס איז מיר שוין אזוי טרוקען אין האלז... עס זענען נאך דא אזוינע גוטע מענשען וואס האבען רחמנות. א וויא שלעכט בין איך, איך האב מורא געהאט פאר מענשען וויא פאר ווילדע חיות. —

* *
*

„דער אנהויב איז תמיד שווער“ — לאה'ן איז זעהר געוועזען שווער צוא בעטען א נדבה, נאר דערנאך ווען זיא האט באצאהלט דער בעל בית'טע אונ געבליבען נאך עטליכע טאג אונ ניט געהאט מיט וואס צוא צאהלען (עס האבען זיך שוין מעהר ניט געפונען אזוינע גוטע מענשען וואס זאלען מיט אמאל געבען 5 באנים) אונ דיא בעל בית'טע האט זיא מעהר ניט געוואלט האלטען; דרעהענדיג זיך אויף דער גאס, האבען זיך געפונען דורכגעהער וואס האבען איהר געגעבען א נדבה, זיא איז געוועזען הונגעריג, שוואך, צובראכען אונ האט גענומען.

ווען א מענש פארנעמט זיך מיט עפעס א מלאכה ווערט ער באלד באקאנט מיט דיא בעלי מלאכות פון זיין צעך, אונ לעבט צווישען זייא. גיך האט זיך לאה באקאנט מיט דיא קבצנים אונ אביונים אונ ביסלעכווייז אנגעהויבען לעבען גלייך מיט זייא; קיין זאך איז ניט שווער פאר דעם מענשען, מען דארף זיך נאר געוואהנען, צרות אונ ארימקייט איבערטראגען איז אויך ניט אזוי שווער, מען געוואהנט זיך אויך דערצוא.

זיא איז אזוי געוואהנט געווארען מיט נדבות בעטען, מיט איהר

אֶבְיוֹנִישׁ לֶעבֶּען גְלַייךְ וִויא זִיא אִיז אַזוֹי גֶעבָּארֶען; אַ צוּקִינְפְט פוּן אִיהר לֶעבֶּען הָאט זִיא פַאר זִיךְ גָאר נִיט גֶעזֶעהֶען, זִיא הָאט קַיין צַייט נִיט גֶעהַאט דֶערְפוּן צוּא טְרַאכְטֶען; דֶער הוּנְגֶער, דָאס שְׁטֶענְדִיגֶע אַרוּמְיָאגֶען זִיךְ אִיבֶּער דִיא גַאסֶען אוּנ הַייזֶער נָאךְ נְדָבוֹת, הָאט בַּייא אִיהר צוּגֶע־נוּמֶען דִיא גַאנְצֶע צַייט, אַיין לִיכְטִיגֶער שְׁטְרַאהְל אִיז אִיהר גֶעבְּלִיבֶּען אִין אִיהר לֶעבֶּען – קוּמֶען אַהֵיים, זֶעהֶען אִיהר קִינְד, לֶעבֶּען מִיט אִיהר קִינְד. –

פוּן פָאהְרֶען אַהֵיים אִיז שׁוֹין קַיין רֶעדֶע נִיט, וואוּ הָאט זִיא גֶעהַאט גֶעלְד אוֹיף צוּא פָאהְרֶען? דִיא אַלֶע נְדָבוֹת דָאבֶּען אִיהר קוֹים גֶעטְרָאגֶען אוֹיף טְרוּקֶען בְּרוֹיט, נָאר אָרִימֶע לַייט זִיצֶען אוֹיךְ נִיט אוֹיף אַיין אָרְט, זֵייא רַייזֶען אוֹיךְ אִיבֶּער דֶער וֶועלְט, אָבֶּער נִיט מִיט קַיין פוּהְרֶען אוּנ בַּאהְנֶען, נָאר מִיט שְׁטֶעקֶענְס אִין דִיא הַאנְד אוּנ מִיט דִיא טָארְבֶּעס אוֹיף דִיא פְּלֵייצֶעס, אַזוֹי רַייזֶען זֵייא פוּן שְׁטָאדְט צוּא שְׁטָאדְט, פוּן דָארְף צוּא דָארְף, עֶנְטְוֶועדֶער קָאמְפַּאנְיֶעס־ווַייז אָדֶער אֵיינְצִיגְ־וַוייז, פְּרוּוֶען רַייזֶען נָאר מִיט דִיא קָאמְפַּאנְיֶעס;

לאה הָאט זִיךְ צוּגֶעשְׁלָאגֶען צוּא אַ קָאמְפַּאנְיֶע אֶבְיוֹנִים אוּנ אִיז מִיט זֵייא אַוֶועק פוּן בּוּקַארעשְׁט. –

אִיהר לֶעזֶער וֶועט זִיךְ שְׁטַארְק וואוּנְדֶערן וֶוען אִיךְ וֶועל אַייךְ דֶערְצֶעהְלֶען אַז לאה הָאט גֶערַייזְט פוּן בּוּקַארעשְׁט קַיין רוּסְלַאנְד אִין אִיהר גֶעבּוּרְשְׁטָאדְט ר... עֶפֶּעס מֶעהר פוּן צֶעהן יָאהר.

– צֶעהן יָאהר! וֶועט אִיהר פְרֶעגֶען פַארְוואוּנְדֶערְט, וֶוען מֶען זָאל אֲפִילוּ מִיט אָקְסֶען זִיךְ שְׁלֶעפֶּען, אָדֶער צוּא פוּס גֶעהן דַארְף מֶעהר נִיט גֶעדוֹיעֶרֶען וִויא עֶטְלִיכֶע חֳדָשִׁים, נָאר צֶעהֶען יָאהר!..

אִיךְ זָאל אַייךְ נִיט דַארְפֶּען אַ סַךְ בְּרַייטֶען מִיט לַאנְגֶע מַעֲשׂוֹת פַארְוָואס אִיהר רַייזֶע הָאט גֶעדוֹיעֶרְט 10 יָאהר, וֶועל אִיךְ אַייךְ דֶערְצֶעהְלֶען אַ קוּרְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן אַיין עֶמִיגְרַאצִיָאנֶע אָרִימַאנְן וָואס אִיז מִיר גוּט בַּאקַאנְט, וִויא אַזוֹי עֶר הָאט גֶערַייזְט פוּן דֶער שְׁטָאדְט קישינוב קַיין אָדֶעס.

אַיין מָאל וֶוען אִיךְ בִּין גֶעפָאהְרֶען קַיין קִישִׁינוֹב, הָאט מִיךְ אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאדְט בַּאגֶעגֶענְט מַיינֶער אַ בֶּן־עִיר אַיין אֶבְיוֹן, עֶר אִיז שְׁמוּצִיג גֶעגַאנְגֶען מִיט אַ שְׁטֶעקֶען אִין דֶער הַאנְד אוּנ מִיט אַ קְלוּמִיק צוּגֶעבּוּנְדֶען אוֹיף דִיא פְּלֵייצֶעס.

– שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם – עֲלֵיכֶם שָׁלוֹם, וואוּ גֶעהט אִיהר? הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעפְרֶעגְט.

– עֲלֵיכֶם שָׁלוֹם – שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם, אִיךְ גֶעה קַיין אדעס, הָאט עֶר מִיר

גֶעֶנְטְפֶערְט. עֶס הָאט זִיךְ מִיר דֶערְגֶעסֶען דָאס וִויכְטִיגְסְטֶע בְּרוֹיט, שְׁטֶעגְדִיג בֶּעטְלֶען; מֶען הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז מַיינֶער אַ נָאהֶנְטֶער קָרוֹב אִיז שְׁטַארְק רַייךְ גֶעוָוארֶען אִין אדעס, הָאבּ אִיךְ זִיךְ מְיַישֵׁב גֶעוֶועזֶען אוּנ גֶעה אַהִין טָאמֶער וֶועט עֶר מִיר הֶעלְפֶען מִיט עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלֶעךְ אִיךְ זָאל שׁוֹין מֶעהר נִיט דַארְפֶען בֶּעטְלֶען, אָדֶער עֶר וֶועט מִיר גֶעבֶּען עֶפֶּעס אַ שְׁטֶעלֶע. —

אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעגֶעבֶּען אַ נְדָבָה, גֶעווּאוּנְשֶׁען אִיהם אַ גְלִיקְלִיכֶען וֶועג אוּנ מִיר הָאבֶּען זִיךְ צוּשֵׁיידֶעט.

שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ יָאהר בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען אִין קיעוו, פְּלוּצִים גֶעפֶענְט זִיךְ דִיא טְהִיר פוּן מַיין אַכְסַנְיָא אוּנ עֶס קוּמְט אַרַיין דֶער אֵיינֶער, מַיין בַּאקַאנְטֶער קַבְּצָן אוּנ בֶּעט בַּייא דִיא אוֹרְחִים אַ נְדָבָה. מִיר הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד דֶערְקֶענְט. —

— שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם — עֲלֵיכֶם שָׁלוֹם, וָואס טְהוּט אִיהר דָא אִין קיעוו?

— עֲלֵיכֶם שָׁלוֹם — שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם, אִיךְ טְהוּ דָא גָאר נִיט, אִיךְ גֶעה נָאר דוּרְךְ אִיבֶּער דֶער שְׁטָאדְט, אִיךְ גֶעה קַיין אדעס.

אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן אוּנְזֶער פַארְאַיָאהְרֶעדִיג בַּאגֶעגֶענֶעשׁ אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאדְט קישינוב.

— אִיהר זֶענְט זִיךְ דַאכְט מִיר פַארְאַיָאהְרֶען גֶעגַאנְגֶען קַיין אדעס, וָואס אִיז וַוייטֶער קַיין אדעס? הָאט אֵייךְ אַייעֶר אוֹיפְגֶעקוּמֶענֶער קָרוֹב עֶפֶּעס גֶעגֶעבֶּען?

— אִיךְ בִּין נָאךְ אִין אדעס נִיט גֶעוֶועזֶען, אִיךְ בִּין נָאךְ אִיצְט אִין וֶועג — גָאטט זָאל הֶעלְפֶען עֶר זָאל רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף מִיר אוּנ מִיךְ שְׁטִיצֶען מִיט עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלֶעךְ, וָאלְט אִיךְ שׁוֹין אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען דִיא וִויסְטֶע פַּרְנָסָה.

אִיךְ הָאבּ אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט אַ פָּאר פַארְווּאוּנְדֶערְטֶע אוֹיגֶען אוּנ אִיהם גֶעפְרֶעגְט:

— נָאךְ זֶענְט אִיהר אִין אדעס נִיט גֶעוֶועזֶען? נָאךְ זֶענְט אִיהר אִין וֶועג? מִיר דַאכְט זִיךְ אַז וֶוען אִיהר זָאלְט אֲפִילוּ צוּא פוּס גֶעהֶען אוּנ זִיךְ אוֹיסְשְׁלָאפֶען אוּנ אָבְּרוּהֶען אִין וֶועג, דַארְף אוֹיךְ פוּן קישינוב קַיין אדעס מֶעהר נִיט גֶעדוֹיעֶרֶען וִויא 3 וָואכֶען; אוּנ וִוידֶער וואוּנְדֶערְט מִיךְ נָאךְ מֶעהר, וִויא הָאט אִיהר גָאר אָנְגֶעשְׁפַּארְט קַיין קיעוו, פוּן דַאנֶען אִיז זִיךְ צֶעהן מָאל וַוייטֶער קַיין אדעס וִויא פוּן קישינוב, אַ פָּנִים אִיהר זֶענְט גֶעגַאנְגֶען צוּרִיק, צוּא וָואס? אוֹיבּ אִיהר וֶועט אַזוֹי שְׁטֶעגְדִיג גֶעהֶען צוּרִיק, קֶענְט אִיהר אַזוֹי גֶעהֶען טוֹיזֶענְד יָאהר אוּנ קַיין מָאל נִיט זֶעהֶען אדעס מִיט אַייעֶר רַייכֶען קָרוֹב.

עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעשְׁפַּארְט אוֹיף זַיין לַאנְגֶען וֶועגְס שְׁטֶעקֶען, אַרָאבְּגֶעלָאזְט דֶעם קָאפּ אוּנ מִיט אַ זִיפְץ מִיר גֶעעֶנְטְפֶערְט:

יָא צוּרִיק, גוּט אִיז אַייךְ דָאס צוּזָאגֶען „צוּרִיק" אוּנ זִיךְ אַזוֹי־ יאוּנְדֶערן וָואס אִיךְ גֶעה שׁוֹין אַ יָאהר ־קיין אדעס אוּנ בִּין עֶרְשְׁט ־אַרְקְרָאכֶען אִין דֶער זַייט ־קיין בּוּיבֶּערִיג־קיין קיוֹב, גוּט אִיז אַייךְ דָאס צוּא זָאגֶען אוּנ אִיהר מֶעגְט זִיךְ טַאקֶע וואוּנְדֶערְן וֶוען פַאר אַייךְ זֶענִין דָא בַּאהָגֶען מִיט בַּעֲלֵי עֲגָלוֹת, וַוארִימֶע פֶעלְצֶען, מַלְבּוּשִׁים מִיט פַארָאכָאלֶען, וָואס הִיט אַייךְ אָב פוּן רֶעגֶען פוּן קֶעלְט אוּנ פוּן נֶעץ, פַאר אַייךְ זֶענִין דָא וַוארִימֶע אַכְסַנְיוֹת מִיט אָנְגַעבַּייסֶענְס אוּנ וֶועטְשֶׁערֶעס, וַוייכֶע אוֹיסְגֶעבֶּעטֶע בֶּעטְלֶעךְ וואוּ אִיהר קֶענְט אָפְּרוּהֶען אַייעֶרֶע אַיינְגֶעטְרֶעסֶעלְטֶע בֵּיינֶער; אַזוֹי וָואלְט אִיךְ גֶעקָאנְט קוּמֶען אִין אֵיין טָאג ־קיין אדעס; בַּייא אוּנְז קַבְּצָנִים אִיז עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ, מִיר הָאבֶּען נִיט ־קיין בַּאהָגֶען מִיט בַּעֲלֵי עֲגָלוֹת, מִיר הָאבֶּען נִיט ־קיין קְלֵיידֶער, ־קיין אַכְסַנְיוֹת מִיט אָנְבַּייסֶענְס אוּנ בֶּעטְלֶעךְ, מִיר לָאזֶען זִיךְ אַרוֹיס אִין וֶועג. מֶען גֶעהט אָב עֶטְלִיכֶע וֶוערְסְט בִּיז אִין דֶער עֶרְשְׁטֶער קְרֶעטְשְׁמֶע, אוּנ אוֹיף אוּנְזֶער וִויסְט מַזָל מוּז גֶעהֶען אַ שְׁלַאק רֶעגֶען, אָדֶער אַ שְׁנֶעע, אַ זְשֶׁעלֶעדֶע אָדֶער אַזוֹי אַ צָרָה אוּנ מֶען וֶוערְד אִיבֶּערְגֶעפְרוֹירֶען בִּיז אִין דִיא בֵּיינֶער, דִיא פִּיס הַאקֶען אוּנ שְׁלֶעפֶּען זִיךְ קוֹים אוּנ פוּן דֶענְסְט־ וֶועגֶען וָואלְט מֶען גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער, נָאר דִיא שְׁלֶעכְטֶע פַאגָאדֶע הַאלְט אַזוֹי עֶטְלִיכֶע טָאג אוּנ אַמָאל צְוֵוייא וָואכֶען, מוּז מֶען אִיבֶּערְוַוארְטֶען אִין דֶעם נָאהֶנְסְטֶען דָארְפִיל אָדֶער אִין שְׁטֶעדְטֶעל, דֶערְנָאךְ גֶעהט מֶען וַוייטֶער אָב עֶטְלִיכֶע וֶוערְסְט אוּנ מֶען וָואלְט אֶפְשַׁר וַוייטֶער גֶעקֶענְט גֶעהֶען, נָאר דִיא פִּיס וֶוערֶען גֶעשְׁוָואלֶען, דָאס גַאנְצֶע לַייבּ טְהוּט וֶועה, אַלֶע בֵּיינֶער בְּרֶעכֶען; דָאס קוּמְט אַלְץ פוּן נִיט עֶסֶען פוּן נִיט רוּהֶען, פוּן פַארְקִילֶעכְטְסֶען אוּנ פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע שְׁלֶעק אוּנ צָרוֹת, מוּז מֶען שׁוֹין אִין נָאהֶנְסְטֶען שְׁטֶעדְטֶעל אַרַיין אִין אַ הֶקְדֵשׁ. אוּנ אַז אַיין אָרִימַאן אַז עֶר וֶוערְט קְרַאנְק וֶוערְט עֶר אַנְדֶערְשׁ נִיט גֶעזוּנְד, בִּיז עֶס גֶעהט אִיבֶּער אַלֶע קְרַיינְקְהַייטֶען — אַזַא טְהַייעֶר מַזָל הָאבֶּען מִיר קַבְּצָנִים! מֶען קֶען אָבְּלִיגֶען אַ גַאנְץ יָאהר, אַ הַאלְבּ יָאהר אוּנ נִיט וִוינְצִיגֶער וִויא דְרַייא חֲדָשִׁים. וֶוען מֶען וֶוערְט שׁוֹין גֶעזוּנְד אוּנ מֶען גֶעט אַרוֹיס אוֹיף דֶער גַאס וִויל מֶען דָאךְ וַוייטֶער עֶסֶען, גֶעהט מֶען דֶערְוַוייל אַרוּם אִין שְׁטָאדְט עֶטְלִיכֶע וָואכֶען מַאכֶען עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁענְס אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנ וֶוען מֶען קְלַייבְּט זִיךְ שׁוֹין אַרוֹיסְלָאזֶען אִין וֶועג וֶוערְט מֶען גֶעוָואהר אַז אִין צְוֵוייא וָואכֶען אַרוּם מַאכְט אַ גְבִיר אַ חֲתוּנָה אוּנ מֶען וֶועט טְהֵיילֶען צוּא רוּבֶּל אוּנ צוּא צְוֵוייא רוּבֶּל חוּץ אַ גוּטֶער וֶועטְשֶׁערֶע וָואס מֶען קֶען זַיין זַאט עֶטְלִיכֶע טָאג, גְלוּסְט זִיךְ נִיט אַוֶועקְגֶעהן, מֶען קֶען נִיט אַרוֹיס־ וַוארְפֶען דָאס אוּמְרֵיינֶע וַואסֶער אֵיידֶער מֶען הָאט דָאס רֵיינֶע; אֵיידֶער וָואס מַיין בַּייכֶער קָרוֹב וֶועט מִיר אַמָאל הֶעלְפֶען אוּנ אֶפְשַׁר נִיט, דֶערְוַויי־

גֶעלוּסְט זִיךְ נִיט אַװֶעקְװַארְפֶען אַ מְזוּמָן קֶערְבֶעל מִיט אַזַא װֶעטְשֶׁערֶע, אוּנ װֶער װֵייסְט טָאמֶער װֶעט מֶען בַּייא דֶעם גְבִיר מֶעהר טְהֵיילֶען, בְּלַייבְּט מֶען אִיבֶּער אוֹיף צְװֵייא װָאכֶען, װֶען דֶעם גְבִיר'ס חֲתוּנָה לֶעגְט מֶען פְּלוּצִים װַייטֶער אָב אוֹיף צְװֵייא װָאכֶען װַארְט מֶען נָאךְ אוּנ עֶס װֶערְט שׁוֹין פִיעֶר װָאכֶען, װָארוּם אַז מֶען הָאט שׁוֹין אַזוֹי פִיעֶל גֶעװַארְט, גְלוּסְט זִיךְ שׁוֹין נִיט אַװֶעקְגֶעהן מִיט גָאר נִישְׁט.

פְּלוּצִים אִין װֶעג װֶערְט מֶען גֶעװָאהְר אַז װֶען מֶען זָאל אָנְלֵייגֶען אָן דֶער זַייט 10 װֶערְסְט, קֶען מֶען נֶעמֶען אַ רוּבֶּל אַ נְדָבָה, װַייל אִין יֶענֶעם שְׁטֶעטְטֶעל אִיז דֶער גְבִיר שְׁטַארְק קְרַאנְק אוּנ מֶען זָאגְט אַלֶע טָאג תְּהִלִּים, מֶען בַּאצָאהְלְט אַלֶע טָאג אוּנ חוּץ דֶעם טְהֵיילְט מֶען אַלֶע טָאג נְדָבוֹת, הַיינְט װֶען עֶר װֶעט שְׁטַארְבֶּען װֶען מֶען אַװַדַאי טְהֵיילֶען צוּא דְרַייא רוּבֶּל! אַזוֹינֶע צוּפַאלֶען פַאר אוּנְז אֶבְיוֹנִים טְרֶעפֶען זִיךְ זֶעלְטֶען, דַארוּם װֶען עֶס מַאכֶען זִיךְ אַזוֹינֶע צוּפַאלֶען, קֶען מֶען זֵייא נִיט אָבְלָאזֶען אוּנ מֶען גֶעהט אַהִין, חָאטְשׁ עֶס קוּמְט אוֹיס װִיא אִיהר זָאגְט „צוּרִיק" אָדֶער אִין דֶער זַייט; בִּכְלַל אַז אַיין אָרִימַאנְן קוּמְט אִין אַ שְׁטָאדְט, קֶען עֶר פְרִיהֶער פַאר עֶטְלִיכֶע װָאכֶען זִיךְ נִיט אַרוֹיסְקְלוֹיבֶּען, װַייל מֶען מוּז זִיךְ מַאכֶען עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען אוֹיף דֶעם װֶעג, אִין אַיין טָאג קֶען אַיין אָרִימַאנְן אַזוֹי פִיעֶל נִיט מַאכֶען. אָט בִּין אִיךְ פַארְבְּלָאנְזֶעט גֶעװָארֶען קִיין קיעװ, אִיךְ בִּין שׁוֹין דָא צְװֵייא װָאכֶען אוּנ קֶען מִיךְ נָאךְ נִיט אַרוֹיסְקְלוֹיבֶּען, חָאטְשׁ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גֶעמַאכְט אוֹיף דֶעם װֶעג, נָאר װִיא אַזוֹי לָאזְט מֶען זִיךְ אַרוֹיס אִין װֶעג אַז מִיךְ הָאט דָא דֶער װִינְטֶער פְּלוּצִים פֶערְהַאלְטֶען אִיךְ קֶען זִיךְ נִיט אַרוֹיסְלָאזֶען נַאקֶעט אִין װֶעג װָארוּם אִיךְ װֶעל גֶעװִיס פַארְפְרוֹירֶען װֶערֶען. קִיין אָרִימֶע לַייט גֶעהֶען נִיט אִין װֶעג, אוּם װִינְטֶער, אִיךְ װֶעל שׁוֹין מוּזֶען אָבְּװַארְטֶען בִּיז עֶס װֶעט קוּמֶען דֶער לִיעבֶּער װַארֶעמֶער זוּמֶער, װֶען דִיא װֶעלְט אִיז אֲפִילוּ פַאר אוּנְז אוּמְגְלִיקְלִיכֶע אוֹיךְ אָפֶען.

װֶען עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט, הָאבּ אִיךְ זִיךְ שׁוֹין אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּא װוּאנְדֶערְן פַאר װָאס עֶס אִיז שׁוֹין בַּייא אִיהם אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען אַ יָאהר אוּנ עֶר אִיז נָאךְ אִין װֶעג.

שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ יָאהר צְװֵייא הָאט מֶען מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אַז מֶען הָאט מַיין בֶּעקַאנְטֶען אֶבְיוֹן גֶעזֶעהֶען אִין קאװנא אוּנ עֶר הָאט דָארְט אוֹיךְ דֶערְצֶעהְלְט אַז עֶר פָאהְרְט קִיין אדעס.

שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ יָאהר פִינְף הָאבּ אִיךְ אִים װַייטֶער בַּאגֶעגֶענְט אִין אדעס, אוּנ װֶען אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעפְרֶעגְט װֶען עֶר אִיז אַהֶער גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט עֶרְשְׁט נֶעכְטֶען, אוּנ װִיא עֶר הָאט מִיר דֶערְנָאךְ

איבּערגעגעבּען האָט זײַן רײַזע פון קישינעוו קיין אדעס געדויערט אַ חשבון פון 7 יאָהר!

אויסהערענדיג וויא ער האָט מיר נאָך אַמאָל פּאָדראָבּנע דערצעהלט זײַן גאַנצע רײַזע, האָב איך איהם געגלויבּט אַז בּײַ אַיין אביון קען געדויערן 7 יאָהר פון קישינעוו קיין אדעס און מען האָט זיך ניט וואָס צוא וואונדערן.

זײַנע לעצטע ווערטער צוא מיר זענין געוועזען.

— אַז מען זאָל אונז קבּצנים גלויבּען און זיך ניט וואונדערן אויף אַזוינע זאַכען פון אונזער לעבּען, מוז מען זײַן אַליין אַ קבּצן און איבּערטראָגען אונזערע אַללע צרות און שלעק; עס איז דאָ אַ סך אָרימע לײַט אויף דער וועלט וועלכע עס לעבּט זיך בּיטער, פינסטער און שלעכט, נאָר ניט בּײַא אַללע איז עס גלײַך.

איך האָב מײַן בּאַקאַנטען אָרימאַנן קיין מאָל ניט פאַרגעסען און איצטער ווען איך דערצעהל אַז בּײַא לאה האָט געדויערט דיא רײַזע פון בּוקארעשט קיין רוסלאַנד מעהר פון 10 יאָהר, האָב איך זיך אויך דערמאָנט אָן מײַנע בּאַגעגענישען מיט מײַן אומגליקליכען בּן־עיר.

* *
*

וויא דיא לעזער געדענקען פון אָנהויבּ ערצעהלונג איז לאה געקומען צופאָהרען אַהיים קיין ר... מיט דעם עמיגראַציאָני אָרימאַנן וואָס האָט זיך געשלעפּט מיט אַ פערד אין בּײַדעל אָנגעפּאַקט מיט זײַן ווייבּ און קינדערלעך, בּריינגע דעם אָרימאַנס ווייבּ, האָט בּאַגעגענט לאה'ן אין וועג עטליכע ווערסט פון ר... צופוס געהן, זיא האָט אויף איהר רחמנות געהאַט און גענומען בּײַא איהר 10 קאָפּ. פאַר שכר עגלה און דאָס מיידעל איז גלײַך פאַרפאָהרען אין הויף פון דער קלויז.

## 18

# אַ פרעמדע שלעפּער צווישען היימישע אביונים

וויא לאה איז נאָך „דרײַצעהן יאָהר געקומען אַהיים" איז אויספיהרליך דיא לעזער בּאַקאַנט פון דעם זיבּעטען קאַפּיטאַל צווייטער טהייל פון אונזער ערצעהלונג.

לאָמיר פאַרגעסען אָן דיא דרײַצעהען יאָהר וואָס לאה האָט

איבערגעלעבט, עס איז ניט כדאי זייא צוא געדענקען, זייא זענין פינסטערע, שלעכטע, ביטערע דרייצעהען יאהר, לאמיר זיך אומקעהרען אויף אונזערע אלטע ערטער – אויף דער טונקלער שווארצער ארימער גאס–אויף דער „טויטער גאס" טאמער, וועט דא זיין אביסעל ליכטיגער–ליכטיגער פאר דער אומגליקליכער לאה'ן, זיא האט שוין לאנג ניט געזעהען פאר זיך דיא שיין...

ביטער האט זיא נאך אמאל באוויינט ר' זלמן'ס טויט; ברײנגע דיא ארימע יודענע מיט וועלכער זיא איז אנגעקומען קיין ר... האט זיא געטרייסט, געזאגט אז דאס וואס גאט נעמט צוא האט מען ניט וואס צוא וויינען, ובפרט נאך אויף איין אלטען יודען נאך אז.י פיעל יאהרען, ער איז שוין אודאי איבערגעקומען אלעס אונ איז שוין איצטער אין גן עדן; לאה איז אויפגעשטאנען פון דער ערד זיך אויסגעוואשט די אונגעוואוג איז ארויסגעגאנגען פון שולהויף, גענומען זיך אין/דער לינקער זייט גלייך אויף דער „טויטער גאס"; אלין איז איהר דא געוועזען גוט בעקאנט גאר ווינציג איז פארענדערט געווארען דיא גאס אין דיא דרייצעהן יאהר, אלין די אייגענע ארימע שטיבלעך, דיא אייגענע שמאלע, קרומע פארמיסטיגטע גאסלעך וויא אמאל–דאס אייגענע ארימקייט וויא אמאל, אונ וואו האט מען געזעהען דארט וואו עס איז ארימקייט זאל זיך פארענדערען? דארט איז תמיד אלין איינס...

ווען זיא האט זיך ארויף אויף דעם בארג האט זיא דערזעהען דאס לאנגע הויז „דיא ראבע מורליקע".

– אונ דארט אין עק, האט זיא געזאגט צוא זיך. וואהנט מיין טאכטער, מיין רייזעלע, מיט איהר וועל איך איצט געפינען שיינדלען, זיא וועט איהר דערצעהלען אז איך בין איהר מוטער, זיא וועט אליין דערקענען אז איך בין איהר מוטער אונ וויא גליקליך וועלען מיר זיין!...

דיא אויגען זענען איהר געווארען גרעסער פאר פרייד, אללע איהרע וויימיגען האבען זיך וויא פארהיילט, זיא איז וויא יונגער געווארען, נאר אין הארצען האט איהר עפיס שטארק געדריקט–זיא האט שוין ניכער געוואלט איהר טאכטער צודריקען צום הארצען אונ קוקען אזוי אויף איהר אייביג, אייביג.

– זיא דארף זיין זעהר שאן, האט זיא ווייטער געטראכט געהענדיג, איך געדענק נאך וויא היינט, ווען איך האב זיא איבערגעלאזט מיט אזוינע גרויסע שווארצע אויגען, אזוינע ווייסע הענדלעך, ווייסער פנימל–גאר א שאנע ליאלקע, איצט דארף זיא זיין נאך שאנער–זיא איז אויסגעוואקסען. ארימע שיינדעל! דיא ארימע יודענע האט מיר

דערצעהלט אז זייא ביידע געהען שטענדיג צוזאמען אין דיא הייזער וואס פאר א גאלד דאס איז, זיא האט אויך קיין מינוט ניט אוועקגעווארפען מיין טאכטער, מיט וואס קען איך איהר באצאהלען דערפאר? איך בין אזוי ארים!... איך וועל זיין איהר מוטער, זיא וועט זיין מיין עלטסטע טאכטער, איך האב צווייא קינדער!...

זיא איז כמעט צוגעלאפען צוא דעם ארט וואו ר' זלמינע האט אמאל געוואהנט אונ האט זיך אבגעשטעלט... קיינער איז דא ניט דא. דאס פריהריגע פענסטער איז איינגעוואלעט, אינווייניג איז אנגעשיט א בארג ערד, ניט דא קיין טהיר, קיין אריינגאנג אונ ניט קיין ארויסגאנג, עפיס נאר א גרויסע לאך פון איין אלטען קעלער, וואס קיין מענש האט איהם ניט געגראבען, נאר עפיס דיא נאטור אליין האט געמאכט דיא נארע, אדער א גרויס וואסער האט זיך דא געפונען א וועג. — זיא האט זיך דערשראקען פאר דער אלטער חורבה, זיא האט זיך אליין ניט געגלויבט צוא א מענש האט דא אמאל געטרעטען אונ געוואהנט.

— יא ר' זלמינעס וואהנונג האט א פנים וויא זיין איצטיגער קבר. נאר וואו זענין דיא קינדער.

זיא האט זיך אנגעהויבען דרעהען ארום דער לאנגער שטוב, טאמער וועט זיא פארט געפינען ר' זלמינס שטיבעל, טאמער האט זיא א טעות געהאט, נאר זיא איז טאקע ווייטער צוריק געקומען צוא דער אייגענער חורבה אונ טרויעריג באטראכט וואס עס קען ווערען פון איין ארט וואו מענשען האבען געוואהנט; אין דעם חורבן האט זיא זיך געזעהען וויא אין א שפיגעל:

— פון מיר איז דען ניט אזוי געווארען?... נאר וואו זענין מיינע קינדער, מיין איינציגע האפנונג אין לעבען?

דיא נאכט האט זיך אנגערוקט אונ איבער דער טויטער גאס האבען זיך אויך אלע מאל אנגעהויבען אנרוקען וויא שווארצע חמארעס ארימע לייט, זייא געהען פון דער שטאדט אהיים, פרייא פון זייער הארעוואניע.

וויא די טשערעדע זומער פון פעלד, פון דער געדיכטער פאשע (גראז) מיט פולע אייטערס לויפט אהיים אנזויגען איהר קעלבעלע אונ צוא געבען ווארימע מילך פאר איהר בעל-בית'טעס קינדערליך וואס זענין אויך געקומען פון זייער טשערעדע-פון הדר אויך פארהארעוועט, אזוי זענין איצט געלאפען טשערעדעס ווייז ארימע לייט פון זייער פעטער פאשע (דיא שטאדט) מיט פולע קעשענעס אהיים צוא זייערע קליינע קינדער.

זייא אַלײן זענין איצט זאט, וואָרום וויא האָט יעדער אָרימאַנן צווייטען צוואַנציג הײזער ניט אויסגעגעבעטען אײן גוטען אָנבײסען, צווייטען צעהן יאָהרצייטען אַ לאַנגען טרונק בראָנפען? דיא פיעלע קעסטענעס מיט דיא טאָרבעס פול מיט שטיקלעך ברויט, עטליכע גראָשענס אונ אַ צווייא אַלטע זאַכען טראָגען זייא פאַר זייערע קינדער.

לאה האָט זיך צוגעקוקט אונ צוגעהערט צוא דער טאָלפּא אָרימע לײט, טאָמער וועט זיא צווישען זייא דערקענען האָטש שיינדלען, דיא אָרימע לײט האָבען אויף איהר אויך געקוקט, דערקענט איהר אַז זיא איז אַ פרעמדע, אײניגע האָבען וועגען איהר געבאַרמאָטשעט אונטער דער נאָז.

— אַ' אַ וויטער נײע זלידנעס, וואָס פאַר אַ שנעע פאַרטראָגט זייא אַהער, פונקט וויא מיר שעפּען דאָ גאָלד אונ עס איז הי דאָ וועניג קבצנים, וואָס פאַר אַ רוח טראָגט זייא צוא אונז?

— קוקט נאָר אָן וויא זיא קוקט זיך אַזוי אומעטום אַרום, פונקט, וויא זיא איז דאָ געקומען צוא איהר טאַטענס וויינגערטנער.

— נישט קשה, איהר קוקט אָן וויא זיא קוקט איצט אַזוי אויף אונז מיט אַ רחמנות פּנים, האָט נאָר רחמנות אויף דיא בראָדיאַגעס, וועט איהר זעהען אַז דערנאָך וועט זיא נאָך מיט עזות זיך שטופּען פריהער פון אײך אין דיא טהירען אויסהאַפּען דיא בעסטע נדבה, איך קען שוין גוט דיא לײט!...

— אוי האָב איך פײנט אָט דיא לײט, אָט דיא בראָדיאַגעס, טאָמער ווייסט איהר וואָס זייא שלעפּען זיך אַרום אונ קומען צוא אונז, פאַר וואָס קומען מיר ניט צוא זייא? נאָר אומשטײנס געזאָגט, זייא זענין אַזוינע פרעסערס אונ האָבען אַזוינע גרויסע אויגען אַז עס איז זייא קאַרג דיא גאַנצע וועלט אונ זייא לויפען נאָך צוא אונז אויך פאַרכאַפּען נדבות, מען דאַרף זייא טרייבען. וויא דיא הינד זייא זאָלען פאַרזאָגען דעם צעהנטען צוא אונז מעהר ניט צוא קומען, קוקט נאָר אָן וויא זיא קוקט זיך אום אויף אונז נאָר אויפצועסען.

— איך זאָג אײך אַז מען דאַרף אַרויסשטעלען אַ צווייא אונזערע ווייבער זייא זאָלען איהר זאָגען אַז זיא זאָל זיך אַוועקגעהן אַהין פון וואַנען זיא איז געקומען, מיר האָבען אונזערע אײגענע אַלע מאָל נײע גענונג, נאָר וואָס זאָלען מיר טהון זיי זענין פאַרט אונזערע, זייא זענין דאָ געבוירען, זייא האָבען דאָ עלטערן אונ פריינד, אָבער פרעמדע?...

לאה האָט אַלע מאָל געפּריוואָט אָבשטעלען אימעצען פון דיא אָרימע, זייא פרעגען וואו וואָהנען ר' זלמן'ס קינדער, נאָר דיא אָרימע לײט האָבען זיך וויא מיט כעס אונ מיט גדלות אַוועקגעקעהרט פון איהר.

איידער די ארימע לייט מיט די פולע קעשענעס זענען געקומען צו זייער היים, זענען שוין זייערע קינדער געלאפען אנטקעגען מיט א ליארעם און פרייד, ווי די פליגען זענען זיי אנגעפאלען אויף די פולע קעשענעס און טארבעס און זיך ארויסגענומען וואס יעדער האט נאר דערטאפט. איינינע קינדער האבען זיך באגנינעגט דערמיט וואס זיי האבען געפונען און איינינע האבען זיך געשלאגען איבערן ביסען, ד. ה. דער האט דערטאפט א ווייס שטיקעל בולקע אדער א שטיקעל בייגעלע און דער נאר א שווארץ דאר שטיקעל ברויט, דאס קינד פון דעם שווארצען שטיקעל ברויט האט זיך געפונען באליידיגט און זיך געשטעלט שלאגען מיט די ברידערלעך און שוועסטערלעך וואס האבען געהאט דאס גליק צו דערטאפען ווייסע שטיקלעך בולקע, די עלטערן האבען זיך געמוזט אריינמישען און צוטהיילען קיינעם זאל ניט זיין אביד'נע און אלע קינדער זענען ווייטער פרעהליך געלאפען פאר זייערע עלטערן פריהער.

לאה האט אויף די עלטערן געקוקט מיט גרויס קנאה, אלע זענען אזוי גליקליך ארומגערינגעלט מיט קינדער, עס איז זיי פרעהליך, נאר זי איז אליין, קיינער טאנצט ניט ארום איהר, זי איז איינע אויף דער וועלט.

גאט! ווי גליקליך וואלט זי זיך געפיהלט ווען זא זאל אזוי קומען אבינד צייט פון דער שטאדט מיט פולע קעשענעס און טארבעס און איהר רייזעלע, שיינדעלע זאלען זיי אזוי פרעהליך ארומשטעלען און האפען, זיך קריגען און שלאגען און זאל צווישען זיי צוטהיילען אלע קעשענעס און מאכען צווישען זיי שלום!...

א סך ארימע לייט מיט זייערע קינדער האבען זיך געלאזט גלייך געהען צו דער „ראבע מורליטשקען", איינינע פאר א גראשען פארקאכען א טשייניק טהעע, די-צו קויפען פאר צוויי גראשען אביסעלע בראנפען אויף איינצוטרייבען דעם שטערן פון דעם שלאפען קינד, די-גלאט אביסעל דארט אזוי זיצען ביי א ליכט און הערען נייעס ביז מען וועט זיך דארפען לעגען שלאפען, ווארום אין דער היים וועט מען זיך מוזען זיצען אין דער פינסטער, קיין ליכט איז ניט דא, קויפען פאר א גראשען א ליכט איז ניט כדאי, ווען מען קען פארשפארען, אהן א ליכט קען מען לעבען און אהן האלץ אין שטוב קען מען ניט לעבען, פאר דעם גראשען מיט נאך א גראשען וועט מען בעסער קויפען א שייטעל האלץ, וועט מען קענען צוזידען אביסל אקרופ. און אין שטוב וועט אויך זיין ווארעם און ליכטיג...

– וואו וָואהנְט דָא ר׳ זלמינע? הָאט לאה אָבְגֶעשְׁטֶעלְט אַיין אַלְטֶע יודֶענֶע וָואס אִיז קוים גֶעגַאנגֶען אויף אַ קוּלֶע אָנְגֶעשְׁפַּארְט,

– וָואס? הָאט דִיא אַלְטֶע אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט, וִויא עֶפֶּעס פַארְוואוּנְדֶערְט אָדֶער וִויא נִיט דֶערְהֶערְט.

– ר׳ אברהם זלמינע וָואס הָאט גֶעוְואהנְט אויף דֶער טוּיטֶער גַאס אוּנְטֶער אַיין דַאךְ מִיט דֶער „ראבע מורליטשקע״, אָט דָא אִין ווִינְקֶעל, –

אויף אִיהר עֶטְלִיכֶע מָאל אִיבֶּערְפְרֶעגֶען הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט עֶטְלִיכֶע אָרִימֶע לַייט אוּנ הָאבֶּען צוּלַאכְט אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייעֶן דֶער טוֹיבֶּער אַלְטֶער אִין בֵּיידֶע אוֹיעֶרֶן:

– הַא, הַא! זִיא פְרֶעגְט אַייךְ אַלְטִישֶׁקֶע אויף אוּנְזֶער ר׳ זלמינען, זִיא הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט וֶוען אִיהר אַלְטִיטְשֶׁקֶע זֶענְט אַמָאל אַ מויד גֶעוֶועזֶען, וִויא אִיהר זֶענְט אַ כַּלָּה גֶעוָוארֶען אוּנ גֶעשִׁיקְט דֶעם חָתָן אַיין אויסְגֶענֶעהטֶען תְּפִלִּין-זֶעקֶעל אוּנ עֶר אַייךְ אַ „קָרְבָּן מִנְחָה״ אִין אַ קֶעלְבֶּענֶער בּוּנְד, וִויא אִיהר הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט אוּנ גֶעשְׁטֶעלְט אַ חוּפָּה אויף דֶעם בֵּית הַקְּבָרוֹת דִיא חָלֶערְיֶע זָאל אויפְהֶערֶען אוּנ כְּלֵי זֶמֶר הָאבֶּען גֶעשְׁפִּיעלְט אוּנ מֵתִים הָאבֶּען גֶעטַאנְצְט...

– אַוֶועק שְׁקָצִים, וָואס לָאזְט אִיהר מִיךְ נִיט דוּרְכְגֶעהן דִיא גַאס, הָאט דִיא אַלְטֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּטְרַייבֶּען דֶעם עוֹלָם מִיט אִיהר קוּלֶע, שֶׁעמְט אַייךְ! וָואס לַאכְט אִיהר פוּן אַיין אַלְטֶער יודֶענֶע, אִיהר וֶועט אַלֵיין זַיין אַלְט, לַאכְט נִיט פוּן קַיין אַלְטֶע קְרַאנְקֶע לַייט מֶען זָאל פוּן אַייךְ אַמָאל נִיט לַאכֶען.

– הַא, הַא דִיא פְרֶעמְדֶע יודֶענֶע פְרֶעגְט אַייךְ אויף ר׳ אברהם זלמינע וואו עֶר וָואהנְט, הָאבֶּען וַוייסֶע חֶבְרָה גֶעשְׁרִיגֶען.

– וָואס-זְשֶׁע הָאט מֶען צוּא לַאכֶען? אַ פְרֶעמְדֶע יודֶענֶע פְרֶעגְט דַארְף מֶען אִיהר עֶנְטְוֶוערְן.

– נָאר אִיהר הָאט פַארְגֶעסֶען אַז ר׳ זלמינע אִיז שׁוֹין לַאנְג גֶעשְׁטָארְבֶּען. –

– נָא וָואס זְשֶׁע אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען לָאז עֶר זַיין אִין גַן עֵדֶן, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ טְהַייעֶרֶער יוּד, עֶר מֶעג אַוַודַאי אַרַיין גְלַייךְ אִין גַן עֵדֶן, עֶר אִיז שׁוֹן אַוַודַאי זַיינְס אִבְּגֶעקוּמֶען, עֶר זָאל זַיין אַ גוּטֶער מֵלִיץ אויף כָּל יִשְׂרָאֵל.

לאה הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּא טְהוּן, זִיא וָואלְט עֶרְגֶעץ אַנְטְלָאפֶען אַבִּי נִיט הֶערֶען דָאס גֶעלֶעכְטֶער אויף אִיהרֶע צָרוֹת. נָאר דֶער עוֹלָם אוּנ וַוייסֶע חֶבְרָה הָאבֶּען זִיךְ אַרוּמְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ וַוייטֶער זִיךְ גֶעוָוערְטֶעלְט אִיבֶּער אִיהר.

— זיא מיינט עס זענין אמאליגע יאהרען וואס ווער א ליאדע איז נאר אנגעקומען פלעגט מען קומען צוא ר׳ זלמינען אונ ער האט געמאכט נדבות פאר דעם וואס האט נאר א קרום פנים געמאכט, ניין שוועס־טערוניא, איצטער מאך אליין פיסלעך איבער דיא טהירען וועסט דוא זיכען א טעם וויא זיך ארומשלעפען אין א פרעמדע שטאדט יענעם איבערשלאגען.

— איך בין ניט געקומען אהער צוא בעטען נדבות, אייך קאליע מאכען, האט לאה אנגעהויבען וויינען, –פון דיא צעהן יאהר ארומגעהן צווישען ארימעלייט, האט זיא געוואוכט וויא שלעכט עס איז צוא זיין א קאנקורענט ביא ארימעלייט, זיא האט געקענט דאס אביונישע לעבען מיט אלע פיכטשעווקעס גלייך מיט זייא - וואס לאכט איהר פון מיר? איך וויים אליין אז ר׳ זלמינע איז שוין פון א יאהר צעהן גע־שטארבען, איך בין ניט געקומען צוא איהם, איך דארף האבען צוא זיינע קינדער, איך האב צוא זייא א בריעף...

דיא אלטע איינגעהויקערטע יודענע אז זיא האט דערהערט וויא דיא פרעמדע יודענע וויינט, האט זיא אזוי אנגעהאפט ביים הארצען אונ איז אזוי אין כעס געווארען אויף דעם עולם אונ ווייסע חברה וואס האט זיא ארומגעשטעלט אז זיא האט געחאפט איהר קולע אונ וויא א יונגע פון א יאהר 17 האט זיא אנגעהויבען ארומהויפען אונ צוא טרייבען דעם עולם, ניט געקוקט אויף קיינעם אונ דערלאנגט קלאפ ווער עס האט זיך נאר פאפאדעט אונטערן קולע.

מיט א גרויס געלעכטער, אז דיא אלטע איז לעבעדיג געווארען אונ שפרינגט מיט דער קולע, איז דער עולם זיך ביסלעכווייס צולאפען.

* *
*

דיא נאכט האט זיך נאך מעהר אנגערוקט אונ עס איז פינסטער געווארען, דער עולם אריכע לייט אונ דיא אבגעריסענע ווייסע חברה זענין זיך שוין אוועקגעגאנגען פון דער אלטער יודענע מיט דער פרעמדער שלעפערקע-זייא ביידע זענין געבליבען אליין. לאה האט געזעהען אין דער אלטער יודענע איהר גוטען מלאך, מיט גרויס רחמנות אונ מיט פיעל ליעבשאפט האט זיא געבעטען דיא אלטע יודענע זיא זאל זיך אנשפארען אויף איהר אקסעל, זיא וועט זיא פיהרען אהיים, וויל זיא האט געזעהען וויא זיא איז זעהר שוואך פון דעם ראנגלען זיך מיט איהר שטעקען קעגען דער ווייסע חברה.

– פִירְט מִיךְ צוּא עֶרְגֶיץ, אִיךְ ווִיל זִיךְ פְרִיהֶער אָנְשְׁפַּארֶען, זִיךְ אַבִּיסְל אָפְּרוּהֶען, אִיךְ בִּין מִיעד.

מִיט שְׁטִילֶע טְרִיט הָאט זִיא לאה צוּגֶעפִירְט צוּא דֶער פְּרִיזְבֶּע פוּן דֶער לַאנְגֶער שְׁטוּבּ אִין דֶעם ווִינְקֶעל וואוּ ר׳ זלמינע הָאט אַמָאל גֶעוואוֹינְט, דָארְטֶען הָאבֶּען זִייא זִיךְ בֵּיידֶע גֶעזֶעצְט, דִיא אַלְטֶע יוּדֶענֶע הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען:

– אוֹיף ווֶעמֶען פְרֶעגְט אִיהר דָא, לִיעבֶּע פְּרֶעמְדֶע יוּדֶענֶע?

– דָא הָאט אַמָאל גֶעוואוֹינְט ר׳ זלמינע עֶר אִיז שׁוֹין גֶעשְׁטָארְבֶּען, דָאס ווֵייס אִיךְ, נָאר בַּייא אִים אִיז גֶעווֶעזֶען אַיין אֵיינִיקֶעל אַ מֵיידִיל, אוֹיף אִיהר פְרֶעג אִיךְ.

– ר׳ זלמינע, עֶר זָאל הָאבֶּען דֶעם לִיכְטִיגֶען גַן עֵדֶן, אִיז שׁוֹין גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט זִיא גֶעעֶנְטְווֶערְט מִיט אַ זִיפְץ, נִיט דָא שׁוֹין מֶעהר אַזוֹינֶע יוּדֶען, אַוַדַאי ווֶען עֶר זָאל לֶעבֶּען ווָאלְט אִיךְ זִיךְ אוֹיף דֶער עֶלְטֶער זִיךְ נִיט אַרוּמְגֶעשְׁלֶעפְּט אַזוֹי קְרַאנְקֶערְהֵייט אוֹיף דֶער גַאס, ווֶען אִיךְ פְלֶעג זַיין קְרַאנְק פְלֶעגְט עֶר מִיר הֶעלְפֶען, מַאכֶען פוּן מַיינְטְווֶעגֶען אַ נְדָבָה, אִיךְ בִּין שְׁטֶענְדִיג אַ קְרַאנְקֶע אִיךְ קֶען זִיךְ נִיט אַרוּמְדְרֶעהֶען אַ גַאנְצֶע טָאג אִיבֶּער דֶער שְׁטָאדְט, מַיינֶע קְרַאנְקֶע פִיס שְׁלֶעפּ אִיךְ קוֹים, ווָאס ווָאלְט אִיךְ דֶען גֶעווָאלְט פוּן דֶעם ווָאס לֶעבְּט אֵייבִּיג, ווֶען אִיךְ זָאל זַיין גֶעזוּנְד אוּנ קֶענֶען גֶעהֶען, עֶס ווָאלְט דָאךְ מִיר גֶעווֶעזֶען גוּט גְלַייךְ מִיט אַלֶע, אִיךְ ווָאלְט אוֹיךְ גֶעקֶענְט אַרוּמְגֶעהן אִיבֶּער דִיא הַייזֶער אוּנ גֶעמַאכְט נְדָבוֹת, נָאר זִינְט ר׳ זלמינע אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז מִיר אַוַודַאי שְׁלֶעכְט אוּנ דָא בַּאלְד אִיז מִיר נָאךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען מַיין אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער, בִּין אִיךְ אַוַדַאי גֶעווָארֶען אוּמְגְלִיקְלִיךְ, מַיין בְּלִינְדֶער אֵיידֶעם ווָאס זִיא הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, גֶעהט זִיךְ אַלֵיין אַרוּם אִין דִיא הַייזֶער, עֶר מַאכְט מֶעהר פוּן אַלֶע אוּנ ווִיל פוּן מִיר אֲפִילוּ נִיט ווִיסֶען, מִיר גָאר נִיט הֶעלְפֶען, הַיינְט גֶעה הָארֶעווֶע אוֹיף קִינְדֶער אוּנ הָאבּ זִייא! צְווֵייא אֵיינִיקְלֶעךְ ווָאס זֶענִין גֶעבְּלִיבֶּען פוּן מַיין טָאכְטֶער ווָאלְטֶען מִיךְ אֶפְשַׁר גֶעהָאדֶעווֶעט, זֶענִין זֵייא אוֹיךְ נִיט דָא, זֵייא זֶענִין אַווֶעק אִין דֶער ווֶעלְט אַריין מִיט אַ דוּבְּרַייזֶער אַ פְּרֶעמְדֶען שְׁלֶעפֶּער, נָאר קַיין מָאל אִיז מִיר אַזוֹי שְׁלֶעכְט נִיט גֶעווֶעזֶען זִינְט ר׳ זלמינעס אֵיינִיקֶעל מִיט רייזעלען זֶענִין אַווֶעקְגֶעפָאהרֶען...

לאה הָאט אַ צִיטֶער גֶעטְהוּן, עֶס הָאט אִיהר אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרֶעסְלֶען ווֶען זִיא הָאט דֶערְהֶערְט דֶעם נָאמֶען פוּן אִיהר טָאכְטֶער, נָאר זִיא הָאט דִיא אַלְטֶע נִיט גֶעווָאלְט אִיבֶּערְשְׁלָאגֶען, זִיא הָאט קוֹים גֶערֶעדְט, הָאט זִיא מוֹרָא גֶעהַאט זִיא זָאל אוֹיפְהֶערֶען צוּא רֶעדֶען. לאה הָאט ווַייטֶער גֶעהֶערְט:

– ווען זייא פלעגען קומען פון דער שטאדט, פלעגען זייא איך קומען צוא דער באבען, איהר געבען א שטיקעל בולקע, א שטיקעל צוקער אונ א מאל א גראשען, ברענגען אלע חודש פאר דער באבען אין פארדיכט העמד, נאר זינד זייא זענין אוועקגעפאהרען בין איך געבליבען וויא אויף דעם וואסער.

– שוין לאנג אז זייא זענין אוועקגעפאהרען?

– איך געדענק ניט אקוראט, דאכט זיך שוין עטליכע חדשים! בייא מיר איז שוין וויא עטליכע יאהר, זייא האבען פארגעסען אן דער באבען, זייא שיקען מיר גאר ניט אונ שרייבען גאר ניט, נאר לאז זייא גאט מוחל זיין.

– זייא זענין אייערע אייניקלעך וואס זייא רופען אייך באבע?

– ניין איך האב רייזעלען כמעט אויפגעצויגען אויף מיינע הענד אונ זיא האט מיך אנגערופען באבע, האט מיך שוין שיינדעלע אויך גערופען באבע, זייא האבען זיך ביידע זעהר ליעב, וויא אייגענע שוועסטער.

– זייא זענין דען ניט קיין שוועסטער? האט לאה געפרעגט זיא האט פערשטאנען אז פון דער פראגע וועט איהר דיא אלטע יודענע שוין מוזען אלעס דערצעהלען, זיא האט קיין טעות ניט געהאט.

– ניין, דיא מעשה איז אזוי געוועזען, שיינדעלע איז טאקע פו-תמיד אן ר' זלמינעס אייניקעל איך געדענק נאך איהר מאמע ע"ה זיא זאל האבען דעם ליכטיגען גן עדן, אונ רייזעלע איז א פרעמד קינד, פון איין ארים קראנק ווייביל, נאר אזוי וויא ר' זלמינע ע"ה פלעגט זיך שטענדיג אבגעבען מיט ארימע לייט, האט ער דאס קינד גענומען צוא זיך, אונ ווייל דיא קראנקע מוטער האט עס ניט געקענט זויגען, האט ער מיין טאכטער ע"ה וואס האט דענסטמאל געזויגען א קינד געדונגען זיא זאל צוזויגען דאס קינד, רייזעלע איז בייא מיין טאכטער געוועזען 2 יאהר אין שטוב, א גאנצע טאג פלעגט זיא זיין אויף מיינע הענד, נאר ווען מיין טאכטער איז געשטארבען האט זיא שיינדעלע גענומען צוא זיך, אזוי האט זיא רייזעלען ליעב געהאט, אונ דארין איז שוין גאנץ לאנג אוודאי צעהן יאהר, וואס נאך דעם איז געוועזען געדענק איך שוין ניט, איך בין שטענדיג קראנק אונ בין געזעסען אין שטוב, זייא פלעגען קומען צוא מיר אללע אבענד אונ מיך אנהאדעווען אונ זענין זיך אוועקגעגאנגען, גאר דא מיט עטליכע חדשים צוריק, איידער זייא זענין אוועקגעפאהרען זענין זייא ביידע געקומען צוא מיר, אזוי פרעהליך אזוי שאן אנגעטהון מיט נייע ציצענע קליידלעך אונ זאגען מיר: באבוניא מיר פאהרען אוועקייקע פון דער

„ראבע מורליטשקע" האט געפונען פאר אונז אללע דבייא (עס איז געקומען מיט זייא נאך עפיס א פרעמד מיידיל) א שטעללע, מיר האבען שוין געזעהען אונזער בעל-ביתטע אונ מיר זענען איהר געפעללען, זיא זאגט אז עס וועט אונז זיין גוט בייא איהר, מיר זאללען איהר נאר פאלגען אונ ארבייטען אין שטוב. באבונגיא, מיר וועלען שוין ניט ארומגעהען אין דיא הייזער בעטען, מיר וועלען הארעווען, מיר וועלען געהען שאן אנגעטהון מיר וועלען פארדיענען אללע חודש צוא 8 רובל אונ מיר וועלען דיר אויך שיקען באבונגיא, דוא וועסט זיך שוין דינגען א ווארים שטיבעל אונ אלע טאג זיך קאכען א יויכעל, דאס מיידיל זאגט אויך אז עס איז גוט צוא דיענען בייא יענעם איידער ארומגעהען איבער דיא הייזער, „בעטען איז פאסקודנע" זאגט זיא, איך האב זיך געפרייט אונ געוויינט, זייא האבען מיר אוודאי באנג געטהון, וויא אזוי וועל איך זיין אליין אהן זייא, נאר אז גאטט האט זייא געהאלפען אז חייקע האט געפונען פאר זייא אויך א שטעללע, פאר וואס זשע ניט, איך האב זייא פיעל געקושט, זייא האבען אויך געוויינט אונ זענען אוועקגעפאהרען.

ווען לאה האט נאר דערהערט חייקעס נאמען - אז חייקע האט רייזעלען מיט שיינדעלען געגעבען א שטעללע, איז זיא דערציטערט געווארען פון שרעק, א פראסט צוזאמען מיט א גרויסען שווייס האט זיא דורכגענומען, זיא האט געפיהלט וויא זיא ווערט אהן מאכט, זיא האט זיך מיט אללע כחות געשטארקט, נאר זיא האט ניט געקאנט, זיא איז אראבגעפאללען פון דער פריזבע, עס האט געגעבען א קלאפ, דער אלטער יודענעס שטעקען איז פון שרעק ארויסגעפאללען פון איהרע הענד אונ זיא האט אנגעהויבען מיט אללע כחות צוא שרייען.

אין דער נאכט איז געוועזען נאך ניט שפעט, א סך זענען נאך געזעסען נעבען זייערע פריזבעס אונ בייא דער ראבער מורליטשקע אין שענק, דיא גאנצע טויטע גאס איז זיך כמעט אנגעלאפען, לאה איז געלעגען אויף דער ערד כמעט טויט, מען האט זיא אוועקגעטרא- גען אין שענק, דארט האט מען זיא אנגעהויבען רייבען מיט בראנפען, ביז זיא איז עטוואס געקומען צוא זיך, נאר זיא האט ניט געקענט רעדען, ד'א אויגען האבען זיך אין איהר געריהרט, חייקע האט זיך געדרעהט ארום איהר וויא א פרומע בבאיטע מיט א רחמנות פנים, לאה האט זיא דערקענט אונ געמאכט מיט דיא הענד אונ עפיס געמאכט מיט דיא ליפען וואס קיינער האט ניט פארשטאנען.

פיעל האבען זיך געווערטעלט וועגען דער פרעמדער שלעפערין.

דיא האבען געזאגט אז זיא קען זיין שכור, אדער זיא האט זיך צופיעל איבערגעגעסען אין א בעל־בית'שער קיך א. ז. וו., דערוויל האט מען געלאכט פון אללע ווייטען און וויא באלד זיא האט נאר געעפענט דיא אויגען זענען אללע אוועקגעגאנגען פון איהר, לאה איז געלעגען אין ווינקעל מיט דעם פנים צוא דער וואנד נאר דיא אלטע יודענע מיט איהר שטעקען איז ניט אוועקגעגאנגען פון איהר.

– יודען, דיא פרעמדע יודענע איז זעהר קראנק, האט אנגעהויבען שרייען דיא אלטע יודענע, דאס גאנצע פנים און דאס גאנצע לייב פייערט איהר, זיא קען אפילו ניט רעדען, מען דארף זיא אוועקפיהרען אין שטאדט אריין. חייקע האט אויך אנגעהויבען זאגען, אז זיא וויל זיא ניט איבערלאזען ביא זיך איבער דער נאכט זיא זאל ניט האבען קיין אומגליק, מען זאל זיא ארויסטראגען פון קרעטשמע.

– וואס זשע זאלען מיר טהון אז וויא א שלעכטע קומט צוא אונז, אפילו שטארבען קומען זיא אויך צוא אונז? דער גוטער יאהר' ווערט זיא ניט נעמען, איין אביונטע ווערד פון טויט לעבעדיג, ווייזט איהר נאר א קופערנעם גראשען מיט א פרישער בולקע ווערט איהר זעהען וויא זיא ווערט זיך אויפכאפען, זיא ווערט נאר קיין מורא ניט האבען פאר אונז היימישע לייט.

דיא אלטע יודענע האט אבער ניט אויפגעהערט צוא שרייען:

– לאז איימיצער לויפען אין שטאדט צוא ר' שמואל בער, ער איז היינט דער צווייטער גבאי אין הקדש, לאז ער געבען א צעטעל מען זאל זיא אריינלאזען.

– באלד פליהען מיר, עס איז קארג דיא טהירען, נאך איין הקדש אנגרייטען פאר אלערליי פרעמדע שלעפערס! עס איז פאך אונז אויך דארט קיין ארט ניט דא איבער דיא פרעמדע, וואס וועלען מיר טהון אז אונז וועט זיך פארגלוסטען שטארבען?

דיא אלטע האט ניט אויפגעהערט צוא פילדערן:

– וואס ווילט איהר זיא זאל שטארבען אויף דער גאס, לאזט זיא האט'ש שטארבען אין א שטוב, האט דיא אלטע געשריען. חייקע האט זיך שטארק דערשראקען צוא האבען פלוצים א מת אין שטוב, און האט געשענקט צווייא שכורים צווייא טרונק בראנפען מען זאל זיא ארויסטראגען פון שענק, דיא אלטע האט געארבייט מעשים, עס האט ניט געהאלפען מען האט זיא צוזאמען מיט לאה'ן ארויסגעשטופט פון שענק. –

זיא האט אנגעהויבען וויינען און בעטען מען זאל זיך אויף דער

אוּמְגְלִיקְלִיכֶער מְרַחֵם זַיין אוּנ הָאט׳ש זִיא אַוֶועקְטְרָאגֶען אִין שְׁטָאדְט, דֶענְסְטְמָאל וֶועט ר׳ שְׁמוּאֵל בֶּער אַלֵיין גֶעבֶּען אַ קְוִויטֶעל אִין הֶקְדֵשׁ אַרַיין, לָאז זִיא נִיט שְׁטַארְבֶּען אוֹיף דֶער גַאס.

– וָואס הָאט אִיהר אַזוֹי מוֹרָא? הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אֵיינֶער וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר אִין כַּעַס אוֹיף דִיא פְרֶעמְדֶע אָרִימֶע לַייט, דֶעם מַלְאַךְ הַמָוֶת וֶועט נִיט אַנְטְשְׁטֶעהן אוֹיף דֶער גַאס, מִיט אַיין אֶבְיוֹן שְׁטֶעהְט אִיהם אָן אֲפִילוּ אוּנְטֶער דֶער בָּאד אוֹיךְ, אוּנ טָאמֶער נִיט – אִיז עֶר נִיט קְלֵיין צוּא וַוארְטֶען בִּיז אִין דֶער פְרִיה, וָואס פַאר אַ רוּהַ וֶועט זִיךְ גֶעהֶען שְׁלֶעפֶען מִיט אִיהר בַּייא נַאכְט, אוּנ ווִידֶער אִין דֶעם הִיגֶען הֶקְדֵשׁ לָאזט מֶען נִיט אַרַיין בַּייא נַאכְט; ר׳ שְׁמוּאֵל בֶּער וֶועט גָאר בַּייא נַאכְט נִיט גֶעבֶּען קֵיין קְוִויטֶעל, וָואס וְשֶׁע זָאלֶען מִיר זִיךְ נָאךְ שְׁלֶעפֶּען בַּייא נַאכְט, לָאז זַיין מָארְגֶען. –

דִיא אַלְטֶע יוּדֶענֶע הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶס וֶועט גָאר נִיט הֶעלְפֶען, דִיא פְרֶעמְדֶע וֶועט מוּזֶען אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען דִיא גַאנְצֶע נַאכְט אוֹיף דֶער גַאס, אִיז זִיא גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטִיל אֵייף עֶטְלִיכֶע מִינוּט, זִיא הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּא טְהוּן, פְּלוּצִים אִיז אִיהר עֶפֶּעס אַיינְגֶעפַאלֶען: זִיא הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בַּאזוּכֶען לַאה׳ן אִין אַלֶע קֶעשֶׁענֶעס אוּנ הָאט גֶעפוּנֶען אִין, אִיהר הֶעמְד פַארְבּוּנְדֶען צוּנוֹיפְגֶעקְנִייטְשְׁטֶע צְוֵוייא רוּבֶּל. מִיט גְרוֹיס פְרֵייד הָאט זִיא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דָאס גֶעלְד אִין דֶער לוּפְטֶען:

– גַאנְצֶע צְוֵוייא רוּבֶּל הָאט זִיא, דִינְגְט מִיר אַ פוּהְרִיל אוּנ דָאס אִיבֶּרִיגֶע נֶעמְט זִיךְ, אִיךְ וֶועל אַלֵיין מִיט אִיהר פָאהְרֶען נֶעמֶען אַ קְוִויטֶעל אִין אַ הֶקְדֵשׁ. צְוִוישֶׁען דֶער הָאפְטֶע אָרִימֶע לַייט אִיז גֶעוָוארֶען אַ גַאנְצֶע שִׂמְחָה, אִין אַ הַאלְבֶּער שָׁעָה אַרוּם הָאט מֶען גֶעבְּרַאכְט אַ פוּהְרִיל, אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט לַאה׳ן מִיט אַלֶע אִיהְרֶע שְׁמַאטֶעס אוּנ אַרוֹיפְגֶעזֶעצְט דִיא אַלְטֶע יוּדֶענֶע מִיט אִיהר שְׁטֶעקֶען אוּנ גֶעהֵייסֶען צוּפָאהְרֶען צוּא ר׳ שְׁמוּאֵל בֶּערס שְׁטוּב.

פַאר דֶעם אִיבְּרִיגֶען גֶעלְד, הָאבֶּען זִיךְ דִיא אֶבְיוֹנִים צוּהוּלֶעט בַּייא חייקען אִין שֶׁענְק.

הַיינְט זֶעהט אִיהר שׁוֹין וֶוער דִיא פְרֶעמְדֶע שְׁלֶעפֶּערְס זֶענֶען, אַלֵיין מַאכֶען זֵייא קְנִיפְלֶעךְ מִיט גֶעלְד אוּנ קוּמֶען צוּא אוּנְז אוֹיסְבֶּעטְלֶען אוּנְזֶערֶע נְדָבוֹת.

19

# אַ בליק צוריק

אַביסל צוריק, צוריק, ליעבע לעזער, איהר געדענקט ווען אין דאָרף סטעפּקיווקע איז געוועזען דער פּאָגראָם, לעמילס טאָכטער די שיינע רחל איז אַנטלאָפען, די גאַנצע נאַכט געבלאָנזעט אין פעלד, ערשט אויף מאָרגען האָט זיא באַגעגענט אונזער באַקאַנטער בעל עגלה גאדיל דער רויטער פון דער ראבער מורליקע, זיינע פּאַרשוינען האָבען אויף איהר רחמנות געהאַט און זיא מיטגענומען.

נאָר ניט דאָס בין איך אויסען. איהר געדענקט וויא צווישען די פּאַרשוינען איז געוועזען איינער אַ יונגער מאַנן ר' אהרן, אַ קאָמיסיאָנער פון ברויט, און ווייל איבער די פּאָגראָמעס איז שטיל געוואָרען דער מסחר און טאַקע צוליעב דעם אַז זיין ווייב און קינדער זאָלען ניט זיין אַליין אין אַזאַ שרעקליכער צייט, איז ער געפאָהרען אַהיים, דעם גאַנצען וועג האָט ער זיך געקריעגט און געשפּאַרט מיט אַ חסיד'ל איבער אַ סך זאַכען און אויך איבער דעם וואָס ער האָט ניט געוואָלט פאָהרען מיט קיין יודענע (מיט דעם אומגליקליכען מיידעל רחלן). —
ר' אהרן האָט געוואָלט נעמען רחל'ן צו זיך, נאָר דער בעל עגלה פון דער טויטער נאָס האָט רחמנות געהאַט אויף איהר און זיא גענומען צו זיך אין דער ראבער מורלישקע. —

נאָך אַביסעלע צוריק — איהר וועט מיר מוחל זיין, איך מיש אייך אייניגס מיט דעם אַנדערען — איהר געדענקט געוויס אויך, אַז איידער לאה האָט זיך פאַרליעבט אין פיאדאר איזואנאוויטשען, האָט זיא פון קינדווייז אָן ליעב געהאַט טאַקע אַ ר — ער חסידיש יונגעל, מיט אַ ווייס איידעל אויסגעדאַרט פּנים'ל, מיט גוטע ניט קיין נאַרישע אויגען, אַ פּאָר פּאות שטענדיג פאַרקעמט און זיין לאַנגע קאַפּאָטע שטענדיג ריין, גערופען האָט מען איהם אהרקע, ר' שבתי המעלניקערס יונגעל. —

כל זמן מיר האָבען צו ר' אהרן דעם קאָמיסיאָנער ניט באַדאַרפט איבערגעבען קיין שום קאָמיסיעס פון אונזער ערצעהלונג, האָט אינז ניט אינטערעסירט ווער דער ר' אהרן איז אַמאָל געוועזען, נאָר איצטער ווען ער האָט איבערגענומען עטליכע קאָמיסיעס אין אונזער ערצעהלונג מוזען מיר וויסען, אַז דעם איצטיגען ר' אהרן דער קאָמיסיאָנער, האָט מען יונגעלווייז גערופען אהרקע ר' שבתי המעלניקערס יונגעל. —

דער יונגער מאַנן אהרן, וואָס האָט שוין איצט אַ ווייב מיט

קינדערלעך און לעבט מיט זייא זעהר גליקליך, האט אמאל ליעב געהאט לאה׳ן — ליעב געהאט מיט דער ערשטער ליעבע, וועלכע איז ריין וויא גאלד, לויטער וויא קרישטאל; ווייס וויא זילבער און זיס וויא צוקער. —

ער איז געוועזען א חסידיש יונגעל גלייך מיט אלע און וואלט אפשר געוועזען אויסגעוואקסען אזא חסיד׳ל וואס האט מיט דער אימגליקליכער אבגעבראבעוועטער רחל ניט געוואלט פאהרען אויף איין פוהר, ווייל על פי חסידות טאר א יוד ניט פאהרען מיט א יודענע צוזאמען; אהרקע וואלט אויך אפשר אויסגעוואקסען אזא חסיד׳ל וואס אין דעם טאג ווען מען ראבעוועט יודען, טאנצט ער מיט די פאנטאפעל אין דער לופטען ביים רבין אויף דעם טיש, מיט איין ווארט פון אהרקען וואלט געווים אויסגעוואקסען אזא יודעלע מיט וועלכען ער וואלט זיך דעם גאנצען וועג געקריעגט און געשפארט; נאר אין זיינע יונגעלשע יאהרען האט זיך אריינגעמישט די ריינע ליעבע, ער האט זיך פארליעבט אין לאה׳ן, ער האט שטענדיג געוואלט איהר געפעלען, זיא זאל איהם אויך ליעב האבען, דאס האט איהם באלד געבראכט דערצוא אז ער זאל זיך אויפפיהרען בעסער פון אלע זיינע חברים, ער האט געלערענט אין קלויז פלייסיגער פון אלע, שטענדיג זיך געגאנגען ריין אבגעוואשען, אבגעפוצט, שטיל סטאטעטשנע וויא א מענש, אלץ צוא ליעב לאה׳ן.

ער האט מיט אמאל דערזעהען אז ער שטעהט העכער פון אלע זיינע חברים הן אין שכל, הן אין מענשליכקייט — פאר דעם אלעמען איז ער טיעף אין הארצען געוועזען דאנקבאר לאה׳ן.

אלע אין שטאדט האבען איהם מעהר געלויבט, מעהר ליעב געהאט פאר זיינע גוטע אופפיהרונגען, מעהר פון אלע אנדערע יונגלעך, באטע מאמע האבען זיך געוואונשען אזוינע קינדער. און זיינע עלטערן האט מען מקנא געוועזען — אלץ א דאנק לאה׳ן.

לאה האט איהם אויך באקומען ליעבער פון אלע.

שפעטער האט ער דערזעהען אז ער זאל קענען זיין גליקליך אויף אייביג מיט לאה׳ן זענין דא גרויסע שוועריקייטען פון די עלטערן פון ביידע צדדים, האט ער אנגעהויבען טראכטען צוא געפינען א וועג אויף זיך צוא פארבינדען מיט לאה׳ן אויף אייביג און לעבען גליקליך, אויספעלען די עלטערן, טאמער וועלען זייא ניט וועלען. און ער האט באטראכט אז חוץ וואס ער לערנט אין קלויז, מוז ער אויך עפעס וויסען און לערנען אנדערע וויכטיגע זאכען, וואס נוצען צום מענשענס לעבען

אוֹיף דֶער וֶועלְט, אוּנ הָאט אַנְגֶעהוֹיבֶּען לֵייֶענֶען אוּנ לֶערְנֶען אַזוֹינֶע זַאכֶען פוּן וֶועלְכֶע זַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען נִיט גֶעטְרָאכְט ווִיסֶען; דֶערְנָאךְ הָאט גָאט אִיהם בַּאשֶׁערְט אִין זַיין שְׁטָאדְט אִיז אַרָאבְּגֶעקוּמֶען פיאדאר איוואנאוויטש, וֶועלְכֶער הָאט אִין דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטֶאדְט מִיט גְרוֹיסֶע לֶעהְרֶערְס אַ סַךְ גֶעלֶערֶענְט אַזוֹינֶע זַאכֶען צוּא וֶועלְכֶע אִיהם הָאט זִיךְ גֶעגְלוּסְט, עֶר הָאט גֶעהַאט דָאס גְלִיק זִיךְ צוּא בַּאקֶענֶען מִיט פיאדארן אוּנ נָאךְ מֶעהר גְלִיק וָואס פיאדאר אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי גוּט אוּנ הָאט גֶעלֶערֶענְט מִיט אִיהם. — עֶר הָאט לִיעבּ גֶעהַאט אִינ גֶעלֶערְנְט צוּא לִיעבּ דֶער לִיעבֶּע, קֶען נָאךְ זַיין עֶפֶּעס גְלִיקְלִיכֶערס פַאר אַ יוּנְגֶען מַאנְן אִין דִיא יָאהְרֶען ווִיא אהרקע אִיז גֶעוֶועזֶען?

נָאר פְּלוּצִים, נָאךְ זַיין אַלֶעם אוֹיסְפַּיינֶען זִיךְ, נָאךְ זַיין גַאנְצֶער גוּטֶער אוֹיפְפִיהרוּנְג, הָאט לאה אִיהם גֶעזָאגְט: אִיךְ קֶען דִיךְ, אהרקע, מֶעהר נִיט לִיעבּ הָאבֶּען ווִיא בִּיז אַהֶער, אִיךְ פִיהל זִיךְ פִיעל פְּרַאקְטִישֶׁער, פִיעל קְלִיגֶער אַז דוּא זָאלְסְט מִיט מִיר חֲתוּנָה הָאבֶּען.

עֶר הָאט בַּאלְד פַארְשְׁטַאנֶען אַז דִיא גַאנְצֶע אוּרְזַאכֶע פוּן דֶעם „אִיבֶּערְקֶעהְרֶענִיש" אִיז זַיין לֶעהְרֶער פיאדאר איוואנאוויטש, וָואס אִיז גֶעלֶערְנְטֶער, שֶׁענֶער, קְלוּגֶער, עֶר, אהרקע, אִיז נָאךְ אַ פָּנִים ווִינְצִיג אוֹיסְגֶעוַואקְסֶען ווִינְצִיג גֶעלֶערֶענְט, עֶר זָאל וֶוערְטְה זַיין לאה'ס לִיעבֶּע; זִיא הָאט אִיהם פְרִיהֶער לִיעבּ גֶעהַאט, וַוייל זִיא הָאט נִיט גֶעוואוּסְט צוּא עֶס אִיז דָא בֶּעסֶערְס אוּנ גֶעלֶערְנְטֶערְס פוּן אִיהם, אוּנ אִיצְטֶער הָאט זִיא דָאס אַלֶעס בֶּעסֶער גֶעפוּנֶען אִין פיאדארן, פיאדאר אִיז טַאקֶע גֶעוֶועזֶען בֶּעסֶער אוּנ גֶערָאטֶענֶער פוּן אהרקען.

מִיט פִיעל לִיעבֶּע אִין הַארְצֶען, נָאר שְׁטִיל אִיז אהרקע אַוֶועקְגֶענַאנְגֶען פוּן לאה'ן ווִיא דֶער שְׁוַואכֶער וָואס זֶעהט אַ שְׁטַארְקֶערֶען פַאר זִיךְ.

אֵיידֶער זַיין הַארְץ הָאט נָאךְ אוֹיסְפִּיעֶט זִיךְ אִיבֶּערְקָאכֶען פוּן דֶעם פְּלוּצִיגֶען אִיבֶּערְקֶעהְרֶענִישׁ, הָאבֶּען אִיהם שׁוֹין זַיינֶע עֶלְטֶערְן חֲתוּנָה גֶעמַאכְט, עֶר הָאט דֶערְזֶעהֶען נֶעבֶּען זִיךְ אַ יוּדִישׁ מֵיידִיל וָואס הָאט אִיהם קֵיין מָאל קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט גֶעטְהוּן. הַיינְט וָואס הָאט עֶר צוּא אִיהר, וָואס אִיז זִי שׁוּלְדִיג אַז לאה הָאט גֶעפִינֶען אַ בֶּעסֶערְן פוּן אִיהם, אוּנ חָאטְשׁ עֶר אִיז עֶרְגֶער, הָאט זִיא אִיהם לִיעבּ גֶעהַאט, גֶעוָואהְנְט מִיט אִיהם, גֶעהַאט לְמַזָל אַ קִינְד, דָאס קִינְד הָאבֶּען זֵייא בֵּיידֶע לִיעבּ בַּאקוּמֶען ווִיא זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אִין קָאפּ.

עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דִיא צַייט וֶוען עֶר הָאט שׁוֹין אַלֵיין בַּאדַארְפְט טְרַאכְטֶען אוֹיף פַּרְנָסָה פַאר זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְד, אוּנ דָאס אַלֶעס וָואס עֶר

האט א מאל געלערענט צוא ליעב לאה'ן, האט ער איצט באנוצט פאר זיין ווייב אונ קינדער אונ פאר דער וועלט, דיא אלע גיטע זיטען, דיא אלע ביכער וואס ער האט געלערענט צוליעב לאה'ן, זענין איהם איצט צונויץ געקומען צום לעבען אין דער וועלט.

ער איז איצט געוועזען זעהער א געעהרטער קאמיסיאנער ביא זיינע סוחרים אונ א געליבטער מענש ביא אלע; מיט זיין שרייבען, מיט זיין אלעם וויסען, האט ער זיך געפונען זיין פרנסה בכבוד אונ געוועזען א מענש פאר גאט אונ פאר לייט, זיין פרוי האט שוין געהאט דאס צווייטע קינד אונ זיא זענין ביידע צוויא מאל גליק-ליכער געווארען.

אזוי האט אהרקע געלעבט: געוועזען א הייסער געטרייער פאטער פאר זיין ווייב אונ קינדער, א ווארעמער יוד פאר זיין נאציע, איין ארינטליכער מענש פאר דער גאנצער וועלט.

ביא דעם אלעמען האט ער אויך דיא גאנצע צייט ניט פאר-געסען אן לאה'ן, אדער מיט אנדערע ווערטער: ער האט ניט פארגעסען אן זיינע קינדערייאהרען אונ שטענדיג זיך אן זייא דערמאנט וויא אן א גאלדענער צייט, דיא דענסטמאליגע זון האט שאנער געשיינט, דיא לבנה ליכטיגער געלויכטען, דיא אמאליגע בוימער גרינער אונ שמעקענדיגער.

האטש דיא צייט, דיא נאטור איז שטענדיג אלץ איינס, אונ אפילו ווען דאס אלעס זאל זיין פאר אונז איצט בעסער, נאר מיר מענשען זענין שוין אזוי געוואהנט צוא קוקען אויף אונזערע יונגע יאהרען דורך גילדענע ברילען, אונ געזעצט מיט קריסטאלענע גלעזלעך, האטש דיא יונגע יאהרען האבען געמעגט זיין שווארץ וויא קויל טונקעל וויא דיא שווארצע וואלקענדיגע נאכט.

דיא יוגענד געדענקען גרעסטענטהיילס דיא וואס האבען געהאט, א יוגענד, עס זענין דא מענשען וואס האבען גאר קיין יוגענד ניט געהאט, דאס זענין אזעלכע, וואס האבען אין דער יוגענד ניט ליעב געהאט.

דער וואס האט ניט ליעב געהאט דער האט קיין יוגענד ניט געהאט, דעם האבען ניט געשיינט דיא גילדענע שטראהלען פון דער ליכטיגער זונן.

דיא „ערשטע ליעבע" פארגעסט קיינער ניט דאס גאנצע לעבען ביז אין גרוב, מען פארגעסט אפשר דעם נאמען פון דעם וועמען מען האט ליעב געהאט, נאר מען געדענקט עס וויא א גוטען חלום, אזוי וויא

מיר פארגעסען ניט אן דיא גוטע חלומות וואס קינדהייט פלעגען זיך אונז חלומען באנאכט נאכדעם ווען אונזערע באבעס פלעגען אונז פארוויגען מיט דעם שענעם לידעלע פון דעם גילדענעם פערדעלע מיט דעם רויטען עפעלע וואס א מלאך האט עס אויסגעריסען פון גן עדן, אדער פון דיא שאנע זעלטענע מעשות וואס זייא פלעגען אונז דערצעהלען פון טויזענד אונ איין נאכט אונ דיא גאנצע נאכט פלעגט זיך אונז חלומ'ן דאס רויטע עפעלע פון דעם גן עדן, דאס פייערדיגע פערד מיט דער גילדערנע רוט, דער פרינץ מיט דער פרינצעסין, דיא טהייערע פאלאצען אונ שלאסער, דיא שמעקענדיגע ווייגגערטנער, דיא לויטערע, שוימענדיגע וואסערן.

דאכט זיך, אז דאס אלעס זענען נארישקייטען, נאר זעהט זשע, מיר פארגעסען וואס געכטען איז געשעהען, וואס מיר האבען היינט צוא טהון, אונ אט דיא גילדענע חלומות געדענקען מיר עד היום.

יא ליעבע לעזער, ווען איהר האט געהאט א יוגענד, ווען איהר האט אין דער יוגענד ליעב געהאט, געדענקט איהר עס עד היום וויא א גוטען חלום, אונ ניט איין מאל טהוט איהר א זיפץ אויף דיא גילדענע צייטען, האט'ש אייערע ווייב אונ קינדער זענין אייך טהייער וויא דיא אויגען אין קאפ אונ איהר זענט שטענדיג איינגעשפאנט אין דער פרנסה, פון דעסטוועגען קלויבט איהר זיך נאך אוים א מינוט צוא טהון א זיפץ אויף דעם גוטען חלום.

ר' אהרן דער קאמיסיאנער האט אויך ניט פארגעסען לאה'ן וויא א גוטען חלום, וויא דאס רויטע עפעלע פון גן עדן אונ פלעגט אויך אפט געבען א זיפץ וואס דיא גוטע חלומות האבען איצט פאר איהם שוין אויפגעהערט.

נאר לאמיר זיך אומקעהרען צוא אונזער ערצעהלונג.

אהרן'ס פרוי מיט דיא קינדער האבען געוואהנט אין א קליין שטעדטיל ניט ווייט פון ר... אין דעם שטעדטיל האט ער געגעסען א צייט ביא זיין שווער קעסט, דארום איז ער שוין דארט מיט זיין פאמיליע געבליבען וואהנען, נאר ווען עס האבען זיך אנגעהויבען דיא פאגראמעס, האט ער באלד זיין פאמיליע איבערגעפיהרט אין דער גרעסערער שטאדט ר... וויא דער שטיינער איז אין דער צייט געוועזען, אז דער וואס האט געוואללט זיין מעהר פארהיט פון דעם פאגראם פלעגט זיך איבערציהען אין דער גרויסער שטאדט.

אין ר... האט ער זיך געדעכענט פאר א היגען, ווייל ער איז דא געבוירען, דארום איז איהם גרינג געוועזען באלד דא צוא ווערען א היימעשער.

און אַזוֹי וִויא עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעוָואהְנְט צוּא אַרְבֵּייטֶען, הָאט עֶר נִיט גֶעקֶענְט זִיצֶען לֵיידִיג, אוּן אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ אָבְצוּגֶעבֶּען מִיט שְׁטָאדְטְזַאכֶען גְלַייךְ מִיט אַלְלֶע הֵיימִישֶׁע בַּעֲלֵי בָּתִּים.

דָא אִין ר... הָאט עֶר גֶעהַאט דִיא גֶעלֶעגֶענְהַייט, אָפְּטֶער זִיךְ דֶערְמָאנֶען אָן זַיינֶע יוּנְגֶע יָאהְרֶען, אָפְּטֶער אָן לאה'ן, אֶפְשֶׁר נִיט אַזוֹי פִיעֶל דֶערְפַאר, וָואס דָא אִין זַיין גֶעבּוּרְטְשְׁטָאדְט, דָא ווֹאוּ לאה אִיז אוֹיךְ גֶעבּוֹירֶען, דָא ווֹאוּ יֶעדֶער בּוֹימֶעל, יֶעדֶער שְׁטִיקֶעל אָרְט, זֶענִין גֶעבְּלִיבֶּען עַד הַיּוֹם עֵדוּת ווֹאוּ עֶר הָאט גוּטֶע מִינוּטֶען פַארְבְּרַאכְט צוּזַאמֶען מִיט לאה'ן, נָאר מֶעהר דֶערְפַאר, וָואס דָא אִין ר... פְלֶעגְט עֶר זִיךְ אָפְט זֶעהֶען אוּן בַּאגֶעגֶענֶען מִיט זַיינֶעם אַיין אַלְטֶען גוּטֶען בְּרוּדֶער פוּן דֶער יוּגֶענְד – מִיט פיאדאר איוואנאוויטשען.

וִויא צְווֵייא אַלְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד פוּן דֶער יוּגֶענְד, פְלֶעגֶען זֵייא זִיךְ אָפְט דֶערְמָאנֶען אָן דִיא פְרִיהֶערֶע צַייטֶען אוּן אָפְט אִיבֶּערְרֶעדֶען וֶועגֶען דֶעם אוּן נַאטִירְלִיךְ לאה'ן אוֹיךְ דֶערְמָאנְט.

טָאמֶער ווִילְט אִיהר פְרֶעגֶען וִויא קוּמְט אִיצְט פיאדאר ־קיין ר..., אִיז אִיבְּרִיג, ווַייל מִיט אַ מֶענְשֶׁען אִין אַ צֶעהְנְדְלִינְג יָאהְרֶען קוּמְט פָאר פִיעֶל אוּן אַ סַךְ ווֶערְט אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען. –

פיאדאר הָאט טַאקֶע הַתּוּנָה גֶעהַאט מִיט זַיין רַייכֶער כַּלָּה, פְרִיהֶער הָאט עֶר גֶעלֶעבְּט, וִויא אַלֶע יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען פוּן דֶעם קְלַאס, עֶר אִיז עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעפָאהְרֶען ־קיין אוֹיסְלַאנְד לֶעבֶּען, גֶעהַאט אִין זִינֶען אָפֶּערְן מִיט שֶׁאנֶע אַקְטְרִיסֶעס, ווֶעטְשֶׁערֶעס, בַּאלֶען א. ז. וו. וִויא דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז יוּנְגֶע לַייט אִין דֶער גְרוֹיסֶער ווֶעלְט בַּייא רַייכֶע עֶלְטֶערְן, נָאר ווֶען עֶר אִיז עֶלְטֶער גֶעוָוארֶען מִיט עֶטְלִיכֶע יָאהר, זַיין וַוייבּ הָאט אִיהם גֶעהַאט עֶטְלִיכֶע קִינְדֶער, פוּן דֶעם גֶעלְד אִיז גֶעוָוארֶען ווִינְצִיגֶער אוּן אַוֶועקְגֶעהֶען הָאט בַּאדַארְפְט מֶעהְרֶער, זַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא עֶרְקְלֶערֶען אַז עֶר אִיז שׁוֹין נִיט ־קיין קִינְד אוּן דַארְף שׁוֹין אַלֵיין עֶפֶּעס אָנְהוֹיבֶּען זָארְגֶען ווֶעגֶען פַּרְנָסָה, דֶערְצוּא אִיז אִיהם דָאס פְרִיהֶערְדִיגֶע פְרֶעהְלִיכֶע לֶעבֶּען עֶפֶּעס גֶעוָוארֶען אִיבֶּערְדְרִיסִיג, עֶס הָאט זִיךְ אִיהם דֶערְגֶעסֶען שְׁטֶענְדִיג הוּלֶען אוּן עֶר הָאט זִיךְ צוּבִּיסְלֶעכְווַייז אָנְגֶעהוֹיבֶּען נֶעמֶען עֶרְנְסְט צוּם גֶעשֶׁעפְט, זַיין פָאטֶער הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען זַיינֶע אַלְטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט אִין ר... אוּן עֶר אִיז צוּלִיעֶב דִיא גֶעשֶׁעפְטֶען אִיבֶּערְצוֹיגֶען מִיט זַיין פַאמִילְיֶע ־קיין ר... וָואהְנֶען.

דָא אִין דֶעם שְׁטִילֶען אָרְט, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוָואהְנְט צוּא לֶעבֶּען שְׁטִיל, עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען לִיעֶב הָאבֶּען בֶּעסֶער פוּן אַלֶעס אִין דֶער ווֶעלְט זַיינֶע קִינְדֶער אוּן צוּלִיעֶב זֵייא זַייעֶר מִיטֶער. –

פיאדאר איוואנאוויטש אִיז גֶעוָוארֶען אַ סְטַאטֶעטְשְׁנֶער סוֹחֵר גְלַייךְ מִיט אַלֶע, עֶר אִיז גֶעוָוארֶען אִין ר... אַ בָּטוּחַ אוּנ הָאט גֶעפִיהְרְט פַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, נָאר אַיין זַאךְ הָאט מֶען בַּאמֶערְקְט בַּייא אִיהם וִויא נִיט בַּייא אַלֶע סוֹחֲרִים, שְׁטֶענְדִיג אִיז עֶר גֶעוֶועזֶען טְרוֹיעֶרִיג, פַארְקְלָאגְט וִויא דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכְסְטֶער מֶענְשׁ. קֵיינֶער, אֲפִילוּ נִישְׁט זַיין אֵייגֶען וַוייבּ, הָאט גֶעוואוּסְט דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן זַיין טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט, יֶעדֶער הָאט זִיךְ נָאר דֶערוֹיף גֶעוואוּנְדֶערְט: סְטַייטְשׁ עֶר פַארְדִינְט גֶעלְד, עֶר פִיהְרְט זִיךְ אוֹיף אָרֶענְטְלִיךְ, קֵיינֶער טְשֶׁעפֶּעט אִיהם נִיט אוּנ עֶר אִיז שְׁטֶענְדִיג פַארְקְלָאגְט. זַיין פְרוֹי הָאט עֶס אָנְגֶענוּמֶען פַאר אַ קְרַיינְקְהַייט, דִיא דָאקְטוֹירִים הָאבֶען אִיהר אוֹיךְ גֶעזָאגְט אַז „מָרָה שְׁחוֹרָה" אִיז אַ קְרַאנְקְהַייט.–

וִויפִיעֶל זִיא פְלֶעגְט מִיט אִיהם אִיבֶּערְרֶעדֶען וֶועגֶען דֶעם, עֶס הָאט נִיט גֶעהָאלְפֶען, עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַזוֹי.

נָאר זִינְט אהרן הָאט זִיךְ בַּאזֶעצְט אִין ר... אוּנ פיאדאר פְלֶעגְט זִיךְ אָפְט מִיט אִיהם זֶעהֶען אִיז עֶר אָפְט עֶטְוָואס פְרֶעהְלִיכֶער גֶעוָוארֶען.

אהרן אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אֵיינְצִיגֶער מֶענְשׁ פַאר וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶעקֶענְט עֶפֶענֶען זַיין הַאַרְץ, דַארוּם אִיז אִיהם גֶעוָוארֶען אַבִּיסֶעל גְרִינְגֶער, עֶר הָאט אִיהם דֶערְצֶעהְלְט אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעוואוּסְט פוּן לֵאה'ן, וִויא עֶר הָאט זִיא אוּמְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט, וֶוען זִיא אִיז אַוֶועק פוּן אִיהם אִיז זִיא שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אִין דִיא לֶעצְטֶע חֳדָשִׁים, אִין וָואס אַ לַאנְגֶע עֶר הָאט זִיא בַּאגֶעגֶענְט אִין אדעס, וִויא עֶר הָאט זִיא גֶעזוּכְט אוּנ גֶעוָואלְט הֶעלְפֶען; עֶר הָאט אִיהם אוֹיךְ גֶעוִויזֶען דֶעם בְּרִיעף וָואס לֶעדערבארג הָאט בַּאקוּמֶען פוּן דֶעם קאנסטאנטינאפאלער סוֹחֵר אַז אִיהם הָאט אַ גְרוֹיס אוּמְגְלִיק גֶעטְרָאפֶען – לֵאה אִיז פוּן זַיין הוֹיז אַנְטְלָאפֶען, מִיט אֵיין וָוארְט אַלֶעס הָאט עֶר אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען וִויא עֶס אִיז אוֹיסְפִיהְרְלִיךְ בַּאקַאנְט דִיא לֶעזֶער.

זֶעהר טְרוֹיעֶרִיג הָאט אהרן אוֹיסְגֶעהֶערְט דִיא לַאנְגֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער לֵאה'ן.

– אוּנ דִיא גַאנְצֶע צַייט הָאסְט דוּא גָאר נִיט גֶעהֶערְט פוּן לֵאה'ן? הָאט אִיהם אהרן גֶעפְרֶעגְט.

– נֵיין, אִין דֶער גַאנְצֶער צַייט, מֶעהר פוּן צֶעהן יָאהר. הָאבּ אִיךְ נָאר נִיט גֶעהֶערְט, פוּנְקְט זִויא אִין וַואסֶער אַרַיין!...

– יָא דִיא גֶעשִׁיכְטֶע אִיז זֶעהר טְרוֹיעֶרִיג, נָאר וָואס קֶען מֶען טְהוּן.

– טְהוּן קֶען מֶען גָאר נִיט, דָאס אִיז גְרִינְג דִיר צוּא זָאגֶען, אָבֶּער וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן?...

– אִיךְ פַארְשְׁטֶעה דִיךְ נִיט, וָואס ווִילְסְט דוּא דֶען טְהוּן אוּנ וָואס קֶענְסְט דוּא טְהוּן דֶערְצוּ?

– איך זאג דאך דיר אז דיר איז גרינג צוא זאגען „וואס קען מען טהון" דוא קענסט אפילו זאגען, „אז מען האט גאר ניט וואס צוא טהין" ווארום דוא ביזט אין דעם שרעקליכען אומגליק פון לאה'ן ריין, עהרליך, איך בין אבער איהר מארדער סאי וויא סאי, צוא זיא לעבט צוא זיא איז שוין געשטארבען. ווען איך זאל טאקע זיין א פארדארבענער מענש, וואלט מיך גאר ניט געארט, נאר איך בין ניט פארדארבען' אין דער יוגענד בין איך געוועזן פארדארבען, דיא גרויסע וועלט, מיין טאטענס גרינגע קערבלעך האבען מיך פארדארבען, האט מיך דענסטמאל ניט געארט, וואס האט זיך מיט מיר אנגעהערט אז לאה איז איבער מיר אויף איביג אומגליקליך געווארען, אבי איך האב געלעבט, נאר שפעטער ווען איך האב זיא געזעהען אין אדעם אין אזא נידריגען שטאנד און איהר איז אפילו ניט אנגעשטאנען קומען צוא מיר בעטען בייא מיר הילף, אדער האטש פאר מיין קינד וואס זיא האט געהאט (וואו איז דאס קינד וייס איך אויך ניט), דענסטמאל האב איך זיך דאס ערשטע מאל דערזעהן וויא אין א שפיגעל אז איך בין נאך נידריגער פון איהר, פון א פרוי וואס שליאיעט זיך ארום דיא גאנצע נאכט איבער אדעם מיט שכורים און יזשוליקעס. עס האט מיך עפעס אנגעהויבען שרעקליך מוטשען, איך זאל איהר ארויסהעלפען פון איהר נידריגען שטאנד, עס איז מיר ניט געלונגען, שפעטער ווען איך בין עלטער געווארען מיט עטליכע יאהר, ווען איך בין שוין אליין א טאטע געווארען, ווען אלע האלטען מיך פאר איין ערליכען סוחר, פאר א בעל בית פון ווייב און קינדער, האט מיך נאך מעהר אנגעהויבען מוטשען דער געדאנקען-לאה וואלט אויך געקענט חתונה האבען, האבען א מאנן מיט קינדער, גלייך וויא איהרע שוועסטער אין ר... זיא וואלט געקענט זיין א הייסע מוטער, א געטרייע פרוי, זיא וואלט געקענט זיין א נחת פאר איהרע עלטערן, נא און וואס איז לאה, ערגעץ פארקויפט אין דער טירקיי... זיא איז דאס נידריגסטע באשעפעניש געווארען, עס קען זיין זיא ווינשט זיך דעם טויט איידער אזוי צוא לעבען, זיא איז אבגעשטארבען פאר איהרע עלטערן, דיא עלטערן האבען אנגעווארען אויף איביג זייער קינד... ווער איז שולדיג אין דעם אלעמען? אהרן! איך בין אויך א טאטע פון קינדער!...

פיאדאר איז שטיל געווארען אויף עטליכע מינוט, דערנאך האט ער זיך אויפגעהאפט מיט א שרעקליך געזיכט און מיט ביידע האנד זיך אנגעהאפט ביים קאפ.

– איך ווייס ניט! איך ווייס אליין ניט וואס מיר איז! לאז זיין

וויא מיין ווייב זאגט אז דאס וואס איך בין שטענדיג טרויריג איז א שלאפקייט אונ איך דארף זיך קוריען, לאז זיין אזוי, נאר מיך מוטשעט זעהר, מיך מוטשעט שטארק אונ איך פיהל אז עס איז פאר מיר קיין דאקטאר ניט דא... צוא שלאפקייט איז ניט דא... איך קען ניט ארומנעמען מיינע קינדער וויא א טאטע... איך קען ניט... איך ווייס אליין ניט וואס מיט מיר איז... דוא רעסט מיר איין אז עס איז פארפאלען, מען קען גאר ניט טהון דערצוא, דיא אומגליקליכע לאה איז שוין סאי וויא סאי וויא אין וואסער אריין... עס קען אפשר זיין אז עס איז אזוי... נאר דוא זאלסט זיין אין מיין לאגע אונ האבען א געוויסען, זיין איין ערליכער מאנן אונ לעבען רוהיג צוזעהענדיג... וויא דוא האסט אליין געהרגעט... צעהן מאל געהרגעט א מענשען, אונ דעם טויט אין דיא האנד ניט געגעבען... ניין ברודער, מען דארף זיין דער ערגסטער פארדארבענסטער מענש מען זאל קענען זיין רוהיג...

פיאדאר פלעגט אריינפאלען אין א מין משוגעת דערצעהלענדיג דער פון, נאר אהרן פלעגט איהם מיט א צובראכען הארץ בארוהיגען, טרייסטען מיט וואס ער האט נאר געקענט אונ פיאדאר פלעגט זיך רוהיגער ווערען אויף עטליכע מינוט זיך אויסרעדענדיג האטש אביסעל דאס הארץ.

זיין רוהיגקייט פלעגט אבער לאנג ניט געדויערן אונ ער האט פאר אהרן-ען ווייטער גערעדט דערפון.—

## 20

## אויסגעמאכט אונ ווייטער געמאכט.

אין דיא דרייצעהן יאהר זינט לאה איז אוועק פון דערהיים, האט איהר פאטער ר' שמואל בער אויך ניט וועניג איבערגעליטען אונ איבערגעטראגען.—

וויפיעל, וויפיעל וואלט ער דענסטמאל אוועקגעגעבען זיין טאכטער זאל ניט געוועזען אוועק-קיינער זאל ניט האבען אויף איהם צוא רעדען, ווארום באלד וויא אין שטאדט איז מען געוואהר געווארען אז זיין טאכטער איז פארפאלען געווארען, האבען אנגעהויבען וועגען

דֶעם אַרוּמְצוּגֶעהן אַלֶערְלֵייא פֵּירוּשִׁים, אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען מִיט דִיא הֶאנְד אוּנ נִיט גֶעוואוּסְט וָואס דָאס קֶען בַּאדַייטֶען, נָאר דָאס רוֹב אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּייא דֶער מֵיינוּנְג אַז לאה אִיז אַנְטְלָאפֶען מִיט אַיין אָפִיצִיר, מִיט אַ יוּנְקֶער, מִיט אַ פְּרִיץ פוּן דִיא קוֹנִים וָואס הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען צוּא לֵייזֶען בַּייא אִיהם אִין קְלֵייט, דֶערְצוּ נָאךְ הָאט זִיא בַּאגַנְבֶט דֶעם פָאטֶער, אַ טְהֵייל הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פוּן אַ זִיכֶערֶער קְוֶועלֶע אַז אַ בַּאקָאנְטֶער פְּרִיץ הָאט דֶערְצֶעהלְט אַז עֶר הָאט זִיא גֶעזֶעהן אַרוּמְפָאהרֶען אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג מִיט אַ גֶענֶערַאל, זִיא גֶעהְט אִין גָאלֶע גָאלְד אָנְגֶעטְהוּן אוּנ וֶועט זִיךְ פוּן נָאווִיגָאד שְׁמַאדֶען אוּנ וֶועט וֶוערֶען אַ גְרוֹיסֶע חְשׁוּבָה בַּייא דֶער מְלוּכָה אוּנ חָאטְשׁ זִיא וָואלְט יוּדֶען גֶעקֶענְט אַ גְרוֹיסֶע טוֹבָה טְהוּן אַז יוּדֶען זָאלֶען אוֹיסְגֶעלֵייזְט וֶוערֶען וִויא דוּרְךְ אסתר הַמַלְכָּה פוּן גָלוּת נָאר זִיא אִיז פָארְט אַ מְשׁוּמֶדֶת'טֶע אוּנ יוּדֶען טָארֶען פוּן אִיהר קַיין הֲנָאָה נִיט הָאבֶּען; דֶער וַוייל הָאט אִיהר פָּאטֶער ר' שמואל בער אָנְגֶעהוֹיבֶּען לַיידֶען דוּרְךְ אִיהר פִיעל בִּזְיוֹנוֹת.

בַּאלְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען יוּנְגֶע גֶעבְּרָאטֶענֶע חֲסִידִים'לֶעךְ, אֵיידִימְלַאךְ וָואס הָאבֶּען טַאטֶעס מִיט שְׁוֶועהרֶען, שֶׁאנֶע מִזְרָח-יוּדֶען וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז זֵייא שְׁטֶעהט נִיט אָן אַז ר' שמואל בער וָואס הָאט אַ טָאכְטֶער אַ חֲצוּפָה וָואס פָאהרְט אַרוּם אוּם שַׁבָּת מִיט אַ גֶענֶערַאל אוּנ ווִיל זִיךְ שְׁמַדְ'ן, צוּא לִיעב אִיהר עוֹלָם הַזֶה כְּדֵי זִיא זָאל וֶוערֶען אַ חְשׁוּבָה בַּייא דֶער מְלוּכָה, זָאל נָאךְ אִיהר פָּאטֶער זִיצֶען גְלַייךְ מִיט זֵייא אִין מִזְרַח וַואנְד?!

ר' שמואל בער הָאט גוּט פַארְשְׁטַאנֶען אַז עֶר וֶועט אַלֵיין נִיט אַרָאבּ פוּן מִזְרַח, וֶועט מֶען אִיהם אַרָאבְּרוּקֶען מִיט גְרוֹיס בִּזָיוֹן אוּנ עֶר הָאט זִיךְ צוּבִּיסְלֶעכְוַוייז אַלֵיין אַרָאבְּגֶערוּקְט מִיט אַ פַארְשֶׁעמְט פָּנִים אוּנ מִיט אַ וֶוייטְהִיג אִין הַארְץ, וָוארוּם וָואס פַאר וֶוערְטְה קֶען שׁוֹין הָאבֶּען אַ מֶענְשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט אַז עֶר טָאר נִיט זַיין קֵיין מִזְרַח יוּד, דָאס אִיז פַאר אַ ר-עֶר יוּדֶען נָאךְ עֶרְגֶער ווִיא וֶוען דֶער סוֹד לִישַׁאיֶעט אַ פַארְבְּרֶעכֶער אַלֶע בִּירְגֶערְלִיכֶע פְּרַאוֶועס אוֹיף אֵייבִּיג, ווִיא קֶען זִיךְ דֶער מֶענְשׁ רִיהרֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט אִין אַזַא לַאגֶע? פַאר גַבַּאי פוּן הֶקְדֵשׁ וָואס עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן תָּמִיד אָן, הָאט מֶען אִיהם אוֹיסְגֶעמַאכְט, זַיין דֵעה אִין שְׁטָאדְט הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא הָאבֶּען אַ וֶוערְטְה ווִיא דֶער פַאר אַ יָאהרִיגֶער שְׁנֶעע. בִּכְלַל הָאט עֶר גֶעמוּזְט שְׁטֶענְדִיג שְׁוַוייגֶען אָדֶער וֶוען עֶר הָאט יָא אַ וָוארְט אַרוֹיסְגֶערֶעדְט הָאט עֶר גֶעמוּזְט פְּרִיהֶער יֶענֶעם חַנְפֶנֶען אָדֶער לוֹיבֶּען, יֶעדֶען

געבעבען אויף יעדען וואָרט, וואָרים ווען ניט האָט מען איהם שוין באלד געגעבען אנצוהערען אז ער דאַרף שווייגען, ווייל ער האָט א מאכטער וואָס האָט זיך פאַרליעבט אין א גענעראל און פאָהרט מיט איהם אַרום איבער פעטערבורג עפענטליך אום שבת ביי טאָג און וויל זיך נאָך שמד'ן, און דער אומגליקליכער ר' שמואל בער האָט מיט פאַרביסענע ליפּען, מיט א צופלאַקט האַרץ אָבגעשוויגען יעדען מינדעס־טען יונגעל, יעדען עזות פנים, יעדען שטאָרט שייגעץ, יעדען ווייסען חברה'ניק...

איבער דעם פלעק אין זיין משפּחה, האָט ער אָנגעוואָרען דעם גאַנצען קרעדיט מיט וועלכען ער פלעגט פיהרען זיין מסחר, זיין פּרנסה, קיינעם איז ניט אָנגעשטאַנען מיט איהם צו האַנדלען ובפרט נאָך צו לייהען געלד אויף פּראָצענט, דיא פּאָליצעס פון זיין קלייט האָבען אַלע מאָל אָנגעהויבען צו ווערען ליידיגער. וואָס א טאָג ווייטער איז איהם אין זיין פּרנסה געוואָרען ערגער, קוים מיט צרות האָט ער זיך דורכגעשלאָגען וויא עס איז זיין פּרנסה און געצויגען א שטיקעל ברויט. —

נאָך מעהר האָט ער אָנגעהויבען צו פיהלען זיין ביטערע לאַגע־זיין „פלעק אין דער משפּחה" ווען ער האָט באַדאַרפט מיט זיינע איבעריגע קינדער א שידוך טהון; דאָ האָט מען איהם אויף יעדען טריט געוואָרפען זיין שאַנד אין פּנים – שדכנים האָבען איהם נאָר גערעדט גהות דרגות און ער האָט געמוזט באַשטעהען פאַרזעצען פאַרלייהען זיין שטיבעל און נאָך יענעם צוצאָהלען אין ביימעל אַריין, וואָרום דער מינדעסטער בעל מלאכה, דער מינדעסטער וואַסערפיהרער האָט זיך געררעכענט אַקעגען איהם פאַר א מיוחס.

דער איינציגער וואָס האָט מיטגעפיהלט זיין אומגליקליכע לאַגע איז געוועזען אהרקע, ווען ער איז נאָר געוועזען אין ר... פלעגט ער קומען צו ר' שמואל בער אין שטוב, דאָרט פלעגען זייא אָפט דער־מאָנען לאה'ן, דיא היימישע מענשען האָבען פאַרשטאַנען דיא אמתע אורזאַכע פון איהר אַנטלויפען. —

טרויעריג פלעגט ער קוקען אויף דעם אומגליקליכען פאָטער וואָס איז עלטער געוואָרען פאַר דער צייט, וויא ער איז אַוועקגעשטויסען פון מענשען, פונקט וויא מען האָט איהם אַריינגעלעגט אין חרם, און ווער איז שולדיג אין זיינע אַלע אומגליקען? האָט זיך געטראַכט אהרקע, — זיין איינענע טאָכטער לאה!

– וֶוער אִיז שׁוּלְדִיג אִין אַייעֶר אִיצְטִיגֶער שְׁלֶעכְטֶער לַאגֶע? הָאט אִיהם אהרקע אַיין מָאל גֶעפְרֶעגְט.

– וֶוער? פְרֶעגְט אִיהר, פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ מַיין אֵייגֶענֶע טָאכְטֶער, זִיא אִיז דִיא אוּרְזַאכֶע וָואס בַּייא אַלֶע בֵּייזֶע מַיילֶער הָאבֶען זִיךְ גֶעעֶפֶענְט דִיא שְׁלֶעסֶער אוּנ זֵייא רֶעדֶען אוֹיף מִיר אוּנ טְהוּעֶן מִיר וָואס זֵיי פַאר־גְלוּסְט זִיךְ נָאר, וֶוער וָואלְט גֶעוַואגְט רֶעדֶען אוֹיף מִיר אַ שְׁלֶעכְט וָוארְט וֶוען נִיט זִיא? אוּנ פַאר שְׁטֶעהט אַז אַ מֶענְשׁ פַאלְט אַזוֹי עֶפֶענְטְלִיךְ אַבַּיין אִין דִיא פְרֶעמְדֶע מַיילֶער, הָאט מֶען אִיהם נִיט וָואס מְקַנֵא צוּ זַיין, קֵיין גוּטְס קֶען דָא נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען, אִין מַיינֶע אַלֶע אוּמְגְלִיקֶען, אִין מַיין גַאנְץ שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אִיז שׁוּלְדִיג מַיין אֵייגֶענֶע טָאכְטֶער, זִיא הָאט אוּמְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט אִיהר טַאטֶען, אִיהר מַאמֶען, אִיהרֶע אֵייגֶענֶע שְׁוֶועסְטֶער אוּנ בְּרִידֶער, זִיא הָאט פַאר פְלֶעקְט אוּנְז אַלֶע, אוּנְזֶער גַאנְצֶער מִשְׁפָּחָה! –

– אִיהר בַּאשׁוּלְדִיגְט זִיא צוּא פִיעֶל אוּנ בַּאטְרַאכְט זִיךְ נִיט...

עֶר הָאט נִיט פַארְשְׁטַאנֶען אוּנ אהרקע הָאט וַוייטֶער גֶערֶעדֶט.

– וֶועגֶען דֶעם אַז זִיא הָאט זִיךְ וִויא אַ מֵיידֶעל בֶּעגַארִישְׁט, גֶעטְהוּן אַ גְרוֹיס פַארְבְּרֶעכֶען פַאר זִיךְ אוּנ פַאר דִיא עֶלְטֶערְן, אִיז קֵיין רֶעדֶע נִיט, זִיא אִיז שׁוּלְדִיג; נָאר אִיז זִיא דֶען אֵיינֶע אוֹיף דֶער וֶועלְט וָואס טְהוּט אַ פַארְבְּרֶעכֶען אֵיין מָאל אִין לֶעבֶען? עֶס אִיז דָא פִיעֶל מֶענְשֶׁען וָואס טְהוּעֶן אַ סַךְ פַארְבְּרֶעכֶען, וִויא לְמָשָׁל, דֶער גַנְבֶעט; דֶער פַארְנֶעמְט גֶעלְד בַּייא אָרִימֶע לַייט, יְתוֹמִים אוּנ אַלְמָנוֹת אוּנ גִיט נִיט אָב; דֶער נַארְט אָב יֶענֶעם; דֶער בַּאגֶעהט זִיךְ נִיט גוּט אוּנ פִיהְרְט זִיךְ נִיט אָרֶענְטְלִיךְ, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען וָואס זֶעהֶען מִיר? בַּאשׁוּלְדִיגְט מֶען זֵייא דֶען אַזוֹי שְׁטַארְק וִויא אִיהר בַּאשׁוּלְדִיגְט אַייעֶר טָאכְטֶער וָואס הָאט אַיין אֵיינְצִיגֶען פֶעהְלֶער גֶעטְהוּן אוּמְבַּאטְרַאכְט, נַארִישׁ, קִינְדֶערְשׁ, נִיט מִיט אִיהר ווִילֶען, מֶען הָאט זִיא פַאר פִיהְרְט, פַאר אַזַא פַארְבְּרֶעכֶען קֶען מֶען גֶעפִינֶען אַ סַךְ זְכוּת'ן אַז מֶען זָאל זִיא גָאר נִיט בַּאשׁוּלְדִיגֶען אוּנ אִיהר בַּאשׁוּלְדִיגְט זִיא אַזוֹי שְׁטַארְק! וֶוער ווֵייסט ווִיפִיעֶל זִיא קוּמְט אָב, ווִיפִיעֶל זִיא לַיידְט עֶרְגֶען פַאר אִיהר אֵיינְצִיגֶען פַארְבְּרֶעכֶען!..

– אִיהר זָאגְט פַארְוָואס אִיךְ בַּאשׁוּלְדִיג זִיא אַזוֹי שְׁטַארְק, זֶעהט וָואס פַאר אַ תֵּל עֶס אִיז פוּן מִיר, פוּן מַיין הוֹיז גֶעוָוארֶען, אַלֶין אַ דַאנְק אִיהר, וִויא אַזוֹי זֶשֶע זָאל אִיךְ זִיא נִיט בֶּעשׁוּלְדִיגֶען?

– יָא, נָאר אִיךְ פְרֶעג אַייךְ וָואס זֶשֶע הָאט נָאךְ אַייעֶר מֵיינוּנְג פָארְט גֶעזָאלְט טְהוּן דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע לאה, וֶוען זִיא אִיז אֵיינְמָאל נִיט מִיט אִיהר ווִילֶען פַאר פִיהְרְט גֶעוָוארֶען? וִויא אַזוֹי הָאט זִיא זִיךְ בַּאדַארְפְט בַּאגֶעהְן נָאךְ אַייעֶר מֵיינוּנְג, נִיט אַנְטְלוֹיפֶען?

– נײן, ניט אַנטלויפען. ניט באַהאַלטען זיך פאַר אונז, זיא האָט באַדאַרפט באַלד אַלעס דערצעהלען אונז בסוד, וואָלטען מיר שוין געוואוקסט וואָס צוא טהון אַז קיינער זאָל ניט וויסען פון אונזער שאַנד, אַז קיינער זאָל ניט זאָגען אונז דערנאָך צוא שענדען; וואָס האָט זיא אָבער געטהון? זיא האָט אונז דיא גאַנצע צייט קיין וואָרט ניט געזאָגט, באַהאַלטען זיך נאָר פאַר איהרע אייגענע עלטערן אונ דערנאָך אַנטלאָפען, אַז דיא גאַנצע וועלט זאָל וויסען פון אונזער חרפּה, אונזער גאַנצע משפּחה זאָל פאַרפלעקט ווערען, נײן, דאָס איז שרעקליך, דאָס טהוט אַ מערדערין ניט קיין קינד!

– איהר זענט בוודאי גערעכט, זיא האָט טאַקע ניט באַדאַרפט אַנטלויפען, זיא האָט באַדאַרפט אייך אויסזאָגען, נאָר זאָגט מיר דעם אמת וויא איהר זענט איין עהרליכער יוד, וואָס וואָלט איהר געטהון מיט לאה'ן דענסטמאָל – ווען זיא זאָל מיט איהר אומגליקליכען סוד זיך געוועזען וויא אַ קינד פאַרטרויען פאַר איהרע טרייע עלטערן, וואָס וואָלט איהר געטהון?

ר' שמואל בער וואָלט אָבגענאַרט אונ ניט געזאָגט דעם אמת, נאָר אַזוי וויא אהרקע האָט פאַראויס געזאָגט: „איהר זאָלט מיר זאָגען דעם אמת וויא איהר זענט איין עהרליכער יוד", האָט ער איהם מעהר ניט געענטווערט וויא דיא געצעהלטע ווערטער:

- איך וויים שוין וואָס איך וואָלט געטהון...

– פאַרשטעהט זיך אַז איהר ווייסט, נאָר איהר ווילט מיר ניט זאָגען, וועמען איז דען אָנגענעהם צוא זאָגען אויף זיך אַליין דאָס וואָס מען פאַרשטעהט אַליין אַז עס איז קרום? נאָר איך וויים אונ וועל אייך אַליין זאָגען וואָס איהר וואָלט געטהון ווען לאה זאָל זיך געוועזען פאַרטרויען פאַר אייך מיט אַלעמען וויא פאַר טרייע עלטערן: צום ערשטען וואָלט איהר זיא גענומען שלאָגען אונ רייסען בייא דיא צאָפּ פון איין זייט אונ דיא מאַמע פון דער אַנדערער זייט, איהר וואָלט אפילו קיין רחמנות ניט געהאַט טאָמער איז זיא מפּיל אַ טויט קינד, וואָס דאָס איז פאַר איהר לעבען זעהר געפעהרליך, „אַלץ איינס וואָלט איהר געשריען, דאַרפען מיר אַזאַ קינד ניט האָבען; זיא וואָלט געמעגט סאַי וויא סאַי אויסגערונען ווערען בייא דער מאַמען אין בויך א. ז. וו.". צום צווייטען וואָלט זיא שוין פון היינט מאָל אָן אונ ווייטער איהר קול ניט געטאָרט לאָזען הערען בייא אייך אין שטוב. וואָרום וויא באַלד עפּעס וואָלט איהר אַלע מינוט אַליין אויפוואַרפען איהר פאַרברעכען איהר בזיון, זיא וואָלט שוין אויף שטענדיג געוועזען ביי אייך אין שטוב.

דָאס אִיבְּרִיגֶע קִינְד. דִיא אַנְדֶערֶע קִינְדֶער דָאס זֶעהֶענְדִיג פוּן זַייעֶרֶע עֶלְטֶערן, וואָלְטֶען זִיךְ שׁוֹין אוֹיךְ אַזוֹי מִיט אִיהר בַּאנַאנְגֶען אוּנ זִיא וואָלְט אַלְץ גֶעמוּזְט שְׁוַייגֶען, לַייֶדען, אוּנ פַאר טְרָאגֶען, וואָרוּם זִיא הָאט דָאךְ אַזַא פַארְבְּרֶעכֶען גֶעטְהוּן. הַיינְט וואָס וואָלְט אִיהר גֶעטְהוּן מִיט דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען קִינְד וואָס זִיא וואָלְט גֶעבּוֹירֶען? אָהן שׁוּם רַחֲמָנוּת אוֹיף אַייעֶר קִינְדְס לֶעבֶּען (אִיךְ רֶעד שׁוֹין גָאר נִיט פוּן אִיהר קִינְדְס לֶעבֶּען וואָס אִיז גָאטט דִיא נְשָׁמָה שׁוּלְדִיג) וואָלְט אִיהר דוּרְךְ פַארְשִׁיעֶדֶענֶע רֶעצֶעפְּטֶען דוּרְךְ פַארְשִׁיעֶדֶענֶע בָּאבֶּעס אוּמְגֶעבְּרַאכְט בַּייא אִיהר אִין בּוֹיךְ, אוּנ טָאמֶער וואָלְט נִיט גֶעהָאלְפֶען, דָאס קִינְד וואָלְט גֶעבּוֹירֶען גֶעוואָרֶען לֶעבֶּעדִיג, וואָלְט אִיהר זִיךְ נָאךְ שְׁרֶעקְלִיכֶער בַּאנַאנְגֶען... אוּנ דֶערְנָאךְ?.. דֶערְנָאךְ וואָלְט זִיא שׁוֹין בַּייא אַייךְ נִיט גֶעבְּלִיבֶּען קֵיין קִינְד נָאר אַ אֵייבִּיגֶע אִיבְּרִיגֶע דִיעֶנְסְט אִין שְׁטוּבּ; אִיהר וואָלְט זִיא בֶּעסֶער אָהן שׁוּם רַחֲמָנוּת פוּן אַייעֶר שְׁטוּבּ פַארְטְרִיבֶּען, נָאר אִיהר וואָלְט מוֹרָא גֶעהַאט מֶען זָאל נִיט גֶעוואָהר וֶוערֶען, דִיא מִשְׁפָּחָה זָאל נִיט פַארְפְלֶעקְט וֶוערֶען. דְרוּם וואָלְט אִיהר זִיא גֶעמוּזְט הַאלְטֶען פַאר אַיין אֵייבִּיגֶע אִיבְּרִיגֶע דִיעֶנְסְט אוּנ זִיא וואָלְט טַאקֶע וַוייטֶער גֶעמוּזְט שְׁוַויגֶען, נִיט זָאגֶען קֵיין פְּרֶעטֶענְצִיֶעס הָאבֶּען צוּא אַייךְ, אוֹיךְ זַיין אַ קִינְד גְלַייךְ מִיט אַלֶע, וואָרוּם זִיא הָאט דָאךְ גֶעטְהוּן אַזַא פַארְבְּרֶעכֶען, — אַייעֶר אוּמְגְלִיקְלִיכֶע לאה הָאט גוּט גֶעוואוּקְסְט אַז יוּדִישֶׁע עֶלְטֶערן בַּייא אַזַא פַאל יֶענִין שׁוֹין נִיט קֵיין עֶלְטֶערן, נִיט קֵיין מֶענְשֶׁען מִיט רַחֲמָנוּת, נָאר דִיא שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶע מֶערְדֶער אִין דֶער וֶועלְט — זִיא הָאט גֶעוואוּקְסְט וואָס פַאר אַ לֶעבֶּען אִיהר שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר אִין דֶער צוּקוּנְפְט בַּייא אַייךְ, אִיז זִיא אַנְטְלָאפֶען, אוּנ הָאט זִיךְ נִיט פַארְטְרוֹיט פַאר אַייךְ, הָאטְשׁ זִיא הָאט זִיךְ גֶעווִיס פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אַז אִין דֶער פְרֶעמְד וֶועט אִיהר גָאךְ זַיין פִיעֶל עֶרְגֶער וִויא בַּייא אַייךְ, נָאר אִין דֶער פְרֶעמְד אַזוֹי צוּא לַייֶדען אִיז פִיעֶל בֶּעסֶער וִויא בַּייא אֵייגֶענֶע עֶלְטֶערן צוּא לַייֶדען וִוינְצִיגֶער; גֵיין לאה, חוּץ אִיהר אֵיינְצִיג פַארְבְּרֶעכֶען, אִיז זִיא מֶעהר נִיט שׁוּלְדִיג אוּנ גָאטט ווַייסְט וִויא אַזוֹי זִיא קוּמְט עֶרְגֶעץ אָבּ פַאר אִיהר פַארְבְּרֶעכֶען, מֶען קֶען זִיךְ פָארְשְׁטֶעלֶען וָואס עֶס קֶען וֶוערֶען מִיט אַ מֵיידֶעל אִין אַזַא שְׁטַאנְד אִין דֶער פְרֶעמְד, עֶלֶענְד אָהן גֶעלְד אָהן פְרַיינְד, וִויא עֶהְרְלִיךְ זִיא זָאל וֶועלֶען לֶעבֶּען, מוּז זִיא אַרַיינְפַאלֶען אִין דֶעם נִידְרִיגֶען שְׁטַאנְד! אוּנ וֶוער אִיז שׁוּלְדִיג אִין דֶעם אַלֶעמֶען אַז נִיט דִיא עֶלְטֶערן אַלֵיין?.. אַזוֹי וִויא עֶס הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען מִיט לאה׳ן, טְרֶעפְט זִיךְ נַאטִירְלִיךְ יֶעדֶער צַייט בַּייא פַארְשִׁיעֶדֶענֶע, אוּנ בַּייא אַזוֹינֶע יוּדִישֶׁע מֵיידְלֶאךְ וָואס וֶוערֶען אֵיין מָאל פַארְפִיהְרְט טְרֶעפְט זִיךְ זֶעהר וֶועלְטֶען זַייא זָאלֶען זִיךְ קֶענֶען אוֹיסְפְּלָאנְטֶען אוּנ בְּלַייבֶּען אוֹיף וַוייטֶע־

עהרליך. דיא עלטערן אליין מיט זייער מערדערישען באגעהן זיך מיט זייערע אומגליקליכע קינדער, טרייבען זייא אליין אין דיא טיעפע פינסטערע גריבער! אז איינער פאלט אונ געהט צוא גרונד, דארף מען איהם אויסשטרעקען ביידע האנד איהם ארויסשלעפען אונ ווייטער שטעלען אויף דיא פיס; איהר אבער, ניט נאר וואס איהר שטרעקט ניט דיא האנד, שטויסט איהר נאך אוועק פון זיך, דאכט זיך אין חדר לערנט מיט אונז דער רבי אנדעריש, נאר מיר פארגעסען. אונ עגען באגעהן זיך עלטערן ניט אזוי מערדעריש מיט זייערע טאכטער וואס האבען געהאט דאס אומגליק פארפיהרט צוא ווערען וויא ביא יודען, — אונ מען מיינט אז דערמיט טהוען זייא גוט, דערמיט באווארנט מען, עס זאל צווישען יודען זיין וועניגער אויסגעלאסענע. דער געדאנקען איז טאקע זעהר שאן אונ איידעל, יודען פאכט טאקע צוא טראכטען וועגען דעם אז ביא יודען זאל ניט זיין קיין אויסגעלאסענע, נאר זייא האבען א טעות, מיט זייער דעספאטיש באהאנדלען דיא אומגליקליכע פארמעהרן זייא נאך דיא אויסגעלאסענע; מען דערלאנגט זייא ניט דיא האנד נאר מען שטויסט זייא פון זיך אוועק, עס איז זעהר טרויעריג צוא זעהן, צוא הערען אז נאך דער סטאטיסטיק קומט אויס אז יודישע אפענטליכע אויסגעלאסענע איז דא מעהר פראצענטען וויא פון אלע אנדערע נאציעס! אונ ווער איז שולדיג אין דעם אלעמען ווען ניט דיא עלטערן אליין? אונ אנשטאט ווען זייא זאלען אויסשטרעקען דיא האנד וואלטען זייא געהאט צוריק איין עהרליך קינד, א בעל תשובה, שטויסען זייא אוועק, אונ זעהען אליין ניט וויא זייא טרייבען זייערע טאכטער (וואס וואלטען געקענט זיין עהרליך) אין דער פינסטערניש...

ר' שמואל בער האט געעפענט מויל אונ אויערען אונ זיך זעהר געוואונדערט וואס אהרקע געפינט פיר איין אויסגעלאסענע יודישע טאכטער נאך א זכות, ער האט וועגען דעם אביסעל געטראכט אונ זיך אנגערופען.

— על כל פנים, באשולדיגט ניט מיך, באשולדיגט ניט דיא אומגליקליכע עלטערן, וויא אזוי זאל מען ניט ווערען קיין מערדער אויף דעם קינד מיט איהר קינד אז דיא עלטערן ליידען אויף אייביג פון יעדען, פון דעם מינדסטען, אונ אלץ איבער איין אייגען קינד! לאה האט מיך בדיל הבדל געשטעלט, מיין געלד, מיין עהרליכען פארהארעוועטען נאמען, מיין קרעדיט, מיין פרנסה, אלעס אין דער וועלט האב איך פארלוירען איבער איהר; איך בין וויא פארשאלטען, פון מענשען וויא אין חרם, אונ אלץ איבער איהר, — קען מען בעשולדיגען דיא עלטערן וואס ווערען מערדערס איבער אזא קינד?

אהרקע איז אויף עטליכע מינוט געבליבען אהן ווערטער און ניט געוואוסט וואס צו ענטווערן. ער האט אלע מאל שטיל זיך אליין איבערגעחזרט: ר' שמואל בער איז אויך גערעכט, קען מען דען באשולדיגען די עלטערן ווען אזא פאל איז פאר זיי אזא גרויס אומגליק? שולדיג איז נאר אין דעם דאס „יודישע לעבען" - דאס יודישע לעבען איז שוין אזוי שלעכט צוזאמענגעשטעלט... לאה ביי איהר עהרליכען כאראקטער, ביי איהר ליעב האבען איהרע עלטערן, ביי איהר פיהלען איהר גרויס פארברעכען, וואלט זיך אפשר ענטשלאסען ניט צו אנטלויפען און זיין איין איבריגער קרבן, אבי די עלטערן זאלען ניט ליידען פאר איהרע, - נאר לאה איז נאך געוועזען צו יונג זיא זאל אזוי גוט קענען דאס יודישע לעבען און וויסען אז איבער א קינדס פארברעכען זאלען אזוי פיעל, אזוי לאנג, אזוי שטארק עלטערן ליידען און אבקומען... ניין, לאה איז ניט שולדיג, זיא האט ניט געוואוסט...

פון דענסטמאל אן פלעגט אהרקע ווייניגער ביי איהרע עלטערן אין הויז דערמאנען לאה'ן, זיא פלעגען שוין כמעט ניט ארויפקומען אויף דעם שמועס. שפעטער ווען אהרקע איז געווארען קאמיסיאנער און איז געוועזען שטענדיג באשעפטיגט, פלעגט ער זעלטען זיין אין ר... און ווען ער פלעגט יא אמאל אין א יאהר קומען, פלעגט מען פארגעסען אן לאה'ן. -

ר' שמואל בערן האט זיך ווייטער ניט געלעבט בעסער וויא פריהער. אזוי זענען אוועקגעגאנגען עטליכע יאהר. און ער איז אזוי געוואהנט געווארען מיט זיין טרויעריגער לאגע אז ער האט שוין גאר פארגעסען ווער איז אין זיינע אומגליקען שולדיג, נאר ווען פיאדאר איוואנאוויטש מיט זיין פאמיליע האבען זיך באזעצט אין ר... ווען פיאדאר איז געקומען צו איהם, האט ער ווייטער זיך דערמאנט אן לאה'ן און זיא אין אלעמען באשולדיגט.

פיאדאר איז דערציטערט געווארען ווען ער האט דערזעהען אין וואס פאר א שלעכטע לאגע ר' שמואל בער געפינט זיך, און נאך מעהר ווען ער איז געוואהר געווארען אז אין דעם אלעמען איז שולדיג לאה דערמיט וואס זיא האט פארפלעקט זייער נאמען, זייער משפחה.

די גאנצע צייט, מיט וואס ער האט גאר געקענט האט ער איהם מיטגעהאלפען. פיאדאר אלעס גרויסער סוחר, וואס א סך ר-ער יונגען האבען זיך געדרעהט ארום איהם, אלס בעל בית וויא מען זאגט „מיט דער ברייטער האנד", וואס וויא נאר עפעס ווען מען האט באדארפט

האבען אויף שטאדט זאבע: פלעגט ער שטענדיג געבען שאן געלד, אדאנק דעם אלעמען האט ער געהאט א גרויסען ווערטה אין ר...

פיאדאר האט זיך פארגענומען ער זאל לאה'ס אומגליקליכען פאטער שטעלען אויף זיין פריהערדיגען שטאנד.

אדאנק פיאדערן, האט ר' שמואל בער ווייטער געשטעלט זיין קלייט אויף דיא פריהערדיגע פיס, באקומען שאנע קרעדיט, אפילו אין מזרח וואנד פלעגט ער שוין אויך זיצען און ששי פלעגט מען איהם אויך אויפרופען.

וועגען דעם „פלעק" האט מען שוין אין ר... לאנג פארגעסען, פון דיא אלטע „בייזע מיילער" און „פליאטקעמאכערס", זענין שוין א סך געשטארבען, א סך האבען אויך פארגעסען און דיא וואס רעדען נאך האבען באקומען א הייזעריגע קול.

פאר א יאהרען שמחת תורה, האבען דיא חסידים פון ר... זיך אזוי צושפורט אז זייא האבען אויסגעמאכט זייער אלטען גבאי, פיאדאר האט פארגעלעגט עטליכע עמער וויין מען זאל אויסקלייבען ר' שמואל בערען, ווייל ער איז איין אלטער גבאי און ווייסט זיין זאך, דיא חסידים האבען ווייטער געמאכט ר' שמואל בערען פאר א גבאי און ער איז גבאי פון דעם ר-ער הקדש עד היום. —

21

## צווישען פיער אויגען.

א קליין שטאדטיל זאגט מען, איז וויא א לאטערנע — דיא מינדעסטע זאך וואס דארט קומט פאר זעהען אלע, פארקיינעם ווערד קיין שום זאך ניט פארבארגען. — ווען דיא פוהר מיט דער אלטער יודענע און מיט דער קראנקער לאה איז אריינגעפאהרען אין שטאדט, האט שוין דאס גאנצע שטאדטיל געוואוסט דיא אורזאכע דערפון, פריהער נאטירליך זענין געווארען דיא ווייסע חברה וואס האבען זיך געשפילט דעם אבענד אויף דער גאס און האבען פלוצים דערזעהען וויא עס שלעפט זיך א פוהר, עס ליגט א יודענע און דיא אלטע יודענע (זייער איין אלטע בעקאנטע) זיצט נעבען איהר, מסתמא איז דאס עפיס ניט קיין רייניע זאך, דרום האבען זייא אנגעהויבען נאך לויפען.

דיא אלטע יודענע האט זייא אלע מאל אבגעטריבען מיט דעם

שְׁטֶעקֶען, נָאר עֶס הָאט נִיט גֶעהָאלְפֶען, זֵייא הָאבֶּען זֵיא בַּאלֵייט בִּיז ר׳ שמואל בּערס שְׁטוּבּ. —

אַלֶע פוּן שְׁטוּבּ זֶענִין אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען אוּנ ר׳ שמואל בֶּער דֶער גַבַּאי אוֹיךְ, דִיא אַלְטֶע יוּדֶענֶע הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעטֶען עֶר זָאל גֶעבֶּען אַ קְווִיטֶעל מֶען זָאל דִיא אָרִימֶע קְרַאנְקֶע אַרֵיין נֶעמֶען אִין הֶקְדֵשׁ. —

— ווִיא קֶען אִיךְ אַייךְ גֶעבֶּען אַ קְווִיטֶעל אַז אִין הֶקְדֵשׁ נֶעמֶען מִיר נִיט אַרֵיין בַּאנַאכְט?

— וָואס זָשֶׁע זָאל אִיךְ טְהוּן, זָאל אִיךְ זִיא לָאזֶען נֶעכְטִיגֶען אוֹיף דֶער גַאס? אִיךְ וֶועל אַייךְ נִיט אָבְּטְרֶעטֶען בִּיז וַואנֶען אִיהר וֶועט מִיר גֶעבֶּען אַ קְווִיטֶעל, וֶוען נִיט לֶעג אִיךְ זִיא אַנִידֶער נֶעבֶּען אַייעֶר שְׁטוּבּ אוּנ אִיהר גַבָּאִים טְהוּט מִיט אִיהר וָואס אִיהר ווִילְט, מַיין נְשָׁמָה וֶועט זַיין רֵיין אוּנ טָאמֶער וֶועט זִיא שְׁטַארְבֶּען אִין גַאס וֶועט אַייעֶר נְשָׁמָה אָבְּקוּמֶען.

דִיא אַלְטֶע יוּדֶענֶע הָאט פַארְשְׁטַאנֶען אַז אָהן אַזַא מִיטֶעל וֶועט זִיא גָאר נִיט פוֹעֶלִין, דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט אוֹיךְ גֶעשְׁרִיגֶען וָואס הַאלְט מֶען אִיהם אוּמְזִיסְט, דִיא אַלְטֶע יוּדֶענֶע הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען אַרָאבּ נֶעמֶען דִיא קְרַאנְקֶע אוּנ זִיא אַנִידֶערְזֶעצֶען אוֹיף דֶער פְּרִיזְבֶּע פוּן דֶעם גַבָּאִים שְׁטוּבּ.

לאה, אָנְשְׁפַּארֶענְדִיג זִיךְ אוֹיף דֶעם בַּעַל עֲגָלָה אִיז אַרָאבְּגֶעקְרָאכֶען פוּן וָואגֶען, מֶען הָאט זִיא אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוֹיף דֶער פְּרִיזְבֶּע, דִיא אַלְטֶע יוּדֶענֶע הָאט גֶעפוּנֶען פַאר בֶּעסֶער זִיא זָאל זִיךְ דָא מֶעהר נִיט גֶעפִינֶען, וֶועט מֶען דִיא קְרַאנְקֶע גֶעוִויס עֶרְגֶעץ אַרֵיין נֶעמֶען, אוּנ זִיא אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּא אַיין אַ בַּאקַאנְטֶער בַּעַל בַּיתְטֶע אִיבֶּער נֶעכְטִיגֶען אִין קִיךְ בִּיז אִין דֶער פְרִיה, ווִיא וֶועט זִיא זִיךְ קֶענֶען שְׁלֶעפֶּען בְּלִינְדֶערְהֵייט בַּאנַאכְט אוֹיף דֶער „גַאס?״.

לאה הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען ווִיא אִין חָלוֹם, זִיא הָאט גָאר נִיט גֶעזֶעהֶען וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ מִיט אִיהר אוּנ וואו זִיא גֶעפִינְט זִיךְ. דֶער עוֹלָם אִיז אַרוּם אִיהר אַלֶע מָאל גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען, אַ סַךְ הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ שְׁטַארְק זִידְלֶען דֶעם גַבַּאי וָואס עֶר לָאזְט דִיא קְרַאנְקֶע אַזוֹי. —

ר׳ שמואל בּער וָואלְט אֶפְשֶׁר קֵיינֶעמְס זִידְלֶען נִיט גֶעהֶערְט אוּנ זִיךְ בַּאגַאנְגֶען ווִיא עֶר הָאט גֶעוָואלְט, ד. ה. ווִיא דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז פוּן יוּדִישֶׁע גַבָּאִים, אַז אֵיידֶער זֵייא גִיבֶּען דֶעם אָרִימַאן אַ קְווִיטֶיל אוֹיף עֶפִּים צִיהֶען זֵייא אִיהם פְרִיהֶער אַרוֹיס דִיא עֲצָמוֹת; נָאר עֶר אִיז נִיט לַאנְג גַבַּאי גֶעוָוארֶען, נָאךְ אַזוֹי פִיעֶל מִיהֶע, דֶערִיבֶּער הָאט עֶר

נִיט גֶעקֶענְט צוּהֶערֶען אַזוֹי גְלַייכְגִילְטִיג וִויא מֶען זִידֶעלְט אִיהם, עֶר הָאלְט בַּאלְד דִיא מִינוּט גֶענֶעבֶּען אַ קְווִיטֶעל נָאר צְווִישֶׁען דֶער חֶבְרָה פוּן הֶקְדֵשׁ אִיז טַאקֶע גֶעוֶועזֶען אַ כְּלָל: בַּאנַאכְט זָאל מֶען נִיט אַרַיין נֶעמֶען קֵיין קְרַאנְקֶע, וַוייל פְרִיהֶער אֵיידֶער מֶען הָאט גֶעמַאכְט דֶעם כְּלָל, פְלֶעגֶען גֶעזוּנְדֶטֶע אָרִימֶע לַייט וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט וואו צוּא גֶעכְטִיגֶען, קוּמֶען אִין הֶקְדֵשׁ אַז: דֶערְנָאךְ אִיז זֵייא גֶעוֶועזֶען שְׁוֶוער אַרוֹיסְצוּטְרַייבֶּען. דַארוּם הָאט מֶען גֶעמַאכְט דֶעם נַייעֶם כְּלָל, דֶער פוּן הָאבֶּען גֶעוואוּסְט אַלֶע, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען וִויא דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז, הָאט דֶער עוֹלָם נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּא זִידְלֶען דֶעם גַבַּאי.

עֶנְדְלִיךְ הָאבֶּען זִיךְ צְווִישֶׁען עוֹלָם גֶעפוּנֶען אַזוֹינֶע וָואס הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אַז זֵייא ווִילֶען נֶעמֶען דִיא קְרַאנְקֶע צוּא זִיךְ אִיבֶּער נַאכְט. דָא הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט דֶערְמָאנְט ר' שְׁמוּאֵל בֶּער אַז עֶס פַּאסְט נִיט פַאר אִיהם, זִיא לִיגְט אוֹיף זַיין פְרֵייזֶע, צוּא אִיהם הָאט מֶען זִיא גֶעבְּרַאכְט. פְרֶעמְדֶע וָואס זֶענִין נִיט קֵיין גַבָּאִים ווִילֶען זִיא אַרַיינְלָאזֶען אוּנ עֶר נִיט, הָאט עֶר בַּאלְד גֶעהֵייסֶען דִיא קְרַאנְקֶע יוּדֶענֶע זָאל אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען בַּייא אִיהם אִין שְׁטוּב, דֶעם עוֹלָם אִיז דָאס זֶעהר גֶעפֶעלֶען פוּן זֵייעֶר גַבַּאי אוּנ זֵייא זַיינֶען זִיךְ שְׁטִיל צוּגַאנְגֶען, ר' שְׁמוּאֵל בֶּער אִיז גֶעוֶועזֶען אַוַודַאי צוּא פְרִידֶען, וָואס קֵיינֶער וֶועט אוֹיף אִיהם אַ שְׁלֶעכְט וָוארְט נִיט זָאגֶען אוּנ מֶען וֶועט אִיהם נָאךְ לוֹיבֶּען. —

שִׂפְרָה, ר' שְׁמוּאֵל בֶּערס וַוייבּ, הָאט וִויא אַיין עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶענֶע אַ גַבַּאִיטֶע רַחֲמָנוֹת גֶעקְרִיגֶען אוֹיף דֶער אָרִימֶער קְרַאנְקֶער, אוֹיסְגֶעבֶּעט פַאר אִיהְר אַ ווַייךְ בֶּעטֶעל, זִיא אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט אוּנ גֶעפְרֶעגְט זִיא:

– וָואס טְהוּט אַייךְ וֶועה לִיבֶּע יוּדֶענֶע, בַּארְף מֶען שִׁיקֶען נָאךְ אַדָאקְטָאר?

– נֵיין, אִיךְ דַארְף קֵיין דָאקְטָאר נִיט... אִיךְ ווִיל זִיךְ אָפְּרוּהֶען, אִיךְ בִּין זֶעהר מִיעֶד. אִיךְ הָאבּ מָארְגֶען צוּא וֶוערֶען גֶעזוּנְד, וֶוען נִיט וֶועל אִיךְ מוּזֶען צַרַיין אִין הֶקְדֵשׁ, דָארְטֶען זֶענִין דָא דָאקְטוֹרִים. —

לאה, הָאט אִין גָאר נִיט דֶערְקֶענְט אַז זִיא רֶעדְט מִיט אִיהר אֵיינֶענֶע מוּטֶער, עֶס הָאבֶּען אִיהר כִּמְעַט אַלֶע אֵבָרִים וֶועה גֶעטְהוּן, דֶער קָאפּ הָאט זִיךְ אִיהר גֶעדְרֶעהְט, זִיא הָאט גָאר נִיט גֶעזֶעהֶען אַרוּם זִיךְ, זִיא הָאט נָאר גֶעוָואלְט זַיין אַלֵיין, זִיךְ אָפְּרוּהֶען, זִיךְ אִיבֶּערְשְׁלָאפֶען אוּנ פוּן אַ דָאקְטָאר, פוּן עֶסֶען הָאט זִיא זִיךְ אָבְּגֶעזָאגְט, קַיים הָאט מֶען זִיא אַיינְגֶעבֶּעטֶען אוֹיסְטְרִינְקֶען אַ גְלָאז טְהֵעע מִיט אַ שְׁטִיקֶעל וַוייסֶע בּוּלְקֶע.

דַיים הָאט אוֹיף אִיהר זֶעהר גוּט גֶעווִירְקְט אוּנ אִיז אוֹיף אִיה־

ווייבען געלענער געשמאק אנטשלאפען געוואָרען. אין שטיבל האט מען איבערגעלאזט א לעמפיל ברענען די גאנצע נאכט, די קעכען וואס שלאפט שטענדיג אין קיך, האט מען געהייסען איבער היינטיגע נאכט זיך לעגען אין שטיבעל וואו די קראנקע איז, טאמער וועט זיא זיך אויפהאפען אונ עפּיס וועלען.

* *
*

זינט ר' שמואל בער'ין האט אָנגעהויבען געהן בעסער אונ בפרט נאך זינט ער איז געוואָרען נאך אמאל גבאי, האבען אין זיין שטוב אָנגעהויבען אריינצוגעהן אָפטער מענשען, זעלטען איז געוועזען איין אָבענד אז עס זאלען זיך ביא טהעע ניט געפינען א צווייא פרעמדע אונ א פינף היימישע מענשען, שטענדיגע איינגעהערס, ווער רעדט שבת'צו־נאכטס, איז די שטוב געוועזען כמעט פול מיט היימישע, דאס פאר־שטעהט מען אויך אז צווישען די היימישע האבען זיך אויס גערעכענט ר' אהרן דער קאמיסיאָנער אונ פיאדאר איוואנאוויטש.

פיאדאר פלעגט קומען זעהר זעלטען ווייל ער איז געוועזען זעהר פארנומען מיט זיינע געשעפטען. ר' אהרן דעקעגענגלייכען, נאר זינד עס האט זיך איבער די פּאגראָמען אויסגעלאזט די קאמיסיעס, אונ ער איז געקומען א היים, האט ער אָבענדצייט אָנגעהויבען אריין צוקומען אָפטער. היינטיגען אָבענד איז ער אויך געוועזען ביא ר' שמואל בער'ן. פריהער האבען זיא גערעדט פון אלערליי פּאטשטען, נאר איבער דער קראנקער יודענע האבען זיא אָנגעהויבען רעדען פון הקדש, אהרן האט געזאָגט אז עס איז זעהר ניט גוט וואס עס איז אין דעם היגען הקדש אָנגעפיהרט אז באנאכט זאל מען ניט אריינעמען קיין קראנקען אונ ר' שמואל בער האט פון זיין זייט דערוויזען אז באנאכט איז ניט מעגליך, קיין דעזשורנע דאקטורים האט דער הקדש ניט אונ מען קען ניט וויסען ווער עס איז קראנק אונ ווער ניט – געה גלויב אַיין קבצן! פאר איין יאבעל מיט א פריש בולקע וועט ער זיך אלע מאָנ־טאָג אונ דאָנערשטאג מאכען קראנק, אהרן איז אויך באשטאנען אז אנדערש קען ניט זיין.

– איך וואלט שוין פון דעסטוועגן געגעבען איין קוויטעל פאר דער יודענע, נאר ווער ווייסט צוא דאַרטען איז דא א ליידיג אָרט! דאס הקדש איז שטענדיג פול מיט קראנקע, אויב די יודענע איז טאקי באמת קראנק וועט מען מוזען מאָרגען אויסשרייבען איינעם.

12 דעם זייגער האבען שוין אַלע ביא ר' שמואל בער'ין אין

שְׁטוּב גֶעשְׁלָאפֶען, אִין אַלֶע פֶענְסְטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען פִינְסְטֶער, נָאר בַּייא דֶער קְרַאנְקֶער יוּדֶענֶע אִין שְׁטִיבֶּעל הָאט דָאס לֶעמְפֶּעל גֶעלוּכְטֶען, דִיא קֶעכִין הָאט וִויא תָּמִיד זֶעהר גֶעשְׁמַאק גֶעשְׁלָאפֶען, לאה הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוּמְקוּקֶען, זִיא אִיז זֶעהר פַארְוואוּנְדֶערְט גֶעוָוארֶען וֶוען זִיא הָאט דֶערְזֶעהֶען אַז זִיא לִיגְט אִין אַ וַוייךְ בֶּעט מִיט אַ קִישֶׁען צוּא קָאפֶּענְס, מִיט אַ וַוייס לַיילֶעךְ, זִיא הָאט שׁוֹין לַאנְג אוֹיף קַיין וַוייךְ גֶעלֶעגֶער נִיט גֶעשְׁלָאפֶען. נָאךְ דֶעם אִיבֶּערְשְׁלָאפֶען זִיךְ הָאט זִיא זִיךְ גֶעפוּנֶען זֶעהר גוּט, אוּנ גֶעפִיהְלְט וִויא אַלְלֶע אִיהְרֶע צוּבְרָאכֶענֶע בֵּיינֶער הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעגְלַייכְט, מִיט פֶּערְגֶענִיגֶען אִיז זִיא גֶעלֶעגֶען אַזוֹי רוּהִיג אִין דֶערְשְׁטִיל, אַרוּם אִיהר אִיז אַזוֹי לִיכְטִיג, אַזוֹי רֵיין, אַ גוּטֶע לוּפְט; דָאס אַלֶעס הָאט אוֹיף אִיהר אַזוֹי גוּט גֶעוִוירְקְט אַז זִיא אִיז פַארְקָאמֶען גֶעקוּמֶען צוּא זִיךְ, צוּא אִיהְרֶע אַלֶע גֶעדַאנְקֶען, צוּבִּיסְלֶעכְוַוייז הָאט זִיא זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְמָאנֶען וָואס אִיז מִיט אִיהר הַיינְטִיגֶען טָאג פָּארְגֶעקוּמֶען, נָאר וואוּ גֶעפִינְט זִיא זִיךְ אִיצְטֶער? אִין הֶקְדֵשׁ? צוּא אִין אַ שְׁטוּב בַּייא אַ גוּטֶען מֶענְשֶׁען וָואס הָאט אוֹיף אִיהר רַחֲמָנוֹת גֶעהַאט?

פְּלוּצִים הָאט זִיא זִיךְ מִיט גְרוֹיס שְׁרֶעק אוּנ מִיט גְרוֹיס וואוּנְדֶער אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפּ פוּן קִישֶׁען אוּנ הָאט נִיט אַרָאבְּגֶענוּמֶען דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם מֶעשֶׁענֶעם חֲנוּכָּה לֶעמְפֶּעל מִיט דִיא מֶעשֶׁענֶע פֵיינֶעלֶעךְ וָואס עֶס אִיז גֶעהַאנְגֶען אוֹיף דֶער וַואנְד.

– גָאטט! דָאס אִיז דָאךְ מַיין טַאטֶענְס חֲנוּכָּה לֶעמְפֶּעל, אִיךְ גֶעדֶענְק וִויא הַיינְט אַ גַאנְצֶען יָאהר פְּ׳עֶנְט עֶס הֶענְגֶען פַאר אַ צִירוּנְג אוֹיף דֶער וַואנְד, נָאר עֶרֶב חֲנוּכָּה פְּלֶעג אִיךְ עֶס אַרָאבְּנֶעמֶען, אָבְּרַייבֶּען אוֹיסְוַוישֶׁען אוּנ אָנְגִישֶׁען בּוֹימֶעל פְרִיהֶער אִין אַיין רֶעהְרִיל, אוֹיף מָארְגֶען אִין צְוַוייא א. ז. וו. וִויא דֶער טַאטֶע הָאט גֶעהֵייסֶען אוּנ שְׁטֶעלֶען עֶס בַּייא דֶער טְהִיר אוֹיף אַ בֵּיינְקֶעל אוּנ עֶר פְּלֶעגְט אַלֶע אָבֶענְד אוֹיף אַ שֶׁאן קוֹל מִיט אַ נִיגוּן בֶּענְטְשֶׁען חֲנוּכָּה לִיכְטְלֶעךְ, וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען נָאךְ אַ קְלֵיין מֵיידֶעלֶע פְּלֶעג אִיךְ זַיין זֶעהר פְרֶעהְ׳יךְ אִינ פְלֶעג לַאבֶּען פוּן דֶעם לַאנְגֶען שְׁטִיקֶעל סְטָאטְשִׁיק וָואס דֶער טַאטֶע פְּלֶעגְט זָאגֶען אַז עֶר אִיז אַ שַׁמָשׁ, אוּנ הִיט אָב דִיא אִיבְּרִיגֶע לִיכְטְלֶעךְ זָאלֶען בְּרֶענֶען... אִיךְ הָאבּ גָאר פַארְגֶעסֶען אַז אִיךְ גֶעפִין זִיךְ אִיצְט אִין ר... אִין מַיין גֶעבוּרְטְסְשְׁטָאדְט. פָאהְרֶענְדִיג וֶוען אִיךְ הָאבּ דֶערְזֶעהֶען דִיא שְׁטָאדְט, הָאבּ אִיךְ זִיךְ דֶערְפְרֵייט וָואס אָט בַּאלְד, בַּאלְד וֶועל אִיךְ זַיין אִין דֶער הֵיים, אִיךְ וֶועל זֶעהֶען מַיין קִינְד, אוּנ דֶערְנָאךְ אֶפְשָׁר וֶועלֶען רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף מִיר מַיינֶע עֶלְטֶערְן אוּנ וֶועל

זייטער ווערען ביי א קינד, נאר דער טויט פון ר' זלמינע האט מיר באלד דעם קאפ פארשלאגען, איך האב שוין פארגעסען אן אלעם אין דערנאך ווען מען האט מיר געזאגט אז שיינדעלע מיט רייזעלען זענען אוועקגעפאהרען, דיא מענשען פארקויפען חייקע דיא מעקדערקע האט זיא געגעבען א שטעלע, איז מיר פינסטער געוואָרען אין מיינע אויגען, איך האב געפיהלט וויא איך ווער אן מיינע כוחות... איך בין געפאלען ווי אדערהרגעטע, איך האב זיך אין גאנצען פארגעסען וואו איך געפין זיך, וואס עס טהוט זיך מיט מיר, איך האב אפילו פארגעסען אז איך געפין זיך אין דער שטאדט ה...

זיא האט זיך ווייטער מעהר אנגעהויבען ארומקוקען אונ האט ווייטער א סך זאכען דערקענט, זיא האט כמעט אויסגעשריגען:

– גאט, איך געפין זיך ביי מיינע עלטערן אין שטוב! אין מיין געוועזענער ספאלניע, דורך דעם פענסטער בין איך פון מיינע עלטערן אנטלאפען, אלעס איז מיר דא אזוי בעקאנט, דיא יודענע וואס האט מיך איינגעדעקט אונ איינגעהילט אונ אויסגעפרעגט מיך צוא וויל איך עפיס–איז געוועזען מיין מוטער!... איך האב זיא ניט דערקענט, אוי וויא זיא איז פארעלטערט געוואָרען, וויא שווער איז זיא צודערקענען! נאר איין אלטע יודענע געוואָרען, נאך עלטער פון מיר!.. נאר איצטער, איצטער האב איך זיא דערקענט!.. זיא האט מיך ניט דערקענט, זיא האט איהר טאכטער ניט דערקענט!.. אונ ווער קען מיך גאר דערקענען? ווער וועט דען אין מיין פארפינסטערט פנים גאר גלויבען אז איך בין דיא לאה!.. גאט! וואס זאל איך איצט טהון? צוא זאל איך מאנצען פאר פרייד, צוא זאל איך וויינען פאר צרות?!...

אין איהר הארץ איז פארגעקומען ביידע זאכען, עס האט זיך איהר געפרייט אונ געוויינט, דער קאפ האט ווייטער אנגעהויבען דרעהן זיך וויא פריער.

–וואס זאל איך איצט טהון? זאגען זייא אז איך בין זייער טאכטער? וואס זשע וועט דערפון זיין? עס קען זיין אז וועל זייא מיט דעם נייעם ווייטער אומגליקליך מאכען, געוויס האבען זייא שוין אן מיר לאנג פארגעסען אונ לעבען געוויס גליקליך, וואס האב איך זייא אומגליקליך צוא מאכען אויפרייצען דיא אלטע וואונדען? געוויס האבען זייא ניט געלעקט קיין האניג פון מיין אנטלויפען . . . אונ ווידער ווער ווייסט צוא זייא וועלען מיך צונעמען וויא א טאכטער, וויא א קינד? – דען וואס בין איך?.. נידריג... אונ פארדארבען...

פארדיזען איך דען מיינע עלטערן זאלען מיך צוריק צונעמען וויא א קינד?... בארעכענענדיג אלעס, וואלט געוועזען זעהר נאריש ווען זייא זאלען מיך דערקענען, ווען איך זאל זייא אויסזאגען... נאר, אז זיין, זייא וועלען זיך דערפרייען מיט מיר אונ וועלען מיך צונעמען וויא א קינד, וואס וועט זיין דענסטמאל, וואס וועט פון מיר דענסטמאל זיין? איך בין שוין סאי וויא סאי א פארפאלענע, איך קען מעהר בייא מיינע עלטערן ניט ערווארטען נאר וויא זיצען בייא זייא אונ עסען אונ טרינקען; נאר אויב אזוי, וועל איך שוין ניט טארען דערמאנען אז איך האב א טאכטער וואס איך האב זיא ליעב, איך וועל זיין זאט, לעבען רוהיג אונ זיא מיט שינדעלען, ר׳ זלמינעס קינד, מוטשען זיך ערגיץ דארט, עס קען זיין אז זייא פלאגען זיך אין אזוינע ארטער וויא איך. א גיין, דאס וועט ניט זיין, איך ווייס איצטער אלע וועגען וואו זייא צוגעפינען, איך האב אלעס אליין איבערגעלעבט, איך וועל זייא געפינען, אונ וועל זייא ארויסראטעווען כל זמן זייא זענען נאך יונג, לאם איך נאר אביסעל קומען צוא זיך, לאם איך נאר לעבען! אונ דערנאך וועל איך קומען צוא מיינע עלטערן, וויא אזוי עס וועט שוין דערנאך זיין מעג זיין, אליין איינס איך וועל שוין סאי וויא סאי זיין גליקליך, סאי איך וועל לעבען סאי איך וועל שטארבען...

זיא האט זיך שטרענג ענטשלאסען ניט דערלאזען מען זאל זיא דערקענען. ניט אויסזאגען ווער זיא איז, ביז זיא וועט ניט געפינען דיא קינדער, דיא גאנצע נאכט האט זיא זעהר פיעל געוויינט אינ געלאכט פאר פרייד אונ פאר צרות; איהר וואלט זיך שוין אזוי בלייבען אויף אייביג דא בייא איהרע עלטערן. נאר, נאר איהר רייזעלע, שינדעלע!...

* *
*

אויף מארגען אבענד בייא טהעע, האבען זיך וויא תמיד בייא ר׳ שמואל בער׳ס טיש אויך געפונען עטליכע פון דיא היימעשע איינ־געהערס. ר׳ שמואל בער איז עפיס געוועזען וויא ניט צופרידען מיט זיך אונ האט געקלאגט פאר אהרנ׳ען.

מיר האבען נעכטען גערעדט וועגען אונזער הקדש, איך האב אייך באלד געזאגט אז איך האב מורא איך זאל פאר דער יודענע־קיין ארט ניט געפינען, היינט בין איך צוא ליעב דער קראנקער געוועזען

אין הקדש אונ האטש צוביים זיך איז ניט דא וועמען אויסצושרייבען, קיינער שטארבט ניט אונ קיינער ווערד ניט געזונד, דערווייל איז געוואָרען נאכט אונ איך האב גאר ניט אויסגעפירט: אפשר מארגען וועל איך איינע אויסשרייבען, היינט זעהט וואס מען טראגט איבער אז מען איז א גבאי, יעדער זידעלט אונ זאגט דעות אונ מען מוז נאך שווייגען ווארום זאגט עפּיס א וואָרט וועט מען דיך באלד אבשיטען מיט קוילען. —

— איך פארשטעה ניט, דאט איינער פון דיא היימישע זיך אנגערופען, אז עס איז פארט ניט דא קיין ארט וואס זיא קענט איהר טהון? —

— וואס איך קען טהון! עס איז אוודאי שלעכט דערווייל ליגט זיא ביי מיר, מיין שפרה אונ דיא קעכין קלאגען זיך זעהר אז זייא קענען פון איהר ניט איבערטראגען, זייא האבען שוין ביידע קיין קאפּ פון איהר, איך האב שוין אויף זייא רחמנות געהאט, זייא איבערגעביטען אונ געזעסען א שעה געבען דער קראנקער אונ האב געמיינט אז איך באקום דעם שלאג פון איהר, עפּיס איז זיא משוגע צוא וואס. זיא טהוט מעהר ניט נאר זיא וויינט אונ לאכט...

— וואס הייסט עס? האבען אלע געפרעגט, וואס זאגט דער דאקטאר? —

— זיא האט דעם דאקטאר אפילו ניט געוואלט צולאזען צוא זיך, דער דאקטאר האט געזאגט אז דא קען ער מיט איהר גאר ניט מאכען, ער וועט שוין אבוואַרטען ביז זיא וועט אריין אין הקדש, דערווייל קומען מיר אב. —

— וואס זשע אַרט, אייך לאז זיא זיך וויינען אונ לאכען.

— זיא לאזט אבער קיינעם ניט רוהען, זיא וואַרפט זיך אויף מיר אויף שפרה'ן האפט זיך קושען וויינען אונ לאכען, ווען זיא האפּט אן ביא דער האנד איז ניט מעגליך ארויסצורייסען. —

— זיא רעדט גאר ניט? וואס זאגט זיא? וואס איז איהר קראנקהייט?

— זיא רעדט זעהר ווינציג אונ ענטווערט א וואָרט איבער דעם צעהנטען, ווען דיא קעכין זיצט געבען איהר איז זיא אביסיל שטילער, נאר דיא קעכין איז שוין אויך פארמוטשעט אונ וויל ניט זיצען געבען איהר שטענדיג, איצטער מוז ווייטער זיצען געבען איהר שפרה, מען האט מיר צוגעזאגט אז מען וועט מיר שיקען א מענשען איבער נאכט, איך וואלט שוין גערן ער זאל קומען. —

צְווִישֶׁען דִיא הֵיימִישֶׁע הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אֵיינִיגֶע אַז זֵייא ווִילֶען אִיבֶּערְבֵּייטֶען שִׂפרה׳ן; ר׳ שְׁמוּאֵל בֶּער הָאט זֵייא זֶעהר גֶעדַאנְקְט, אהרן אִיז גֶעגַאנְגֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער, שִׂפרה הָאט אִיהם מִיט פִיעל דַאנְק אָפְּגֶעטְרֶעטֶען אִיהר בֶּענְקִיל אוּנ אהרן הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט גֶעבֶּען דֶער קְרַאנְקֶער.

עֶר הָאט זִיךְ פוּן ר׳ שְׁמוּאֵל בער׳ס דֶערְצֶעהְלֶען, בַּאלְד פַאר־אִינְטֶערֶעסִירְט פַאר דֶער קְרַאנְקֶער אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּקֶען אוֹיף אִיהר ־קיין אויג נִיט אַרָאבּ גֶענוּמֶען לאה אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף אִיהר גֶעלֶעגֶער שְׁטִיל אוּנ אַלֶעס גֶעעֶנְטְווֶערְט וָואס עֶר הָאט גֶעפְרֶעגְט, אִיהם הָאט הֲנָאָה גֶעטְהוּן וָואס עֶר אִיז אוֹיךְ אַזוֹא גְלִיקְלִיכֶער ווִיא דִיא קֶעכִין, וָואס דֶער חוֹלֶה פִיהְרְט זִיךְ שְׁטִיל. —

- וָואס אִיז אַייעֶר קְרֶענְק, וָואס טְהוּט אַייךְ וֶועה? וָואס דָאט אַייךְ דֶער דָאקְטָאר גֶעזָאגְט? הָאט עֶר אַלֵין גֶעפְרֶעגְט.

— אִיךְ בִּין שְׁלַאף. אִיךְ בִּין זֶעהר שְׁוַאךְ, נָאר אִיךְ הָאף אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג אַרוּם וֶוען אִיךְ וֶועל זִיךְ אוֹיסְרוּהֶען וֶועל אִיךְ אִין גַאנְצֶען וֶוערֶען גֶעזוּנְד. —

מֶעהר הָאט זִיךְ אהרן בַּייא אִיהר נִיט גֶעקֶענְט דֶערְפְרֶעגֶען אוּנ הָאט וַוייטֶער גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהר; פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אַז עֶס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ גֶעוֶועזֶען זִיא זָאל אִיהם דֶערְקֶענֶען, זִיא הָאט אהרקען גֶעקֶענְט פַאר אַ דַאר קְלֵיין יוּנְגֶעלֶע אוּנ אִיצְטֶער אִיז עֶר אַזוֹי אוֹיסְגֶעוַואקְסֶען אוּנ פַארְוַואקְסֶען מִיט אַ גֶעדִיכְטֶער בָּארְד. אִיבֶּער דֶער בָּארְד אִיז שְׁטֶענְדִיג שְׁוֶוער צוּא דֶערְקֶענֶען דִיא מֶענְשֶׁען וָואס מֶען הָאט גֶעקֶענְט נָאךְ אַלְס יוּנְגֶע לַייט, לאה הָאט זִיךְ פַארְאִינְטֶערֶעסִירְט וֶוער אִיז דֶער מֶענש וָואס אִיז דָא אִין שְׁטוּב, טָאמֶער אַיין אֵיידִים אָדֶער אַ קָרוֹב אוּנ הָאט אִיהם וֶועגֶען דֶעם גֶעפְרֶעגְט. —

— אִיךְ בִּין דָא אַ גוּטֶער בַּאקָאנְטֶער, אִיךְ גֶעה אַרַיין אָפְּט אַהֶער הָאט עֶר גֶעעֶנְטְוֶוערְט. —

מֶעהר הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶערֶעדְט, אהרן הָאט מֶעהר אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּקֶען אוֹיף אִיהר, עֶפִּיס אִיז אִיהם אִין אִיהר אַ סַךְ גֶעוֶועזֶען בַּאקָאנְט, נָאר וָואס–אִיז אִיהם נִיט אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען אוֹיף דִיא גֶעדַאנְקֶען.

וֶוען עֶר זָאל אִיצְטֶער זֶעהֶען לאהן אִין אִיהרֶע אָרִימֶע, אַלְטֶע צוּרִיסֶענֶע קְלֵיידֶער, מִיט דִיא גְרוֹיסֶע פְרֶעמְדֶע צֶערִיסֶענֶע שִׁיךְ, וָואלְט עֶר אִין אִיהר קַיין מָאל גָאר נִיט דֶערְקֶענְט, נָאר דִיא אֶבְיוֹנְטֶע לאה אִיז אִיצְטֶער אִין אִיהרֶע קְלֵיידֶער נִיט גֶעגַאנְגֶען, זִיא אִיז גֶעלֶעגֶען אִין אַ רֵיין בֶּעט מִיט וַוייסֶע לַיילֶעכֶער דֶערְצוּ נָאךְ דִיא אוֹיגֶען, דִיא הָאר; אִיז אַ מֶענְשֶׁען וֶוערְד אַלֶעס אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען. דָאס פָּנִים וֶוערְד עֶלְטֶער,

דִיא בַּאקֶען אַיינְגֶעפַאלֶען, דִיא נָאז גְרֶעסֶער אוּנ אַ מָאל פּוּנְקְט פַאר־קֶעהרְט, דָאס פָּנִים פִילֶער אוּנ שְׁמָאלֶער, ־קיין לַאנְגֶע נָאז וֶועהט זִיךְ נִיט אַרוֹיס; מִיט אַיין וָוארְט אַלֶעס בַּייט זִיךְ אִין דֶעם מֶענְשֶׁען, נָאךְ דֶעם מֶענְשִׁינְס לַאגֶען נָאךְ, נָאר דֶעם מֶענְשֶׁענְס אוֹיגֶען וִוילֶען פוּן קיין שׁוּם לַאגֶע, פוּן קיין שׁוּם פֶערֶעמֶענֶעס נִיט וִויסֶען, דִיא אוֹיגֶען בְּלַייבֶּען שְׁטֶענְדִיג אִין אַיין שְׁטַאנְד פַארְעֶנְדֶערֶען זִיךְ ־קיין מָאל נִיט—דִיא נַאטוּר פּוּנְקְט וִויא דֶער מֶענְשׁ בַּייט זִיךְ אַוֶועק שְׁטֶענְדִיג וִויא דִיא פַאגָאדֶע אִין דְרוֹיסֶען בַּייט זִיךְ, אַ מָאל אִיז שֶׁאן, וַוארִים, טְרוּקֶען, אַ מָאל קַאלְט, נַאס אַ מָאל אַלֶעס צוּזַאמֶען א. ז. וו. נָאר דִיא זוּנְן מִיט דֶער לְבָנָה בַּאווַייזֶען זִיךְ שְׁטֶענְדִיג אִין אַיין גֶעשְׁטַאלְט מִיט זַייעֶר שְׁטֶענְדִיגֶען נַאטִירְלִיכֶען קָאלִיר. —

אהרן הָאט אַ מָאל לִיעב גֶעהַאט דִיא צְווייא אוֹיגֶען, זַייעֶר אַיין קוּק פְּלֶעגְט בַּייא אִיהם אִין הַארְצֶען אָנְמַאכֶען אַ גַאנְצֶען טַארַארַאם אַ גַאנְצֶען שְׁטוּרְמְווִינְד. אַיין בְּלִיק זַייעֶרֶע פְלֶעגְט זַיין הַארְץ דֶערְוַוארֶעמֶען, ־קַאלְט מַאכֶען אוּנ ווַייטֶער דֶערְוַוארֶעמֶען, זַיין הַארְץ הָאט פִיעל יָאהרֶען טָאג טֶעגְלִיךְ גֶעקְלַאפְּט אִיבֶּער דִיא אוֹיגֶען: הַיינְט הָאט עֶר גֶעקֶענְט פַארְגֶעסֶען דִיא צְווייא אוֹיגֶען? אָ, נֵיין! הָאטְשׁ דִיא צְווייא אוֹיגֶען וָואס זֶענִין אַ מָאל גֶעוֶועסֶען אִין אַ יוּנְג לִיכְטִיג גֶעזוּנְד פָּנִים אוּנ אִיצְטֶער אִין פַארְדַארְטֶען, פַארְשְׁמַאכְטֶען, פַארְשְׁוַוארְצְט פָּנִים, הָאט אהרן זֵייא דָאךְ דֶערְקֶענְט; וֶוען דִיא צְווייא אוֹיגֶען זָאל גַר פְּלוּצִים זֶעהן זִיצֶען נִיט אִין ־קיין מֶענְשֶׁענְס גֶעשְׁטַאלְט, נָאר אִין דֶער בְּלָאטֶע, וָואלְט עֶר זֵייא אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען דֶערְקֶענְט, ווָארוּם דִיא פָאר אוֹיגֶען וָואס מֶען הָאט אַ מָאל לִיעב גֶעהַאט, פַארְגֶעסְט מֶען ־קיין מָאל נִיט זֵייא שְׁטֶעהְן שְׁטֶענְדִיג פַאר דִיא אוֹיגֶען, אהרן הָאט זֵייא בַּאלְד דֶערְקֶענְט אוּנ הָאט נִיט גֶעוואוּכְט בַּייא וֶועמֶען זֵייא גֶעפִינֶען זִיךְ; עֶר הָאט זִיא גֶעפְרֶעגְט.

— אִיהר זֶענְט מִיר זֶעהר קֶענְטְלִיךְ, נָאר אִיךְ ־קֶען נִיט גֶעדֶענְקֶען ווָאוּ אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעזֶעהן.

לאה אִיז גֶעוָוארֶען בְּלַייךְ אוּנ הָאט גֶעעֶנְטְוֶוערְט:

— אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ אַ מָאל בַּייא אַייךְ אַ נְדָבָה גֶענוּמֶען.

— נֵיין, נִיט דֶערְפוּן קֶענְט אִיהר מִיר זַיין אַזוֹי קֶענְטְלִיךְ.

עֶס אִיז ־קיין רֶעדֶע נִיט אַז עֶס אִיז אִיהם אֲפִילוּ אוֹיף דֶעם מוֹחַ נִיט אוֹיפְגֶעקוּמֶען אַז דָאס אִיז לאה, עֶר הָאט זִיךְ גְלַאט אִינְטֶערֶעסִירְט צוּ וִויסֶען פַאר וָואס אִיז אִיהם דִיא אָרִימֶע יוּדֶענֶע אַזוֹי גוּט בַּאקַאנְט, „אַ קַשְׁיָא וָואס עֶס טְרֶעפְט זִיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט" הָאט עֶר זִיךְ גֶע־

גֶעבְּרַאכְט, אֶפְשֶׁר אִיז זִיא אַמָאל גֶעוֶועזֶען אַ קֶעכִין בַּייא זַיינֶע עֶלְטֶערְן אָדֶער עֶרְגֶיץ אוֹיף דִיא אַכְסַנְיוֹת וואו עֶר פְּלֶעגְט אָבְשְׁטֶעהְן חֳדָשִׁים וַוייז אוּנ אִיז אִיצְט אָבְּגֶעקוּמֶען אַז זִיא מוּז בֶּעטֶען נְדָבוֹת.

– וַוייטֶער קֶענְט אִיהר מִיך נִיט קֶענֶען.

– זֶענְט אִיהר אֶפְשֶׁר גֶעוֶועזֶען אַ מָאל אִין אָדֶעס?

– יָא אִיך בִּין גֶעוֶועזֶען.

– הָאט אִיהר עֶרְגֶיץ גֶעדִינְט.

– יָא

– אִין וֶועלְכֶער אַכְסַנְיָא?

– אִין קֵיין שׁוּם אַכְסַנְיָא, נָאר בַּייא אַ בַּעַל הַבַּיִת'טֶע –

אהרן הָאט וַוייטֶער אָבְגֶעלָאזְט דִיא הֶאנְד אוּנ זִיךְ גֶעטְרַאכְט: אִיךְ קֶען פְּרָאבִּירֶען נִיט אַוֶועקְגֶעהְן, אִיךְ מֶעג שְׁוֶוערֶען אַז אִיךְ הָאבּ זִיא עֶרְגֶיץ גֶעזֶעהֶען אוּנ גֶעוֶועזֶען בַּאקַאנְט, זָאל זִיךְ עֶס מִיר אוֹיסְוַוייזֶען?

דֶערְוַוייל אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דִיא קֶעכִין אוּנ גֶעבְּרַאכְט עֶפִּיס דֶער קְרַאנְקֶער אוּנ זִיא אָנְגֶערוּפֶען בַּיים נָאמֶען „לאה„ אהרן אִיז בְּלֵייךְ גֶעוָוארֶען: זָאל עֶס מֶעגְלִיךְ זַיין?

מֶען זָאגְט אַ וֶוערְטִיל: „וִויא אַזוֹי יֶעדֶער ווילל אַזוֹי לֵייעֶנְט עֶר דֶעם בְּרִיעֶף"; אֵיינֶער לֵייעֶנְט אִיבֶּער פְּרָאסְט וִויא אַזוֹי עֶס אִיז אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען דֶער צְוֵוייטֶער מַאכְט פְּשָׁטִים, דֶער דְרִיטֶער לֵייעֶנְט צְוִוישֶׁען דִיא שׁוּרוֹת, מִיט אֵיין וָוארְט יֶעדֶער טַייטְשְׁט דֶעם בְּרִיעֶף וִויא אַזוֹי עֶר ווילל ד. ה. עֶס זָאל אִין בְּרִיעֶף אַזוֹי שְׁטֶעהֶען וִויא אִיהם לוּינְט, דֶער לֵייעֶנְט גָאר אִיבֶּער אָהְן פְּשָׁטִים וָואס אִיז נִיט שְׁטַארְק פַארְאִינְטֶערֶעסִירְט אִין דֶעם בְּרִיעֶף.

נִיט אִיהר אוּנ נִיט דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם פוּן ר... הָאט נִיט גֶעמַאכְט קֵיין פְּשָׁטִים אוּנ זִיךְ אִיבֶּערְפְרֶעגֶען: וִויא קוּמְט דִיא אָרִימֶע יוּדֶענֶע צוּא לִיגֶען בַּיים גַבַּאי אִין שְׁטוּב, דִיא אוּרְזַאכֶע אִיז יֶעדֶען גוּט בַּאקַאנְט אוּנ קֵיינֶער וואונְדֶערְט זִיךְ גָאר נִיט דֶערְוֹיף; אהרן וָואס עֶס אִיז אִיהם אוֹיךְ גוּט בַּאקַאנְט דִיא אוּרְזַאכֶע דֶערְפוּן אִיז אִיהם אוֹיךְ אוֹיף דֶעם מוֹחַ נִיט אוֹיפְגֶעקוּמֶען עֶר זָאל פְרֶעגֶען פַאר וָואס זִיא לִיגְט בַּיים גַבַּאי. נָאר אִיצְטֶער אַז עֶר הָאט זִיךְ פַארְאִינְטֶערֶעסִירְט מִיט דֶער יוּדֶענֶע אוּנ הָאט דֶערְהֶערְט דֶעם נָאמֶען „לאה", אִיז אִיהם בַּאלְד אַיינְגֶעפַאלֶען: אַז דָאס וָואס זִיא לִיגְט דָא אִיז נִיט אוּמְזִיסְט"; עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען הוֹשֵׁד צוּא זַיין אַז דָאס אִיז לאה אוּנ אִיז זֶעהר דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען אוּנ זִיךְ אַלֵיין נִיט גֶעגְלֵייבְּט, נָאר בַּאלְד נָאכְדֶעם וִויא דִיא קֶעכִין אִיז

אװעקגעגאנגען האט ער זיך מיט איהרע אויגען װײטער באגלײט, ער האט שױן פון גאר ניט געטראכט, דער קאפ האט זיך מיט איהם אנגעהויבען דרעהען אז ער האט אליין ניט פארשטאנען; ער האט איהר נאכגעזאגט:

– לאה, דאס זענט איהר? גאטט! װיא איהר זענט פארענדערט געװארען! ...

יא, נאר אהרן איז געװעזען דער איינציגער מענש װאס איז אים שטאנד געװעזען צוא דערקענען לאה'ן ביא איהר איצטיגער לאגע; טהערען האבען זיך איהם אנגעהויבען גיעסען פון דיא אויגען ניט זעהענדיג זיין „ליעבע„, ביא זייער איצטיגער טרויעריגער לאגע האט עס ניט געקאנט זיין, נאר דיא אמאליגע „שטארקע ליעבע" צוא איהר האט זיך איצט פארביטען ביא איהם אין „שטארקען רחמנות".

לאה האט זיך זעהר דערשראקען, זיא האט איהם ניט דערקענט, נאר דערפאר װאס מען האט זיא דערקענט, זיא איז װיא פארשטומט געװארין, ערשט אין עטליכע מינוט האט זיא שטיל געזאגט: װיא אזוי װייסט איהר אז מען רופט מיך „לאה"? זיא האט פארגעסען אז נאך געכטין האט זיא אומבעטראכט געזאגט דער קעכין אז מען רופט זיא לאה.

– איהר האט מיך ניט דערקענט, לאה? האט ער זיא געפרעגט.

– ניין, געװיס קען איך אייך, װען איהר האט מיך אין אזא לאגע דערקענט.

– איצטער הייס איך אהרן און װען איהר האט מיך געקענט האט מען מיך גערופען „אהרקע" ר' שבתי המעלניקערס יונגעל".

לאה האט זיך מיט דעם פנים איינגעגראבען אין קישען, זיא האט שטיל געװיינט און ניט געקענט אויפהויבען דעם קאפ.

מיט א צוריסען הארץ אויף שטיקער איז ער געזעסען נעבען איהר און ניט געװאוסט װאס צוא טהון.

– איך װעל געהען דערצעהלען דיא בשורה דיין מאמען דיין טאטען, זייא װעלען זיך דערפרייען, האט ער געזאגט און זיך אויפגעהויבען פון בענקיל, זיא האט זיך אויפגעהאפט און מיט שרעק געזאגט:

– איך בעט אייך, האט רחמנות און דערמאנט קיינעם ניט...

– פאר װאס?

– פרעגט מיך איצטער ניט, מארגען װעל איך אייך אלעס דערצעהלען, איצטער קען איך ניט רעדען, איך בין איצט דערהרגט,

דערשלאָגען, פאַרוויסטינגט, צובראָכען... איך בעט אייך נאָך אַמאל אַז דאָס וואָס איהר ווייסט און וואָס איהר האָט געזעהן זאָל זיין צווישען פיער אויגען, קיינער חוץ אייך וועט מיך דאָ ניט דערקענען, איהר וועט מיך גאר דערהרגענען ווען איהר וועט עמיצען עפּיס דערצעהלען, איך וועל דערפון האָבען נייע אומגליקען... לאָז זיין ביז מאָרגען, מאָרגען וועט איהר אַליין וויסען פאַר וואָס, אויב אייך אינטערעסירט און איהר ווילט וויסען.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מכתּמא איז איהר נעטהיג עס זאָל קיינער ניט וויסען, ער האָט מעהר ניט געהאַט וואָס צוא רעדען מיט איהר, נאָר צום סוף האָט ער איהר געזאָגט:

– לאה, איך זעה און קען פאַרשטעהן אַז איהר זענט געווען אומגליקליך און איך קען אייך זאָגען אַז איהר קענט פריהער אויף גאָטט און דערנאָך אויף מיר פיעל האָפען, איך וועל טהון אַלעס איהר זאָלט שוין מעהר ניט זיין אַזוי אומגליקליך, גענוג!...

איינער פון דיא היימישע אַריינגעהערס איז אַריינגעקומען.

– נאָ, ר׳ אהרן, איצט איז מיין אָטשערעד זיצען נעבען דער קראַנקער, זיא האָט אייך שוין געקערט פאַרמוטשען.

– גיין, איך וועל נאָך אַביסעל זיצען דערנאָך וועל איך אייך אַריינרופען. האָט ער געענטפערט און יענער איז זיך אַוועקגעגאַנגען.

ער האָט איצטער אָנגעהויבען באַטראַכטען און שוין פאַרשטאַנען פאַרוואָס זיא לאַכט און וויינט און האַפּט זייא קושען.

– אַז איהר ווילט אַז אייערע עלטערן זאָלען ניט וויסען, האָט ער זיא געפרעגט, פאַר וואָס זשע פיהרט איהר זיך אַזוי אויף מיט זייא, איהר וויינט, איהר לאַכט, איהר האַפּט זייא קושען, דערפון וועלען זייא זיך סוף כל סוף אַליין דערוויסען, און ווידער איהר מוטשעט זייא נאָר דערמיט.

– מיר איז זעהר שווער זייא צוא זעהען נעבען זיך און שווייגען... איך מוטשע זיך זעהר, איך פאַל אַריין עפּיס אין אַ מין קראַנקהייט, איך פאַרגעס זיך, נאָר איך האַלט זיך איין מיט אַללע כוחות איך זאָל זייא ניט זאָגען... איין גאָטט ווייסט וויא מיר איז שווער... איך וואָלט שוין גערן געזונד געוואָרען...

ער האָט נאָך אַ סך געוואָללט זיא פרעגען, נאָר ער האָט געזעהן אַז זיא ענטפערט קוים און וויא איהר איז שווער וואָס יענער רעדט מיט איהר.

– לאָז שוין זיין ביז מאָרגען וועל איך אַללעס וויסען, דערווייל

דַארְף מֶען זִיא פָּאלְגֶען וִויא זִיא הָאט גֶעבֶּעטֶען, גֶעוִויס אִיז אִיהר נֶעטְהִיג אַז עֶס זָאל קֵיינֶער נִיט וִויסֶען, הָאט עֶר זִיךְ בַּאטְרַאכְט.

עֶר אִיז וַוייטֶער נֶעבֶען אִיהר גֶעזֶעסֶען אָהן וֶוערְטֶער, עֶרְשְׁט אִין 20 מִינוּט אַרוּם הָאט זִיא זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט:

– אִיהר זִיצְט נָאךְ דָא, אִיהר מֶעגְט שׁוֹין גֶעהֶען אַהֵיים... קוּמְט... מָארְגֶען וֶועל אִיךְ אַייךְ אַלֶעס דֶערְצֶעהְלֶען... דֶערְצֶעהְלְט נִיט קֵיינֶעם... צְוִוישֶׁען... פִּיעֶר אוֹיגֶען... אִיךְ וֶועל שׁוֹין לִיגֶען רוּהִיג, עֶס אִיז אִיז מִיר אַ סַךְ גְרִינְגֶער גֶעוָוארֶען... אִיךְ וִויל אִיצְט שְׁלָאפֶען... אִיךְ הָאבּ נִיט פַארְדִיעֶנְט דֶעם גְרוֹיסֶען רַחֲמָנוּת וָואס אִיהר הָאט אוֹיף מִיר... גָאטט זָאל אַייךְ בַּאצָאהְלֶען... אִיךְ קֶען גָאר נִיט, אִיךְ בִּין אָרִים...

רֶעדֶענְדִיג אִיז זִיא אַנְדְרִימֶעלְט גֶעוָוארֶען, עֶר אִיז שְׁטִילֶערְהֵייט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן אִיהר שְׁטִיבֶּעל.

*

* *

– נָא מַיין אָטְשֶׁערֶעד! הָאט ר' שְׁמוּאֵל בער אִיהם בַּאגֶעגֶענְט וֶוען עֶר אִיז אַרַיין אִין שְׁטוּבּ, זִיא הָאט אַייךְ גֶענוּג פַארְמוּטְשֶׁעט, אִיצְטֶער וֶועט אִיהר וִויסֶען דֶעם טַעַם וִויא עֶס אִיז אָנְגֶעגֶעהְם צוּא זַיין אַ נַבְּאַי בַּייא יוּדֶען.

– נֵיין, זִיא אִיז נִיט גֶעזוּנְד וִויא אַלְלֶע קְרַאנְקֶע, זִיא שְׁלָאפְט אִיצְט זֶעהר רוּהִיג, נָאךְ מַיין מֵיינוּנְג אִיז גָאר אִיבְּרִיג וָואס אִיהר זִיצְט נֶעבִּין אִיהר, מֶען דַארְף נָאר בֶּעטֶען דִיא קֶעכִין זִיא זָאל זִיצֶען, דִיא קֶעכִין וַוייזְט אוֹיס וֶוייסְט וִויא אַזוֹי צוּא גֶעהֶען אַרוּם אַ קְרַאנְקֶען, וָוארוּם נֶעבֶּען אַ קְרַאנְקֶען דַארְף מֶען וִויסֶען וִויא אַרוּמְצוּגֶעהן, נִיט בַּייא יֶעדֶען פִּיהְרְט זִיךְ דֶער קְרַאנְקֶער שְׁטִיל.

וֶוען דִיא קֶעכִין הָאט דֶערְלַאנְגְט טְהֶעע צוּם טִישׁ, הָאט אהרן אִיבֶּערְגֶעזָאגְט:

– אִיהר וֶועט זַיין אַזוֹי גוּט אוּנ זִיצֶען נֶעבֶּען דֶער קְרַאנְקֶער, אִיךְ זֶעה אַז אִיהר וֶוייסְט וִויא אַזוֹי זִיךְ צוּפִיהְרֶען מִיט אַ חוֹלָה, דֶערְפַאר וֶועט מֶען אַייךְ בַּאצָאהְלֶען פוּן דֶעם הֶקְדֵשׁ, אוּנ טָאמֶער נִיט וֶועל אִיךְ אַייךְ גֶעבֶּען דְרַייא רוּבֶּל.

הוּץ דֶער קֶעכִין אִיז שׁוֹין קֵיינֶער נִיט אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין שְׁטִיבֶּל וואו דִיא קְרַאנְקֶע אִיז גֶעלֶעגֶען.

11 דֶעם וַייגֶער איז דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם זִיךְ צוּגַאנְגֶען. מִיט וָואס פַאר אַ הַארְץ אהרן איז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פון ר׳ שמואל בערס שְׁטוּב גֶעם איך זִיךְ נִיט אוּנְטֶער צוּא בַּאשְׁרַייבֶּען.

פַארְבַּייגֶעהֶענְדִיג נֶעבֶּען פיאדארס שְׁטוּב, הָאט עֶר דֶערְזֶעהֶען ווִיא עֶס לַייכְט זִיךְ נָאךְ דָארְט אוּנ עֶר אִיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, נָאר אוֹיף דֶער שְׁוֶועל הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד דֶערְמָאנְט אַז זִיא הָאט גֶעבֶּעטֶען „עֶס זָאל זַיין צְווִישֶׁען פִּיעֶר אוֹיגֶען״, נָאר פון דֶעכְטְוֶועגֶען עֶר אִיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען.

בַּייא פיאדארען אִין שְׁטוּב זֶענִין שׁוֹין אַלֶע גֶעשְׁלָאפֶען, נָאר פיאדאר אַלֵיין אִיז נָאךְ גֶעזֶעסֶען בַּייא זִיךְ אִין קַאבִּינֶעט, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר צוּפְרִידֶען וָואס זַיין גוּטֶער פְרַיינְד אהרן איז אַרַיינְגֶעקוּמֶען עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט ווִיא תָּמִיד אַזוֹי אִין דֶער שְׁטִיל, צְווִישֶׁען פִּיעֶר אוֹיגֶען פַארְבְּרֶענְגֶען אַ גוּטֶע שָׁעָה, נָאר אהרן איז גֶעוֶועזֶען זֶעהר טְרוֹירִיג, פיאדאר הָאט אִיהם גוּט אוֹיסְגֶעזִידֶעלְט וָואס עֶר אִיז אַזוֹי פַארְזוֹיגֶרְט אוּנ פַארְהַאַרֶעט אוּנ הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט זִיךְ לֶעגֶען שְׁלָאפֶען.

– קוּם מָארְגֶען אָבֶענְד אוֹיב בַּייא דִיר וֶועט זַיין אַ גוּטֶע פַאנָארֶע בַּייא אַ שְׁלֶעכְטֶער לֶעג אִיךְ זִיךְ שְׁטֶענְדִיג שְׁלָאפֶען.

בֵּיידֶע גוּטֶע בְּרִידֶער זֶענִין זִיךְ עֶפִּיס לֹא עֲלֵיכֶם׳דִיג צוּגֶעגַאנְגֶען.

~~~~~~~~

## 22

# זִיא הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶערֶעדְט.

אוֹיף מָארְגֶען צֶעהְן אַ זֵייגֶער אִיז אהרן וַוייטֶער גֶעקוּמֶען צוּא ר׳ שמואל בער אִין שְׁטוּב גֶעוָואהְר וֶוערֶען וָואס מַאכְט דִיא קְרַאנְקֶע. נָאר ר׳ שמואל בער הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט:

– געלוֹיבְּט אִיז גָאטט־גֶעפַּטֶּרְט, קוּים מִיט צָרוֹת הָאבּ אִיךְ הַיינְט גֶעפִינֶען אַיין אָרְט אִין הֶקְדֵשׁ פַאר אִיהר, גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאטט, עֶס אִיז אַבִּיסֶל שְׁטִילֶער גֶעוָוארֶען אִין שְׁטוּב.

– אִיז זִיא שׁוֹין נִיט דָא? זִיא לִיגְט שׁוֹין אִין הֶקְדֵשׁ? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט פַארְוואוּנְדֶערְט, נָאר עֶר הָאט זִיךְ בַּאלְד דֶערְמָאנְט אַז דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער פָאטֶער ווֵייסְט נִיט פון זַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע טָאכְטֶער...
~~~~~~~~

ער איז באלד אוועקגעגאנגען אין הקדש, דארט האט זיא געפונען ליגענדיג אין א שטיבעל וואו נאך צעהן קראנקע זענען געלעגען, ער האט ערווארטעט אז היינטיגען טאג וועט ער אמעס געוואהר ווערען וועגען איהר, אזוי וויא זיא האט איהם צוגעזאגט, נאר זיא האט איצט זעהר וועניג גערעדט, געענטפערט איין ווארט אויף דעם צעהנטען, ער האט פארשטאנען אז ניט דא צווישען 20 אויגען איז דער ארט זיא זאל זיך קענען אויסרעדען, ער האט זיך נאר דערפרעגט וועגען איהר געזונד, צוא עס געהט צוא איהר דער דאקטאר אונ איז אוועקגעגאנגען מיט נאר ניט.

צוא ליעב איהר געזונד אונ צוא ליעב דעם ער זאל קענען מיט איהר רעדען האט ער זיך אנגעהויבען סטארען אז מען זאל איהר אבגעבען א באזונדער שטיבעל, נאר דאס איז איהם אין ר— ער הקדש ניט אזוי גרינג אנגעקומען, עטליכע טאג האט געדויערט ביז מען האט דאס אויסגעפיהרט.

אין דיא עטליכע טאג איז איהר פיעל בעסער געווארען, נאר זיא איז נאך געלעגען זעהר שוואך וויא נאך א שטארקער קרענק, אהרן איז געגאנגען צוא איהר אללע טאג, נאר ער האט ווינציג גערעדט מיט איהר, ער האט מורא געהאט אז דאס רעדען זאל איהר ניט שאדען בייא זיין אוועקגעהן פלעגט זיא איהם נאר אללע מאל אנזאגען ער זאל קיינעם ניט דערמאנען וועגען איהר, זיא וועט איהם דערנאך אללעס דערצעהלען.

אויף דעם זעקסטען טאג פון איהר קרענק, האט זיא פלוצים אנגעהויבען רעדען מיט איהם וועגען דעם אז זיא וואלט שוין געוואלט ארויס פון הקדש.

— איהר זענט נאך זעהר שוואך, האט ער געענטפערט. וויא קענט איהר נאך גאר וועגען דעם טראכטען? איהר דארפט זיך נאך דא אברוהען עטליכע טאג.

— ניין, איך האב קיין צייט ניט אזוי לאנג צוא ליגען, איך דארף פאהרען, איך דארף געהען!

ער האט געמיינט אז זיא רעדט פון היין אונ האט זיא געבעטען זיא זאל אויפהערען צוא רעדען ווייל עס שאדעט איהר זעהר.

— ניין, איך מעג איצט שוין רעדען, איך בין שוין געזונד, מארגען וועל איך זיך אויסשרייבען פון הקדש.!

ער איז נאך מעהר פארוואונדערט געווארען, וואו איילט זיא זיך! וואו ווילל זיא לויפען אונ געהען?

– לאה! האט ער זיא אנגעהויבען צוא בעטען, ביז וואנען וועל איך אייך ניט פארשטעהען אונ ניט וויסען וואס עס קומט פאר מיט אייך? פארגעסט ניט אז איך בין אמאל אייער ערשטער פריינד געוועזען אונ איצטער אודאי, ווייל אייער לאגע איז זעהר טרויריג, וואס־זשע בעהאלט איהר זיך פאר מיר, וואס זשע דערצעהלט איהר מיר גאר ניט? איהר האט דאך מיר צוגעזאגט צוא דערצעהלען, איהר האט מיך געבעטען איך זאל קיינעם ניט דערמאנען וועגען אייך, איך האב אייך געפאלגט. איך מיין טאמער וועל איך זיין אין שטאנד אייך צוא טהון א טובה, דאריבער ווילל איך איהר זאלט מיר אלעס דערצעהלען.

עס קען זיין אז דיא גאנצע צייט וואס אהרן האט זיך געפונען געבען איהר בעט האט זיא זעהר וויניג געטראכט וועגען דעם אהרקן וועלכער איז איהר אמאל אזוי געוועזען איבערגעגעבען, נאר איצטער ווען ער האט זיא דערמאנט, האט זיא זיך אויך דערמאנט וויא אן א גוטען חלום וואס האט זיך איהר לאנג גאנץ לאנג, נאך קינדערווייז, געחלומט, זיא האט זיך שטיל צווויינט.

– וואס זאל איך אייך דערצעהלען אונ וואס האב איך אייך צוא דערצעהלען? איך בין דיא אומגליקליכסטע פון אללע, א פאר־פאלענע אויף אייביג.

– וואס זאגט איהר, וואס פאלט איהר בייא זיך אזוי אראב זענט איהר דען איין אומגליקליכע? מען קען אייך העלפען. גאנץ קען אייך נאך העלפען, איהר האט נאך עלטערן איהר האט נאך גוטע פריינד...

– דיא גאנצע הילף פון אללע אונ פון וועמען איהר ווילט איז שוין צוא שפעט, הילף קען נאר גוט זיין אין דערצייט, אבער ניט ווען זיא פארשפעטיגט... איך וואלט נאך געוואללט איך זאל ארויס וויא צום גיכסטען פון דעם הקדש; אויב איהר ווילט אויף מיר רחמנות האבען זעהט אז מען זאל מיך ארויסלאזען פון דאנען.

– נאר איך פארשטעה אייך ניט – איך פארשטעה ניט איין ווארט וואס איהר רעדט, פארוואס פארשפעטיגט? הילף איז קיינ־מאל ניט שפעט; אונ ווידער וואס אייל'ט איהר זיך אזוי. וואו דארפט איהר פאהרען? וואס האט איהר קיין צייט ניט? פאר וואס ווילט איהר זיך ניט לאזען דערקענען צוא אייערע עלטערן אונ גוטע פריינד? דאס אלעס איז פאר מיר א גרויס רעטעניש..

זיא האט זיך אויפגעזעצט אויף דעם בעט, איהם אנגעקוקט

נאך אמאל און האט געזעהען אז געבען איהר געפינט זיך איהרער א אמתער פריינד וואס איז איהר איבערגעגעבען און איז גרייט פון איהרטוועגען צוא טהון אללעס גוטס, זיא האט זיך אין גאנצען דערקאנט אין דעם אמאלדיגען אהרקען, זיא האט זיך נאך א מאל ביטער צוויינט.

– איך וועל אייך אללעס דערצעהלען, אללעס, איך בין ניט ווערטה איהר זאלט מיך אפילו אויסהערען איך בין א פארפאלענע, א פארדארבענע...

– איהר וויינט אומזיסט און האט א טעות ווען איהר מיינט אז איך קוק אויף אייך וויא איהר שטעלט זיך פאר, איך זעה אין אייך קיין שום שלעכטס ניט, איך זעה נאר איין ארימע אומגליקליכע פרוי וואס טראגט אויף זיך פיעל צרות און דארף האבען הילף– איך בין גרייט אייך צוא העלפען מיט וואס איך וועל נאר זיין אין שטאנד...

– איך דארף ניט הילף, נאר מיין קינד דארף האבען הילף, מיין קינד דארף מען ארויס ראטעווען. צוויא קינדער...

– וואס??...

– זייא קען מען העלפען, פאר זייא איז נאך איצט דיא צייט צוא העלפען... מען האט זייא פארקויפט... לאזט מיך... איך וועל לויפען...

זיא האט אנגעהויבען ארויסצוקריכען פון בעט, ער האט ניט געלאזט ער האט געזעהען וויא זיא איז שטארק צומישט און האט זיא בארוהיגט.

– מיינט ניט אז איך בין נאך קראנק און רעד פון היץ, איך בין שוין געזונד. איך רעד וייל עס טהוט מיר וועה, איך לעב נאר פאר מיין קינד, איך וועל אייך אללעס דערצעהלען!

און לאה האט איהם ווירקליך אללעס דערצעהלט וויא עס איז אויספיהרליך באקאנט דיא לעזער פון דעם גאנצען ערצעהלונג.

ווען זיא האט געענדיגט, האט א סך געדויערט ביז אהרן איז געקומען צו זיך.

– און אייער טאכטער רייזעלע איז אויך פיארארס קינד.

– יא, מיין אומגליקליכע קינד!... נאר דערמאנט מיר ניט זיין נאמען, איך וויל ניט ער זאל זיך אנרופען דער פאטער פון מיין קינד. איך בין איהר מוטטער, צוליעב איהר לעב איך נאך, זיא איז נאר מיין קינד.

– פון וואנעןוועשע זענט איהר אזוי פארזיכערט אז זיא מיט ר' זלמן'ס טאכטער געפינען זיך איצט אין אזא שרעקליכע לאגע?

– איך בין פארזיכערט אז מען האט זיא פארקויפט, וויא מיך אמאל, איך וויים עס דערפון, אין דיא צעהן יאהר וואס איך האב זיך געוואלגערט צווישען דיא ארימע לייט, האב איך זיך אנגעהערט פון דעם מסחור פיעל שרעקליכע זאכען, נאר נאך מעהר בין איך געוואהר געווארען פון אהרקע סיבירניק.

– ווער איז דער אהרקע סיבירניק.

– איהר האט אוודאי פארגעסען, דא אין ר... אויף דער טויטער גאס האט זיך געפינען א גנב אהרקע סיבירניק; איהר האט איהם אוודאי געקענט, ער פלעגט אויך ארומגעהען אין דיא הייזער, מיט איהם האב איך זיך פלוצים באגעגענט פאר צוויא יאהרען אין דער שטאדט יאסי, ער איז אויך געגאנגען מיט אונזערע ארימע לייט; האטש ער איז א פארדארבענער מענש, נאר ווען ער האט מיך דערקענט ווער איך בין אונ געזעהען מיך אין אזא לאגע, האט ער זיך צווויינט אונ האט באקומען אויף מיר שטארק רחמנות, עטליכע מאל אין טאג פלעגט ער מיט פארוויינטע אויגען באדויערען: סטייטש, פון לאה ר' שמואל בער'ס טאכטער זאל אזוי ווערען!... איך האב זיך אויך דערפרייט מיט איהם איך האב דיא גאנצע צייט ניט געזעהען פאר מיר קיין בעקאנטען, מיר זענען געווארען דיא בעסטע גוטע פריינד, מיינע צרות וואס איך האב איבערגעלעבט האבען מיך אויסגעלערנט איך זאל אין א גנב אויך געפינען א שטיקעל מענשען. א גאנץ יאהר האבען מיר זיך געפונען אין איין קאמפאניע. מיר איז טאקע געווארען א סך גרינגער, ער פלעגט שטענדיג אויף מיר רחמנות האבען, פון דיא אלע קריגג וואס פלעגט זיך וויא דער שטייגער איז, מאכען צווישען מיר אונ דיא ארימע לייט, פלעגט מיך סיבירניק פארהיטען, איך האב זיך דערנכמאל געפיהלט גליקליך וואס איך האב אזא גוטען פריינד. אין דער צייט וואס מיר זענין געוועזען צוזאמען האב איך איהם דערצעהלט מיין גאנצע לאגע אונ ער מיר אויך, ער האט מיך אויך דערצעהלט, וויא דיא נאכט ווען איך בין פון מיינע עלטערן אוועק־געגאנגען האב איך וויא עס ווייזט אויס פארגעסען צוא פארמאכען דאס פענסטער, אדער דער ווינד האט עס אויפגעעפענט, ער איז דערנכמאל געגאנגען גנבענען א פערד וואס האט זיך געפינען ביא אינז, אונ ווען ער האט דערזעהן איין אפען פענסטער איז ער אריינגעקראכען אונ האט באגנבעט, צווישען דיא גנבות האט ער אויך פארשלעפט מיינע

אַ בְּרִיעף װָעלְכֶען איך הָאבּ געװָאלְט שְׁרַייבֶּען, מַיינֶע עֶלְטֶערְן אוּנ זֵייא אֶפֶּענְטְלִיך עֶרְקְלֶערֶען מַיין אוּמְגְלִיק, סִיבִּירְנִיק איז גֶעװֶעזֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער װָאס איז גֶעװָאהר גֶעװָארֶען פוּן מַיין סוֹד אוּנ הָאט אַלֶעס װֶעגֶען מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען הייקע דֶער קוּרְלַאפְּנִיטשֶׁקָע, אָדֶער הייקע דֶער מֶעקְלֶערִין מִיט אִיהר קָאמְפַּאנְיֶע אוּנ זֵייא הָאבֶּען מִיך גֶעזוּכְט װִיא מִיט לִיכְט.

– װֶער איז דִיא הייקע מִיט אִיהר קָאמְפַּאנְיֶע?

– קֶען דָאס זַיין אִיהר זָאלְט זִיא נִיט קֶענֶען? זִיא לֶעבְּט נָאך אִיצְט אוֹיך, איך הָאבּ זִיא אַלֵיין געזֶעהֶען אִין דֶער רַאבֶּער מוּרְלִיטְשֶׁקָע.

– הייקע דִיא מֶעקְלֶערִין, דֶעם רוֹיטֶען בַּעַל-עֲגָלָה'ס מוּטֶער װָאס הָאט אוֹיף דֶער טוֹיטֶער גַאס דֶעם שֶׁענְק? איך קֶען זִיא, װָאס זְשֶׁע איז?

– אָט פוּן דֶער הייקען מִיט דֶעם רוֹיטְהֶען בַּעַל עֲגָלָה, הָאט מִיר סִיבִּירְנִיק דֶערְצֶעהְלְט אַז זֵייא זֶענִין אִין אַיין קָאמְפַּאנְיֶע מִיט דִיא גְרוֹיסֶע אָדֶעסֶער סוֹחְרִים װָאס פַּארְקוֹיפֶען מֵיידְלֶעך אִין דִיא אַלֶע װִיסְטֶע אֶרְטֶער.

לאה הָאט אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען בַּאקֶענֶען מִיט דִיא אַלֶע סוֹחְרִים אוּנ מִיט הייקען. עֶר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט מוֹיל אוּנ אוֹיעֶרן, עֶר הָאט זִיך אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָן עֶפִּיס שְׁרֶעקְלִיכֶעס דֶערְמָאנֶען, עֶר איז גֶעװָארֶען בְּלַאס.

– יָא אִיהר זֶענְט גֶערֶעכְט, דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע קִינְדֶער הָאבֶּען זֵייא פַּארְקוֹיפְט, נָאר נִיט דִיא צְװֵייא קִינְדֶער זֵייא אַלֵיין, אִיצְט פַּארְשְׁטֶעה איך, דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע װָאס דֶער רוֹיטְהֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוֹיף אִיהר... לאה איך מוּז גֶעהֶען, איך װֶעל מַארְגֶען זַיין בַּייא אַיך, װאוּ גֶעפִינְט זִיך אִיצְט דֶער סִיבִּירְנִיק? עֶר װָאלְט מִיר זֶעהר צוּנִיץ גֶעקוּמֶען.

– איך װייס נִיט, דֶען נָאכְדֶעם װִיא מִיר זֶענִין צוּזַאמֶען אַ יָאהר גֶעװֶעזֶען הָאט זִיך אִיהם פַּארְגְלוּסְט װַייטֶער עֶפִּיס גַנְבֶנֶען, מֶען הָאט אִיהם גֶעחַאפְּט אוּנ אַרֶעסְטִירְט, גֶעװִיס גֶעפִינְט עֶר זִיך אִיצְט אִין סִיבִּיר, װָארוּם עֶר הָאט מִיר דֶערְצֶעהְלְט אַז פַאר אַ גְרוֹיסֶער גְנֵבָה אִין ר... הָאט מֶען אִיהם פַּארְשִׁיקְט קַיין סִיבִּיר, נָאר עֶר איז פוּן דָארְטֶען אַנְטְלָאפֶען קַיין רוּמֶענִיֶען, אוּנ אִיצְט אַז מֶען הָאט אִיהם גֶעחַאפְּט, הָאט מֶען אִיהם גֶעװִיס צוּרִיק אָבְּגֶעשִׁיקְט קַיין רוּסְלַאנְד, װַייטֶער װייס איך נִיט פוּן אִיהם.

װֶען אהרן הָאבּ גֶעװָאלְט אַװֶעקְגֶעהן, הָאט זִיא אִיהם אָבְּגֶעהַאלְטֶען:

– וואו זָשׁע גֶעהט אִיהר, וֶוען וֶועט מֶען מִיךְ שׁוֹין אוֹיסְשְׁרַייבֶּען פוּן הֶקְדֵשׁ? אִיךְ וִויל מֶעהר דָא נִיט לִיגֶען, אִיךְ וִויל גֶעהן מַיינֶע קִינְדֶער גֶעפִינֶען, גָאט וֵוייסְט וואו זֵייא גֶעפִינֶען זִיךְ שׁוֹין...

עֶר הָאט זִיךְ אַבִּיסְל בַּאטְרַאכְט.

– לאה! הָאט עֶר גֶעזָאגְט מִיט אַצִיטֶערְדִיג קוֹל אִיהר דַארְפְט נִיט גֶעהן אוּנ קֶענְט גָאר נִיט טְהוּן אִיהר זַייט אָרים אוּנ קְרַאנְק, נִיט אִיהר וֶוענְט אִין שְׁטַאנְד אַרוֹיסְצוּהֶעלְפֶען אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, אִיהר זֶענְט אַלֵיין צוּפִיעל אוּמְגְלִיקְלִיךְ, אִיהר דַארְפְט זִיךְ אָפְּרוּהֶען אִיהר זָאלְט וֶוערֶען גֶעזוּנְד אִיהר וֶועט נָאךְ אַסַךְ לֶעבֶּען, עֶס וֶועט אַייךְ נָאךְ זַיין גוּט אוּנ אַסַךְ גוּטְס זֶעהן, אִיהר לֶעבְּט נִיט אוּמְזִיסְט אוּנ זֶענְט נִיט קַיין פַארְפַאלֶענֶע וִויא אִיהר מֵיינְט, אִיהר הָאט פַאר מִיר אַנַייעֶ וֶועלְט אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט, אִיהר וֶועט אַלֶעס שְׁפֶּעטֶער וִויסֶען, בִּיז אַהֶער אִיז אַלֶעס גֶעוֶועזֶען פַאר יֶעדֶען פִינְסְטֶער. אִיצְטֶער אִיז אַלְץ אָפֶען, אַסַךְ דֶערְצֶעהלֶען דַארְף אִיךְ אַייךְ נִיט, עֶס אִיז אִיבְּרִיג, אִיךְ קֶען אַייךְ נָאר זָאגֶען אוֹיב עֶס וֶועט נָאךְ זַיין אַמֶעגְלִיכְקַייט וֶועט אִיהר נָאךְ זֶעהן אַייעֶר קִינְד אוּנ ר׳ זלמן׳ס טָאכְטֶער אוֹיךְ...

נִיט מִיט אִיהר קוֹל הָאט זִיא עֶפֶּעס וִוילְד אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן פַאר פְרֵייד, זִיא אִיז שִׁיעֶר פוּן בֶּעט נִיט אַרָאבְּגֶעפַאלֶען אוּנ זִיךְ צוּוֵויינְט וִויא אַ קְלֵיין קִינְד. זִיא אִיז אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין אַ גְרוֹיס הִיץ אוּנ גֶערֶעדְט פוּן פַייעֶר. –

עֶר הָאט גֶעזֶעהן אַז עֶר הָאט גֶעטְהוּן אַ גְרוֹיסֶען פֶעהלֶער וָואס עֶר הָאט אִיהר אַזוֹי פְּלוּצִים גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אַזוֹי פִיעל נִיט גֶעוואוּסְט אַז דָאס קֶען אוֹיף אִיהר אַזוֹי שְׁטַארְק ווירְקֶען, עֶר אִיז שׁוֹין נִיט צַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען בִּיז דֶער דָאקְטָאר אִיז גֶעקוּמֶען, דֶער דָאקְטָאר הָאט גֶעזָאגְט, אַז וֶוען זִיא זָאל נִיט זַיין אַזוֹי שְׁטַארְק שְׁוַואךְ, וָואלְט דָאס בַּאלְד אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, נָאר אִיצְט הָאט עֶר פַארְזִיכֶערְט אַז בִּיז מָארְגֶען וֶועט דָאס אִיבֶּער גֶעהן, אוּנ וִויא דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז בַּארוּהִיגְט אהרנ׳ן אַז זִיא וֶועט נִיךְ אִין גַאנְצֶען וֶוערֶען גֶעזוּנְד.

---

23

# אִין אַ קְלֵיינֶער צַייט אַרוּם

אַכְט טָאג אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער צַייט אוּנ אהרן הָאט אוּסְ־גֶעיֶעט פוּן אַלֶעס גֶעוָואהר צוּא וֶוערֶען. אִין אָנְהוֹיבּ וִויא בַּאלְד עֶר אִיז פוּן לאה'ן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען וָואס פַאר אַ לַייט עֶס זֶענִין הייקע מִיט אִיהר אֵיידִים דֶעם רוֹיטְהֶען בַּעַל עֲגָלָה הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד דֶערְמָאנְט אָן דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען מֵיידֶעל רחל וָואס אִיז אַנְטְלָאפֶען פוּן דֶעם סְטֶעפְּקִיוֶוער יָפָאגְרָאם אוּנ עֶר צוּזַאמֶען מִיט דִיא פַארְשׁוֹינֶען פוּן דֶעם רוֹיטְהֶען בַּעַל עֲגָלָה הָאבֶּען זִיא בַּאגֶעגֶענְט אִין וֶועג אוּנ זִיא מִיטְגֶענוּמֶען. עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא פַארְשְׁטֶעהְן פַארְוָואס דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט אִיהם אַזוֹי אַיינְגֶערֶעדְט אַז דָאס מֵיידֶעל זָאל דֶערְוַוייל בְּלַייבֶּען בַּייא אִיהם אוּנ עֶר וֶועט זִיא אָפְּפִיהרֶען צוּרִיק אַהֵיים. מִיט אַיין וָוארְט אִין דִיא אַכְט טָאג אִיז עֶר גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען וֶוער דִיא רחל פוּן סטעפקיווקע אִיז, וִויא אִיהר רַייכֶער חָתָן סאלאמאן זוכט זִיא וִויא מִיט לִיכְט אוּנ עֶר גֶעפִינְט זִיךְ צוּלִיעבּ דֶעם אִין אדעס, וַוייל עֶר הָאט גֶעהַאט וֶועגֶען דֶעם אַ שְׁטִיקֶעל יְדִיעָה, אוּנ אוֹיךְ אִיבֶּער דֶעם וַוייל אִין דֶער צַייט זִינְט עֶס הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִיא פָּאגְרָאמֶען, אוּנ אַ סַךְ יוּדִישֶׁע טֶעכְטֶער זֶענִין גֶעוָוארֶען אָרִים אוּנ עֶלֶענְד, הָאט זִיךְ דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער מִסְחָר אִין אדעס אָנְגֶעהוֹיבֶּען גְרֶעסֶער צוּפִיהרֶען. אַזוֹי אַז מֶען הָאט וֶועגֶען דֶעם שְׁטַארְק אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען אִין דִיא הוֹיכֶע פֶענְסְטֶער, דִיא רֶעגִירוּנְג הָאט אוֹיךְ פוּן דֶער צַייט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בַּאקוּמֶען אַ סַךְ יְדִיעוֹת פוּן דֶעם מִסְחָר, אוּנ אִין דֶער אדעסער סיסקנאיע פָּאלִיצֶייע הָאט מֶען פַארְמֶעהרְט דִיא צָאהל פוּן דִיא סיסקנאיע אַגֶענְטֶען וַוייא זָאלֶען גֶעפִינֶען דִיא פַארְבְּרֶעכֶער...

בִּכְלַל אִיז דִיא גֶעשִׁיכְטֶע וִויא דֶעם רַייכֶען סאלאמאנס כַּלָּה אִיז פַארְפַאלֶען גֶעוָוארֶען וִויא אִין וַואסֶער אַרַיין, גֶעוֶועזֶען בַּאקַאנְט יֶעדֶען אִין דֶעם גַאנְצֶען גֶעגֶענְד פוּן, ר...

אהרן הָאט בַּאלְד אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פיאדאר'ן אַז לאה אִיז דָא אִין ר... אוֹיף אִיהם הָאט דָאס נַייעֶס נִיט ווִינְצִיגֶער גֶעוִוירְקְט וִויא אוֹיף לאה'ן וֶוען עֶר הָאט אִיהר צוּגֶעזָאגְט צוּא בְּרֶענְגֶען אִיהר טָאכְטֶער.

–קֶען דָאס זַיין, הָאט פיאדאר מִיט צִיטֶערְנֶעשׁ גֶעפְרֶעגְט, אוּנ אִין אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶער לַאגֶע זָאגְסְט דוּא גֶעפִינְט זִיא זִיךְ אִיצְט, זִיא לִיגְט

אין הֶקְדֵשׁ!.. מִיט אַלֶעס וָואס אִיךְ פַארְמָאג נָאר, בִּין אִיךְ גְרֵייט אִיךְ זָאל דיא אומגְלִיקְלִיכֶע הֶעלְפֶען. לָאמִיר גֶעהֶען צוא אִיהר, אִיךְ וִויל זִיא זֶעהֶן, אִיךְ וֶועל פַאלֶען פַאר אִיהר, זִיא בֶּעטֶען אונ וֵויינֶען זִיא זָאל מִיר מוֹחֵל זַיין, אִיךְ בִּין גְרֵייט אוֹיף אַלֶעס. —

— זִיא וֵוייסְט נִיט אַז דוּא בִּיזְט דָא, מִיר הָאבֶען דֶערְמָאנְט דַיין נָאמֶען נָאר זִיא וִויל נִיט הֶערֶען מֶעהר פוּן אִיהם.

פיאדאר אִיז גֶעוָוארֶען בְּלַאס וִויא דִיא וַואנְד, עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט רֶעדֶען פַאר גְרוֹיס אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג אונ שְׁרֶעק, אונ הָאט אַלֶעס וַויילֶע אִיבֶּערְגֶעחָזֶרְט: זִיא וִויל מַיין נָאמֶען נִיט דֶערְמָאנֶען! אָ וִויא שְׁטָאלְץ אונ שְׁלֶעכְט זִיא אִיז, זִיא וִויל גָאר נִיט רַחֲמָנוּת הָאבֶען אוֹיף מַיין הַארְץ וָואס קְוֶועלְט זִיךְ אֶפְשֶׁר נִיט וֶוינִצִיגֶער וִויא זִיא אִין גַאנְצֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט, זִיא רֶעכֶענְט זִיךְ פַאר דֶער נִידְרִיגֶער אָרִימֶער פְרוֹי אונ שְׁטָאלְצִירְט אַקֶעגֶען מִיר! אָט דִיא אֶבְיוֹן'טֶע וִויל מַיין נָאמֶען נִיט דֶערְמָאנֶען, עֶס שְׁטֶעהט אִיהר נִיט אָן מִיט מִיר זִיךְ צוּא בַּאגֶעגְנֶען, זִיא אַנְטְלוֹיפְט פוּן מִיר, זִיא וִויל פוּן מִיר נִיט וִויסֶען, אָ! דָאס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ! אִיךְ קֶען עֶס נִיט אִיבֶּערְטְרָאגֶען... בִּין אִיךְ דֶען נִידְרִיגֶער פוּן אִיהר?..

עֶר הָאט זִיךְ בֶּאֱמֶת אִיצְטֶער גֶעפִיהלְט נִידְרִיגֶער פוּן דֶער אָרִימֶער לאה.!.

אהרן הָאט זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען פַאר אִיהם, עֶר הָאט קֵיין מָאל נִיט גֶעזֶעהֶן אוֹיף אִיהם אַזַא שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעזִיכְט, עֶס הָאט אִיהם זֶעהר בַּאנְג גֶעטְהוּן וָואס עֶר הָאט אִיהם גָאר אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען זַיינֶע אַלְטֶע וואונְדֶען נָאר עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען פַארְפַאלֶען, עֶר הָאט שׁוֹין גֶעמוּזְט אִיהם וַוייטֶער דֶערְצֶעהלֶען. פיאדאר הָאט עֶס פוּן אִיהם גֶעפָּאדֶערְט אונ עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט אָבְזָאגֶען אונ וִוידֶער הָאט עֶר בַּאדַארְפְט הָאבֶּען פיאדאר'ן עֶר זָאל אִיהם מִיטְהֶעלְפֶען גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען דִיא אומְגְלִיקְלִיכֶע לאה.—

אונ עֶר הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אַלֶעס וָואס לאה הָאט אִיהם דֶערְצֶעהלְט, אַלֶעס וָואס זִיא הָאט אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט, אִיבֶּערְגֶעלִיטֶען אונ אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען. —

— אונ שְׁטֶעל זִיךְ פָאר, הָאט אהרן וַוייטֶער גֶערֶעדְט, זִיא וִויל זִיךְ נִיט לָאזֶען דֶערְקֶענֶען צוּא אִיהרֶע עֶלְטֶערְן, צוּא אִיהרֶע פְרַיינְד, אַ גְלִיק וָואס אִיךְ הָאבּ זִיא דֶערְקֶענְט.

— דָאס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ! אִיךְ הָאבּ זִיא נִיט גֶעקֶענְט פַאר אַזַא שְׁלֶעכְטֶע. זִיא זָאל קֶענֶען אַזוֹי לַאנְג גֶעדֶענְקֶען וָואס יֶענֶער הָאט אִיהר

געטהון שלעכטס, נאר פאר וואס איז זיא אין כעס אויף איהרע עלטערן אויף איהרע פריינד?

— ניין, דוא האסט אַ טעות, לאה איז גאר ניט אַזוי שלעכט וויא דוא מיינסט, צוא דיא עלטערן האט זיא גאר נישט, נאר איבער צוויא אורזאכען וויל זיא זיך צוא זייא דערוויייל ניט דערקענען, ערשטענס זאגט זיא, אַז זיא וויל ניט אויפרייסען דיא אַלטע וואונדען, לאָזען זייא זיך לעבען האטש אויף דער עלטער רוהיג. אונ צווייטענס וויל זיא קיינער זאל זיא ניט שטערען צוא געפינען איהר קינד, זיא לעבט נאר פאר איהר קינד. איהרע עלטערן וואלטען ניט דערלאָזט...

פיאדאר איז איהם אַריינגעפאלען אין דיא רייד:

— וואס פאר אַ קינד, זיא האט דען אַ קינד, זיא האט דען אַ מאנן?

— ניין, זיא האט ניט קיין מאנן, איהר קינד דארף שוין איצטער זיין אַ מיידעל פון אַ יאהר פערצעהן אונ אפשר פופצעהן, האט אהרן געזאגט אונ אַראבגעלאָזט דיא אויגען אויף דער ערד. פיאדאר האט אויך אַראבגעלאָזט דעם קאפ... גאר באלד האט ער זיך אויפגעחאפט:

— דאס קינד איז מיין טאכטער!.. וואו זשע איז זיא, וואו איז זיא פארפאלען? זאג וואו איז זיא? קוואל מיך ניט, איך וועל געהן צוא איהר, איך וועל איהר זאגען אַז איך בין איהר פאטער, זיא איז מיין טאכטער... איך וועל קענען שוין לעבען רוהיג... איהר מוטער וועט אויך זעהען אַז איך בין ניט אַזא מערדער וויא זיא האלט מיך...

אהרן האט איהם דערצעהלט אין וואס פאר אַ שרעקליכע האנד זיין טאכטער מיט ר' זלמינעס טאכטער געפינען זיך, ער האט איהם אויך באקאנט מיט דער גאנצער קאמפאניע סוחרים, וועה הייקע דיא מעקלערן איז אויך וויא איהר איידים דער רויטער בעל עגלה האט רחמנות געקריגען אויף דעם מיידעל וואס איז אַנטלאָפען געוואָרען פון סטעפקיוזקער פּאגראם, מיט איין וואָרט ער האט איהם ענטדעקט אַלעס אונ דערוויזען וויא 2 אונ 2 איז 4 אַז מען קען דיא גאנצע חברה איבערגעבען פאר סוד אונ דיא אומגליקליכע קינדער באַטעווען. —

— דוא קענסט זיך גאר ניט פארשטעלען, האט אהרן געזאגט וויא גליקליך דיא אומגליקליכע מוטער וואלט זיך געפיהלט ווען זיא זאל קענען זעהן איהר קינד, קראנקערהייט רייסט זיא זיך פון בעט זיא וויל אַלץ לויפען אונ געהן. —

— איך האב אומגליקליך געמאכט לאה'ן נאר איך וועל זיא גליקליך מאכען, מיט אלעס פון איך גרייט איהר אימקעהרען איהר טאכטער, אויב זיא לעבט נאך לאז זיא וויסען, לאז זיא וויסען אז איך בין ניט אזא מארדער...

פיאדאר מיט אהרנ'ן האבען זיך גענומען ערנסט דערצו, אונ באלד איבער געגעבען דיא גאנצע דיעלא פון חייקען מיט דעם רויטען בעל עגלה דעם סליעדאוואטעל. דיא סליעדסטוויע האט איינמאל באקומען מעהר נייע פאקטען וויא זייא גיבען זיך אב מיט דעם מסחר פון א סך יאהרען אונ האבען שוין א סך אומשולדיגע מיידליך אומגליקליך געמאכט, וועגען דעם פאקט וואס רחל איז פארפאלען געווארען וויא אין וואסער אריין, האט אהרן מיט נאך עדות דערוויזען וויא זיא האט זיך געפונען ביא חייקען אין שטוב, דורך א סך בריעף וואס ער האט געפונען האט מען זיך דערוואוסט וויא לעדערבארג פון אדעסא מיט זיין גאנצער חברה זענין פארמישט אין דעם פארקויפען דיא ארמע מיידלעך, נאך מעהר האט געעפענט דיא אויגען אהרקע סיבירניק וועלכען מען האט ארויסגערופען פון סיביר פאר איין עדות, ער האט מיט פייער דערצעלט פון אלע פארברעכען אין דעם נידריגען מסחר.—

סאלאמאנ'ען, רחל'ס חתן האט דער סליעדאוואטעל ארויסגערופען קיין ר... אונ ער האט זיך אויף דעם ארט איבערצייגט אז זיין ליעבע רחל איז פארפאלען געווארען דורך דיא מארדערישע סוחרים'ס האנד, ער צוזאמען מיט פיאדארן האבען כמעט אוועקגעווארפען זייערע געשעפטען אונ זיך נאר אב געגעבען מיט דער סליעדסטווע, זייא זאלען קענען דערגעהען וואו דיא אונגליקליכע קינדער געפינען זיך. נאך פיעל מיהע, געלד אונ צייט, דורך פעהיגע אגענטען פון דער סיכקנאיע פאליציע, האט מען דיא קינדער געפינען אויף דעם פאראהאד „צעזארעוויטש" וואס נעהט כמעט אלע שבת פון אדעס קיין קאנסטאנטינאפאל. צוויא יונגע לייט אגענטען פון דיא סוחרים האבען זייא געפיהרט קיין קאנסטאנטינאפאל, דיא קינדער נעביך האבען נאך אליין ניט געוואוסט אין וואס פאר א שרעקליך ארט מען פיהרט זייא. —

ערשט איצטער זענין דיא גאנצע נעהיימניסע פון דעם נידריגען מסחר פאר דער סליעדסטוויע ארויף וויא בוימעל אויף דעם וואסער.

דיא קלינגעדיגע דיעלא פון דעם מסחר איז ערשט פאר איאהרען פארגעקומען אין א-ר א בקרושנאי סוד, וויא עס איז יעדען באקאנט

פון דיא גאַזעטען וועלכע האָבען געדרוקט דעם לאַנגען כודעבני־
אַטיאַט, דיא גאַנצע וועלט האָט זיך דענסטמאָל בעקאַנט מיט דיא
אַלערליי מוהמעס, באַבעס, פעטערס, שבנ'טעס התנים און גוטע פריינד
וואָס האָבען רחמנות אויף דיא עלענדע, אָרימע אומשולדיגע מיידעלעך,
דיא גאַנצע פרייע קאָמפאַניע האָט מען דענסטמאָל פאַרמישפּט וויא
זייא האָבען פאַרדיענט, דיא פאַרשולדיגטע האָבען זיך געפּרווט צוא
קאַבירען דעם משפּט אין סענאַט, נאָר דער סענאַט האָט זייער
קאַסאַציע אָבגעזאָגט.

# 23

## דיא ודוי.

לאהן איז ניט בעסער געוואָרען, אַלע מאָל איז איהר געוואָרען
ערגער, איהר שלאַפּקייט האָט אַלע מאָל פאַרגרעסערט, זיא איז געלעגען
אין גרויס היץ. און דערבייא זעהר ווינציג גערעדט חוץ וואָס אַלע
מינוט פלעגט זיא אויפהייבען דעם קאָפּ און פרעגען. וואו איז מיין
קינד? וואו איז רייזעלע? וואו איז שיינדעלע? איך וויל זייא נאָר
איין מאָל גוט צוקוועטשען צום האַרצען... און ווען קיינער האָט
איהר ניט געענטווערט, האָט זיא ווייטער אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ
אין קישען, דיא אויגען פלעגען ווערען שרעקליך פאַרמישט און געבי־
לאָנזעט וויא גלייך זייא האָבען עפּעס געזוכט, אַזוי פלעגט געדויערן
ביז זיא פלעגט זעהר מיעד ווערען און צוא דרעמלען אויף עטליכע
מינוט און דערנאָך ווייטער פרעגען וואו זענין דיא קינדער?

אין אַ שאָנעם פריהמאָרגען ווען דיא זון איז אויפגעגאַנגען זעהר
פריה און אויך געשיקט עטליכע פון איהרע גאָלדענע שטראַהלען
אין זעם שטיבעל פון דער קראַנקער, האָט זיא זיך אויפגעהייבען
פון בעט און אַ קוק געטהון אין פענסטער, און צום ערשטען דערזעהען
דיא פריהמאָרגענדיגע זון זיא האָט היינטיגעס מאָל ניט געפרעגט וויא
איהר שטייגער איז געוועזען, אויף דיא קינדער, זיא האָט זיך עפּיס
דערפרייט מיט דער זון, זיא האָט נאָר שטיל געזאָגט דער באַקאַנטע
אַלטע יודענע וואָס האָט אָפּט געגעכטיגט און געטאָגט בייא איהר בעט:

— אין דרויסען אויף דער וועלט איז נאָך אַזוי שאָן און איך
האָב געמיינט אַז עס איז פינסטער... וועט טאָקע זיין אַזוי שאָן
דערנאָך אויך?

– ווען דערנאך... האט די אלטע יודענע געפרעגט.

– דערנאך שפעטער... ווייטער... ווייטער וועט זיין שאנער...

די אלטע יודענע האט געענטווערט און זעהר טרויעריג געשאקעלט מיט דעם קאפ׳.

אין דעם אייגענעם טאג. האט אהרן אריינגעפיהרט צוא איהר אין שטיבעל עטליכע פרעמדע מענשען מיט זעהר פרעהליכע פנימער, זייא האבען אלע געוואלט זיך ווארפען מיט ליעבשאפט צוא דער קראנקער, נאר די אלטע יודענע האט ניט געלאזט, זיא האט געזאגט אז זיא איז זעהר שוואך. –

אהרן האט אבער געגלייבט און געהאפט אז ער וועט זיא מיט עטליכע ווארטער געזונד מאכען און האט זיא אנגענומען ביא דער האנד און שטיל געזאגט:

– היינט באנאכט בין איך געקומען, אייער טאכטער רייזעלע איז איצט געבען אייך...

ווען ער האט אבער געזעהען וויא זיא ריהט זיך קוים האט ער ווייטער אנגעהויבען רעדען;

– ר׳ זלמינעס טאכטער שיינדעלע שטעהט אויך נעבען אייך...

די אלטע יודענע וויא זיא האט נאר בלינדערהייט דערהערט די באקאנטע ליעבע נעמען, האט זיא זיך שטיל צוגערוקט צוא די קינדער, זיא האט זייא געוואלט ארומנעמען, נאר זיא האט געווארט פריהער אויף דער מוטער, די קינדער זענין אויך געשטאנען און פארוואונדערט צוזאמען מיט פרייד און מיט טרעהרען האבען זייא ניט אראבגענומען די אויגען פון דער קראנקער. –

סאלאמאן מיט זיין ליעב כלה רחל וואס זענין געקומען אהער באטש זעהען די א וואס האט זייא ווייטער גליקליך צוזאמענגעפיהרט, זענין געשטאנען אין דערזייט נעבען בעט, פיאדאר איז וויא האלב טוט געשטאנען נעבען רייזלען.

לאה האט לאנגזאם אומגעקערט די אויגען צוא זייא און עטליכע מינוט אהן ווארטער געקוקט אויף אלע, אויף אלע פיער וועגד, אויף יעדער זאך אבגעשטעלט וואסעריגע אויגען און וויא עפיס יעדער זאך גוט בעטראכט, די אויגען האבען געשווינד געשוואומען פון איין ארט אויף דעם צווייטען.

פלוצים האט זיא מיט א משונה שייבעל אויסגעצויגען ביידע נאקעטע אויסגעדארטע הענד, רייזעלע מיט שיינדלין האבען זיך געלאזט צוא איהר, זיא האט זייא ארומגענומען און אהן ווארטער מיט די לעצטע כוחות ביידע געדריקט צוא זיך.

– מאמע ! האט רייזעלע שטיל געזאגט :

פון דעם ווארט האט זיך לאה'ן ווייטער באוויזען דער פריהערדיגער משוגהנער שמייכעל , פינקט וויא דיא אלע שטראלען פון דער זונן האבען זיך אבגעשטעלט אויף איהר געזיכט , אזוי ליכטיג האט געשיינט דער שמייכעל אויף איהר אויסגעטריקענט גלעזערען פנים .

אין פינף מינוט ארום האט לאה ארויסגעלאזט דיא קינדער פון איהרע ארימס אונ האט שטיל געזאגט:

– איך וויל זעהען מיינע טאטע מאמע, איך וויל זייא זאלען מיר מוחל זיין...

מיט פרייד איז באלד אהרן אליין געלאפען נאך ר' שמואל בער מיט זיין ווייב.

אין א פערטעל שעה ארום זענין זייא צוזאמען מיט אהרנ'ן גע־ומען צוריק צולויפען . ר' שמואל בער איז געוועזען זעהר פארסאפעט, דיא פאות זענין געפלויגען אונ האבען זיך קיין ארט ניט געקענט געפינען , דיא יארמאלקע איז שיער אליין ניט ארויס פון היטעל, שפרה זיין ווייב האט פשוט געשוימט פון מויל , דאס קאפענטיכעל האט זיך כמעט צוגעבונדען , זייא האבען געוואלט טהון אזונס וואס זייא האבען אליין ניט געוואוסט , נאר ווען שמואל בער האט דערזעהען דיא קראנקע האט ער זיך מיט גרויס שרעק אנגעהאפט ביים קאפ.

– דאס איז מיין טאכטער !... דאס איז לאה !... וואס שטעהט איהר דא אלע אונ שווייגט ... איהר זעהט ניט וויא זיא שטארבט ... לאז גיכער איינער מיט איהר האטש זאגען ודוי ... לאז איהר חאטש גאטט מוחל זיין פאר איהרע זינד ... וואו איז ערגיץ א סדור ... וואו איז ערגיץ מיין סדור ... שפרה !...

– אוי רבונו של עולם ! לאז איהר גאטט חאטש מוחל זיין ... זיא איז זיך מעהר ניט וויא א בשר ודם ... פון ערד רבונו של עולם, אונ פון אש ... האט שפרה געזאגט אונ איז געלאפען ברענגען א סדור :

אונ דערווייל האט ר' שמואל בער אנגעהויבען זאגען מיט איהר ודוים אויסווייניג, נאר לאה האט ניט נאכגעזאגט ... מען האט זיא אנגעהובען בעטען ... אונ ערקלערט אז וויא באלד מען זאגט אב ודוי פאר דעם טויט , קומט מען אויף יענער וועלט ריין וויא גינגאלד, א העלפט עבירות וואס דער זינדיגער מענש האט געזינדיגט שענקט מען ...

– דאס איז א טהייערע זאך ... ניט יעדער מענש איז זוכה זיך דערמאנען אבזאגען ודוי ... האט ר' שמואל בער געזאגט אונ ווייטער

אָנגֶעהויבֶּען זָאגֶען שוין פון סדור װעלכֶען שפרה האָט געבּראַכט.

לאה האָט אַװעקגעמאַכט מיט דער האַנד און עפּיס אָבּגעװיזען אונטערן קישען, אהרן װאָס איז שוין געװאָהנט געװאָרען מיט דער קראַנקער. האָט אין איהר פּאַרשטאַנען אַז זיא װיל ניט הערען דיא ודוי, ער האָט צוגענומען דעם סדור.

– מיין ודוי ליגט ביי מיר צוקאָפּענס, איך װעל מעהר ניט לעבען... איך פיהל זיך אָהן כּוחות. איך װיל נאָכזאָגען, דאָרט ליגט מיין גאַנצע ודוי...

פון אונטערן קישען האָט אהרן לאַנגזאַם אַרויסגענומען איהר טאָרבּע מיט װעלכער זיא איז צעהן יאָהר אַרומגעגאַנגען אין דיא הייזער... צװישען אַ סך פאַרבּונדען פּאַפּירלעך און קניפּלעך האָט ער אַרויסגענומען אַ שטיקעל פּאַפּיר אויף װעלכען זיא האָט אָהן װערטער נאָר מיט דער האַנד אָבּגעװיזען.

אהרן האָט אויפגעװיקעלט דאָס שטיקעל פּאַפּיר און באַלד פאַר זיך איבּערגעלייענט אין אָנהויב דיא װערטער.

בוקארעשט דעי... טען... 18

ער האָט באַלד דערקענט אַז עס איז לאה׳ס כּתב.

– איך װיל נאָכזאָגען. האָט זיא קוים אַרויסגערעדט.

אהרן האָט גאַנץ שטיל געלייענט און זיא האָט װאָרט ביי װאָרט נאָכגעזאָגט אַז מען האָט קוים געהערט:

אָשמנוּ... בּגדנו... איך שלאָג זיך אין האַרצען,
דאָך היילט דאָס ניט אויס מיינע װאונדען און שמאַרצען,
מיר קען שוין ניט העלפען דער גאַנצער על חטא –
דען װאָס טויג התרה װען זיא קומט צוא שפּעט?
אין אַיין באָזע שעה, װעה מיינע יאָהרען!
האָב איך דאָס גליק פון מיין לעבּען פערלאָהרען,
אַז איך האָב מיך אַמאָל װיא חוה אין גן עדן,
געלאָזט פון שלאַנג צוא אַיין עבירה אָנרעדען.

דער טראָפּען פון טהוי אַז ער האָנגט אויף דעם בּלאַט
איז ער װיא אַ פּערל גאַנץ ריין און גאַנץ גלאַט;
װאַרפט איהם דער װינד דאָך אַראָב אויף דער ערד
װייסט איהר דאָך אַלע װאָס פון איהם װערט:

אַ טְרָאפֶּען בְּלָאטֶע פֶערְוואַלְגֶערט אִין מִיסְט
וָוער עֶס ווִיל טְרֶעט אִיהם אוּמְנִיסְט אוּנ אוּמְזִיסְט.

בִּין אִיךְ דֶען מִיט ווִילֶען גֶעפַאלֶען אִין קָויט?
הָאט מִיךְ דֶען דֶערְצוּא נִיט גֶעצְוואוּנְגֶען דִיא נוֹיט?
וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעלִיטֶען אִין מַיין בִּיסֶעלֶע יָאהרֶען?
גֶענַאנְגֶען קְרוּעָה וּבְלוּעָה, גֶעהוּנְגֶערט אוּנ גֶעפְרָארֶען;
בְּשַׁעַת אִיךְ בִּין פוּן הוּנְגֶער שִׁיעֶר נִיט אוּמְגֶעקוּמֶען
הָאט קֵיין מֶענְשׁ פַאר מִיר זִיךְ נִיט אָנְגֶענוּמֶען
קֵיינֶער הָאט מִיר קֵיין מִיטֶעל גֶעגֶעבֶּען
אִיךְ זָאל קֶענֶען פִיהרֶען אַיין עֶהרְלִיךְ לֶעבֶּען;
אוּנ אִיצְט אַז אִיךְ בִּין גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט גֶעפַאלֶען
וָוער אִיךְ פֶערְאַכְטֶעט, פֶערְשְׁטוֹיסֶען פוּן אַלֶען.

אַלֶע אִין שְׁטֶעדְטִיל, אַלְטֶער אוּנ יוּנְגֶער,
לוֹיפֶען מִיר נָאךְ, ווַייזֶען מִיט דִיא פִינְגֶער;
אִין שְׁטוּב לָאזְט מִיךְ נִיט קֵיינֶער אִין דֶער וֶועלְט,
קֵיינֶער גִיט מִיר צוּא פַארְדִיעֶנֶען אַ גְרָאשֶׁען גֶעלְד
אֲפִילוּ מַיין אָרֶעמֶען אוּנְגְלִיקְלִיכֶען טַאטֶען
שָׁאדֶען זַייא אוֹיךְ אִין זַיין מַשָּׂא וּמַתָּן,
זַיין יִחוּס זַיין כָּבוֹד אוּנ זַיין גוּטֶער שֵׁם
הָאבֶּען אוֹיךְ נֶעבֶּעךְ גֶעלִיטֶען דוּרְךְ דֶעם,
אוּנ מִמֵילָא שׁוֹין צוּא פַארְשְׁטֶעהֶן אִיז דָאךְ
דָאס אִיךְ וֶועל קֵיין מָאל נִיט טהוּן קֵיין שִׁדוּךְ
אַז מֵיינֶע אֵייגֶענֶע קְרוֹבִים גוּפָא,
שֶׁאמֶען זִיךְ אוֹיךְ מִיט דֶער קְרוֹבָה, דֶער חֲצוּפָה.
אַזוֹי זֶענִין מִיר אַלֶע וֶועגֶען פַארְשְׁטֶעלְט
פַארְשְׁטוֹיסֶען פוּן דֶער אוּנ פוּן יֶענֶער וֶועלְט!

אוּנ מִיט וָואס אִיז דִיא זִינְד פוּן גֶעפַאלֶענֶע אִשׁוֹת
הַארְבֶּער פַאר אַלֶע זִינְדֶען אוּנ רִשְׁעוֹת?
אַ גַנָב, אַ גַזְלָן, אַז עֶר ווִיל בֶּעסֶער וֶוערֶען
קֶען עֶר זִיךְ ווִידֶער צוּא דֶער וֶועלְט אוּמְקֶעהרֶען!
קַיִן הָאט זַיין אֵייגֶענֶעם בְּרוּדֶער דֶערְשְׁלָאגֶען

און גאטט האט אויף איהם דאך רחמנות געקראגען.
און א יודיש טאכטער ווען זיא איז געפאלען
איז זיא אויף אייביג - אייביג פארפאלען;
עס העלפט איהר קיין תשובה, קיין ודוי, - קיין טרעהרען
איין עהרליך מיידיל קען זיא נאך אמאל ניט ווערען...

דיא לעצטע ווערטער האט זיא אזוי שטיל נאכגעזאגט אז מען האט גאר ניט געהערט, מען האט נאר געזעהען איהרע ליפען זיך שאקלען. אז אהרן האט אויפגעהערט לייענען האט ער צוריק איהר אבגעגעבען דאס שטיקעל פאפיר, זיא האט עס געקנייטשט אין דער האנד, דער גאנצער עולם וואס האט זיך געפונען ביי איהר אין שטיבעל האט דיא גאנצע צייט קיין האלב ווארט ניט ארויסגעלאזט, עס איז נאר געוועזען א טרויעריגער שווייגענדיגע סצענע, אלע זענין דיא גאנצע צייט געשטאנען ארום בעט און געקוקט אויף דער אומגליקליכער וויא זיא פארלירט אלע מינוט איהרע לעצטע כוחות, ביא יעדען האבען זיך דיא אויגען אנגעפילט מיט טרעהרען, רייזיל און שיינדיל האבען זיך ניט געקענט איינהאלטען און האבען א יס־גענאסען אין טרעהרען.

– מאמע! איצטער שטארב ניט, איצטער דארפסט דוא נאך לעבען, מיר וועלען ערשט איצטער זיין גליקליך, האט רייזעלע געוויינט.

– טהייערע לאה! האט שיינדיל ניט אויפגעהערט זיך רייסען ביא דיא האר, איך האב אן אייך ניט פארגעסען, איך האב אייך באלד דערקענט אן אייערע אויגען, איך האב שטענדיג געבעטען ביא גאטט איך זאל אייך זעהען...

פיאדאר איז געשטאנען אהן א קאפ, ער האט אליין ניט געפיהלט וואס עס טהוט זיך מיט איהם, דער קאפ האט זיך נאר געדרעהט; לאה'ס עלטערען האבען שטיל געוויינט, אהרן האט געהאפט אז עס וועט איבערגעהן, דער דאקטאר וואס איז געשטאנען נעבען איהם האט איהם אלע מינוט פארזיכערט אז עס קען זיין, אז עס וועט איבערגעהן און דערצעהלט פון אזויגע פאלע וואס זענין פארגעקומען אין זיין לאנגער פראקטיקע און עס איז אויך איבערגעגאנגען...

– שטילער לאז זיין, האט ר' שמואל בער זיך אנגערופען, ווייל ער האט באמערקט עפיס א פארענדערונג אויף דער קראנקערס געזיכט-איהר זעהט ניט וויא אונזער געוויין ווירקט אויף איהר זעהר שלעכט, לאז זיין שטילער...

אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ מִיט אַלֶע כּחות אַיינגֶעהַאלְטֶען אוּנ עֶס אִיז אִין שְׁטִיבֶּעל גֶעוָוארֶען שְׁטִיל, וִויא אִין אַ קֶבֶר, זֵייא הָאבֶּען נָאר גֶעקוּקְט אוֹיף דֶער קְרַאנְקֶען'ס גֶעזִיכְט.

פּוּנְקְט וִויא דִיא בֶּערְגְלֶעךְ שְׁנֶעע צוּגֶעהְן זִיךְ אִין אַ נַאסֶער פָּאגָאדֶע, אַזוֹי הָאט אוֹיךְ צוּא בִּיסְלֶעךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָבְּצוּגֶעהְן פוּן אִיהר גֶעזִיכְט דָאס גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ לֶעבֶּעדִיגֶען מֶענְשֶׁען, דָאס נַאנְצֶע בְּלוּט הָאט זִיךְ פְּלוּצִים גֶעוִויזֶען אִין פָּנִים, דֶערְנָאךְ הָאט עֶס גִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָבְּצוּלוֹיפֶען אִין פֶעשִׁיעֶדֶענֶע זַייטֶען אוּנ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט נָאךְ זִיךְ וַוייסֶע אוּנ בְּלוֹיבֶע טוֹיטֶע שְׁטִיקְלֶעךְ הוֹיט... נָאךְ אַיין זִיפְץ אִיז דָאס נַאנְצֶע בְּלוּט שׁוֹין אָבְּגֶעלָאפֶען—אוּנ אַלֶע וָואס זֶענִין גֶעוֶועזֶען גֶעבֶּען דֶער דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער אֶבְיוֹנְטֶע — הָאבֶּען צוּזַאמֶען שְׁטִיל גֶעזָאגְט: „בָּרוּךְ דַיָן הָאֱמֶת"!...

זִיא אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען...

פיאדאר אִיז אִין גְרוֹיס שְׁרֶעק אַרוֹיפְגֶעפַאלֶען אוֹיף רייזעלען אוּנ אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן מִיט טְרֶעהרֶען: אִיךְ בִּין דַיין פָאטֶער אוּנ דוּא וֶועסְט זַיין מַיין קִינְד!...

אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּערְגֶעקוּקְט...

סאלאמאן מִיט רהלן הָאבֶּען זִיךְ אָהְן וֶוערְטֶער אַרוּמְגֶענוּמֶען אוּנ זֶעהר גֶעוֵויינְט וָואס דֶער מֶענְשׁ וָואס הָאט זֵייא נָאךְ אַמָאל צוּזַאמֶען גֶעפִיהרְט אוֹיף אֵייבִּיג, לִיגְט פַאר זֵייא טוֹיט, אֵייבִּיג וֶועלֶען זֵייא אִיהר נִיט קֶענֶען פֶערְגֶעסֶען...

אהרן מִיט שיינדלען זֶענִין גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן וְזיא פַארְשְׁטֵיינֶערְט.

דִיא „אַלְטֶע יוּדֶענֶע" מִיט לאה'ס מוּטֶער הָאבֶּען דִיא טוֹיטֶע בַּאוֵויינְט.

— אִיךְ דַארְף נָאךְ לֶעבֶּען הָאט גֶעשְׁרִיעֶן דִיא אַלְטֶע יוּדֶענֶע אוּנ אַזַא יוּנְג מֶענְשׁ דַארְף שְׁטַארְבֶּען! אִיךְ בֶּעט דִיךְ גָאט נֶעם צוּא מַיינֶע לֶעצְטֶע יָאהרֶען אוּנ גִיבּ זִיא אִיהר אַוֶועק, לָאז זִיא וֶוערֶען נָאךְ אַמָאל לֶעבֶּעדִיג, אִיךְ שֶׁענְק אִיהר מַיינֶע יָאהרֶען בְּמַתָּנָה גְמוּרָה...

שפרה הָאט אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט אַלֶע אִיהרֶע נָאזְטִיכְלֶעךְ אוּנ אוֹיךְ גֶענוּמֶען אִין דֶער הַאנְד אוֹיף זַאפַּאס דֶעם שַׁאל מִיט אַלֶע אוּנְטֶערְשְׁטֶע קְלֵיידְלֶעךְ אוּנ זִיךְ אָנְגֶערִיבֶּען אַ נָאז מִיט אוֹיגֶען אוּנ גֶעקְוִויצֶעט מִיט אַ גֶעוֵויין אַז מֶען הָאט גֶעקֶענְט הֶערֶען אִין דֶער צֶעהנְטֶער גַאס: אַזַא גִילְדֶענֶעם עֶפֶּעל, הָאסְט דוּא גְרוֹיסֶער הַאר יוּנְג פוּן דֶעם בּוֹים אָבְּגֶערִיסֶען וִויא אִין דֶער תּוֹרָה שְׁטֶעהט, אוּנ הָאט אִיהם גֶענוּמֶען צוּא זִיךְ, אוּנ וֶוער קֶען דִיר גָאר זָאגֶען דֵעוֹת אוּנ דוּא בִּיזְט אַ הַאר אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אוּנ נֶעבִּסְט אוּנ גִיסְט אוּנ מִיר דַארְפֶען דִיךְ לוֹיבֶּען

און מען טאר גאר ניט וויינען, אבער מיר? מיר? מיר? וויא איז?! ווען איז מיינע יאהרען מיין יונג צווייגעל פון מיר עפעל בוים אבגעריסען!... א דונער איז מיר!... א שלאק אויף מיר!... איך וועל עס ניט אויס־האלטען אך וועל זיך צורייסען... מיין פנים צודראפען, מיינע לענדען וועל אנדיבען א טאפ אש און מיין קאפ מיט א זאק וויא אין דער תורה שטעהט!...

– וויא אין דער תורה שטעהט!!! האט זיא זיך דא צושריען אין איין חליפענעש אויף עטליכע מינוט און דערנאך ווייטער אנגעהויבען וויינען מיט ווערטער אזוי וויא אין דער תורה שטעהט: מרדכי א יוד... קען איך דען אויך אויפהערען צוא קלאגען – אויף מיין בראך!!!

נאך דעם וויא ר׳ שמואל בער האט זיך אויסגעוויינט שטיל וויא איין עהרליכער יוד, איז ער באלד אוועקגעלאפען צוא דער חברה קדישה מען זאל דעם מת נאס צא גיכסטען צונעמען כדי ער זאל ניט מעהר אבקומען אויף דער וועלט... ווארום לאזען ליגען דעם מת האט ער געררעכענט פאר א גרויס זינד, ר׳ שמואל בער איז געוועזען איין עהרליכער יוד...

# ענדע.



